С (Евр) 2
Т 12

צווישן דער ניט איבעריקס גרויסער צאָל ווערק, וועלכע כאסקל טאבאטשניקאָוו האָט געשאפן בעמעשעך פון זײַן ליטערארישער טעטיקײַט, פארנעמען א באזונדערס וויכטיק אָרט די ווערק, וואָס שילדערן דאָס לעבן אינעם פארמילכאָמעדיקן שטעטל. די ביכער „דאניע", „א שטעטל באם דניעפער", „דער ערשטער שניי", „דערציילונגען", „אין וועג", ווי אויך פיל פון דעם, וואָס איז געווען פארעפנטלעכט אין דער פעריאָדישער פרעסע, האָבן געקרוינט זייער אוטאָר פארן באל־פינקעס פונעם סאָוועטישן שטעטל.

דער דאָזיקער הויפּט־טעמע אין כאסקל טאבאטשניקאָווס שאפן איז אויך געווידמעט דאָס פּאָעטיש־ראָמאנטישע בוך „בארשעווער מאָטיוון".

אינעם דאָזיקן נײַעם בוך זײַנעם, וואָס גיט א ברייט און עפּיש בילד פונעם וועג, וועלכן ס'האָט דורכגעמאכט דאָס סאָוועטישע שטעטל אין די צוואנציקער און דרײַסיקער יאָרן, און אין וועלכעס דעם אויבנאָן צווישן די העלדן פארנעמען שוין נישט די זיידעס און טאטעס, נאָר דער יונגער דאָר, האָט זיך אמערסטנס אנטפּלעקט די אייגנארטיקײַט פון כאסקל טאבאטשניקאָווס קרעפטיקן טאלאנט, וואָס צייכנט זיך אויס מיט דער וואָרהאפטיקער שילדערונג פון די געשעענישן, מיט דער מײַסטערשאפט פון שאפן לעבעדיקע געשטאלטן, מיט דער בילדערישקײַט פון אונדזער רײַכער פאָלקסשפּראך.

Т $\frac{70303—064}{083(02)—75}$ 234—75



## אויס מארק

א בלייַענער הימל איז שווער און נידעריק געהאנגען איבער דער גרויער שטאָט. דער אינדערפרי:ענדיקער קאלטער הארבסט־רעגן איז ביסלעכווייַז איבערגעגאנגען אין א דריבנע, צעברעקלט רעגנדל, ניט צו כאפּן עס מיטן אויג. מע פילט אפילע ניט, ווי די טראָפּנס פאלן. געשפּירט האָב איך בלויז, ווי די קאלטע פייַכטקייַט דערקלייַבט זיך מאמעש צום מארך פון די ביינער. אף מייַנע אָנגעפרוירענע באָרוועסע פיס איז נאָך שארפער ארויסגעטראָטן די בלויקייַט.

צי דערפאר, וואָס איך קאָן ניט אייַנשטיין אף איין אָרט איבער דער נאסער ביטערער קעלט, צי ווייַל דער הונגער טרייַבט מיך אין האלדז־און־נאקן, האָב איך ווידעראמאָל זיך געלאָזט לויפן איבערן מארק, לענגויס די שטעלעכלעך און טישלעך, וואָס זייַנען פארהאנגען מיט פיטש־נאסע זעק, צעטריפּעטע ראָגאָזשעס, שטיקלעך צעראטע און צעקנייטשטע ברעזענטן. גראָד הייַנט, מיטוואָך, האָט מען זיך געריכט אף א גרויסן מארקטאָג, — איז אָט, נא דיר אזא אָנשיקעניש, א רעגן...

עטלעכע פויערשע וועגענער, וואָס שטייען מיט די האָלאָבליעס ארוף, ענג פארוקט צום קלויסטער־פלויט, זייַנען אויך פארצויגן מיט דורכגעווייקטע דאָרפישע לאנטעכער, אלץ, וואָס מע פארקויפט, איז איבערגעדעקט מיט אלטע סערמענגעס אָדער ארומגעוויקלט מיט גראָבע לייַוונטן, דער רעגן זאָל ניט צושטיין. כאָטש דער מארק שטייט אין רייכעס פון שפּעטע קאווענעס, איז קיין סימען פון קאווענעס שוין אין ערגעץ ניט צו געפינען.

אף מענאכעמס בערגל, לעבן קייַלעכדיקן שטיין, דאָרט, ווו ס'איז אמאָל געווען א קוזניע, איז געשטאנען בא זייַן נידעריק־צעפּאָרענעם וואָגן אָן עלטערער פויער אונטער א דורכגעווייקטן זאק און פארקויפט אפּן מעסטל

שפּעט־האַרבסטיקע עפּל מיט רויט־צעגליטע בעקלעך. כ׳האָב זיך האַסטיק א צי געטאָן צום האַלב־שלעפּעריקן פויער. נו׳ יאָ, מײַן מאַזל: פון דער ער־שטער מינוט בין איך אים ניט געפעלן געוואָרן אין שלייער. נאָך איידער מײַנע הענט האָבן זיך גענומען באַרבלען אינעם בײַכיקן אָנגעשוואָלענעם וואָגן, האָב איך דערפילט זײַן פאַרדעכטיקן בליק.

— גיי, גיי דיר דײַן וועג, — שטופּט ער מיך אָפּ מיט זײַנע פולע מיט כשאַד אויגן, — גיי. פון קליינערהייט, זעט מען, וואַקסט עס אַ דער־רועך־ווייסט־וואָס...

שוין. פּאָטער אַן אייסעק. אַרום וואָגן מיט די האַרבסטיקע עפּל, פאַר־שטיי איך גאַנץ גוט, איז ניטאָ וואָס צו טאָן. פאַרפאַלן. הײַנטיקן טאָג, פון סאַמע אינדערפרי אָן, גייט מיר שלים־שלימאַזל — ניט געגעסן, ניט גע־טרונקען. אַ גליק, וואָס קיינער האָט מיך כאָטש ניט געכאַפּט באַ דער האַנט, קיין פּעטש ניט געגעבן. נאָר וואָס איז די פּולע? כ׳בין הונגעריק, דערפרוירן, נאַס. אין מויל טרעפט קיין צאָן אויף קיין צאָן ניט. גענוג. מער וועל איך זיך ניט אַרומשלײַאָנדערן איבערן מאַרק, ווי אַ געטריבן הינטל. אויס! זאָל ער פאַרברענט ווערן, אָט דער שטאָטישער מאַרק...

באַקלערט האָב איך גאָר אַן אַנדער זאַך. אַלע טאָג פּויקט די מאַמע מיר אין קאָפּ: „טאַכלעס, קינד מײַנס, טאַכלעס...״ אָט איז געקומען דער טאָג, ווען איך דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן טאַכלעס, דער טאָג, וואָס האָט מיך פּעסט אָנגענומען פאַרן קאַרק, צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, — אויס מאַרק. פאַרגעס, אַז ס׳איז גאָר פאַראַן אויף דער וועלט אַ מאַרק. מעק אויס אַלע מערק פון דײַן געדאַנק... נישטאָ. געשטאָרבן.

איך האָב זיך שמײַדיק געלאָזט צו דער ריטשקע־גאַס. דאָרט איז די בלאָטע נאָך לויזער און טיפער, ווי אַרום די אויסגעשפּאַנטע פויערשע פור־לעך באַם קלויסטער. פון אַלע זײַטן יאָגט און בלאָזט אַ דורכדרינגלעכער ווינט, עפּעס אַזוי ווי פאַר אַ שניי. כ׳בין אַריבערגעלאָפן די שמאָלע קלאַד־קע, אופגעהויבן זיך אַפן בערגל און ווינקל פון די שטריקל־דרייער. בעעמעס, וואָס, אַשטייגער, דאַרף איך וואַרטן, ביז די מאַמע וועט אַמאָל ריידן מיט באַרעך דעם לאַנגן? און אַליין בין איך אַ מעלופּם־קינד? מאָנעשעך, דאַרף ער האָבן אַזאַ יינגל, ווי איך, צו דער אַרבעט — איז אָט בין איך, עלע ניט...

צי ווייס איך, ווו ער וווינט, דער אַלטער וועבער? נישקאָשע, אַבי איך ווייס דאָס געסל, — וועל איך שוין צו דער שטוב טרעפן. אָט איז טאַקע דער בעסטער סימען: נאָך פונדערווײַטנס דערהער איך דאָס גוט באַקאַנטע קלאַפּערײַ פון אַ וועבשטול.

— אַ גוט־מאָרגן, — בין איך אַ פאַרסאָפּעטער מיט אַ טראַסק אַרײַנגע־פאַלן אין שטוב. — דאָ וווינט באָרעך דער... — שיר־שיר רײַסט זיך באַ מיר ניט אַרויס פון מויל „באָרעך דער לאַנגער״, נאָר איך כאַפּ זיך באַ־צײַטנס, אַז דאָס איז דאָך אַ צונעמעניש. — באָרעך דער טקאַטש? — שרײַ איך אויס.

— דאָ, דאָ, האָסט קיין טאָעס ניט, איך בין באָרעך.

דורך דער שטײַף־אָנגעצויגענער נעץ פון פעדעם האָב איך בלויז גע־

קאַנט זען פּאַסיקלעך פֿון אַן אַלט־צעקנייטשט פּאַנעם און זשמוטן האָר, ווי אַרײַנגעפֿלאָכטענע אין דעם געוועב.

— קום אַהער נעענטער, ייִנגעלע, — רופֿט מיך באַרעך דער לאַנ־גער, — עפּעס דערקען איך דיך ניט. וועמעס ביסטו?

אין דער ענגשאַפֿט פֿון אָנגעשטעלטע קוישן, שפּולן האָב איך זיך דורכ־געזוכט צום שטאַרק אָפּגעניצטן וועבשטול. אַ פּאָר האָריקע אַדערדיקע הענט, די אַרבל פֿאַרקאַטשעטע העכער די עלנבויגנס, האָבן אַף אַ ווײַלע אופֿגעהערט זיך פֿאַרען. דאָס קלאַפּערײַ האָט זיך אָפּגעשטעלט. ווי נאָר ס׳איז געוואָרן שטיל, איז פֿון מיר אַראָפּ דער גאַנצער קוראַזש, פּאַשעט ניט אַרויסצוברענגען קיין צוויי געציילטע ווערטער. באַרעך דער לאַנגער זעט מײַן פֿאַרלעגנהײַט, טוט ער מיך גרינג אַ קיצל אונטער דער פּאַכווע.

— ע, — מאַכט ער, — ווי קומט עס צו דיר, ביסט דאָך שוין, קיין אײַנ־האָרע, אַ דערוואַקסן ייִנגל, אַ באַכער צו לײַטן, וואָס זשע ביסטו געבליבן שטיין, ווי אַ שטומע לעלע?

אָט דאָ לעבן דעם אײַנגעשטילטן וועבשטול דערפֿיל איך פּלוצעם, ווי ס׳הייבט אָן באַ מיר מעשוגענערווײַז קלאַפּן דאָס האַרץ. וואָס איז מיטאַמאָל אַף מיר אָנגעפֿאַלן אַזאַ שרעק?

באַרעך דעם לאַנגנס גרויסע, שווערע האַנט — אַ האַנט פֿון אַן אויסגעע־האָרעוועטן באַלמעלאָכע — גייט זיך עטלעכע מאָל דורך איבער מײַן קאָפּ.

— איצט הייב איך זיך אָן דערמאָנען, — זאָגט ער צו מיר מיט זייער אַ מילד קאָל. — איר וווינט נאָך אַלץ אַפֿן סאַלאָן?

סע הייבט זיך ניט אָן און סע לאָזט זיך ניט אויס. מיר האָבן קיינמאָל אַפֿן סאַלאָן ניט געוווינט.

— רעב באַרעך, — וויל איך אים אָפּשטעלן, — איך בין ניט דער...

נאָר ער, כאַטש האַק אין אים פּלעקער, האָט זיך זײַנס אין זינען.

— דײַן מאַמע איז אַ פֿרומע און אַ לײַטישע ייִדענע, זי איז נאָך הײַנט אויך אַ ליכטצײַערין? ווי איז באַ איר מיקויעך פּאַרנאָסע? געשלאָגן, האַ? באַ אַלעמען איז הײַנט די פּאַרנאָסע געשלאָגן...

מיטאַמאָל האָט זיך ברייט און ראַשיק אָן עפֿן געטאָן די טיר:

— באַרעך, געליימט זאָלסטו ווערן, פֿאַרוואָס אַרבעטסטו ניט?

דער דאָזיקער מוירעדיקער אויסגעשריי, וואָס איז אַראָפּ, ווי אַ דונער פֿונעם הימל, האָט אופֿגעטרייסלט דעם וועבערס שטוב. כ׳האָב זיך נאָר גע־כידעשט, פֿאַרוואָס באַרעך דער לאַנגער זיצט זיך רויִק, פּונקט אַזוי ווי פֿריִער.

— אַפּאַנעם, ניט קיין וואַזשנער מאַרק, — טוט ער מיר אַ ווונק מיט איין אויג אַפֿן אַרײַנגעקומענעם ווײַב, — קיין גרויסע מעציִעס האָט זי שוין דאָס מאָל ניט געכאַפּט.

— כאַפּן זאָל דיך שוין... ראַשע איינער! וואָס ווילסטו האָבן פֿון מײַנע יאָרן! ביסט אַליין קראַנק גיין אין מאַרק, — ענטפֿערט אים גלײַך אָפּ דאָס ווײַב. — און דער ווער איז? — בלײַבט זי שטיין אינמיטן שטוב, ווײַזנדיק מיט די אויסגעגלאָצטע אויגן אַף מיר. — וואָס איז דאָס פֿאַר אַ ייִנגל?

— ס׳איז ציפּע דער אַלמאָנעס ייִנגל, ציפּע דער ליכטצײַערנס פֿון דעם סאַלאָן.

— וועמעס? — לייגט זי צו די האנט צום שטערן, גלײַך ווי דאָ אין שטוב וואָלט געבלענדט די זון. — ציפּעס, זאָגסטו?

וואָס טראכט ער אויס אף מיר, דער וועבער, וועלכע ציפּע, וואָס פאר א ציפּע?

— איר האָט א טאָעס, רעב באָרעך...

לאנג איז מיר אויסגעקומען אויסמעלדעווען, ווער איך בין און וועמעס איך בין. מײַן מאמע, דערצייל איך דעם וועבער, האָט זיך שוין לאנג געקליבן קומען צו אים. זי וויל, ער זאָל מיך לערנען די מעלאָכע פון וועבערײַ.

אף וואָס, אף וואָס, נאָר דאפקע אף דעם האָט ער זיך ניט געריכט. ער האָט מיך גענומען באנײַס באטראכטן פון קאָפּ ביז די פיס.

— ווי געפעלט ער דיר? א וועבער... ווילסט זיך לערנען די מעלאָכע פון וועבערײַ? דיר פּאסט, מיין איך, בעסער ווערן א צוקערניק.

— פארוואָס עפּעס א צוקערניק?

— וואָרעם אזא ייִנגעלע, ווי דו, מוז אוואדע זײַן א נאשער. א כאפּ, א לאפּ א זיס קאָנפעטל, א שטיקל קאנדל־צוקער, א לאקרעץ־לעקעכל, און א וועבער קאָן נאָר נעמען אין מויל ארײַן שטיקלעך פאָדעם, באשמירט מיט געדיכטן שווייס. הער זיך אײַן, גוטערברודער, — רעדט באָרעך שוין צו מיר א ביסל ערנסטער, — ערשטנס, נעם איך איצט קיינעם ניט, און, צווייטנס, וואָס פאר א וועבער וועט דיך יאָ נעמען צו זיך, אז דו קענסט אפילע די „טריט" ניט דערלאנגען. סײַדן דיך אוועקזעצן באַם רעדל וויק־לען שפּולן...

— יאָ, באם רעדל, וויקלען שפּולן, — זאָג איך אים נאָך, ווי א טאָם, וואָרט בא וואָרט. ווען ער זאָגט האקן קרויט, וואָלט איך אים נאָכגעזאָגט: האקן קרויט, קוילען ווערעם, סאמען הינט, קריכן אף דער סטעליע, שפּרינ־גען אפן בוידעם. שפּולן, זאָל זײַן שפּולן. וואָס פאר א נאפקעמינע? אבי זיך ניט ארומשליאָנדערן אין צעפּוילטן דרויסן פּוסט־און־פּאס. אָבער אז ער נעמט קיינעם ניט, איז דאָך ניט שײַעך. ער זאָגט, אז מע זאָל זיך וועלן גוט ארײַנטראכטן, איז ער אליין א מענטש בא יענעם. דאָס פארשטיי איך שוין ניט, וואָס ער מיינט דערמיט.

— ניטאָ בא מיר קיין אָרט, — פארענדיקט ער בייזלעך, — האָב קיין פאריבל ניט.

— און אז איך וועל ברענגען א פּאפּירל פונעם סאָיוז?[1] — ווער איך קעגן אים א שטיקל אזעספּאָנעם, וואָס שטעל איך דאָ אײַן? — איר דארפט דאָך בא זיך האלטן א לערן־ייִנגל, אזוי ווי אלע באלעבאטים.

— פונוואנען ווייסטו עס, אז איך דארף האלטן בא זיך א לערן־ייִנגל? ווו שטייט עס געשריבן? און טאָמער וויל איך ניט האלטן קיין לערן־ייִנג־לעך?

— דערוף איז פאראן א סאָוועטסקע זאקאָן, און אז איר ווילט ניט, וועט מען אײַך א בעט טאָן.

---

[1] פּראָפעסיאָנעלער פאריין.

— הער נאָר, לייצע, — רופט ער זיך שוין אָן צום ווײַב, — הער נאָר ווערטער, הער א לאָשן!

אר־וואַ, איך האָב, דאכט זיך, א ביסל איבערגעכאפּט די מאָס. אָט וועט ער באלד א געשריי טאָן: „סמארק איינער, ארויס פון מײַן שטוב״. כ׳האָב אָבער ניט געטראָפן. מיט מײַן לאָשן בין איך אים גראָד געפעלן געוואָרן. דער ווּעבער האָט אפילע געקליבן טײַנעג.

— ע, באָכערל, ביסט א כוואט, א דרוכגעטריבענער מאמזער, דיר, זע איך, דארף מען די צונג ניט פּיקן, אזעלכע, ווי דו, ווערן ניט פארפאלן. מוישקע... מײַן מוישקעלע מיט די ביינער. וואָס זאָגסטו, לייצע?

— מיר פאר זײַן הארץ, — ענטפערט פון דער קיך ארויס די באלע־באָסטע, — אף אלע מײַנע ליבע געזאָגט געוואָרן. קום נאָר אהער, ייִנגעלע, צו מיר.

באָרעך דעם לאנגנס ווײַב, לייצע, איז גערן אראָפּריידן איר ביטער הארץ. זי איז מיך מעכאבעד מיט הייסע געבאַקענע קארטאָפליעס און קלאָגט זיך בײַסמײַסע אפן פינצטערן מאזל און אפן פארשאָלטענעם דא־לעס, וואָס דערלעבט גאָרניט ארויסקריכן פון דער שטוב.

— און ער, דער גרויסער פארדינער מײַנער, דער געראָטענער ברויט־געבער, קאָן אפילע א קאץ דעם עק ניט פארבינדן. אָט איז אין שטאָט, דאנקען גאָט, פאראן נאָך וועבערס, און יעדער איינער קאָן זיך זײַן שטעטל באשטיין, ווי עמעצן דאָס מאזל שפּילט — אמאָל ערגער, אמאָל בעסער, מע קויפט פּריאזשע, מע טוט א האנדל, מע פאָרט אף יארידים, און דער, — הייבט זי אוף אפן מאן אירע שארפע אויגן, — אזוי ווי פונעם שטיין. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, — טײַנעט זי צו מיר, ווי צו אירס א גלײַכן, — א גלאָמפּ, א טאמעוואטער מאלעך. א גאנץ לעבן ווייסט ער וויל בייגן דעם רוקן פאר יענעמסוועגן. פון קליינערהייט האָט מען אים צוגעווינט זײַן א קנעכט, קריכן ראטשקאָם, אויסגעריסן ווערן, מיינט ער טאקע אפדערע־מעסן, אז אזוי דארף עס זײַן ביזן טויט. נו, פרעג איך דיך, דו פארשטייסט דאָך שוין יאָ עפּעס, נו, און ווו איז די רעוואָליוציע? די רעוואָליוציע איז צוליב וועמען געמאכט געוואָרן?

עס זאָל אים אָנהייבן ארן, באָרעך דעם לאנגן! גאָרניט, כאָטש שיס אין דער וואנט. זי רעדט? זאָל זי רעדן. זי שרײַט? זאָל זי שרײַען. א דײַגע האָט ער. ער זיצט זיך אפן קליינעם פוסבענקעלע, רײַבט א צײנדל קנאָבל אפן ריפטל ברויט, טונקט די אָפּגעשיילטע קארטאָפליע אינעם זאלצערל, לייגט אין מויל ארײַן און שווײַגט.

— פרעג איך דיך, — צעפירט לייצע מיט די הענט, — האָט עס עפּעס א פּאָנעם, צי ס׳האָט א טאַם? א טאַם פון ביטערזאלץ. ווו איך האָב ערגעץ א סוינע, זאָל ער פון קיין בעסער לעבן ניט ווּיסן!..

וועלכער שוואַרציאָר האָט מיך פארטראָגן אהער אין שטוב ארײַן? דאָס איינציקע, וואָס פארהאלט מיך דאָ, איז די אײַנגעשטאנענע היימלעכע וואַ־רעמקײַט, וואָס שמעקט א ביסל מיט צוגעלעגערטער וואָל. דאכט זיך, מע הייצט גאָר אין ערגעץ ניט, נאָר ס׳איז ווארעם א מעכײַע.

סאָפּקאָלסאָף האָבן מיר מיט לייצעס הילף זיך דערעדט, אז אף וויקלען שפּולן פארשפּאָר איך נעמען א פּאפּירל פונעם סאָיוז. אפילע מאָרגעדיקן

טאָג קאָן איך ארויסגיין צו דער ארבעט, אויב איך וויל נאָר. און אנדערן וואָלטן זיי עפּשער די טויווע ניט געטאָן, נאָר זיי זעען, אז איך בין א לײַטיש קינד, האָבן זיי אָף מיר ראַכמאָנעס.

אוי, האָב איך פײַנט, אז מע האָט אָף מיר ראַכמאָנעס... איך וועל זיך נאָך באַטראַכטן.

אין דער היים, אין אונדזער פּאַרלאָזטער, אומהיימלעכער קיך, דערוויס איך זיך א נײַס: אינדערפרי איז ארײַנגעקומען א גרײַז־גראָווע פרוי און מיט איר איז געווען עפּעס א באָכערל. זיי האָבן איבערגעשריבן מײַנע שוועסטערלעך. קאָן זײַן, מע וועט זיי נעמען אין פּריזוט[1].

— פאַרוואָס האָט איר מיך ניט פאַרשריבן? — האָב איך טײַנעס צו די שוועסטערלעך.

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט און עפּעס ווי פאַריבל געהאַט אָף מיר.

— ווער זשע וועט בלײַבן מיט דער מאַמע? ס׳איז דאָך אָף איר אויך א ראַכמאָנעס...

ווידעראַמאָל ראַכמאָנעס...

די שוועסטערלעך זיצן אָפן הויכן אויוון און קוקן מיט נײַגער אראָפּ, צי האָב איך עפּעס געבראַכט פאַר זיי אין מויל ארײַן. נארישע ציגלעך, וואָס בלינצלען זיי אזוי מיט די הונגעריקע אייגעלעך, זיי זעען, דאַכט זיך, גוט, ווי איך שלעפּ ארויס פונעם בוזעם א ליידיקע טאָרבע. גיי דערצייל זיי, אז הײַנט איז בא מיר געווען א שלים־שלימאַזלדיקער טאָג. עפּשער וועט די מאַמע עפּעס ברענגען עסן. זי לויפט אויך ארום איבער דער שטאָט, זוכט ארבעט.

פון אלע מײַנע שיינע גליקן האָב איך גאָר כיישעק ארופקריכן אָפן הויכן קאַלטן אויוון, זיך אײַנגיורען אין די שמאַטעס, ווי די שוועסטערלעך, און אנשלאָפן ווערן. שלאָפן א טאָג מיט א נאַכט, שלאָפן א וואָך, א כוי־דעש, ביז אין דרויסן וועט ווערן זומער.

## צוגאַסט בא די שוועסטערלעך

אין א פּאָר טעג ארום איז צו אונדז אין דער קאַלטער קיך ווידער גע־קומען די גרײַז־גראָווע פרוי מיטן באָכערל און געהייסן די שוועסטערלעך אראָפּקריכן פונעם אָפּן־אויוון. מע נעמט זיי אין קינדערהויז.

ווען ס׳וואָלט אין דער קיך זײַן געווען ליכטיק, וואָלט מען געזען, ווי בא מײַנע שוועסטערלעך לײַכט זיך דורך די הויט. מאָגערע, אויסגעדייוועטע גופימלעך. זיי זײַנען געשטאַנען אנטקעגן דער מאַמע שווײַגנדיק־דער־שראָקן און געוואַרט, מע זאָל זיי עפּעס־וואָס אָנטאָן. כ׳האָב אָף זיי אין

---

[1] פּריזוט (קינדערהויז) — אן אנשטאַלט פאַר קינדער, וואָס האָבן ניט קיין עלטערן אָדער די עלטערן האָבן ניט קיין מעגלעכקײַטן זיי אויסצוהאַלטן.

אײַלעניש אַנגעפּרעגדעט א שמאַטע אױף א שמאַטע, פֿאַרבונדן מיט בענד־לעך, שטריקעלעך. אָן אן אומגליק, די טראָלדן מעגן זיך נאָכהענגען.

— מיר זאָל זײַן פֿאַר אײַערע ביינדעלעך, — נעמט די מאַמע זיי ארום, האלדזט זיי און קושט זיי. איך פֿיל, אז אָט־אָט ברעכט זי אויס מיט א געוויין. מיט א פֿײַכט פֿאַטשיילכל ווישט זי ארום זייערע קליינינקע פֿאַר־מורזעטע פּענעמלעך. אױף דער מאַמעס צעטראַסקעטע הענט זײַנען נאָך מער אָנגעדראָלן געוואָרן די אָדערן.

מײַנע שוועסטערלעך איז נישט צו דערקענען. זיי שטייען פֿאַרקוטעטע, ווי די ליימענע ליאַלקעס, און רירן זיך ניט פֿונעם אָרט. אין אָט דער רעגע פֿיל איך, אז כ׳פֿאַרליר עפּעס זייער נאָענטס און טײַערס. נאַרעלע, רייד איך צו זיך אליין, זיי וועט זײַן גוט, ווי די וועלט. שטענדיק אין דער וואַרעם, עסן און טרינקען צו זאַט, אָנגעטאָן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, ריין, ציכטיק, ליכטיק, שפּילן זיך וויפֿל דאָס האַרץ גלוסט, אַלע טאָג זיך לערנען — וואָס קאָן נאָך זײַן בעסער? און וואָס האָט דאָס פֿאַר א ווערט, אז מע זעט זיך נאָר איין מאָל אין דער וואָך, נאָר זונטיק? נו, און קוקן אױף זיי אַלע טאָג, ווי זיי ליגן אפֿן אויוון בלאַסע, הונגעריקע, קוים וואָס די נעשאָמע האַלט זיך אין זיי, איז בעסער?

קוים דערלעבט דעם זונטיק. איך מיט דער מאַמען קוקן שוין ארויס אױף דעם דאָזיקן טאָג, ווען מיר וועלן זיך קאָנען זען מיט די קינדער.

באַנאַכט איז אויסגעפאַלן א טיפֿער שניי. דער ערשטער שניי. ארום די הײַזער ווימלען מענטשן מיט לאָפּעטעס און שלאָגן דורך שמאָלע סטעזש־קעס צווישן די אָנגעטראָגענע הורבעס. עס באַקומט זיך, ווי די טראַנשייעס פֿון יענער זײַט ראַס, וואָס זײַנען פֿאַרבליבן ניט פֿאַרשאָטן נאָך דעם ביר־גערקריג. די דורכגייער זעט מען ארויס נאָר ביז האַלב. האַלבע מענטשן שווימען מאָדנע ארום אינעם פֿינקלענדיקן שניי. פֿון אַלע זײַטן טראָגן זיך פֿריילעכע קוילעס. כעוורע — יינגלעך, וואָס גייען וואַרעם אָנגעטאָן, קאַ־טשען זיך אין שניי, מאַכן „באַבעס״, קריכן פֿאַרשײַט אהין, וווּ דער שניי דערלאַנגט ביזן האַלדז. א מעכײַע!

לעבן דער צווייגאָרנדיקער געבײַדע אין סאַמע צענטער שטאָט, וווּ ס׳געפֿינט זיך דאָס קינדערהויז, איז פֿול מיט אוילעם. די קינדער זײַנען אויך ארויס רייניקן דעם שניי. א הויכע בלאָנדע פֿרוי, אין ביינערנע ברילן, קענטיק די פֿאַרוואַלטערן, הייסט אונדז קומען נאָך וואַרמעס.

— אײַערע מיידעלעך, — איז זי אונדז מודיע, — פֿילן זיך זייער גוט. נאָר אין דרויסן האָב איך זיי ניט געלאָזט ארויסגיין, זיי זײַנען נאָך צו קליין רייניקן דעם שניי.

— גיט מיר אויך א לאָפּעטע, — רוף איך זיך אָן.

— ס׳איז אײַערער? — פֿרעגט די פֿאַרוואַלטערן בא דער מאַמע. און צו מיר זאָגט זי: — ביסט צו לײַכט אָנגעטאָן, קאָנסט זיך נאָך צוקילן.

איך באַהאַלט זיך פֿאַרשעמט הינטער דער מאַמעס פּלייצע.

— יאָ, — רופֿט זיך אָן די מאַמע מיט א זיפֿץ, — ס׳איז אויך מײַנער.

א צוויי צענדליק קינדער ארבעטן פלייסיק מיט די לאָפּעטעס, שארן צונויף דעם שניי אין בערגלעך. די הויכע בלאָנדע פרוי, ווען די קינדער רופן: כאוועריטע בריינדל, — גייט אלעמאָל צו צו אַן אנדער קינד, ווייזט, וויאזוי מע דארף פלאסטנווייז שניידן דעם שניי, ס׳זאָל זיין אי גרינגער, אי באקוועמער.

— זאָלסט האָבן אין זינען, — לערנט די כאוועריטע בריינדל, — נעמ־סטו עפּעס טאָן, טו שטענדיק מיט סייכל. דאָווידל, אהינצו קריך ניט, — פּאטשט זי מיט די הענט, — יענץ אָרט איז שוין ניט אונדזער באצירק. איצט לייגט אלע אוועק די לאָפּעטעס און רוט זיך א ביסל אָפּ.

אלע קינדער פאָלגן. דאָס איז פאר מיר א נייס.

מענטשן שטעלן זיך אָפּ, קוקן, ווי די קינדער ארבעטן. עפּעס א ווייבל האָט זיך צעכליפּעט:

— יעסוימים נעבעך, פארוואָגלטע. וואָס קאָן שוין זיין גוט אין א פּריוט...

אַן עלטערער מאנצבל קלייבט דאפקע נאכעס:

— דאָ זע איך א פּאָריאדעק: פון זיי וועט אויסוואקסן א ווילער, א געזונטער דאָר.

— ווען ס׳איז קאלט, — רופט אויס די כאוועריטע בריינדל, — דער זאָל אריינגיין אין הויז זיך אָנווארעמען.

די מאמע נעמט מיך אָן פאר דער האנט, און מיר גייען ארײַן אין דער געבײַדע. אונדזערע ביידע מיידעלעך טרעפן מיר אין שפּיל־זאל. זיי האלטן זיך סטאטעטשנע, קריכן ניט אפן האלדז זיך קושן. נאָך ניט אוועק קיין וואָך, זינט זיי האָבן אונדז פארלאָזט, און זיי זײַנען שוין ווי אָפּגעפרעמדט. ביידע טראָגן אלציינע קליידלעך, די קעפּלעך נידעריק געשוירן. די מאמע פרעגט זיך נאָך, צי זײַנען זיי, כאָלילע, ניט הונגעריק. ניין, זיי זײַנען ניט הונגעריק, נאָר זיי בענקען נאָך אונדז... זיי בארימען זיך פאר מיר מיט די אויסגעפּרעסטע נאָזטיכלעך, ווישן קלוימערשט די נעזלעך, דערנאָך לייגן זיי אקוראט צונויף די טיכעלעך און פארוקן זיי אין די אויסגענייטע טעשלעך.

— טייבעלעך מײַנע, — נעמט זיי די מאמע ארום, — נאָר צוליב אײַך לעב איך אף דער וועלט...

ערשט איצט טוליען זיך די שוועסטערלעך נאָענט צו צו איר.

א יונגע דערציִערן אין א פארביק טיכל רופט אלע קינדער אין א קאראהאָד:

— מיר וועלן שפּילן אין דער שפּיל „ווער איז דאָ די שענסטע?”.

מײַנע שוועסטערלעך פארלאָזן אונדז און מישן זיך אויס מיט די קינ־דער.

אינמיטן קרײַז גייט ארויס א קליינינק מיידעלע, א ברעקל. טכילעס האָט זיך מיר געדאכט, אז עס קאָן נאָך אפילע נישט ריידן. נאָר פּלוצעם האָט א קלונג געטאָן איר דין קעלכל, ווי א פּײַפעלע: „איך גיי אין גרינעם וואלד, קינדער שיינע, קינדער פײַנע”... אזא פּיצעלע, און ס׳האָט גאָר קיין מוירע ניט.

סאַראַ גרויסער שפּיל־זאַל, אַ ראַכוועס! דער זאַל איז יאָמטעוודיק צוגע־קליבן, באַצירט מיט פּאַפּירענע קייטן, פּענדעלעך, בלומען. לעבן דעם קלאַוויר שטייט אַ ריזיקע וואַזאַנע. די שמאָלע לאַנגע בלעטער פונעם גע־וויקס דערגרייכן אַזש ביז דער סטעליע. אַף אַ שטיק רויטן שטאָף הענגט אַרומגענומען מיט בונטע קווייטן לענינס פּאָרטרעט. לענין שמייכלט מיט זײַנע צוגעזשמורעטע אויגן צו די קינדער און צו די געסט.

— דער אַרבעטער־קלאַס בעראָש מיט לענינען האָט געמאַכט די אָקטיאַ־בער־רעוואָליוציע, — דערקלערן די שוועסטערלעך דער מאַמען.

איך ווייס עס שוין פון לאַנג.

צוריקוועגס האָט די מאַמע מיך געפירט פאַר דער האַנט. פון אַלע פענצטער פון דער צווייסטאָקיקער געבײַדע האָט געשפּאַרט אַ העלע ליכ־טיקע שײַן אינעם פאַרשנייטן דרויסן. דאָס קינדערהויז שטייט אין שטאָט, ווי אַ לויכטנדיקער טורעם. אַפן שליאַך פינקלט אָפּ דער שניי מיט מיליאַסן שטערנדלעך. אונטער די טריט אַ געשמאַקער סקריפּ.

— ביסט אַ מייוון, וואָס פאַר אַ פראָסט ס'נעמט, — זאָגט די מאַמע.

## ווי־אַזוי ווערט מען אַ שטיקל מענטש

ענדלעך האָט די מאַמע אָנגעהויבן אַרבעטן. זי האָט לאַנג געזוכט אַר־בעט: אַ האַלבן זומער, אַ גאַנצן האַרבסט און אַ שטיק ווינטער. סאָפּקאָל־סאָף, האָט יִיסראָליקל קאָרעצקי זי גענומען צו זיך אין דער קליינער פאַב־ריק אַף יענער זײַט פון אונדזער טײַך ראָס. דעם ערשטן טאָג איז די מאַמע געקומען פון דער אַרבעט שפּעט אין דער נאַכט, אַ מידע, אַ צעבראָכענע. דאָך איז זי געווען מאָלע־סימכע.

— ווען דו ווייסט, — דערציילט זי מיר מיט היספּײַלעס, — ווי־אַזוי יִיסראָליקל האָט מיך באַגעגנט! מיר האָבן זיך דערמאָנט אינעם דאָרף טילישיווקע, אין דער אַמאָליקער היים, מיר זײַנען דאָך מיט אים מעכוטאָ־נים, — זאָגט זי מיר אָן, ווי עפּעס וויכטיקס. זי כאַפּט שווער איבער דעם אָטעם, פאַרנעמט די האָר אונטערן שאַלכל.

אַזוי ווי זי איז געקומען אָנגעטאָן אינעם לײַבעק, אַזוי האָט זי זיך אוועקגעזעצט אַפן טאַבורעט. זי קאָן אַף די פיס ניט אײַנשטיין.

— דערלאַנג מיר, זינו, אַ ביסל וואַרעמס אין מויל.

איך האָב איבערגעגאָסן פונעם געגלייזטן טעפּעלע אַ ביסל זודיקע וואַ־סער אין דעם בלעכענעם קווערטל אָן דעם אויערל. אין אַ פּאַפּירן שקאַר־מיצל, צוגעפּרוירן צום פענצטער, איז געלעגן איר צוגעגרייטער כיילעק עסן — אָנדערהאַלבן דראָבסלעך. די מאַמע האָט זיך געקוויקט מיט דער הייסער טיי.

— באַטאָג, — קלאָגט זי זיך, — איז מיר געוואָרן אַזוי שלעכט, ניט פאַר דיר געדאַכט, אַ מינוט צום שטאַרבן, איין גאָט ווייסט דעם עמעס, דאָס האַרץ, ווײַזט אויס, האָט מיר איבערגעכאַלעשט.

אפן פריפעטשיק דערטלי׳זן עטלעכע שפענדלעך. צוזאמען מיטן פײַער שטארבט אָפּ דער לעצטער אָטעם פון דער ווארעמקײַט. ס׳ווערט ווידער אין קיך אומהיימלעך, פינצטער, אומעטיק. מיר דאכט, אז איך און מײַן פארהאָרעוועטע מאמע זיצן זאלבעצווייט ערגעץ אין א וויסטער, פארוואָר־פענער כורווע, ווײַט פון מענטשן.

די מאמע הייבט פונדאָסנײַ אָן דערציילן, ווי׳אזוי י׳יסראָליק קאָרעצקי האָט זי אופגענומען. זי זאָגט:

— אויב דו ווילסט וויסן, איז ער דאפקע א מענטש, י׳יסראָליק, אן עמעסער מענטש.

שוין לאנג, אז עס מאטערט מיך דער געדאנק: וואָס הייסט זײַן א מענטש? איך הער אָפט, ווי מע זאָגט: דער און דער איז א מענטש, און יענער איז קיין מענטש ניט. אף אן אנדערן זאָגט מען מיט כויזעק: „אָדעם א מענטש, קאטשקע רוק זיך״, הייסט עס, אז ער איז אויך קיין מענטש ניט. פאראן נאָך אנדערע סאָרטן מענטשן — א מענטש פאר זיך, א מענטש פאר יענעם...

גאנץ בארשעוו ווייסט, אז דער מאמעס באלעבאָס, י׳יסראָעל קאָרעצקי, איז א רײַכער, א זשעדנער. מיט איין וואָרט, א מענטש פאר זיך. איז ווי קאָן זי עס זאָגן, אז ער איז אן עמעסער מענטש? עפּעס איז בא מיר אין מויעך א גאנצער פּלאָנטער. מיט ווייגדערן קאָן איך וועגן אזוינע זאכן ניט ריידן. ער וויל ניט לײַדן, האלעמײַ דריי איך אים א קאָפּ. אז מע טראכט, זאָגט ער, וועגן א פּיסגע שטיקל ברויט, וועגן א העמד אפן לײַב און וועגן נאכטלעגער, איז גייען ניט אָן קיין טראכטענישן וועגן עמעסע מענטשן.

ווייגדער איז מײַן כאַווער. ווייגדער מיטן קרומען אייגל... אזוי רופט מען אים. זומער־צײַט האָבן מיר איינײנעם געשלעפּט בארן פון די וועגע־נער, געלאָזט לופט־באלאָנען אף דער טאָרהאָוויצע. ס׳איז מײַנער א כא־ווער, כאָטש ער איז עלטער מיט א צוויי־דרײַ יאָר. ווייגדער האָט ניט קיין עלטערן. ער איז א קײַלעכיקער יאָסעם. זײַן זיידע פלעגט קלײַבן שמאטעס, נאָר זינט ער איז געליימט געוואָרן, ליגט ער אין ביקער־כוילים. פון דעמלט אָן איז ווייגדער געוואָרן דער באל־פּארנאָסע. א גאנצן זומער איז ער אלע טאָג געגאנגען אין וואלד ארײַן, געשלעפּט פון דאָרטן טרוקענע הוליאקעס און פארקויפט זיי אפן מארק.

— דיר איז גוט, — טײַנעט ווייגדער, — דו האָסט א מאמע, טראכט זי וועגן דיר. אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אז איך האָב קיינעם ניט? ווער וועט וועגן מיר זאָרגן? מײַן מאמע צי מײַן טאטע פון יענער־וועלט? קעדיי א מענטש זאָל זײַן א מענטש, ווי דו זאָגסט, דארף מען אים נאָך לאָזן זײַן א מענטש...

די מאמע אייצעט מיר אויך: „וואַרף אוועק די אלע פוסטע זאכן. פאראן אָן דיר, ווער סע זאָל באטראכטן די וועלט, טראכט בעסער וועגן טאכלעס״.

טאכלעס... וואָס בין איך שולדיק, אז קיינער וויל מיך ניט נעמען לערנען א מעלאָכע. גיין ווייקלען שפּולן צו באָרעך דעם לאנגן איז ניט קיין ארבעט און ניט קיין פארדינסט. ווייקלען שפּולן קאָן זיך פארגינען אן אלטע י׳ידענע אָדער א מיידעלע, וואָס דרייט זיך סטאם אום ליידיק איבער דער שטאָט.

ווּיגדערן האָט אָפּגעגליקט. ער איז געוואָרן א קוריער אין אויספּירקאָם. איצט שטייט ער אוף אלע אינדערפרי, ווי א דערוואקסענער, און גייט צו דער ארבעט. אומעטום איז פאר אים אָפן די טיר, און צו יעדן איינעם האָט ער א צוטריט. מיט דער צײַט וועט ווּיגדער זיך ארופארבעטן, ארײַן אין דער קאָליי, ווי ער זאָגט, און וועט ווערן א שטיקל מענטש. אף קיין בע־סערס, זאָגט ער אליין, האָט ער זיך קיינמאָל ניט גערוכט. ווּיגדער איז איצט א גלײַכער צווישן גלײַכע. מע רופט אים אף פארזאמלונגען, מע גיט אים אמאָל א בילעט אף אן אָוונט אין שטאָט־טעאטער, ער גייט אין קלוב פון קאָמיוג. פון דאָרט וועט אים אויך קיינער ניט ארויסטרײַבן.

—וואָס מיינסטו, — זאָגט ער, — איך בין נאָך אלץ א ייִנגעלע?..

איך בין ווּיגדערן פּאָשעט מעקאנע. ער האָט מער מאזל פון מיר. איך בין אויסגעווען אין שטאָט ווו ערגעץ א בלעכער, א שנײַדער, א שוסטער, א סטעלמאך, א וועבער, א קאָוואל, און קיינער וויל מיך ניט נעמען צו זיך פאר קיין לערן־ייִנגל.

אלע האָבן איין טײַנע:

— ווו האָט איר זיך אָנגעפלאָדיעט? דער רועך זאָל אײַך נעמען! טיטש־קעסווײַז, גאנצע מאכנעס שלעפּן זיך ארום איבער דער שטאָט, און מע שנאָרעט, ווי די ציגײַנער.

— א שטאָט זאָל פארמאָגן אזויפיל קאפּצאָנישע קינדער.

וואָס עמעס, איז עמעס. קינדער אזעלכע, ווי איך, זײַנען פאראן א וועלט.

דאָס איין־און־איינציקע קינדערהויז איז מאמעש באקלעפּט און באלאַ־גערט פון יעסוימים, וואָס האָבן ניט קיין דאך איבערן קאָפּ. דאָס זײַנען מיינסטנס קינדער פון דער פרעמד — ווער ס'איז געקומען פון א נאָענט שטעטל, ווער פון ווײַטע־ווײַטע וועגן. די שטאָט־מאכט גיט זיי טאלאָנען אף אומזיסטיקע ווארמעסן אין דער נײַ־געעפנטער גאָרקיך. פאראן אָבער אויך אין שטאָט א סאך היגע קינדער, וואָס ס'איז זיי ניט בעסער, ווי די, וואָס נעכטיקן אפן וואָקזאל.

די ארבעטער פון שטאָט האָבן געמאכט א „שאבעסניק” לעטויוועס די פארוואָרלאָזטע קינדער, אָבער דאָס זעט זיך אָן ווי א טראָפּן אין יאם. כאָטש ס'איז ווינטער און סע שטייען ביטערע קעלטן, געפינען זיך ניט ווייניק קינדער, וואָס לויפן ווײַטער אין דער וועלט ארײַן. שיר־שיר האָב איך זיך אליין ניט ארײַנגעפּאקט אין אזא וואנדערנדיקער כאָפּטע. ווּיגדער האָט מיך אָפּגעהאלטן. ער איז געווען דער איינציקער, מיט וועמען כ'האָב זיך געהאלטן אן אייצע. די מאמע ווייסט אפילע ניט דערפון.

— דאָס וועט זײַן די גרעסטע נארישקײַט, — האָט ווּיגדער מיך גע־וואָרנט, — וועסט אפּן וועג אומקומען. א ראכמאָנעס אף דײַן מאמען. גע־דענק, ס'איז ווינטער.

וואָס זשע פאר א טאכלעס וועט זײַן פון מיר, וויִאזוי ווערט מען אויך א שטיקל מענטש, אז איך קאָן זיך צו גאָרנישט ניט צושלאָגן?

— מע דארף אויסווארטן. שפּעטער וועט עפּשער ווערן בעסער.

אזוי זאָגט ווּיגדער. ווּיגדערן גלייב איך. ער וועט גלאט אין דער וועלט ניט ריידן.

# די מאמע בלײַבט אָן ארבעט

וואָס באַטײַט עס? אינמיטן באַטאָג טרעף איך די מאמע אין דער היים. לאָמיך זיך נאָר דערמאָנען, וואָס פאר א טאָג איז הײַנט. דאָנערשטיק, א געוויינלעכער וואָכעדיקער טאָג — דאָנערשטיק. וואָס זשע הייסט עס? די מאמע סטארעט זיך זײַן רויִק. אירע קאָלערליי שטוב־ארבעטן טוט זי ניט געײַלט, ווי שטענדיק, לויט א געוויסן סיידער. די קיך איז ריין צוגע־קליבן, די טעפּלעך אויסגעוואַשן.

— ווענדליק אינדערפרי, — רעדט זי, ווי צו עמעצן אנדערש, — איז דער פראָסט געפאלן. וועסט עסן הייסע קארטאָפליעס מיט שאַ־לעכץ?

ווער ווייסט, וואָס בא איר אין הארצן טוט זיך. שטענדיק פרעגט זי בא מיר, וואָס האָב איך געגעסן, ווו בין איך געווען, וואָס האָב איך געטאָן, מיט וועמען האָב איך זיך באגעגנט. זי נעמט אָפּ בא מיר א גענויעם דין־וועכעזשבן פארן גאנצן טאָג. אצינד דערלאנגט זי מיר עסן און רעדט ניט אויס קיין וואָרט, זי איז פארנומען מיט זיך אליין. איך קאָן ניט דערגיין, וואָס איז זי אזוי באַצאָרנט. ערשט העט־שפּעטער נאָכן עסן דער־ציילט זי מיר בעסאָד־סוידעס:

— מע האָט פארכאסמעט די פאבריקע...

איך בין אזש דערציטערט געוואָרן: וואָס הייסט, מע האָט פארכאסמעט? ווער האָט פארכאסמעט? לאָזט זיך אויס, ס׳איז א מײַסע מיט פאלשע דאָ־קומענטן.

דער שווארציאַר זאָל עס וויסן. פארטאָג איז מען געקומען מיט אן אָרדער פון דער מעלוכע, פארשלאָסן די פאבריקע מיט אייגענע שלעסער, פארשטעמפּלט אַף טריוואקס און שטרענג פארזאָגט, קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן צורירן צו א שלאָס!

— איצט, מײַן קינד, פארשטייסטו שוין, וואָס פאר א צאָרע עס האָט געטראָפן?.. ווער ווייסט, מיט וואָס ס׳וועט זיך ענדיקן... קיינעם קיין וואָרט ניט. הערסט? — וואָרנט זי מיך הארב מיטן פינגער. — שאַ־שטיל, דו ווייסט פון גאָרניט. ייִסראָליק קאָרעצקי איז אוועקגעפאָרן זיך זשאַלעווען קיין קיִעוו.

איך פארזיכער די מאמע, אז ער וועט קומען פון קיִעוו מיט א גוטן ענטפער. ער וועט זיך דאָביוען דאָס, וואָס ער דארף. מע וועט די שלעסער אראָפּנעמען און די פאבריקע צוריק אָפּכאסמענען.

— גאָט ווייסט... — ברעכט זי די פינגער.

איך קוק אַף דער מאמען און קאָן ניט פארשטיין, וואָס האָט געטראָפן. עס באקומט זיך, אז ניט דעם באלעבאָס האָט מען אָנגעטאָן העזעק, נאָר מײַן מאמען. וואָס קימערט עס די באלעבאטים? גאָלע גאָרנישט! געלט האָט מען, רײַך איז מען. אָבער די מאמע? א קלייניקײַט אויסצורייַדן, בלײַבן אָן ארבעט. ס׳איז אלציינס, ווי נעמען א שטריק אפן האלדז...

מיט וואָס זאָל איך זי בארויִקן, די מאמע מײַנע, איר גרינגער מאכן? ווו נעמט מען ווערטער אַף טרייסטן זי, וואָס קאָן איך אזעלכס טאָן, זי זאָל אזויפיל ניט לײַדן? נאָר וואָס פאר א ווערט האָבן מײַנע ווערטער:

„מאמע, מיר וועלן פון הונגער ניט שטארבן...״ אף מיר, ווייסט זי ווויל, קאָן זי זיך ניט פארלאָזן. איך בין אליין א שווער פעקל אף איר קאָפּ...

— זעסט, — זאָגט די מאמע, — דו אליין קאָנסט זיך צו גאָרניט דער־שלאָגן! עך, ווען איך דערלעב דיך זען קומען צו א שטאנד... דערפאר טאקע איז מײַן ווייטעק אזוי גרויס.

זי לאָזט שווער אראָפּ דעם קאָפּ, וויינט אין זיך, שטיל, אײַנגעהאלטן. די אקסלען ציטערן אונטער. איך פיל, ווי עמעצער וואָלט געשניטן שטי־קער פון מײַן לײַב. מע דארף זײַן שטארקער פון אײַזן צוזען, ווי די מאמע וויינט. מיר פעלט אויס לאָשן. איך קאָן ניט ריידן. עפּעס ווארגט מיך אין האלדז. ווען עס קומט כאָטש ארײַן א שכיינע, אָדער גלאט א פרעמ־דער זאָל אָנקלאפּן אין טיר...

## אין פארייַן

אף מאָרגן אינדערפרי איז די מאמע, ווי קעסיידער, מיטן טאָג גלײַך אוועק אף דער פאבריק און איז אינגיכן געקומען פון דאָרטן מיט א נײַס: „אלע ארבעטאָרער דארפן זיך יאווען אין סאָיוז״.

— דו וועסט אויך גיין, מאמע? — פרעג איך נײַגעריק.

— אוואדע, ווי דען?

אצינד מעג מען זיך שוין אָנטאָן. אראָפּקריכן פונעם אפּן־אויוון...

— זאָרג ניט, מאמע, — גליטש איך זיך פלינק אראָפּ א פריילעכער, — אָט וועסטו זען, אז ס׳וועט זײַן גוט.

— אין וואָס זעסטו די גוטסקײַט? עפּשער צאָלט מען דאָרט אין סאָיוז כוידעש־געלט?

איך ווייס ניט, וואָס איר צו ענטפערן. איין זאך ווייס איך אף זיכער, אז ס׳איז פאראן עמעצער, וואָס זאָרגט, די מאמע מײַנע זאָל ניט בלײַבן אָן ארבעט און אָן ברויט.

נאָך האלבן טאָג גייען מיר מיט דער מאמען אין פארייַן. זי האָט מיך דאפקע ניט געוואָלט מיטנעמען. נאָר איך האָב זיך אײַנגעשפּארט. איינמאָל פאר אלעמאָל, איך וויל, און שוין. עפּשער וועט דער פארייַן מיך ערגעץ שיקן פאר א לערן־ייִנגל.

— געפונען א צײַט, — וויל די מאמע בעפיירעש ניט לײַדן, — וואָס עפּעס איז דיר איצט אינמיצקעדרינען אָנגעקומען? א גאנץ ווינטער איז דאָרט דײַן פוס ניט געווען, און מיטאמאָל איז אף דיר אָנגעפאלן דער כיישעק. וואָס וועלן מענטשן זאָגן, דאָס פּיצעלע קינד האלט זיך פאר דער מאמעס פעלענע... ס׳איז דאָך נאָר אף לײַטיש געלעכטער.

יאָ לײַטיש געלעכטער, ניט לײַטיש געלעכטער, איך וויל אפילע ניט הערן, און זי פארשפּאָרט מיך אָפּריידן. אן אקשן? גוט, זאָל זײַן אן אקשן. די מאמע זעט, אז זי קאָן מיט מיר גאָרניט מאכן, פארזאָגט זי מיר כאָטש, איך זאָל זיך האלטן ווי א מענטש.

דאָס איז אנדערע רייד. און טאקע, פארוואָס זאָל זי בא מיר ניט קאָנען פויעלן אזא מין זאך — איך וועל זיך דאָרטן האלטן ווי א סטאטעק.

ווער ווייסט ניט אין בארשעוו מארגאָליסעס גרויסארטיקן מויער לעבן שטאָטישן בולוואר. ער שיינט ארויס ווי א צירונג מיט זיינע גרויסע, הויכע פענצטער, אף וועלכע ס׳זיינען אָנגעזעצט אָן א שיר שניצערייען פון האָלץ. כאָטש ערטערווייז זיינען שוין די שטיינערנע ווענט פונעם מויער אָפּגעקאלופּעט, די פארב איז אָפּגעשטאָנען און שיילט זיך, ווי קאָרע, דאָך איז עס דער שענסטער מויער אין שטאָט. ניט אומזיסט האָט מען אים איצט א נאָמען געגעבן ארבעט־פּאלאץ.

מיר האָבן זיך אופגעהויבן אפן צווייטן שטאָק און שיר ניט פאר־בלאָנדזשעט אין די אָנצאָליקע קאָרידאָרן און קאָרידאָרלעך. טירן רעכטס און טירן לינקס. אף יעדער טיר א שילדל: „זעמאָטדעל“, „סאָבעז“, „נאראָבראז“, „קאָמכאָז“.

דעם סאָיוז געפינען מיר לויטן געשריי און טומל, וואָס שטייט דאָרטן. מענטשן דרייען זיך אוף און אָפּ. ווער סע קומט ארײַן און ווער סע גייט ארויס. די טיר פארמאכט זיך דאָ מיסטאם קיינמאָל ניט. די מאמע טרעפט גלייך באקאנטע, וועלכע ארבעטן מיט איר צוזאמען. ווי נאָר מיר זיינען ארייַנגעגאנגען, איז צו איר צוגעשטאנען א הויכער יונגערמאן. דער האלדז איז בא אים איבערגעבונדן מיט א ווארעמער שאל, ער רעדט קוים.

— מיר דארפן זיך האלטן איינס, — שושקעט ער דער מאמען אפן אויער און נעמט צונויף די מאָגערע פינגער אין א פויסט. — אָט אזוי... איינמאָל פאר אלעמאָל, די פאבריקע מוז מען צוריק עפענען, גוטע באלעבאטים, שלעכטע באלעבאטים, אונדז איז א קליינע נאפקע־מינע.

צו זיי ביידע שארט זיך צו א ווייבל אין א מאנצבלשן מאנטל.

— אוי, — הייבט זי אָן מיט א טיפן קרעכץ, — מיינע סאָנים זאָל זיין אזוי גוט צו לעבן אף דער וועלט, ווי מיר איז דאָ גוט צו שטיין אף די קראנקע פיס אוןווארטן, — זי טוט מיט צוויי פינגער א פיר איבערן קליי־נעם מיילכל. — וואָס איז שולדיק קאָרעצקי, אויב מע האָט פארכאסמעט די פאבריקע?

— וואָס זשע ווילט איר? — איז גלייך אויסגעוואקסן לעבן איר א קליין יידל מיט א צעשויבערט בערדל. — וואָס נעמט איר זיך אזוי אָן זיין קריוור־דע? נישקאָשע, ער האָט א גרויסן ביטל, מיר מעגן עס אלע פארמאָגן.

— לעמיי זאָלט איר האָבן א טעווע יענעם ניט פארגינען? — איז דאָס ווייבל אריין אין קאס. — ער האָט, האָט ער פאר זיך. ס׳איז זיינס. בא אייך האָט ער ניט געגאנוועט, בא מיר אויך ניט, און בא יענעם יידן אוואדע ניט.

— און עפשער יאָ? — שפרינגט אונטער דאָס קליינע יידעלע.

— עפשער וואָלט איר דאָרט געדעט א ביסל שטילער? — האָט זיך דערהערט א שטרענג קאָל פון א וויַיט טישל. — מע קאָן דען אזוי ארבעטן? גיימ אלע, זייט אזויפיל גוט, ארייַן אין שכיינעסדיקן צימער. מע וועט אייך ארויסרופן, אז מע וועט אייך דארפן.

# דער כאָוועך יאַקאָוו

פֿון אַלע ווענט און פֿון אַלע ווינקלען אינעם שכיינעסדיקן צימער האָבן אַראָפּגעשריגן פּלאַקאַטן און טראַנספּאַראַנטן: „די גאַנצע מאַכט די סאָוועטן!", „ענגער דער בונד צווישן אַרבעטער און פּויערן!", „אַ טויט די אינטערווענטן!". אַן אַרבעטער אין אַ בלויען פֿאַרטעך טײַטלט אַראָפּ פֿון אַ פּלאַקאַט מיטן פֿינגער גלײַך אין פּנים: „דו דאַרפֿסט אָפּשטעלן דאָס צערוינירטע לאַנד, ס'איז דײַן היים!". ווען איך קערעווע זיך אויס מיט דער פּלייצע צום אַרבעטער, פֿיל איך מאַמעש, ווי ער האַלט מיך פֿאַרן קאָלנער: „ביין, ברודערקע, וועסט פֿון מיר זיך ניט אויס־דרייען".

אינמיטן צימער שטייט אַ לאַנגער טיש, אַ פֿאַרוואַלגערטער מיט ביכער, זשורנאַלן און צײַטונגען. אויף די בענק און אויפֿן דיל ליגן גאַנצע בערג צעשאָטענע ביכער. אייניקע נײַינקע. ס'האָט זיי מיסטאָמע נאָך קיינער ניט געלייענט, אַנדערע — אָן טאָוולען, צעפּאָרענע, צעשאָקלטע. די אָנגעפּאַקטע זעק זײַנען אויך, ווײַזט אויס, פֿול מיט ביכער. ניט אַנדערש, מע האָט געבראַכט אַהער צו פֿירן אַלע ביכער פֿון שטאָט און עפּשער נאָך פֿון ערגעץ.

אַרום דעם יאַם ביכער האָט זיך געפּאָרעט אַ שיינער באָכער אין אַ סטודענטיש אַשיק־גרוי רעקל מיט פּאָשעטע ביינערנע קנעפּלעך, וואָס פּאַסן ניט צו דעם. דער פֿאַרשוין דאַרף מיסטאָמע זײַן אַ צולאָכעסניק, האָט ער אומישנע אָפּגעשניטן די מעשענע קנעפּ. דער יונגערמאַן איז געווען שטאַרק פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט און האָט קיין שום אַכט ניט גע־לייגט דערויף, וואָס ס'זײַנען מיטאַמאָל אַרײַן אַהער אַזויפֿיל מענטשן. ס'אַרט אים אויך ניט, וואָס זיי ריידן הויך אויף אַ קאָל, פֿירן קריגערײַען, גראַגערן אין קאָפּ. ער באַמערקט זיי ניט. יעדעס מאָל, ווען ער נעמט אַ פֿרישן בוך אין דער האַנט, טוט ער געשווינד אַ מיש אַ פּאָר זײַטלעך, בייגט זיך אָן איבערן טיש און פֿאַרשרײַבט עפּעס פֿלינק אויף אַ צעווירעטן בויגן פּאַפּיר. די קודלעס פּעך־שוואַרצע האָר פֿאַלן אים איבערן שטערן, נאָר ער טוט קונציק אַ וואָרף דעם קאָפּ אויף צוריק, און די האָר לייגן זיך ווידער אויס אין רינגעלעך; אַפֿילע דעמלט, ווען איך בין האַרט צוגעגאַנגען צום טיש, האָט ער מיך ניט באַמערקט.

— פֿאַר וועמען דאַרפֿט איר דאָס אַזויפֿיל ביכער? — שטעל איך זיך אײַן און פֿרעג בײַ אים.

— פֿאַר וועמען? — כידעשט ער זיך און הייבט אויף אויף מיר צוויי קורצזיכטיקע אויגן. — דאַרפֿסט עס נייטיק וויסן, עס גייט דיר אין לעבן? — דערנאָך קריגט ער אַזוי ווי כאַראָטע, וואָס ער לאַכט אָפּ פֿון מיר, און זאָגט שוין אַ ביסל ווייכער: — ביכער זײַנען פֿאַר אַלע מענטשן, וואָס קאָ־נען לייענען.

זײַן לאָשן קלינגט פֿאַר מיר פֿרעמדלעך, און איך פֿרעג אים:

— אײַאָ, איר זײַט ניט קיין היגער?

— איך זע, אַז דו ביסט אַ נײַגעריק ייִנגל. אַלצדינג מוזטו וויסן, —

הייבט ער ווידער אָן לאַכן פון מיר און נעמט שלעפּן אַ זאַק אויף פּאַנאַנ־דערבינדן. מיך אַרט ניט, וואָס ער לאַכט. ער איז מיר דאָפּקע דערמיט געפעלן, דער סטודענט, און איך העלף אים איבערקערן דעם שווערן זאַק און אויסשיטן די ביכער.

— אויב דו ווילסט מיר טאַקע העלפן, — רופט ער זיך אָן, — דאַרף מען צונויפקלײַבן פונעם דיל אָט די אַלע צעפלויגענע בלעטלעך און אוועק־לייגן באַזונדער. דערפאַר וועט מען דיך דעם ערשטן פאַרשרײַבן אין שטאָט־ביבליאָטעק. לייענען קאָנסטו?

איך לאָז פאַרשעמט אַראָפּ די אויגן:

— אַ ביסעלע...

— אַ שאָד, אַזאַ ייִנגל, ווי דו, דאַרף שוין גוט קענען לייענען און שרײַבן. אין דײַנע יאָרן האָב איך שוין געבראָכן די ציין אויף ספּינאָזען.

איך קאָן ניט פאַרשטיין, וואָס ער רעדט.

— טשודאַק! — טוט ער פריילעך אַ כאַפּ מײַן היטשקעלע און בייגט מיר אַראָפּ דעם קאָפּ. — סאַראַ קאָמיש ייִנגל דו ביסט. אין דײַנע יאָרן...

— „אין דײַנע יאָרן, אין דײַנע יאָרן“, — קרים איך אים איבער און קוק אין אַ זײַט, — גוט איז אײַך... אײַערע עלטערן האָבן מיסטאָמע ניט געזשאָרגט פאַר אַ ביסן עסן, מעגט איר זיך באַרימען.

דער סטודענט האָט מיך ערנסט אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס.

— דײַן מישפּעט איז אַ גערעכטער, — זאָגט ער, — נאָר וואָס איז שײַך מיר פאַרזענלעך, האָסטו גראָד אַ טאָעס. — זײַן ברייטע האַנט כאַפּט אַרום מײַן אַקסל. — אויב דו ווילסט וויסן דעם ריינעם עמעס, וועל איך דיר זאָגן. צו נײַן יאָר האָב איך שוין געאַרבעט מיט מײַן טאַטן אין דער פּרעמד, אויסגעפּאָרן ווו ערגעץ אַ שטעטל. די היגע וועבערס קענען מיך. איך האָב זיך אַליין געלערנט. קיינער האָט מיר ניט געהאָלפן אויף אָט אַזויפיל־אָ, — ווײַזט ער מיר אַ שפּיץ פינגער. — מײַן טאַטע איז אַלע זײַנע יאָרן געווען אַ קאַפּצן אין זיבן פּאָלעס. אַנו, ברודערקע, זײַ אַ כאָכעם, שלאָג זיך אַליין דורך אַ וועג אין אַ גרויסער שטאָט צווישן נעגידישע באָכערים און פּרוּוו לערנען אין אוניווערסיטעט... גוט, וואָס די רעוואָ־ליוציע האָט זיך אַרײַנגעמישט און געמאַכט אַ שטיקל טאָלק פון באָרעך דעם וועבערס זון.

לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז גאָר באָרעך דעם לאַנגנס זון — יאַקאָוו...

איך האָב זיך מאַמעש דערפרייט מיט אים, ווי מיט אַן אייגענעם.

— איר ווייסט, — נעם איך אים דערציילן, — איך בין עטלעכע מאָל געווען בײַ אײַך אין שטוב, געמיינט, טאָמער וועט באָרעך דער... — ווידער שיר ניט געזאָגט: דער לאַנגער, — דער טקאַטש מיך נעמען פאַר אַ לערן־ייִנגל. די מאַמע אײַערע, לייצע, האָט אַ סאַך דערציילט וועגן אײַך. אַבי איך האָב געמיינט, אַז איר דאַרפט זײַן כאָטשבי פּײַנזילבערגס אָדער פּאָקראַסעס אַן אייניקל...

— אַהאַ, צו אַזעלכע געהויבענע גווירים האָסטו מיך פאַרעכנט?

— סע שטייט אײַך ניט אָן?

— ניין, אַזאַ ייִכעס געפעלט מיר ניט.

— מוזט איר אוואדע זײַן אַ קאָמוניסט?

— דיר איז עס א גרויסע נאָפּקעמינע?

יאָ, ער איז געוויס א קאָמוניסט. נאָר פאַרוואָס זשע טראָגט ער בא זיך ניט קיין געווער? קאָמוניסטן זאָלן זיך גאָר פאַרנעמען מיט איבער־קלײַבן אַלטע ספּאָרים? מאָדנע! זייער מאָדנע.

איך האָב פּלוצעם באַמערקט, אז אין צימער איז כוץ מיר מיט יאַקאָוון שוין קײנער ניטאָ. די מאַמע שטייט פון יענער זײַט אָפענער טיר און רופט מיך שטילערהייט מיטן פינגער. אַפּאָנעם, זי שעמט זיך פאַרן פּרעמדן יונגנמאַן אַרײַנגיין. איך גיי אַרויס צו איר.

— מע קאָן שוין, — זאָגט זי, — גיין אהיים.

איך בין אָבער נײַגעריק צו וויסן, שוין, דאָ אַפן אָרט, צוליב וואָס האָט מען אַרויסגערופן די אַרבעטער אין סאָיוז און וואָס וועט זײַן מיט קאָרעצקיס פאַבריקע?

— וואָס וועט זײַן מיט קאָרעצקיס פאַבריקע, — זאָגט די מאַמע, — ווייסט נאָך קײנער ניט, נאָר אונדז, אַרבעטאָרער, הייסט עס, האָט מען אַלע איבערגעשריבן און פאַרזיכערט, אז דער באַלעבאָס וועט אויסצאָלן יעדן באַזונדער ביז איין קאָפּקע. קאָלזמאַן מיר רעכענען זיך נאָך ניט פאַר קיין אַרבעטסלאָזע, איז ער מעכוייעוו פּאָ זאַקאָנו באַצאָלן.

— איז דאָך זייער גוט! — שפּרינג איך אַזש אונטער פאַר פרייד. — אַי מע אַרבעט ניט, אַי מע באַקומט געלט.

— ס׳איז נאָך ווײַט צום געלעכטער. דערווײַל זאָגט עס נאָר דער סאָיוז. מע דאַרף נאָך הערן, וואָס וועט דער באַלעבאָס זאָגן.

— ע, — מאַך איך אַוועק מיט דער האַנט, — ער׳ט צאָלן. ווי א טאַטע. אויב ס׳איז נאָר פאַראַן אַזאַ זאַקאָן, איז פאַר אַלעמען.

— מיינסט, אז ס׳איז אַזוי גוט זיך פאַרקריגן מיט באַלעבאַטים? מע ווייסט נאָך ניט, וועמעס מאָרגן ס׳איז...

ערשט איצט דערזעט די מאַמע, אז איך בין אויסגעטאָן, ווי גלײַך איך קלײַב זיך גאָרניט אַזוי גיך גיין אהיים.

— זעסט, — ווײַז איך איר אַפן סטודענט, וואָס פּאָרעט זיך בא די ביכער, — ס׳איז באָרעך דעם לאַנגנס זון. — איך הייב זיך אויף אַף די שפּיץ פינגער און שושקע איר אַרײַן אין אויער: — א קאָמוניסט...

— ער איז עפּעס א גרויסער מאַכער? — פרעגט זי בא מיר.

— איך ווייס ניט, — טו איך א פּיר מיט די אַקסלען, — וואָס פאַר א מאַכער קאָן ער זײַן? ער האָט צו טאָן מיט ביכער.

— טאַקע קעדײַ צו זײַן א קאָמוניסט!

אויב באָרעך דעם לאַנגנס זון איז בעעמעס א קאָמוניסט און קאָן ניט אָדער ער וויל ניט זײַן קיין „מאַכער״, פאַרנעמט זיך בלויז מיט ספּאָרים, מיט אַלטע שיימעס, איז ער, פּאָשעט גערעדט, אַזוי קלערט געוויס מײַן מאַמע, אָן אָפּגעריסענער נאַר, אויב ניט אינגאַנצן קיין ליימענער גוילעם.

— וואָס זאָגסטו אַף דער אַרבעט?

— עפּשער זײַנען די ביכער גאָר א וואַזשנע זאַך? פונוואַנען ווייסטו? — שטעל איך זיך אײַן פאַרן סטודענט. — עפּשער האָט מען אים אומיסטן, ווי א געלערנטן קאָמוניסט, אַוועקגעשטעלט אַף דער דאָזיקער אַרבעט?

— אויך מיר אַן אַרבעט! — שפּעט זי אָפּ. — אַן אַרבעט פֿאַר לײַדאַקעס. איז ער שוין יאָ אַזאַ קאָפּ־מענטש, דער סטודענט דײַנער, האָט מען פֿאַר אים קיין שענער אָרט ניט געקענט געפֿינען?

כ'האָב זיך קוים אײַנגעבעטן בײַ דער מאַמען, זי זאָל מיך לאָזן בלײַבן מיט יאַקאָוון.

— וואָס אַרט דיך, מאַמע?

— ווילסט בלײַבן, — ענטפֿערט זי קימאַט מיט כּעס, — בלײַב און טשעפּע זיך אָפּ פֿון מײַנע יאָרן. אוי, האָב איך פֿײַנט אָט די באַנק־קוועטשערס.

מיט שטילע טריט לאָז איך זיך צוריק צום טיש מיט די ביכער. מיר ווײַזט זיך אויס, אַז יאַקאָוו האָט געהערט אַלצדינג, וואָס איך האָב גערעדט מיט דער מאַמען.

אַ געקלימפּערט פֿון אונטערגעקלאַפּטע אַף אײַזנדלעך אָפּצאַסן האָט אָפּגעהילכט אינעם גרויסן ראַכוועסדיקן צימער. ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז דאָס איז וויגדער, אַז דאָס שטעלט ער אַזעלכע פֿעסטע סאָלדאַטישע טריט, שפּאַנט מיט אַ שטעל פֿון אַ מענטשן, וואָס איז באַרופֿן אופֿטאָן עפּעס זייער בײַטיקס. וויגדער האָט געגריסט זיך מיטן כאַווער יאַקאָוו פֿאַר די הענט, ווי אַ גרויסער. פֿונעם ברעזענט־טאַשל, וואָס הענגט איבער זײַן אַקסל אַף אַ רימענדל, ציט ער אַרויס אַ פֿאַרמאַכט קאָנווערטל.

— דאָס איז פֿאַרן פֿאָליטפּראָסוועט[1], פֿאַרן כאַווער יאַקאָוו, — הילכט אָפּ זײַן שטים מיט ווירדע. ער דערלאַנגט יאַקאָוון אַן אופֿגעמישט העפֿטל אַף זיך פֿאַנאַנדערשרײַבן.

בעשאַס דער כאַווער יאַקאָוו פֿאַרטיפֿט זיך אינעם בריוועלע, גייט וויגדער צו מיר צו און ווינקט מיר מיטן איינעם אויג, ווי איינער רעדט: „האַלט זיך פֿאַרן פֿאָליטפּראָסוועט. ער וועט דיר צוניץ קומען...״ וויגדערן דאַרף מען מער פֿאַרשטיין פֿון זײַן ווינקען ווי פֿון די רייד.

איך קוק אַף וויגדערן. ער האָט גאָר באַקומען אַן אַנדער פּאָנעם אינעם שינעל, וואָס מע האָט אים אַרויסגעגעבן אַף דער אַרבעט. עמעס, דער שינעל איז גאַנץ גוט צעקנייטשט און איז באַדעקט מיט אַן אַ שיר טונקלע פֿלעקן.

— וואָס באַטראַכסטו מיך? — פֿרעגט ער.

— דער שינעל, — זאָג איך אים, — איז עפּעס לעפּיש אונטערגעשניטן. איין פּאָלע איז לענגער פֿון דער צווייטער.

— געפֿונען אַ כיסאָרן, — טוט ער אַ הייב מיט די אַקסל, — ניט געזאָרגט, דער אופּראַדקאָם[2] וועט פֿאַרבײַטן אַף אַ נײַעם, — און ער צעלאַכט זיך.

דער כאַווער יאַקאָוו וויל וויסן, וואָס לאַכן מיר. וויגדער הייבט אים אָן דערציילן, וואָס פֿאַרא כאַווײרים מיר זײַנען ביידע.

— ער איז אַ יאַט מיט ביינער, — זאָגט ער וועגן מיר. — אויב איר קענט וויגדערן, זאָלט איר וויסן זײַן, אַז מיר זײַנען ביידע פֿון איין כיידער...

---

[1] אַן אָרגאַן פֿון דער סאָוועטנמאַכט, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט פּאָליטישער אופֿקלער־אַרבעט.

[2] אויעזדישער דערנערונגס־קאָמיטעט.

יאקאָוו באַגלייט דעם כאווער מײַנעם מיט א גוטמוטיקן שמייכל: „וויגדערל מאזיק!“

קימאט ביז אפדערנאכט זײַנען מיר געזעסן מיטן כאווער יאקאָוו און סאָרטירט די ביכער.

באם געזעגענען זיך האָט ער מיך געפרעגט, צי איך וועל מאָרגן אויך קאָנען קומען. אויב יאָ, איז וואָס פריִער. גוט וואָלט געווען פאר נײַן.

— איך קאָן קומען אפילע זעקס אזייגער פארטאָג, — כאפּ איך זיך ארויס א גליקלעכער. — בא מיר האָט עס קיין ווערדע ניט.

— אזוי פרי, — זאָגט ער, — דארף מען ניט.

אין דער היים האָט די מאמע מיך באגעגנט ניט איבעריק פריילעך. זי איז ניט געווען צופרידן, וואָס איך בין געבליבן מיטן פרעמדן יונגנמאן צווישן די בערג ביכער.

— יעדער מעלאמעד, — זאָגט זי מיט ראכמאָנעס, — זוכט זיך אָפּ זײַן באהעלפער, — איך ווייס ניט, ווען זי האָט מער באדויערט, מיך צי דעם כאווער יאקאָוו, — דאָס איז ניט קיין מעלאָכע, זון מײַנער. פון ביכער וועסטו קיין פּארנאָסע ניט האָבן...

## איך האלט זיך פארן פּאָליטפּראָסוועט

ס'איז נאָך גאנצפרי, נאָר איך בין שוין אָן אָנגעטאָנענער. כ'האָב מוירע פארשפּעטיקן צום כאווער יאקאָוו. איך האָב דאָך אים עפּעס צוגעזאָגט. קימאט א גאנצע נאכט בין איך ניט געשלאָפן, ארויסגעקוקט, ווען וועט מען שוין קאָנען גיין צו אים.

— וואָס האָסטו זיך אָנגעטאָן? — לאָזט די מאמע מיך ניט צורו. — טו זיך אויס און קריך אפן אויוון.

— וויפל קאָן איצטער, אשטייגער, האלטן דער זייגער?

— א כילעק דיר א גרויסער! וואָסי, דײַנע געשעפטן וועסטו אָנווערן?

איך ווייס אָבער מײַנס: האלטן זיך פעסט פארן פּאָליטפּראָסוועט. אזוי האָט וויגדער אָנגעזאָגט. א וואָרט איז א וואָרט. איך וועל דעם כאווער יאקאָוו ניט אָפּנארן.

אלץ, וואָס איך זע ארום זיך, וויגט זיך פאר מײַנע אויגן ווייך און פארנעפּלט. די אויגן־לעפּלעך זײַנען אָנגעגאָסן מיט בלײַ און לאָזן זיך אראָפּ, ווי געוויכטלעך. אוי, טו איך זיך א כאפּ אוף, כ'קאָן נאָך אזוי אנשלאָפן ווערן... פאראן א גוט מיטל קעגן שלאָף: ארומוואשן זיך מיט קאלטער וואסער. דערלאָזט אָבער ניט מײַן פוילקײַט: „אײַ, זיץ נאָך א ביסעלע, דער כאווער יאקאָוו אליין שלאָפט נאָך אויך. וועסט ניט פארשפּעטיקן“. און ס'איז אזוי גרינג זיך לאָזן איבעריידן... ניין, איך בין שטארקער פון מײַן פוילקײַט. אָט קאָן איך זיך טייקעף אויסטאָן ביז האלב, אָנגיסן פונעם עמער א שיסל וואסער...

אז מע וואשט זיך ארום מיט קאלטער וואסער, פילט מען זיך טאקע א סאך בעסער, כאָטש אפן הארץ קלעמט, ס'ווילט זיך עפּעס עסן.

...אין פאַריין זײַנען שוין די טירן געווען אָפֿן. נאָר יענער גרויסער צימער אפֿן צווייטן שטאָק, ווו עס ליגן די ביכער, איז פֿאַרשלאָסן. לעבן אן אײַנגעהייצטער הרובע אין קאָרידאָר פּאָרעט זיך אַן אופּראַמערן. ביז דער כאַווער יאַקאָוו וועט קומען, קאָן איך דערווײַל איר צוהעלפֿן ארויס־שאַרן מיטן פֿײַערלעפּל הייסע קוילן אף אײַנצוהייצן א צווייטע הרובע.

— לאַנג לעבן זאָלסטו, — באַדאַנקט מיך די אופּראַמערן.

דער כאַווער יאַקאָוו טרעפֿט מיך זיצן אף די שפּיץ פֿינגער. איך צעבלאָז מיטן גאַנצן קויעך די עטלעכע טרוקענע שפּענדלעך אין דער הרובע. אליין בין איך רויט, ווי א בורעק.

— א גוט־מאָרגן! — רופֿט ער פֿריילעך אויס. — איך זע, אַז דו ביסט א נוציקער פֿאַרשוין. האָסט פֿײַנט זיצן מיט צונויפֿגעלייגטע הענט. מאָלאָ־דיעץ! מומע דווירע, — זאָגט ער צו דער אופּראַמערן, — עפּנט אונדז אוף, זײַט מויכל, די זאַל.

— ווער איז דאָס ייִנגל? — הער איך, ווי זי פֿרעגט באַם כאַווער יאַקאָוו.

— אונדזערער א מיטאַרבעטער. א וווּיל יאַטל! ערשט פֿון דער נאָדל! — ענטפֿערט ער איר מיט א שמייכל און פֿאַרזשמורעט כיטרע אַן אויג. — ער איז מיר געקומען גלײַך אין די הענט אַרײַן.

איך האָב זיך געמאַכט טויב, גלײַך ס'גייט מיר ניט אָן זייער שמועס. מיר האָבן שווײַגנדיק זיך גענומען צו די ביכער. ווידער אויסגעשאָטן גאַנצע פּעק אפֿן טיש, סאָרטירט און געמאָסטעט זיי אף די פּאָליצעס. פּלוצעם גיט מיך דער כאַווער יאַקאָוו א פֿרעג:

— ווּעסט מיך עפּשער פֿאָלגן א גאַנג?

ער שיקט מיך אף דער פּאָטשט מיט א פּעקל בריוו.

— געדענק, פֿאַרליר ניט. אָט אָ־דאָ־אָ — ווײַזט ער מיר אזא העפֿטל, ווי בא וויגדערן, — זאָל מען זיך פֿאַנאַנדערשרײַבן.

האַלעמײַ זאָל איך זאָגן? ס'געפֿעלט מיר די דאָזיקע אַרבעט. גיי אַהער — גיי אַהין, א פֿאַרנומענער מענטש. ס'אַרט מיך ניט, זאָל מען זאָגן א שיק־ייִנגל, א דײַגע האָב איך!

שפּעטער גייט דער כאַווער יאַקאָוו אוועק אף א זיצונג.

— צו די ביכער, — זאָגט ער מיר אָן, — זאָלסטו קיינעם ניט צולאָזן.

— איר מעגט זיך פֿאַרלאָזן אף מיר.

איך האָב זיך אופֿגעכאַפּט מיט א שטאַרק קלאַפּנדיק האַרץ. אף מיר איז געלעגן עפּעס א מין שווערער שלייער פֿון איבערגעלעבטער שרעק. ביסלעכווײַז קום איך צו־זיך. ווער האָט עס מיך אזוי געטרײַ אוועקגעלייגט אף די זעק ביכער? ווּעמעס הענט האָבן אונטערגעלייגט צוקאָפּנס א פּעקל זשורנאַלן? קעגניבער זע איך דעם כאַווער יאַקאָווס צעוואַקסענע פּלייצע, זײַן רעכטן אופֿגעהויבענעם אַקסל. ווײַזט אויס, ער שרײַבט אַרײַן די ביכער. עפּעס איז מיר א בושע אים קוקן אין די אויגן. דער כאַווער

יאקאָוו האָט דאָך מיך איבערגעלאָזט היטן די ביכער, און איך בין גאָר אנשלאָפן געוואָרן...

— איר זײַט אף מיר בארויגעז? — וויש איך אויס די אויגן און גיי א פארשעמטער צו צום טיש. — איך ווייס אליין ניט, וויאזוי איך בין אנ־שלאָפן געוואָרן.

— נישקאָשע, נישקאָשע, ניט שרעקלעך. עס טרעפט אמאָל, — גלעט ער מיך מיט זײַן ווייכן בליק.

— איך בין ניט שולדיק, — פארענטפער איך זיך און לאָז אראָפ דעם קאָפ.

— ווײַזט אויס, צו פרי אופגעשטאנען.

— ניין...

איך שעם זיך זאָגן, אז איך בין ניט געשלאָפן די נאכט און אז איך פיל זיך ניט גוט.

דער כאוועער יאקאָוו האָט מיט דער אויסגעשטרעקטער האנט אָנגע־כאפט מײַן עלנבויגן און א צי געטאָן צו זיך. איך בין געבליבן שטיין צווישן זײַנע קני א פארלאָרענער.

— עפּעס באהאלטסטו אויס פון מיר. עפּשער ביסטו ניט געזונט?

— ווער האָט אײַך געזאָגט, אז איך בין ניט געזונט? — קוק איך אף אים ערנסט. — געזונט — מאָוועער.

— זייער גוט, — קלאפט ער מיך אין פלייצע. — זייער גוט, וואָס דו ביסט געזונט — מויער. נאָר וואָס זשע דען? באלד שיק איך דיך מיט א צעטעלע אין שפּיטאָל. דאָס האָסטו דיר איינס. און, צווייטנס, לאָמיר צווישן זיך אָפּריידן, אויב דו ווילסט, מיר זאָלן אף שטענדיק זײַן גוטע כאוויירים, קיינמאָל ניט לייקענען, זאָגן נאָר דעם עמעס. האָבן מיר אָפּגערעדט?

— איר מיינט עס טאקע אף אן עמעס? — טו איך זיך פלינק א גליטש ארויס פון זײַנע קני. — צי איר ווילט עפּעס בא מיר אויסנארן?

— אז דו וועסט מיר שטענדיק זאָגן דעם עמעס, פארשפּאָר איך בא דיר עפּעס אויסנארן.

— און איר, כאוועער יאקאָוו, וועט מיר אויך שטענדיק זאָגן דעם עמעס?

— שטענדיק. סײַדן אזעלכע זאכן, וואָס האָבן צו דיר קיין שײַכעס ניט.

אין דער מינוט פיל איך, אז דער כאוועער יאקאָוו ווערט מיר נאָענט, טאקע וואָס נאָענט הייסט. מאמעש ווי אן אייגענער ברודער. פון הײַנטיקן טאָג אָן וועלן בא מיר פאר אים קיינמאָל קיין סוידעס ניט זײַן.

— און איצט, — זאָגט ער שוין א ביסל שטרענגלעך, — גיי אין שפּי־טאָל.

— נו, און מאָרגן?

— מאָרגן, אז דו וועסט זיך פילן גוט, קום צו גיין אין דער זעלבער צײַט, וואָס הײַנט. בעסער וואָלט געוועזן פאר דיר, זאָלסט א פּאָר טעג איבערזיצן אין דער היים. אָט נא דיר, וועסטו האָבן וואָס צו לייענען. — און ער גיט מיר מיט א גראָבן בוך.

איך ווייס אליין ניט, פארוואָס איז מיר אזוי גוט אפן הארצן. עפּשער דערפאר, וואָס דער כאוועער יאקאָוו האָט מיט מיר געשלאָסן א בונד?

# מײַן ברודער קומט צו פאָרן

אומגעריכט האָט זיך אומגעקערט אהיים מײַן ברודער, בערל. ער איז אַרײַן אין שטוב צווישן טאָג און נאכט. אַף די פּלײצעס א פּאַרוסינעווע זעקל. אַף די פיס גרויסע סאָלדאַטסקע שיך. ער איז געפאַלן דער מאַמען אַפן האַלדז און געוויינט, ווי א קליין ייִנגל. איך בין טײַקעף אוועקגעלאָפן א גליקלעכער אין קינדערהויז צו די שוועסטערלעך אָנזאָגן די פרײלעכע בסורע: „בערעלע איז געקומען אהיים!״

ווֶדליק איך געדענק בערעלען, איז ער געוואָרן העכער, מענערישער. אים גײט שוין דאָס פופצעטע יאָר און ער רײכערט קאָרעשקעס.

די מאַמע האָט גענומען וואַרעמען וואַסער אינעם בלעכענעם קעסל, אנטלײַען בא א שכײנע א הילצערנע באַליע און אָרומגעוואַשן בערעלען פון קאָפּ ביז די פיס. פרײלעכע פלעמעלעך האָבן זיך באַוויזן אין בערלס אויגן. אָן אופגעלעבטער, א פריש־אויסגעוואַשענער, האָט ער זיך גענומען פאַרדרײען א ציגאַר. די מאַמע האָט בעפּײרעש ניט געוואָלט לײַדן, האַ־לעמײַ ער רײכערט שוין.

— דאַרפסט עס נײטיק האָבן? — איז זי צוגעשטאַנען צו אים מיט גוטן. — דער רויך עסט אויס די לונגען און דאָס האַרץ, הײַנט די הויצאָע אַליין?

בערעלע האָט גאָרניט געענטפערט. אים איז שטאַרק ניט געפעלן, וואָס אַלע דאַרפן קריכן אַפן אויוון זיך לײגן שלאָפן.

— כאָטש א שטיקל סאָפּקע זאָל זײַן... — בלאָזט ער די ליפּן א באַרוי־געזער. — ניט געקאָנט אָפּשפּאָרן? א מענטש, אז ער אַרבעט און פאַרדינט...

— איז דאָך, אז ער אַרבעט, — זאָגט די מאַמע פאַרביטערט, — נו, און אז ער אַרבעט ניט?..

— מיר האָסטו געשריבן, אז דו אַרבעטסט און דו פאַרדינסט, א דאַנק גאָט, האָב איך זיך געלאָזט אײַנרײדן פון דײַנע בריוו.

— פאַרצאַפּ מיר ניט קײן בלוט, — האָט די מאַמע אַזש א קריץ געטאָן מיט די צײן. — ס'איז מיר אַזוי אויך אָנגעזאָליעט אַפן האַרצן.

בערעלע האָט צאָרנדיק אַרויסגעפּראַלט א צערײצטער.

— וואָס האָסטו מיך גערופן אהיים? — האָט ער צו דער מאַמען גאַנצע טײַנעס. — אָט פרעג איך דיך, וואָס וועל איך דאָ טאָן? קלײַבן ציגענע ביבקעס? דער רויך האָט מיך געשלעפּט אהער.

— מײַן זון, — בעט זיך בא אים די מאַמע, — זאָל זײַן געגנוג. דער ביסן איז מיר ניט אײַנגעגאַנגען, וויסנדיק, אז דו וואַלגערסט זיך ערגעץ אין דער פרעמד. כ'האָב דאָך געמײנט וואָס בעסער. די בריוו מײַנע האָב איך געשריבן אין אַזא צײַט, ווען איך האָב צום ריבוינעשעלוילעם קײן טײַנעס ניט געהאַט. ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן, אז מע וועט פאַר־כאַסמענען די פאַבריקע? ערגער זיך ניט, זון מײַנער, גאָט וועט אונדז אויספירן. א מענטש דאַרף איבערלעבן אַלערלײ צײַטן. אָט ביסטו געקומען פון וועג א קויטיקער, מיט א צעפיצלט העמד אַפן לײַב, אַן אויסגעדאַר־טער, א ניט דערשלאָפענער. ווי מײנסטו, דאָס קאָסט מיך ווײניק געזונט? אַצינד, אז די מאַמע האָט דיך גוט אָרומגעוואַשן און אויסגעבאָדן, ביסטו

געוואָרן ענלעך אַף אַ מענטשן. איך האָב דאָך געוואָלט, ס׳זאָל דיר זײַן וואָס בעסער. נאָך מער, ווי דו ווינטשסט זיך אַליין. טראָג אַף מיר ניט קיין סינע.

ס׳איז דורכגעגאַנגען אַ טאָג, צוויי און דרײַ. בערעלע האָט ניט געקאָנט שאָלעם מאַכן ניט מיט אונדזער וווינונג, ניט מיט אונדזער שווער לעבן, וואָס מיר פירן. וואַרטן, ביז די מאַמע וועט אַמאָל ברענגען אַ שטיקל ברויט, אַרויסקוקן אַף אירע פאַרדינסטן... און טאָמער ברענגט זי ניט, פאַרלייגן די ציין אַף די באַנטעס?..

## בערעלעס סאָד

מײַן ברודער האָט זיך געפונען אַ וועג אין ווײַסן גרויסן בעסמעדרעש אַפן זאַמדיקן בערגל. דאָרט ווינען אַ סאַך פּלייטים — בעזשענצעס, וואָס זײַנען געקומען צו אונדז בײַס דער מילכאָמע און דעם בירגערקריג. טאָג־טעגלעך פאַרברענגט ער דאָרט די צײַט. סע ווערט אים גאָרניט נימעס. כעוורע ייִנגלעך, אַזעלכע ווי ער, פאַרקלײַבן זיך אונטערן צעבראָכענעם אָרנקוידעש און מע שפּילט דעם גאַנצן טאָג אין קאָרטן. זיי וואַרטן, ביז די זון וועט אַ וואַרעם טאָן, און דעמלט וועט מען זיך קאָנען אופהייבן, ווי די פייגעלעך, אַ פּאַטש טאָן מיט די פליגעלעך, און הײַדאַ אין דער גרויסער וועלט. זיי זײַנען אַ גאַנצע קאָמפּאַניע, דערציילט ער.

די מאַמע קלאָגט זיך:

— בערעלע איז פון אונדז דערווײַטערט געוואָרן, סע ציט אים אין דער פרעמד. ער דאַרף שוין קיין מאַמע ניט האָבן...

דעם כאַווער יאַקאָוו זאָג איך וועגן מײַן ברודערס קומען קיין וואָרט ניט. ער פרעגט זיך נאָך די גאַנצע צײַט אַף מײַן מאַמען, צי זי אַרבעט שוין.

— דערווײַל נאָך ניט.

אַלע טאָג גיט מיר דער כאַווער יאַקאָוו אַרויס צו צוויי טאַלאָנען אין דער גאָרקיך. די מאַמע נעמט דעם וואַרעמעס אַהיים און טיילט אים אַף דרײַ כאַלאָקים.

— אוי, ווי ס׳איז מיר נימעס געוואָרן דאָס ביסל קאַלייצעניש, — כמורעט בערעלע די ברעמען, — כאָטש טו זיך אויס נאַקעט און לאָז זיך שווימען נאָך אַ גרײַפּעלע.

אַנומלטן זײַנען מיר געבליבן אײַנצווייען אויג־אַף־אויג. דער ברודער מאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער האָט מיר צו פאַרטרויען אַ סאָד — קיינעם קיין פּיפּס ניט.

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, — ווערט ער עפּעס ווי אײַנגעשרומפּן, — טו אַ שפּײַ אַפן כאַווער יאַקאָוו און אַף דער שטאָט און אַף די בעדאָוע־טאַלאָנען. מיר וועלן זיך לאָזן גיין צופוס קיין זשיוורעטש. דאָרט האָב איך אַ סאַך באַקאַנטע גוטעפרײַנט. זיי וועלן אונדז העלפן. אָט וועסטו זען, — די אויגן ווערן בײַ אים ברייטער, גלאַנציקער, — איך וועל זיך שטעלן אַרבעטן, און דו וועסט בײַ מיר לערנען. דײַן זאַך וועט זײַן

נאָר לערנען. איך וועל דיך אָנטאָן ביגדיי־מאַלכעס. געבן עסן און טרינקען. אָפּן שענסטן אויפֿן. נו, און שפּעטער, מיט דער צײַט, וועלן מיר אַריבערציִען די מאַמע מיט די שוועסטערלעך. זאָלן זיי אויך וויסן פֿון אַ לעבן. — ער שטעלט זיך אָפּ אַף אַ ווײַלינקע, באַהאַלט טיפֿער אונטערן שטערן די קליינע שפּיציקע אייגעלעך, און גאָר שטיל, מיט ראַכמאָנעס גיט ער צו: — מיינסט, אַז סע טוט מיר ניט וויי דאָס האַרץ אַף איר?..

אַ גאַנצע וואָך גיי איך אַרום ווי אַ צעמישטער. אַ קלייניקײַט! בערעלע נעמט מיך אויך קיין זשיוורעטש. זאָל נאָר ווערן אַ ביסל וואַרעמער.

מיטוואָך האָט זיך געשטעלט אַ יאָר־יאַריד. בין איך מיט בערעלען אַרויף אָפּן מאַרק פֿאַרקויפֿן די צוויי ציכלעך, וואָס ער האָט געבראַכט, אַ געלן לײַלעך און אַ קאַראַקולן פּעלכל: „אין וועג, זאָגט ער, דאַרף מען האָבן אַ מעזומענע קאָפּקע”.

ווערדליק דער כעזשבן ווײַזט, וועט אונדז קלעקן געלט אַף פֿינף טעג, און מער דאַרף מען ניט. דער וועג קיין זשיוורעטש כאַפּט ניט מער ווי צוויי, צוויי מיט אַ האַלבן מעסלעס. וואָס מיר וועלן טאָן דאָרטן, אין זשיוורעטש, באַ וועמען מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אַף נאַכטלעגער, וועגן דעם טראַכט איך אַפּילע ניט. דער ברודער מײַנער זאָגט צו גאָלדענע בערג. נו, פֿאַרשטייט זיך, האַלב וואַרף איך אַראָפּ אין טײַך, אַ פֿערטל גיב איך אָפּ דער וואַנט, דאָס איבעריקע האַלעווײַ וואָלט עס געווען עמעס!

פֿאַרוואָס דאַרף זײַן אַ סאָד פֿאַר דער מאַמען אונדזער קלײַבן זיך אין וועג, האַרגעט מיך, אויב איך פֿאַרשטיי. בערעלע האָט זייער האַרב אָנגעזאָגט: „טאָמער וועסטו זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט... געדענק!..”

גוט, וואָס איך האָב אַ טעווע האַלטן יענעמס אַ סאָד טיף באַגראָבן. מע זאָל מיר אַפּילע די צונג אַרויסרײַסן, ברענען און בראָטן אַף אַ גליִענדיקער סקאָוואָראָדע, מעגט איר זײַן באַוואָרנט, אַז קיינער וועט קיין וואָרט זיך ניט דערוויסן פֿון מיר. אָבער דעם כאַווער יאַקאָוו האָב איך געשווירן קיינמאָל ניט לייקענען, שטענדיק דערציילן דעם ריינעם עמעס. וואָס זשע טוט מען דאָ? ער דאַרף דאָך, ער מוז דאָך וויסן, אַז איך גיי אַוועק פֿון אים. דערווײַל לייג איך עס אָפּ אַף שפּעטער. ביז ס'וועט ענדלעך קומען דער גליקלעכער טאָג.

## כאָמעלע

יעדעס מאָל, ווען בערעלע האָט מיך געפֿירט אין ווײַסן גרויסן בעסמעדרעש צו זײַנע כאַווײרים, האָב איך זיך געפֿילט יאָמטעוודיק. כעוורע יאַטלעך קוקן אַף מיר מיט דערעכערעץ. עפּעס זײַנען זיי מיר מעקאַנע. יעדער איינער וויל, איך זאָל צו אים אַ שמייכל טאָן, זאָגן אַ וואַרעם וואָרט.

מערסטנטייל זײַנען מיר געגאַנגען אַהין אין די אָוונטן, וואָרעם באַטאָג בין איך נאָך אַלץ פֿאַרנומען מיטן כאַווער יאַקאָוו. ער קאָן זיך אָן מיר ניט באַגיין. „דו, — זאָגט ער, — ברודערקע, ביסט געוואָרן באַ מיר די רעכטע האַנט”. ער ווייסט נאָך ניט, דער כאַווער יאַקאָוו, אַז גאָר אײַנגיכן וועלן מיר זיך דאַרפֿן צעשיידן מיט אים.

אין בעסמעדרעש, ווו ס'וווינען די פּליטים, איז שטענדיק א ראש און א טומל. נאָך ערגער, ווי אפן מאַרק. מאַנצבלען, ווייַבער, דערוואַקסענע קינדער און קינדער אין די וויגן — ווער סע שרייַט, ווער סע כליפּעט, ווער סע לאַכט אף א קאָל. פון אַלע זייַטן טראָגן זיך קוילעס:

— מאַנעשל, א מאַקע דיר אין פּיסק! וואָס מוטשעסטו דאָס קעצל?

— שפּרינג ניט פון דער באַנק, גאַנעוו, כ'וועל דיר באַלד א פּוס אַרויס־דרייען.

— קינדער, איר האָט ניט געזען ערגעץ מייַן שטעקן?

— שימעלע, אַהער גיי, רעד ניט מיט די בערקוטלעך. זיי קאָנען נאָר מעוואַזע זייַן.

— מאַמע, מיש זיך ניט דאָרט, ווו דו דאַרפסט ניט. ס'איז ניט דייַן אייסעק.

— נעם איין דאָס קינד, פריידע. מע קאָן דאָך מעשוגע ווערן...

— מאַמע, מאַמע, מייערל האָט אַראָפּגעריסן די פּאַטשיילע און שרייַט מיר „פּאַרך״.

— ווער האָט עס געוואָרפן דעם דערקאַטש? אַך, סע זאָל איין שוין וואַרפן העכער די הייַזער!

היפּשע צעוואַקסענע מיידלעך, קימאַט קאַלע־מוידן, דרייען זיך איבערן בעסמעדרעש, ווי אף א שפּאַציר. ניט איינע כאַפּט א קוק הינטערן צעבראָ־כענעם אָרנקוידעש, ווו בערלס קאָמפּאַניע שפּילט אין קאָרטן, און קערע־וועט אָפּ פאַרשעמט די אויגן.

ערגעץ אין א פאַרבאָרגן ווינקל זיצט אין דער שטיל א פאַרגעסן פּאָרל און כאָלעמט איין כאָלעם. אפילע די קינדער, וואָס שפּילן זיך אין באַהעל־טעניש, מייַדן אויס יענץ ווינקל: אַהין טאָר מען ניט...

צווישן די צענדליקער צעוואַלגערטע און צעבראָכענע מישפּאָכעס פון די פּליטים טיילן זיך אויס די שיינע כאָמעלע מיט איר מומע העניע. קיינער האָט אַזוי ניט געדרייט מיט די אָנצאָליקע כאַסאַנים, וויפל כאָמעלע. דער איז איר ניט געפעלן, יענער שטייט איר ניט אָן, דער איז א קאַרגער, יענער איז א פוילער; דער האָט צופיל פליי אין דער נאָז, האַלט זיך צו גאָדלדיק, און יענער לעבט מיט זייַן מאַמעס סייכל. אף יעטווידן כאָסן האָט זי געפונען א כיסאָרן. קיין שאַדכאָנים האָט זי אף די אויגן ניט אַרופגעלאָזט. אָך און וויי איז צו דעם, זאָגט זי, ווען מע דאַרף שוין ריידן א שידעך... עפּשער קאָן מען מיינען, אַז כאָמעלע פאַרמאָגט א סאַך נאַדן? קיין פּרוטע באַ דער נעשאָמע ניט. זי דאַרף נישט קיין נאַדן. זי איז אַליין, זאָגט זי, א גוטער נאַדן.

וואָס עמעס, איז עמעס. שיין איז כאָמעלע, ווי די וועלט, כאָטש נעם און שפּיגל זיך אין איר. כאָמעלע פאַרמאָגט אין זיך אַזויפיל שיינקייַט, וויפל אַלע שיינע מיידלעך אין שטאָט איבערנעם, און עפּשער נאָך מער. אַזוי ריידן די ווייַבער צווישן זיך.

כאָמעלע איז א וווּקסיקע, א שטאַלטנע, מיט א ווונדערלעך ריין, גע־לייַטערט פּאָנעם. איר אופגעהויבענעם שיין־פּאַרקעמטן קאָפּ טראָגט זי מיט א באַזונדערן מיידלשן שטאָלץ. יעדער איינוועיר באַ איר איז אויסגעטאָקט, פון די שפּיץ פינגער ביזן קאָפּ באַכיינט, מאָלע־טאַם. טאָמיד שמעקט פון

איר מיט פרישע קווייטן־רייכעס. אין א וואָסער זײַט זי האָט געוואָרפן איר קישעף־בליק, דאָרט איז טייקעף אלץ אופגעלעבט געוואָרן.

אוואדע זײַנען די מיידלעך אין בעסמעדרעש איר שטארק מעקאנע געווען. כאָמעלע איז געבוירן געוואָרן אין א זײַדן העמדעלע. וואָס פעלט איר? קלוג, שיין, מאזלדיק. וואָס דארף נאָך א מענטש? זי, כאָמעלע, האָט געהאלטן, אז ס'איז ווײַט ניט אזוי, ווי מע רעדט. יענעם דאכט זיך...

כאָמעלעס מומע, העניע, איז א פּאָשעטע וואָכעדיקע ייִדענע אָן אויבערקעפּלעך און אָן פּוצן. דעם ברודערס יעסוימע כאָוועט די מומע העניע בא זיך פון קליינערהייט. זי איז אליין אן אלמאָנע, אן עלנטע, און כאָמעלע איז בא איר ליבער, ווי אן אייגן קינד. זי וועט פון זיך אויסטאָן דאָס לעצטע העמד און אָפּגעבן דעם מיידל. אז כאָמעלע דארף, קאָן דען זײַן א טערעץ? בא זיך אין דער אלטער היים האָט די מומע העניע געהאלטן א „קוב“ — געקאָכט ציקאָריע פארן גאנצן שטעטל. הײַנט ציט זי די כאַיונע פונעם מארק. זי שטייט מיט א טישל און פארקויפט זייף, פעפער, צימרינג און אנדערע שאלעמויזן. אבי זי דאַרף, דאנקען גאָט, צו קיינעם ניט אָנקומען. מע דארף א געמילעסכעסעד, גייט מען צו דער מומע העניע. זי זאָגט קיינעם ניט אָפּ. סײַדן זי האָט ניט בעיאד. גיט מען איר ניט אָפּ דעם כויוו צו דער צײַט, איז אויך אָן א טראסק. „גאָט וועט העלפן, — טרייסט זי דעם באלכויוו, — וועט איר שפּעטער אָפּגעבן“.

מענטשן ווייסן, און מענטשן האָבן אויגן און זעען, ווי העניע לעבט שטארק איבער, וואָס כאָמעלע, קיין אײַנהאָרע, אזא פײַן מיידל, א געראָטן קינד, קאָן צו קיין ברעג ניט קומען. ווו איז דאָס געהערט געוואָרן? וויפל באָכערים ס'זײַנען איבערגעגאנגען, און אלע פון אזעלכע לײַטישע הײַזער, און זי, דער דיבעק, פארטרײַבט זיי. כאָמעלען וויל מען אויסכאפּן אין איין קליידל, אזוי ווי זי שטייט און גייט, מאכט זי דערפון א געלעכטער. עפּעס נאָר אן אָנשיקעניש פון גאָט... כאָמעלע וועט אזוי לאנג דרייען מיט די כאסאנים, ביז זי וועט סאָפּקאָלסאָף זיך אליין פארדרייען דעם קאָפּ.

זי האָט א טעווע, כאָמעלע: פון טכילעס נאכט זיך אוועקזעצן אפן אײַזערנעם בעטל, מיט די הענט ארומנעמען די קני, צעלאָזן די האָר און זינגען עפּעס אזעלכע מאָדנע טרויעריקע לידער, אז עס פארקלעמט אזש בא דער נעשאָמע. קיינער וועט זיך דעמלט ניט אײַנשטעלן צוגיין צו איר נאָענט. אלע ווייסן ווויל — כאָמעלען איז שווער אפן הארצן.

אָט טאקע דעמלט, ווען כאָמעלע זיצט אפן בעטל מיט אונטערגעצויגענע קני, די האָר צעלאָזט, און זינגט אירע אומעטיקע לידער, האָב איך ליב קוקן אף איר פון א ווינקל און כאפּן מיט דאָרשט די אויסגעמישטע ניגונים — ייִדישע, אוקראַיִנישע, רוסישע. אייגנטלעך, איז עס איין און דער זעלבער טרויעריקער ניגן, וואָס פארקלײַבט זיך אין אלע ווינקעלעך פון דער נעשאָמע, נאָגט אינווייניק, צערודערט. קנוילן שטעלן זיך אין האלדז. אן אייביקײַט וואָלט איך געקאָנט שטיין און הערן כאָמעלעס ניגן.

אָפטמאָל ווײַזט זיך מיר אויס, אז אין אָט דעם וווּנדערלעך־שיינעם מיידל, וואָס מע רופט זי כאָמעלע, זיצן עטלעכע נעשאָמעס, וואָרעם יעדעס מאָל איז זי גאָר אן אנדערע. אָט א פריילעכע, א לעבנסלוסטיקע, דאָ א שפּאס און דאָרט א ווערטל, דאָ א געשמאקער געלעכטער און דאָרט א

לייצאָנישער קונץ. און אָט ווידער אַן ערנסטע, אַ פאַרטיפטע, צו אַלעמען פרעמד, קאַלט, גאָרניט די קאַמעלע, וואָס נעכטן. אַפילע מיט דער מומע העניע, וואָס איז איר געטרײַער פון אַן אייגענער מאַמע, האַלט זי זיך פונ־דערווײַטנס, היט זיך אויסריידן אַן איבעריק וואָרט. אָנגעטאָן אינעם מאַנטל, די הענט אין דער מופטע, פירט זי זיך, ווי אַ גאַסט, וואָס האָט זיך דערעך־אַגעוו, אַף אַ ווײַלינקע, אַרײַנגעכאַפּט צו דער מומע און דאַרף שוין לויפן ווײַטער. קיינעם ווערט זי קיין וואַרעמען בליק ניט שענקען, צו קיינעם קיין שמייכל ניט געבן. עפּעס אַ מין פרעמדע שטרענגקײַט ליגט אויסגעגאָסן אַף איר פּנים. אומזיסט וואַרטן די קינדער אין בעסמעדרעש פון קאַמעלען אַ גלעט, אַ ליבלעכן לאַשטשע. הײַנט ווערט זי קיינעם ניט מעכאַבעד זײַן מיט קיין נאַשערײַען.

אָן אַנדערשמאָל דאַכט זיך, די זעלבע קאַמעלע, נאָר גאָר־גאָר אַן אַנדער מענטש מיט אַן אַנדער נעשאָמע. יעדערן, פון קליין ביז גרויס אַ געטרײַע שוועסטער, אַ צוגעלאָזענע, אַ גלײַכע צווישן גלײַכע. אַרום איר זשומען קינדער און דערוואַקסענע. ווען מע דאַרף אויסוואַשן אַ קינדערשע בונ־דע, ווען מען צונייען אַ קנעפּל, פאַרפלעכטן די צעפּלעך, איבערניצעווען אַ פּאָר הייזלעך, אײַנגעבן אַ רעפּוע, איבערבעטן אַ באַרויגעזן, אײַנעמען אַ קינד, מאַכן שאָלעם אין אַ קריג, — קאַמעלע איז אומעטום פול.

— קאַמעלע, געזונט זאָלסטו זײַן, קאַפּע אַרײַן רייזעלען אין די אויגן.

— קאַמעלע, זאָג דער מומע העניען, זי זאָל מיר אויסלײַען אַ לעפּעלע בוימל, דו ווייסט דאָך, אַז איך רייד מיט איר ניט.

— אוי, וואָס טוט מען מיט מײַן קאַדעש, ער צאַפּט מיר אויס ווי אַ טראָפּן בלוט, — קלאָגט זיך אַ פרעמדע מאַמע פאַר קאַמעלען, — ער טוט מיר אַ כיילעק אין טויט.

— שרײַב מיר אָן אַ בריוו, קאַמעלע, צום פעטער פינכעסן קיין אָדעס.

קיינער קאָן זיך ניט באַגיין אָן קאַמעלען. אַלע דאַרפן זי האָבן, יעדער איינער האָט צו איר אַ צוטריט, און פאַר אַלעמען איז זי מעכוייעוו עפּעס אויפטאָן. דער האָט צו איר אַ באַקאָשע, און יענער וויל פון איר אַ טויווע. אַ דריטער בייטיקט זיך אין איר הילף. דאַרף מען, לעמאָשל, ריידן מיטן דאָקטער ווענן אַ מעסוקענעם כולע אויג־אַף־אויג, איז קאַמעלע דאָ. גע־שעט אַן אומגליק, איז פאַר ווען קאָן מען עפענען דאָס האַרץ, אויב ניט פאַר איר? קומט אַ קאָמיסיע איבערשרײַבן די פּליטים אין בעסמעדרעש, שטעלט מען זי אַרויס.

— דו ווייסט בעסער, וואָס מע דאַרף ריידן מיט די דאָזיקע מענטשן. זאָג זיי, קאַמעלע, אַז מע זאָל כאָטש ראַכמאָנעס האָבן אַף די פיצלעך קינדער. דערצייל זיי דעם גאַנצן עמעס. לייג פאַר זיי אויס וואָרט אין וואָרט, ווי אַף אַ טעלער, וואָס באַ אונדז אין בעסמעדרעש טוט זיך.

אַלע, אָן אויסנאַם, האָבן ליב קאַמעלען דאָס כײַעס. מע פילט זיך מיט איר נאָענט, היימיש, נאָך בעסער, ווי מיט אַ פרײַנטל. יעדער באַזונדער פילט קאַמעלען פאַר אַ לײַבלעכער קרויווע. ניטאָ פאַר איר קיין סוידעס, ניטאָ קיין פאַרבאָרגענע זאַכן. פאַר כאַלעמען זיך שעמען? פאַר איר שעמט מען זיך ניט. עס וואָלט געווען ווילד, עפּשער ניט אַזוי ווילד, ווי נאַריש. ווער דען ווערט אַרויסראַטעווען, אויב ניט קאַמעלע?

און פלוצעם פאלט אף כאָמעלען אָן ווי עפעס אַ מעשוגאַס: קיינער גייט איר ניט אָן. זי האָט נאָר זיך אַליין אין זינען. זי האָט זיך אויסגעטאָן פון אַלעמען און פון יעדערן. זי וויל פון גאָרניט וויסן. דאָס איז אַ מין באַרויגעז־שפּיל. שאָענוויז קלײַבט זי איבער די האָר, מעסט אף זיך דאָס נײַע געשטריקטע קאָפּטל; שוין דאָס ווייסעך וויפלטע מאָל ציט זי אָן אף די פיס די פאַרמערעזשעטע זײַדענע זאָקן, און עפּעס געפעלט דאָס איר ניט.

— וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אף מײַן קאָפּ? — טײַנעט זי פאַרביטערט מיט טרערן אין די אויגן צום גאַנצן בעסמעדרעש־אוילעם.

ווען כאָמעלע ווערט אַ ביסל רויִקער, באַטראַכט זי אין שפּיגל אירע שיינע נאַקעטע אַקסל, דעם ווײַס־רונדיקן האַלדז, זײַטלט די אויגן און סטאַרעט זיך ווידער ווערן נאָך שענער, ווי זי איז.

די מומע העניע קומט אָן אָנגעפּרוּירענע פונעם מאַרק, ציילט מיט די רויט־בלאָע הענט דעם פידיען, כעזשבנט אפן קאָפּ און שטופּט אַלע ווײַלע די אָנגעשוואָלענע פינגער אין פײַערטאָפּ:

— קלײַבסט זיך ערגעץ אַוועקגיין, טאָכטער?

— ניין, — ענטפערט כאָמעלע אין שפּיגעלע אָן אומצופרידענע.

— וואָס זשע, עמעצער דאַרף צו דיר קומען?

— ווער ווייסט? — צוקט זי מיט די האַלב־נאַקעטע פּלייצקעס גלײַכגילטיק. — מײַן טעווע ווייסט איר דאָך, מומע: קיינעם ניט אײַנלאַדן און קיינעם ניט פאַרבעטן.

— אוי, אָט דאָס איז דאָך עס טאַקע די צאָרע, וואָס דו דאַרפסט קיינעם ניט. ריבוינעשעלוילעם, ווען דערלעב איך שוין דעם גליקלעכן טאָג...

— איר זאָלט פון מיר פּאָטער ווערן? — טוען כאָמעלעס אויגן שטיפעריש אַ בלענד.

— טפו, אף מײַנע סאָנימס קעפּ. אַ מויד זאָל דאָס האָבן אַזאַ פּיסק. ווער בין איך דיר — אַ שטיפמאַמע, כאָלילע, צי אַ פרעמדע. אוי, כאָמע, כאָמע!

כאָמעלע טוט זיך ווילד אַ וואָרף אַ האַלב אָנגעטאָנענע צו דער מומע העניעס פיס און באַוואַשט זיך מיט הייסע טרערן.

— אוי, מומעניו, איר זײַט בײַ מיר די איינציקע אין דער וועלט!

אַ ספּריטנע ייִנגעלע אין ווײַסע לײַוונטענע הייזלעך, מיט אַ פּאַפּירן היטל פון אַ פאַרגעלטער צײַטונג, לויפט צו אַ פאַרסאָפּעטער צו כאָמעלעס בעטל:

— כאָמעלע, עפּעס איינער אַ יונגערמאַן זוכט אײַך. ער שטייט דאָרט און וואַרט בײַ דער האַנט־פּאַס.

די מומע העניע שטופּט אַרײַן פון גרויס צעטראָגנקײַט דאָס געלט אין בוזעם, פאַרוקט דעם פײַערטאָפּ אונטערן בענקל, כאַפּט אף זיך אָן אַנדער שאַלכל און ווישט אײַליק אָפּ דאָס פּאָנעם מיט אַ טרוקן פּאַטשיילכל.

— אַ הויכער אין אַ בלויען באַשליק? — פרעגט זיך נאָך כאָמעלע בײַם ייִנגל. — מיט זילבערנער טאַשמע אַרומגענייט?

— יאָ, יאָ, טאַקע אין אַ באַשליק. פונוואַנען ווייסט איר? מיט אַ לאַנגער נאָז ביז די ליפּן. אפן שטערן אויסגעלייגט אַ נאַס טשוביקל.

— זאָג אים, לייבושל, אז איך בין ניטאָ אין דער היים, — ווינקט צו כאַמעלע שעלמיש.
— וואָס הייסט ניטאָ? — ווערט די מומע אויסער־זיך. — א מענטש פרעגט זיך נאָך... א מענטש איז געקומען... טאָכטער, וואָס טוסטו?
— זאָל אײַך ניט אַרן, מומעניו, איך טו דאָס, וואָס מע דאַרף. וועסט וויסן, לייבושל, וואָס צו זאָגן?
— אוואדע... — פאַרבײַסט דאָס יינגל קלוג א ליפּ. — כאַמעלע איז נאַרוואָס ארויסגעגאנגען פון דער היים, וועל איך אים זאָגן.
— אָט־אָט, אזוי זאָלסטו אים זאָגן.
— און זי וועט זיך אומקערן שפּעט אין דער נאכט, ווען אלע וועלן שלאָפן.
— אוי, א כאָכעם! — כאַפּט זי אים אַרום קושן. — אוי, א טײַער יינגל. אוי, א מעזעג־טאָוו.
שפּעטער קומט א צווייטער באָכער מיט אן אויסרייד, אז ער איז צו־פעליק פאַרבײַ דעם בעסמעדרעש... און נאָך שפּעטער א דריטער... אָבער זי וויל פון זיי ניט הערן און ניט וויסן. זי שיקט זיי איינציקווײַז אָפּ אהיים. פון יעדערן באַזונדער שפּעט זי אָפּ און מאכט אים מיט דער בלאָטע גלײַך. די מומע העניע ברעכט די הענט, קרימט זיך אין אנגסטן, ווישט די אויגן און באקלאָגט זיך אליין: „מײַן מאזל״...
וואָס מער די מומע ערגערט זיך, אלץ פריילעכער און צעשטראַלטער טאנצט ארום כאַמעלע. עפּעס האָט זי גאָר דערפון האנאָע.
— ווי נאָר עס באווײַזן זיך אף דער שוועל כאסאנים, הייבט איר מיך אָן באוויינען. שאַ, ווייסט איר גאָר וואָס? איר ווילט, מומע, וועל איך אײַך אליין ריידן א שידעך.
— טשעפּע זיך אָפּ פון מײַנע יאָרן. אָן אנדערע אף דײַן אָרט...
— איך ווייס, וואָס איר ווילט זאָגן.
— א קלוגע, א קלוגע און קאָן בלײַבן באם נאר. מיינסט, שטענדיק וועט מען שטיין אונטער דער טיר און וואַרטן?
— מומעניו, איך קוק אף קיינעם ניט ארויס. איר האָט מוירע, איך זאָל ניט בלײַבן זיצן ביזן גרויען צאָפּ? זאָרגט זיך ניט. און אויב יאָ, האָב איך דערפון קליינע יעסורים.
— אוי, כאַמעלע, כאַמעלע, ביסט נאָך אינגאנצן א קינד.
עס ווערט שפּעט. אין אייניקע ווינקלען פון בעסמעדרעש האָט מען שוין אויסגעלאָשן די אייל־קאַנעצלעך. קליינע קינדער לויפן ארום פאַרן לייגן זיך שלאָפן באַרוועסע, אין איינע העמדלעך, אנדערע הייבן אוף א געיאָמער. טאטע־מאמעס שטילן זיי אײַן מיט גרינגע פּעטש איבער די נאַ־קעטע הינטערכיילעקלעך. דער טומל שטילט זיך אײַן ביסלעכווײַז. נאָר ערגעץ אין דער טיף הערט זיך א פאַרשלעפּערנדיקער ניגן פון אן איבער־געבויגענער מאַמע: איַי־לי־ליו־לי־ליו.
ערשט איצט פּוצט כאַמעלע זיך אויס אין אירע שיינע קליידער און לאָזט זיך גיין איינע אליין אף א שפּאציר איבערן ברייטן בעסמעדרעש. דער טיולענער שאַרף ליגט גרינג אף איר צוגעקעמטן קאָפּ האָר, איין עק

וויגט זיך אף דער ברוסט, דער צווייטער פּאַרוואָרפן אף דער פּלייצע. ניט זי גייט, נאָר זי שוועבט. מע זעט אפילו ניט, ווי די פיס באַרירן די ערד. דער בעסמעדרעש איז, ווי א שטעטל, צעטיילט און צעווירעט אף גאסן, געסלעך און הינטערגעסלעך. פון אלע ווינקלען, פון אונטער די דיקטענע ווענטלעך, פון אונטער די איבערגעצויגענע קאָלדרעס און לײַלעכער קוקט מען פאַרגאַפט אַרויס, ווי כאַמעלע שפּאַצירט. פאַר מיר קומט עס אויס ווילד. וואָס איז דאָ? א שטאָט־פּאַרק צי א שפּאַציר־פּלאַץ? אָבער פאַר די אײַנוווינער פונעם בעסמעדרעש איז עס גאָר א פרייד. עפּעס טראָגט כאַ־מעלע מיט זיך אַזויפיל יאָמטעוודיקע, פײַערלעכע רויִקײַט און ליכטיקע האָפענונג, מאַמעש דאָס גליק אליין גייט אַנטקעגן. איז עמעצער איינזאַם אָדער עלנט, איז עמעצער באַ זיך געפאַלן, אָדער ס'איז אים שווער אפן האַרצן, — איז פאַר אלעמען כאַמעלע א טרייסט. ווען זי גייט דורך פאַרבײַ א צעבליטע, א שמעקנדיקע און זיסע דערקוויקנדיקע רייכעס שפּרייטן זיך אַרום איר, דערפילט מען מיטאַמאָל דעם גוואַלדיקן גרויסן קויעך פון לעבן: „זע, ווי וווּנדערלעך שיין איז די וועלט! וואָס האָסטו אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, שויטע איינער! ווארף אראָפּ פון זיך די מאָרעשכוירע, גלײַך זיך אויס, ווער א מענטש. דיר איז געגעבן געוואָרן אזא גרויס, רײַך לעבן, אזא שיינע ברייטע וועלט. הערש און געוועלטיק איבער איר!” אָט אזוי ריידן דערהויבן כאַמעלעס גליקלעך־אופגעשטראַלטע אויגן צו יעדן איינעם. זי דרינגט אַרײַן מיט איר דערמוטיקנדיקן בליק טיף־טיף אין דער נעשאָ־מע, הערצער ווערן מאַמעש אופגעריכט, יעדערן באזונדער טיילט זי צו א ביסעלע פאַרגעניגן. נאָט אײַך, זאָגט זי אָן ווערטער, פאַר אלעמען וועט קלעקן. איך וועל זיך מיט אײַך טיילן ביזן לעצטן... און עס ווערט, ווי מע וואָלט מיט א צויבער־שטעקעלע א פיר געטאָן, ליכטיקער אין אלע ווינ־קעלעך. קיינער רעדט ניט אַרויס דעם נאָמען כאַמעלע אליין. מע גיט נאָך צו מיט א באַזונדערער ליבשאַפט: אונדזער באַסמאַלקע — די באַסמאַלקע פונעם ווײַסן בעסמעדרעש.

און אַז כאַמעלע גייט דורך פאַרבײַ מיר, פאַרבאַהאַלט איך די אויגן און פאַרשעם זיך. אזוי ווי איך קאָן ניט קוקן אף דער זון, אזוי קאָן איך איר ניט קוקן גלײַך אין פּאָנעם. אין דער מינוט דאַכט זיך מיר, אַז זי רעדט ניט מיט דעם לאָשן, וואָס אלע ריידן. באַ איר איז עפּעס א פאַר־שטעלטע, געהיימע שפּראַך, א שפּראַך, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין קלאַנגען. קיין איין וואָרט האָט כאַמעלע ניט אַרויסגעבראַכט, און אלע האָבן זי פאַר־שטאַנען. ווער ס'לויפט צו דער האַנט־פּאַס זיך אײַנוואַשן, ווער עס שלעפּט אַרויס פון די פאַרשטופּטע כפייצים א פאַרשטויבטע שיסל, מאַכט זי ריין און שטעלט זיך צוואָגן, מיידלעך פּלעכטן אַרײַן סטענגעס אין די צעפּ, ייִדן מיט בערד ציִען אויס די קאַלטענעס, שערן אונטער די סטאַרטשענדיקע שפּיצן, ווײַבער ראַמען אוף זייערע ווינקלען, שעמען זיך עפּעס איצטער־אָ, ווען כאַמעלע שפּאַצירט אַרום, אַרומגיין מיט קויטיקע פּאַטשײלעס, מיט א ברודיקן האַלדז און מיט פאַרלאָזטע שוואַרצע נעגל. נאָך דעם, ווי כאַמעלע איז פאַרבײַגעגאַנגען, מאַכט שוין קיינער ניט אוועק מיט דער האַנט — „דאָס לעבן איז מיר ניט ניכע”... „וועדליק די שיינע וועלט, וואָס איך האָב”...

מע שפּערט און מע קאַשערט ביז שפּעט אין דער נאַכט, יעדער איינער ווײַזט זיך, ניט אָן גאַדלעס, פאַר א צווייטן:
— זאָג מיר נאָר, איצט האָב איך א פּאָנעם פון א מענטשן?
אָדער:
— זאָל כאַמעלע אליין א קוק געבן. אצינד איז מיר קיין בושע ניט.
אין אלע פאַרשטעקטע ווינקעלעך פון די פּלייטים האָט כאַמעלע ארײַנ־געבראַכט יאָמטעוו.

אַנומלטן בין איך געקומען אין ווײַסן בעסמעדרעש מיט אָן אלטן גראָבן בוך, אײַנגעוויקלט אין א בלויען פּאַפּיר. „דער פּרינץ און דער בעטלער" הייסט דער בוך. וואָס סע דערציילט זיך דאָרט, ווייס איך ניט, פּונקט ווי איך ווייס ניט, וואָס סע ווערט דערציילט אין די פּרײַערדיקע ביכער, וואָס דער כאַוועד יאַקאָוו האָט מיר געגעבן. אלעמאָל האָב איך מוירע, דער כאַוועד יאַקאָוו זאָל מיך פּלוצעם ניט א פרעג געבן: „זאָג מיר נאָר, מײַן יונגער כאַוועד, — אזוי רופט ער מיך אָף זײַן שטייגער, — וואָס ווערט דאָרט באַשריבן?" קיין ליגן, פאַרשטייט זיך, האָב איך אים בעשום־אויפן ניט געטאָרט זאָגן. א טערעץ וואָלט איך עפּשער יאָ געפונען. נאָר גלײַכער איז, וואָס ער פרעגט ניט און איך דאַרף קיין טערוצים ניט זוכן.
מיט מײַן פאַרוויקלט פּעקל אונטערן אָרעם האָב איך זיך געלאָזט גלײַך צו דער מומע העניעס ווינקל. כאַמעלע, איבערגעבונדן מיט עפּעס א ווײַ־סער זאַך, האָט פּונקט אין דער מינוט אויסגעקאַטשעט א בלעטל לאָקשן און עס געמאַכט דין, ווי פּאַפּיראָס־פּאַפּיר. מיר דוכט, אז עס שמעקט פון איר מיט צימרינג און מיט זיסע געבעקסן. נאָך א היפּשער ווײַלע וואַרטן, זי זאָל אָף מיר א קוק טאָן, פרעג איך פאַרשעמט:
— איר זײַט שטאַרק פאַרנומען?
— פאַרנומען? — הייבט זי אוף פאַרכידעשט די לאַנגע זײַדענע וויִעס. און עס טוען א גלאַנץ א פּאָר לויכטנדיקע בורשטין־אויגן. אזעלכע אויגן האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזען. — מיסטאַמע, א בריוועלע פון עמעצן?
— ניין, — זאָג איך, — כאַמעלע. איך האָב אײַך געבראַכט א בוך אָף לייענען.
— א בוך?..
כאַמעלע האָט א קוק געטאָן אָף מיר, גלײַך איך וואָלט איר אָנגעזאָגט, אז די לעוואָנע האָט זיך געשפּאָלטן אָף צווייען אָדער אז אונדזער טײַך ראָס איז אין איין נאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א יאַם. זי האָט זיך צוגע־שפּאַרט מיט דער קאַטשלקע אין די הענט צום בעט און מיך באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פּיס, ווי איינער רעדט: „וואָס עפּעס אינמיטנדערינען א בוך? נו, און ווער ביסטו אליין?"
— איך בעט אײַך, איר זאָלט נאָר היטן דעם בוך, — וואָרן איך כאַמע־לען. — ס'איז פון דער שטאָט־ביבליאָטעק.
— פונוואַנען קומט צו דיר א בוך פון דער שטאָט־ביבליאָטעק? — פרעגט זי פאַרוווּנדערט.
— קיין געגאַנווענע ביכער, כאַמעלע, וועל איך אײַך ניט ברענגען, —

ציפּען זיך בא מיר צונויף די ציין פאר פאַרדראָס. נאָר באַלד גייט מיר אַ ביסל אָפּ דאָס האַרץ, און איך זאָג איר: — איר וועט ענדיקן לייענען דעם בוך, וועל איך אים אײַך בײַטן אויף אַ צווייטן, דערנאָך אויף אַ דריטן, אַ פערטן. נאָר מיט איין תּנאַי, איר זאָלט מיר איבערדערציילן, וואָס דאָרט ווערט באַשריבן.

דעם אײַנגעוויקלטן בוך האָב איך כאַמעלען איבערגעגעבן אין די הענט, ווי מען גיט איבער אַ טײַערן אוצר. זי האָט מיך באַלוינט מיט אַ שמייכל. כאַמעלע וויל נאָר וויסן, מיט וואָס אַזעלכס האָט זי זוכע געווען, איך זאָל פאַר איר טאָן אַזאַ געפעליקײַט.

— ניט דו קענסט מיך, ניט דו ווייסט מיך, איך בין דאָך פאַר דיר אַ ווילד־פרעמד מיידל. ניט אַזוי?

— ניין, ניט אַזוי... איך קען אײַך שוין פון לאַנג.

— עפּשער האָסטו זיך אין מיר אויך פאַרליבט? — פּראַלט זי אויס מיט אַ געלעכטער און טוט אַ פּליעסקע מיט די הענט. דאָס בלוט איז מיר אַזש אַרײַן אין פּאָנעם פאַר ביזאָיען. נאָר צונעמען צוריק דעם בוך האָב איך שוין ניט געוואַגט.

— ווייניק זײַנען פאַר אײַך אײַערע אוכאַזשאָרן?.. שעמען מעגט איר זיך, כוץ כאַסאַנים ליגט אײַך גאָרניט אין קאָפּ?

זי האָט מיך פאַר דער האַנט צוגעצויגן צו זיך, אַרומגענומען מײַן קאָפּ און פריילעך אַרײַנגעלאַכט אין פּאָנעם:

— מיט וואָס ביסטו פאַר מיר אַ שלעכטער באָכער? נישקאָשע, איך וועל צוּוואַרטן, ביז דו וועסט אונטערוואַקסן. עפּשער געפעל איך דיר ניט?

זי מיינט, אַז איך בין נאָך אַ קליינינטשקער און מע קאָן פון מיר אָפּ־לאַכן. דאָס האָט מיך נאָך שטאַרקער דערצאָרנט.

— ניין, — זאָג איך איר, — איר געפעלט מיר ניט.

אָבער זי האַלט מיך נאָך אַלץ אַרומגענומען און לאָזט מיך ניט אָפּ פון זיך.

— צוליב וואָס זשע, — מאַכט זי, — האָסטו מיר געבראַכט דעם בוך, אַז איך געפעל דיר ניט?

— גלאַט אַזוי... — פאַרנייג איך דעם קאָפּ אײַנגאַנצן אַ פאַרלוירענער. — איך בין ניט קיין כאָסן־באָכער, און איר זײַט פאַר מיר נישט קיין קאַלע.

— אָט האָט זיך סאָפקאָלסאָף געפונען איינער, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון מיר. כאַ־כאַ־כאַ... — הילכט אָפּ איר געלעכטער. — און דו ביסט מיר דאַפּ־קע יאָ געפעלן. — זי האָט מיך אַזאַ הייסן קוש געגעבן, אַז דער קאָפּ האָט זיך מיר אַזש פאַרדרייט. איך האָב זיך אַרויסגעריסן פון אירע הענט און בין אַנטלאָפן, ווו די אויגן האָבן מיך געטראָגן...

# אַ שווערער טאָג

דעם גאַנצן טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען מיטן כאַווער יאַקאָוו איבער דער שטאָט. פון איין לערן־אַנשטאַלט אין דעם צווייטן. אומעטום האָט ער געהאַט וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן. פון ווענען ער האָט שטרענג גע־פאָדערט, זיך אַרופגעוואָרפן אַפילע מיט אַ קאַס: „באַקדייזשעס, ניט קיין

לערער זײַט איר!״ אַנדערע האָט ער דאַפקע געלויבט, געזאָגט אַ וואָרעם וואָרט און אַליין דערפֿון האַנאָע געהאַט.

— ערגער האַלט מיט דער טאַלמיד־טוירע, — רײַבט ער דעם שטערן פאַרזאָרגט, — אַן אומגליק, ווו נעמט מען אַזויפיל נײַע לערערס? דעם גאַנצן קינדער־אַנשטאַלט דאַרף מען איבערבויען פֿון אָנהייב ביזן סאָף.

— צוליב וואָס? — הייב איך ניט אָן צו פאַרשטיין.

— עך, נאַרעלע, נאַרעלע, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר באַ הײַנטיקן טאָג די טאַלמיד־טוירע? אַ גרויסער כיידער מיט אַלטע מעלאַמדים. פאַרשטייסט, וואָס דאָס הייסט — אַ כיידער? קינדער גייען פֿון דאָרט אַרויס פאַנאַטישע, אָפּגעשטאַנענע, קאַליקעס. מע שפּינט דעם אַלטן פאַרשימלטן שפּינוועבס.

דאָ מוז איך זיך מוידע זײַן: דעם כאַווער יאַקאָווס רייד האָב איך ניט פאַרשטאַנען, די לעצטע ווערטער פּאַטויפֿען זיך ניט אין מײַן מויעך.

— אַ נײַער געזונטער דאָר דאַרף קומען, — שרײַט ער קימאַט אויס, — אַ דאָר, וואָס וועט איבערבויען די וועלט.

— פונוואַנען דאַרף ער קומען?..

איך שטעל מיר פֿאָר, אַז דער נײַער דאָר, וואָס דאַרף קומען, גייט ווי סאָלדאַטן. אַ סאַך, אַ סאַך סאָלדאַטן, ניט איבערצוציילן, גייען און גייען אָן אויפֿהער און פאַרפלייצן אונדזער שטאָט באַרשעוו און נאָך אַ סאַך אַנדערע הונדערטער שטעט.

— עך, טשודאַק, טשודאַק, פאַרשטייסט נאָך זייער קנאַפּ.

די טאַלמיד־טוירע געפֿינט זיך אין אַ שמאָל־געשלענגלט באַרגיק געסל, טיף אָף דער קאַראַטשענע. ס'איז אַ פעסטער ביניען, געמויערט פֿון רויטע ציגל. אַרום דעם מויער — אַ גרויסער הויף מיט אַ שפּיל־פּלאַץ פֿאַר די טאַלמידים און אַ פּרוכט־גאָרטן. זומער־צײַט איז דאָס גאַנצע ווינקל אײַנ־געטונקען אין געדיכטן גרינס. די קאַראַטשענע שעמט מיט איר נאַטור. דאָס איז דער באַרגיקער טייל פֿון שטאָט, אַראָפּ־באַרג און אַרויף־באַרג וואַקסן קאָלערלייביימער, הויכע גראָזן און פעלד־קווייטן. זייער זיסער רייעך צעטראָגט זיך איבער דער גאַנצער שטאָט. אַהער קומט מען רײַסן גרינס אָף שוווּעס, סכאַך אָף דעקן סוקעס. אין די זומערדיקע היצן פאַרקלײַבן זיך אַהער גאַנצע מישפּאָכעס און רוען אין די קילע שאָטנס. כאָפּטעס כעוורע, אַזעלכע ווי איך, האָבן דאָ אויך זייערע פאַרבאָרגענע ערטער און סוידעס־דיקע באַהעלטענישן.

מיר, איך און דער כאַווער יאַקאָוו, זײַנען אַרײַן אין דער טאַלמיד־טוירע פּונקט אין דער צײַט פֿון דער גרויסער האַפּסאָקע. ווײ־ווײ, וואָס דאָרט האָט זיך געטאָן אינעם לאַנגן קאָרידאָר! הענט, פּיס, קעפּ, אַקסלען אויסגעמישט און איבערגעקנאָטן. אַ טומל, אַ ראַש, אַ געשריי אָף מעשוגע צו ווערן! די גוואַלדן שפּאַלטן דעם הימל:

— אוי, די האַנט! לאָזט מיר אָפּ מײַן האַנט! איך וועל באַלד כאַלעשן.

— רוון, גיב ניט אָפּ דאָס היטל, ביז ער וועט באַ דיר ניט בעטן קיין מעכילע.

— ציט אַראָפּ פֿון דעם גראָבן כאַזער דעם טאַלעס־קאָטן!

— דערלאַנג אין די ציין! אין די ציין!...

עטלעכע יאטלעך שטייען אף א באנק און שרײַען אראָפּ מיט מעשוגע־דיקע קוילעס:

איציק־שפּיציק, גרינע זשאבע,
נעם א שטעקן, שלאָג די באבע...

קלענערע כעוורע שפּילן אין א שטילערער שפּיל: „רויטע פּאטשיילע, גרין און בלאָוו". זיי היטן זיך סאקאָנעס־נעפּאָשעס פאר א שטורך אין דער זײַט, פאר א בארל אין קאָפּ, פאר א שנאָל אין אויער, און דעריקער האָט מען מוירע, מע זאָל קיין פּיסל ביט אונטערשטעלן, וואָרעם אז מע טוט זיך א לייג אף אלע פיר, דארף מען א גאנצן טאָג זיך רייניקן און טריקענען. פונעם אָנגעטראָגענעם גאסן־שניי שטייט דאָ אין קאָרידאָר אזא צעוואדז־געטע בלאָטע, ווי אין דרויסן פאר פּורים.

דער כאווער יאקאָוו, א צעטראָגענער און א דערצאָרנטער, איז מיט ווילדן קאס ארײַן אין לערער־צימער. כ'האָב נאָר געמיינט, אז ער וועט אלע לערער דאָרט דוירעס זײַן.

— מעלאמדים זײַט איר, — האָט געדונערט זײַן קאָל, — מעלאמדים מיט די טײַטלען. גייט זעט, וואָס אין קאָרידאָר בא אײַך טוט זיך...

איך בין געבליבן שטיין אינעם גרויסן ראַשיקן געווימל, היטלען זײַנען געפלויגן פון אלע זײַטן. איינעם א כעוורעמאן האָט מען אײַנגעוויקלט אין א לאנגער פאלטאָ, צוגעשפּארט צו דער וואנט, און עפּשער א צענדליק יאטן האָבן אף אים זיך א וואלגער געטאָן.

אן אויסגעצויגענער דארער לערער, אין פּענסנע אף א קייטעלע, מיט א קורץ געשוירן שיטער בערדל, האָט געפירט פארן אויער א היפּשן באָ־כערעץ.

— לוי סיגנויוו, — האָב איך אײַך געלערנט, — א גאנעוו איז ערגער פון א מאמזער, — און דער דארער לערער דערלאנגט דעם באָכער א קלינגענדיקן פּאטש.

— אדוינִי מוירע... — באוואשט זיך דאָס יינגל מיט טרערן, — אדוינִי מוירע, איך זאָל ניט דערלעבן קומען אהיים, די הענט זאָלן מיר געליימט ווערן... איך זאָל בלײַבן א קײַלעכיקער יאָסעם...

פונעם צימער, וווהין דער כאווער יאקאָוו איז ארײַן, שפּרינגט ארויס א לערער מיט גרויסע, דערשראָקענע, באנקעוואטע אויגן און מיט פאר־שוימטע ליפּן. ער ווישט דאָס פארשוויצטע פּאָנעם און כאפּט איבער שווער דעם אָטעם:

— אן עמעסער אייסעוו, א גאזלען, א רעצייעך. מוישע, וואָס טוט איר, מוישע? לאָזט אָפּ דאָס יינגל... דער מערדער איז געקומען.

— ווער? דער כאווער יאקאָוו? — ציט מוישע זיך אויס, ווי א שאָטן, און ווערט בלייך, ווי די וואנט.

— וואָס ווייסט איר, מוישע? ער שינדט פון אונדז לעבעדיקערהייט די פעל. ווען־ס'ניט־איז וועל איך באקומען פון אים דעם שלאק. מײַן הארץ הענגט אזוי אויך אף א האָר.

דאָ האָט פּלוצעם דער כאווער יאקאָוו ברייט פאנאנדערגעעפנט די טיר פונעם לערער־צימער:

— נאט, זעט, וואָס פאַר א גענעם ס'איז בא אײַך. דאָס הייסט א שול? און איר ווילט מיר אײַנריידן, אז דאָס איז א סאָוועטישע שול?

— אדוני מוירע! — איז צוגעלאָפן א ייִנגעלע אין טראָלדן מיט א צע־בײַלטן שטערן. — בא יאָסעלע ווײַנשטאָק האָט זיך געלאָזט בלוט פונעם האלדז. מע האָט אים אײַנגעקוטעט אין א פאַלטאָ און אזוי לאַנג געשלאָגן, אזוי לאַנג!..

אלע האָבן זיך א לאָז געגעבן צו יאָסעלען. לאָזט זיך אויס, אז ניט פונעם האלדז, נאָר פון דער נאָז האָט זיך געלאָזט דאָס בלוט. די לערער האָבן גרינגער אָפּגעעטעמט און גענומען זיך פאַרענטפערן פאַרן כאַווער יאַקאָוו:

— וואָס ווילט איר? ייִנגלעך... אָנטאָן אף יעדן איינעם א צוים איז אומעגלעך.

— צײַמלעך טוט מען אָן אף פערד, ניט אף קיין קינדער, — האָט זיך באַם כאַווער יאַקאָוו געקרימט און געבראָכן דאָס פּאָנעם. — איר ווייסט כאָטש, וואָס אזוינס איז קינדערשע נעשאָמעס? איר האָט אפילע קיין אַנונג ניט. עך, — טוט ער האָפּענונגסלאָז א מאַך מיט דער האַנט, — וועגן וואָס איז דאָ צו ריידן? קוידעם דאַרף מען זײַן דערציִערס, און איר זײַט מעלאַמדים פון א גרויסן כיידער, ניט מערער.

די לערערס, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע נעז, נאָר איינער שטעלט זיך אײַן אים צו ענטפערן. דאָס איז דער לאַנ־גער, דאַרער לערער, וואָס האָט געפירט דעם באָכערעץ פאַרן אויער און אים דערלאַנגט טרוקענע פּעטש.

— אומזיסט מיינט איר, כאַווער יאַקאָוו, אז מיר האָבן אף זיי קיין האַזשגאָכע ניט. שוין א שיין ביסל יאָרן, אז איך אַרבעט אין טאַלמיד־טוירע. ס'איז נאָך ניט געווען אזא פאַל, אז די עלטערן זאָלן קומען זיך קלאָגן אף די לערערס. כוץ גראַמאָטעס און מאַטאָנעס פון דער קעהילע און פון דער שטאָט־אופּראַווע, האָבן מיר פון גאָרנישט ניט געוווּסט. און איר, כאַווער יאַקאָוו, באַליידיקט אונדז, אַלטע דערפאַרענע לערערס, אף יעדן טריט און שריט... אלעמאָל שטעלט איר אונדז צום ביזאָיען. מיר זײַנען אויך מענטשן. מיר וועלן זיך ניט לאָזן, מע זאָל אונדז מאַכן מיט דער בלאָטע גלײַך.

וואָס ווײַטער, האָט דער דאַרער לערער געהעכערט דאָס ציטעריקע קאָל, שווער געזופּט די לופט און זיך נאָך מער אופגערעגט:

— באַיאָרטע מענטשן שטייען פאַר אײַך מיט פאַרנייגטע קעפּ... לע־רערס, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער גאַנץ לעבן פאַר די קינדער. איך קאָן הײַנטיקן טאָג אוועקגיין פון דער טאַלמיד־טוירע. ניין, ניין, לאָזט, שלאָגט מיך ניט איבער, איר מעגט עס וויסן. אונדזער געזונט פּאַטערן מיר בא די קינדער. אויב איר זײַט אליין א פּעדאַגאָג, דאַרפט איר עס פאַרשטיין. אָנ־רופן „מעלאַמדים מיט די טײַטלען”... דאָס איז א כאַרפּע, א גרויסע כאַרפּע. — דאָס קאָל רײַסט זיך בא אים איבער, אָט־אָט פאַלט ער אום...

— דערלאַנגט מוישען א ביסל וואַסער!

— פירט מוישען אַרײַן אין לערער־צימער.

— אך, האָט ער אים אַרײַנגעזאָגט! — פרייט זיך אין דער שטיל יענער

לערער מיט די גרויסע דערשראָקענע און באַנקעוואַטע אויגן. — מוישע, אַז ער וויל, קאָן ער. מוישע איז ניט קיין פּאַכדן. זאָל ער טאַקע וויסן, דער הולטײַ, וואָס הייסט פאַרן רײַטנדיק אַף אַן אַלטן ייִדישן אינטעליגענט.

דער גרויסער טאַלמיד־טוירע־גלאָק האָט זיך בייז צעקלונגען. די האַפּסאָקע איז געענדיקט. אין בלאָטיקן קאָרידאָר הענגט נאָך לאַנג דער גערויש. אָנשטאָט צו גיין אין די קלאַסן פאַרקלײַבן זיך די לערער אין זייער צימער אַף אַ דרינגענדיקער באַראַטונג. דאָרט לערנט מיט זיי באַלעק דער כאַווער יאַקאָוו.

איך בלײַב ווײַטער שטיין אין קאָרידאָר אײַנגאַנצן אַ געפּלעפּטער. עפּעס דריקט פון אַלע זײַטן אַ מוירעדיקע לאַסט, און איך קאָן זיך פון איר ניט באַפרײַען. צוליב וואָס האָט מיך דער כאַווער יאַקאָוו געבראַכט אַהער?

פאַרבײַ איז אַדורך די שוימערטע, אַ נידעריקע ברייטע ייִדענע, מיט אַ מאַנצבלש פּאָנעם, אַף וועלכן ס'האָבן אַרויסגעשטאַרצט סימאָנים פון אַן אויסגעשאָטן בערדל. זי האָט אַלעמען געשאָלטן מיט טויטע קלאָלעס.

— ווו דערנעמט מען צו אײַך קויעך, מעשומאָדים? פונוואַנען האָט איר זיך גענומען אַף מײַן קאָפּ? דער רועך כאַפּט אײַך גאָרניט אויס? אָנווערן זאָל איך אײַך אײַנציקווײַז. ערשט הײַנט אינדערפרי געוואַשן די פּאָלן... ביסט אַ מייוון, ס'שטייט אַזאַ בלאָטע, ווי נאָך אַ יאַריד. אוי, גאָטעניו, ווען וועסטו מיך שוין אויסלייזן פון דעם דאָזיקן גענעם?

זי איז צו מיר אויך צוגעשטאַנען:

— אַ, באָרוך־האַבאָ, דער מוירע איז שוין מיט דיר מעקײַעם געווען די מיצווע און אַרויסגעשטעלט פון יענער זײַט טיר. גוט אַזוי! אַ בראָכע אַף זײַנע הענט! קאַטעווען! — ווײַזט זי מיר אַ פּאָר צונויפגעקלעמטע פויסטן. — האַרגענען און שלאָגן דאַרף מען אײַך מיט קאַנטשעקעס פון דראָט, אַניט וועלן פון אײַך אויסוואַקסן גאַזלאָנים.

— מומעניו, איך בין ניט פון דער טאַלמיד־טוירע.

— וואָס זשע שטייסטו פאַרקרימט, יאַק סערעדאַ נאַ פּיאַטניצו?[1]

— איך וואַרט דאָ אַף אַ מענטשן.

— אַזוי? אַף אַ מענטשן! עפּשער וואָלסטו אָפּן מענטשן צוגעוואַרט אין דרויסן, ניט אָנטראָגן אַהער די בלאָטע.

— איך מאַך אײַך דען דאָ קאַליע?

— דער העקדעש איז אָן דיר גענוג גרויס. אין דרויסן איז ניט מעסוקן, וועסט ניט פאַרפרוירן ווערן. אַרויס אין דרויסן!

אַן אַנדער ברייערע האָב איך. כ'האָב זי געמוזט פאָלגן.

אין דרויסן איז טאַקע בעפּײַרעש אַ סאַך בעסער, ווי אין קאָרידאָר, און אַפילע פרייליכער. מורמלענדיקע ריטשקעלעך, ווי צעצווײַגטע, לעבעדיקע אָדערן, פליסן אומעטום, ווו דו טוסט זיך נאָר אַ דריי. פון די געשווינד־לויפיקע וואַסערן ווערט דאָס גרויסע קויטיקע אײַז ווי אונטערגעשניטן,

[1] אַן אוקראַיִניש גלײַכווערטל: ווי דער מיטוואָך אַפן פרײַטיק.

און עס כראַמטשעט געשמאַק אונטער די טריט. ווען עס רינט מיר ניט אַרײַן אין די שיך, וואָלט איך אויסגעוועזן ווי ערגעץ אַ ריטשקע, גלאַט סטאַם אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט, געקוקט, ווי פֿויערשע שליטנס שווימען אַרום איבערן נאַס־צעגאַנגענעם שניי און לאָזן נאָך זיך טיף־באַוואַסערטע קאָליעס.

פּלוצעם דערהער איך הינטער מײַנע פּלייצעס דעם כאַווער יאַקאָווס קאָל:

— פּרילינג, האַ? אַ רינעניש און אַ שווימעניש. פּו־פּו... — אָטעמט ער שווער אָפּ. — ווען ווען איך אַמאָל דערלעבן מער ניט הערן דאָס וואָרט טאַלמיד־טוירע? האָסטו כאַטש געזען, וואָס דאָרט האָט זיך געטאָן? נו, און ווי געפֿעלט דיר, ווי די קינדער ווענדן זיך צו די לערער? „אַדױני מוירע, אַדױני מוירע"... האָסט באַדאַרפֿט זײַן אין לערער־צימער. אַלע, ווי איינער, זײַנען אַרויף אויף מיר, ווי די וועלף, געוואָלט צערײַסן אויף שטיק שטיקלעך. הער נאָר אַ מײַסע, זיי זײַנען נאָך גערעכט. איך דאַרף דיר זאָגן, אַז דער הויכער, ווי הייסט ער דאָרט, מוישע, איז מיר גראָד געפֿעלן, און נאָך אייניקע קאָן מען פֿון דאָרט אַרויסשלעפּן. שיקן אויף איבערגרייטונגס־קורסן און סאָפּקאָלסאָף מאַכן פֿון זיי לערער.

דערווײַל ביז עפּעס־וואָס שיקט מיך דער כאַווער יאַקאָוו מיט אַ פּאַקעט אויף יענער זײַט ראָס צום דירעקטאָר פֿון דער פּראָגימנאַזיע און בעט מיך איינוועגס זיך אַרײַנכאַפּן אין „מעדסאַנטרוד"[1] צום כאַווער גרינקאָ אָדער צום דאָקטער בראַמפּעלד און איבערגעבן אַ צעטעלע וועגן צופּעסטיקן אַ דאָקטער צו דער טאַלמיד־טוירע.

מעגלעך, אַז מאָרגן אָדער איבערמאָרגן וועלן מיר זיך לאָזן מיט בער־לען און מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע אין וועג אַרײַן. איצט וועלן אונדז די פּרעסט ניט אָפּהאַלטן. מע קאָן רעכענען, אַז דער ווינטער איז, דאַנקען גאָט, אַוועקגעגאַנגען. מע דאַרף דערוואַרטן שיינע, וואַרעמע טעג. גראָד הײַנט האָב איך גערעכנט זיך דורכשמועסן מיטן כאַווער יאַקאָוו אויג־אויף־אויג, באַדאַנקען און איינצײַטיק זיך געזעגענען. נאָר ווי אויף צולאָכעס איז הײַנט געווען אַ ביז גאָר שווערער טאָג באַם כאַווער יאַקאָוו.

נאָך איידער איך בין אַריבערגעגאַנגען מיטן פּאַקעט די בריק, האָט מיך אָנגעיאָגט רײַטנדיק אויף אַ פֿערד דער כאַווער מײַנער, וויג־דער.

— זדראָוו! — רופֿט ער אויס פֿריילעך און פֿאַרציט די ווישקעס אויף אײַנצוהאַלטן דאָס פֿערד. — טפּררו... פֿאַרוואָס זעט מען דיך ניט?

אָט מיט וואָס ער האָט זיך געוואָלט באַרימען. איך זע אין וויגדערן, אַז סע טוט אים שטאַרק האַנאָע, וואָס איך קוק אויף אַרויף, ווי ער זיצט אין זאָטל אַזוי גאָדלדיק.

— וואָס זשע דען מיינסטו? באַ מיר זײַנען קאַזיאָנע פֿיס? איך וועל פֿאַר זיי אַרומגיין טיאָפּקען אין דער בלאָטע? איך האָב פֿײַנט זײַן אַן אומזיסטי־

[1] געזונט־אָפּטייל.

קער מעשאָרעס. — ער קלאַפּט צו מיטן בײַטש־שטעקל אין דער לינקער כאַליעווע פונעם נײַעם שטיוול. — און גרעט האָט מען מיר ארויסגעגעבן. פארן זיידן אויך א פּאָר, ער רעכנט זיך אין די צעטלען פאר מײַנעם אן איזשדעווענעץ[1].

איין אויג איז בא וויגדערן א לעבעדיקס, א צאַפּלדיקס, א קלוג־דורכ־געטריבנס, מיט א קונציק כיינדעלע און א מאמזערישן ווונק, דערפאר איז אָבער דאָס צווייטע אויג, דאָס קאָסאָקע, פארדײַגעט, קוקט אַף דער וועלט באצאָרנט. און עפּעס אזא פארגליווערטער אומעט ליגט אין דעם פארטײַעט, א גרויל גייט אזש דורך איבערן לײַב — פונקט דער הייפעך פונעם געזונטן אויג. אָפּט ווײַזט זיך מיר אויס, אז אין מײַן כאַווער זיצן צוויי וויגדערס, וואָס קאָנען צווישן זיך קיינמאָל ניט שאָלעם מאכן.

— זאָג דײַן פּאָליטפּראָסוועט, מע זאָל דיר אויך ארויסגעבן א פּאָר שטיוול. נישקאָשע, ס׳וועט פון אים גאָרנישט אָפּפאלן. די מעלוכע וועט דערפון קיין העזעק ניט לײַדן. — וויגדער בייגט זיך אראָפּ פונעם פערד און רוימט מיר אײַן שטילערהייט: — אין פּראָדקאָם זײַנען פולגעפּאַקט די סקלאַדן מיט קאָל־טווו. גאַנצע מאיאָנטקעס. שטיי צו אים צו, — לערנט ער מיך, — לאָז אים אַף קיין איין מינוט ניט צורו. שטעל זיך אים, ווי א בעלמע אפן אויג. פאראן א זאקאָן, מע זאָל העלפן די נויטבאדערפטיקע און ביפראַט נאָך, ווען דו ארבעטסט. זאָג אים מיטן פולן מויל, שעם זיך ניט: „איך בויע אויך די סאָוועטסקע וולאַסט״.

אַף דער באַלערעוודיקער דראָשע פון מײַן כאַווער ענטפער איך דאפקע גאַנץ קאַלטבלוטיק, אז איך וויל קיינעם ניט זײַן קיין בעלמע אפן אויג און וועל בא קיינעם גאָרניט בעטן. סײַווי פאָר איך אוועק.

— נאָכאמאָל איז דיר ארײַן א מאַנקאָליע אין קאָפּ?

— מעגסט מיך שוין רעכענען, וויגדער, ניט פאר קיין היגן.

— אַף לאַנג?

— אַף שטענדיק.

— און דײַן מאמע?

פון די ווערטער ווערט מיר א ביסל קאַלעמוטנע. די מאמע, יאָ, אַף דער מאמען איז א ראכמאָנעס... נאָר איך קאָן ניט נאָכגעבן.

— מײַן מאמע בלײַבט דערווײַל דאָ מיט די שוועסטערלעך.

— אוי, ווּעסטו האָבן כאראָטע! אוי, ווּעסטו בענקען! באטראכט זיך, א מענטש טוט אָפּ א נארישקײַט אין איינע צוויי מינוט, דערנאָך האָט ער א גאַנץ לעבן כאראָטע. פארשטייסט, וואָס דאָס הייסט? — וויגדער גלײַכט זיך אויס אפן זאָטל, ווי א געניטער רײַטער. טיף אין הארצן בין איך אים מעקאַנע.

— ניין, וויגדער, א וואָרט איז א וואָרט. איך קאָן שוין ניט כאַפּן צוריק. וואָס הייסט, איך וועל זיך גיין אָפּזאָגן? מיר זײַנען א גאַנצע קאָמ־פּאַניע.

— ס׳איז דײַן זאך. ביסט שוין ניט קיין קליין קינד. זײַ געזונט! — ער קערעווועט בראַוו אָפּ דאָס פערד און לאָזט זיך גאַלאָפּ איבערן שליאַך.

[1] א מענטש, וואָס געפינט זיך אַף עמעצנס אויסהאַלט.

עפּעס ווערט פּוסט אױף דער נעשאָמע פֿון אזא געזעגענען זיך. א ביי־טערער פּאַרדראָס כאַפּט מיך אַרום, ווי מיט קלעמען. וויגדערן וועל איך שוין קיינמאָל ניט זען. קיינמאָל ניט! אומזיסט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז שווערער פֿון אַלץ וועט זײַן דאָס געזעגענען זיך מיט מײַן כאַווער, מיט מײַן בעסטן און טײַערסטן כאַווער. כ׳האָב געמיינט, אז מיר וועלן זיצן אינצווייען א גאַנצע נאַכט אין געלן קלײַזל און ריידן און ריידן, ביז ס׳וועט ווערן טאָג... עפּעס צו גרינג האָבן מיר זיך צעשיידט. ס׳קאָן זײַן, אַז שולדיק איז געווען דאָס פערד זײַנס. יאָ, דאָס פערד זײַנס האָט אונדז זייער א סאַך געשטערט...

## אין דער גרויסער וועלט אַרײַן

גיי ריכט זיך, אַז דער כאַווער יאַקאָוו וועט פאַר מיר ספּעציעל אויס־שרײַבן פּראָדוקטן און דאָס זאָל זײַן מײַן לוין פאַר זעקס און צוואַנציק טעג אַרבעט, ווי דער כעזשבן וויַזט. כ׳האָב ניט געוווּסט ביז הײַנטיקן טאָג, אַז מע דאַרף מיר באַצאָלן פאַר מײַן טירכע. ווערדליק איך האָב זיך איבערגעהאָרעוועט, זײַנען גאַנץ גענוג געווען די ביכער, וואָס דער כאַווער יאַקאָוו האָט מיר געגעבן אַף אַהיים. אײַ, איך האָב זיי ניט געלייענט, ווער זשע איז מיר שולדיק?

דער כאַווער יאַקאָוו האָט מיך ניט צוגערעדט און ניט אָפּגערעדט פֿון דער נעסיִע.

— אויב דו פאַרשטייסט, — מאַכט ער, — אַז מיטן ברודער וועט דיר זײַן גרינגער און בעסער, איז מאַכעטייסע, אַוואַדע גוט. איך וועל נאָר זײַן צופרידן, כאָטש כ׳האָב גערעכנט מיט דער צײַט דיך אײַנאָרדענען אין קינדערהויז.

דאָס וואָרט „קינדערהויז” איז מיר טיף און עפּעס מיט אזא זיסן ווייטעק אַרײַן אין האַרצן. אומזיסט האָב איך אים אָנגעדערציילט וועגן די גליקן, געמאַכט דעם כאָלעם גרעסער פֿון דער נאַכט, אָנגעדערציילט, אַז מײַן ברודער וועט זיך שטעלן אין זשיוורעטש אַף א גוטער שטעלע, אַז זומער־צײַט וועט ער אויך אַרויסנעמען די מאַמע מיט די שוועסטערלעך. איין זאַך האָב איך נאָר דעם כאַווער יאַקאָוו ניט דערציילט, אַז אַהין, צו יענעם שטעטל, וווּהין מיר לאָזן זיך א גאַנצע קאָמפּאַניע, וועט אויסקומען גיין צופוס... ער ווייסט אפילע ניט, אַז מײַן ברודער געפינט זיך דאָ הי.

דער כאַווער יאַקאָוו איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער א פאַרטראַכטער, די הענט אין די קעשענעס, נאָכדעם האָט ער עפּעס מאָדנע צונויפגעבומען די ליפּן, זיך אָפּגעשטעלט און פאַרנומען מיט דער גאַנצער האַנט די גרויסע צעוואָרפענע קרויזן.

— אַזוי, אַזוי? פונדעסטוועגן א שאָד, וואָס דו פאָרסט אַוועק. א שאָד! איך דאַרף דיר זאָגן דעם ריינעם עמעס, אַז דו ביסט מיר געפעלן. וועסט אפילע ניט זען, ווי פֿון דער טאַלמיד־טוירע וועט ווערן אַן אַרבעט־שול, ווי מיר וועלן עפענען פאַר די היימלאָזע נאָך צוויי קינדערהײַזער און אויך

א שול־היים. פאר די אלטע לערערס וועלן מיר ספּעציעל אָרגאַניזירן אַ ײַ־בערגרייט־קורסן. סארא קאָלאָסאלע ארבעט שטייט פאָר. אין א יאָר ארום וועסטו אונדזער בארשעוו ניט דערקענען.

— נו, און וואָס וועט זײַן דערוויילע מיט מײַן מאמע?

— דײַן מאמע, גלייב איך, וועט אינגיכן אָנהייבן ארבעטן.

— כאווער יאקאָוו, איך האָב צו אײַך א באקאָשע.

— דעהײַנע?

— עפשער איז מעגלעך, אז כאָמעלע זאָל נעמען ביכער אָף אהיים? כאָמעלע וווינט מיט א סאך אנדערע בעזשענצעס אין ווײַסן בעסמעדרעש. זי איז א יעסוימע און געפינט זיך בא איר מומע העניע. כאָמעלע וועט היטן די ביכער, ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

— ווער זשע איז זי, די כאָמעלע, א קרויווע דײַנע?

— ניט קיין קרויווע און ניט קיין שכיינע, נאָר אין בעסמעדרעש איז כאָמעלע א טרייסט פאר אלע פּלייטים. זי האָט אין זיך אזא קישעף, וואָס קאָן געזונט מאכן א קראנקן, קליינע קינדער איז בא איר דאָס כּיעס.

— אר־וואו! ציקאווע... א כאריפעס. ווארט נאָר, ווארט, אזעלכע רייד האָב איך נאָך פון קיינעם ניט געהערט, טשאָרט וואָזמי, — רײַסט זיך בא אים פלוצעם ארויס, — אומבאדינגט וועל איך געבן דײַן כאָמעלען אהיים ביכער. זאָל זי אפילע הײַנט קומען אין ביבליאָטעק. איצט איז מיר נאָך א גרעסערער שאָד זיך געזעגענען מיט דיר, — און ער האָט מיט קויעך מיך צוגעדריקט צו זיך, — היט דײַנע פליגלען. קאָלזמאן ביסט יונג, דארפסטו נאָך זייער ווײַט פליען, ווײַט און הויך...

ווייס איך דען ניט, וואָס איז אזוינס פליגל, פליען, ווײַט, הויך? דאכט זיך, אזעלכע פּאָשעטע ווערטער, און אלע איינעם געצומען פארשטיי איך ניט, וואָס דאָס באטײַט. דער כאווער יאקאָוו האָט א טעווע ריידן, דאכט זיך, מיט די סאמע געוויינלעכע ווערטער, נאָר דערגרונטעווען זיך צום געדאנק איז פאר מיר זייער א שווערע האלאָכע.

— וועסטו האָבן א מעגלעכקײַט, ווארף ארײַן א בריוול. איך וועל דיר שטענדיק ענטפערן. טאָמער וועט דיר זײַן ניט אזוי גוט, פארקערעווע די האָלאָבליעס און קום גלײַך צו פאָרן. קיין גרינגע פייגעלעך זאָלסטו זיך קיינמאָל ניט לייגן אין בוזעם. די צײַט איז א הארבע, אָן אָנגעשטרענגטע, פאר אייניקע מענטשן אפילע א געפערלעכע. די רעוואָליוציע פאָכעט מיט דער שווערד אף אלע וועגן און קאָסיעט דאָס ווילדגראָז, די שטעכלקעס און בודזיקעס, וואָרעם מע מוז פּאָטער ווערן איינמאָל פאר אלעמאָל פון די פאראזיטן, וואָס נעמען אוועק די בעסטע זאפטן פון דער ערד. זיי מוזן אויסגעראָטן ווערן מיטן וואָרצל. א לאנד פון מיליאָנען אונטערדריקטע און געפּלאָגטע זײַנען אופגעשטאנען קעגן א הײַפעלע טיראנען און ווילן בויען א נײַע, א פרײַע, קאָמוניסטישע וועלט. פארשטייסט, ברודערקע, וואָס דאָס הייסט! א קאָמוניסטישע וועלט!

די דאָזיקע ווערטער זײַנען מיר אויך ניט פארשטענדלעך. וואָס פאר א שײַכעס האָט דאָס ווילדגראָז מיט די בודזיקעס צו דער רעוואָליוציע? און פארוואָס דארף זי, די רעוואָליוציע, פּאָכען מיט א שווערד אף אלע וועגן און קאָסיען?

— כאווער יאקאָוו, בא אונדז אין שטאָט איז נאָך פאראַן שטעכלקעס און בודזיקעס, וואָס מע דארף קאָסיען?
— אהא, נאָך א מין פאראַן! אף טריט און שריט!
— פארוואָס זשע קומט אהער ניט די שווערד פון דער רעוואָליוציע?
— זי איז שוין דאָ...
— און זי קאָסיעט שוין?
— נאָך א מין. ס׳גייט אזש א רויך.

איך וואָלט שטארק א באַלן געוועזן זען, ווי מע שנײַדט דאָס ווילד־גראָז. נאָר וואָס איז די פולע? איבעראיאָר וועט נאָכאמאָל אָנוואקסן ווילד־גראָז און וועט ווידעראמאָל ציִען די בעסטע זאפטן... אלע יאָר וועט מען דארפן גיין מיט דער שווערד אף אלע וועגן. מע וועט גאָר קיינמאָל ניט קאָנען פאָטער ווערן.

— דאָס, וואָס סע ווערט ארויסגעריסן מיטן וואָרצל און מיט אלע קליי־נע וואָרצעלעך, — דערקלערט דער כאווער יאקאָוו, — וועט שוין מער קיינמאָל ניט וואקסן. פארשטייט זיך, אז מע דארף גוט אכטונג געבן, דער ווינט זאָל ניט פארטראָגן קיין שלעכטע און שעדלעכע זוימען. קוידעמ־קאָל האָט מען זיך גענומען צו די גווירים, צו די עקספּלואטאטאָרס, וואָס לעבן אף יענעמס כעזשבן. בא פאָקראסן האָט מען צוגענומען די געוואנט־פאבריק, נאציאָנאליזירט דאָס הויז. דאָס זעלבע האָט מען געטאָן מיט פײַנזילבערגן. צוגענומען די וואלצאָווע מיל און דעם מויער זײַנעם אוועק־געגעבן דעם אויספירקאָם. בא מארגאָליסן האָט מען גענומען דעם מויער, ווו ס׳געפינט זיך דער ארבעטס־פּאלאַץ, דער פאריין, די שטאָט־ביבליאָ־טעק. ער וואָלט דען אליין פרײַוויליק, מיט גוטן אָפּגעגעבן זײַן גרויסאר־טיקן מויער? מע זאָל אים אפילע געוועזן בראָטן און ברענען, וואָלט ער עס ניט געטאָן, ווען די רעוואָליוציע זאָל ניט געוועזן קומען מיט דער שווערד. הייסט עס, אז די שווערד איז דאָ בא אונדז אין בארשעוו אויך. נו, און די כאדאָרים, די פּראָגימנאזיע, דאָרט זיצן אזוינע לערערס, וואָס ווילן די רעוואָליוציע ניט ארופלאָזן אפן שוועל, וואָס איז דאָס — ניט קיין שטעכלקעס, בודזיקעס, ווילדגראָז?

ביסלעכווײַז הייב איך אָן פארשטיין, וואָס הייסט באַם כאווער יאקאָוו ווילדגראָז און וואָס באטײַט די שווערד פון דער רעוואָליוציע.
— דו אליין, — מאכט ער, — האלטסט אויך די שווערד.

דאָס איז מיר גאָר געפעלן, וואָס איך אליין האלט אויך די שווערד. וויגדער האָט געזאָגט, אז איך בוי אויך די סאָוועטסקע וולאסט. פארוואָס זשע האָט מען אים ארויסגעגעבן א פּאָר נײַע שטיוול און מיר ניט? נישקאָ־שע, ניט אין דעם לוין גייט עס. כאָטש דעם עמעס דארף מען זאָגן, אז דאָס, וואָס כ׳האָב באקומען פאר די זעקס און צוואנציק טעג ארבעט, איז אונדז גוט צוניץ געקומען.

איך האָב געבראַכט אין שטוב ארײַן העכער א האלבן פוד ווייצענע מעל, א טאָרבע רעטשענע מעל, אָנדערהאלבן פונט הארטן צוקער, אָנדער־האלבן פונט זאמדצוקער, אן אָקע פלייש, א פונט כאזער, דרײַ פונט גרויפּן, זאלץ, שוועבעלעך, פּאפּיראָסן. די מאמע איז געשטאנען איבער די קלור־

מעקלעך, צעפּירט מיט די הענט און ניט געוווּסט, פאַרוואָס קומט מיר אזא לוין.

— צי דען זשע דערפאַר, וואָס דו ביסט געווען א באַהעלפער באַם כאַ־ווער יאַקאָוו? א שיינע מײַסע...

דער ברודער מײַנער, בערעלע, האָט אפילע ניט געקוקט אין יענער זײַט, ווו ס׳שטייען די פּראָדוקטן.

— ס׳האָט באַ מיר א שיינע ווערט. דאָס, וואָס ער האָט פאַרדינט אין א כוידעש, וועל איך דאָרט, אין זשיוורעטש, פאַרדינען אין איין טאָג. באַ אײַך איז עס א טײַערע מעציִע!

פונדעסטוועגן האָט ער די פּאַפּיראָסן מיט די קאָרעשקעס געגומען צו זיך אין קלומעק. דאָס, זאָגט ער, דאַרף ער האָבן אפּן וועג. א שטיקל ברויט קאָן מען נאָך ערגעץ־ווו אויסבעטן, נאָר א ציגאַר טוטין וועט דיר קיינער ניט געבן.

— און אז דו ווערסט, זונעניו, אינגאַנצן ניט רייכערן, מיינסטו, וועל איך האָבן גרויסע יעסורים?

קימאַט ביזן לעצטן טאָג האָט די מאַמע ניט געוווּסט, אז איך לאָז זיך אויך מיטן ברודער אין דער נעסיִע.

— וואָס הייסט, איך וועל אים לאָזן? וואָס זײַט איר מעשוגע צי כאָ־סערדייע? — זי האָט אפילע הערן ניט געוואָלט. — טשעפּעט זיך אָפּ פון מײַנע יאָרן.

בערל און זײַנע כאַווײרים האָבן זי געגומען צורײדן, צוגעזאָגט גאָל־דענע בערג, — זיי וועלן אָף מיר אכטונג געבן, ניט לאָזן, כאָס־ווּעכאָלילע, הונגערן, אלע וועלן קוקן אָף מיר, ווי אָף אן אייגענעם ברודער. ס׳וועט מיר נאָר פעלן דאָס טעלערל פון הימל... מע האָט באַדאַרפט געגוג האָלץ האַקן, ביז מע האָט די מאַמע סאָפּקאָלסאָף אײַנגערעדט.

— קינדערלעך, איך בעט אײַך, ווי א מאַמע, איר זאָלט זיך האַלטן אינײנעם. זיך טיילן מיטן לעצטן ביסן, לעבן אין שאָלעם, שאַנעווען איי־נער דעם אנדערן. איך בעט אײַך נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל, גיט אָף אים אכטונג. — זי איז געפאַלן אָף מײַן האַלדז און אויסגעבראָכן מיט א געוויין.

שפּעט אין דער נאַכט האָט די מאַמע געבאַקן פאַר אונדז רעטשענע לאַטקעס, פּלעצעלעך און קאָרזשעס, געגרייט אין וועג אַרײַן. מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן אינעם אָנטאָן. די מאַמע זאָגט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אָן, טאָמער וועט מען קאָנען מיט א וואָסער־ניט־איז באַלעגאָלע איבערשיקן א בריוועלע אָדער כאָטשבי א גרוס:

— קינדער, פאַרגעסט אין מיר ניט, איך בין באַ אײַך איין־און־איינ־ציקע, איין שטיקל מאַמע, מישטיינסגעזאָגט... — און טרערן גיסן זיך פון אירע אויגן, ווי פון א קוואַל, — מײַנע צאָרעס האָבן קיין שיר ניט און קיין ברעג ניט. ווען וועל איך שוין, ריבוינעשעלוילעם, אמאָל אופגעריכט ווערן?

איר האַנט, וואָס כ׳האָב געהאַלטן די גאַנצע צײַט אין מײַנער, איז מיר קיינמאָל ניט געווען אזוי האַרציק־ליב, ווי איצט, אין דער לעצטער נאַכט פאַרן צעשיידן זיך. אך, ווען איך קאָן זי מיטנעמען מיט זיך, זי זאָל

שטענדיק זײַן מיט מיר אינײנעם! אָט אזוי בין איך אײַנגעשלאָפֿן געוואָרן מיט איר װארעמער אויסגעהאָרעװעטער האנט אף מײַן הארצן.

נאָך איידער ס'האָט אָנגעהויבן שאַריִען אף טאָג, איז שוין די גאנצע כאָפּטע מיט האקל־פּאקל געװען בא אונדז אין קיך. איך האָב געקוקט אף די כעוורע, ווי זיי זײַנען מעשונעדיק אָנגעפּרענדעט — װער אין א לײַבל, װער אין א רעקל, אין א שאלכל, אין װײַבערשע בגאָדים, א שמאטע אף א שמאטע, א שטריקל אף א שטריקל. די אויערן אויך ארומגעבונדן, גלײַך ס'װאָלטן זיי ווי געטאָן די ציין.

מיט די אָנגעהאנגענע טאָרבעלעך אף די פּלייצעס און מיט שטעקנס אין די הענט זעען מיר אויס ווי וואנדערער.

— סטראשידלעס, — האָט זיך בא דער מאמען ארויסגעריסן.

פּארן אװעקגיין פֿון דער שטוב האָבן מיר אלע זיך צוגעזעצט, ווי דער מינהעג איז. די ערשטע האָט זיך אופגעהויבן די מאמע, געבראָכן די פינ־גער און געקרימט א ליפּ:

— זאָל זײַן מיט האצלאָכע און מיט מאזל! — זי האָט ארויסגעבראכט די װערטער הייזעריקלעך, מיט א ציטערנדיק קאָל. — זײַט געזונט! — און א האלב־פּארכאלעשטע זיך אָנגעכאפּט מיטביידע הענט אין דער לײַסט פֿון דער טיר.

װײַטער פֿונעם שטאָט־בארג האָבן מיר די מאמע ניט געלאָזט גיין אונדז באגלייטן.

— קער זיך אום אהיים. נו, גענוג צו ווײנען...

זי באהאלט פֿון אונדז אויס דאָס פּאָנעם, װישט די אויגן.

— ס'זאָל נאָר זײַן בעשאָלעם. מער וויל איך גאָרניט...

נאָכאמאָל א קוש און ווידעראמאָל א גלעט, פארשטופּט א טראָלד, גע־טאפּט אפּסנײַ די הענט, צוגעטוליעט אירע הייסע ליפּן צו מײַן שטערן, מאָדנע גיריק ארומגעקושט, עפּעס אזוי ווי זי װאָלט מיך געװאָלט איב־גאנצן אײַנשלינגען אין זיך:

— כײַעס מײַנס, הארץ מײַנס...

סארא שטײַף אָנגעצויגענע שטילקײַט ארום און ארום! אין דרויסן האָט נאָך ניט אָנגעהויבן רעכט טאָגן. מײַן ברודער בערעלע לאָזט בעשום־אויפן ניט, איך זאָל זיך אומקוקן אף צוריק, דאָרט, װוּ די מאמע איז געבליבן צוגעװאַקסן צו דער ערד.

— זאָלסט זיך ניט דערוועגן אויסדרייען דעם קאָפּ!

נאָר איך האָב נאָך לאנג־לאנג געפּילט אף זיך די פרישע, לעבעדיקע װארעמקײַט פֿון איר אָטעם. דאָס הארץ קלעמט, װערט צעגאנגען פאר ווייטעק, שווערע, ביטערע קנוילן טרערן ווארגן אין האלדז. אף וועמען לאָז איך איבער די מאמע? ווי־אזוי וועט זי בלײַבן איינע אליין אין דער קאלטער קיך? דער כאווער יאקאָװ, ווען ער זאָל עס נאָר וויסן, וואָלט ער געוויס אף זײַנע אויגן מיך ניט געלאָזט. „אזוי באגייט מען זיך מיט אן אייגענער מאמען? וועמען פּארלאָזטו? אנטלויפסט, זוכסט פאר זיך א װארעם ערטעלע, אבי דיר זאָל זײַן גוט... ניין, ברודערקע, האָסט א טאָעס! די גוטסקײַט וועט דיר בעמיילע ניט אײַנגיין. צוריק, צוריק! אהיים... אהיים!..״

און איך פיל — דאָס שטאַרק צעוויגטע האַרץ רײַסט זיך פון די ענגע פּענטעס, פּונקען זעצן אַזש פון די אויגן: „לויף, לויף, קאַלזמאַן ס׳איז נאָך ניט שפּעט...״

— מעשוגענער! — שרײַט דער ברודער אויסער־זיך. — צעדרייטער, וווּ־הין? קער זיך אום!

אַ געפּלעפּטער בלײַב איך שטיין אינמיטן וועג צווישן דער מאַמען, וואָס האָט זיך אײַנגעהילט אינעם קאַלטן פרימאָרגן און זעט אויס ווי אַ באַוועגלעך שפּענדל, און צווישן די אומרויִקע ייִנגלעך, וואָס גייען אַרויף־באַרג, ייִנגלעך, וועלכע רײַסן זיך העפקערדיק אין דער גרויסער וועלט אַרײַן.

אין דער פּאַרטאָגיקער שטילקייט הער איך צעבראָכלט דער מאַמעס נאָגנדיק קאָל:

— אַליין, זונעניו, אַליין...



## באם זשיווערטשער שנײַדער

אדהײַעם ווייס איך ניט, וואָס, אשטייגער, האָט זיך אָנגעקערט מיט אונדז, מיט מיר און מיט מײַן ברודער בערעלע, זוסי דער שנײַדער פון זשיווערטשע און פארוואָס בערעלע האָט דאפקע בא אים געפונען א מאָקעם־מיקלעט פאר מיר. דערווײַל, ס׳איז שוין פאמעלעכן די אנדערע וואָך, פיל איך ניט, אז ס׳זאָל אונדז כאָטש אף א האָר ווערן גרינגער, ווי אין בארשעווו. ווו זײַנען אהינגעקומען די איבעריקע כעוורע — איסער, מאָש־קעלע נעכאמעס, — ווייס איך ניט. ניטאָ! נעלעם געוואָרן. מ׳הערט ניט און מ׳זעט ניט. בערעלע אליין גייט ארום ווי א צוגעשלאָגענער. אומבאמערקט, צווישן טאָג און נאכט, כאפט ער זיך ארײַן צום שנײַדער, זיצט מיט מיר אָפּ בעערעך א האלבע שאָ, אן אנדערשמאָל נאָך ווינציקער, און כאזערט מיט מיר אײַן אײנס און דאָס זעלבע: „מע דארף א שטיקל צײַט צוטער־פען”...

טערפען איז טערפען. צו אזעלכע זאכן בין איך געוווינט. ס׳איז ניט דאָס ערשטע און ניט דאָס לעצטע מאָל, נאָר וואָס, פרעג איך, וועט זײַן דערפון דער סאָף?

מײַן געלעגער בא זוסי דעם שנײַדער געפינט זיך אין קיך, אינעם, פון טאָמיד אָן, זינט די שטוב איז א שטוב, האלב פינצטערן ווינקל צווישן אויוון (אזא מאזל האָב איך שוין). זוסיס ווײַב, מאריעם, זייער א פראָ־וואָרנע ייִדענע, האָט א טעווע אופשטיין האלבע נאכט אײַנהייצן. דורכן שווערן שלאָף הער איך, ווי מע ריפּעט מיט דער טיר, ווי מע שאָבט די פארפאפטע טעפּ אָדער מע קאלויצעט עפּעס מיט א קלימפּערײַ אין א צינקעווער קיילע.

— מאָ־ני־יש! מאָ־ני־י־יש!.. — לאָזט זיך הערן אינמיטן דער נאכט

מאריעמס קאָל פון דער קיך אין אלקער אריַין, צום עלטערן זון. א טויטער, דאכט מיר, וואָלט אויך געקאָנט זיך אופכאפּן פון אזעלכע געשרייען. — מאָניש, גענוג צו פּאָפן. מע דארף אויסשלייפן די לעכלעך צום בעקעש. ס'איז שוין וויַיטער טאָג, מאָניש.

אין עטלעכע מינוט ארום ווידער דאָס זעלבע, נאָך העכער:

— מאָניש! שטיי אוף! איך וועל באלד צו דיר נעמען די קאטשעלקע, פוילִיאק איינער!

מאריעמס עלטערער זון, מאָניש, א רויטער, א צעקאָשמעטער, א פארשלאָפענער, קראצט זיך לאנג מיט ביידע הענט אין קאָפּ, קריכט פויל אראָפּ פון בעט, ציט ארוף א פּאָר פארלאטעטע טאכטוינים, צינדט אָן דעם בלעכענעם לאָמפּ אין „ראבאָטשע", זעצט זיך ארוף אפן טיש מיט אָן ארומגעקלעפּטן אין פעדערן בעקעש, פארווארפט א פוס איבער א פוס און נעמט זיך צו דער נאָדל. „א קלאָלע אף מיַין קאָפּ, אזא אָנשיקעניש!.." — ברומט ער די גאנצע ציַיט אונטער דער נאָז און האלט אין איין געגעצן און שילטן.

אָט אזוי הייבט זיך אָן דער פרימאָרגן בא זוסי דעם שניַידער אין שטוב.

מיַין מאמע איז טויזנט מאָל געדעכט געוועזן, וואָס זי האָט ניט געוואָלט, איך זאָל צושטיין צו דער קאָמפּאניע און זיך לאָזן אף העפקער. „בא וועמען וועסטו דאָרטן זיַין אין דער פרעמדן?" — האָט זי געטשַיינעט. איצט פיל איך גוט, וואָס הייסט זיַין אין דער פרעמד. איך וועל פארגעדענקען דעם טאם דערפון אף שטענדיק.

ס'גייט אוועק א טאָג, נאָך א טאָג, א קיַילעכדיקע געקייטלטע וואָך, און מע זעט ניט קיין נאכעס פונדאנען אהין, אפילע ניט קיין אָנדיַיט אף א ליכטיק שטראלכל האָפענונג. איין פרייד, וואָס ס'האָט שוין גענומען א סאָף צום ווינטער. וווּ־ניט־וווּ זעט מען שוין ארויס שטיקער נאקעטע ערד. אך, ווען איך קאָן שוין אראָפּגיין צום טיַיך אויסוואשן דאָס העמדל און די הייזלעך, וואָס איך טראָג אף זיך! מיַין ליַיב איז שווארץ, צעראצט, א בלאָטער אף א בלאָטער. אז איך האָב געוויזן בערעלען מיַין צעקרעלט ליַיב, האָט ער מיך געוואָרנט, איך זאָל כאס־וועכאָלילע זיך ניט קראצן. וואָרעם איך קאָן זיך אָנטאָן אזעלכע צאָרעס, מע זאָל מיך דערנאָך דארפן לייגן אין שפּיטאָל. אין שפּיטאָל! גראדע דערפון טראכט איך ניט. איך טראכט, וויאזוי קומט מען וואָס גיכער אהיים. א האלב פון מיַין לעבן וואָלט איך אָפּגעגעבן, די מאמע זאָל מיך מיט אירע הענט אויסצוואָגן און ארומוואשן.

בא זוסי דעם שניַידער קוקן אויך אלע ארויס, ווען וועט מען שוין פּאָטער ווערן פון מיר. זוסי אליין, כאָלילע, האָט צו מיר גאָרניט, און זיַין מישפּאָכע אוואדע ניט, איך מאך זיי ניט ענג, איך עס זיי ניט אָפּ דעם קאָפּ, ס'איז נאָר, זאָגט מאריעם די שניַידערקע צו מיַין ברודער, א גרויס ראכמאָנעס אפן יינגל... זי קאָן ניט צוזען, ווי ער מאטערט זיך, נעבעך; אז ער וועט פאָרן, מירצעשעם, צוריק אהיים, קיין בארשעוו, צו זיַין מאמען, זי זאָל זיַין געזונט און שטארק, וועלן זיי אלע בענקען, ווי נאָך אן אייגן קינד. פארשטיי איך דען אליין ניט, וואָס זי מיינט, צי מע דארף מיר א פינגער אין מויל אריַינלייגן?

בערל קומט א פארמאטערטער און אויסגעהאָרעוועטער. ער פארשפּאָרט דערציילן, איך פארשטיי אליין, וואָס ער טוט בא „יענעם" דעם גאנצן טאָג. אָנטראָגן פונעם וויַטן ברונעם עטלעכע גרויסע דייזשעס וואסער איז ניט קיין קלייניקייַט, ביפראט נאָך אזעלכע דייזשעס, וואָס יעדע פון זיי איז דריַי מאָל גרעסער פון אים אליין. ס'א קאטאָרזשנע ארבעט. אָבער ער פארלירט ניט די האָפענונג, גאָר גיך וועלן די באלעבאטים אים שטעלן צו א בעסערער ארבעט. ער מוז, זאָגט ער, זיך אויסלערנען די מעלאָכע פון קאָכן זייף. געזונטערהייט, זאָל ער זיך לערנען די מעלאָכע פון קאָכן זייף. מיר גייט עס ווייניק וואָס אָן. איך וויל פאָרן אהיים. איך קאָן שוין דאָ מער ניט זיַין.

— טערפּע נאָך א ביסעלע, — רעדט ער מיך איַין, — לייַד צו נאָך א קליין שטיקל ציַיט. אָט וועסטו זען, מיר וועלן אָנהייבן לעבן, ווי מענטשן. עס גייט צו זומער.

אהיים!.. נאָר אהיים... בערל ווייסט ניט, אז ווען עס פאלט צו די נאכט, זע איך ניט, וואָס ארום מיר טוט זיך. זוסי דער שניַידער רופט עס אָן „הינער־בלינדקייַט". אפילע אינמיטן טאָג שווינדלט מיר אין די אויגן און עס פארדרייט זיך מיר אָפט דער קאָפּ.

— נא, — דערלאנגט מיר בערל א שטיקל ברויט, וואָס ער ציט זייער פאָרזיכטיק ארויס פונעם בוזעם, — האָסט נאָך היַינט, מיסטאמע, ניט געגעסן. ווארט א רעגעלע, וועל איך בעטן בא מאריעמען א ביסל אָקרעפּ.

ווער האָט עס ציַיט צו ווארטן? איך שטופּ אָן א פול מויל, כ'ווער שיר ניט דערוואָרגן, שלינג גאנצע שטיקער ניט צעקיַיטערהייט. מאריעם נעמט דעם ברודער אפן צימבל:

— גאזלען איינער, נעם כאָטש די אויגן אין די הענט, — עפנט זי איר איַינגעצויגן פּיסקעלע, — דאָס קינד לויכט זיך שוין דורך, ווי פּאפּיראָס־פּאפּיר, נעבעך, אזוי אָפּגעשוואכט איז עס... אוי, בערעלע, געדענק, וועסט אים דאָ פּאטערן... — און זי פארענדיקט מיט א וויַיבערשן ניגן און ווישט דערביַי די פּיצינקע מויל־ווינקלען, — וו:אזוי נעמט עס א מאמע און לאָזט אָפּ א קינד אף העפקער?

גראדע פון אזעלכע מוסער־רייד ווערט דער ברודער מיַינער ווינציק וואָס ניספּאָעל. פונדעסטוועגן פארדריסט עס אים, בלאָזט ער זיך אָן ווי א יונגער אינדיק.

— וואָס הייסט אף העפקער? און ווו בין איך?

— א שיינע זאשטשיטע, — ווינקט מאריעם צו אירע צוויי טעכטער — כאווען און מאלקען. — טאקע דאָ אף וועמען זיך פארלאָזן.

בא זוסי דעם שניַידער הייבן זיך אוף שפּיציק די אקסלען, ווי איינער רעדט: „וואָס איז איַיער באָבעס דייַגע? מ'פרעגט איַיך?"

אז ס'ווערט שוין גוט טונקל, צינדט מען אָן באם שניַידער דעם צוועלפער לאָמפּ מיטן פארגעלטן שטיקל ציַיטונג־פּאפּיר אפן גלעזל: דעמלט דערלאנגט מאריעם א הייסע שיסל קארטאָפל אין דער שאָלעכץ. זי טיילט יעדערן באזונדער ארויס צו דינע ריפּטעלעך ברויט און צעשניַידט איין ציבעלע אף זיבן כאלאָקים.

ביידע, איך און דער ברודער, ווי פֿײַן דערצויגענע קינדער, שרײַען דערבײַ אין איין קאָל אויס:

— עסט געזונטערהייט!..

אינעם טונקלען פאָדערהויז בא דער האלב־אָפּענער טיר, איידער דער ברודער געזעגנט זיך מיט מיר, לייגט ער צו די האנט צום הארצן, גלײַך ווי ער גרייט זיך מיר געבן א שוווּע:

— סײַדן איך וועל ניט לעבן אף דער וועלט... נישקאָשע, ניט געזאָרגט...

אָך, דער רועך זאָל דאָס נעמען! ווער האָט עס פּלוצעם צוגעמאכט די טיר?

— נו, — מאכט בערעלע אומגעדולדיק, — אצינד גיי אין שטוב ארײַן.

איך ריר זיך ניט פון אָרט, א גלאָמפּ מאמעש, ווי עמעצער וואָלט מיך פארקישעפט.

— וואָס האָסטו אויסגעשטרעקט די האנט? — האָט דער ברודער זיך דערשראָקן.

— איך זע ניט, בערעלע, איך זע ניט... — בין איך זיך פאר אים אָפּנ־הארציק מוידע, כאָטש ס'איז מיר א ביזאָיען.

פאר מײַנע אויגן וויגט זיך די פינצטערניש. הינטער מײַנע פּלייצעס טישקעוועט דער ברודער אין זיך אן אײַנגעהאלטן געוויין. איבערבייגנדיק זיך איבער מײַן קאָפּ, טוט ער האסטיק א כאַפּ דאָס מעשענע הענטל פון דער טיר און גיט עס מיט קויעך א צי.

— גיי!..

איבערגעהאקטע פארנעפּלטע שנירעלעך שײַן זײַנען קרום געפאלן פון זוסיס לאנגן ארבעט־טיש. די באוועגלעכע ליכט־פּאסיקלעך האָבן מיך גע־פירט, ווי מיט א האנט, פון דער קיך אין שטוב ארײַן...

ענדלעך האָבן ארום די שטעטלדיקע הײַזער זיך באוויזן די ערשטע אויסגעטראָטענע סטעזשקעס, רוילעכע, קלעפּיקע. אין דרויסן ווערט פון טאָג צו טאָג טריקענער און ווארעמער. איך קוק זיך אײַן — אין הימל קומט פאָר אן עמעסע מילכאָמע. די זון ראנגלט זיך מיט די ווילד־צעקאָש־מעטע כמארעס, וואָס זײַנען זי באפאלן נאָר אף אײַנצושלינגען, און שיקט שוין עמעסע פרילינגדיקע שטראלן. איך פארקלײַב זיך אין דער הייך אף דעם אײַזנבאן־אָנשיט, וואָס מע רופט דאָ „די שטיינערנע פאַליעס", און ווארעם זיך קעגן דער זון. פונדאנען זעט מען דעם דניעפּער, וואָס גרייכט אזש ביזן בלויען האָריזאָנט. די לעצטע שטיקער קרײַע שווימען אוועק. ביסלעכווײַז ווערט פארטרונקען דער „קליינברעג". זוסי דער שנײַדער זאָגט, אז היאָר וועט זײַן א גרויס געוויסער, און אז דער ריזיקער טײַך וועט, כאָלילע, ארויס פון די ברעגן, וועט מען אפן מארק דארפן פאָרן מיט שיפלעך... אזעלכס שטעל איך זיך אפילע ניט פאָר.

אנומלטן, גייענדיק פון די פאַליעס אהיים פארבײַ דעם פאָדריאד, ווו מע באקט מאצעס אף פּייסעך, האָב איך באגעגנט מאָשקעלע נעכאמעס, אָנגעטאָן אין א פארשמאָלצעוועטן ברעזענטענעם מאנטל און מיט א לייּ־דיקן קויש אפן קאָפּ.

— מאָשקעלע! — האָב איך מיט פרייד אויסגעשריגן.

— לעבסט נאָך?! — האָט ער זיך מיט מיר אויך דערפרייט. — וואָס ביסטו אזוי א טעל געוואָרן? אך, האָסטו א ברודער! שוין איינמאָל א פויגל!.. א שארלאטאן, א מענטש אָן א וואָר וואָרט. ער האָט דאָך אונדז שיר ניט אומגליקלעך געמאכט. אים אפצולאָכעס האָט מיר דאפקע אָפּגעגילט, דערפאר אָבער קומט איסער, נעבעך, אָפּ. דאָרט, ווו ער טאָגט, דאָרט נעכטיקט ער ניט. ווער אים ניט דערקענען — א לעבעדיקער מעס. אָף דײַן בערעלען איז ער פלאם־פײַער. דיך האָט דײַן ברודער אויך ארײַנגעפירט אין דער עמעסער בלאָטע. צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, געדענקסט? איצטער זעסטו, פון אלצדינג האָט זיך אויסגעלאָזט א בוידעם! — מאָשקעלע נעכאמעס כאפט אפילע ניט איבער דעם אָטעם, ער לאָזט נאָר אראָפּ דעם שווארצן קלעפּיקן קויש צו די פיס, גלײַכט אויס דעם האלדז־און־נאקן און שיט ווײַטער מיט רייד. — מיר איז גוט, ווי דער וועלט. איך האָב עסן און טרינקען, א געלעגער, א מעזומען קערבל אין בײַטעלע, וואָס פעלט מיר נאָך? כאָטש האלב געזאָגט געוואָרן אָף איסערן, כוץ מײַן שאָדן. לייזער דער פישער איז מיר געטרײַ, ווי אן אייגענער טאטע. אָף פייסעך וועט ער מיר מאכן א גארניטער און לאָזן נייען א פּאָר שאווראָווע שיך.

ווו האָט זיך גענומען צו מאָשקעלען אזויפיל רייד? נײַן מאָס רייד. שיט, און שיט, אזוי ווי פון א זאק. אז ס'איז אים שוין יאָ אזוי גוט, פארוואָס זשע העלפט ער ניט דעם כאווער זײַנעם, איסערן?

בא ווענמען איך געפין זיך, ווי?אזוי איך לעב, דאָס גייט מאָשקעלען אָן אין דער לינקער פּייע. א מייליץ־יוישער האָט זיך געפונען, וואָס וויל זיך אָנעמען איסערס קריוודע. מאָשקעלע — א פיש־הענדלער! ניטאָ ווער סע זאָל לאכן. אפילע זײַן ציגאר מאכאָרקע שמעקט אויך מיט פוילע פיש.

— געפעלט דיר די מעלאָכע? — פרעג איך אים.

— דער איקער, יאָלד איינער, סע זאָל זײַן פּארנאָסע. און פּארנאָסע, דאנקען גאָט, איז דאָ אפן פולן מויל. — מאָשקעלע האָט ראפּטום א כאפּ געטאָן דעם ליידיקן קויש און גיך־גיך זיך אָפּגעטראָגן ביז גאָר א צופריידענער מיט זיך אליין.

פון דעמלט אָן איז מיר מאָשקעלע נעכאמעס געוואָרן טרייף.

ווער ווייסט, וויפל עס דארף נאָך געדויערן, ביז דער מארק וועט פארטרונקען ווערן. פּרי?ער, ווייס איך וויל, דארפן זיך צעלאָזן די ווערבעקוסטעס און אָף זייערע דינע גלאנציקע לאָזעס דארפן ארויסקריכן ווײַסע פּוכקע בערעלעך. איך בין עפשער דער איינציקער, וואָס גייט ארום אין אזא פּרי?ער צײַט איבער דער שטאָט באָרוועס. בערעלע האָט מיר הארב פארזאָגט, איך זאָל זיך ניט דערוועגן ארויסגיין פון שטוב. עלע ניט, וועט ער מיך... איך הער אים מיטן בורעק. וואָס וועט ער מיר טאָן?

...אָט דאָרט, לעבן אלטן אויסגעהוילטן קליאָן, ניט ווײַט פון לייעלעס קרענעצע, פּאָיעט מען פערד בא דער הילצערנער קאָרעטע. מע פּאָיעט די פערד אינדערפרי און אפדערנאכט. אין א מארק־טאָג טרײַבט מען אהער גאנצע טאבונען. בערעלע קומט אהער אלעמאָל, ער שלעפּט וואסער פון

דעם דאָזיקן ברונעם. סארא גרויסע, געזונטע עמער ער טאסקעט אף דער קאָראָמיסלע. מאמעש עס קאָרטשעט אים אײַן אינדרײַען. אך, ווען ער זאָל, אשטייגער, וויסן, אז איך שטיי דאָ דערנעבן, באהאלט זיך אויס אין א פארשטעקט ווינקעלע און קוק אלץ צו מיט די אייגענע אויגן! ער וואָלט מיך, מיסטאמע, דערהארגעט אפן אָרט. נו, איז ער ניט קיין שויטע? איך קאָן דאָך אים העלפן. זאָל זײַן א ביסעלע, נאָר גרינגער וואָלט אים געווען, וויל ער ניט. פאר וועמען, וויל איך פרעגן, שטייט אים ניט אָן?! ער ווערט אָפּגעגאָסן מיט שווייס, האלט אין איין ארומווישן מיטן ארבל דעם שטערן, דאָס פּאָנעם, דעם האלדז; אפילע די האָר, וואָס שלאָגן זיך ארויס פון אונטער דעם קארטוזל, זײַנען פּיטש־נאס. די שווערע עמער וואקלען זיך הין און הער. בערעלע פארלייגט ביידע הענט אף דער קאָראָמיסלע, גלײַך ווי ער וויל געפינען אן אָנשפּאר. דאָס הארץ ווערט אין מיר אופגעלאָפן, עפּעס א מין טיפער ווייטעק, פיל איך, שרײַט אין מײַן ברוסט. כ'וואָלט זייער א באלן געוועזן פרעגן דעם באלעבאָס זײַנעם: „פארוואָס זײַט איר זיך אין אים אזוי נויקעם?” מע קאָכט זייף — מע פּארדינט געלט, און אים, דעם ברודער מײַנעם, שטעלט מען ארויס א גראָבע פײַג. וויפל דארף מען דאָס אוועקלייגן געזונט זיך אויסצולערנען אוועלכע־ניט־איז מעלאָכע? פארוואָס קומט עס בערעלען אָן מיט גרינגע ווערעם?

הײַנט איז פרײַטיק. באם שנײַדער אין שטוב ווארט מען, זוסי זאָל אָט־אָט קומען פונעם דאָרף. געזאָלט האָט ער נאָך קומען נעכטן אפדערנאכט. נאָר עפּעס האָט אים פארהאלטן. קיינער אין שטוב האָט דערפון קיין יעסורים ניט, וואָרעם מע ווייסט וויל, אז ער פאָרט ניט מיט קיין צוגן, וואָס קומען פּינקטלעך צו דער צײַט. אויב ער האָט זיך פארהאלטן, הייסט עס, אז ער איז ניט פארטיק געוואָרן מיט זײַן שטיקל ארבעט. מע דארף עס נאָך ארויסענדיקן. דערצו דארף מען געדענקען, אז עס גייט צו פּייסעך, דער וועג קאָן אמאָל זײַן פארטרונקען אויך. גיי לאָז זיך מיט דער אקס אין אזעלכע טעג! זאָרגט זיך ניט, ער וועט קומען בעשאָלעם, דער שנײַדער! פון דאָרף וועט ער ברענגען א ביסל קארטאָפּל, הירזש, זויערע קרויט און אמאָל אויך א טאָרבעלע מעל, א שטיקל פּוטער, אײַנגעוויקלט אין א קרויט־בלאט, א לעבעדיק אָף. מיט קיין ליידיקע הענט קומט ער קיינמאָל ניט אהיים.

זוסי דער שנײַדער ארבעט מייסטנס אין די ארומיקע יישוווים. דערפאר רופן אים אלע „דער דאָרפישער שנײַדער”. די, וועלכע האָבן ליב צו שפּעטן, לייגן נאָך צו הינטער די אויגן: „פּאלגעלע פּארטאטש”. אפּאָנעם, קיין גוטער באלמעלאָכע, קיין עמעסער „שער־און־אײַזן” איז ער ניט. זעלטן ווען עס קומט אים אויס אָנצונעמען א שטיקל ארבעט בא די היגע באלעבאטים. קיינער וויל ניט אײַנשטעלן. דערפאר אָבער ניצעוועט ער איבער גאלאָכישע ריזעס — איז עס איין אנטיק. דאָס קאָן קיין איין שנײַדער אין שטאָט, מעג ער אפילע זײַן דער אויסגעשפּילטסטער, ניט טאָן אזוי, ווי זוסי. די גאלאָכישע בונדע ארבעט ער ארום מיט אלע טשאקן. א נײַע ריזע אופנייען פארגלייבט מען אים ניט, נאָר עס מאכט ניט אויס. גאלאָכים, דיאקעס קומען סײַווי צו פאָרן אף געפארבטע בריטשקעס אלע

מיטוואָך און דאָנערשטיק, די טיר מאַכט זיך גאָר ניט צו, און אַלעמאָל, פאַרשטייט זיך, ווען מע קומט, ברענגט מען סאַמאָהאָן און צובײַסעכץ. מע האַלט אין איין מעסטן, די פּלייצע זאָל ניט זײַן צו ברייט אָדער צו ענג, אונטער די פּאַכוועס זאָל זײַן געראַם, די פאַלדן זאָלן זיך לייגן ווי עס באַדאַרף צו זײַן, און ווידעראַמאָל געשטעלט בראַנפן, און נאָכאַמאָל איבערגעביסן.

באַזונדערס אָבער האָבן ליב זוסין די דאָרפישע פּויערים. פאַרן שנײַדער איז אַלץ א קערן — א בורקע, א סוויטקע, א סערמענגע, א פּעלצל. זיי קוועלן אָן פון זײַן אַרבעט.

— צע נאַש זוסי, צע נאַש קראַוועץ, אי דעשעוואָ, אי דאָברעןצ![1]

וואָס עס זאָל ניט פאָרקומען און וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, מוז זוסי אויף שאַבעס קומען אַהיים. אַלע פרײַטיק, נאָך האַלבן טאָג, שטעלן זיך ביידע דערוואַקסענע טעכטער, כאַוועס און מאַלקע, אופראַמען די שטוב, מע קלײַבט אַרום דעם שטויב און דאָס שפּינוועבס פון אַלע שפּאַרונעס, מע ווישט אַרום די פענצטער, די טירן, דאָס לאַנג געניצטע ביסל מעבל. דערנאָך גאַרטלט מען אונטער די צעסיפּעטע פאַרטעכער און מע גרייט זיך שמירן דעם ערדענעם פּאָל. פרײַטיק איז טאַקע א קורצער טאָג. די גאַנצע שנײַדערשע מישפּאָכע איז פאַרפּאָרעט איבערן האַלדז. מאַריעם פאַרגעסט ניט דערבײַ פּאַרוקן גרויסע טעפּ וואַסער אין אויוון, די מיידלעך, און זי אַליין טאַקע אויך, זאָלן נאָכן ראַמען זיך אויסצוואָגן די קעפּ.

כאַוועס, א הויכע, א דאַרע, א שוואַרצע, איז די עלטסטע אין שטוב. זי קאָמאַנדעוועט מיט אַלע איבעריקע קינדער. זי שרײַט אויף אַלעמען. אַנו, זאָל עמעצער פּרווון ניט פאָלגן! דער אייניציקער, פאַר וועמען זי כאַפּט א ציטער, איז דער טאַטע. ער, אַז ער ווערט אין כּעס, מאַכט ער מיט איר קיין לאַנגע שׂיעס ניט. שעמט זיך פאַר קיינעם ניט, טוט א כאַפּ די שוואַרצע מויד פאַר די צעפּ, שלעפּט זי אַרויס אין פּאָדערהויז און קאַדויטשעט זי אָן וויפל סע גייט אין איר אַרײַן. דערנאָך לאָזט ער זי לאַנג שטיין הינטער דער טיר, זאָל זי דאָרט קאַוויטשען. דערפאַר איז מאַלקע, די קלענערע, א מעזעג־טאָוו, קיין קאַפּעלע ניט ענלעך אויף דער עלטערער, אויף כאַוועס. ניט נאָר די שטוב־לײַט, נאָר אַפילע די שכיינים האָבן זי ליב מיט אַלע כּײַעסן.

די דרײַ יינגלעך — מאָנישל, יאַנקעלע און ייסראָליקל — זיצן אויך פרײַטיק ניט ליידיק: דאָס טראָג אַרײַן און יענץ טראָג אַרויס. מע דאַרף אַלץ איבערטרייסלען, אָנהייבנדיק פון די רעדנעס, וועלכע מע שפּרייט אויס אויף דער אויסגעשמירטער ערד, ביזן בעטגעוואַנט. ווו ערגעץ א פאַלטאָכל, א קאַצעווייקע, א וואַטניק, מוז מען אויסלופטערן, אויך צונויפשטעלן דאָס ביסל לעבעדינע אין שטוב, אָנשפּאַלטן שפּענדלעך צום סאַמאָוואַר, אַרײַנטראָגן וואַסער, צעהאַקן א פּאָר קלעצלעך האָלץ — דאָס אַלץ דאַרפן טאָן די יינגלעך. עמעס, מאָנישן לאָזט מען א ביסל צורו, דערפאַר וואָס ער זיצט גלײַך מיטן טאַטן באַם אַרבעטס־טיש און העלפט אונטער מיט דער נאָדל. מאָניש קאָן צעבלאָזן אָן אײַזן, שלייפן לעכלעך, אַרויס־

[1] ס'איז אונדזער זוסי, אונדזער שנײַדער, אי ביליק, אי גוט! (אוקר.).

ציִען פאַרסטריגעס, אָפּשטעפּן א זײַט. ער איז אויך דער מענטש אין שטוב, מיט וועלכן מע שיקט אָפּ א שטיקל גרייטע ארבעט. וואָס־וואָס, נאָר פון מאַנישן האָט מען נאכעס.

יאנקעלע און ייסראַליקל זײַנען צוויי געפּאַקטע כעוורע, פּעסטע, אויסגעהאָדעוועטע, מיט ארויסגעשפּארטע, שטענדיק פארמורזעטע פּיסקעס. ביידע האלטן זיי אין איין קײַען. גוט איז א שטיקל פארדארטע מאקוכע, א ריפּעטעלע רעטעך, א געבאַקטע קאַרטאָפליע, א זשמעניע קאלטע פּאסאָ־ליעס, א קרויט־קאטשאנע. אלצדינג, וואָס געפינט זיך אין א שטוב און מ׳קאָן רוקן אין פּיסק אריַין, איז פאר זיי א מײַכל. דאָס מויל מאכט זיך זיי גאָר קיינמאָל ניט צו. מע כראָמטשעט געשמאק אף ביידע באקן און אף אלע ציינ. אמאָל מאכט זיך, אז די כעוורע צעהארגענען זיך אף טויט איבער א געקאָכטן בורעק אָדער איבער א ציבעלע, וואָס די מאַמע כאפּט ארויס פון דעם זודיקן טאָפּ.

אף מיר קוקן זיי, ווי עפּעס אף אָן אָנשיקעניש, א פארשלעפּטע קרענק, וואָס מע דארף זי איבערקומען. ניט נאָר קיין כאווערשאפט (מיר זײַנען קימאט אין איינע יאָרן) פארפירן זיי מיט מיר ניט, נאָר זיי סטארען זיך נאָך, ווי ווײַט מעגלעך, מיך אויסמײַדן. כאפּט זיי דער וואטנמאכער! אלציינס גייען זיי מיר ניט אונטער פאר עמעסע כאווירים. ביפראט, אז איך קלײַב זיך ניט בלײַבן קיין היגער, מע זאָל מיר אפילע אָנשיטן א זאק מיט גאָלד... די גאס, די הײַזער, די מענטשן — אלע קוקן דאָ אף מיר קאלט, פרעמד, בארויגעז, קערעווען זיך אויס מיטן פּאָנעם אָן א זײַט און האָבן נאָך אף מיר פאריבל.

ס׳וועט זײַן א סאך געזינטער פאר מיר, האָב איך געוווסט, אז איך וועל פארײַטיקדיקן טאָג איבערזײַן אין דרויסן. פארפרי, נאָך איידער ס׳איז אופגעגאנגען די זון, בין איך ארויס פון שטוב. כאָטש די פרילינגדיקע קעלט שפּארט פון אלע זײַטן, ווי מיט פארשארפטע מעסערלעך. אָבער קיין אנדער ברייררע האָב איך ניט. ווו ערגעץ א געסל, א הינטערגעסל, דאָרט בין איך אויסגעוועןץ געהוידעט זיך אף דער שמאָלער קלאדקע, געפּאָרן רײַטנדיק אף די אָנגעוואָרפענע קלעצער לעבן פּאָדריאַד, דאָרט ווארעמט שטענדיק בעסער די זון, איידער ערגעץ אנדערש. פונדעסטוועגן איז מיר עטלעכע מאָל אויסגעקומען לויפן אין „קליינבערעג” צו נאפטאָל־קעס קוזניע זיך דערווארעמען די ביינער בא דער האָרנע. דאָ שטייט א שטיקנדיקער זויערער רויך אף דערוואָרגן צו ווערן. עס שמעקט שטענדיק מיט צוגעזשאווערטן געגליטן איַיזן. די ביטערע זויערקײַט קריכט גלײַך אין הארצן. דאָס בעסטע פארגעניגן איז בא מיר העלפן ציִען דעם בלאָז־זאק. און אז מע דארף צוקײַקלען א ראָד צום שטיין, בין איך אויך ניט פויל. זאָל דאָס הייסן: ניט אומזיסט האָב איך זיך געווארעמט בא דער האָרנע. שפּעטער, אז עס קומען אונטער מענטשן — ווער רײַטנדיק אף א פערד און ווער מיט א געשפּאנטער פור, — בעט מען מיך מעכילע, איך זאָל פארלאָזן די קוזניע, פּאָשעטער גערעדט, מע טרײַבט מיך ארויס. אָבער איך בין אף נאפטאָלע דעם קאָוועל ניט בארויגעז.

פרעגט מיך בעכיירעם, וויאזוי עס האָט מיך פארטראָגן צוריק אין יענעם געסל, ווו זוסי דעם שנײַדערס שטוב שטייט. איך ווייס אליין ניט.

קימאט אינעם גאנצן געסל קלינגען פריילעכע טויקאטשן אין די שטייסלען, ס'פארשמעקט מיט זיסן צימרינג און פריש געבעקס. כ'האָב זיך אָף א ווײַלינקע ארײַנגעכאפט צום שנײַדער אָנטרינקען מיט וואסער. אָף דער קיך האָט דער אויוון געפלאקערט. די גרויסע קופערנע קוואָרט איז געשטאנען אָף א נידעריק בענקעלע בישכיינעס מיט נאָך עפעס א צוגעברענט טשוהונדל. פון דער „ראבאָטשע" האָבן זיך דערטראָגן די קוילעס פון די כעוורע. אפאָנעם, זיי ווארפן דאָרט איבער די קאסטנס מיט כפייצים, וואָרעם א צוגעלעגערטער שטויב איז מיר געקראָכן אין די אויגן. מיטאמאָל איז אויסגעוואקסן די באלעבאָסטע, אזוי ווי זי וואָלט אָקאָרשט ארויסגעקראָכן פונעם פידפיטש, מיט א קורצן ראָהאטש, אײַנגעריכט אין שפינוועבס. זי האָט ארויסגעצויגן פונעם פלאם א לענגלעך קריגל און עס פארוקט אָן א זײַט, ארומשארנדיק מיט גלי‍ענדיקע קוילן. דערנאָך האָט זי זיך אויסגעקערעוועט צו מיר מיט איין האלב פאָנעם, א פארפלאמטס און א ביז גאָר פארפארעטס.

— אוי, ביסט גאָר דאָ! — זאָגט זי פארכידעשט. — פארוואָס זעט מען דיך ניט א גאנצן טאָג?

— מע מעג זיך אָנטרינקען? — פרעג איך בא איר, האלטנדיק די קופערנע קוואָרט פאר ביידע הענטלעך.

— דארפסט נאָך פרעגן? טרינק, טרינק, ס'איז ריינע וואסער.

פארוואָס זשע שווימט ארום א שטיקל שאָלעכץ פון ציבעלע? נאָר איך מאך זיך טאמעוואטע און זשליאָקע אויס ביזן דנאָ.

— ווו ווערט עס פארפאלן אזא יינגל, ווי דו? — פרעגט מיך מאריעם נאָכאמאָל.

גיי דערצייל איר, ווו איך ווער פארפאלן, זי דארף עס נייטיק וויסן.

— זונעניו, — מאכט זי פלוצעם מיט א ליבלעכער מינע, — ברענג, זונעניו, א ביסל ווײַסע זאמד אָף דער זאסלאָנקע. טו מיר א טויווע.

פון ווען אָן בין איך בא איר געוואָרן טײַערער פון קאצן־קויט?.. זי האָט נאָך קיינמאָל צו מיר אזוי זיס ניט גערעדט. אָף צו ברענגען דאָס ביסל זאמד דארף מען זיך ארויפלאָזן אין יארל ארײַן הינטער דער באָד. ס'איז גאנץ ווײַט.

— ביסט נאָך א יונג קינד, — פארענטפערט זיך די באלעבאָסטע מער פאר זיך אליין, ווי פאר מיר, — ס'וועט דיר גאָרניט שאטן.

אז מע דארף שמירן די ערד אין דער „ראבאָטשע", טרײַבט מען די כעוורע ארויס פון דאָרטן מיט א געשריי. כאוועס קאָל שפאלט שוין ווידער דעם הימל. די פעלצן, סוויטקעס, קאצעווייקעס און אנדערע שמאָכטעליאקעס באהאלט מען אין די אָפענע קאסטנס. וויפל מע זאָל ניט ראמען, רייניקן, לאָזט זיך דער שלעכטער רייעך בעשום־אויפן ניט ארויסטרײַבן. עס טראָגט סײַוויסײַ מיט שאָפן־שווייס און מיט רינדן־פעל, ווי פון א הארבארניע.

אומגעריכט שטיל קײַקלט זיך צו א פויעריש פורל צו דער שטוב. קעדיי די שכיינים ניט אופרײַסן די אויגן, טראָגט דער שנײַדער אליין אפדערגיך אראָפ אלץ פונעם וואָגן. עפעס איז בא אים אזא אײַלעניש, גלײַך ווי ער האָט געבראכט צו פירן טרייפע סכוירע. ער הייסט דעם פויער

שטילערהייט פאָרן אהיים „ז'באָהאָם"[1]. די ברייט צעקובלטע סיוולעכע באָרד איז באם וווקסיקן שנײַדער אײַנגעריכט אין היי, איין אקסל איז בא אים אראָפּגעלאָזט נידעריקער, פּלאטשעכיק צוגעקוועטשט, ווי מע וואָלט אָקאָרשט פון דאָרט אראָפּגענומען א פלאך געוויכט. מע זעט אין אים, אז ער וויל ניט לײַדן, וואָס די אייגענע קינדער פּלאָנטערן זיך דאָ פאר די פיס, ער גיט דעם א שטורכע, יענעם א קניפּ.

— וואָסי, קענסט זיי ניט ארויסשטעלן אין דרויסן? — קאעסט זיך דער שנײַדער אף דעם ווײַב. — צי דער דרויסן איז קליין?

— עפּעס ביסטו הײַנט געקומען מאָלע־דאָס! — טוט מאריעמס פּיסקעלע א פלאקער. — מע דארף א שטוב אופראמען. ווער דען וועט טאָן, אויב ניט די קינדער? דעם קאס דײַנעם האָסטו געקאָנט איבערלאָזן דאָרט, פונוואנען ביסט געקומען, כאָטשבי איבער שאבעס.

פונעם שנײַדער הערט מען נאָר א בייזן ברום, א האלב צוגעשטיקט וואָרט, א שנאָרכע מיט דער נאָז. דער אויסגעצוויטעטער אלטמאָדישער קארטוז איז אראָפּגעפאָרן אָן א זײַט, און אליין איז ער אויך עפּעס צעדודערט, באהערשט פון א מאָדנער מין צעטראָגנקײַט, געמישט מיט פּאכדאָנעס. שפּעטער א ביסל, ווען ער האָט זיך בארויקט, האָט ער צוגעפירט מאריעמען צו יענעם אונטערגעשלאָגענעם בלעך, וואָס דינט זיי פאר א געהיים שאפקעלע. דאָרט, אנטקעגניבער מײַן געלעגער־ווינקל, האָט ער אָפּגעלייגט די געבראכטע זאכן.

— זעסט, — ווײַזט ער איר אף א שטיק אויסגעגאָסענעם ווײַסן מארמאָר, — ס'איז כיילעוו... כיילעוו בא הײַנטיקער צײַט איז טײַערער פון געלט. ס'וועט דאָ כאפּן אפן אויג אן אָנדערהאלבן פוד. — פאר דער גאנצער צײַט האָט זיך באם שנײַדער דאָס ערשטע מאָל באוויזן א מיד גליקלעך שמייכעלע אפן פּאָנעם.

ווען אלע האָבן זיך ארומגעוואשן, אויסגעצוואָגן די קעפּ, איבערגעטאָן גרעט, איז זוסי דער שנײַדער, אָרעמלעך צוגעפּוצט, אוועקגעגאנגען מיט די דרײַ זינדלעך אינעם קליינעם שולכל צו „לעכו־נעראנענאָ".

דער פרילינגדיקער פרײַטיק־פארנאכטיקער דרויסן לאָזט מיך אויך ניט אײַנזיצן אין שטוב.

נאָרוואָס האָט די זון, א האלב־קײַלעכדיקע, א צונטער־צעגליטע, פּאמעלעך זיך אראָפּגעטוקט אונטער מענדלס בארג, איבערלאָזנדיק אין הימל א גרויסע סרייפע. און אז די זון זעצט זיך, פארכאפּט זי ניט נאָר דעם טאָג, נאָר אויך די שײַן פון מײַנע אויגן.

דער שטאָט־זייגער האָט אָפּגעקלונגען די זיבעטע שאָ. א ביז גאָר גרינגע ווייכע בלויקײַט רוקט זיך פּאמעלעך פון דער דניעפּער־זײַט און פארפלייצט ביסלעכווײַז דאָס געסל. אצינד פיל איך, בעפּויעל־מאמעש, ווי עס הייבט מיר אָן שווינדלען אין די אויגן. איך זע באשײַמפּערלעך, ווי עס טאנצן פיבערדיקע און צעפלאָנטערטע קאראהאָדן מיט אָן א שיר פינטעלעך, פּאסיקלעך, רעדעלעך. מיליאסן — מיליאסנווײַז שווימען זיי אוף און ווערן צערונען, קומען אפסנײַ, ווי די צעראָיעטע קאָמארן אין א מישמאש־

---

[1] מיט גאָטס הילף (אוקר.).

געלאָף, און פאַרשווינדן. אָט אַזוי אָן אופהער. איבער אָט די דאָזיקע פאַר־שאָלטענע צעדרויבלטע, באַוועגלעכע רינגעלעך ווערט מיר דער קאָפּ בלייַיק שווער. זיי פאַרשטעלן מיר אינגאַנצן די קאַרגע שייַן פונעם פאַר־נאַכטיקן דרויסן. ווען אַלע קינדער האָוען, ליאַרעמען, שרייַען, פּילדערן, יאָגנדיק זיך נאָך פלעדערמייַז, מוז איך זיצן און זיך ניט רירן פון אָרט. איך זע גאָרניט. לאַכלוטן גאָרניט. איך ווייס, אַז לעבן מיר אַף דער באַנק זיצן זוסיס טעכטער, כאַווע און מאַלקע, שאַבעסדיק ריין צוגעזעצן. פון די געוואַשענע קעפּ שמעקט נאָך מיט גאַזע. זיי היטן זיך, אַז אַ פלעדערמויז זאָל ניט אַרייַן אין די האָר. פון מאָל צו מאָל טוען זיי אַ ווילדן שפּרונג אויף מיט אַזאַ קוויטשערייַ, גלייַך ווי מע קוילעט זיי, אָבער איך זע זיי ניט... בלויז שאַרפע אופגעציטערטע קוילעס גרילצן אָפּ אין מייַנע אויערן מעשוגענערווייַז. איך זיץ אַף דער באַנק, ווי אַ טאַם, ווי אַ ליימענער גוילעם, און אַז מע דערלאַנגט מיר אַ ביסל יאָדערן, דאַרף איך פריִער אָנטאַפּן יענעמס האַנט.

— זעסט טאַקע גאָרניט? — כידעשן זיך די מיידלעך און ווילן מיר ניט גלייבן. — ווי־אַזוי קאָן עס געמאָלט זייַן? באַטאָג ביסטו אַזוי ווי אַלע מענטשן, איאָ? קומט פאַרנאַכט, פאַרלירסטו די ריִע... און דאָס וואָס איז?

ביז איך דערפיל ניט, ווי מע שיט מיר אַרייַן אין זשמעניע אַ ביסל קאַלטע געגלאָזטע אַרבעסן, ווייס איך טאַקע ניט, וואָס זיי ווייַזן מיר. דערנאָך ווילן זיי, איך זאָל טרעפן, ווער האָט מיך אַ קניפּ געטאָן: כאַווע צי מאַלקע? מע לאַכט, מע קאַטשעט זיך אַף די זייַטן. וואָס איז אַף זיי אָנגעפאַלן אַזאַ געלענדער, ווייס איך ניט. אָט דאָס הייסט נאַרישע מוידן.

עס קומט צו אַ כאַוועסטע און נאָך אַ כאַוועסטע. צווישן די מיידלעך ווערט ראַשיקער, פריילעכער. איך זיץ אַף דעם עק באַנק, נאָר מע הייסט מיר זיך רוקן נאָך ווייַטער. ביזוואַנען איז דער שיר? איך זיץ שוין אַזוי אויך באַם סאַמע־סאַמע בּרעג. אָט באַלד פאַר איך אַראָפּ. כאַפּט זיי דער גוטעריאָר! אַבי איך בין פאָטער געוואָרן פון דער נאַרישער שפּיל אין שטופּערלעך און אין קנייַפּעניש.

— ער איז נאָך אַלץ באַ אייַך? — פרעגן זיך נאָך די כאַוועסטעס באַם שנייַדערס מיידלעך. דאָס מיינען זיי מיך.

— וויפל דאַרף ער נאָך זייַן? — סוידעט מען זיך שטילערהייט. — ניט קיין קאָרעוו און ניט קיין פּרייַנטל, אַ ראַכמאָנעס, נעבעך. אַזאַ אומגליק־לעך יינגל...

דער נייַגעריקער אויספרעג פאַרשאַפט מיר שמערצן. נאָר אין אַ ווייַלע אַרום פאַרגעסן זיי אָן מיר. מ׳טומלט שוין ווידער. איך פאַרלאָז די באַנק מיט די פאַרשייַטע מיידלעך, שאַר זיך פּאַמעלעך צו, ווי אַ בלינדער, צו דער וואַנט, טאַפּ אַזוי לאַנג מיט די אויסגעשטרעקטע הענט, ביז איך קום, ענדלעך, צו דער טיר. די באַלעבאָסטע הערט אַפילע ניט, ווי איך גיי שטיל אַרייַן און מאָסטע זיך אויס מייַן געלעגער צווישן אויוון. נאָך איידער איך האָב געכאַפּט דעם ערשטן דרעמל, שיטן זיך אַרייַן ראַשיק־פריילעך דער שנייַדער מיט זייַנע בענאָקלעך:

— אַ גוט־שאַבעס! אַ גוט־שאַבעס!..

עמעצער זאָל דאָס א פרעג טאָן, כאָטש לעפּאָנעם, ווו בין איך! קיינער דערמאָנט ניט מײַן נאָמען. ניטאָ איז ניטאָ... א קליינער העזעק אין באָד. וועמען גיי איך אָפּ? ווער האָט מיך אין זינען און ווער דאַרף מיך האָבן?..

## אין א גרויסן מארק־טאָג

אָן אופהער ציט זיך א פארביק געפּוצטער דאָרפישער אוילעם אין שטעטל אַרײַן. פון אלע זײַטן האלט מען אין איין פאָרן אפן מארק. מע פירט בעהיימעס, כאַזיירים, פערד, געבונדענע שאָף, הינער און גענדז. פויערים און פויערטעס, פּאַרובקעס און מאָלאָדיצעס, אויסגעפּוצטע אין בונטע קליידער, קומען זיך צונויף אפן מארק, ווי אף א גרויסן יאָמטעוו, — איז הײַנט צומאָל ניט קיין כאָגע־טאָג?

קעגניבער די זאַליאַזנע קלייטן אף א קופּע אָנגעוואָרפענע ציגל לעם א האלב צעוואלגערטער כורווע ליגט אויסגעצויגן א טויט־שיקערער בינ־דיוזשניק. דער אופגעלאָפענער צעבײַלטער שטערן איז איבערגעדעקט מיט א צעטריפעטן שטרויענעם קאפּעליוש.

פארבײַגייענדיקע פויערטעס האָבן געמוסערט זייערע מענער:

— זעסט, ליגט ווי א נעוויילע, א בושע פאר מענטשן. א כאַרפּע פאר זיך אליין, — און טאקע טייקעף צוגענומען מיט גוואלד באַם מוזשיק דאָס פּלעשל מיט דער קאלעמוטנער האָרילקא. — האנבאַ![1]

א ביסל ווײַטער, לענגויס דעם מארק־שליאַך, האָבן די קירזשנער אויס־געלייגט אף רעדנעס זייערע קאשקעטלעך; זיי גייען ארום ארום די קוינים מיט שפּיגעלעך אין די הענט. זונען־העזעלעך טאַנצן ארום מעשוגענער־ווײַז און בלענדן די אויגן. א טומל, א ראַש, מע שווערט בא וואָס הייליק איז, מע שיט מיט בראָכעס, אויסגעמישט מיט קלאָלעס. עס גייט א דינ־געניש, א פּאַטשערײַ איבער די דלאָניעס און נאָכאמאָל א גלעט און א קונציקער פיר מיטן שפּיגעלע:

— דאָס קאשקעטל איז באַשאַפן געוואָרן נאָר צוליב דײַנעטוועגן, פּלאַ־טי הראָשי, צאָל מעזומאָנים.

לייזן לייזט מען גוט פאר געגלייזטע טעפּ, מאַקרעטעס און פאר ליי־מענע געברענטע קריגלעך. די פויערים לייגן זיי צו צום אויער און מע שנאַלט, ווי מע פּרוווט א קאַוון. אָט דאָ, בא די טעפער, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אף איסערן. ריבוינעשעלוילעם, וואָס איז דאָס פאר א הוילעך? איין האלבער הויז אראָפּגעלאָזט, דער צווייטער אופגעהויבן ביז די קני, פאַרבלאָטיקט, קויטיק, גלײַך ווי ער איז נאָרוואָס ארויס פון א זומפּ. זײַן שטומער בליק, אָנגעלאָדן מיט סינע און אויך מיט עפּעס א מין קאלט פײַער, האָט מיך געצווונגען בלײַבן שטיין אפן אָרט. עטלעכע מינוט האָבן מיר זיך איבערגעקוקט, ארומגעשמעקט, איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, ווי נאָך א שווערן געראַנגל.

---

[1] האָרילקא — בראַנפן; האנבא — א כאַרפּע (אוקר.).

— קעדיי געוועז... — האָט ער צערייצט דורכגעזיפּט צווישן די ציין. — כּײַ וואָלט איך פריער אָנגעלייגט מיטן קאָפּ.

„באלד וועט זיך מיסטאמע א שיט טאָן פעך און שוועבל אף בערע־לען", — גיב איך א טראכט, נאָר כ'האָב גראדע א טאָעס. ווייך, שיר ניט מיט ראכמאָנעס, פרעגט ער בא מיר:

— קומסט אויך אָפּ כּיבוט־האקייווער?

איך האָב זיך צו אים נאָענט צוגעטוליעט, אָנגענומען אים בא דער האנט. ניין, קיין טרערן זײַנען מיר ניט געשטאנען אין די אויגן, נאָר אין האלדז איז ווי מיטאמאָל געוואָרן טרוקן, ענג, שטיקנדיק. איך פיל, ווי עס ווארגט מיך עפּעס. עס געפינען זיך ניט בא מיר אזעלכע ווערטער, וואָס זאָלן אים טרייסטן אין זײַן צעבראָכנקייט, לינדערן זײַנע ליידן. אלע מײַנע גוטע ווערטער זײַנען ווי אפצולאָכעס ארויסגעפאלן פונעם זיקאָרן, אויסגערונען געוואָרן. אך, אזא פארדראָס! ניטאָ קיין גוט וואָרט, כאָטש נעם און צערײַס זיך אף שטיקער. איסער האָט ארויסגעשלעפּט זײַן האנט פון מײַנער, שטײַף, ביז ווייטעק פארקלעמט מיט אלע פינגער מײַן אויסגעמאָגערטן אקסל און א זאָג געטאָן מיט גלויבן:

— קיין סאך איז שוין ניט געבליבן צוווארטן, אינגיכן עפנט זיך די נאוויגאציע, מיט דער ערשטער שיף לאָז איך זיך גלײַך אף קיעוו.

מיר גייען צוזאמען איבערן מארק. בא דער כורווע אנטקעגן די זאַ־ליאזנע קלייטן טוט מיך איסער א טאָרע בא דער זײַט און ווײַזט מיר אפן שיקערן בינדיוזשניק, וואָס ליגט דאָ נאָך אלץ מיט אן אָפן מויל און שווארצע פאריסענע ליפּן.

— דערקענסט אים ניט? דאָס איז ער, דער באלעבאָס מײַנער. דאָס ווײַב זײַנס איז אויך א שיקערטע. זי טרעפט אף קאָרטן און טרינקט סאַ־מאָהאָן. בא די־אָ לײַט האלט איך סטאנציע. באטאָג גייט מען ארום אף דער ווײַסער וועלט, ווי ניט קיין היגע, און באנאכט שלאָגט מען זיך. זיי וווינען אף דער דאָהאָליוועקע. ווייסט ווו? אין א זעמליאנקע, הינטער די קוזניעס.

מיר האָבן זיך ביידע אוועקגעזעצט אף די אָנגעווארעמטע ציגל קעגן דער זון. דער שיקער האָט זיך ראַפּטום אויסגעקערעוועט אף א זײַט און גענומען עפּעס ברומען פונעם שלאָף.

איסער דרייט אויס דעם קאָפּ און פארקרימט זיך זויערלעך:

— פארשטייסט, ברודערקע, פאראן מענטשן, וואָס ברענגען קיינעם קיין שום נוצן ניט. פרעג זיי, אָט די מענטשעלעך: צוליב וועמען לעבט איר? סע איבלט אזש פון זיי.

מיטאמאָל האָט איסער אָנגעהויבן ריידן וועגן מײַן בערעלען:

— ס'איז אים שלעכט אוועק מיט דער האנט, ביז גאָר שלעכט. איבער אים האָט מיר אויך ניט אָפּגעגליקט, ס'א מאזל־זאך. וואָס קאָן מען טאָן? ער איז אוואדע ניט שולדיק. וואָרעם ווען ער זאָל זײַן שולדיק, וואָלט איך אים צעפּאטשט די פּיסקעס אינמיטן גאס. הערסט, וואָס איך רייד צו דיר? אָבער איך ווייס דאָך דעם גאנצן עמעס. ער האָט, אדעראבע, געוואָלט וואָס בעסער. אײַ, ער איז אליין א שלימאזל... — איסער צעפּירט האָפּע־נונגסלאָז מיט די הענט און פארענדיקט ניט דעם געדאנק זײַנעם. ער

פארטראַכט זיך, בייגט זיך נידעריק אָן איבער דעם שיקער, גלײַך ווי ער וויל אים אײַנרוימען א סאָד אָדער אים מאכן באקוועמער דעם צוקאָפּנס. — איין זאך האָט עס מיך דאפקע יאָ אָנגעלערנט, — גלײַכט איסער אויס דעם רוקן, — דאָס האָב איך זיך פארשריבן אפן שטערן, איך זאָל שטענדיק געדענקען: אויב עס קומט אויס צו זײַן א קאָרט, שטעל קיינמאָל ניט אויס אף יענעמס מאזל, נאָר אף זיך אליין. האָסט מיך פארשטאַנען? איז גוט! ביסטו א פאָניאטליוועס יינגל און שוין. מער וועגן דײַן ברודער וועל איך ניט ריידן... זאָלסט נאָר ניט מיינען, אז ער איז אזא גלאָמפּ, ווי עמעצן קאָן זיך דאכטן. ער ווייסט שטענדיק, וואָס ער וויל. דײַן בערל וועט ווײַט אָנשפּארן. וועסט דערמאָנען מײַנע ווערטער! און איצט זאָל זײַן געגוגנ! אָבער אָפּשטעלן קאָן ער זיך שוין ניט.

— מאָשקעלע נעכאמעס איז הײַנט אין די פּעדערן, — טוען בא איסערן לעבעדיק א פינקל די אויגן. — אָט וועמען דאָס מאזל האָט א שפּיל געטאָן! ארײַנגעפאלן ווי א גאנדז אין האָבער!

— ער איז א פאָהאניאק... — קאָן איך ניט אויסבאהאלטן מײַן פאראכ־טונג. — אויך מיר א כאווער... טאקע דאָ וועגן וועמען צו ריידן.

— דאָס איז געוויס אן עמעס, — כאפּט אונטער איסער, — א קארגוטש. ער מיינט, אז ער האָט שוין אָנגעכאפּט גאָט פאר דער באָרד. סטאָפּ! כאפּ זיך ניט, מאָשקעלע! ס׳זײַנען נאָך ניט געקומען דײַנע גוטע זיבן יאָר... ער זאָל דאָס אמאָל ארויסטראָגן א שטיקל כאלע פון דער שטוב, ארײַנרוקן א וואָסער־ס׳איז־ניט־איז מאטבייע אין האנט. מאָשקעלע האָט מוירע, ער וועט, כאָלילע, דעם פישער שטעלן בעדיל־האדאל. א געבוירענער מע־שאָרעס.

„גאָלדענע ווערטער״, — טראַכט איך בא זיך, נאָר אין דער הייך זאָג איך גאָרניט. איסער באַרבלט זיך לאנג אין די קעשענעס, קערט זיי איבער און שארט ארויס פון די צעטריפּעטע פאלדן די לעצטע פארשטויבטע ברויזעלעך קאָרעשקעס. ער פארדרייט א גראָבן פּאפּיר־ציגאר און האלט אים לאנג אונטער א בריל־גלעזל, ביזוואנען די גרינע מאכאָרקע הייבט זיך אָן שווארצלעך סמאליען. דערנאָך כאפּט ער דעם ציגאר צו די דאָר־שטיקע ליפּן און פארציט זיך מיט גרויס האנאָע.

— טאָמער ביסטו הונגעריק, — זאָגט ער, — און ס׳איז ניטאָ וואָס צו נעמען אין פּיסק: פאַרייכער! מאכאָרקע איז דאָ ביליקער פון ברויט.

גוט איז אים צו ריידן, אז דער ציגאר־רויך בלײַבט אים ניט שטעקן אין האלדז און דער הוסט ווארגט אים ניט אזוי. אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אז דער רויך פארגייט מיר אזש אין די אויגן און דער קאָפּ פארדרייט זיך, א מינוט צום כאלעשן?!

— פאר מיר, — רופט זיך אָן איסער נאָך א לאנגן יישעוו־האדאס, — איז בארשעוו קיין אָרט ניט און דאָס שיינע געראָטענע שטעטל זשיוורעטש אוואדע און אוואדע ניט. איך דארף האָבן א גרויסע שטאָט מיט א סאך, א סאך מענטשן, עלע ניט, וועל איך די קאפּארע ווערן, — ער לאָזט קונ־ציק ארויס עטלעכע רינגעלעך רויך. אין יעטווידן רינגעלע שטעקט ער ארײַן א שפּיץ פינגער, און עס מאכט דעם אײַנדרוק, ווי דאָס רינגעלע זאָל זיך קײַקלען אף אן אקס. — אוי, דערעסן געוואָרן! נימעס! — קאָרטשעט

ער זיך ווי א געבונדענער. — אָן עקן א סאָף!.. וואָס גייען מיר אָן די שטעטלדיקע לײַט?! — ער האָט מיטאַמאָל זיך געטאָן א הייב אויף פון די ציגל. — קום, לאָמיר גיין צו מאָשקעלע נעכאַמעס. בא די פישער איז פאָרט פריילעכער.

די הענט טיף פארוקט אין די ליידיקע קעשענעס, מיט אן אופגעהויבע־נעם קאָפּ, העפקערדיק צעכראַסטעט, זאָרגלאָז, לאָזט ער זיך אפריִער, און איך נאָך אים.

פארבײַ די אויסגעשפּאנטע וועגענער, צווישן פול און פול צעשטעלטע זעק האָבער, קאָרן, גערשטן און גרויפּן, קאַרטאָפל און געטריקנטע אויבס, האָבן מיר זיך אדורכגעשטופּט צו די סטאַדעס שאָף, לעמער, און נאָך ווײַטער — צו די קוואַקענדיקע און קרייענדיקע הענער און הינער. אזא גרויסן מארק האָב איך נאָך אף מײַן לעבן ניט געזען. דאָס גאַנצע שטעטל איז איין מארק...

ענדלעך האָבן מיר זיך דורך דער ענגשאפט דערקליבן צו די נידעריקע פּײַכטלעכע פיש־שטעלעכלעך.

— אָט דאָ דארף זײַן ערגעץ מאָשקעלע נעכאַמעס „פּאָסעסיע״, — האָט מיר איסער ארײַנגעשושקעט אין אויער. — פארייד אים די ציין...

וואָס מיינט ער מיט די ווערטער „פארייד אים די ציין״, ווייס איך ניט, נאָר עפּעס א קילקײַט גייט מיר דורך איבערן לײַב.

ארום־און־ארום נאַסע קוישן מיט לעבעדיקע צאַפּלדיקע פיש. אין דעם דאָזיקן ווינקל האָט פארשמעקט מיט גאָר א באַזונדער רייעך — מיט קילן טײַך און מיט וואַסער־געוויקסן. אָט־אָט וועלן פון ערגעץ אָנהייבן קוואַקען פרעש. ניט ווײַט פון לייזער דעם פישערס שטעלכל, אף אן איבערגעקערטן קאַסטן, איז געזעסן מאָשקעלע, געזשליאָקעט מילך פון א פארברוינט קריגל און צוגעביסן מיט א פריש שטיקל קוילעטש. ער איז געווען אזוי פארטאָן אין דער אכילע, אז ער האָט אזש פאר האַנאָע צוגעמאַכט די אויגן.

— קיין אײַנהאָרע, קיין בייז אויג זאָל אים ניט שאַטן, — שטורכעט מיך איסער מיטן עלנבויגן אין זײַט ארײַן, — קײַעט, ווי א בלינד פערד. ער קאָן דאָך אופעסן דעם רועך אינדרײַען, זע נאָר, ווי ער פאַקט אין די באַקן.

קוקנדיק אף מאָשקעלען, פיל איך, ווי עס דראַפּעט מיר אין האַלדז.

— מע האָדעוועט אים, ווי א גאַנדז פאר פּייסעך...

קיין קוינים, דאַנקען גאָט, האָט מען ניט באַדארפט רופן. מע רײַסט פון לייזער דעם פישער די פעל:

— רעב לייזער, ווארפט ארויף יענץ קאַרעסל אף דער וואָג!

— לייזער, געזונט זאָלט איר זײַן, נאָך א האַלבע אָקע דריבנע פּלאָט־קעלעך.

— וויפל וועלן פארוועגן אָט די צוויי קאַרפּן?

מע ציפּעט אים פארן ארבל:

— לייזער־לעבן, טוט מיר א טויווע, באַרגט מיר ביז נאָכן מארק, דער מאַן מײַנער האָט ארויסגעפירט די ניי־מאַשין אף צו פארקויפן...

— וואָס דולט איר א קאָפּ מיט אײַער באָרגן־שמאָרגן, — צערוקט א זשוואווע ייִדענע די ווײַבלעך, האלטנדיק פארקוועטשט א פויסט מיט פּאַפּירן געלט, — האָרכט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן, איך דארף פיש אף פרעגלען און אף קאָכן.

לייזער דער פישער, א מענטש שוין אין די יאָרן, מיט א פּאָר הארטע גרויע וואָנצן, עטוואָס געל אונטערגעסמאליעט, ווי בא אן אלטן אויסגעדינטן קאָזעק, מיט א פּײַן אויסגעפּאשעט פּאָנעם און א נישקאָשעדיקן גוידער, האָט אפילע קיין צײַט ניט דעם אָטעם איבערצוכאפּן. וועדליק זײַן בארוט געמיט, זײַנע בעצימצעדיקע רייד און לאנגזאמע באוועגונגען, פּאסט אים גיכער צו זײַן א מילנער, איידער א פיש־הענדלער. זייער גוט האָט געטאָן דאָס ווײַב זײַנס, וואָס איז ארויס אים צוהעלפן. פון צײַט צו צײַט ברענגט מאָשקעלע צו טראָגן א פרישן קויש פיש. שפּעטער א ביסל האָט ער זיך אויך געשטעלט בא דער וואָג. לעבעדיקע פיש האָבן זיך געוואָרפן אין זײַנע נאָך מער לעבעדיקע הענט.

דעם פידיען האָט לייזער געלייגט אין א גראָב פארוסינען טאָרבעלע, פארוקט אונטער א ראָגאָזשע. מאָשקעלע, ווי א געטרײַער מעשאָרעס, האָט גוט אכטונג געגעבן, קיינער זאָל, כאָלילע, צווישן יאָ און ניין זיך בעשטיקע ניט אָפּטראָגן און ניט באצאָלן פאר די אָפּגעוויגענע פיש. ער פארמאָגט, מאָשקעלע, א מאמזעריש אויג און אן אײַזערנעם זיקאָרן — און דאָס, אפּאָנעם, ווייסט דער באלעבאָס זײַנער, לייזער דער פישער, דערפאר, זעט אויס, האלט ער אים אזוי טײַער און כאָשעוו.

איסער, ווי ער זאָל האָבן ארויסגעלייענט מײַנע געדאנקען, גיט צו אף זײַן אויפן:

— זעסט דען ניט, אז ער איז באם אלטן טײַערער פון דער מעזוזע...

ביסלעכווײַז איז ארום דעם שטעלכל געוואָרן שיטערלעך, ווייניקער פיש — ווייניקער אוילעם. ווי א רויבפויגל, האָט איסער געקוקט מיט זײַנע שארפע קוקערס סײַ אף מאָשקעלען, סײַ אף לייזער דעם פישער. גאָר באזונדער ווארפט ער אן אויג אף דער ראשיק־צעטראָגענער באלעבאָסטע, וואָס ווישט די הענט אינעם צעראטענעם פארטעך. זי וואקסט אין דער לענג און אין דער ברייט פון פארגעניגן, וואָס הײַנט איז אזא גוטער מארק־טאָג געוועזן. ווען זי האָט א זאָג געטאָן גאנץ הויך: „ס׳איז שוין צײַט גיין אהיים”, איז איסער פריילעך אונטערגעשפּרונגען.

וואָס האָט ער פארקלערט טאָן, הייב איך ניט אָן צו וויסן. ביכלאל, ווייס איך, דארף מען זײַן א ביסעלע געהיט פאר זײַנע ניט באטראכטע גענג. איך זע שוין, ווי די פארשײַטע מאמזיירימלעך אין זײַנע אויגן האָבן גלאנציק אופגעלעבט.

— סע גייט, ווי געשמירט אף פּוטער!

איסער האָט מיך פון א זײַט, קימאט אומבאמערקט, א שטופּ געגעבן פאָרויס צום שטעלכל. איך האָב זיך אָנגעטראָפן מיט מאָשקעלע נעכאמעס פּאָנעם־על־פּאָנעם. ווער פון אונדז ביידע דארף זיך שעמען, ווייס איך ניט, נאָר איך האָב דער ערשטער אראָפּגעלאָזט די אויגן.

— א! — שרײַט מאָשקעלע אויס. — א גאסט! וואָס טוט עפּעס דער ברודער? מאצעס האָט איר שוין אף פּייסעך?

נאָך ראשיקער און פריילעכער האָט ער מעקאבל־פּאָנעם געוועזן דעם כאוועֿר זײַנעם, איסערן, וועלכער האָט זיך גנייוויש־שטיל אנידערגעשטעלט הינטער מײַנע פּלייצעס.

— זע נאָר, איסער איז אויך דאָ! וואָס הערט מען עפּעס גוטס?

מאָשקעלע באַווײַזט זײַן בעריעשאפט פאר אונדז. ער וואַרפט פלינק מיט די נאָס־קלעפּיקע געוויכטלעך, כאַפּט געשווינד אראָפּ די וואָגשאָל מיט פיש און שיט ארײַן די קוינעטעס אין רענצל. ער וויל אונדז ווײַזן, אז ער פילט זיך דאָ מײַסע־באַלעבאָס, ווי איינער רעדט: אצינד זעט איר, מיט וועמען איר האָט צו טאָן?

— א געבוירענער פישער, — באַמערקט איסער מיט א געלעכטערל, אָנ־שפּארנדיק זיך מיט די עלנבויגנס אף מײַן אקסל.

מאָשקעלע ווערט בא זיך נאָך גאָדלדיקער און נעמט פון זיך בלאָזן, גלײַך ווי ער וואָלט בעעמעס געווען א בעניאָכיד באַם פישער.

אז גאָט העלפט און לייזער דער פישער כאַפּט זיך אף א ווײַלע אריבער צו א שאָכן, שפּרינגט איסער פלינק ארײַן צו מאָשקעלען אין שטעלכל צו די אָנגעוואָרפענע שווארצע קוישן, שטעלט זיך באַנאַנד מיט אים אונ־טערן דעכל און דריקט אים פאר גרויס ליבשאפט צו צו זיך מיט אלע קויכעס, ער מאכט דעם אָנשטעל, גלײַך ווי ער קאָן זיך פון אים ניט אָפּרײַסן, לאכט מאָדנע, ניט־געוויינלעך מאָשקעלען אין פּאָנעם ארײַן, דערבײַ ווינקט ער צו מיר גנייוויש, קנייטשט מיט דער נאָז, קרימט די ליפּן, און דאָס מיינט, איך זאָל אים, מאָשקעלען, „פאריידן די ציין״.

— מאָשקעלע, — מאך איך זיך געפּייגערט, — דער באַלעבאָס צאָלט דיר כוידעש־געלט, צי דו ביסט נאָר בא אים אף קעסט?

גלײַך ווי איך וואָלט אים דערלאנגט מיט א שײַט האָלץ איבערן קאָפּ, מאָשקעלען, ער האָט מיך מיט זײַן קוק געוואָלט מאמעש דוירעס זײַן.

— פאר וועמען האלטסטו מיך? איך בין דאָך נישט דײַן ברודער, וואָס איז געוואָרן א וואסערטרעגער און נעכטיקט אפּן סמיטניק? לייזער, זײַ וויסן, קלײַבט זיך מיך נעמען פאר א שותּף, איך בין בא אים די רעכטע האנט, — באַרימט זיך מאָשקעלע. — ווער פירט אלע זײַנע כעזשבוינעס? איך. ווער איז בא אים דער בוכהאלטער, דער קאסיר? — רעכנט ער אויס אף די פינגער.

— און דער טרעגער, — גיט איסער צו בײַסיק, אף זײַן שטייגער, — און דער מעשאָרעס, און דער שאמעס, און דאָס שיק־ייִנגל, און די דינסט, — איסער מאכט לעצאָנישע גרימאסן, מעשונעדיקע האוויײַעס, דערבײַ טוט זיך מיטאמאָל די רעכטע האנט זײַנע א ריס אונטער דער ראָגאָזשע און זי הייבט אָן געוועלטיקן פאר זיך. ער, איסער, איז זיך ער, און די האנט איז גאָר עפּעס אנדערש, איסער איז שוין מער קיין באַלע־באָס ניט איבער איר. די זעלבשטענדיקע האנט אָרודעוועט אונטערן שטיקל ראָגאָזשע עפּשער איין רעגע, נאָר דאָס אָנגעשוואָלענע בײַכיקע טאָרבעלע ווערט אײַנגעדארט. מאָשקעלע, איבעראשט פון איסערס רייד, זעט גאָר־ניט. צום סאָף טוט איסער זיך נאָך א רייץ אונטער:

— איך זע אין דיר, מאָשקעלע, אז דו וועסט מיט דער צײַט ווערן א לײַט בא לייזער דעם פישער. ער וועט דיך שטעלן אין דער פּאָרנטיקער

שאפּע אונטער א גלאָז...— איסער איז אין איין אויגנבליק אויסגעוואקסן הינטער מײַנע פּלייצעס.

— לאך, לאך, — ענטפערט מאַשקעלע אָנגעכמורעט בארויגעז, — איך ווייס נאָך ניט, וואָס פאר א לײַט וועט פון דיר ארויסקומען. דערווײַל גייסטו ארום אין צעריסענע פּלודערן מיט א ליידיקן מאָגן. א כאָכעם א גרויסער!

— זאָל זײַן אפילע א שטאָט־נאר, אבי ניט קיין מעשאָרעס, — רעדט איסער אים אין דער גאל ארײַן. זײַנע ווײַט ניט קאָשערע הענט זײַנען ענג ארומגעפלאָכטן ארום מײַן האלדז. איך פיל, ווי ער קיצלט מיך גרינג מיט זײַנע פינגער. — מיט וועמען איז דאָ פאראן וועגן וואָס צו ריידן, מאַשקע־לע נעכאמעס, א גרויסער קאָפּ־מענטש!

— ביסט געקומען זיך רייצן מיט מיר צי עפּשער זיך צעקריגן? — איז מאַשקעלע געוואָרן אופגעבראכט ניט אף קאַטאָוועס. — עפּשער לוין איך דיר ניט פאר קיין כאווער? קאָנסטו זיך אָפּטראָגן פונדאנען.

— ווער, דו? דו ביסט א כאווער? כא־כא־כא, ניטאָ ווער ס'זאָל לאכן, ביסט א כאזער, ניט קיין כאווער. קום פונדאנען! — נעמט מיך איסער אָן פאר דער האנט.

איך דאַרף זאָגן דעם עמעס, אין דער מינוט האָב איך בעפּיירעש אף מאַשקעלע נעכאמעס שטארק ראכמאָנעס געקריגן — עפּעס האָט איסער מיט אים אָפּגעטאָן א מיִעס שטיקל ארבעט, ער שטויסט זיך אפילע אליין ניט אָן, ווי מיִעס...

אף יענעם שטיק מארק־פּלאַץ, ווו עס געוועלטיקן די ליווערא נטן און עס שטייען צוגעבונדן צו בערעזע־דרענגלעך ציגײַנערישע פערד, אָט דאָרט האָט איסער מיר געהייסן אף אים ווארטן.

— מיר וועלן באלד פּראווען א מאלכעסדיקע סודע. זינט די וועלט שטייט, האָט נאָך קיינער אזא סודע ניט געפּראוועט. אבי איך האָב שוין אף הויצאָעס מיטן פאראָכאָד, מער דאַרף איך גאָרניט. ווי א גוטער מאלעך ביסטו געשטאנען די גאנצע צײַט אף מײַן מאזל, — איז איסער מאָלע־סימ־כע. — אצינד וועט מאַשקעלע בא מיר פּײַפן אין ראָזשיק, — מיט איין שפּרונג האָט ער איבערגעטאנצט איבער א פּאָר צונויפגעקרייצטע האָלאָ־בליעס און איז פארשוווּנדן געוואָרן צווישן געדיכטן מארק־אוילעם.

לאנג, טאקע גאָר היפּשלעך, האָב איך ארויסגעקוקט, ער זאָל זיך אומ־קערן, ביז כ'האָב פארלוירן אלע האָפענונגען. וויפל קאָן מען עס שטיין און ווארטן? ניטאָ איסער, און שוין... איך בין אויסגעוועוען ווו די שטאָט האָט אָן עק, ווו ערגעץ א ווינקל, אויסגענישטערט דעם גאנצן וויהאָן, געלאָפן אונטער דער באָד צו דער ריטשקע, געלאָזט זיך לענגויס דעם יאר, פאר־קערעוועט אף דער דאָהאָליווקע צו די קאָוואליעס. כ'האָב זיך ניט געפוילט צולויפן ביז צו דער בריק און אפילע נאָך ווײַטער, צו הרעבעניער בארג, דאָרט שטייט אויך א מארק. ווער, וואָס! א נעכטיקער טאָג, קיין שפּור פון איסערן ניט געבליבן. פרעגן בא עמעצן איז דאָך ניט שײַעך. ער זאָל מיך אזוי מיִעס אָפּנארן, האָב איך פון אים ניט דערווארט. ער האָט דאָך גלײַך, אָן קונצן און אָן פוילע שטיק, געקאָנט זאָגן אף פּאָשעט און פּראָסט: „ארויסגעהאָלפן מיט א קלייניקער טויווע... א דאנק! אצינד קאָנסטו גיין

געזונטערהייט צום שנײַדער. איך דאַרף דיך שוין מער ניט...״ איסער איז ניט פון די שעמעוודיקע.

איך האָב זיך נאָכאַמאָל אומגעקערט צו יענעם פּלאַץ, ווו עס שטאַרצן אַרויס פיל בערעזעווע דרענגלעך און מע קוקט די פערד אַרײַן אין די ציין. איך קוק, ווי דערנאָך טרײַבט מען זיי, די אָנגעהיצטע צעבושעוועטע פערד, איבערן פּלאַץ מיט אַ פײַפערײַ. בײַטשן קנאַלן הילכיק אָפּ, אַ טופּעריַי, אַ צאָקעניש פון טלאָען, פערד הירזשען אַף אַלערליי גאַרגלען, ציגײַנער אין פאַרביקע קאַמזוילן קערן וועלטן, עס גייט אַ דינגעניש מיט די קאַלטבלוטיקע ליוווראַנטן. שווערע געלטער ציט מען פון די לעדערנע טײַסטערס, וואָס ליגן טיף באַהאַלטן אין די בוזעם־קעשענעס אָדער ערגעץ פאַרוקט אין אַ כאַליעווע. דאָ אַפן פערד־פּלאַץ גייט אַ גרויסע סאַקאָנעדיקע שפּיל... און טאַקע גוט, וואָס כ׳האָב זיך אומגעקערט אַהער. אָט גייט ער דאָך, דער פאַרשוין מײַנער, מיט אַ טענצל, אָן אויסגעבאָדענער אין נאַכעס, באַלאָדן מיט שקאַרמיצלעך און פּעקלעך, מיט אַ פּאָר פּאַלעניצעס אונטערן אָרעם, אין די הענט אַ קריגל ריאַזשענקע, אַ רינג וווּרשט און געפּרעגלטע פיש. ער טראָגט, אָן אַ גוזמע, אַ גאַנצן מאַיאָנטעק עסנוואַרג, עס וואָלט געקאָנט קלעקן אַף העכער אַ מיניען.

— ווו ביסטו געווען אַזוי לאַנג, איסער?

— אין האָצעקלאָץ... וואָס פרעגסטו קאַשעס, נאַר איינער, ווייסט אַליין ניט, ווו איסער קאָן אָנשפּאַרן. באַם פּריסטאַן בין איך געווען. באַנאַכט, זאָגט מען, וועט זײַן אַ פאַראָכאָד אַף אַרוף־וואַסער. נאַ, נעם בא מיר דאָס קריגל, די הענט זײַנען שוין פאַרקליאַקנעט געוואָרן. ביסט אַ מייוון, וויאַזוי ס׳איז מיטאַמאָל געוואָרן הייס אין דרויסן?

כ׳האָב זיך אַליין ניט געגלייבט, אַז דער שאָדן האָט זיך אָפּגעזוכט. איסער האָט מיך ניט אָפּגענאַרט. אַצינד גלייב איך אים אַלצדינג, וואָס ער זאָל מיר ניט זאָגן. איך זע אַרויס, אַז ער איז פאָרט אַ כעוורעמאַן מיט אַ וואָר וואָרט. איצט האָב איך נאָר שטאַרק כיישעק, אַז דער ברודער מײַנער זאָל אויך האַנאָע האָבן פון דער סודע, דערפאַר שלעפּ איך איסערן צו לייעלעס ברונעם.

— די ריאַזשענקע, — דערציילט איסער אָן אופגעלייגטער, — האָב איך געקויפט קימאַט אומזיסט, אַ מעציִע פאַר אַ גאַנעוו. שטיי, ווּהין פירסטו מיך?

— צו מײַן בערעלען.

— און טאָמער איז ער פאַרנומען? דײַן בערעלע איז דאָך ניט באַ זיך אין די הענט. פאַרגעסט, אַז ער איז אַ געדונגענער?..

יאָ, יאָ, טויזנט מאָל פאַרנומען, הונדערט מאָל פאַרטאָן אין יענעמס געשעפטן. אַוואַדע איז ביז גאָר שלעכט זײַן פאַרקויפט אין פרעמדע הענט. אַ געדונגענער טאָר אַף קיין רעגע זיך ניט אָפּרײַסן פון זײַן אַרבעט. אָר־וואָ, דער מיסכער, כאָלילע, וועט בלײַבן אָן בערעלען שטיין. ווו געפינט מען נאָך אין דער וועלט אַזאַ צעדרייטן, ווי מײַן בערעלען? נאָר כאָטש איין מאָל אין לעבן מעג אַ מענטש זיך אָנפרעסן אַ פולן בויך! ווען וועט בערעלע האָבן נאָך אַזאַ געלעגנהײַט?

— נארישקײַטן, צו א געשמאקן ביסן דארף מען דען גײן בא עמעצן לײַען צײַט? — שמײכל איך אונטער לוסטיק. — א ביסעלע צײַט װעלן מיר אים אויסלײַען, הא, איסער?

— די גרויסע צאָרע אונדזערע איז, װאָס מיר האָבן געקלאפט ניט אין דער טיר, װאָס מע דארף... — רעדט איסער צו זיך אלײן, א פארטראָגענער אין זײַנע מאכשאָװעס.

אז דער ברודער מײַנער זאָל זיך ארופװארפן אף מיר מיט אזא קאס און אזא רעציכע, אף דעם האָב איך זיך ניט געריכט. װאָס הײסט, איך דרײ זיך ארום פוסט־און־פאס איבער דער שטאָט, דערצו נאָך באָרװעס.

— אהײם, — צעשרײַט ער זיך אף מיר, — אהײם! שוין זאָלסטו גײן אהײם... — װעלכע הײם מײנט ער?..

— היץ זיך ניט אזוי, בערעלע, שרײַ אף אים ניט, — שטעלט זיך פאר מיר אײַן איסער, — ביסט אף אים גאָר א קלײנער באלעבאָס, כאָטש ער איז דײַנער א בראטאָקל.

— מיש זיך ניט, ס'איז ניט דײַן אײסעק, — װיל בערעלע ניט לײַדן, האלעמײַ איסער נעמט זיך אָן מײַן קריװודע, — ניט צוליב דעם האָב איך אים געפירט אהער אין זשיװורעטש, ער זאָל דאָ ארומלויפן װי א שנאָרער און מיך שטעלן פאר מענטשן צו כארפע. כ'װעל אים אָפגעװױנען פון די שלעפערשע געננ. בא מיר, זײַ װיסן, גײען ניט אָן די בארשעװער טנועס, העפקערדיק ארומלויפן, באָרװעס, צעכראסטעט. זע נאָר א הוילעך פון א יינגל?!

בא איסערן האָבן מאָדנע א ציטער געטאָן די קינבאקן און א שמײכעלע איז ארוף אף זײַן ערדיק־שװארץ פאָנעם.

— פאר מאָשקעלע נעכאמעס, — זאָגט ער צו בערלען, — פאסטן אזוינע רײד, ניט פאר דיר. שא, װײסטו גאָר װאָס, — פאלט איסערן אײַן א געדאנק, — װילסט, קאָן איך אים מיטנעמען קײן קיִעװ. דאָרט װעט ער געװיס װערן א לײַט. מעגלעך, אז הײַנט באנאכט זאָל איך אָפפאָרן פונ־דאנען!

— װאָס נאָך?.. — האָט דער ברודער זיך אזש דערשראָקן. — ביסט פון זינען אראָפ? װאָס הײסט עס גאָר מיט דיר פאָרן ערגעץ־װוּ אין אויסרײַסע־ניש? א שטומער װאָלט עס ניט אויסגערעדט אין קײן יאָר.

איסערס טײַנעס האָבן זיך א שאָט געגעבן אף בערעלעס קאָפ:

— װאָס אזעלעכס, װיל איך װיסן, איז דײַן זשיװורעטש? א פארװאָר־פענער העק פאר װילדע ציגן? א פינצטערע גרוב פאר קאליקעס?.. װאָלטן מיר באצײַטנס סײכל געהאט, פארקערעװעט מען טכילעס גאָר אף אן אנ־דער װעג, אין א גרעסערער שטאָט, װאָרעם אין א גרעסערער שטאָט שטײט שטענדיק א ברײטערער הימל...

— װאָס מײנסטו מיט דעם צו זאָגן? — קוקט דער ברודער אים ארײַן אין די אויגן.

— איך מײן... איך מײן, מיר װאָלטן אזעלכע ביטערע צאָרעס ניט גע־דארפט אויסשטײן, גלאָמפ אײנער, אפן הארצן װאָלט גרינגער געװען. מיר זוכן דאָך ניט קײן לעק־און־שמעק־פארנאָסעס, מיר זוכן טאכלעס, טאכ־לעס! דאָס מײן איך...

זיי האָבן זיך טאַקע גוט דורכגעווערטלט, אָבער צו קיין מאַכלויקעס איז עס ניט געקומען.

אַלע דרײַ זוכן מיר אַ שטיל באַהעלטעניש, אַז קיינער זאָל אונדז ניט שטערן. קעגניבער לייעלעס ברונעם אין אַן אָפענעם הויף איז געשטאַנען אַ פאַרלאָזטע גרויפּן־מיל, אָט דאָרט אויף די פאַרצוויטעטע קלעצער האָבן מיר געפונען אַ זיכער אָרט אויף צו פּראַוועז אונדזער סודע.

— לעקאָוועד וואָס פאַר אַ יאָמטעוו, — כידעשט זיך דער ברודער, — גיסטו, איסער, אַזאַ רײַכע סודע און פונוואַנען האָט זיך צו דיר גענומען אַזויפיל געלט?

— וואָס ווייניקער קאַשעס, אַלץ געזינטער וועט זײַן פאַר דיר.

ביז מיר האָבן זיך געזעצט עסן (די ווײַלע איז אַפּילע געווען צו לאַנג), זײַנען מיר שיר די אויגן ניט אַרויסגעקראָכן.

דער ברודער מײַנער קוקט זיך אַרום אין אַלע זײַטן פאַרלוירן און דער־שראָקן, גלײַך ווי ער איז אַרײַנגעפאַלן צווישן שיידים און ניטגוטע.

— שרעק זיך ניט, — רופט זיך אָן איסער, — קיין בען־אָדעם וועט זיך אַהער ניט דערקלײַבן.

מיט וואָס פאַר אַ כײַישן אַפּעטיט מיר האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַכילע! פריִער פון אַלץ זײַנען אַוועק אין גאַנג די געפּרעגלטע פעטע פיש מיט די גראָבע רוקנס, פון וועלכע דאָס שמאַלץ רינט אַראָפּ אויף די פינגער. אַפּילע די ביינדעלעך זײַנען צעריבן געוואָרן אונטער די ציין. דעריקער איז, וואָס מיר ווילן צו דער זעט זיך אָנעסן אויף שפּעטער אויך אָדער לע־כאָלהאַפּאָכעס גוט פאַרגעדענקען דעם טאַם פון די מײַכאָלים. פון מויל צו מויל גייט איבער דער קרוג מיט ריאַזשענקע, וואָס קילט אינווייניק, ווי קאַלטער קוואַס, מעכײַע־נעפאָשעס! די אָפּגעבראָכענע פרישע פײַדעס פאַ־לעניצע לאָזן מיר ניט אַרויס פון די הענט.

— קיִעוו — דאָס, פאַרשטיי איך, איז אַ שטאָט, — רופט איסער באַ־גײַסטערט אויס, — דאָרט קאָן מען ווערן אַ מענטש. זײַן אַ מעשאָרעס באַ יענעם אָדער אַ וואַסערטרעגער איז פאַר מיר קיין טאַכלעס ניט. אַזעלכע מעלאָכעס בין איך אײַך מויכל.

באַ בערעלען האָט זיך געשטעלט דער ביסן אין האַלדז. ער פאָכעט מיט די הענט, קוים־קוים וואָס מ׳הערט פון אים אַ וואָרט.

— פּלאַנעווועסט אַ שלעכטן פּלאַן, איסער, — בערעלע האָט אַראָפּגע־שלונגען דעם ביסן, און דאָס לאָשן זײַנס איז געוואָרן שאַרפער, דײַט־לעכער, — פון שטענדיק אָן ביסטו געוווינט אַרומגיין און שלאָגן בײַדע־קעס. פאָר, פאָר קיין קיִעוו, מע וועט דיך דאָרט אַרויס באַגעגענען מיט קלעזמער.

שיר־שיר דערגייט ווידער צו אַ קריג צווישן זיי. נאָר אומגעריכט פאַר זיך אַליין האָב איך זיך אַרײַנגעמישט.

— האָדיי! אַזוי ווי די הענער! — האָב איך אַ געשריי געטאָן. — באַלד וועט די גאַנצע גאַס קומען צו לויפן!

מײַן פּלוצעמדיקער אויסגעשריי האָט אויף ביידן געווירקט. די צוויי עלטערע כעוורע האָבן מיטאַמאָל דערפילט, אַז כ׳האָב אויך אויף עפּעס רעכט.

— זאָג אליין, — קלאָגט זיך דער ברודער, — דאָס הייסט א לײַטיש־קײַט פון א כאַווער, מיר אויסוואַרפן, אז איך בין א וואסערטרעגער, מאכן מיך מיט דער בלאָטע גלײַך?

— עפּשער טראַכט איך אויס? — צינדט זיך איסער ווידער אָן. — אײַ, ווילט איר ניט לײַדן, ניט דו, ניט מאָשקעלע, אז מע זאָגט אײַך דעם עמעס, סע שטייט אײַך ניט אָן.

— דערווײַל טראָג איך טאקע וואסער, — רופט זיך אָן בערל, — נאָר מיט דער צײַט וועל איך ווערן א שוטעף אינעם זײף־זאַוואָד. ווערסט נאָך קומען צו מיר זיך בעטן!

— א וואָס, א וואָס ווערסטו ווערן? א שוטעף אינעם זײף־זאַוואָד? — קרימט איסער איבער. — אז אָט־אָ דאָ־אָ, — ווײַזט ער אף דער דלאָניע, — וועט וואקסן האָר. ווי געפעלט ער דיר, דײַן בערעלע? זע נאָר דעם מענטשן מיט דעם קאַפּיטאַל. די האסאָגע איז גרויס. קוק אים אָן, דעם שוטעף. — איסער שטעלט זיך אף איין קני, פארברעכט, ווי א לעץ, די הענט און הייבט אָן זינגען:

— דו ווערסט זײַן א גוויר, מײַן זיאמעלע!..

בערל האָט א בארויגעזער זיך האסטיק אופגעהויבן פון די קלעצער, גענומען די ליידיקע עמער מיט דער קאָראָמיסלע און געלאָזט זיך צום ארויסגאנג.

— וואַרט, זיץ נאָך א ווײַלע, — פארשטעלט אים איסער דעם וועג, — איך בין געקומען זיך געזעגענען מיט דיר ווי מיט א כאַווער. ווער ווייסט, צי מיר וועלן זיך נאָך אמאָל זען.

— דאָס הייסט ניט געזעגענען זיך ווי מיט א כאַווער, — דרייט בערעלע אפילע ניט אויס דאָס פּאָנעם אין איסערס זײַט, — דאָס הייסט זיך נויקעם זײַן אין א כאַווער.

— זאָג מיר אויך וואָס אין דער קאָרט, נאָר דעם עמעס, דעם ריינעם עמעס, איך וועל אף דיר ניט האָבן קיין פּאַריבל, — איסער שטייט אוף פון אָרט, טוט א שלעפּ ארוף די הויזן, בינדט איבער דאָס גארטל־שטריקל, טרייסלט ארום די ברעקלעך, דערנאָך ציט ער ארויס פון דער קעשענע א פּעקל טײַערע פּאַפּיראָסן, — נא, רייכער, נעם, ס'זאָל דיר קלעקן אף שפּעטער אויך, שיינער גוויר מײַנער. ס'איז בעמיילע ניט מײַנס. איך האָב אף דעם ניט געהאָרעוועט. וואָס ראַטשעסטו די אויגן? מע זאָגט דיר נעם, טאָ נעם!

אזויווי איך רייכער נאָך ניט, איז איסער מיך מעכאַבעד פון עפּעס א שקאַרמיצל מיט שטיקער צונויפגעקלעפּטע מאַליאַס־מאָנדלען.

— אָט אזוי איז עס, ברודערקע, — קלאַפּט ער מיר צו אין פּלייצע, — זיץ און וואַרט, ביז בערל וועט ווערן א זײף־זאַוואָדטשיק... מע קאָן פארוואַרפן די ציין אף די באַנטעס.

מיט עפּעס א באַזונדער וואַרעם געפיל, פול מיט ליכטיקע האָפענונגען, האָט איסער פאר אונדז געמאָלט זײַן נעסיִע קיין קיִעוו:

— מיינט ניט, כעווריע, אז איך בין שוין אינגאנצן אזא אָפּגעריסענער נאַר. קיין פייגעלעך לייג איך זיך ניט אין בוזעם, אָבער אזוי ווי דאָ, אין זשיוורעטש, וועל איך זיך ניט מאַטערן. ס'איז שטארק נימעס געוואָרן דאָס

ארומבלאָנקען ווי אַן איבעריקער אויף דער וועלט. אין קיִעוו וועל איך זיך שטעלן ארבעטן אין א גרויסער פאבריק אָדער אויף א זאוואָד, מע וועט מיר געבן א דירע אין א בורזשויסקן מויער, דאָס האָב־און־גוטס זייערס איז געבליבן פאר די ארבעטער, פאר דער אָרעמשאפט. וואָס זשע בין איך ערגער פון אלעמען? אויב אזוי, קומט מיר אויך א כיילעק.

— א יוירעש האָט זיך געפונען, — לאַכט בערעלע פון איסערן, — צע־עפנט ברייטער די טויערן, ער פאָרט קיין קיִעוו יארשענען דעם טאטן זיינעם.

נאָר איסער לאָזט זיך ניט אראָפּשלאָגן פון דער פאנטעליקע. ער נעמט נאָך מער באגייסטערט דערציילן, וואָס ער וועט טאָן אין דער שיינער שטאָט קיִעוו. ער איז איינגאנצן ארייַנגעטאָן אין זיין כאָלעם.

— אָפּגעארבעט דייַנע אכט שאָ, גייסטו דיר געזונטערהייט אהיים. ווילסטו אין טעאטער, זייַנען די טירן פאר דיר אָפן. שפאצירן? ווער וועט דיר זאָגן ניין? מיט אלע קאָוועדן. ווילסטו גיין זען טומאנע קארטינעס? גיי און קוק וויפל דייַן הארץ גלוסט. וואָס קאָן נאָך זיין פאר א שענער לעבן?.. הייַנט וואָס איז שלעכט נאָך דער ארבעט ארומשפאצירן סטאם אזוי איבער די גאסן, פאָרן אויף די טראמווייַען, פארברענגען אין די שטאָט־גערטנער. איך בין אַן ארבעטער, א פּראָלעטאריער. מע דארף עס גוט פארשטיין, וואָס דאָס באטייַט. קיינער וועט דיר קיין וואָרט ניט זאָגן. אלצדינג איז דייַנס. דעם פּראָלעטאריער קומט דער אויבנאָן, וואָרעם ער איז דער עמעסער באלעבאָס. דאָס איז א ביסעלע מער ווערט ווי זיין א זייף־זאוואָד־טשיק.

— זאָג נאָר, איסער, מע קאָן ניט פארבלאָנדזשעט ווערן אין אזא גרויסער שטאָט? — פרעג איך א פארקישעפטער פון זיין דערציילונג.

— עך, נארעלע, נארעלע, וואָס גרעסער די שטאָט, — ענטפערט איסער ניט געטראכט, — וואָס מער מענטשן, אלץ ווייניקער ווערסטו בלאָנדזשען. עמעצער וועט דיר שטענדיק וויַיזן דעם ריכטיקן וועג. דייַן בראטאָקל, — טוט ער א ווונק צום ברודער, — דארף אויך א גרויסע שטאָט.

אומצוטרוילעך פרעמד קוקט אויף אים מייַן בערעלע. עפּעס צו שיין דערציילט דער כאווער זייַנער וועגן דער גרויסארטיקער שטאָט.

— ע, טראכסט אויס, צי דען זשע איז דאָרט ניטאָ קיין מענטשן, וואָס לעבן אין נויט?

עפּעס אזוי, ווי מע וואָלט אים, איסערן, מיט דער פראגע אראָפּגעשלאָגן פונעם גלייַכן וועג, נאָך א היפּשער ווייַלע שווייַגן זאָגט ער:

— אָבער ערגער, ווי דאָ, אין זשיוורעטש, וועט מיר ניט זיין? וואָס ווער איך אָן? וואָס דערלייג איך, נאָר איינער?!

אָפּגעזעגנט זיך מיט איסערן, צוגעווינטשעוועט אים אלדאָסגוטס, גע־געבן א שוווּע אים אייביק צו געדענקען, האָט בערעלע זיך געלאָזט מיט די ליידיקע עמער צו לייעלעס ברונעם. שוין גאנץ ווייַט אָפּגעגאנגען, איז דער ברודער פּלוצלינג געבליבן שטיין, גלייַך ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס פארטשעפּעט, און מיך שטיל, אָפּן ווונק, א רוף געטאָן.

— זאָג נאָר, — פרעגט ער מיך סוידעסדיק, ווען איך בין צוגעלאָפן צו

אים, — מאָשקעלע נעכאמעס האָט צו דער סודע ניט געוואָלט גיין, צי ער האָט עפשער נאָכאמאָל זיך צעקריגט מיט איסערן?

איך האָב א הייב געטאָן די אקסלען, ווי איינער רעדט: וואָס פרעגסטו מיך? פונוואנען זאָל איך וויסן?

עטלעכע רעגעס איז בערעלע געשטאנען א געקלעמטער אין ספייקעס, דערנאָך האסטיק געלאָזט זיך מיט די קלינגענדיקע עמער הינטער דער פלייצע צום נידעריקן ברונעם. כ'האָב עפּעס פאר מײַן ברודער יעסורים געהאט... אָבער איך פארגעס גלײַך אין זײַן נידערגעשלאָגנקײַט און לאָז זיך צו איסערן. ס'איז מיר שוין ווידער גוט.

זאטע, זאָרגלאָזע, העפקערדיקע, זײַנען מיר נאָכאמאָל באנאנד דורכגעגאנגען פארבײַ דעם רוישיקן מארק.

— א שאָד, — מאכט איסער, — וואָס דו ביסט ניט בא זיך אין די הענט... ווער־ווער, נאָר איך וואָלט פון דיר געמאכט א לײַט. אפן ברודער האָסטו זיך ניט וואָס צו פארלאָזן, דערווײַל איז ער אליין אף געהאקטע צאָרעס. ער איז טאקע אן אײַנגעשפארטער, ניט קיין פוילער, וויל זיך צו עפּעס דאָביוועז, נאָר ער פארגעסט איין קלייניקײַט, אז ס'איז גאָר אן אנדער צײַט. מ'דארף זוכן אנדערע וועגן צו עמעסן טאכלעס...

בא דער כורווע בלײַבט איסער שטיין א צערודערטער. ער האָט אין איין אויגנבליק זיך געענדערט מאמעש אף ניט צו דערקענען. זײַן פּאָנעם איז אָנגעגאָסן געוואָרן מיט קאס.

— שלימאזל וואָס דו ביסט... צורע מיט לאָקשן!.. — זידלט ער דעם שיקערן בינדיוזשניק, וועלכער זיצט אף די ציגל און שפּײַט אין אלע זײַטן.

איסער פּרעסירעט מיך און לויפט אוועק צום שיקערן באלעבאָס זײַנעם, בא וועמען ער האלט נאכטלעגער, גלײַך ווי עס וואָלט געווען זײַן אייגענע כארפּע, וואָס יענער ליגט דאָ אין אזא צושטאנד. ער שטופּט אָפּ דעם צונויפגעלאָפענעם אוילעם, וואָס קוקט צו מיט פארגעניגן דאָס לוסטיקע בילד, נעמט שטײַף אָן דעם שיקער פארן גארטל און שטעלט אים אף די פיס. יענער גיט זיך עטלעכע מאָל א וואקל און פאלט, ווי אן אונטערגעזעגטער בוים, אף איסערס האלדז.

— פיר מיך, סינקו[1], אָפּ אהיים! — ער האָט זיך שווערגופיק אָנגעוואלגערט אף איסערן, מיט דער רעכטער האנט ארומגעפלאָכטן זײַן האלדז, אין דער צווייטער, אראָפּהענגענדיקער האנט באָמבלט זיך דער שטרויענער קאפּעליוש. — פארזשליאָקעט דאָס פארדינסט... קיין פרוטע ניט געבליבן בא דער נעשאָמע. א שווארצע כאָליערע אין די ביינער... אוליאנצע וועט מיך אײַנשלינגען לעבעדיקערהייט. אוי, דורען, דורען, נארישער קאָפּ... — דער שיקער האָט זיך גענומען לאשטשען צו איסערן. — דו ביסט מײַן טרייסט... הארני כלאָפּעץ... זשאל, שטשאָ נע רידני[2]... טערענטי וועט מאכן פון דיר א מענטש... דו האָב אים ליב ווי אן אייגענעם פאָטער... ער איז עלנט, טערענטי, איינזאם... דורען, דורען, — רײַסט ער פון זיך די פּעל, — נארישער קאָפּ...

---

[1] זונעניו; [2] א ווילער באָכער, א שאָד, וואָס ניט קיין אייגענער (אוקר.).

איסער האָט אים געפירט, אפּאָנעם, דאָס לעצטע מאָל אהיים אַף דער דאָהאָליוּוקע...

...מאַריעם די שנײַדערקע האָט מיר אָנגעזאָגט און אומגעריכטע בסורע: דער ברודער מײַנער וואַרט שוין א צײַט אין דרויסן.

— גיי צו אים.

בערעלע זאָל קומען אינדערפרי, דאָס איז פאַר מיר א כידעש. וואָס זשע האָט אזעלכס געטראָפן?.. ניט קיין גוטער פאָרגעפיל פאַרגאַנוועט זיך צו מיר. יאָ, עפּעס שרעקלעכס, שטויס איך זיך אָן, איז געשען. א דער־שראָקענער בין איך ארויסגעשפּרונגען פון דער שטוב.

מאָשקעלע נעכאַמעס און דער ברודער מײַנער שטייען און סוידען זיך.

— אהער גיי! — רופט מיך בערעלע שטיל מיט פאַרבאַהאַלטענעם קאַס.

— אָט איז ער דאָך... — כאַפּט מיך מאָשקעלע פאַרן קאָלנער, איך זאָל ניט אנטלויפן. זיי פירן מיך אוועק מיט גוואַלד אין א פאַרוואָרפן ווינקל, ווו מ׳זעט ניט קיין מעשוגענעם הונט.

— איך וועל פון דיר די לעצטע הויט אראָפּשינדן, — שרעקט מיך דער ברודער, — גיב אים אָפּ דאָס געלט ביז א קאָפּעקע!.. — ווײַזט ער אַף מאָשקעלע נעכאַמעס. — הערסט, וואָס מ׳רעדט צו דיר? ביז איין קאָ־פּע־קע!

כ׳קוק זיי ביידע אָן, ווי די מעשוגאָים: וואָס וויל מען פון מיר? וועלך געלט, וואָס פאַר א געלט?

— זע נאָר, ווי ער מאכט זיך געפּייגערט... ווייסט, נעבעך, ניט פון וואָס צו זאָגן. א נעווינעקל, גאָט די נעשאָמע שולדיק...

סאַרא בלייכקײַט עס ליגט אויסגעגאָסן אַף מאָשקעלעס פּאָנעם! אײַנגעג־ראָבן די אויגן, די הענט ציטערן, ווי בא א טיפן זאָקן.

— וואָס האָט איר געהאַט צו מיר? — אָקאָרשט ער פּראַלט ניט ארויס מיט א ביטערן געוויין. — בא וועמען?..

— זאָג מיר נאָר דעם ריינעם עמעס, זײַ זיך מוידע, — נעמט מיך דער ברודער צום צימבל, — ביסט געווען מיט איסערן באַם שטעלכל? זאָג, ביסט געווען?

— יאָ, געווען, — בין איך זיך מוידע, — נו איז וואָס?..

— אָט וועל איך דיר באַלד געבן א וואָס, וועסטו בא מיר קלײַבן די ציין!

— איבער דיר... איבער דיר האָט לייזער דער פישער מיך ארויסגע־וואָרפן אַף דער גאַס, — שטיקן מאָשקעלען שווערע טרערן אין האַלדז. — ווו וועל איך זיך איצטער אהינטאָן?.. פאַרוואָס האָט איר מיך אומגליקלעך געמאכט?..

אומגעריכט האָט דער ברודער הילכיק מיר א פּליאַסקע געטאָן איבערן פּאָנעם. דער פּלוצעם פינצטער געוואָרענער דרויסן האָט זיך מוירעדיק גענומען וויגן הין און הער... איך פיל, ווי אָט־אָט האַקן זיך מיר אונטער די פיס. א טויבער רויש שטייט אין די אויערן...

— שוין זאָלסטו דאָ אָפּן אָרט, פאַר מײַנע אויגן, אוועקלייגן דאָס געלט. איך וועל דיר ניט שווײַגן, גאַנעוו איינער! וועסט בא מיר אָפּגיין מיט בלוט... איך וועל באַלד פון דיר מאכן אש און פּאָרעך...

אין א פּאָר רעגעס ארום קום איך צו־זיך, כ'דערפיל אין מײַנע אייוורים עפּעס א מין אופגערעגטע צעוואַרעמטקײַט און בין קאַפּאַבל זיך ארופ־ווארפן, ווי א צערייצטע כײַע, אף מאַשקעלען מיט בערעלען, דראַפּען זיי און בײַסן, שלאָגן מיט די פיס, כאַפּן א שטיין און ווארפן אין קאָפּ, אָבער זיי האָבן פארבראָכן מײַנע הענט אף הינטן און האלטן מיך, ווי צוגע־שמידט מיט צוואַנגען. כ'קאָן זיך קיין ריר ניט טאָן... שווערן זיך? ווער וועט גלייבן מײַנע שוועס? גלײַכער פון אלץ איז שווײַגן. שווײַגן און נאָר שווײַגן... מ'זאָל מיך האקן און בראָקן, וועל איך קיין פּיפּס ניט ארויס־ברענגען. אָט אזוי, האָב איך געפּױעלט בא זיך, וועל איך שטיין מיט פּאַר־שטשירעטע ציין, און זאָלן זיי פּרוּוון אײַנברעכן מײַן אקשאָנעס.

מאַשקעלע טרייסלט איבער אלע מײַנע קעשענעס, באַזוכט מיך פון קאָפּ ביז די פיס. ער איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אזוי דערשלאָגן און פארוויסט. אין דער מינוט האָט מיר שטארק ווי געטאָן אף אים דאָס הארץ. אײַ, מאַשקעלע, מאַשקעלע, וואָס איז פון דיר געוואָרן?.. א לעמעשקע! ניטאָ מער קיין פרישע הייסע פּיפּאַלקעס מיט געבריטער מילך אף צו זשליאָקען. איסער, דער גאזלען, ניט געדאכט זאָל ער ווערן, האָט אָן ראַכמאָנעס ארויסגעשלאָגן פון דײַנע קלעפּיקע פישער־הענט דעם ברוינעם ווארעמען קרוג...

— צו וועמען זאָל איך גיין און צו וועמען זאָל איך זיך ווענדן?.. — קלאָגט מאַשקעלע, ווי א באַוויינערן, און ברעכט די הענט. — געקוילעט אָן א מעסער. געלאָזט אפּן מיטן טײַך... וואָס האָט איר געהאט צו מיר? גיט מיר אָפּ מײַן געֿ־ע־ע־לט!..

אָט אזוי, האָב איך געהערט ניט איין מאָל, באַווײנען ווײַבער א גע־שטאָרבענעם. דער קלאָג־ניגן איז מיר זייער גוט באַקאַנט. שווינד־שנעל איז דורכגעלאָפן א ליכטיקער געדאַנק: אַך, ווען דאָס מאזל מײַנס שפּילט צו און איך קאָן געפינען אָן אויצער אָדער זאָל אפילע זײַן ערגעץ־ווו, אין גרויס סאקאָנע, טאקע צוגאַנוווענען א פּויטעקע... איך וואָלט אפילע אף דעם אײַנגעגאַנגען. דאָס גאַנצע פארמעגן וואָלט איך אָפּגעגעבן מאַשקעלען, אבי איך זאָל אים ניט זען אין אזא בראָך. אָבער ליידער, קאָן עס ניט מעקויעם ווערן. איין וויכטיקע זאך וואָלט איך דאַפּקע יאָ געקאָנט מאַש־קעלען זאָגן. ווען ער קאָן אָניאָגן איסערן... זיך לאָזן פלי׳ען אף פליגל, דעמלט, מעגלעך, וואָלט ער געווען א געראַטעוועטער... אָבער גראדע דאָס וועל איך אים ניט זאָגן.

— געפרעסן, געזויפט, געפראוועט סודעס, — האלט דער ברודער מיך אין איין הריזען, — וואַרט, עס וועט דיר אויספאלן באָקאָם! גאַנעוו, אוועק פון מײַנע אויגן... איך קאָן דיך ניט אָנקוקן, פראַנצעוואַטער!..— א ווײַסער שוים זעצט אזש פון זײַנע ליפּן. — קלאַפּיר אָט דאָ אפּן אָרט, ווער אײַנ־געזונקען, וואָס דו ווילסט, טו, נאָר דאָס געלט גיב אָפּ מאַשקעלען... עס וועט דיר גאָרניט העלפן, בא מיר וועסטו מיט קיין גאַנצע אייוורים ניט ארויס! גיב אָפּ דאָס געלט!..

רעד צום באַליק... צום לאָמפּ... פּרוּוו צאַפּן פון דער וואַנט ווײַן... איך שווײַג.

יעדער שטורכע, וואָס בערל דערלאַנגט מיר אין זײַט ארײַן מיטן פּאַר־

שפּיצטן עלנבויגן, צווינגט מיך זיך אזש צוזעצן צו דער ערד. פאַרדריסן פאַרדריסט זיי, באַזונדערס, וואָס איך שווײַג, ווי א שטומער, און וויל זיך אפילע ניט פאַרענטפערן. ביידע זאָלן אפילע פלאַצן, אויפגעלאָפן ווערן, וועלן זיי בא מיר גאָרניט ארויסציִען. קלעפּ? קלעפּ וועלן ניט העלפן... זיי האָבן מיר געטאָן אין טויט אריַין, איך זאָל זיי כאָטש זאָגן, עפּשער האָט איסער געגאַנוועט דאָס געלט.

— כ׳ווייס ניט...

— וואָס זשע ווייסטו, טאַם?

— גאָרניט ווייס איך ניט.

ס׳איז געבליבן, מ׳זאָל גיין צום טײַך, עפּשער איז איסער נאָך ניט אוועקגעפאָרן.

אומזיסט, לאַכלוטן אומזיסט איז געווען דער ווײַטער גאַנג צום ברעג. איסער הערט אײַך פאַר א פירער, ער שטעקט שוין ווײַט אין וועג. נאָכן פישערס געלט מעג מען שטעלן א ליכטל. צוריקוועגס האָט מאָשקעלע גע־כליפּעט ווי א קליין קינד. בערעלע סטאַרעט זיך אים באַרויִקן, אײַנעמען, טרייסטן. ער, דער ברודער מײַנער, וועט אליין איבעררײדן מיט לייזער דעם פישער. ס׳טרעפט אן אומגליק, א צאָרע, אזוי וועט ער אים טאַקע זאָגן, וואָס זאָל מען טאָן?.. מאָשקעלע איז ריין פון זינד, דאָס קאָן ער גיין שווערן בא וואָס הייליק איז. מאָשקעלע נעבאַכמעס, ווייסן אַלע ווויל, איז אַן אָרנט־לעך ייִנגל... פונוואַנען ווייסט ער, דער פישער, אַז בא מאָשקעלען האָט מען ארויסגעגאַנוועט דאָס געלייזטע געלט? עפּשער האָט מען בא אים אליין, באַם באַלעבאָס, צוגעלאַקחנט דעם פּידיען... וויאַזוי קאָן מען דער־ווײַזן אַזאַ זאַך?..

— קום צום פישער, קום, מאָשקעלע. איך וועל אים שוין וויסן וואָס צו זאָגן...

## אפן וועג אהיים

די היגע באַלעגאָלעס פאָרן ניט קיין באַרשעוו. קוידעמקאָל דערפאַר, מאַכמעס אף די וועגן איז ניט אײַנגאַנצן רויִק, ערגעץ הוליען נאָך באַנ־דעס, פאַרדעכטיקע הײַפלעך שלעפּן זיך אַרום באַוואָפנטע פון איין יישעוו אין א צווייטן, מאַכן איבערפאַלן, ראַבעווען, האַרגענען אײַנמיטן וועג. ווילן זיי, די היגע באַלעגאָלעס, ניט אײַנשטעלן, און, צווייטנס, איז עס טאַקע צו א ווײַטער מעהאַלעך. ס׳איז דאָ, דאַנקען גאָט, פאַרשוינען אין נעענטערע שטעטלעך. צוליב וואָס זשע, פרעגט זיך, דאַרף מען טרײַבן די פערד ווײַ־סעך־ווי, ערגעץ אין אויסרײַסענישן? דערצו איז מען נאָך ניט זיכער מיטן לעבן. אָט האָט מען יענע וואָך אף סטעפּעניצער וועג אוועקגעלייגט אף טויט א מויער־געזונטן באַלעגאָלע, א טאַטע פון פיר פּיצלעך קינדער. פאָרן קיין באַרשעוו איז פאַר די היגע באַלעגאָלעס נאָך ווײַטער, ווי פאָרן קיין אַמעריקע...

אַזויווי ער האָט קיין אַנדער ברירע ניט, מײַן ברודער, וועט ער זען גאָר אײַנגיכן מיך אָפּשיקן אהיים צו דער מאַמען מיטן פּאַראָכאָד, דערנאָך

וועל איך זיך שוין אליין ווי־עס־איז דערקלײַבן צו אן אײַזנבאן. ס׳איז אלציינס ווי אָנעמען איבערן קאָפּ מיט דער רעכטער האנט דעם לינקן אויער. צוליב דעם איך זאָל קאָנען אוועקפאָרן, זאָגט בערעלע, איז נייטיק אָנזאמלען א ביסל מאמטאקים, מ׳דארף גוט־גוט צוהאָרעווען. בא מיר הייסט עס נאָכאמאָל טערפּען, ווידעראמאָל ווארטן... אף דעם בין איך מער קיין באלן ניט. די וועלט מעג זיך איבערקערן, און איך וועל אליין געפינען דעם וועג קיין בארשעוו. די באלעגאָלעס האָבן וואָס אײַנצושטעלן, אָבער איך, בא מײַן גאנץ געראָטנקײַט, וואָס קיינער וויל מיר אף דעם ניט מעקאנע זײַן, האָב ניט וואָס צו פארלירן...

קימאט אלע טאָג גיי איך אראָפּ צו דער מוטנער ריטשקע וואשן דאָס איין־און־איינציקע אונטערשטע העמדל מײַנס, איך הענג עס אוף טריקענען אף דער פּאָרענטשע פון דער קלאדקע. דאָרט שײַנט בעסער די זון. ווען די צעקאלויצעטע, שנעל־לויפיקע וואסער זאָל ניט זײַן קאלט, ווי אײַז, וואָלט איך זיך מיסטאמע געבאָדן אויך. באם וואשן דאָס העמדל פארגייען שטענדיק זאשפּערעס אין די פינגער. אָפּט קומט אויס ארויסכאפּן די פארבלאָווטע הענט פון דער וואסער און דערווארעמען זיי מיטן הויך פונעם אָטעם. די ווילדע, צעבויטעטע ריטשקע פליסט שנעל, זי איז ברודיק, טראָגט מיט זיך קאָלערליי פּסוילעס, שפּענער, צווײַגלעך, שוים פון איבערגעמישטע קויטיקײַטן. זי שנײַדט שארף ארום די שוואַרצע פארבלאָטיקטע ברעגן. איבערגעראָיעטע הרודעס ערד מיט שטארצנדיקע וואָרצלען פון פאראיאָריק גראָז, געל איבערגעפוילט, וואלגערן זיך אף ביידע זײַטן טײַך. ס׳איז אלץ רוי. די ריטשקע איז אויך רוי. די ווייכע ערד — נאָך מער רוי, אפילע דער דרויסן איז א רויער... ווען דאָס אויסגעוואשענע העמדל טריקנט זיך אויס און איך צי עס ארוף אף זיך, פיל איך דעמלט א געזונט אין מײַן אויסגעדייוועט לײַב. דער קאָפּ ווערט לויטערער, און אף דער נעשאָמע ווערט גרינג א פארגעניגן. אלע מענטשן ווערן מיר ליב, איך טראָג אף קיינעם קיין שום פארדראָס ניט. אויב עמעצער האָט מיר געטאָן שלעכטס, ווען־עס־איז באוולט, בין איך יענעם מויכל. אלעמען קאָן איך פארגעבן, נאָר ניט דעם ברודער מײַנעם... אים וועל איך אזוי גיך ניט פארגעבן. אָבער וועגן דעם ווילט זיך ניט טראכטן, מײַנע געדאנקען זײַנען פארנומען מיט דער נעסיִע, וואָס שטייט מיר פאָר די נאָענטסטע טעג. אהיים... אהיים... וואָס גיכער אהיים. ניטאָ אין דער וועלט קיין בעסערע זאך, ווי די היים — אוי, אהיימעניו...

דער אנטלאָפּענער איסער קומט מיר אפּן זינען. יאָ, בעפּיירעש, איך בין אים שטארק מעקאנע. וויפל, אשטייגער, איז אָפּגעגאנגען, כ׳זאָל צושטימען פאָרן מיט אים אין דער גליקלעכער שטאָט, ארוף־וואסער. איסער וועט דאָרט ניט פארפאלן ווערן. ער וועט זיך שטענדיק זײַנס דאָביוען. ניט בערעלע, ניט מאָשקעלע נעבאכמעס קאָנען זיך צו אים גלײַכן.

ווער ווייסט ניט, אז לייזער דער פישער איז א ייִד א שוטע, דערצו נאָך אן אײַנגעשפּארטער בופלאקס. ער וויל טאקע מאָשקעלען ניט נעמען צוריק אין מיסכער. וויפל דער ברודער האָט מיט אים ניט געטײַנעט, געבעטן, געפאלן שיר ניט צו די קני — איינמאָל ניין. ער וויל ניט, און שוין. זאָל מען אים אפילע ניט פּרווון צוריידן, וואָרעם אלע רייד זײַנען ארויס־

געוואָרפן אפן ווינט. בעמיילע דארף קומען זייַנער א פלעמעניק פון קאָ־
מענע־בראָד, אויך א האלבער יאָסעם און האָט אויך ניט ווו דעם קאָפּ
צושפּארן. ס'איז נאָך זייער לייַטיש פון זייַן זייַט, זאָגט לייזער דער פישער,
וואָס ער איז ניט געגאנגען מאסערן אהין ווו מ'דארף און מ'האָט דעם
ווערעמדיקן מאָשקעלען ניט אוועקגעזעצט אין קעסטעלע...

דאָס וואָלט שוין געווען גאָר שיין. גוט, וואָס ס'האָט זיך אונטערגע־
כאפּט דער הינקעדיקער אייַנבינדער, פּייַוויש מיט די זעקס פינגער, און
מאָשקעלען פרילאָנטשעט צו זיך. אפן שטיקל ברויט וועט ער שוין, מאָש־
קעלע, יאַקאָס פארדינען. סיי מאָשקעלע און סיי דער ברודער ווילן אויס־
ברייַען, אז דאָס האָט דער אלטער אייַנבינדער אומיסטן געטאָן די טויווע,
אף לעהאכעס דעם פישער, זאָל ער ניט מיינען, אז ס'איז פארשפּארט
בראָד. אור־ווא, קלער איך פאר זיך, דערוואָרגן דעם פישער מיט א ווארע־
ניק.

זינט מייַן בערל האָט מיר יענעם טאָג נאָכן גרויסן יאריד געגעבן אומ־
זיסטע פעטש, מעוואזע געווען, געזידלט ווי דעם סאמע לעצטן, איז ער
מיר געוואָרן ביז גאָר פריקרע. כ'האָב אים אינגאנצן אויסגעמעקט פון מייַן
הארצן... איך ווייס, אז ער האָט כאראָטע, דערפאר פרווט ער זיך אייַנ־
קויפן אין ליבשאפט, ווייַזט ארויס הארציקייַט, ברידערלעכע געטרייַשאפט,
רעדט ווייך, צוגעלאָזן. ווילסט, איך זאָל עס פארגעסן, מויכל זייַן?.. קיינמאָל
ניט... א געעפנטע וווּנד אין דער נעשאָמע איז שווער צו פארהיילן. פאר
מיר איז איצט בלויז דאָ אף דער ערד איין מאמע, איינע... צו איר צי איך
זיך מיט דער גאנצער נעשאָמע און מיט אלע מייַנע כייַעסן.

אפדערנאכט, ווען בערל איז ווידער געקומען צו זוסי דעם שנייַדער אין
שטוב זיך זען מיט מיר, האָב איך הארב און אנטשיידן געמאָלדן:

— מאָרגן לאָז איך זיך גיין צופוס אהיים.

— כא־כא־כא, — פּראלט ער אויס מיט א מעשוגעדיק געלעכטער. —
א מעשוגענעם דארף מען אויסמעקן און דיך ארייַנשרייַבן, כא־כא־כא!

זע נאָר, זע, וואָס פאר א נארישעוואטער געלענדער איז אף אים אָנגע־
פאלן. ער מיינט, אז איך טרייַב קאטאָוועס, ניין, ברודער־לעבן, דאָ גראדע
האָסטו א גרויסן טאָעס, קענסט מיך ווינציק.

— ווער וועט דיר געבן אפן וועג צו אכלען? — שטעלט ער מיר א
קלאָץ־קאשע. — שלאָג זיך ארויס דייַנע פּוסטע געדאנקען פונעם קאָפּ.
מענטשן וועלן פון דיר לאכן. א העלד האָט זיך געפונען!

— אזוי ווי דו זעסט... א העלד ניט קיין העלד, — ענטפער איך אים
אויך אין דער גאל ארייַן, — ווילסט, געזעגן זיך אצינד, ווילסט, גיי מאָרגן
ארויס צו מענדלס בארג. פאר מיר איז עס א קליינע נאפקעמינע. און אז
דו ווילסט גאָר, קאָן מען זיך אינגאנצן ניט געזעגענען... ביידע וועלן מיר
דאָ גאָרניט דערלייגן.

— זאָג מיר נאָר, שיינער כאָכעם, וואָס האָסטו פארטראכט? — גייט ער
אזש ארויס פון די קיילים. — דו פּראווע מיר ניט דייַנע פוילע שטיק!
ס'וועט פאר דיר זייַן ערגער, געדענק!

בערעלע מיינט אוואדע, אז איך ווער שטארק ניספּאָעל פון זייַנע
שטרענגע וואָרענישן.

באם שנײַדער אין שטוב האָט מען מיך אויך אָנגעקוקט ווי עפּעס א צעדרייטן:

— א ייִנגל נעמט זיך אַרײַן א מאנקאָליע אין קאָפּ... וואָסי, דאָס לעבן איז דיר נימעס געוואָרן?

מאַריעם האָט נאָך צוגעלייגט א קנייטל:

— גיי רעד, אז ס׳פעלט אים א קלעפּקע אָט דאָ־אָ, — ווײַזט זי אפן קאָפּ.

גיין צופוס קיין בארשעוו הייסט בא זיי זיך לאָזן אַף קידעש־האשעם. ס׳אַרט מיך ניט שטאַרק, וואָס מ׳גיט בערעלען אַפּ דאָס גערעכט. איך ווייס מיר מײַנס.

צום לעצטן מאָל, אַף צו פארגעדענקען עס, באטראַכט איך זוסי דעם שנײַדערס שטוב. נאָך ניטאָ קיין גאַנצער כוידעש, ווי איך האַלט זיך אוף בא זיי, און מיר דאַכט, אז ס׳איז שוין אַוועק יאָרנלאַנג. איך ווייס אַף אויסווייניק, מיט פארבונדענע אויגן, וואָס אין דער מישפּאָכע טוט זיך אָפּ יעדן טאָג. מיר זײַנען שוין גוט באקאַנט אַלע זייערע פּאָוואָדקעס, איך ווייס זייערע מײַלעס און כעסרוינעס, ווען עמעצער פון זיי פעלשט און ווען ער זאָגט דעם עמעס. איך האָב צו זיי, כאָלילע, גאָרניט. פונדאַנען גיי איך אַוועק אָן פאַריבל און אָן א שווער האַרץ. ס׳האָט מיך דאָ קיינער באזונ־דערס ניט באאוולט, נאָר קיין פרייד אויך ניט פאַרשאַפט. די גאַנצע צײַט האָב איך זיך געפילט אין דער גרויסער מישפּאָכע עלנט, איינזאַם, פאָרט אין דער פרעמד, פאָרט אָן אָנגעוואָרפּענער. דאָס האָב איך פאַרשטאַנען פונעם ערשטן טאָג אָן. כ׳בין זיך אַליין מעקאַנע, וואָס איך פאַרלאָז ענד־לעך די דאָזיקע שטוב... וויִאזוי איך זאָל ניט זײַן זײַן בארויגעז אַף בערעלען, וועל איך אים דאָך קיינמאָל אין לעבן ניט פאַרבײַטן אַף מאָנישן, אַף יאַנ־קעלען אָדער אַף ייִסראָליקן, — פונדעסטוועגן, וועדליק אַנטקעגן אַנדערע, זײַנען זיי גאָר ניט אַזעלכע שלעכטע כעוורע. פאַראַן אַף דער וועלט א סאַך, א סאַך ערגערע. איצט בלײַבט פּרײַנטלעך זיך געזעגענען, שיין באַ־דאַנקען, ווי עס פּירט זיך.

פאַרטאָג, נאָך איידער ס׳האָט געוומען בלאָוו ווערן אין די פענצטער, האָב איך פאַרנומען מײַן קליין פּעקעלע, וואָס איז מער ניט ווערט ווי א האַרטן זעץ אין דר׳ערד, און זיך געזעגנט מיט זוסי דעם שנײַדערס מיש־פּאָכע, צוגעווינטשעוועט אַלעמען און יעדן באַזונדער א גוט לעבן, מיט א סאַך מאַזל און בראָכע. זאָלן זיי קיינמאָל פון קיין שלעכטס ניט וויסן. ווען־ס׳ניט־איז, איך גלייב, אז עס וועט קומען אַזא צײַט, וועל איך זיי פאַר דער טויווע, וואָס זיי האָבן מיר געטאָן, אָפּדאַנקען מיט פּראָצענט.

די גאַנצע מישפּאָכע פונעם קלענסטן ביזן עלטסטן, האַלב אָנגעטאָן, איז אַרויס אַפן גאַנעק מיך באגלייטן. צוליב וואָס נאָך דער טאַראַראַם? בראָ־כעס און ווינטשעוואַניעס פולע זעק, אַף ניט צו דערטראָגן אַזא ווײַטן מעהאַלעך... דאָס איינציקע, וואָס שלאָגט צום האַרצן, איז דער ראַכמאָ־נעס, וואָס מ׳שפּרייט ניט געזשאַלעוועט פאַר מיר אויס.

— ריבוינעשעלוילעם, דו זעסט אלצדינג צו, פארנעם די יעסורים פונעם יונגן נעפעש, — שעפטשען טכינעדיק־פרום מאריעמס ליפּן.

— גיי געזונט, און זאָל זײַן מיט האצלאָכע און מיט גליק! — זאָגט זוסי. — מעשאנע מאָקעם, מעשאנע מאזל.

פונדעסטוועגן פארשטיי איך מיט מײַן סייכל, אז אינווייניק אין הארצן זײַנען זיי צופרידן, וואָס זיי ווערן סאָפקאָלסאָף פּאָטער פון אן אומזיסטער אָנשיקעניש אף זייער קאָפּ. איך, מיט וועמען זיי צעשיידן זיך אזוי גע־מיטלעך און פרײַנטלעך, וויל טאקע אויך וואָס גיכער זיך לאָזן לויפן פונ־דאנען, לויפן וווהין די אויגן וועלן טראָגן... נאָר אזוי איז שוין בא מענטשן, אפּאָנעם, אָנגעגנומען פון קאדמוינים אָן — שפּילן א צווייענדיקע שפּיל... ווען וועלן זיך שוין מענטשן אויסגעבן אזוי ווי זיי שטייען און גייען? דעמלט וואָלט די וועלט אליין געוואָרן גרעסער און שענער. ליב האָבן דעם עמעס דארף מען אויך מיט אן עמעס.

בערנאדינערס אפּטייק האָט מיך דאָס לעצטע מאָל, איידער איך פאר־לאָז זשיוורעטש, ווידער א צי געטאָן צו זיך מיט א גוואלדיקן מאגניט־קויעך. איך קאָן גאָר ניט אָפּרײַסן די אויגן פון די גרויסע בלויע ברילן, וועלכע הענגען אף א דינער געזילבערטער שטאנג. מײַן פארבאָרגן ער־טעלע, ווו איך שטעל זיך אוועק קוקן אין דער טיף פון דער בלויער וועלט, איז די אלטע איבערגעקערטע פאס פון יענער זײַט פלויטל אינעם אפּ־טייקערס הויף. עמעס, די צערעפּעטע פאס איז א ביסעלע מיט א זײַט אָנגעבויגן, אָבער עס מאכט ניט אויס, קוקן קוק איך סײַווי נאָר דורך איין גלאָז, ס'איז איבערגענוג, וואָרעם אפילע איין אייגל פון די גוואלדאָוונע ברילן איז א סאך גרעסער פון מײַן קאָפּ.

זעלטן ווען עס גייט דורך פארבײַ א מענטש, נאָך זעלטענער זעט מען א פורל דורכפאָרן. א ליידיקע שטיל־דרעמלענדיקע גאס. ערגעץ־ווו הערט מען א צעצויגענעם האָנען־קריי, דאָס ווײַטע מרוקען פון א קו, א פּליוסק פון אן ארויסגעכליופּעטן נאכט־צעבער. קיינער שטערט מיר ניט שטיין אין דער הייך אף דער קרום געגייגטער פאס און זען, וואָס סע טוט זיך אף יענער זײַט בריל. דאָרט איז עפּעס שטענדיק אזוי ווי פאר א גרויסן שטורעם. דער שווערער, בלײַ־גרויער הימל הענגט פינצטערלעך אראָפּ אפן שטעטל. די טונקעלע דעכער, ווי אײַנגעטונקען אין סאָף נאכט, — שווארצ־לעך פארצויגן. פּילצאָליקע געהויקערטע קוימענס, ווי מידע שאָמרים, היטן די דערשראָקענע צוגעטישקעוועטע הײַזער און האלטן וואך איבער זיי. אָט־אָט וועט אויסברעכן א שטורעם־געוויטער... בלויז אף א ווײַלע רײַס איך אָפּ די אויגן פונעם רונדיקן טיף־בלויען גלאָז. ארום מיר איז גאָר אן אנדער דרויסן. ליכטיק, העל, עס הייבט דיך מאמעש ווי אף פליגל, די אייוורים זײַנען גרינג און לופטיק, אָט וועסטו זיך באלד אוועקלאָזן, ווי א שמעטערלינג, גלאט אזוי אין דער וועלט ארײַן, זאָל עס דיך טראָגן צו אלדי העלע יאָר... זײַ געזונט, זשיוורעטש! זײַ געזונט!

— אראָפּ פון דער פאס! — דערהער איך פּלוצעם א בייז פארשלאָפן

קאָל. — אַראָפּ, ניוועקן!.. גאַנצפרי מיט דער ראָשטשינע זײַנען זיי שוין דאָ, די סמערקלעך. קומט ווּעסנע־צײַט, יאַוועט מען זיך, ווי די פליגן.

ווי פון אַ נעפּל שלײַכן זיך אַרויס אַ פּאָר ווײַסע אַרבל, אַן אָנגעשוואָלענע באָרד און אַ שטיקל יאַרמעלקע אויפן שפּיץ קאָפּ. דער אַלטיטשקער טיאָפּקעט אַרום אין טיפע גאַלאָשן איבערן לויזלעך־בלאָטיקן הייפל. איין רעכטער שפּרונג, און איך בלײַב שטיין אַ צוגעוואָקסענער צום מאַטעוון שוי־פענצטער פון בערנאַדינערס אַפּטייק. עס גיט אַ קלונג אַ ביז גאָר דינפּישטשעוודיק גלעקעלע, און עס עפנט זיך די הויכע גלאָז־טיר.

— האָסט עפּעס געוואָלט, יינגעלע?

איך שפּרינג היניטערווײַלעכס אָפּ אַ דערשראָקענער. די פרוי אין כאַלאַט און מיטן ווײַסן טשיפּעק זעט מיר אויס ווי אַ מעס אין פּריש אָנגעטאָנענע טאַכריכים.

— דו דאַרפסט אין אַפּטייק, צי דו דאַרפסט ניט? — שטייט זי אַנטקעגן מיר, פול מיט כשאַד.

— ניין... — שאָקל איך מיטן קאָפּ אויף ניט. — איך דאַרף ניט...

— וואָס זשע דרייסטו אַ קאָפּ אי זיך אי יענעם?

אָבער זי איז ניט געווען בייז, בלויז פאַרוווּנדערונג איז אין אירע בלאַסלעכע שטילע אויגן. גוט, וואָס דאָס גלעקעלע האָט נאָכאַמאָל אַ דיינעס ציטער געטאָן, די גלעזערנע טיר איז אָן פאַריבל ווייך צוגעמאַכט געוואָרן. און איך לאָז זיך ווײַטער גיין. גיכער, גיכער אַרויס פון זשיווורעטש.

וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט דאָס דאָזיקע שטעטל זשיוורעטש אויפן רעכטן ברעג דניעפּער, וואָס ליגט אין דער נידער אײַנגעזונקען צווישן בערג, אַנטקעגן דער גרויסער אומענדלעכער וועלט? וואָס זע איך דאָ, כוץ צונויפגערוקטע שינדל־דעכער, שטשילנע צוגעדריקטע איינס צום אַנדערן אַ שטוב צו שטוב, אַ בוידעם צו אַ בוידעם און אַ וואַנט צו אַ וואַנט? פאַר מיר עפנט זיך אַן אומגעהייער ברייטער טויער אין דער פרײַער וועלט אַרײַן. אַוואַדע ציט מיך אַהין, צו אומבאַוווּסטע וועגן, וואָס זײַנען, זאָל זײַן, פול מיט סאַקאָנע, צו אומדערוואַרטע באַגעגענישן... וואָס לאָז איך דאָ נאָך איבער, כוץ עלנטקײַט, דאַכקעס, הונגער און אַ יאַם אַנדערע צאָרעס?.. אויב ס'איז באַשערט, כאָלילע, אַן אומגליק אויפן וועג, — מיילע... כאַפּט עס דער שוואַרציאָר. איך בין בא זיך ניט קיין ציטעריקער.

איך גיי פאַרבײַ די פּאָטשט. העכער — אַרויף מיטן טראַקט — זעט מען שוין אַרויס דעם ווײַטן שפּיטאָל־מויער, וואָס שטייט אין עק שטעטל. ער איז לײַכט פאַרשפּינט מיט אַ שיטערער נעץ פון קוים־קוים צעגרינטע צווײַגן מיט קנאָספּן, ווי צעוואָרפענע גרינע פינטעלעך, — ערשטע שפּראָצונגען, פּונקט אַזוי ווי בא אַ יונגנמאַן, בא וועמען עס הייבט אָן זיך אויסשיטן אַ בערדל. דאָרט ווײַטער הינטערן שפּיטאָל שלענגלען זיך אַוועק אויף מײַלן ווײַט טיפע שוואַרצע גריבער.

ווי פון אונטער דער ערד, איז פּלוצעם אויסגעוואַקסן דער ברודער מײַנער, בערעלע. אַ פאַרטראַכטער, אַ מילדער און אַ פאַרזאָרגטער. ער האָט אַרופגעלייגט זײַן געטרײַע וואַרעמע האַנט אויף מײַן אַקסל און זייער האַרציק, רירנדיק געוואָרנט:

— איינער אליין, אין אזא ווײַטן וועג, אָן עסן און אָן טרינקען, דאָס קאָן פּויעלן בא זיך א מענטש, וואָס איז שוין געריירט פון די געדאנקען. קער זיך אום, איך בעט דיך, זײַ ניט קיין אקשן. ווערסט אומקומען... קיינער וועט אפילע ניט וויסן, ווו די ביינער דײַנע געפינען זיך...

דאָס האָב איך שוין געהערט. ווילסט זיך נאָכאמאָל געזעגענען? דער־לאנג די האנט, ווינטש מיר צו א גליקלעכן וועג, און אָן עק זאָל עס נעמען. ניין, הייבט ער ווידער אָן פון ברײשיס.

— מיינסט, אז ס'איז א שפּילכל?.. א קלייניקײַט זיך לאָזן אין אזא ווײַטן וועג איינער אליין?.. באדענק זיך. שא, ווייסטו גאָר וואָס? — כאפּט ער זיך אָן פאר א נײַעם געדאנק. — אין עטלעכע טעג ארום, וויפל ס'זאָל מיך ניט קאָסטן, רייד איך איבער מיט א באלעגאָלע, און ער פירט דיך אָפּ גלײַך קיין בארשעוו.

ווייסט ער דען ניט, אז ס'איז ארויסגעוואָרפענע רייד. אומזיסט פאר־האלט ער מיך. ניט מיט גוטן און ניט מיט בייזן וועט ער מיך צוריק אין שטעטל ארײַן ניט פארנארן. איך זע אין אים, אז ער קאָן זיך עפּעס קיין אייצע ניט געבן.

— האָב קיין יעסורים ניט, — בארויִק איך אים, — קיינער וועט מיך אפן וועג ניט אויסכאפּן. כ'וועל קומען אהיים א גאנצער. ס'וועט אלץ זײַן מיט גליק, מיט האצלאָכע...

— האלעווײַ...

בערעלע האָט מיך א צווייט מאָל אָנגעיאָגט פון יענער זײַט שאָסיי לעבן די הויכע טאָפּאָלן און פארשטעלט דעם וועג.

— זע אליין, וואָס פאר אן אקשן דו ביסט, — נעמט ער מיך צארט ארום, — פאָלג מיך, קער זיך אום... וואָס וועסטו טאָן אין בארשעוו בא דער מאמען?.. זי איז נעבעך אליין א געשטראָפטע...

טרערן שטייען אים אין די אויגן. מיר קלעמט אויך דאָס הארץ. איך וועל זיך באלד צערעוועט אף א קאָל... „גיי! — טרײַבט אין מיר אן אומ־באוווסטער קויעך. — גיי און קוק זיך ניט אום!"

...פעלדער, ברייטע, צעצויגענע, אומענדלעכע, צעלויפן זיך אין אלע זײַטן. פּאסן צעאקערטע ערד, ווי גלײַך געשניטן צײַג, ליגן פאנאנדערגע־שפּרייט אונטערן נידעריקן הימל און ציִען זיך אוועק העט־ווײַט, אהין צום האָריזאָנט, ווו־ניט־ווו קוקן ארויס גרינע שפּראָצונגען, פּיצינקע פלאַטערנ־דיקע גרעזעלעך, א נאָרוואָס געבוירן בלעטעלע. זיי ראָסטען זיך ציטעריק קעגן דער זון אונטער די ערשטע ווארעמע שטראלן. ערגעץ צוויטשערט א פויגל, וואָס זאָרגט פאר דער נעסט. פרעש קוואקען אין א פארלאָזטן סטאַ־וואָק אָט דאָ ניט ווײַט, באם צוקאָפּנס פון א קרום אויסגעלינקטער איין־און־איינציקער ווערבע. סארא ריינע, דורכזיכטיקע לופט, כאָטש א קיל־בלעכע, א שארפע. ארום־און־ארום שטייט עפּעס א מין גרויסער הויל־נאקעטער דרויסן. איך באמי זיך גיין מיט דעם שמאָלן אויסגעטראָטענעם שטעגל, אָבער דאָרט, ווו עס האקט זיך אָפּ, פארקערעווע איך צו די טיפ־לעכע אויסגעפּאָרענע קאָליעס. פויערשע וועגענער יאָגן מיך אָן, א פּאָר

געשפּאַנטע אָקסן אין אַן אלט צעפּאָרענעם, לאַנגאָניק־דורכגעשווייסטן יאָך רײַסן די העלדזער און שלעפּן א הויכע צעוויגטע מאַזשאַרע — צאָבע!.. צאָבע!.. ביז האַלבן טאָג האָב איך זיך אפילע ניט צוגעזעצט אָפּרוען. אָנגעטרונקען זיך פון דער קאָרעטע בא א קליין צעוואַלגערט ברונעמל, ארויסגעצויגן די פּײַדע ברויט, וואָס בערעלע האָט מיר ארײַנגעוואָרפן אין דער טאָרבע, און ווײַטער געשפּאַנט. כ'האָב זיך אליין פאַרגעבן אַן ארבעט — ציילן די טריט. אָפּגעציילט ביז הונדערט, ווידער אָנגעהויבן פון אָנהייב. אי מע פילט ניט די מידקײַט, אי דער טאָג גייט גיכער אוועק. איך פריי זיך מיטן שיין אויסגעגעבענעם ווּעסנע־טאָג. סאַראַ פאַרגעניגן אַנצוטרעפן מיטן וועג אף ארויסגעשפּראָצטע פעלד־בלימעלעך! אָקאָרשט געבוירענע זײַנען זיי נאָך אַזעלכע פרישינקע, צאַרטינקע. איך בין גרייט צופאַלן צו זייערע קוים־קוים געעפנטע מײַלעכלעך און זיי א קוש טאָן. וואָס ווײַטער איך גיי מײַן וועג, אַלץ וואַרעמער ווערט דער גרויסער אָפּע־נער דרויסן. כאַראָטע?.. נו, אף וואָס קאָן איך כאַראָטע האָבן? נאָך א דאָרף, ווײַטער א כוטאָר... מײַנע אויסגעדרייטע אופגעלאָפּענע פּוישטן האָבן נאָך ברייטער צעעפנט די מײַלער. זיי וואָלטן גאָר ניט געווען אַזוי שווער, די פּוישטן מײַנע, ווען זיי פּאַפּן זיך ניט אָן מיט בלאָטיקער ערד. אויסטאָן זיי און גיין באָרוועס איז געפערלעך. פאַרקיל איך זיך, כאָלילע, וועט אפילע ניט זײַן, ווער ס'זאָל מיך אוועקלייגן ערגעץ אין א שטוב אָדער אָפּפירן אין א שפּיטאָל. איך דאַרף זיך כאָטש דערקלײַבן ביז פּאָטעק. פון פּאָטעק האָבן מיר שוין האַלב וועג.

א פאַרבײַפאָרנדיקע פויערטע, אָנגעטאָן אין א מאַנצבלשן כאַקענעם פרענטש, דער שטערן איבערגעבונדן מיט א פּאַטשיילע, לייגט מיר פאָר זיך צוזעצן אף איר וואָגן, זי וועט מיך א ביסל אונטערפירן.

— דאַלעקאָ, כלאָפּטשע?[1] — פרעגט זי.

— אי, דאַל־ע־ע־עקאָ־אָ... — צעצי איך דאָס אוקראַיִנישע וואָרט אף א גאַנצן ארשין.

טכילעס נאַכט, ווי געוויינלעך, פאַרליר איך די רי׳ע. מײַנע אויגן שיטן זיך ביסלעכווײַז אָן מיט לעבעדיקע זעמדעלעך, דריבנינקע און פלינק־באַוועגלעכע.

איבערנעכטיקן איז מיר אויסגעקומען אפן עק דאָרף אין א ווינטמיל. דאָרט האָב איך אָנגעטראָפן אף א ברייטבערדיקן אלטן אויסגעדינטן סאָל־דאַט אין א היטל אָן א דאַשעק. ער האָט ארומגעטאַנצט הין און הער אף א הילצערנעם פוס. זעט אויס, א שוימער.

באַנאַכט איז אין דער ווינטמיל געוואָרן שרעקלעך קאַלט. איך בין געלעגן אײַנגעניורעט אף האַרטע צונויפגעלייגטע זעקלעך קאָרן לעבן סאָל־דאַט. ער האָט א גאַנצע נאַכט געריכערט שוואַרצע מאַכאָרקע, דערציילט וועגן זיך. ער איז פון גאָר־גאָר ווײַטע מעקוימעס, נאָך ווײַטער פון סיביר. אַלע זײַנע יאָרן האָט ער זיך פאַרנומען מיט געיעג.

---

[1] ווײַט (גייסטו), יִינגל? (אוקר.).

— א יעגער, וואָס האָט קיין פוס ניט, קאָן גיין ליו־לי... — זאָגט דער סאָלדאַט און ווײַזט מיטן פינגער אין דער ערד. — מײַן היים, פּרעגסטו? אז איך וויל זיך גאָר ניט יאָוועון אהיים... דאָרט מיינט מען, אז כ'האָב שוין פֿון לאַנג אָנגעלייגט מיטן קאָפּ. עפּשער איז טאַקע בעסער, וואָס זיי מיינען אַזוי... — ער רײַבט לאַנג א שטיקל אײַזן אין קיזלשטיין, ביז דאָס אָנגעסמאַליעטע שטיקל קנויט כאַפּט אָף זיך אַרוף א פונק. — א רײַך לאַנד איז אײַער אוקראַיִנע, א פּרוכטבאַר לאַנד. דאָ איז דער גאַניידן אליין. ווער עס פאַרשטייט און זוכט אים, וועט דעם גאַניידן אָט דאָ־אָ געפינען... גאָלד וואַקסט אָף די דלאָניעס, גאָלד! ווען די מענטשן זײַנען ניט אַזוי פינצטער פאַרגרעבט, אַהאָ!

בא די לעצטע ווערטער בין איך אַנשלאָפן געוואָרן.

נאָך איידער ס'האָט אָנגעהויבן שאַרײַען אָף טאָג, האָט דער אַלטער סאָלדאַט דער שוימער מיך אופגעוועקט.

— פּאָדיאָם!.. צײַט, זונעניו, זיך קלײַבן אין וועג אַרײַן. ניט געזאָרגט, וועסט פּאַמעלעכן אליין, מיט גאָטס הילף, קומען צו א גוטן שטאַנד. — ער האָט מיט א פאַרשאַרפטן בלעך אָפּגעשניטן א שטיקל כאַזער און אַרײַנגעלייגט אין מײַן טאָרבע. דורכן צעבויטעטן שלאָף דערגייען צו מיר זײַנע שווערע האַמעטנע ווערטער:

— נאָך איינער א בלאָנקענדיקער, א קינד א וואָגלער, ווי די צײַט אליין... גיי געזונטערהייט, גאָט וועט שיצן דײַן וועג! הינטער דײַנע יונגע פּלייצקעס שטייט דער מאַלעך גאַוורי'על. זײַן פליכט אין הימל איז אויס־היטן קינדער פֿון אַלדאָסבייז...

צעבראָכן, צעלאָמעט, די פיס ווי דעמבענע קלעצלעך, קוים וואָס זיי שטעלן א טראָט, שלעפּ איך זיך איבערן לאַנגן אומענדלעכן פעלד.

א פאַרשפּעטיקטער קומט אָן דער טאָג. איבער נאַכט האָט געכאַפּט א גרינג פרעסטל. די נעכטיקע בלאָטיקע ערד ליגט אין פאַרגליווערטע קנייטשן, ווו־ניט־ווו באַהויכט מיט ווײַסע פלאָסטערלעך. א גרויקײַט איז פאַרצויגן צווישן הימל און ערד. עס שמעקט ניט מיט קיין רעגן און ניט מיט קיין שניי. פּאָשעט א פאַרכמאַרעטער טאָג.

צי וועל איך דערצײַען דעם וועג ביז באַרשעוו?..

שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אז אין טאָרבע פעלט אויס ברויט. בלויז דאָס מיטגעגעבענע ניט געריירטע שטיקל כאַזער איז אַרומגעקלעפּט אין ברעקלעך.

סאָפּקאָלסאָף האָבן זיך די כמאַרעס ווייך געשפּאָלטן און גענומען לויפן, ווי שטיקער קרי'ע אָפן טײַך. פון אַלע פיר זײַטן צי'ען וואַרעמע ווינטן. צײַטנווײַז שווימט אַרויס א בלינדע זון. איך דערפיל עטוואָס א מונטער־קײַט כאָטש פון דעם אליין, וואָס דער טאָג לײַטערט זיך ביסלעכווײַז אויס.

אינמיטן האַלבן טאָג, א מיד־אויסגעמאַטערטער, האָב איך זיך דערקליבן צו א גרויס דאָרף. אין דרויסן איז געוואָרן א סאַך וואַרעמער, אפילע הייס. פון דעם דאָזיקן צעוואָרפענעם דאָרף איז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען קיין פּאָטעק. שוין א צײַט, ווי איך פיל, אז דאָס האַרץ כאַלעשט, עס ציט שטאַרק אונטערן לעפעלע, נאָגט בא דער נעשאָמע, כאָטש ווער צעפּלאַצט. אין ערשטן הויף, א ביז גאָר שיינער באַלעבאַטישער הויף, זע איך, טיף

פארוקט הינטער די קלײנוווקסיקע ביימלעך, שטײט א פריש־געפארבטע שטוב, געדעקט מיט גרינעם בלעך, און רופט, ווינקט: „קום אהער, קום אהער!.. פון דער רײַכער באלעבאטישער שטוב וועסטו קײן הונגעריקער ניט ארויסגײן...״ איך לאָז זיך אהין ראשיק־אופגעלעבט, ווי א גערופענער גאסט. ווײ־ווײ. א גאנצע טיטשקע אופגערײצטע הינט זײַנען מיך מוירעדיק באפאלן. אין אנדערן הויף — די זעלבע געשיכטע. וואָס מער אזעלכע דורכפאלן, אלץ שטארקער פלאקערט דער כײשעק: „נאָך אין אײן שטוב...״, נאָך אין אײן־און־אײנציקער שטוב פרווון דאָס מאזל מײַנס... עפּעס א מין ווילד־צעבושעוועטער קויעך טרײַבט מיך ארום מעשוגענערווײַז פון אײן שטוב צו דער צווײטער. מאמעש איך פאל שוין פון די פיס, נאָר אז מ׳איז הונגעריק, קאָן מען זיך דען זעצן אָפּרוען?..

ערשט ערגעץ אינמיטן דאָרף האָט זיך מיר אײַנגעגעבן בעשטיקע ארײַן אין א פראָסטן אָרעמען הויף. ווײַדליק איך האָב אָנגעשמעקט פריִער, זײַנען דאָ קײן הינט ניט געווען. שוין גוט. אַף באקעטע צווײַגן הענגען מיטן קאָפּ אראָפּ טעפּ, קריגלעך, מאקרעטעס און אויך א פּאָר פארזשאווערטע עמער. א כידעש — די טיר שטײט אן אָפּן־צעפּראלטע. קײנער, אפּאָנעם, איז אין דעם נידעריקן אלטן שטיבל ניטאָ. איך האָב זיך ווײך־שטיל, ווי א קעצל, ארײַנגעשלײַכט אינווײניק. א ציטעריק זון־העזעלע שפּרינגט ארום אין יענעם פאָרכטיקן ווינקל, פונוואנען עס קוקט אראָפּ א הײליק בילד אונטער אן אויסגענײטן האנטעך. דאָס גאָלד־געפארבטע רעמל שימערט צו העל און בלענדט אין די אויגן.

אַף דער שוועל, ווי פּלוצעם א געפלעפּטע, איז געבליבן צוגעשמידט שטײן די שטיל ארײַנגעקומענע באלעבאָסטע, א געזונטע צעוואָקסענע פויערטע מיט א ברײט צונטער־רויט פּאָנעם. איך ווײס אפילע ניט אקוראט, וואָס זי האָט געהאלטן אין די הענט, א באליע צי א באקדײזשע, נאָר די הענט אירע האָבן שטארק געציטערט.

— א שטיקעלע ברויט... — רײד איך שטיל ארויס, א דערשלאָגענער, — כ׳בין הונגעריק...

די היפּשלעכע יונגע פויערטע, זע איך, ווערט פאר מײַנע אויגן אויס מענטש. דער קאָפּ פארוואָרפן צו דער אָפענער טיר, די אויגן פארגלאָצט — אָט־אָט וועט זי באלד אן אָנמעכטיקע זיך אראָפּגליטשן צו דער ערד.

— וואסיוק... זונעלע מײַנס... — און מיטאמאָל א ווילד געשרײ: — רידני מי...[1]

ווּ טוט מען זיך אהין? א גרויל גײט דורך איבערן לײַב, ס׳האָט מיט מיר גענומען ווארפן הענט און פיס. וויִאזוי שפּרינגט מען ארויס פון דער שטוב א גאנצער... דאָס הארץ פלאטערט. די נעשאָמע איז מיר אפן שפּיץ נאָז.

— יאקי הארני... יאקי כאראָשי...[2] — שעפּטשען אירע טויט־בלאסע ליפּן, ווען זי קומט א ביסעלע צו־זיך.

אומבאמערקט קומט אונטער א שכײנע, פארברעכט די הענט און לאָזט ארויס א דינעם מוירעדיקן קוויטש:

[1] לײַבלעכער מײַנער; [2] א מין שײנער... א מין ווױלער (אוקר.).

— טא צעזש וויןן!.. יעי באָהו, וויןן... כײַ מענע כרעסט פּאָביע.[1]

אין איינע צוויי מינוט איז די שטוב פול געוואָרן. קיינער האָט ניט געוואגט זיך צורירן צו מיר. אלע זײַנען געשטאנען ענג צונויפגערוקט, ווי אונטער א רייף, געקוקט פונדערווײַטנס טויט־דערשראָקן און געשטוינט.

א פרוי, אף קיין האָר ניט ענלעך צו די איבעריקע דאָרפס־ווײַבער, דער גוף אויסגעטריקנט, דאר, ווי א באָקסער, זעט אויס, א מאָנאשקע, אָנגעטאָן אין אן אויסגעצוויטעט שווארץ סאמעטן קליידל, מיט א זילבערן ציילעמל אפן הארצן, דאָס פּאָנעם ווײַס, ווי קרײַד, האָט געשווינד און פלינק דערלאנגט בלויז פארמײַנעטוועגן א ליימען שיסעלע מיט הייסן היימישן באָרשטש, א הילצערנעם לעפל און א האלב לעבל ברויט. קיינער האָט זיך ניט אײַנגעשטעלט צוגיין נאָענט צום טיש.

די יונגע באלעבאָסטע האָט געהאלטן דאָס פארוויינטע פּאָנעם אין דער פעלענע און געכליפּעט אף א קאָל. שכיינים, נאָענטע שושקען איר אין אויער: „מ׳טאָר ניט, מארעסיע, מ׳טאָר ניט... דער אלמעכטיקער וועט שטראָפן. דאנק און לויב אים פאר זײַן גרויסן כעסעד...”

הויכע בערדיקע פּויערים האלטן די הארטע קארטוזן פארקוועטשט אין די הענט. קוקן זיך שווײַגנדיק איבער, אנדערע הייבן די אקסלען. מ׳שטייט אָנגעשטרענגט, ווי פאר א שווערן מישפּעט. פון צײַט צו צײַט הער איך, ווי די פּויערטעס כאזערן איבער דעם באקאנטן נאָמען: וואסינקע... וואס־סיוק... וואסיליאָק...

ווי הונגעריק כ׳בין ניט געוועזן און ווי געשמאק עס זײַנען ניט געוועזן די דערלאנגטע מײַכאָלים, נאָר אז דו פילסט, ווי מ׳שטייט ארום דיר געקלעמט אין טיפן צאר און אין דער קליינער ענגער שטוב טוט זיך אָפּ אזעלכס, וואָס דײַן מויעך פארטראָגט ניט, שטעלט זיך דיר יעדער ביסן פּאָפּערעק אין האלדז.

מיט אן אומרו:יק פלאטערדיק הארץ בין איך אופגעשטאנען פון דער באנק און באדאנקט פארן עסן. דאן האָבן אלע אין דער שטוב זיך טיף פארנייגט און אָנגעהויבן זיך פרום ציילעמען. די באלעבאָסטע, מארעסיע, איז פלוצעם צוגעפאלן צו מײַנע פיס און זיך גענומען שלאָגן מיטן קאָפּ אין דער ערד:

— קינד מײַנס, דערבארעם זיך אף דײַן מוטער... אזא אומגליקלעכע, אזא וויסטע און פינצטערע, מיט אזא פארשאָלטענער דאָליע... פארלאָז ניט דײַן מאמע, פארלאָז זי ניט...

מע טראָגט ארויס מארעסיען פון דער כאטע אינגאנצן א פארכאלעשטע.

מענטשן קומען אונטער וואָס אמאָל מער און מער. ס׳איז שוין ניטאָ ווו א נאָדל דורכצוּווארפן. עפּעס שרעקט מיך שוין דער צונויפגעלאָפענער אוילעם. דאָס הארץ מײַנס איז שוין ניט אפן אָרט... די איבערגעפולטע שטוב שטייט אין א מוירעדיק שווײַגן, און דאָס דריקט נאָך שטארקער אף מײַן צערודערט געמיט. איך האלט די אויגן־לעפלעך אראָפּגעלאָזט, שענק קיינעם ניט קיין מינדסטן בליק אויס שרעק פארן שטומען אוילעם.

וואָס וויל מען פון מיר? דער שווײַגנדיקער מישמאש פארטומלט מיך.

[1] דאָס איז דאָך ער, כ׳זאָל אזוי לעבן, ער... זאָל איך געשטראָפט ווערן (אוקר.).

איך ווייס אליין ניט, אַף וועלכער וועלט איך געפינ זיך... אוואדע איז א גרויס ראכמאָנעס אַף דער אומגליקלעכער יונגער פרוי. זאָל זי זאָגן, עפשער קאָן איך איר מיט עפּעס העלפן?.. אך, ווען עס געשעט א נעס, עס זאָל זיך פּלוצעם עפענען אינמיטן דער סטעליע אַן אויסהוילונג, איך זאָל קאָנען פארשווונדן ווערן, ניט סטײַען...

ווי נאָר איך שטעל אַן אומזיכערן טראָט, רוקן זיך אלע אָפּ צוריק, הינטערוויילעכס, מיט ציטעריקן פּאכעד, גלײַך ווי איך טראָג מיט זיך עפּעס געפערלעכס, וואָס באדראָעט זייער לעבן...

דאָך זע איך, מײַן טאָרבע ליגט איצט אַף דער באנק א מעיוכעסדיקע, א פולע, אָן אָנגעפּיקעוועטע.

איינציקע אָפּגעריסענע ווערטער דערפליִען צו מיר:

— ז׳טאָהאָ סוויטו פּרישאָוו... געקומען פון יענער־וועלט...

— א הייליקער גײַסט אינעם געשטאלט פון מארעסיעס יינגל... וואַ־סיוק...

— זאָל ער זײַן א גוטער בעטער פאר אונדז, זינדיקע, אַף דער ערד...

— ס׳האָט שוין אמאָל פּאסירט אזוינס בא אונדז אין דאָרף...

אין דרויסן זײַנען אויך געשטאנען מענטשן. אפילע פון צווישן די פלויט־ברעטער קוקן מעשונע־ווילד ארויס צעשויבערטע קעפּ, ברייט־אופגעריסענע צעשראָקענע אויגן. עס האָט אַף מיר געציטערט הויט און ביין, געקלאָפּט א צאָן אין א צאָן. וויאזוי רײַסט מען זיך ארויס פון דעם דאָזיקן בייז־פארקישעפטן דאָרף? קינדער, יונגוואַרג, באיאָרטע פויערים און פויערטעס גייען מיר נאָך פּוסטריט, ווי מע גייט נאָך א לעווײַע. איך קאָן זיך אפילע ניט געזעגענען מיט דער באלעבאָסטע. כאָלילע ניט וואגן אויסקערעווען דעם קאָפּ אַף צוריק, — מ׳טאָר זיך ניט אומקוקן... וואָס ווײַ־טער איך שפּאַן, אלץ שנעלער שטעל איך די טריט. גיכער, גיכער זיך ארויסכאפּן פונעם דאָרף, פארלירן די נאָכגייער. אלעמאָל ווײַזט זיך מיר אויס: אָט כאפּט מען מיך אָן פאר א האנט, פאר אַן אקסל, פּארן קארק: „שטיי!״ אפּצולאָכעס איז נאָך דאָס דאָרף מעשוגענערווײַז גרויס. דער לאנגער אויסגעצויגענער שליאך האָט גאָר קיין סאָף ניט... אלציינע גע־פלאָכטענע פלויטן, נידעריקע כאלופּעס, צעקאָשמעטע שטרויענע דעכער, אופגעהאנגענע טעפּ אַף דרענגלעך, אַף טרוקענע צווײַגן, אַף שטאכעטן. ווייסעך וויפל מאָל, ווי אליין א פארקישעפטער, בין איך שוין דורכגע־גאנגען פארבײַ איינע און די זעלבע הײַזקעס, שטאלן, שײַערס, קוריִנען. וואָס איז דאָס פאר אַן אָנשיקעניש?.. מע גייט מיר אלץ נאָך פּוסטריט, כאָטש אָפּגעזונדערט אַף א געוויסער שטרעקע. שרעקן שרעקט מיך מער פאר אלץ די אָנגעצויגענע שטילקײַט, אָט דאָס געצוימטע, פארפּרעסטע שווײַגן. כײַ וואָלט עמעצער א געשריי געטאָן, א גוואלד־טומלעניש אופּ־געהויבן, אָדער, ווען גאָט העלפט מיר, א שלאקסרעגן זאָל א פלייץ טאָן, א וויכער זאָל זיך פארדרייען, דעמלט וואָלט איך עפּשער דערפילט א דערלײַכטערונג. ווער עס שלײַכט זיך ארויס פון א דערבײַיִק הייפל, בלײַבט צעכושט, ווי א דולער, שטיין מיט אופגעריסענע פארגאפטע אויגן, ציילעמט זיך גיך און דערשראָקן: „יעזוס הייליקער, באהיט און באשי־רעם מיך!..״

יעדער אייווער ציטערט אין מיר. פון די אויגן זעצן פײַערדיקע פונקען, אין קאָפּ שווינדלט, די פיס האקן זיך אונטער... „גיי! — שרײַט אן אינערלעך פיבערדיק קאָל. — גיי מיט די לעצטע קויכעס... שטעל זיך ניט אָפּ, עלע ניט, ביסטו א פארפאלענער...“ און איך בין געגאנגען, געגאנגען איבער אלע מײַנע לעצטע קויכעס אלץ ווײַטער און ווײַטער.

טריב, סומנע, מיט עפּעס א מין פארביטערטקײַט רוקט זיך לאנגזאם, פאמעלעך שווער די דאָרפישע מענגע הינטער מײַן רוקן. דער אוילעם באַגלייט מיך ארויס נאָך ווײַטער פונעם סטאוו, אזש אהין אף ארוף, צום אופגעהויבענעם בארג־צווינטער. עס הויערט איבער מיר א גרויסע אומפארמײַדלעכע סאקאָנע. גאָטעניו, דערבארעמדיקער פאָטער, ראטעווע מיך ארויס פונעם אומגליק... און דאָ, באם סאמע ראנד וועלדל, צווישן פול ארויסגעסטארטשעטע פניאָקעס, איבערגעטריקנטע וואָרצלען, האָב איך געכאפּט די פיס אף די פלייצעס און זיך געלאָזט לויפן אין איין אָטעם, שיר די נעשאָמע ניט אויסגעשפּיגן. דורך ריווטשאקעס, קאָליוזשעס, שטעכיקן בוריאַן, ליים־גריבער, זיך אויסגעגליטשט, געפאלן, ווידער זיך אופגעהויבן א צעקאָליעטשעטער און ווײַטער געלאָפן מיטן לעצטן דעך...

ביז איך בין געקומען צו־זיך, האָט געדויערט א היפּש ביסל צײַט, כ'האָב נאָר געמיינט, אז דאָס הארץ וועט זיך מיר אָפּרײַסן. אראָפּלאָזנדיק זיך קיין פאָטעק מיטן שלעכט־ברוקירטן טראקט, ווער איך א ביסעלע שטארקער, מונטערער. מע מעג רעכענען, אז איך בין שוין ארויס פון דער סאקאָנע, ניצל געוואָרן, כאָטש דאָס הארץ טיאָכקעט נאָך גאנץ שטארק. אצינד מעג מען בעפּיירעש בענטשן גוימל. די מאמע מײַנע וואָלט נאָך אוודע צוגעגעבן: „זאָל עס שוין זײַן דײַן לעצטע אָפּקומעניש...“

האלב וועג איז פונקט אזוי גוט, ווי האלב אין דער היים. בא דער שוועל פון פאָטעק גלוסט זיך מיר אזש גיין כאפּן א טענצל. דאָס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אינעם לעצטן דאָרף, איז שוין פאָריבער, ווי א בייזער וויסטער כאָלעם. פרישע קויכעס, פיל איך, שטראָמען ארײַן אינעם אויסגעמאטערטן קערפּער.

פאָטעק, דערציילט מען, איז אמאָל, פאר פעטליורעס פּאָגראָמען, געווען א קליין פריילעך שטעטל. אצינד זע איך בלויז א גרויס כאָרעוו דאָרף. איין גאנצע שטוב האָט זיך פארהיט, ווי א זייכער פונעם ייִדישן ייִשעוו. די שטוב איז עפּעס א לאנג־צעצויגענע, אן אײַנגעדארטע, גלײַך מ'האָט ארויסגענומען פון איר די געדערים. מיט צעבײַלטע, ארומגעהריזעטע ווענט, ווי ארויסגעשטארצטע ריפּן־ביינער בא א געפּייגערט פערד, איז זי עלנט געשטאנען אפן ברייטן שליאך אין סאמע מיטן פאָטעק. דאָ האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אף נאכטלעגער. קיינער האָט מיך ניט געפרעגט, ווער איך בין און וווהין פירט ווײַטער מײַן וועג.

— צענדליקער אזעלכע, ווי דו, גייען דורך פארבײַ, — גיט מיר גלײַכגילטיק צו וויסן אן אלטיטשקע באָבע אין טונקעלע ברילן, — ווער ס'קומט אף א יאריד, ווער ס'ברענגט עפּעס אויסבײַטן, און ווער סע גייט גלאט

אין דער וועלט אריַין זוכן דעם נעכטיקן טאָג. מענטשן, דאנקען גאָט, ז'פאראן געגוג אף דער ערד.

אזא גרויסע, ליידיקע, פאריאָסעמטע שטוב האָב איך נאָך אין לעבן ניט געזען. א פעלד, ניט קיין שטוב. אף יעדער קאָל ענטפערט א ווידערקאָל. ראכוועסדיקע, פוסטע כאדאָרים, הויכע סופיטן, דורכויס אין שפאלטן, אויסגעדלובעטע לעכער, אָפּגעקאלופּעטע ווענט, צעפּרעסענע פענצטער־ראמען, גליַיך ווי טויזנטער פּיצינקע ווערעמלעך וואָלטן זיי אויסגעטאָט־שעט פון אינווייניק. דורך די פארגעלטע ברודיקע שויבן קוקט אריַין דער דרויסן קרענקלעך און ווארפט אָן א מאָרעשכוירע. אומהיימלעך איז אין אזא שטוב צו זיַין, אפילע דעמלט, ווען מע קומט איבערנעכטיקן נאָר אף איין נאכט. ווינטער, אפּאָנעם, דארף דאָ די קעלט שטיין נאָך שטארקער, ווי אין דרויסן, און זומער־צייַט קאָנען יינגעלעך, אזעלכע ווי איך, טריַיבן דאָ א זעגע, פריַי שפּילן אין צורקע אָדער אין הילקע.

אויסגעמאָגערט, קליין, איַינגעשרומפּן שארפּעט ארום די אלטע באָבע־שי מיט דריבנע שארנדיקע שריט איבער דער אופגעבלאָזענער קויטיקער פּאָדלאָגע. אירע טונקעלע אשקאָליר־ברילן, וויַיזט זיך מיר אויס, מאכן איר די גאנצע וועלט פינצטער. דאָס, וואָס זי שלעפּט זיך ארום פון איין כיידער אינעם צווייטן מיט א צעקרימטן צוויַיג־שטעקן, פּרעמדלעך צו דער שטוב־באלעבאטישקיַיט, מאכט דעם איַינדרוק, ווי זי זאָל זיך געפינען ניט בא זיך אין דער היים, נאָר אויך ערגעץ אונטערוועגנס. סע ארט זי ניט, וואָס אומעטום איז אָנגעוואָרפן, ניט צוגעקליבן, אָפּגעלאָזט. אזא מאָדנע גליַיכגילטיקיַיט כידעשט מיך ביז גאָר. וואָלט די באָבע געשאָלטן, געזידלט, געהאט טיַינעס, וואָלט איך עס עפּשער נאָך פארשטאנען. ניין, דאָס דאפקע ניט. אף אלצדינג קומט א קורצער טויבלעכער ענטפער: „מאכטייסע". די אלטע באָבע אין די טונקעלע אשקאָליר־ברילן מיטן אויס־געקרימטן שטעקן איז אליין ווי א שטיק „מאכטייסע" אין דער גרויסער אומהיימלעכער פארלאָזטער שטוב.

עפּעס שטעל איך זיך גאָר ניט פאָר, אז דאָ זאָלן וווינען לעבעדיקע מענטשן מיט זייער געוויינלעך טאָגטעגלעך אויסקומעניש, ווי אין אנדערע היַיזער. מע פילט זיך דאָ ווי אין א ניט דערברענט כאָרעוו געוואָרן וואָק־זאלעכל, א מין צווישנסטאנציע, ווו מע ווארט אומגעדולדיק אף אן אָנקור־מענדיקן צוג, וואָס וועט וויַיטער פירן ערגעץ ווייסעך־ווו... די אלטע באָבעשי גיט מיר, אגעוו, צו וויסן, אז דאָ וווינט בענצי גלאָק, דער איין־און־איינציקער איבערגעבליבענער באלעגאָלע. מע קאָן זיך מיט אים דורכ־ריידן, אויב מ'דארף געניטיק א פערד־און־וואָגן.

— און קיין בארשעוו פאָרט ער?

— אפילע קיין האָצעקלאָץ, אבי פאר געלט.

דאָס ליידיקע ווינקל, וואָס איך האָב פארנומען אין א ראכוועסדיקן כיידער, איז צו געראם און צו פוסט. דאָ האָב איך זיך צוגעזעצט אף דער הוילער פּאָדלאָגע איבערלייגן די שווערע אָנגעפּיקעוועטע טאָרבע מיַינע. צווישן קאָלערליי עסנווארג האָב איך אָנגעטראָפן... ניין, ניין, איך גלייב זיך אליין ניט. אוי־וויי! סארא פאָר ניַיע שטיוועלעך!.. קעפלעך, כאָ־ליעווקעס, אויערלעך... איך ציִ זיי פאָרזיכטיק ארויס פון דער ענגשאפט,

די פינגער ווערן מיר אזש פארקליאקנעט. נאָך אינגאנצן נײַיִנקע שטיוועלעך, און אקוראט צו דער מאָס, קימאט ניט קיין געטראָגענע... דאָס בלוט זעצט מיר אין קאָפּ אף מעשוגע צו ווערן. עס ווילט זיך אף א קאָל שרײַען, לאכן. א פּאָר עמעסע שטיוועלעך... וויי־וויי, סארא גליק!.. אין די שווארצע גלאנציקע כאָליעווקעס קאָן מען זיך מאמעש שפּיגלען. איך גלעט דעם ווייכן לעדער, לייג זיי צו מײַנע הייסע באקן. ווער איז צו מיר גלײַך? דאָס האָט מיר אויך מארעסיע געשענקט. איצטער אָנטאָן זיי, אין דער בלאָטע, וועל איך ניט, אן אווײרע. אז כ׳וועל קומען אהיים, דאָרט וועל איך זיי פּרווון אָנמעסטן אף אן אויסגעשפּרייטער רעדנע...

אין דער גרויסער פּוסטלעכער שטוב האָט זיך ראַפּטום שווערוואָגיק ארײַנגעשטעלט א געזונטער מעגושעמדיקער מאנספּארשוין אין א הויכן שעפּסענעם יאָלעם, וואָס האָט אים געמאכט נאָך העכער, ווי ער איז.

— מאמע, גיב עסן! — האָט ער געדיכטלעך ארויסגעברומט, ווי פון א טרויב.

כאָטש ער איז שוין גאָר קיין יונגערמאן ניט, דער דאָזיקער ריזן־דעמב, נאָר קיין ווײַב, זעט אויס, האָט ער ניט. שפּעטער האָט מיר די אלטע דערציילט, אז אלע זייערע יאָרן האָבן זיי געוווינט אין לאסטאָטשקע, א ווערסט אכצן פונדאנען. א שטיל דאָרף, שטילע, לײַטישע מענטשן.

— גיי ריכט זיך אף אזא גרויסן אומגליק... אף אזא בראָך... אין איין נאכט האָט מען אויסגעקוילעט אלע יִדן, זיבעצן נעפּאשעס... דארף זיך מאכן, אז גראדע אין יענער נאכט, כאלעמויעד סוקעס, זײַנען מיר, איך און מײַן יוינע, אוועקגעפאָרן מיט דער אקס קיין קאהארליק צו דער יִינגערער טאָכטער, מאכמעס זי איז דעמלט אקוראט געלעגן אין קימפּעט מיט א צווילינג... כײַ וואָלט איך פריִער אָנגעלייגט מיטן קאָפּ... מײַן יוינע וועט קיינמאָל קיינעם ניט מויכל זײַן... ווען ער געפינט זיך יענע נאכט אין דער היים, אין לאסטאָטשקע, הייסט עס, וואָלט ער די מעכאבלים, וואָס זײַנען באפאלן דאָס דאָרף, געפּלעט די קעפּ... האלעמײַ זאָל איך זאָגן, די היגע פּויערים האָבן ניט געטשעפּעט קיין האָר. פּאָרט שטילע, לײַטישע מענטשן. שוין דאָס צווייטע יאָר, אז מײַן יוינע זאָגט קאדיש נאָכן ווײַב און נאָך די קינדער... אף די עלטערע יאָרן האָט מיך דער ריבוינעשעלוילעם אזוי הארב געשטראָפט... איך בין איצט ניט מיין ווי א שטיק אָפּגעברענטע האָלאָווּעשקע...

די טונקעלע אשקאָליר־גלעזלעך האָבן ניט נאָר פארשטעלט אירע אויגן, נאָר אויך דאָס גאנצע פּאָנעם. דאָס גרויע קאָפּטיכל כאפּט ענג ארום די באקן און די דינע פאלדן אפן גערונצלטן האלדז־לײַב. אין איר קאָל פּילט זיך שטיל־געלאָשענער צאר, וואָס טליִעט נאָך אדהײַעם.

— מיין ניט, — זאָגט זי, — אז ס׳וועט זיי גלאט אָפּלויפן, געשענקט ווערן... אף יעדער האָמען קומט א צײַט... די טליִע ווארט אפן מערדער...

כוץ די גראָבלעכע ווערטער „מאמע, גיב עסן״, האָב איך פון יוינען דעם גאנצן אפדערנאכט מער קיין וואָרט ניט געהערט. דרייט זיך ארום איבער דער שטוב, פארוועבט אין שאָטן, א ריזיקע שטומע לעלע, אונטער ווּעמענס טריט די פּאָדלאָגע בייגט זיך ווייך, ווי מע גייט אף א קלאדקע. מיט זײַן שווערן טראָט און מיט זײַן נאָך שווערערן שווײַגן

ווארפט ער אַף מיר אָן אן איימע. פּלוצעם שטעלט ער זיך מיטן פּאָנעם צו דער וואנט, גראַבט איַין דעם קאָפּ אין די ברייטע צעוואָקסענע דלאָ־ניעס, און זײַנע ריזיקע אקסלען נעמען צוקן פון רעגע צו רעגע אלץ גיכער, נאָר קיין שלוכצן הערט מען ניט.

— יוינע, יוינע... — וועקט אים די זקיינע, ווי פון א שווערן שלאָף.

די גרויסע פּארלאָזטע שטוב איז ניט זייערע. סע דארפן זיך נאָך צו־נויפאָרן די יאָרשים. איר, דער אלטיטשקער באָבע, קומט אויך ארויס א ביילעק, אָבער זי קאָן שוין מער ניט ווארטן. זיי וועלן מוזן איבגיכן צוריק זיך אריבערציִען קיין לאסטאָטשקע. די ערד זייערע פּוסטעוועט דאָרט. מע דארף פארשטיין, וואָס איז אזוינס יִישוווניקעס.

שפּעט אין דער נאכט זײַנען אָנגעקומען נאָך מענטשן אַף נאכטלעגער. אין דער גרויסער שטוב איז געוואָרן טומלדיק. מע בעט די אלטע באָבעשי, זי זאָל שטעלן דעם סאמאָוואר. ווער ס'שלעפּט ארויס א פארפּאַראָשעט שטיקל ראַפינאַד, א צעקוועטשט צוקערל, א פארקלעפּט מאַנדל, א שטיק קאָרן ברויט, א פארדארטן קאָרזש, אן אלטגעבאקענעם פּיפּאַלעק. לעבע־דיק־זשוואווע הענט טאנצן ארום איבערן אָפּגעדעקטן טאָפּטשאַן. דער אלטער באָבעשי פעלט קיין ארבעט ניט. דער בעט א ביסעלע זאלץ, יענער זוכט א קווערטל וואסער וואשן די הענט, א דריטער זאָגט צו, ער וועט גוט באצאָלן, מ'זאָל נאָר אריַינטראָגן א קול שטרוי. צעבויטעטע קוילעס טראָגן זיך ארום דעם שוואך בלינצלדיקן גאזע־לעמפּל. אַף די ווענט — א געפלאָנטער פון באוועגלעכע צעשוומענע קעפּ, צעבראָכענע רוקנס, געקרימטע פּלייצעס. מאָגערע, לאנג־אויסגעצויגענע קעמל־העלדזער פאר־קריכן ארוף אזש ביז דער סטעליע. יוינע האלט זיך אָפּגעזונדערט. דער רוישיק־ווימלדיקער אוילעם פארטרײַבט אים יעדער מאָל אין אן אנדער עק־ווינקל. ער פילט זיך איבעריק אין זײַן געיארשנטער שטוב. קאָן זײַן, אז ער האָט גאָר גאנצע טײַנעס צו דער אלטיטשקער מאמע, וועלכע גיט זיך אזויפיל אָפּ מיט די פרעמד־אָנגעפאָרענע אָרכים. גוט, וואָס די נעפלדי־קע שײַן פארלירט אים, און קיינער שטייט צו אים ניט צו מיט קיין באקאָשעס.

פון די פארבײַפאָרנדיקע פארשוינען האלט קיינער ניט דעם וועג אַף בארשעוו.

— וועסט ארויסגיין אפן שאָסיי, ייִנגעלע, — אייצעט מען מיר, — וועסטו באגעגענען אפן וועג א סאך פויערשע וועגענער, וואָס פאָרן צום מיראָנעווקער צוקער־זאוואָד. אפילע מיט דריבנע געלט קאָן מען זיך אויך דערשלאָגן אהיים.

אין דער דאָזיקער שטוב — אכסאניע האָב איך זיך דאפקע זייער גוט אויסגערוט. אינדערפרי איז שוין קיין סימען ניט געבליבן פון די אינמיטן דער נאכט אָנגעפאָרענע פארשוינען. דאָס לאנגע טאָפּטשאנדל איז אופּ־געראמט, דערצו נאָך איבערגעדעקט מיט א פאָשעט לײַוונט סערוועטל, דער דיל — אויסגעקערט. יוינע איז שוין אויך, ווײַזט אויס, פון לאנג אוועק־געגאנגען.

— פארוואָס האָב איך זיך אזוי שפּעט אופגעכאפּט? — עס איך מיר אליין די גאל.

— וועסט גאָרניט אָנווערן, — באַרויִקט מיך די אלטיטשקע, — דער טאָג איז נאָך גענוג גרויס. עפשער וועט זיך דיר איַינגעבן עמעצן אָנטרעפן אין ראַסאָווע. דאָרט וועט זײַן א גרויסער מאַרק, הײַנט שטעלט זיך א יאָר־יאַריד. עפשער וועט זיך דיר דאָרט מאַכן א באַרשעווער באַלעגאָלע.

איך באַדאַנק די אלטיטשקע באָבע פאַרן נאַכטלעגער און לאָז זיך מיט מײַן אויצער־קלומעקל ווײַטער אין וועג אַרײַן.

ווער־וואָס, מ׳זעט ניט קיין שום וועגענער, וואָס זאָלן פאָרן צום מיראָנאָווקער צוקער־זאַוואָד. דערפאַר איז אָבער דער טאָג זייער א שייַ־נער. אך, סאַראַ ליבע, וואַרעמע זון שפּרייט אירע העלע שטראַלן איבערן אומענדלעכן פעלד! איך פיל, ווי זי זיצט, די זון, א לוסטיקע, אף מײַנע פּלייצעס און מאַכט מיר פרייַלעכער דעם גאַנג. אין קיין עסנוואַרג נייטיק איך זיך ניט. ס׳איז פאַראַן, דאַנקען גאָט, אין מײַן טאָרבע געפּרעגלט פלייש, קאַשניקעס, ווייצענע פּלעצלעך, געפילטע מיט קרויט, קעז אין א ליים־טעפּעלע, — קאָן מען גיין. ווו־ניט־ווו אַקערט מען די ערד. אַדורכ־געזאַפּט מיט שוואַרצער פעטקייַט, ליגן זיך די הרודעס אונטערן אַקער, ווי אונטער א גלײַכער ווירע. ערטערווײַז איז די ערד לויזלעך־בלאָטיק, היפּשע קאַליוזשעס, צעוואָרפן אַרום־און־אַרום, ווי בליאַסקעדיקע שפּיגע־לעך, שטייען אין פעלד, אָבער איך מײַד זיי אויס און גיי מיט דער אויס־געקנאָטענער סטעזשקע, נאָענט צום שליאַך־וועג...

העט שפּעטער, ווען די זון האָט שוין געהאַט אַדורכגעשוווּמען העכער דרײַ פערטל הימל, געביטן איר קאָליר און געלאָזט אַרום זיך פלאַמיקע פלעקן, בין איך אַרויסגעגאַנגען פונעם דאָרף זעלענקע, אָבער טאַקע שוין היפּש מידלעך, צוגעשטאַנען.

מיט א טראַסק און מיט א געפּילדער האָט זיך געטראָגן איבערן וועג א פול־געפּאַקטער וואָגן יאַרידניקעס. אָנשטאָט אָפּטרעטן אָן א זײַט, האָב איך זיך דאַפקע געשטעלט פונקט אינמיטן זאַמדיקן וועג. די פור איז אַרײַנגעפאָרן אין זאַמד, און דאָ זײַנען שוין די אויסגעמאָגערטע פערד געגאַנגען פּאַמעלעך, טראָט בא טראָט, טיף געבייגט די גריוועס.

אַן אלטער צעפּאָרענער וואָגן, געפּאַקט מיט מאַרק־פּאַרשוינען, א קאָפּ אף א קאָפּ, איבערגעפלאָכטן הענט מיט פיס, און בא אלע אַזעלכע אָנגע־פּאַליעטע פּענעמער, צעפּריִעטע, אָנגעהעצקעטע, צעקנייטשטע. וויסנדיק, אַז זיי פאָרן קיין באַרשעוו פונעם ראַסאָווער יאָר־יאַריד, האָט זיך בא מיר דאָס בלוט־פאַרלאָפּענע האַרץ געוואָרפן ווי בא א ניט־דערקוילעטן...

כ׳האָב זיך אָנגעכאַפּט מיט א האַנט פאַר דער האָלאָבליע:

— פירט מיך א ביסעלע אונטער!..

דער באַלעגאָלע האָט מיט דער פּוזשעלע א הייב געטאָן דעם דאַשעק, געכאַפּט הינטערוויַילעכס א קוק אף די צונויפגעקלעמטע פּאַרשוינען, דערנאָך אף די מיט שוים אָנגעזייפטע פערד, אף זייערע צעפּאַרעטע אײַנ־געפאַלענע בײַכער, ווי אײנער רעדט: „זעסט ניט? סײַדן אפן קאָפּ... כ׳האָב אַזוי אויך אַריבערגעפּוצעוועט... און אַז א פערד וועט פאַלן אין וועג?״

— האָט גאָט אין האַרצן...

דער באַלעגאָלע האָט שווײַגנדיק צוריק אַראָפּגערוקט דעם דאַשעק, א צי געטאָן מיט די ליפּן און בייזלעך א שנאָרע געטאָן מיט דער נאָז.

— ווי־אָ... נו.

מיט אויסגעשטרעקטע הענט בין איך ווייגענדיק נאָכגעלאָפן דעם וואָגן. וואָס מער דאָס פּורל האָט זיך דערוויַיטערט, אַלץ שטאַרקער בין איך געלאָפן. מיַין ביטער קלאָגן האָט, וויַיזט אויס, א נעם געטאָן דעם באַלע־גאָלע פאַרן לעבער. ער איז געבליבן אָף א וויַילע שטיין מיט די פערד.

— נו מיילע, קום אהער, טאַכשיט! — פּאָכעט ער צו מיר מיט דער בייַטש.

ניט איך לויף, נאָר איך פלי.

— קריך אין וואָגן אריַין, — דערלאַנגט מיר עפּעס א וויַיבל א פּאַר־שוויצטע האַנט.

אַראָפּ־באַרג זיַינען די פערד אוועק גאָר אַן אַנדער גאַנג. געקניפּטע רימענדלעך, אָנגעהאַנגענע שטריקלעך פּאַטשן הילכיק איבער די אויסגע־ריבענע טונקעלע ערטער פון דער פעל, ווו ס'איז שוין קיין סימען פון האָר ניט צו זען.

די יאַרידניקעס זיַינען שטאַרק ניט צופרידן מיט מיר. אַלעמאָל לאָזט זיך הערן אַן אַנדער קאָל:

— ער וועט מיך אומגליקלעך מאַכן, דער שלימאַזל. פון מיַין גאַנצער סכוירע איז געוואָרן אַש און פּאָרעך.

— נעם צו די פיס, זעץ זיך ניט אפן זעקל... פונוואַנען האָט זיך גע־נומען אַזא צאָרעס!..

דער באַלעגאָלע לאָזט ניט, מ'זאָל אָף מיר שריַיען, וואַרפן פון איין אָרט אפן אַנדערן.

באַ א נאָענט טיַיכל שטעלט ער אָפּ די פערד.

— אַנו, — זאָגט ער צו מיר, — באָכערל, זיַי זשע מויכל, שפּרינג אַראָפּ פונעם וואָגן און בינד אָפּ דעם עמער.

איך האָב אים געהאָלפן אָנפּאָיען די פערד, איבערבינדן די שלייעס, אַרויסשלעפּן דאָס האַלבע זעקל סיטשקע. אָן אַרבעט לאָזט דער באַלעגאָלע ניט זיצן. די מאַרק־פאַרשוינען האָבן אויך געוואָלט, מ'זאָל זיי באַדינען, — זיי האַלטן, אַז איך פאָר אָף זייער כעזשבן.

— זיַי מויכל, צי אַראָפּ דעם שטיוול פון דעם אָנגעמוליעטן פוס. איַי, איַי, שלעפּ ניט אַזוי שטאַרק!

— ברענג א פלאַש וואַסער, זונעניו.

— האָסט זיך שוין א ביסל אופּאָרעט? איצט דערלאַנג מיט דיַינע הענט־לעך צווישן די פאַרוקטע קאָשעקעס, אָט דאָרט... אוי, ניין־ניין, ניט דאָ, א ביסעלע וויַיטער, נאָך גליקלס קעסטל. הא, איצט האָסטו אָנגעטאַפּט? רעכטס, נאָך רעכטער.

— וואָס, מומעניו?

— אוי־ווי איז מיר! נו, דאָס ביסל האָניק אינעם סלאָיִקל. אָ, אַציִנד זע איך, אַז דו ביסט א פאָלנער מאַלאַדיעץ. א גוט לעבן אָף דיר, און א גוטע וועלט זאָלסטו האָבן!

גאַנצע טיַינעס האָט צו מיר א ייִד מיט איבערגעבונדענע אויערן, וואָס זיצט פאַרקלעמט באַם סאַמע עק וואָגן מיט עפּעס זייער א ציטעריקער זאַך אין די הענט.

— ווּעסט שוין אַמאָל העלפֿן איבערבינדן די קאָרזינע, צי ניין?! זעסט ניט, מאַמזער, אַז זי ווּעט זיך באַלד צעשיטן?

אַלעמען בין איך מעכויעוו פֿאָלגן, גלײַך ווי כ'האָב זיך באַ זיי פֿאַר־דונגען. גערן, אָן אַ קאַפּעלע פֿאַרדראָס טו איך אַלץ, וואָס מ'הייסט מיר טאָן. דאָ אַ שפּרונג, דאָרט אַ לויף, דאָ האַלט איך עפּעס צו, און דאָרט שטעל איך אונטער אַ פּלייצע. די צעטרייסלטע, אויסגעמוטשעטע פֿאַרשווי־נען בעטן דעם באַלעגאָלע, ער זאָל האָבן גאָט אין האַרצן, מ'מעג אין וועג זיך אָפּטער אָפּשטעלן. ער דאַרף געדענקען, אַז פֿונעם יאַריד פֿירט מען איידעלע סכוירע, ניט קיין זאַלץ, ניט קיין שטיינער, ס'אַ קליינע כאַפּעניש. מ'פֿאָרט, כאָלילע, ניט אַרײַן אינעם הייליקן שאַבעס. ער איז ניט קראַנק וויסן, דאָדל, אַז אַ לעבעדיקע הון ווערט דערשטיקט, פֿרישע אייער ווערן צעקוועטשט, און אַליין, ניט פֿאַר קיינעם געדאַכט, זיצט מען אויך ווי אין געהאַקטע ווונדן.

— דאָדל, איר הערט, דאָדל, זײַט ניט קיין גאַזלען. טרײַבט ניט אַזוי די פֿערד מעשוגענערווײַז. איר זעט ניט, ווי זיי שטייען צו? ס'אַ צאַרבאַ־לעכײַ. באַ אונדז רײַסן זיך אויך די קישקעס אינווייניק, מיר פּאָכען מיט דער נעשאָמע...

דאָדל דער באַלעגאָלע לאָזט די פֿערד אַ ווײַלינקע אָפּרוען.

— מ'דאַרף ניט זײַן אַזאַ אַכזער אַף זיי... פֿאַרגעסט ניט, דאָדל, אַז מאָרגן דאַרפֿט איר נאָך אויך זײַן אַ באַלעגאָלע...

אינעם נאָענטסטן דאָרף האָט דאָדל געשטעלט די פֿערד אָפּרוען ווי ס'געהער צו זײַן. אָנגעטאָן אַף זייערע וואַרעם־דאַמפּיקע קעפּ טאָרבעס סיטשקע: נאַט, פֿרעסט צעזעצטערהייט. קיינער וועט אײַך קיין אײַנהאָרע ניט געבן, וואָרעם קיינער זעט בעמיילע ניט, ווי הונגעריק איר זײַט.

מיך שיקט מען שוין ווידער אַ גאַנג: עפּשער קאָן מען קריגן אין יענער ווײַסער כאַטע קעגניבער דעם שליאַך אַ קריגל געבריטע מילך? ריאַזשענ־קע וואָלט געווען נאָך בעסער. לעס־ברײַרע מאַכט ניט אויס אַ טעפּעלע זויערמילך, אַבי מיט עפּעס דערקוויקן דאָס פֿאַרכליאַנעטע האַרץ.

טאָמער מיינט איר, אַז ס'אַרט מיך כאָטש אַף אַזויפֿיל־אָ, וואָס מ'שאַפֿט זיך מיט מיר, ווער עס דאַרף און ווער עס דאַרף ניט? איך ווער באַ זיך ניט געפֿאַלן. אַדעראַבע, עס טוט מיר גאָר האַנאָע, וואָס איך קאָן מיט עפּעס וואָס צודינען. הייסט עס, כ'בין ניט אינגאַנצן קיין אָנגעוואָרפֿענער. צוריק גערעדט, וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט באַ מיר אַ לויף טאָן! קיין גרויסע טירכע דאַרף מען דערבײַ ניט צולייגן. אָבער דערפֿאַר, יעדער מאָל, ווען די אַקס טוט זיך אַ דריי און שלינגט אײַן קרעכצעניש אַרײַן נאָך אַ שטיק וועג, פּויזעט, שווער־אָטעמענדיק, דורך נאָך אַ כוטאָר, נאָך אַ דאָרף, אַ בריקל, אַ הרעבליע, באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַרויף, ווערט פֿאָרט די פֿאַרוואָר־פֿענע היים וואָס אַ מאָל נעענטער... אָט רוקט זיך אָנטקעגן אַ הויל־נאַקעט וועלדל, דורכגענומען אין גרין־בלויען שפּינוועבס. נאָכן וועלדל קומען צוויי לאַנגע שורעס הויכע נאַקעטע טאָפּאָלן, וואָס פֿירן דיך אַרײַן אין אַ לאַנגן קאָרידאָר אָן אַ דאַך. צעטרייסלטע, צעשאָקלטע, העצקען זיך אַפֿן וואָגן די יאַרידניקעס, רײַבן איינער אָן אַנדערן די פֿאַרפֿריִעטע זײַטן און גיבן אָפּ פֿון זיך מיט אַזאַ שטיקנדיקן שווייס, אַז דער אָטעם ווערט אַזש

פאַרשלאָגן. דאָס אַלץ איז גאַרניט־שעבעגאַרניט, אַבי מ׳פּאַרט, און וואָס ווײַטער מ׳פּאָרט, אַלץ נעענטער שמעקט מיט באַרשעוו. נאָך הײַנט וועל איך זיך זען מיט מײַן מאַמען... וואָס קאָן נאָך זײַן ליבער פאַר מיר...

אַלצדינג איז ביז אין אַ צײַט. ענדלעך האָבן זיך אָפּן אויסגעבלייכטן האָריזאָנט באַוויזן די טורעמלעך פון מיראָנאָווקער סטאַנציע. היי, איר, יאַרידניקעס און יאַרידניצעס, איר באַנעמט כאָטש, וואָס איז אַזוינס מי־ראָנאָווקע? ניין, מײַנע ליבע מומעס און פעטערס, איר האָט קיין ברעקל געפיל ניט פאַר דעם דאָזיקן נאָמען מיראָנאָווקע. דאָס איז דאָך די שוועל צו באַרשעוו, אַ טראָט צו דער שטוב. און באַ אײַך, מאַרק־הענדלער, איז מיראָנאָווקע ניט מער ווי אַ נאָמען פון אַ באַן־סטאַנציע. קוקט, יאַרידני־קעס, לאַכט, האָט האַנאָע און קוועלט. נאַט זעט, ווי איך פּאַטש פריילעך־קונציק מיט די הענט, רימפּל אַף די ליפּן, זינג אַף אַ קאָל יענע געפּעפּער־טע לידלעך, וואָס מ׳הערט זיי, דעריקערשט מיידלעך און ווײַבלעך, מיט אַ האַלבן אויער. און דעמלט ווען די פערד שטייען מידלעך צו, הייבן אָן שפּאַנען פּאַמעלעכער, שפּרינג איך אַראָפּ פונעם וואָגן און ווײַז אַלע מײַנע קונצן און אָפּשניצלעך, וואָס איך קען. קוידעם גייט אַוועק אַ פריי־לעך לעבעדיק טענצל. לאַכט, לאַכט, איר מעגט טאַקע לאַכן. וואָס ווייסט איר, יאַרידניקעס, וואָס באַ מיר אַף דער נעשאָמע טוט זיך?.. אויב אין אײַערע אויגן זע איך אויס ווי אַ פּורימשפּילער, ווער איך ווייניק וואָס ניספּאָעל.

— זאָג מיר, טאַכשיט איינער, לאָמיך האָרכן, וואָס איז מיט דיר אַזוי די סימכע? — קוועלט גאָר אָן פון מיר דאָדל דער באַלעגאָלע. — ווערליק איך זע אין דיר, האָסטו געהאַט ניט קיין שלעכטן יאַריד, האַ? קאָנסט כאָטש אָפּטיילן פונעם פּידיען ביזן רעוועך? כ׳מיין, צי אַ סאַך געלט האָסטו פאַרדינט?

— אַ סאַך, רעב דאָדל, גאָר אַ סאַך... אַ גאַנצן מאַיאָנטעק... אַלץ, וואָס איך האָב פאַרדינט, איז מײַנס...

— קוקט אים אָן, דעם שלימעזאַלניק. אָן ענטפער אַ ביסל פון אַ טאַטנס אַ קינד. איך בין, דאַכט זיך, עלטער פון דיר מיט אַ מיטוואָך. ווו האָט אַזעלכס זיך אויסגעפּלאַדיעט, ווייסט אים דער גוטעריאָר.

אַ באַלעגאָלע בלײַבט אַ באַלעגאָלע, אַלצדינג מעסט ער אַף געלט. עפּשער איז פאַראַן אַף דער וועלט טײַערס פון געלט? אַ מאַמע איז באַ אים גאָרניט...

— אַ ניגון דערלאַנגט! — זשומען די פאַרשווינען אָפּן וואָגן. — אַ ניגון!

אַ ניגון ווילט איר הערן? מאַכטייסע. באַ מיר קאָנט איר עס גרינג אויספירן. נאָר ווי איז מעגלעך הערן אַ ניגון, אַז די רעדער קריצן אין די שטיינער, דער וואָגן הוידעט זיך און סקריפּעט? נאָר איך זינג. וואָס אַרט עס מיך?

דאָדל דער באַלעגאָלע מיינט, אַז איך בין אַ מעשוירער באַ אַ כאַזן. פון יענע זינגערלעך, וואָס שטייען באַם אָמעד מיט אַ זײַדן שאַליק — טאַלעסל אַף די אַקסלען... האָט מיסטאַם געטראָפן אָן אומגליק, און כ׳האָב פאַרלאָרן דעם כאַזן אין וועג... ס׳טרעפט אַזעלכס, האַלעוויַי זאָל זיך ניט טרעפן.

די הענדלערקעס האָבן אָן איבעריקע שׂיעס צוגעפּאַסקנט, אַז איך בין פון די ציגײַנער. ווי דען אַנדערש? ווערליק דאָס שפּרינגען, רימפּלען אויף די ליפּן און העפקערדיק טאַנצן, קאָן עס גאָר ניט זײַן קיין ייִדיש קינד, אַזעלכס, זאָגן זיי, האָט מען נאָך ניט באַגעגנט.

— אָבער ער רעדט דאָך ייִדיש, ווי אַ וואַסער.

— אַ שיינער סימען! מיסטאָמע זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט ייִדישע ציגײַנער אויך...

גיי טײַנע זיך אויס מיט ווײַבער יאַרידניצעס, דערווײַז זיי, אַז אין באַרשעוו קוקט אויף מיר אַרויס אַ געטרײַע מאַמע, וואָס בענקט נאָך מיר מיט אַלע כּײַעסן און מיט דער גאַנצער נעשאָמע. זי דערשלאָפט ניט קיין נעכט, האָרעוועט מיט די לעצטע קויכעס, וויל מיך ברענגען צו טאַכלעס, דערלעבן זען נאַכעס אין מיר.

מײַן צעכראַסטעטע פרײַלעכקײַט האָט לאַנג ניט געדויערט. מיטן אָנגע־שוואָלענעם אָוונט האָט זיך פון מיר אָפּגעטאָן דער וואַרעם־לעבעדיקער צאַפּל, פאַרלוירן געגאַנגען די פאַרשײַטקײַט. שאַ, שטיל... אויסגעלאָשן אין מיר דאָס ביסעלע פײַער, וואָס מ׳רופט עס אָן גליק... אויס סימכע, אויס פרייד...

ווי אַ צוגעשלאָגענער, בין איך געבליבן זיצן אײַנגעקאָרטשעט, צונויפ־געשרומפּן, פאַרשטאַרצט באַם סאַמע סאָף וואָגן, ווען די פאַרשאָלטענע נאַכט איז צוגעפאַלן. פאַר די אויגן שפּינט זיך ווידער דאָס לאַנג באַקאַנטע פיבערדיקע געוועב. אַלץ, וואָס טוט זיך אַרום מיר, ווערט פאַרשלייערט אין ווייכע געדיכטע וואָלקנס.

אַרויף־באַרג זײַנען אַלע פאַרשוויגן, בעמכילע, אַראָפּגעקראָכן פונעם וואָגן. דער באַלעגאָלע האָט געהייסן, מ׳זאָל שיטערער מאַכן דאָס פורל, וואָרעם די פערד זײַנען צו מיד, זיי שלאָגן זיך אַרויס פון די לעצטע קויכעס.

— דו, שמענדריק, — טוט דער באַלעגאָלע אַ פּיק מיט דער האַרטער פוזשעלע אין מײַן ברוסט, — דיך דאַרף מען אופרופן באַזונדער?!.. זיצט און מאַכט זיך געפּייגערט. אַנו, גיכער, אַראָפּ פונעם וואָגן!

די יאַרידניקעס האָבן זיך אויך אויף מיר אַרופגעכאַפּט:

— וואָס זאָגט איר אויף דעם שיינעם פּאַרעץ?

— מ׳רעדט דאָך צו דיר קלאָרע דיבורים, צי ס׳האָט דיך פאַרלייגט?

זאָגן, דערציילן זיי מיט גוטן, ווי דער עמעס איז, אַז די רײַע איז באַ מיר אַ געשלאָגענע, אַז ווען סע פאַלט צו די נאַכט, זע איך ניט... ווער וועט מיר גלייבן? זיי וועלן זיך זייער שיין אויסלאַכן פון מיר און פון מײַן קרענק... אַ סאַך גלײַכער זיצן ווי אַ גוילעם, שווײַגן ווי אַ טאַם... עך, ווען איך זאָל זען, וואָלט איך דאָ געזעסן באַ דאָדל דעם באַלעגאָלע אויפן וואָגן? כ׳וואָלט אײַך שוין לאַנג פּרעסירעט און געלאָזט זיך לויפן צופוס קיין באַרשעוו...

— עפּשער האָט דאָס אָרעמע עלנטע ייִנגל פּאַשעט קיין קויעך ניט... — הער איך, ווי איינס אַ ווײַבל פאַרענטפערט מיך. — מעגלעך, דאָס קינד האָט באַקומען וואָרעמקײַט אין וועג? קראַנק געוואָרן... מאַלע וואָס ס׳קאָן טרעפן מיט אַ מענטשן...

און דאָ, טייקעף, דערפיל איך טאַקע אַ צאַרטע וואַרעמע האַנט, וואָס פּויזעט מוטערלעך־געטריַי איבער מײַן פּאָנעם, טאַפּט אונטערן קין און בלײַבט ליגן אַ ווײַלע אַפן שטערן אומבאַוועגלעך.

„ניין, מומעניו, — ווילט זיך מיר אויסרופן, — וואָס מיר היץ? ווער מיר קאַפּווייטעק? דאָס אַלץ, מומעניו, איז ווערט אַ שפּײַ... טשעפּעט מיך בע־סער ניט...״

זי בייגט אָן איר קאָפּ גאָר נידעריק, מאַמעש איך פּיל די ציטערדיקײַט פון אירע הייסע איבערגעטריקנטע ליפּן.

— אַ יאָסעם, נעבעך?..

— נו, און אַז אַ האַלבער יאָסעם, איז שוין גוט? — כלינעט פון מיר אַרויס די בייזקײַט.

— הייסט עס, אַז דו האָסט יאָ אַ מאַמע? — דערפרייט זי זיך אַזש. — זאָל זי דיר זײַן געזונט ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. כ׳האָב אויך איבערגעלאָזט אין דער פּוסטער לאַך־היים, אַף גאָטס באַראָט, אַזאַ קאַדיש, ווי דו.

צי וויל מען יאָ גלייבן, צי וויל מען ניט, איך זע לאַכלוטן ניט דאָס פּרעמדע ווײַבל, וואָס אָטעמט אַזוי נאָענט. איך שפּיר בלויז היימישע, אויסגעבענקטע שטוב־רייכעס, אָבער זי אַליין, וואָס טיילט מיר צו אַ ביסל זאָרג, זע איך ניט. מײַן געשלאָגענע ריַע פאַרנעמט נאָר עפּעס אָן אויס־טערליש צונויפגעשטוקעוועטן שאָטן, וואָס שוועבט אַרום צעבויטעט און וויגט זיך צוזאַמען מיטן טרייסלענדיקן וואָגן.

אַפּאָנעם, דאָס ווילע, גוטהאַרציקע ווײַבל, שטויס איך מיך אָן, האָט ניט דערלאָזט, דער באַלעגאָלע זאָל מיך מיט גוואַלד אַראָפּשלײַדערן פּו־נעם וואָגן ווי עפּעס אַן איבעריקע זאַך.

עטוואָס שפּעטער הער איך, ווי דאָס אומגעזעענע געשטאַלט האָט אַרויסגעבראַכט שטיל, שעפּטשענדיק, ווי נאָר פאַר זיך אַליין:

— אַהיימעניו, צו דער מאַמען! אונטער דער זון איז גוט צו זײַן, און לעבן דער מאַמען איז גוט צו זיצן...

עך, דו, בלײַענער פויגל, — כויזעק איך גלײַך אָפּ פון זיך אַליין. — אַלע ציִען זיך צו דער גרויסער ליכטיקער וועלט, רײַסן זיך מיט אַלע קויכעס אַזש אין אויסרײַסעניש, און דו, פּערעאָדעם איינער, בענקסט נאָך באַרשעוו, ווילסט זיך האַלטן ביז דער כאַסענע בא דער מאַמעס פּעלענע... געדענקסט כאָטש, נאַריש קעלבל, וואָס דײַן אייגענע מאַמע אַליין האָט דיך געלערנט? פון אַ מאַנצבל דאַרף שטענדיק שמעקן מיט דרויסן און מיט ווינט. אײַ, מאַמעניו, זעסטו דאָך, אַז איך פּאָלג דיך, איך בין דאָך די גאַנצע צײַט אין דרויסן און אַפן ווינט...

בעערעך אין אַ האַלבער שאָ אַרום זײַנען מיר אַרײַנגעפאָרן אינעם מיראָנאָוקער־באַרשעווער וואַלד. דאָ האָט שוין גלאַט די פינצטערניש געשטאָכן אין די אויגן. הויל־נאַקעטע צווײַגלעך טוען פון צײַט צו צײַט אַ שאַרפן גראַבל איבערן קערפּער, מיט פּלוצעמדיקן געפאָכערײַ־געפּילדער פליִען צעשראָקענע פויגלען אַרויס פון זייערע האַלב אופגעשטעלטע נעסטן, דאָס האָט זיי, אַפּאָנעם, אופגעוועקט דאָס גערודער פון די יאַרידניקעס.

ווי פֿאַרבלאָנדזשעטע, רופֿן זיי זיך איבער, די צעפּאַלאַשעטע פֿויגלען, מיט אַן איימע־צוויטשעריַי אין דער צעוויגטער וואַלד־כאַשכעס.
— פּיו־טיו־טיו! ווו ביסטו?.. פּיו־טיו־טיו, ווו ביסטו?..

## איך גיי ווערן אַ באַלמעלאָכע

דער צעשויבערטער וואַלד־געפּלאָנטער לאָזט אונדז גערן אַרויס דורך איינעם פֿון זײַנע פֿאַרבאָרגענע טויערן. דאָס פֿיל און פֿול געפּאַקטע פֿורל איז מיטאַמאָל אַרוף מיט אַ שאַרפֿער גרילצעריַי אַפֿן שלעכט ברוקירטן שטיינערנעם טראַקט. פֿון אַלע זײַטן האָט גענומען קלאַפּן, קלינגען, סקריפּען, שאַרקען, סקריטשען אַף דול צו ווערן. אָט־אָט, נאָך אַ ביסעלע וועט דער דראַבענע־וואָגן צעשאָטן ווערן אַף שטיקלעך... די פֿאַרשוינען וועלן זיך אין דער פֿינצטער צעקריכן, און דאָדל, קאָן זײַן, זאָל זייער שיין בלײַבן בא די נאַקעט־אויסגעטאָנענע סוסים, בא הוילע פֿערד־סקעלעטן, ווי זאָגט מען, נאָר מיטן בײַטשל, און וועט אַפֿילע ניט האָבן בא וועמען אופּמאָנען דאָס ביסל מעזומאָנים...
— מיר האַלטן שוין בא צופֿאָרן צו דער סטאַנציע, — גיט צו וויסן אַף אַ קאָל דאָדל דער באַלעגאָלע, אַ לוסטיק־פֿריילעכער, — ווער עס האָט כיישעק כאַפּן אַ גלעזל וואַרעמס, אַ טשײַניקל אָקרעפּ, פֿאַרפֿאַרען אַ טעפּעלע ציקאָריע... איר זאָלט נאָר קיין דײַגע ניט האָבן, איך וועל קיינעם ניט איבערלאָזן, איר זאָלט זיך איבעריקס ניט אײַלן. פֿאַר דער סכוירע האָט קיין יעסורים ניט, אַף דאָדלען מעג מען זיך פֿאַרלאָזן. היי, נו, פֿאַשאָל, פֿאַשאָל!..
העל־ליכטיקע זײַלן שײַן, וואָס פֿאַלן פֿון אַ הויכן סלופּ־לאַמטערן, נאָענט בא דער סטאַנציע, האָבן זיך בלענדיק אַף אַ קליינער ווײַלע אַרײַנגעשניטן צווישן די צונויפֿגעקוטשעטע פֿאַרשוינען, געצוווּנגען זיי פֿאַרשטעלן די אויגן. אַזעלכע צעהאַנגענע נאַכט־פֿײַערן באַווײַזן זיך וואָס אַמאָל אָפּטער.
אָט דאָ דערנעבן, פֿאַזע דעם באַן־וועג, האָט פּלוצעם גענומען שווער כריפּען, סאָפּען און פּעכקען אַף אַ מאָדנע מין צוגעקילט הייזעריק קאָל אַ קראַנקער לאָקאָמאָטיוו. צעצונדענע שטורקאַצן האָבן באַלויכטן דעם הייס־צעגליטן און קאָכיק־שיפּענדיקן אײַזערנעם גוף. פֿון מאָל צו מאָל טוט דער לאָקאָמאָטיוו אַ שיט אַרויס צעבלאָזענע גאַרבן פֿונקען, טראַכקעט מיט אַלע קויכעס... און רירט זיך ניט פֿון אָרט. אין דער טיפֿער ווײַט צווישן פֿיל געפּלאָנטערטע און געקרייצטע רעלסן זײַנען צעשאָטן קאָלערליי פֿאַרביקע פֿײַערלעך, ווי שטערן אין דער נאַכט. רוישיק, טומלדיק, מיט אַ העפֿקערדיק פֿײַפֿערײַ לויפֿט דורך אַ צעיאָגטער צוג, שפּריצט פֿון זיך מיט זודיקע טראָפּנס, בריט אָפּ מיט דורכשוועבנדיקער היץ און יאָגט ווײַטער אין דער פֿינצטערער נאַכט אַרײַן.
אַפֿן ברייטן קנאַפּ־וואָס באַלויכטענעם וואָקזאַל־פּלאַץ שטייען אויסגעשטעלט פֿאַרשיידענע וועגענער, טאַראַטײַקעס, בריטשקעלעך אַף ווייכע רעסאָרן, געפּוצטע פֿאַרמעגלעכע דראָזשקעס און אַפֿילע רײַכע פֿאַעטאָנען

און הויכע בוידן. דער אָנגעהעצקעטער יאריד־אוילעם, דאָדל דעם באַלע־גאָלעס פארשווינען, גלייכן אויס די ביינער, צעטרייבן די בלוטן פון די פארזעסענע אייוורים, ווער עס לאָזט זיך אָפּ א קורצן שפּאציר אינעם דערבייזיקן סקווערל, אנדערע פּאָלגן דאָדלען און מע לויפט מיט געפּעס צום זודיקן קעסל נאָך א ביסל אָקרעפּ.

מאכמעס מיין פארשאָלטענער הינער־בלינדקייט, האָב איך מוירע פאר־לאָזן דעם וואָגן. ווער ווייסט, ווו איך קאָן זיך פארלירן אין דער נאכט־פינצטערניש? דאָדל וועט מיך ניט גיין זוכן, טאָמער וועל איך ערגעץ־ווו פארבלאָנדזשען.

דאָ, אפן וואָקזאַל־פּלאַץ, האָט דאָדל באגעגנט א צווייטן בארשעווער באַלעגאָלע.

— היי, מעכוטן! — שרייט דאָדל פריילעך אויס אף א קאָל. — איר דער־קענט מיך ניט? וואָס זענט איר בא זיך אזוי גרויס געוואָרן? איר שטייט טאַקע איין אף א גוטער שטעלע, נאָר מע דארף ניט טראַסקען אזוי מיט דער לאַנגער בייטש...

— איי, איי, איר טרייבט אויך לעצאָנישע שטיק, רעב דאָדל? — קומט נעענטער צו א באַלעגאָלע מיט פארשטעקטע פּאָלעס אינעם גארטל.

איך מעג שווערן, אז דאָס איז זיידל, „זיידל די האַלבע באָרד”.

— און אז מע ארבעט אין ספּאָלקאָם[1], דארף מען זיין בא זיך גאָדל־דיק? — לאָזט דאָדל ווארפן איין שטעכיק וואָרט נאָך דעם צווייטן. — מ'האָט שוין געזען אזעלכע געהויבענע קנאַקערס. צי ווילט איר יאָ, צי ווילט איר ניט, דעם באַלעגאָלע, זיידל, וועט איר בעמיילע פון זיך ניט אראָפּוואַרפן. האָט איר געבראכט צו דער סטאַנציע עפּעס א רעכטן פויגל, צי איר וואַרט אָפּ אף אן אָנקומענדיקן נאַטשאַלניק?

— ניט דאָס און ניט יענץ, — צוקט „די האַלבע באָרד” מיט אן אקסל, — בענעמאָנעס, כ'האָב געבראכט צו פירן אהער דעם פּאָליטפּראָסוועט, דעם כאַווער יאַקאָוו האָב איך געבראכט. מיט אים פּאָרן עטלעכע שלעפּערס, דאַכלאָזע. ער פירט זיי אין פּאָוויט אריין, קיין קאָרסון.

— מיסטאַמע, גאַנאָווימלעך? — פּרוּווט דאָדל טרעפן. — א דאַנק גאָט, ווו מע פארזייט זיי ניט, דאָרטן וואַקסן זיי אויס...

— מיט גאַנאָווים פארנעמט זיך די מיליציע... דער פּאָליטפּראָסוועט האָט בילכערע געשעפטן. אונדזער פּאָליטפּראָסוועט פירט די כעווּרע ברעג־געץ צו א טאַכלעס. ווער דען וועט אין זינען האָבן די פארוואָרלאָזטע בערקוטלעך?..

— בעפיירעש זייער מענטשלעך. מ'זעט גלייך, רעב זיידל, אז איר ארבעט אין ספּאָלקאָם.

דער כאַווער יאַקאָוו געפינט זיך אפן וואָקזאַל... ער פירט כעווּרע קיין קאָרסון. דאָס אַלץ, וואָס איך הער, איז פאר מיר איבערראַשנדיק. מיין וויי־טערדיק זיצן אין וואָגן איז געוועזן געגליכן צו א זיצן אף שאַרפע שפּיציקע צוועקעס.

---

[1] פארגרייזט פון איספּאָלקאָם (רוס.) — אויספּירקאָם.

— און דער, — ווײַזט „זיידל די האלבע באָרד” אױף מיר, — וואָס איז דאָס פאר א פּיפּערנאָטער? עפּשער א יארידניקס א טאכשיט?

— ווער־וואָס, עפּעס א כניאָקל צוגעקליבן אפּן וועג. אַן אומזיסטיקער פארשוין. איך פיר אָט דאָס סמערקל קיין בארשעווו אַן א קאָפּעקע געלט. די פארדינסטן מײַנע זײַנען אזוי אויך גרויס, העלפּט מיר נאָך גאָט א ביסל צו...

„זיידל די האלבע באָרד” וועט מיך אוואדע ניט דערקענען, וועגן איך שטיי אפילו אנטקעגן אים פּאָנעם צו פּאָנעם אינמיטן העלן טאָג, נאָר דאָס גראָד קימערט מיך ווינציק וואָס. דעריקער איז דאָך, וואָס ער האָט געבראכט אהער, צו דער סטאנציע, דעם כאוועך יאקאָוו. ס'האָט מיך טייקעף ווי עמעצער אראָפּגעשטופּט פונעם וואָגן. איך וועל אים בעטן... א קליי־ניקײַט וועל איך בעטן בא דעם כאוועך יאקאָוו, ער זאָל הייסן זיידלען מיך נעמען אף דער מעלוכישער פור... אלציינס פאָרט „די האלבע באָרד” קיין בארשעווו ליידיק.

ווי נאָר איך האָב געשטעלט די פיס מײַנע אף דער ערד, האָט זיך מיר גענומען דאכטן, אז דער באָדן האָט אונטער זיך פרוזשינעס. די פאָרויס אויסגעשטרעקטע האנט פירט מיך, ווי א בלינדן, ארויס בעשאָלעם פון צווישן די פול אָנגעשטעלטע וועגענער. ארום וואָקזאל־מויער פאלט די שײַן העלער, פון אלע זײַטן פויזען ווייך צו ליכטיקע פלעקן, און איך לאָז זיך געשווינד מיט א צעפּויקט הארץ ארויף אף די שטיינערנע טרעפּ גלײַך צו דער הויכער געשניצטער טיר. צי וועט מיך דער כאוועך יאקאָוו דער־קענען?..

דער ראכוועסדיקער זאל ווימלט מיט קאָלערליי מענטשן, א שטויסעניש, א שטופּעניש, א קוועטשעניש. דער טוט א ריס, און יענער א צופּ, דאָ גיט מען א שלעפּ, און דאָרט א צי. ניט מע גייט, נאָר מע וואלגערט פון די פיס. קלומקעס, קוישן, זעקלעך, פּעקלעך, וואליזעס, קאָרבן, פּודלען פאר־שטעלן אלע דורכגענג. גוט, וואָס דער אומגעהייער גרויסער וואָקזאל פאר־מאָגט א הויכע סטעליע און פארנעמט די טומלדיקע קוילעס אף ארויף צו זיך, צווישן געפּרעסטן אוילעם בלײַבט בלויז עפּעס א מין צוגעטויבטער זשום. איך ווייס ניט, אין וואָס פאר א ריכטונג זיך לאָזן, און פּונקט ווי א סאך אנדערע פארשוינען, טראָג איך זיך אין דער געדיכטער ענגשאפט מיטן שטראָם... וווּהין? גאָט ווייסט...

צו מײַן גליק, האָב איך פּלוצעם דערזען שווימען אינעם מענטשן־שטראָם „זיידל די האלבע באָרד”. זײַנע פארקאַשערטע פּאָלעס שטעקן אינעם גארטל, דאָס פּעלץ־היטל איז פארוקט אפּן שפּיץ קאָפּ, ער לייגט קלאָפּטער ווי אינמיטן טײַך. „די האלבע באָרד” לאָז איך שוין פון אויג ניט ארויס. נאָך אים איז מיר גרינגער זיך אדורכשטופּן. אין סאמע עק זאל איז אף א שמאָל בופעט־טישל געזעסן דער כאוועך יאקאָוו, דערנעבן א נידעריקער טאבורעט, צי עפּשער אזא קאסטן, אף וועלכן עס זיצן א דרײַ־פיר כעווערע, אײַנגעגעניורעט איינער אינעם צווייטן. קענטלעך איז מיר נאָר געוועזן דער, וואָס טראָגט אפּן האלדז־און־נאקן אַן אָפּגעקראָכן באָ־שליקל, דאכט זיך, מע רופט אים שימעק צי שימעלע, אקוראט געדענק איך ניט, נאָר ווייסן ווייס איך, אז דאָס דאָזיקע יאטל, זײַנס א קלענער

שוועסטערל און די מאמע זײַנע וווינען אין געלן קלײַזל, מאכמעס זיי זײַנען אָרעמע פליטים. די איבעריקע ייִנגלעך קען איך לאכלוטן ניט.

— איר זײַט נאָך ניט אוועקגעפאָרן, רעב זיידל? — גליטשט זיך שנעל אראָפ פונעם ברעג טיש דער כאווער יאקאָוו. — וואָס וועט איר דאָ וואַרטן? פאָלגט מיך, פאָרט אהיים. א שאָד פאטערן אומזיסט צײַט. אויב ניט מיט דעם אכט־אזייגערדיקן צוג, וועלן מיר פארטאָג פאָרן מיטן פאָטשטאָוון. ניט מעסוקן, בעמיילע האָט שוין דער אכט־אזייגערדיקער פארשפעטיקט, איר זעט! — ווײַזט ער אפן האנטזייגער. — אָן צען מינוט נײַן.

„די האלבע באָרד" האָט זיך אזוי אומגעלומפערט אוועקגעשטעלט מיט דער פלייצע צו מיר, אז דער כאווער יאקאָוו קאָן מיך ניט זען, אָבער איך זע אים פונדעסטוועגן יאָ א ביסל. פון דער סטעליע שלאָגט אָפ מיט ליכטיקײַט, און דאָס גיט מיר די מעגלעכקײַט בוילעט זען זײַנע געזיכטשטריכן. עס איז צו מערקן, אז פאר דער קורצער צײַט איז ער עטוואָס געעלטערט געוואָרן, אָפגעצערטער, טונקעלער. דאָס לענגלעכע פאָנעם איז געוואָרן קנאָכיקער, מער פארדײַגעט. ס'גאָר קיין כידעש ניט. כוץ די דאָזיקע פיר יונגאטשעס, קאדיש־זאָגער, ליגט נאָך אף זײַן קאָפ א היפש ביסל אנדערע. אויך אזעלכע כאָשעווע כעוורע, האלבע און גאנצע יעסוימים, וואָס וואַרטן, מ'זאָל זיי סאָפקאָלסאָף אויך ברענגען צו א טאכלעס... אויסער דעם האלב־היימלאָזן יונגוואַרג, קוקט אים אין די אויגן ארײַן א „נאראָבראז"[1] מיט שולן און קינדער־הײַזער, אן ארבעטער־פאלאץ; הײַנט ווו איז דער פאריין, די צוויי היגע, א ייִדישער און אוקראַיִנישער, זעלבסטעטיקע טעאטערן, די אלשטאָטישע ביבליאָטעק, דיספוטן, לעקציעס, פאָרטראָגן, מיטינגען? ווער קאָן עס געדענקען אפן קאָפ און אויסרעכענען, מיט וואָס דער פאָליטפראָסוועט פארנעמט זיך? א סאך גרינגער איז ענטפערן, מיט וואָס פארנעמט ער זיך ניט... נו, אשטייגער, פירן די דאָזיקע לאפיטוטניקעס אין דער פאָוויט־שטאָט, קיין קאָרסון, גייט דען ארײַן אין זײַנע פליכטן?

דער כאווער יאקאָוו האָט נאָך באוויזן איבערגעבן דער „האלבער באָרד" עטלעכע אפדערגיך, טאקע אין איין קעהערעף־אײַען, אָנגעשריבענע צעטעלעך.

— און דאָס דאָזיקע בריוועלע, פארגעדענקט גוט, כ'בעט אײַך, רעב זיידל, האלטן קאָפ, — פארזאָגט ער, — טייקעף־אומיִיאד אָפגעבן אין דרוקערײַ, מענאשע שווארצן אין די הענט ארײַן. זאָגט אים אין מײַן נאָמען: איידער ער שטעלט זיך דרוקן די אפישן, זאָל ער זיך פריִער אויסייצענען מיט לאגוטינען. איר וועט ניט פארגעסן? בעקיצער, אָן איבעריקע ווערטער, שיקט אים צו לאגוטינען.

— איר מיינט דעם נידעריטשקן, מיינט איר, אין די גראָבע שטיוואלעס מיט דער כאקענער טשומערקע?

— גאנץ ריכטיק, אים מיין איך. זײַט געזונט, רעב זיידל, לאָזט איטלעכן גריסן.

א האָר איז אָפגעגאנגען, איך זאָל זיך לאָזן נאָך דער „האלבער באָרד"

[1] אָפטייל פאר פאָלקס־בילדונג אין די ראטן־אָרגאנען.

צוריק אפן וואָקזאַל־פּלאַץ, ווידער צו דאָדל דעם באַלעגאָלעס דראבענע. גאָט איז מײַן איידעס, ווי עס ווילט זיך ניט אומקערן צוריק צו די יאַריד־ניקעס...

די „האַלבע באָרד״ האָט זיך געלאָזט שווימען אינעם געדרענג מיט נאָך א גרעסערן אימפּעט, ווי זי איז אהער געשווומען. ער פאָרט צוריק, זיידל, אליין מיט א ליידיקער פור קיין בארשעוו. אך, וואָלט עס געווען א גליק, ווען ער נעמט מיך מיט! איין האַלב וואָרט הערן פונעם כאַוווער יאַקאָוו, מער דאַרף איך ניט. נישקאָשע, זיידלען וואָלט איך שוין ווי־עס־איז אָנגעזאָגט. ווי נאָר איך בין הארטער אונטערגעקומען צום טישל, האָט מיך דער כאַוווער יאַקאָוו שטײַף א כאַפּ געטאָן פארן אקסל, צוגעצויגן צו זיך מיט קויעך און אזוי־אָ פארכידעשט מיך אָנגעקוקט, אז ס׳האָט מיר שיר ניט אָפּגענומען דאָס לאָשן.

— ווי קומסטו אהער?.. פונוואַנען?..

עפּעס האָב איך פאַר זיך אליין א מרוקע געטאָן.

— הא, וואָס? קלאָרער קאָנסטו ריידן?

— איך בעט אײַך, כאַוווער יאַקאָוו, זאָגט רעב זיידלען, ער זאָל מיך אָפּפירן קיין בארשעוו, — רעד איך שוין ארויס גאַנץ הויך, און עטוואָס שטיל גיב איך צו: — די „האַלבע באָרד״ פאָרט בעמיילע מיט א ליידיקן וואָגן...

ניין, ער וויל קוידעם וויסן, פונוואַנען שלעפּ איך זיך, פון וועלכן וועג קום איך אָן און וואָס האָט מיך גענייט, איך זאָל בלײַבן שטעקן אין מיראָ־נאָווקע?..

— זיידל וועט אוועקפאָרן! — רײַסט זיך בא מיר ארויס.

— דײַגע ניט! — דערפיל איך פלוצעם דעם כאַוווער יאַקאָווס ווארעמע האַנט אף מײַן נאַקן. — דערציילן! — ווי א טאַטע פאָדערט ער פון מיר דין־וועכעזשבן. — פאר מיר דאַרפסטו גאָרניט לייקענען.

פארן כאַוווער יאַקאָוו איז ניטאָ זיך וואָס צו שעמען. פאר אים בין איך מעכוייעוו זיך מיסוואַדע זײַן. איך ווייס אליין ניט, פון וואָס דאָס האַרץ האָט מיטאַמאָל גענומען שטאַרק קלעמען. טרערן, שווערע געזאַלצענע טרערן, דראַפּען אין האַלדז.

— צופוס? — כאַפּט ער זיך פארן קאָפּ. — די גאַנצע צײַט געגאַנגען אליין פון זשיווריעטש... ווי׳אזוי לאָזט זיך א שוואַך יינגל אין אזא ווײַטן וועג?.. און דער ברודער דײַנער האָט דיך אָפּגעלאָזט איינעם אליין?

וויפל איך זאָל דעם כאַוווער יאַקאָוו ניט דערציילן, דערקלערן, וועט ער דאָס ניט פארשטיין. אומזיסטע רייד. דער ברודער און ווידעראַמאָל דער ברודער! וואָס דרייט ער מיר א מויעך מיטן ברודער, אז יענער איז אליין אף געהאַקטע ווונדן, אָן אָנגעוואָרפענער אין דער פרעמד בא יענעם, טראָגט וואַסער פאַר עפּעס א זייף־זאַוואָדל, ווי אָן אײַנגעשפּאַנט פערד, עסט זיך ניט זאַט אָן מיט ברויט... וואָס זשע קאָן מיר העלפן דער ברודער?

— נאָך וואָס, פרעג איך, ביסטו געפאָרן צו אים? — וויל דער כאַוווער יאַקאָוו זיך אַלץ דערקונדיקן.

כ׳האָב אײַנגענומען שטומעניש. ניטאָ קיין לאָשן. א פארגווילעמטער שטיי איך אנטקעגן אים און פינטל מיט די אויגן... נו יאָ, בעעמעס, פונוואַ־

נען זאָל דער כאַווער יאַקאָוו וויסן די גאַנצע געשיכטע, וואָס מיט אונדז האָט פּאַסירט? וויאַזוי מײַן בערעלע האָט געפירט זײַנע כאַוויירים (מיך אויך בעסויכעם) קיין זשיוורעטש צו א גוט לעבן, ווו יעדערער פון אונדז וועט געפינען זײַן טאַכלעס... „ס׳א שטעטל, וואָס באָדט זיך אין מילך און אין האָניק, מאָן שיט זיך פון הימל, זײַ ניט פויל און שטעל אונטער אַן אָפּן מויל...״ און וויאַזוי פונעם שיינעם כאָלעם, פונעם זיסן צוזאָג, האָט זיך אויסגעלאָזט א בוידעם.

דאָס איינציקע, וואָס איך ברענג ארויס פאַרן כאַווער יאַקאָוו, עפּשער וועט אים א ביסל קלאָרער ווערן:

— מיר האָבן זיך אלע אויסגעגליטשט...

— דער טאָעס, — מאַכט ער מיט א לײַכטן שמייכל, — לאָזט זיך פאַר־ריכטן. א מענטש בלאָנדזשעט, גרײַזט, מאַכט א טאָעס, דאָס הייסט ניט, אז ער באַגייט א שווערן כעט אין לעבן. ביסט דאָרט קראַנק געווען?

— זאָל גאָט אויסהיטן...

— מ׳קאָן איבערציילן די ביינער דײַנע, — האַלט ער אין איין ארומ־טאַפּן מײַן אויסגעמאָגערטן גוף, — א סקעלעט...

יאָ, קלער איך בא זיך, אוואַדע א סקעלעט. אף פּאָפּראַווקע בין איך בא זוסי דעם שנײַדער ניט געזעסן. פון בערעלעס קעסט קאָן מען אויך פאַרוואַרפן די ציין אף די באַנטעס. פונוואַנען זשע, פרעגט זיך, זאָל קומען לײַב אף די ביינער?

— נו, דערצייל ווײַטער, דערציילן! — פאָדערט אלץ דער כאַווער יאַקאָוו.

— ניטאָ וואָס צו דערציילן...

— וואָס זשע וועלן מיר מיט דיר איצטער טאָן? — מאַכט ער עס א ביסל פאַרזאָרגט. — צוריק קיין באַרשעוו, בלײַבן זיצן בא דער מאַמעס פאַרטעך האָט קיין זינען ניט. דאָס הייסט, אזוי גוט, ווי ווידער ווערן א גאַסן־ייִנגל. ביין, דאָס טויג ניט, — טוט ער זיך א ווייערן קרים, ער גיט א שלײַדער מיט דער האַנט, ווי זי וואָלט געווען פון א פרעמדן גוף, — פאַרן פינפטן (דאָס מיינט ער, אפּאָנעם, מיך) וועל איך זיך שלאָגן ביז בלוט. נישקאָשע, — מונטערט ער האָפּעדיק אי מיך, אי זיך, — זאָרג ניט, עס וועט זײַן רעכט. א דאָקומענט אף פיר אירע איז דאָ, וועלן מיר א פינפטן ווי־עס־איז אויך ארײַנשפּאַרן.

מיר דוכט, אז דער כאַווער יאַקאָוו טראָגט אכרײַעס פאַר גאַנץ באַר־שעוו, ער איז מעכויעוו אלע היימלאָזע כעווורע ברענגען צו א טאַכלעס, דערוף איז ער געשטעלט געוואָרן פון די באָלשעוויקעס. בערעלע, איסער און מאָשקעלע נעכאַמעס האָבן דאָס ניט פאַרשטאַנען, בייס מ׳האָט זיך געלאָזט צו אלדי רוכעס קריגן א שטיקל מעלאָכע, דערפאַר האָט מען זיך אָנגענומען מיט אזויפיל מוטשעניניע, אָפּגעקומען מער מיט רויך, ווי מיט געבראָטנס, און ווער ווייסט, צו וואָס פאַר א ברעג זיי וועלן ווײַטער דער־שווימען... פאַר איסערן זאָרג איך ווינציקער, ער האָט גלײַך פאַרשטאַנען, אז מ׳דאַרף דעם וועג נעמען אף ארוף־וואַסער. פרײַער אָדער שפּעטער וועלן

בערעלע און מאַשקעלע זיך מוזן אָנשטויסן אין אזא מענטשן, ווי דער כאווער יאַקאָוו, און זיי וועלן געהאָלפן ווערן.

ניט אנדערש, אז דער כאווער יאַקאָוו וויל מיך אויך אײַנשליסן אין דער כאַליאַסטרע, וואָס ער פירט צו א טאַכלעס. זיי האַלטן דעם וועג אף קאָר־סון. וואָס זשע איז מיר שלעכט? דאָרט, ווו עס איז פאַראַן א מאַזשגיעך און דערצו נאָך אזא, ווי דער כאווער יאַקאָוו, מעג מען זײַן באַוואָרנט, ער וועט אונדז זיכער שטעלן אפן ריכטיקן וועג. איך געדענק נאָך וויגדערס רייד: „האַלט זיך באַם פּאָליטפּראָסוועט, וועסט קיין כאַראָטע ניט האָבן...״

אז דער כאווער יאַקאָוו זאָגט: „ניטאָ וואָס זיך אומקערן צו דער מאַמעס פאַרטעך״, דאַרף מען אליין פאַרשטיין, אז ווי די בענקעניש זאָל ניט זײַן גרויס און די קלעמעניש שטאַרק, נאָר אזוי איז עס. צו דער מאַמען איז זייער גוט קומען צוגאַסט, ברענגען מאַטאָנעס, דערפרייען איר האַרץ, דע־ריקער טאָר מען קיינמאָל ניט פאַרגעסן אין איר... דאָס אליין וועט שוין זײַן פאַר דער מאַמען א גרויסע טרייסט. ס׳זאָל כאָטש די בענקעניש אזוי ניט צופּן בא דער נעשאָמע.

ווי גלײַך דער כאווער יאַקאָוו זאָל האָבן אופגעכאַפּט דעם דאָזיקן פאַר־באָרגענעם געפיל, זאָגט ער מיט באַדויערונג:

— צו פרי שיידן זיך אונדזערע קינדער מיט די מאַמעס... — און שטי־לער אין א ווײַלע אַרום גיט ער צו, ווי א פאַרענטפערונג: — נאָר וואָס זאָל מען טאָן? די צײַט איז א האַרבע, זייער א שווערע, זי שוינט קיינעם ניט... יעדער אָנהייב פאָדערט בלוט און טרערן.

כ׳האָב איבערגעפירט מײַן בליק צו די אָפּגעריסענע־אָפּגעשליסענע כעווריע, ווי זיי זײַנען צונויפגעקנוילט איינער אינעם אנדערן, צוגעדריקט א קאָפּ צו א קאָפּ, אן אַקסל צו אן אַקסל, און שלאָפן אזוי האַלב זיצנדיק. זיי האָבן זיך אַלע פיר ענג אײַנגעמאָסטעט ניט אף קיין טאַבורעט, ווי עס האָט זיך מיר געהאַט אויסגעוויזן, נאָר טאַקע אף א פירעקיקן קאַסטן פון א מין טונקעלן פּאַניער. מע מעג רעכענען, אז פון איצטער אָן איז שוין מײַן גוירל געבונדן מיט זייער גוירל. דאָדל דער באַלעגאָלע מיט זײַנע פאַרשווינען, די פאַרשמײַעטע יאַרידניקעס, איז שוין געווויס לאַנג אַרײַנגע־פאָרן קיין באַרשעוו. איצט, אין דער מינוט, וואָלט איך זיכער געשטאַנען פאַר דער מאַמען, זי וואָלט מיך געהאַלדזט, געקושט און געוויינט...

וואָס שפּעטער אין דער נאַכט, אַלץ שטאַרקער באַהערשט מיך דער שלאָף. איך פאַל צו מיד־מאַט צום בופעט־טישל, אף וועלכן דער כאווער יאַקאָוו זיצט, שפּאַר זיך אָן אינעם שאַרפן קאַנט און כאַפּ שטייענדיק א דרעמל ניט אף קאַטאָוועס. איך האָב ניט געהערט און ניט געפילט, וויאזוי דער כאווער יאַקאָוו האָט זיך שטיל אַראָפּגעגליטשט און מיך אוועקגע־זעצט אף זײַן אָרט. זיצנדיק אפן טיש, איז מיר געווען גרינגער צו געפינען א פרעמדן אַקסל אָנצושפּאַרן דעם קאָפּ.

ווי א שטורעם־כוואַליע, האָט מיטאמאָל האַסטיק זיך גענומען טראָגן פון איין עק וואָקזאַל צום צווייטן: „דער פּאָטשטאָווער פאָרט!״

דער פּאָטשטאָווער... דאָס איז דאָך דער צוג, וואָס גייט אף קאָרסון, אונדזער צוג... וויי־וויי, סאַראַ וויגעניש און שטופּעניש פון מענטשן! דער כאווער יאַקאָוו, אן אומגעדולדיק־צעטראָגענער, שלעפּט אונדז אין גרויס

אײַלעניש צו דער ברייט צעעפנטער טיר, וואָס גייט ארויס צו דער פּלאַט־פאָרמע.

— האלט זיך, קינדער, שטארקער פאר די הענט! פארלירט זיך ניט...

הארט באם ארויסגאנג, שוין גאָר נאָענט צו דער ריזן־טיר, האָב איך פארלאָרן אין דער גרויסער סומאטאָכע די כעוורע. א שטארק צעקנייטש־טער בין איך ארויסגעפלויגן אין דרויסן. דער קאלטער פרילינגדיקער הימל האָט געציטערט אין שיטערער בלויקײַט. ס׳האָט נאָך אפילע רעכט ניט שאַריִעט אף טאָג. דאָ אף דער פּלאטפאָרמע זײַנען געשטאנען נאָך מער צעטראָגענע מענטשן, ווי דאָרט אינווייניק אפן וואָקזאל.

— ווו ביסטו אנטרונען געוואָרן?.. — דער כאווער יאקאָוו האָט מיך אָפּגעזוכט, און שווער אָטעמענדיק, אין אײַלעניש, געשלעפּט פאר דער פּאָלע. — גיכער, גיכער!.. אין נײַנטן וואגאָן...

איין פרײַע באנק אין וואגאָן האָבן מיר פונדעסטוועגן יאָ פארכאפּט. אויך א גליק. פון דער נאכט שטייט דאָ די שלעכטע לופט פריקרע זויער־לעך, געדיכט ווי א מילך, כאָטש נעם א מעסער און שנײַד שטיקערווײַז. אן אײַנגעשטאנענע צעפּריִעטע ווארעמקײַט לייגט זיך שווער אפן אָטעם. מיר זײַנען פינף אירע, כוץ דעם כאוועך יאקאָוו. גראָדע איצט, אין דער גע־געבענער מינוט, האָט ער צו טאָן מיטן בייזן, ניט־דערשלאָפענעם קאָנדוק־טאָר. דער אײַנגעאקשנטער קאָנדוקטאָר לאָזט זיך בעשום־אויפן ניט געבן צו פארשטיין, אז ער, דער כאוועך יאקאָוו, פירט ניט קיין פיר, נאָר פינף היימלאָזע כעווירע שטעלן צו א מעלאָכע, און דאָס איז ניט קיין פריוואטער איניען. די אמפּערניש גייט וועגן מיר, האלעמײַ איך האָב ניט קיין בילעט... ער וויל ניט, דער קאָנדוקטאָר, ארײַנקוקן אין די דאָקומענטן, אים איז גאָר א קליינע נאפקעמינע, וועמען דער כאוועך יאקאָוו פירט. גלייבן גלייבט ער דעם בילעט — איז דאָ א בילעט, ביסטו א מענטש, פאָר דיר געזונטערהייט, ניין, — נעם גלײַך דעם וועג...

קומט פאָרט אויס, אז איך בין דאָ אן איבעריקער... „נעמט זיך ניט צום הארצן, — וויל איך בארויִקן דעם כאוועך יאקאָוו, — האָט ניט קיין יעסורים, דער קאָנדוקטאָר איז ניט אזא אכזער, ער זאָל מיך וועלן ווארפן דורכן פענצטער. אן אַנדער זאך וואָלט געווען, ווען איך שטיי אין דרויסן און מ׳דארף זיך בא אים אײַנבעטן, ער זאָל מיך ארײַנלאָזן... קוים געפין איך זיך אינווייניק אין וואגאָן, קאָן ער נאָר ריידן צום באלקן״.

ענדלעך זײַנען זיי, דער כאוועך יאקאָוו און דער קאָנדוקטאָר, צווישן זיך דורכגעקומען, נאָר מיט א טנײַ איבערלאָזן א מאשקן, טאָמער טראָגט אָן דער שווארציאָר א קאָנטראָל...

דער לויפנדיקער צוג יאָגט אונדז מיט אימפּעט אנטקעגן דעם אָנקומענ־דיקן טאָג. בלייכע צעוואָרפענע לעמפּעלעך אף די פּיל צעאָדערטע באן־ליניעס צאנקען אינעם פרימאָרגן, ווערן וואָס אמאָל ווײַטער אין דער פּאמעלעך געבוירענער טאָג־ליכטיקײַט. ניט צוניפגערעדטערהייט טרעטן מיר אָפּ די באנק און בעטן דעם כאוועך יאקאָוו זיך א ביסל צושפּארן. מיר זעען דאָך, ווי דער שלאָף רײַסט אים דעם מויעך.

— וואָס נאָך וועט איר עפּעס שיינס צוטראַכטן? — וויל ער ניט ליַידן, וואָס מיר גיבן אים אָפּ צופּיל קאָוועד. — איך בין פון די קליינע יאַכסאָנים. לאָמיר בעסער א קוק געבן, וואָס האָבן מיר צו אַכלען, האַמעניו איז ביי־טיקער ווי א קאַפּאָטקעלע.

זייער דין געשניטענע ריפּטלעך ברויט, וואָס טראָגן אַף זיך, קוים אָנ־צוזען, א לעק שמאַלץ, מ׳קאָן עס גיכער רעכענען פאַר ברויט מיט נישט, איידער מיט עפּעס, האָבן מיר באַקומען פונעם כאַווער יאַקאָווס האַנט. דאָס איז געווען דער ערשטער קורצער טראָט אַף אָנצוהייבן זיך צו שפּיַיזן פון מעלוכישן טאָפּ. ביסלעכוויַיז דאַרף מען זיך צוגעוווינען אַריבערגיין אַף קעסט, ביז מ׳וועט דיך שטעלן אַף א דערעך. אייגענע עלטערן זיַינען ניט שטענדיק אימשטאַנד אויסהאַלטן א קינד ביז גאָט העלפט, ער שטעלט זיך אַף די פיס און ווערט א פּאַרדינער.

איך בין טאַקע געווען א פינפטער צו די כעוורע פּלעצל, וועלכע מ׳פירט אין דער פּאָוויט־שטאָט ברענגען צו א טאַכלעס, דאָס הייסט לערנען א מעלאָכע, ווערן א מענטש, נאָר קיינער, כאַס־וועכאַלילע, האָט מיר אַף קיין האָר ניט געגעבן צו פילן, אַז איך בין דאָ, אין שטאַרק צעהוידעטן צוג, א צוגעלאָנטשעטער פון דער פרעמד.

דאָס האָט דער כאַווער יאַקאָוו ניט דערלאָזט. די געטריַיע אויפמערק־זאַמקיַיט זיַינע טיילט ער מיר צו אין דער פולער מאָס, ווי די איבעריקע יאַטן, קיין קאַפּעטשקע ניט ווינציקער.

צו דער סטאַנציע קאָרסון זיַינען מיר צוגעפאָרן העט־שפּעט נאָך האַלבן טאָג. פון אַנדערע וואַגאָנעס האָבן זיך אויך פונקט אַזוי פּריילעך־טומלדיק אַרויסגעשאָטן קליינע היַיפלעך כעוורע, באַגלייט פון אָן עלטערן כאַווער. אַף דעם גלאַט־געפּלאַסטערטן פּעראָן האָט אונדז אַלעמען אָפּגעוואַרט א ספּעציעל צוגעשיקטער שאָליעך. א געפּאַקטער מאַנצבל, אָנגעטאָן אין א גראָבן ברעזענטענעם מאַנטל, איז ער עפּעס זייער ענלעך געווען אַף א קאָאָפּעראַטאָר, וואָס קויפט אויף שטיקלעך פּי. ער האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שיַעס, צוגענומען די פּאַפּירן, איבערגעציילט די כעוורע איין מאָל און א צווייט מאָל, ביז ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז ס׳איז בא אים פּאַראַן אָן איבעריקער... דעמלט האָט אים דער כאַווער יאַקאָוו גענומען שטיל, אפן אויער, באַרויקן:

— איר האָט קיין טאָעס ניט געהאַט. די צאָל שטימט ניט. ס׳איז מיַין שולד. די דאָקומענטן זיַינען אויסגעשריבן און ליגן נאָך אין נאַראָבראַז. איך וועל איַיך אַליין ברענגען די פּאַפּירן.

דער קאָאָפּעראַטאָר האָט, אַפּאָנעם, געקענט דעם כאַווער יאַקאָוו און אים געגלייבט אַפן וואָרט, פונדעסטוועגן האָט ער בייזלעך אומצופרידן אונטערגעברומט:

— א מיַיסע, א געשעפט... נו, נו...

מיטן גליַיכן ברוקירטן טראַקט, צווישן צוויי רייען הויכע טאָפּאָלן, איז די קאָמאַנדע פון וואָסערע עטלעכע און דריַיסיק אָדער עפּשער פערציק אויסגעדייוועטע, פאַרכוישעכטע, נאָר זייער זשוואַווע כעוורע, אָן מוזיק און אָן געזאַנג, אַוועק אין שטאָט אַריַין. איך ווייס ניט ווי וועמען, נאָר מיר איז פונדעסטוועגן א ביסעלע קאַלאַמוטנע אפן האַרצן. כאָטש דער

כאווער יאקאָוו שטעלט זיך אומעטום אײַן פאר מיר, בין איך דאָך עפּעס ניט אינגאנצן זיכער. דער געפּאַקטער מאַנצבל אינעם שווערן ברעזענטע־נעם מאנטל שפּאנט פּאָרויס, און מיר, די אופגעקליבענע כאליאסטרע אָפּ־געריסענע און אָפּגעשליסענע, קרוע־בלוע, גייען נאָך, ווי קעלבלעך, נאָך דער קו. שוין, אַן עק, ניטאָ קיין באגלייטערס, נעלעם געוואָרן דער כאווער יאקאָוו. אבי מ׳האָט אונדז איבערגעגעבן פון האנט צו האנט, איז מען פּאָטער געוואָרן.

אראָפּצו, באם שמאָלן שטאָטישן סקווערל, הייסט מען אונדז בלײַבן שטיין.

— סטאָפּ! אָט דאָ זאָלט איר אָף מיר ווארטן! — זאָגט אונדז דער „קאָ־אָפּעראטאָר" הארב אָן. — געדענקט, צעקריכט זיך ניט ווי ווערעם. — און אליין לאָזט ער זיך שמײַדיק, פארהייבנדיק די לאנגע פּײַכטלעכע פּאָלעס, אנטקעגניבער, צו א שיין ליכטיק מויערל. זײַנע שווערע שטיוואליעס לאָזן איבער אָנזיכטיקע שפּורן אָף דער ווייכער, נאָך צו לויזער ערד. ארום דעם מויערל איז שטארק טומלדיק. פון דאָרט ציִען אזש אהער רייכעס פון געשמאקע און באטאמטע געקעכצן. אלע, ווי איינער, האלטן מיר אָפּן די מײַלער און ווענדן די הונגעריקע בליקן צום זיס־דאמפּיקן אופגעלעבטן מויערל.

ער ווייסט אָבער, דער „קאָאָפּעראטאָר", וווהין די קישקע שלעפּט אים...

מיר זײַנען אים ניט מעקאנע, נאָר אינווייניק וועקט זיך בא יעדן איינעם פון אונדז אין הארצן עפּעס א מין גרימיקער קאס: „ער איז אוועק פרעסן און זויפן, און מיר, יאָלדן, דארפן אָף אים ווארטן הונגעריקע".

לאָזט זיך אויס, אז מיר האָבן אין אים א גרויסן טאָעס געהאט. זײַ א כאָכעם און שטויס זיך אָן, אז דאָס איז ער געלאָפן מיט אזא פלײַס, מיט אזויפיל אימפּעט צוליב אונדזערטוועגן, מיר זאָלן, כאָלילע, ניט פארשפּע־טיקן עסן א הייסן מיטיק.

דאָס גרילצערײַ הלושעט פון אלע זײַטן — טעלער, גאָפּל, לעפל טאנצן ארום פון האנט צו האנט מיט א פריילעכן גערודער. דאָרט, ווו עס האנדלט זיך וועגן קײַען, כאפּן עפּעס אין מויל ארײַן, דאָרט איז ניט שײַעך קיין עלטערס פון זיך. קייך הונגעריקע היישעריקן באפאלן ניט אזוי ווילד די פעלד־געוויקסן, ווי מיר דאָס האלב־פינצטערע קיך־פענצטערל. גיט נאָך א פּאָרציע הירזשענע קאשע, גיסט ארײַן מער מיט א ביסל זופּ, — ניש־קאָשע, איר וועט דערפון אָרעמער ניט ווערן! זשאלעוועט ניט...

נאָכדעם האָט מען אונדז ארײַנגעפירט אין א גרויסן זאל מיט א סאך ליידיקע אײַזערנע בעטלעך. דאָ וועט זײַן די נײַע קאָמונע פארן יונגווארג, וואָס וועט לערנען א פאך. בעפּיירעש שיין, לײַטיש. בעטגעוואנט — א מאטראץ, א קאָלדרע, א לײַלעך — וועט יעדער איינער באקומען לויט א צעטל. דאָס איז שוין א ביסל ערגער. וואָרעם איך בין נאָך אלץ ניט זיכער, אז איך בין שוין ארײַנגערעכנט אין צעטל. פרעגן עמעצן האָב איך עפּעס מוירע. בעסער פון אלץ דערוויל זיך מאכן טאמעוואטע, צושווײַגן. צו־ליב וואָס דארף איך אליין צווײַלן, מ׳זאָל מיך גיכער מעשאלייעך זײַן?.. אף קיין אײַזערנעם בריק גיי איך דאָך ניט. אָט האָט מען אונדז שוין ווידער איבערגעגעבן אין אנדערע הענט. דער געפּאַקטער פארשוין אינעם

קאָאָפּעראַטאָרישן ברעזענטענעם מאַנטל האָט שוין מער צו אונדז קיין שײַכעס ניט. אָנגעהאָדעוועט, געבראַכט אין צוזאַמענוווינונג גאַנץ, איבער־געגעבן אַלע פּאַפּירן, אָפּגעווישט די הענט, און זײַט מיר געזונט און שטאַרק. איצט האָט איבער אונדז צו געוועלטיקן אַ דיקלעכע פרוי אין אַ ווײַסן כאַלאַט, וועלכע מע רופט מיט אַ געהויבענעם נאָמען: „באַלעבאָסטע". זי זאָגט אָן זייער שטרענג, אַז ביזוואַנען אַלע וועלן זיך ניט אויסוואַשן אין באָד און ניט דורכגיין די מעדיצינישע קאָמיסיע, וועט זי קיינעם קיין בעט־וועש ניט אַרויסגעבן.

איך פאַרשטיי ניט, וואָס איז דאָ די כאַפּעניש? סע ברענט... אַבי מ'זאָל געבן עסן. איבערשלאָפן די נאַכט קאָן מען אויף הוילע בעטלעך אויך. ווער פון אונדז איז דען געוווינט צו בעסערע געלעגערס?.. אונדזער כאַליאַסטרע האָט זיך צעטיילט אויף עטלעכע גרופּקעלעך, מע האַלט זיך צוזאַמען לויטן אָרט נאָך, פונוואַנען מ'איז געקומען. מיר, די וואַרשעווער, האָבן זיך פאַר־רוקט טיף אין דעם רעכטן ווינקל, אַ בעטל צו אַ בעטל, איינס נאָכן אַנ־דערן. פון מאָרגעדיקן טאָג וועט מען אַרויסגעבן אויף די הענט טאַלאָנען אין גאָרקיך. ווידער לויטן צעטל...

מיט גרויס אומגעדולד קוק איך אַרויס אָפּן כאַווער יאַקאָוו. אין דרויסן ווערט שוין טונקל, די ריזע מײַנע פאַלט, און כאָטש דער עלעקטרישער לאָמפּ באַלויכט גאַנץ העל דעם הויכן סופיט, דאָך דערגייט צו מיר די ליכטיקייט ווי דורך אַ געדיכטער זיפּ. פאַלט צו די נאַכט, בין איך אַ געשטראָפטער.

די באָד, דאַנקען גאָט, האָט מען אָפּגעלייגט אויף מאָרגן. דערווײַל איז עס אַ שטיקל געווינס. זאָל זיך טומלען, ביז דער כאַווער יאַקאָוו וועט אײַנרעגולירן מײַן איניען.

יענע דיקלעכע פרוי אינעם ווײַסן כאַלאַט, די באַלעבאָסטע, בעט בײַ אונדז מעכילע, וואָס הײַנטיקע נאַכט וועט אויסקומען, טאַקע ניט מער ווי איין־און־איינציקע נאַכט, איבערשלאָפן אויף די הוילע בעטלעך.

אוי־וואַ, טראַכט איך, קיין גרעסערע צאָרע זאָל ניט טרעפן... דערפאַר אָבער מאָרגן, זאָגט זי, וועלן שוין אַלע שלאָפן אויף געבעטע בעטלעך. שול־דיק אין דערינען איז די שטאָט־באָד. אַ מעכײַע! געפונען אַ טערעץ און די באָד אַרופגעלייגט אויף דער באָד... מיט מײַן אויצער־טאָרבע צוקאָפּנס בין איך געשמאַק אײַנגעשלאָפן. אינדערפרי האָב איך פון קיינעם ניט געהערט, עמעצער זאָל זיך קלאָגן: די זײַטן האָבן אָנגעקוועטשט, דער צוקאָפּנס איז געווען אַ האַרטער, האַלדז־און־נאַקן ברעכן. אַלע, ווי איינער, זײַנען דורכ־געשלאָפן די נאַכט טאַקע ווי נאָך אַ גוטער שוויץ־באָד אויף בעסטן און שענסטן געלעגער. איך וויל וויסן איין זאַך: אין די היימען, וואָס מיר האָבן פאַרלאָזט, איז ווייכער צו שלאָפן?..

פון הײַנט אָן און ווײַטער וועט דאָ זײַן די היים, דאָ וועלן מיר לעבן, און דאָ וועט מען אונדז לערנען אַ מעלאָכע. קאָן מען זיך דען ווינטשן נאָך בעסערס? קיין גרעסער גליק, מיין איך, איז ניטאָ אין דער וועלט. ציטערט מיר אָבער דאָס האַרץ, מאַמעש איך עק זיך, טאָמער טוט מען מיך אַ נעם פאַרן קאָלנער: „און דו, ווער ביסטו? אנו, גיכער מאַרש פונדאַנען!.." דאָס וואָלט נאָך געהייסן איידל באַהאַנדלט. עס קאָן זײַן ערגער אויך. בעעמעס,

ווער בין איך דאָ אזעלכער? וואָס פאר א שײַכעס האָב איך אהער?.. ארויס־פאָרן נאָר אפּן כאוועד יאַקאָווס נאָמען, ווייס איך ניט, צי דאָס וועט אָנ־גיין. קאָרסון, דאַרף מען פארשטיין, איז ניט בארשעוו. דער כאוועד יאַקאָוו מעג טאַקע זײַן אין בארשעוו אן אָנגעזעענע פערזאָן, נאָר דאָ, אין דער קרײַז־שטאָט, זעט ער זיך ווינציק וואָס אָן. האָסטו א פּאפּירל אף די הענט, ביסטו אפּן פערד. ניין, האָסטו ניט וואָס צו שטופּן אהער די נאָז... מײַן מאזל שפּילט מיר קיינמאָל ניט צו ביזן סאַמע סאָף, מאַכמעס דער „שלים״ איז שטאַרקער, זעצט ער זיך שווער אָן אפּן מאזל און שלעפּט מיט אלע קויכעס צוריק... גיי מאַך עפּעס.

איצט, ווען ס׳איז געקומען די צײַט, און מע וועט באלד פּאָרלייענען דאָס ענדגילטיקע צעטל פאר אלע פארזאמלטע כעוורע, ווער איך בא זיך גאָר געפאלן. די בושע שמײַסט גלײַך אין פּאָנעם. איך ווייס ניט, ווו טוט מען זיך ערגעץ אהין... און דאָ גרילצט אין אויער: „וועמעס נאָמען מע וועט ארויסרופן, דער זאָל ענטפערן״.

וואָס־וואָס, נאָר אז דער כאוועד יאַקאָוו זאָל מיר אָפּטאָן אף טערקיש, דערוף האָב איך זיך ניט גערעכנט. אפּן מיראָנאָוועקער וואָקזאל האָב איך בא אים געוואָלט פּויעלן א קלייניקײַט, „זיידל די האלבע באָרד״ זאָל מיך אריבערנעמען אף זײַן איספּאָלקאָמאָווסקע פור, בעמיילע פאָרט ער צוריק קיין בארשעוו ליידיק, רעב זיידל. דער כאוועד יאַקאָוו דאַרף אים זאָגן נאָר א האלב וואָרט, ווײַזן א פערטל אויגן־ווונק, און ער פירט מיך גלײַך אוועק קיין בארשעוו צו דער מאַמען. וואָס זשע האָט ער מיך דעמלט באַ־דאַרפט צוריידן, איך זאָל פאָרן מיט דער כאליאַסטרע אין קרײַז־שטאָט ווערן א מענטש, לערנען א מעלאָכע...

עמעצער האָט מיך הינטן־ארום א קנײַפּ געגעבן ביז בלוט.

— מאָפּס איינער, וואָס שווײַגסטו ווי א טאָם?..

די „באַלעבאָסטע״ אין ווײַסן קיטל כאַזערט בײַז איבער נאָכאַמאָל: „דאָ צי ניטאָ? ענטפער!״

— דאָ... — פארכלינע איך זיך אזש פאר פרייד, — דאָ... איך בין דאָ...

— רוף אָן דײַן פאַמיליע־נאָמען!

צו שטאַרק שווינדלט אין קאָפּ. א האָר איז אָפּגעגאנגען, איך זאָל פאלן כאלאָשעס. קיינער ווייסט ניט, וואָס מיט מיר טוט זיך... ערשט איצט האָב איך דערפילט, אז דאָס מאזל מײַנס האָט אָפּגעהאלטן א וווּנדערלעכן ניצאָכן איבער דעם „שלים״ (א ריינע שיינע קאַפּאָרע), ניט שטענדיק גייט מיט דער פּוטער אראָפּ.

נאָך דעם, ווי איך בין אָפּגעקומען כיבעט־האַקייוועד די שיינע עטלעכע וואָכן אין פארשאָלטענעם זשיוורעטש, מעג מיר אלפי־יוישער ווערן א ביסל גרינגער. אָט האָב איך ענדלעך דערלעבט צו אזא צײַט, ווען דאָס מאזל, נאָך וועלכן כ׳האָב זיך מיט גרויס אימפּעט העפקערדיק געלאָזט אין אויס־רײַסעניש, האָט א קערעווע געטאָן מיטן פּאָנעם צו מיר. זאָל זײַן, אז ס׳וועט ניט לאַנג אײַנשטיין בא מיר, נאָר איך שפּיר א יאַם פרייד...

זייער גוט, וואָס ניט קיין אנדערער, נאָר דער כאוועד יאַקאָוו האָט זיך אונטערגעכאַפּט און ריכטעוועט דעם ווײַטערדיקן וועג מײַנעם אין לעבן.

דאָס הייסט האַצלאָכע. ניט מיט מײַן בערעלען און ניט מיט מאָשקעלע נעכאמעס איז דערווײַל, צו זייער גרויסן אומגליק, אזעלכס ניט געשען. עס האלט דערווײַל מיט זיי גאנץ קלאָגעדיק. דאָס מאזל האָט זיך פון זיי אָפּגעטאָן... איסער, ווייס איך ווויל, וועט זיך סאָפּקאָלסאָף אָנשלאָגן אפן ריכטיקן וועג. דער קאָפּ זײַנער ארבעט גאָר ניט שלעכט. מאָשקעלע נעכאמעס, שטויס איך מיך אָן, וויינט מיסטאמע אףביידע אויגן, וואָס לייזער דער פישער האָט אים נעבעך ארויסגעוואָרפן. „אך, אזא שמאלץ־גרוב, אזא זיסער, ליכטיקער גאניידן... ווו און אין נאָך א וואָסער שטוב גיט מען צו עסן פרישן פּיפּאלעק מיט א קרוג געבריטער מילך?..״ מאָשקעלע נעכאמעס, א געבוירענער מעשאָרעס... מײַן בערל לעבט אויך אין טאָעס. ער כאָלעמט אויס אין זײַן קנעכטישער האָרעוואניע עפּעס א ווילדן כאָלעם, וואָס וועט קיינמאָל ניט מעקויעם ווערן. פריער וועט ער ארײַנקריכן, טרוימט בערעלע, מיט איין פוס אין געשעפט ארײַן, טראָגן וואסער, הייצן דעם קעסל, פּרעגלען כיילעוו, און דערנאָך מיט דער צײַט וועט ער זיך ארופארבעטן צו א שטיקל שוטעף... בערעלע, בערעלע, נארישער ברודער מײַנער, אז דאָ בא מיר אף דער דלאָניע וועלן וואקסן קנישעס, וועסטו ווערן א זייף־זאוואָדטשיק... א שאָד, א גרויסער שאָד, וואָס ניט מאָשקעלע נעכאמעס און ניט מײַן בערעלע האָבן זיך באצײַטנס ניט אָנגעשלאָגן אינעם כאַוועור יאַקאָוו אָדער אזעלכע ווי ער. אך, ווי זיי וואָלטן אופגעריכט געוואָרן! איך וויל גלייבן, אז סאָפּקאָלסאָף וועט זיך געפינען די אויסגעשטרעקטע האנט, וואָס וועט זיי ארויסשלעפּן פונעם פארשימלטן זומפּ. די נײַע צײַט איז אזא. ווען איך בין בעקויעך דורך א קישעף איבערוואַרפן א בריק און אריבערציִען די כעוורע נעענטער צו זיך... ניט אזוי צו זיך, ווי אהער, אין דער פּאָך־שול. פאר זיי וואָלט עס געווען די עמעסע אויסלייזונג.

דערווײַל, ביז מ׳וועט שטעלן צו די ווערקשטעלן לערנען א מעלאָכע, האלט מען אונדז אין איין רייביקן און וואשן, שײַערן און קאשערן, ארויסטרײַבן ווו ערגעץ אן איבערגעבליבן ברעקל קויט. טאָמער, כאָלילע, מאכט זיך, אז מ׳געפינט בא עמעצן א כײַעלע פון יענע כײַעלעך, צו וועלכע מיר זײַנען לאנג געוווינט, טוט זיך כוישעך, הימלען שפּאלטן זיך.

זינט דער כאַוועור יאַקאָוו האָט מיך ארויפגעבראכט קיין קאָרסון, פיל איך מיך ווי א מין אייבערשטער פּארשוין צו דער סודע. דרײַ מאָל אין טאָג, עס מעג דונערן און בליצן, פירט מען אין דער גאָרקיך ארײַן עסן. כוץ אונטערשט וועש, האָט מען יעדן איינעם ארויסגעגעבן א פּאָר פּראָסטע טונקעלע הויזן און א שווארץ סאטינען העמדל. צו דעם, אז איך פארמאָג נאָך א פּאָר נײַע, שפּאָגל־נײַע בליציקע שטיוועלעך, ווער זשע איז צו מיר גלײַך?

אוואדע וואָלט גוט געווען, ווען דער כאַוועור יאַקאָוו זאָל זיך נאָך געווען אָנשטויסן און איבערגעבן א לעבעדיקן גרוס דער מאמען מײַנער, זאָגן איר, אז איך בין שוין אף א דערעך. ווען די מאמע ווייסט פון דעם אלעם, וואָלט איר געוויס א שווערער שטיין אראָפּ פון הארצן, זי וואָלט זיך עפּשער געפילט נאָך גליקלעכער פון מיר. צווייפל איך אָבער, צי דער כאַוועור יאַקאָוו קען ביכלאל מײַן מאמע...

נאָר וויבאלד די מאמע געפינט זיך ניט אזוי מעסוקן ווײַט, איז מיר

שוין בעמיילע גרינגער אף דער נעשאָמע. איך קאָן זיך אופזעצן אף דער באַן און טאָן א פאָר צו קיין מיראָנאָווקע (וועגן א בילעט וועלן מיר ניט ריידן...). וויפל כאפּט פון מיראָנאָווקע קיין בארשעוו? א גאָלע גאָרניט. פאר מיר זעלבסט האָבן די אָנדערהאלבן שאָ פאָרעכץ קיין באטרעף ניט. און אז מע וויל זיך פירן לײַטיש, גארטלט מען זיך אליין אונטער און מ׳לאָזט זיך פּאמעלעך גיין צופוס... נישקאָשע, אָן אן אומגליק, עס וועט מיר גאָרניט שאטן.

די נײַע שטאָט קאָרסון געפעלט מיר שטארק. דאָ קאָכט פאָרט אנדערשער דאָס לעבן, ווי אין זשיוורעטש און אין בארשעוו. אָבער ווו־ניט־ווו טוט א ווייע מיט בארשעווער סימאָנים, עס טראָגן זיך די זעלבע רייכעס, אנטקעגן קומען די זעלבע געסלעך און הינטערגעסלעך. וואָס דארף מען מער, דער טײַך ראָס איז דאָך דאָ דער אייגענער, ווי אין בארשעוו. מיר דאכט אפילע, אז איך זע און באגעגן אף טריט און שריט היימישע מענטשן, קענטלעכע פּענעמער, שכײַנישע שטיבער, אָט באלד וועט ארויס יאנקעוו־יאָסל דעם סטאָליערס ווײַב, געגענדל די סטאָליערקע, ווי אנדערע רופן זי, און מאכן איבער מיר דעם שיינעם מישעביירעך: „אָך, אזוי גאָר, — וועט זי בייז אויסרופן און נעמען זאָגן מוסער מיט איר דין פארשארפט פּיסקעלע, — ביסט גאָר דאָ, שיינער טאכשיט איינער?.. דאָס, וואָס די מאמע דײַנע דערשלאָפט ניט די נעכט, קימערט דיך, זע איך, ווינציק וואָס. א מאמע איז דען אויך א מאטבייע?.. ווען מען טוט ווי דאָס הארץ? בא ווען מען קריכן ארויס די אויגן פון קאָפּ, ווארטנדיק אף א גוטער בסורע? ווער ווערט אויסגעריסן צוליב א קינד? אײַ, אײַ, אײַ, דערלעבט א טײַערן קאדיש...״ — ביטערע טײַנעס, גערעכטע און אומגערעכטע, שיטן זיך אף מײַן קאָפּ פון אלע זײַטן. געגענדל די סטאָליערקע וויל מיר אײַנריידן, אז כ׳האָב פארגעסן אין דער מאמען... ניטאָ, דוכט מיר, די מינוט, זי זאָל ניט שטיין פאר מײַנע אויגן א לעבעדיקע, איך זאָל ניט פילן איר הייסן אָטעם, ניט הערן איר טיף אויסגעבענקט קאָל... לאָמיך זיך נאָר א ביסל ארופּכאפּן אף די פיס, אונטערוואקסן, אויסלערנען א פאך, קריגן א מעלאָכע אין דער האנט, דעמלט וועט די סטאָליערקע ריידן גאָר אנדערע דיבורים.

איך וויל, די מאמע מײַנע זאָל כאָטש איין קוק געבן אף מיר, זאָל זײַן אפילע דורך א ווײַטער שפּארונע. וויפל פרייד, וויפל געזונט וואָלט איר צוגעקומען! „ווינטן, ווינטעלעך, — שעפּטשען מײַנע ליפּן, — איך בעט אײַך, זאָגט אָן מײַן מאמע די גוטע בסורע!..״

אף דער גאָרער וועלט שטייט א גרויסער פרילינג. וואָס א טאָג ווערט דער יאָמטעוודיקער דרויסן ליכטיקער, ווארעמער, ליבער. די ביימערצווײַגן צעבינדן פּאמעלעך, פאָרזיכטיק זייערע אָנגעפּיקעוועטע, גרין־פארצויגענע קנאָספּן־קניפּלעך, עס ווײַזן זיך אף דער ליכטיקער שײַן, אונטערן פריש־קלאָרן הימל, ערשט געבוירענע, ציטעריק־צארטע, פּיצינקע בלעטעלעך, וואָס ציִען זיך פיבערדיק צו דער זון. אין דער ריינער דורכזיכטיקער לופט טראָגט מיט רייכעס פון קילן טײַך, פּײַכטע ווערבעס, ווייקנדיקן אָטשערעט. אין דער דאָזיקער געבענטשטער צײַט בין איך געגליכן צו יענעם אָנגעזאפּטן קנאָספּן־קנופּ, וואָס דארף זיך אָט־אָט עפענען און בלענדיק ארויסשטראלן מיטן דופטיקן בליט.



## מעשאַנע מאָקעם הייסט נאָך ניט מעשאַנע מאַזל

דאָס מאַזל גייט ווידער אין שאָדן.
אין איינעם א פאַרשאָלטענעם טאָג האָט זיך מיטאַמאָל פון מיר גענר־
מען אָפּטאָן די האַצלאָכע, אַלדאָס גוטע, מיט וואָס איך בין לעצטנס באַשאָנ־
קען געוואָרן. א שוואַרצער שאָטן האָט זיך געלייגט אינמיטן רעכטן וועג,
און גיי מאַך עפּעס... אַפּילע די פּראַקטיקע שטאָט קאָרסון נעמט זיך הילן
אין אַנדערע, שוין ווייַט ניט קיין יאָמטעוודיקע, בונטפאַרביקע קאָלירן.
דער נייַער קאָרסונער באָדן האָט זיך גענומען וואַקלען אונטער מייַנע
פיס.

טייַנעס? פאַרדראָסן? כאַס־וועכאָלילע! סייַדן צו זיך אַליין. אָבער צו
עמעצן? ניין. צו קיינעם גאָרנישט ניט... אַז עס גייט ניט, גייט ניט. ווייַזט
אויס, מיר איז ניט באַשערט געווען אויסהאַלטן די שווערע לאַסט פון
פלוצעמדיקער אויפגעריכטקייַט. און טאַקע, אַד־מאָסייַ? ביזוואַנען איז דער
שיר, ס׳זאָל מיר גליקן אַרום־און־אַרום?

די מעדקאָמיסיע האָט געזאָגט איר לעצט אַנטשיידן וואָרט: דערווייַל,
באַ הייַנטיקן טאָג, טויג איך ניט. איך האָב, זאָגט זי, די קאָמיסיע, צוויי
כעסרוינעס — ערשטנס, האַלט באַ מיר שלעכט מיט די אויגן, און,
צווייטנס, בין איך דערווייַל צו קליין, ניט גענוג געסטאַטקעוועט, איך זאָל
באַהערשן די מעלאָכע.

וועגן דעם צווייטן כיסאָרן, מייַן מינדעריעריקייַט, קאָן מען זיך מיט
דער צו שטרענגער קאָמיסיע ווי־עס־איז נאָך א גוטן דינג טאָן, אָבער
וואָס שייַעך דער ריִע, — אוי, די ריִע, די פאַרשאָלטענע הינער־בלינד־
קייַט, — קאָן מען נאָר שרייַען כייַ־וועקייַעם... צו דער דאָזיקער קרענק,
זאָגט די קאָמיסיע, דאַרף מען גוטע דערנערונג. גרויסע כאַכאָמים, איינער

קליגער פונעם אנדערן. אַ דאנק זיי אין היטל פאר דער טײַערער אייצע, דאָס גראָד ווייסט מען שוין לאנג אָן זיי.

טרערן העלפן ניט.

קליאַנטשען, בעטן, מאָנען — ארויסגעוואָרפענע טירכע.

שלעכט איז נאָר דעם, זאָגט מײַן מאמע, ווער עס קאָן קיין שלעכטס ניט איבערוואַרטן. ליידער, פארמאָג איך ניט, ווי אנדערע, שטײַף פאר־הארטעוועטע, אָט דעם אײַזערנעם געדולד. דאָס פעלט מיר.

האקלאל, אַ סאָף. אנדערע קאָמיסיעס פארשפּאָר איך דורכגיין. עקזאַ־מענעס האלטן נאָר יענע כעוורע, וועלכע זײַנען בעשאָלעם דורכגעשפּרונ־גען די איקערדיקע דאָקטוירים־קאָמיסיע. פאראן נאָך עטלעכע ייִנגלעך, אזעלכע ווי איך, וואָס האָבן שלעכט אָפּגעשניטן בא די ווײַסכאלאטניקעס: איינער איז קראנק אף טראכאָמע, דערציילט מען; בא אַ צווייטן איז דאָס קעפּל, ניט דאָ געדאכט, באשאָטן מיט סטרופּעס. צווישן ייִנגלעך רופט מען די קרענק פּאָשעט באם עמעסן נאָמען... דאָ, אין דער פאָך־שול, וויל מען זײַן איידעלער, הייסט עס בא זיי — פאוואָז.

מיר האָט מען דאפקע צוגעזאָגט, אז איבעראיאָר מעג איך אָן שום רע־קאָמענדיר־בריוועלעך קומען גלײַך אהער. זאָל נאָר בעשאָלעם דורכגיין די צײַטווײַליקע קרענק, מײַן הינער־בלינדקײַט, — און בא נאָרמאלע באַ־דינגונגען וועט עס צוגענומען ווערן ווי מיט דער האנט, — דעמלט וועט אין גאָרנישט ניט זײַן קיין מעניִע. אפילע די מינדעריעריקײַט האָט ניט אזא גרויסן באטרעף, אז איך זאָל זײַן אינגאנצן אָפּגעשטויסן. אין די צעטלען, בארוּקט מען מיך, בין איך פאָרט פארעכנט פאר אַ שילער, „עלעהיי מע האָט דיר געגעבן אַ יאָר צײַט אורלויב, די צוגעשטעלטע דאָ־קומענטן בלײַבן בעמיילע דאָ, וואָס זשע דארפסטו זיך זאָרגן?”

כ'האָב גאָר אליין ניט געוווּסט, ווי גוט ס'איז מיר...

יאָ, און ווי האלט עס מיקויעך אַ בילעט אף אהיים? נו, אוואדע, ווי דען אנדערש, מיט אַ באן־בילעט קיין מיראָנאָווקע וועט מען מיך באזאָרגן, וועגן דעם איז ניטאָ וואָס צו ריידן. דער זומער וועט גיך דורכלויפן, דעם ווינטער, ווי שווער ער זאָל ניט זײַן, וועט מען אויך ווי־עס־איז דורכשטופּן, עמעס, מע דארף זיך גוט־גוט אונטערגארטלען, זיך אָנעמען מיט אַ היפּש ביסל געדולד, זײַן בא זיך פעסט, און דעריקער ניט פארלירן די האָפענונג, דערנאָך, איידער מע קוקט זיך רעכט ארום, ווערט שוין אין דרויסן ווידער פרילינג, דעמלט נעמסטו „זשעטשי נא פּלעטשי” — די פיס אף די פּליי־צעס — און פאָרסט ווידער אין אויעזד קיין קאָרסון. דאָס הייסט, אזוי גוט ווי דו פאָרסט דאָס צווייטע מאָל שוין מיט אַ גאנץ הארץ, אָן איבעריקע זאָרג. מײַן אָרט, זאָגט מען מיר צו, וועט קיינער ניט פארנעמען.

איך וואָלט אוואדע אין די אלע גוטע צוזאָגן געגלייבט מיט דער גאנ־צער נעשאָמע, ווען די „באלעבאָסטע” רופט מיך ניט ארײַן אינעם קליי־נעם האלבאָשע־צימערל, אַ מין פירהויז צום נידעריקן סקלאד — אַ קע־לער, אַ פארוואלגערטער מיט געפּאקטן וועש אף אומצאָליקע פּאָלקעס, און זי רופט זיך ניט אָן צו מיר, דאפקע מילד, הארציק:

— אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, וואָס מע מוז זיך שיידן. איך זע אין דיר, אז דו ביסט אַ לײַטיש קינד, זייער אַן אָרנטלעך ייִנגל. ווען זשע האָסטו

אין בארשעוו? אך, אזוי? אן אייגענע מאמע. וואָס זשע ווילסטו? בעסער, ווי בא דער מאמען, וועט דיר אין ערגעץ ניט זײַן. וועסט נאָך באַוויזן שלעפן אַף זיך דעם אַל פון דײַגעס־פּאַרנאָסע. דער באַלמעלאָכע, מעגסטו מיר גלייבן, וועט פון דיר ווײַט ניט אַנטלויפן...

בעקיצער, וואָס וויל זי, די גוטע, צוגעלאָזטע צוקער־זיסע באַלעבאָסטע? לאָזט זיך אויס, אַז זי וויל פון מיר גאָר אַ קלייניקייט — אַזויווי זי איז אַ פרישער מענטש און טראָגט אכרײַעס פאַר דער האַלבאָשע אין צו־זאַמענוווינונג, דאַרף איך אַף איר קיין פאַריבל ניט האָבן, וואָס סע קומט איר אויס אופמאָנען דאָס אַרויסגעגעבענע אַנטועכץ, וואָס איך טראָג אַף זיך, די געפאַרבטע פאַרוסינענע הויזן און דאָס סאַטינענע העמדל.

— קאַזיאָנע מאַלבושים, — גיט זי מיר צו דערקלערן, — האָבן ליב אַ געניויעם כעזשבן, אַניט, — דאָ פאַרשמעלערן זיך אירע דורכגעטריבענע שעלמישע אויגן, — צאָלט מען מיט קאַרצער. נו, לעבן מײַנס, — טוט זי פריילעך אַ הייב אונטער דעם אומעטיק אַראָפּגעלאָזטן קין מײַנעם, — ניט געוויינט און ניט געכליפעט. קיין נאַקעטן וועט מען דיך פונדאַנען ניט אַרויסלאָזן.

כ'האָב לעכאַטכילע אפילע ניט פאַרשטאַנען, וויאַזוי וועט מען עס מיך צוריק איבערטאָן אין די אַלטע טראַנטעס, — אָבער דאָ האָט מען אַרײַנ־געטראָגן אין האַלבאָשע־צימערל אַ צונויפגעקאַטשעט פּעקעלע מיט אַלט־וואַרג, פון וועלכן ס'האָט אַ זעץ געטאָן אין נאָז מיט אַ שאַרפן רייעך פון דעזינפעקציע.

— קלײַב זיך אויס אַ פּאָר הייזלעך!

— פון די־אָ שמאַטעס?.. — קאָכן אין מיר אוף אַלע בלוטן.

— קוקט נאָר אָן דעם איידל געפּאַטשקעטן פּרינץ! אהער, וויל איך וויסן, ביסטו געקומען אין שענערע מאַלבושים?

— מע האָט דאָך מיר צוגעזאָגט איבעראַיאָר...

— איבעראַיאָר, איבעראַיאָר... ווייסעך וואָס, — האַקט זי איבער מײַנע געקלעמטע רייד, — איבעראַיאָר, אַז מיר וועלן לעבן און געזונט זײַן, וועלן מיר דעמלט זען. איך פאַרשטיי זייער גוט, אַז עס שמעקן דיר ניט די טראָלדן־טראַנטעס. די מאַמע דײַנע וועט דיך לאַנג ניט לאָזן אַרומגיין אין דעם נײַעם נאַקעט און אין דעם אַלטן באָרוועס.

דערנאָך, אין אַ ווײַלע אַרום, האָט זי מיר ווי צוליב געטאָן און עטוואָס מילדער צוגעגעבן:

— איבעראַיאָר, מעגסטו מיר גלייבן, וועט מען דיך אָנטאָן אין אַ סאַך אַ שענערן גאַרניטער, זאָל נאָר זײַן שטיל אַף דער וועלט.

איך באַמי זיך מיט אַלע קויכעס האַמעווען דעם קאַס. מיט מײַן מאָר־דעוועס זיך וועל איך בעמיילע גאָרנישט ניט פויעלן. ערגעריניש פאַרשאַפט נאָר איבעריקע יעסורים. צו אַלדי שוואַרצע יאָר, עלעהיי איך בין גאָר אהער ניט פאַרפאָרן.

אָן איבערגעטאָנענעם אין אַלטע צעפּליקטע שמאַטעס האָט מען מיך איבערגעגעבן צום באַקאַנטן „קאָאָפּעראַטאָר" אין די הענט — ער וועט מיך שוין פירן צום וואָקזאַל און אַרײַנזעצן אין צוג. אייגנטלעך, פרעג איך בא זיך אַליין ניט איין מאָל: וואָס האָב איך דאָ אַזעלעכס אָנגעוווירן? דאָס

קומען אין דער אויעזד־שטאָט קאָרסון איז דאָך אינגאַנצן א צופעליקע זאַך. עס האָט זיך זייער שיין געקאָנט מאַכן, איך זאָל אפילע ניט וויסן פון אזא פאָך־שול, ווו מע נעמט צו ייִנגלעך אף אלעם גרייטן. אף א באַגעגעניש מיטן כאַווער יאַקאָוו האָב איך דאָך אוואדע ניט געקאָנט אויסשטעלן, הײַנט צו וואָס דארף איך זיך אליין לייגן שטיינער אפן הארצן? כאַפּט עס דאָס נײַגיעריקע! מיסטאמע איז מיר דאָס מאָל אויך ניט באַשערט זיך ארופשטעלן אפן עמעסן וועג, פונדעסטוועגן וויל איך ניט פארלירן אינגאנצן דעם ביטאָכן.

— פאָרן מיר, הייסט עס, צוריק אהיים? — רופט זיך אָן דער „קאָאָפּעראַטאָר" מיט אן אופגעלייגטער מינע. — מיילע, וועסט די צאָרע איבערקומען, און פון קיין אנדערע צאָרעס זאָלסטו ניט וויסן. קיין גאָר גרויסן כעס, מיין איך, איז מען קעגן דיר ניט באַגאַנגען. וויפל פעלט דיר נאָך צו באַרמיצוועס?

וואָס שיט ער נאָך זאַלץ מיר אף די ווונדן?

— און אז דו וועסט נאָך א זומער אָפּהוליען אין דער היים, — פאַרהייבט ער ברייטלעך די מעגושעמדיקע הענט אין דער לופט, — טוט זיך כוישעך?!

אָט דאָס הייסט דערגיין צום הארצן! נא דיר גאָר אזא אָנשיקעניש אף מײַן קאָפּ. נאָר גיי רייד צו א פּערעאָדעם, צו א פאַרגרעבטער בריִע, וואָס ווייסט ער און וואָס פארשטייט ער? אָפּהוליען נאָך א זומער... ס'ארט אים, צי סע קאָסט אים טײַער אין אײַנקויף? פארוואָס שטעלט ער זיך ניט אײַן פאר מײַן אראָפּגעשלעפּט אָנטועכץ?

— נישקאָשע, — מאַכט ער, רײַבנדיק א האַנט אין א האַנט, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשלאָגן אין א גוט געשעפט, — ס'וועט גיין אזוי ווי עס דארף גיין, זאָל נאָר דער אייבערשטער געבן יאָרן און געזונט. פאַל באַ זיך ניט אראָפּ, דער הימל ליגט נאָך ניט אף דער ערד, דערווײַל ביסטו נאָך א יונג קינד, גאָטס וועלט שטייט פאר דיר אָן אָפּענע.

מיט איין וואָרט, ס'איז מיר גוט...

איך הער אלץ פון אלע זײַטן גוטע, שיינע רייד. מײַן כײלעק גוטסקײַט, וואָס ס'קומט מיר ארויס אף דער לעבעדיקער וועלט, איז מען מיר מאַוורטיִעך, וועל איך באַקומען שפּעטער, דערווײַל הוליע אָפּ נאָך א זומער און נאָך א זומער... ס'ברענט ניט. הונגער, הינער־בלינדקײַט, אָן א היים, נאַקעט און באָרוועס, וואָס פאַר א ווערט האָט עס באַם „קאָאָפּעראַטאָר"?

אף מאָרגן האָט דער זעלבער שווערגופּיקער נעפּעש מיך געפירט צום וואָקזאַל. צו וואָס דארף איך א באַגלייטער, ווייס איך ניט. אליין, מײַנע זײַ, וועל איך ניט טרעפן, ניט קאָנען ארײַנשפּארן זיך אין וואַגאָן. נארישקײַטן! איר גיט נאָר אהער דעם באַן־בילעט, וועל איך אײַך ווײַזן, ווי גיך און פלינק מע קאָן זיך ארײַנזעצן אינוויינעניק אָן זײַטיקער הילף.

פון דער סטאַנציע מיראָנאָווקע וועל איך מיט אן איבערגעכאַפּט פּורל זיך גרינג דערקלײַבן קיין באַרשעוו, אף דערוף האָט מען מיר מיטגעגעבן א ביסל זילבערן מינץ. האָט אָבער דער „קאָאָפּעראַטאָר" יעסורים, איך זאָל דאָס קליינגעלט ערגעץ אין וועג ניט פארטאַכלעווען.

— געלט, — לערנט ער מיך, — איז קײַלעכיק און גליטשעכיק. גלאט געלט, אפילע מינץ, גייט גלאט אוועק. א קאָפעקע, זונעניו, דארף מען היטן ווי דאָס אויג אין קאָפ. קויפסטו א באשערײַ אף דער סטאנציע, וועסטו אהיים קיין בארשעוו זיך ניט דערקלײַבן. צופוס זיך לאָזן פון מיראָנאָווקע, וועדליק דו ביסט אזא שוואכינקער, וועט דיר קיין קויעך ניט קלעקן.

לאנג קומט אויס ווארטן אפן צוג. א לעצט מאָל קוק איך זיך אום אפן ווײַטן עק שטאָט, אף דער לאנגער אליי געשטרעקטע טאָפאָלן, וואָס שאפט א מין גרינעם קאָרידאָר. און אינמיטן קאָרידאָר ליגט פײַן אויסגעפלאסטערט א גוט ברוקירטער טראקט, דורך וועלכן עס קומען פון שטאָט צו פאָרן אהער, אפן וואָקזאל, צעטראָגענע רוישיקע פארשוינען. אף אָט דעם גלײַכלויפנדיקן וועג לאָזט זיך שטענדיק הערן א פרייליכער געקלימפער פון איינע די אנדערע אריבעריאָגנדיקע דראָשקעס, פאעטאָנען, ברישקעס און בוידן, הילכיקע אויסרופן און איבערופן פון צעווארעמטע באלעגאָלעס.

ווי נאָר דער שווער סאָפענדיקער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך דערנעענטערט צום וואָקזאל, האָט מיך דער פארשמײַעטער „קאָאָפעראטאָר” שיר ניט א כאפ געטאָן אף זײַנע פלייצעס, מיט גרויס אימפעט דורכגעשלאָגן זיך דורך א היפש צונויפגעשטיקטן אוילעם, און מיר זײַנען קימאט די ערשטע ארויסגעלאָפן אף דער פלאטפאָרמע. ער האָט מיך גיך־גיך אוועקגעטאסקעט צו א פאסאזשיר־וואגאָן (דער צוג איז באשטאנען פון געמישטע וואגאָנען) און מיך אָפגעוואָרפן, ווי א טרעגער ווארפט אָפ א זעקל, גלײַך אין טאמבור ארײַן.

— גיכער, מאמזער, — שרײַט ער א פארפינעטער, — גיכער פארכאפ אן אָרט!

פונוואנען, כידעשט מיך, האָט זיך מיטאמאָל גענומען צו אָט, דעם בלײַענעם פויגל אזא זשוואוועדיקײַט? ער האָט דאָך מיך בעעמעס געכאפט ווי דער רועך דעם מעלאמעד. ווער, וואָס? אלע ערטער זײַנען שוין פון לאנג פארנומען. ס'שטייט דאָ אן ענגשאפט, ווי אין אן ערעוו־שאבעסדיקן בעדל. אפילע אהין, צום גרוי פארנעפלטן פענצטערל, איז שווער צוצוקומען. דאָך רײַס איך זיך פאָרט דורך צווישן די ענג־צונויפגעשרומפענע פאסאזשירן און ווארף א זײַ־געזונט־בליק צו מײַן מאזשגיעך. דער „קאָאָפעראטאָר” וויל גאָרניט קוקן אין מײַן זײַט. ער רײַבט דעם האלדז־און־נאקן אין שטײַפן קאָלנער. עפעס, זעט מען, איז אים ניט אינגאנצן באקוועם אין אזא העלזוניקן טאָג טראָגן דעם איבערגעטריקנטן יארידבעגעד. ער כאפט זיך ניט, ווי אנדערע באגלייטער, פארלאָזן דעם וואָקזאל־פעראָן. עפשער זוכט ער צווישן אוילעם אן אייגענעם מענטשן? אָט־אָט טוט ער א דריי אויס דעם קאָפ אין מײַן זײַט. איז אָבער דער דאשעק זײַנער צופיל אראָפגעלאָזט, און איך קאָן זיך אלץ ניט באגעגענען מיט זײַנע אויגן. לאנג לאָזט מען מיך ניט קלאפן אין שויב, ער זאָל זיך סאָפקאָלסאָף אומקוקן. די פאסאזשירן האָבן מוירע, איך זאָל ניט אויסזעצן, פאר גרויס סימכע, די פארפאָראָשעטע שויבן. ביז עפעס־וואָס האָט דערווײַל דער צוג גענומען רירן פון אָרט. דער שווערגופיקער „קאָאָפעראטאָר” האָט

זיך פאמעלעך אוועקגערוקט מיט דער ברייטלעך־געזעצטער פלייצע, גלײַך ווי ער זאָל שטייענדיק אָפּשווימען און איך זאָל בלײַבן אָף איין אָרט.

## א פארבאָרגענער מאיאָנטעק

— נא, זע, אָט איז דײַן בארשעוו!

מיט רעב זאלמען דעם באלעגאָלעס היפּשלעכער פור בין איך ארײַן אין סאמע מיט שטאָט. אָט ליגט אויסגעשפּרייט (כאָטש איך זע שלעכט) מײַן לאנג געגארטער בארשעוו. די גאנצע צײַט האָב איך געבענקט נאָך דער מאמען און נאָך בארשעוו.

אומזיסט ווײַזט זיך מיר אויס, אז ס'איז שוין האלבע נאכט. אינ־דערעמעסן, ווערליק די שטאָט האלט אוף אין אזא שפעטער שאָ איר פּול־בלוטיק קאָכיק לעבן, שטייט ווי א באלמעלאָכע בא דער ארבעט מיט רויש און געפּילדער, — קאָן גאָר געמאָלט זײַן, אז דער אפּדערנאכט אין באר־שעוו ציט זיך לענגער ווי ערגעץ אנדערש. מענטשן, שטארק פארפּאָרעטע, האלטן אינמיטן ראמען, רייניקן, וואשן, שײַערן. איבער דער שטאָט שטייט עפּעס א מין דינער זיסער קלאנג פון מעש, גלאָזווארג און קאָלערליי אנדערע געפעסן. מע ראמט אויס דעם כאָמעץ. ס'איז ערעוו פּייסעך. איי־בערמאָרגן, איך האלט גוט כעזשבן, פאלט אויס דער ערשטער סיידער.

הויכע צעוואָרפענע עלעקטרע־לאמטערנס הענגען אף סטויפּעס און פירן מיך פון איין ראָג צום צווייטן, גאס־אײַן, גאס־אויס, ווײַזן דעם וועג, איך זאָל ניט בלאָנדזשען.

דארף זיך טרעפן, אז די קיך־שטוב אונדזערע זאָל שטיין פארשלאָסן (ביז גאָט האָט זיך דערבארעמט, כ'האָב אין דער פינצטער אָנגעטאַפּט די טיר, שיר דעם קאָפּ ניט געפּלעט). יאָ, ס'הענגט א געזונטער אײַזערנער שלאָס, איצט גיי טו עפּעס — ניטאָ די מאמע... נאָר אלציינס, אבי איך בין שוין אין דער היים.

ארויסגיין פונעם הייפל, זעצן זיך צום פרונט אפן גאנעק האָב איך פּאָשעט מוירע, טאָמער וועל איך מיט מײַן צעשוווּמענער ריזע אײַנלאָזן די מאמע. זי ריכט זיך דען אף מײַן קומען? ס'וועט איר אפילע אפן געדאנק ניט אײַנפאלן, אז איך קאָן אליין זיך אומקערן פון וועג.

אײַ, ביטער... ווידעראמאָל נעמען שווינדלען שווארצע בעזעמלעך אין די אויגן, צעפאלן זיך אף באזונדערע ריטלעך מיט אזא האסטיקער גע־שווינדקײַט, אז עס רײַסט אוף דעם מויעך. נאָר אף אראָפּפאלן צו דער ערד פעלט אויס בא די צעשאָטענע ריטלעך וואָגיקײַט, בלײַבן זיי הענגען אין כאָלעל אויסגעטליִעטע, פארוואנדלען זיך אין ווײַסן אש, ביז עס שווימען אונטער אנדערע בעזעמלעך און שטעלן זיך אף זייער אָרט.

פּלוצעם כאַפּן אוף מײַנע אויערן שארנדיקע טריט, שטילע, פּאָרזיכ־טיקע, ווייכע, ניט אזעלכע גרינגגיטשקע, ווי ווען מע שטעלט זיך אף די שפּיץ פינגער, אפן פולן טראָט, אָבער דאָך ווי אונטערגעבעט מיט קישע־לעך, — די מאמע!

פאר גרויס סימכע האָט דאָס הארץ גענומען מוירעדיק האמערן, פיבער־דיק זיך ווארפן, ווי בא אן איבערגעשראָקן כײַעלע. מײַנע צעשטרעקטע

הענט, וואָס זײַנען גרייט געווען אין דער פינצטער יעדע ווײַלע ארופאלן דער מאמען אפן האלדז, האָבן זי, אפּאָנעם, איבערגעשראָקן אף טויט.

— אוי!..— ברעכט אויס א פּאכעד־געשריי. זי האָט האמעטנע שווער זיך א וויג געטאָן צוזאמען מיט דער פינצטערניש, שנעל אראָפּגעוואָרפן פון זיך א ווייכן היפּשלעכן געפּעק און נעלעם געוואָרן. קיין מינדסטער אָפּהילך פון דער געפּאלענער מאסע איז צו מײַן אויער ניט דערגאנגען.

— מאמעניו, ס׳איז אי־י־יך!.. אי־י־יך... מאמעלע־עו!..

כ׳האָב זיך מיט פריידיקן ציטער א וואָרף געגעבן פאָרויס צום טויער און זיך אָנגעשטויסן אף אן אָנגעשפּיקעוועטן זאק. איך בין גרינג געפאלן אף דעם ווייכן בערגל, וואָס איז געלעגן וואָסערע פינף־זעקס שפּאַן פון דער טיר. עפּשער איז דאָס ניט מײַן מאמע, גייט מיר דורך א געדאנק, וואָרעם וואָס פאר א שײַכעס האָט זי מיט אָט דעם געפּעק? צי דען האָב איך אזא גרויסן טאָעס געהאט אינעם קאָל? לוידײַ, וואָס איך בין געשלאָגן אף דער קרענק הינער־בלינדקײַט, זײַנען די אויערן מײַנע אויך פאר־שטאָפּט?

— מא־א־א!..— לאָז איך זיך פון מאָל צו מאָל הערן.— מא־א־א!..

ניטאָ, ווער עס זאָל זיך אין דער טויב־פינצטערער נאכט אָפּרופן. ווער ווייסט, וויפל איך בין אזוי אָפּגעזעסן אפן ווייכן געפּעק. די מאמע קומט אלץ ניט צו גיין... א ביטערע קעלט האָט זיך ארײַנגעכאַפּט אין די ביס־לעכווײַז גליווערנדיקע איווורים. דאָס ביסעלע וואַרעמקײַט צו דערהאלטן די נעשאָמע קומט ארויס אזוי ווי פונעם ווייכן געפּעק. כ׳האָב געפּרווט זיך טיפער אײַנבורען, צונויפקנוילן, נעמען די פיס אונטער זיך, כאַטש צערײַס דעם זאק און קריך אין אים אליין ארײַן.

העט שפּעטער האָט זיך די מאמע אומגעקערט, ניט אליין, נאָר מיט נאָך עפּעס א ווײַבל, און פונדערווײַטן געפרעגט מיט גרויליקן פּאכעד:

— ווער איז דאָרט?

דאָס צווייטע ווײַבל האָט איר מיטגעהאָלפן:

— רופט זיך אָפּ, ווער איז דאָרט?

מאמעש איך פיל זייער איימע־צאפּל, אָקאָרשט דאָס געזונט ווערט אין זיי אנטפאלן. דערהערט אזוי בוילעט קלאָר דער מאמעס קאָל, איז מיר גלײַך אראָפּ א שטיין פון הארצן. איצט קאָן איך מיך פארגינען זיך מאכן לוסטיק, פּארוואַרפן א קונציק שפּיצל.

— א ניט־גו־ו־וטע־ער!..— הער איך מײַן אייגן קאָל ווי פון א האָרן ארויסגעשאלט.— א די־בע־עק!.. מאמעניו, דײַן דיבעק איז געקומען אהיים!..

— ריבוינעשעלוילעם!— טוט די מאמע פריידיק א פּליעסקע מיט די הענט.— גאָט אין הימל, ס׳איז דאָך מײַן קינד, מײַן קאַדעש...

זי פאלט צו מיר צו מיטן גאנצן קערפּער א הייס־אָטעמדיקע, קלאמערט אײַן מײַן קאָפּ אין אירע צעשפּרייטע אָרעמס און דריקט מיך פעסט צום הארצן.

— א מאקע איז מיר... א וויטעק איז מיר...— ברעכט זי באלד אויס מיט א וויגעשריי.— ווו זײַנען געווען מײַנע אויגן?! פרעמדע געשעפטן מאכן מיך דול און מעשוגע. זון מײַנער, הארץ מײַנס! דער אייבערשטער

אליין האָט זיך אַף מיר דערבארעמט און דיך געבראַכט אהיים. א נעס מין־האשאָמאַים...

טרערן, הייסע טרערן, דער מאמעס טרערן גיסן איבער מײַן פּאָנעם.

דערנאָך האָב איך געהאָלפֿן אַרײַנטראָגן דעם צעקנאָטענעם פּאַק אין קיך אַרײַן. די מאמע, האָב איך געזען, האָט אים געטראָגן קימאַט מיט א ווידערגעפיל, ווי מע טראָגט א פּייגער, וואָס מע דאַרף פֿון אים וואָס גיכער פּאָטער ווערן, וואָרעם עס שלאָגט שוין פֿון אים א שלעכטער רייעך.

די איבעריקע רעשט נאַכט זײַנען מיר ביידע ניט געשלאָפֿן, ניט איך און ניט די מאמע. די נאַכט איז אַדורך שנעל און אומבאַמערקט. קורץ ווי א געגעניץ. כ׳האָב נאָך ניט באַוויזן דערציילן דער מאמען קיין הונדערט־כיילעק פֿון דעם, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, ווי ס׳האָבן גענומען זיך אויסשיילן שטיקער גרויער הימל. דאָס איין־און־איינציקע פענצטער זאַפּט אין זיך פּאַמעלעך אײַן דעם שפּראָצנדיקן פרימאָרגן. א בלייכע בלויקייט גייט אויף אַף די שמעקנדיקע פריש־געטינקעוועטע ווענט.

אַפּסנײַ קומט אויס ביסלעכווײַז זיך צוגעוווינען צו אונדזער שטיקל מישטיינסגעזאָגט דירע, צו דער קיך־שטוב. דאַכט זיך, די זעלבע היים, וואָס איך האָב פאַרלאָזט, און דאָך עפּעס אַן אַנדערע, אַן אַנדער לופט האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין קיך. עפּשער דערפאַר, וואָס דער ערעוו־פּייסעך שטייט אַף דער שוועל? דאַרף מען דאָך האָבן בעיאַד דעם יאָמטעוו אופּ־נעמען... און, אַפּאָנעם, די מאמע מײַנע, איך ווייס ניט פונוואַנען, האָט עס בעיאַד, זי קאָן זיך לאָזן קאָסטן אַרײַנצוברענגען אַף א לײַטישן אויפן דעם פּייסעך. פרעגט זיך א קאַשע — פונוואַנען? וועמעס רײַכע יערושע, וויל איך וויסן, האָט זי געיאַרשנט? וואָס פאַר אַן אויצער האָט זיך פאַר איר אַנטפּלעקט?

ניט אַנדערש ווי א נעס איז געשען — אין דער קיך־שטוב איז פאַר־גרייט פון קאָלטווו: פיש און פלייש, געבראָטנס און געקאָכטס. אַן עמעסע נעגידעסטע. ווער? מײַן מאמע. מאַצעס? מאַצעס זײַנען שוין אויך לאַנג בא איר פאַרגרייט. א היפּשלעכער קויש, איבערגעדעקט מיט א ווײַסן קלאָרן לײַלעך, שטייט פאַררוקט אַפן הויכן אויוון, ביז מ׳וועט אויסרייניקן דעם גאַנצן כאָמעץ.

איצט זײַ א נאָווי און טרעף, פונוואַנען האָט זיך דאָס אַלץ גענומען?

זי אַליין, די מאמע מײַנע, דערציילט גאָרניט, שווײַג איך אויך צו. וויפל זשע צאָלט מען א כוידעש דער מאמען אַף איר שטעלע? איך שטיי און באַטראַכט דאָס אַלטע אײַזערנע בעטל, וואָס איז צוגערוקט נאָענט צום פענצטער. סאַראַ שעמערירנדיקע ריינקײַט. קישנס, קישעלעך, פריש אופּ־געבייטע אײַנשיטלעך, ראָזעווע ציכלעך, געליאַמעוועט מיט דינעם איידעלן האַפּט־געניי, דאָס בעט־וועגטל איבערגעהאַנגען מיט א מין דורכזיכטיק געשטריקט פּאָרהענגל. דאָס אַלטע בעטל איז געוואָרן איצט א צירונג פאַר דער קיך־שטוב. הײַנט די נײַע בײַענע קאָלדרע האָט אויך עפּעס צו זאָגן. אַף מײַן וואָרט, עס פּאַסט גאָר ניט אהער, אין דער קיך.

שפּעט אינדערפרי כאַפּט זיך ניט די מאמע צו דער אַרבעט.

— ס׳ברענט ניט, — זאָגט זי, — די אַרבעט מײַנע וועט ניט אַנטלויפֿן.

פאַרשטײ איך װידער גאָרניט. פאַרװאָס ציטערט זי ניט איבער דער שטעלע, װאָס גיט איר פּאַרנאָסע אַפן פּולן מויל און עפּשער נאָך מיט א סמיטשעק. װאָס הייסט עס בא איר: די ארבעט װעט ניט אנטלויפן?

— קעדײ פּאַרדינען געלט, זון מײַנער, — מאַכט זי צו מיר און פּאַ־רויטלט זיך ליִכט, — איז ניט שטענדיק א כּיעוו אװעקלײגן אַלע קויכעס, האָרעװען ביזן זיבעטן שװייס. דער אײבערשטער האָט מיך צוגעפּירט צו א גרינגערער פּאַרנאָסע.

— אין װאָס זשע, מאַמע, באַשטײט דײַן ארבעט? — בין איך ביז גאָר נײַגעריק צו װיסן.

— א דײַגע, אַבי מע האָט, באָרעכהאַשעם, פונװאַנען ציִען די כּאיונע. אַף װײַטער ניט ערגער. מיר זאָלן נאָר אַלע זײַן געזונט און פון קײן יעסורים ניט װיסן. מיר זײַנען שוין געגוג, קינד מײַנס, אָפּגעקומען, זיך גוט אָנגעליטן.

פון אירע רייד בין איך ארויס ניט װיסנדיק. בעעמעס, װאָס בין איך צו איר צוגעשטאַנען װי א קלעק? װאָס גײט עס מיר אזוי שטאַרק אָן? און אז איך װעל ניט װיסן אַלע אירע סודעס, שטײ איך שמאָל? לאָמיך זיך דערװײַל פרייען, װאָס איך האָב די שטוב אונדזערע געטראָפן א זאַטע און מײַן מאַמע א געזונטע. איבעריקע קאַשעס פאַרצאַפּן איר נאָר בלוט.

פּאַראַן, זאָגט מען, א טײַער מיטל צו הײלן מײַן קרענק, די פּאַרשאָל־טענע הינער־בלינדקײַט, דעהײַנע — עסן געבראָטענעם לעבער. די מאַמע לײגט אײַן די װעלט. אויב לעבער איז א רעפוע, װעט זי אונטער דער ערד קריגן לעבער. אויסגעװוען װוּ ערגעץ א יאַטקע אין שטאָט, װאָלװל, טײַער — ס'איז א טערעץ? זי מוז מיך שטעלן אַף די פיס.

האַלעמײַ זאָל איך זאָגן — אװאַדע זײער א גוטע רעפוע. כ'האָב דעם געבראָטענעם לעבער געשלונגען אַף װאָס די װעלט שטײט און טאַקע בע־פּײרעש האַנאָע געהאַט. איך דאַרף זיך אויך מודע זײַן, אז פון אַנדערע שפּײַזן — טרוקנס צי געקאָכטס, געפּרעגלטס צי געבאַקנס — האָב איך זיך, כאָלילע, אויך ניט אָפּגעזאָגט. איך האַלט, קײן אײַנהאָרע, אין אײן קײַען. די מאַמע האָט געקליבן נאַכעס:

— ס'זאָל דיר נאָר אײַנגײן.

בא דער מאַמען גײט מיר אַלצדינג אײַן.

און דאָך, איך װײס אַלײן ניט פאַרװאָס, קימערט מיך עפּעס. עפּשער װעל איך איצט, װען די מאַמע װײַזט ארויס צו מיר אזויפיל טרײַשאַפט, געװואָר װערן דעם רײנעם עמעס.

— מאַמע, — פרעג איך בא איר ניט זיכער, — זאָג מיר, מאַמע, איך בעט דיך, װאָס זײַנען עס דאָרטן אין װינקל פּאַרא פּעק?

א סאַך גלײַכער װאָלט געװוען, איך זאָל איר ניט דערמאָנען יענץ װינקל מיט די עטלעכע אָנגעװאַלגערטע גרויסע זעק. איך פיל, זי װערט אומרויִק. אַלערלײ קאָלירן טרעטן ארויס אַפן דערשראָקענעם פּאָנעם.

— קוק ניט אַהין... — קערעװעט זי אָפּ מײַן קאָפּ װי פון עפּעס עקל־דיקס. — קוק ניט, ס'איז ניט אונדזערס...

די רעדנע, מיט װעלכער ס'זײַנען צוגעדעקט די פּעק, ציט נאָך מער צו זיך צו מײַן בליק.

— ס׳איז גאָלע גאָרניט, — מאכט זי קלוימערשט אוועק מיט דער האַנט. — א מענטש האָט געבעטן, האָב איך אים געטאָן די טויווע.

איך באַמי זיך מאכן א מינע, אז ס׳גייט מיר מער ניט אָן. דאָס, זע איך, האָט זי דאַפקע צופרידנגעשטעלט.

מײַן שיינער הוילעך, איך ווערלכן איך בין געקומען, הארגעט איר אוועק דעם קאָפּ. עס שטייט איר ניט אָן מײַן קרוע־בלוע־אָנטועכץ. עפשער וועט זי נאָך באַווײַזן קריגן אפן מארק, בא די טאנדעטניקעס, א פּאָר הייזלעך אף יאָמטעוו, ס׳איז איר א וויסטער ביזאָיען, זאָגט זי, איך זאָל ארומגיין ווי א שלעפּער. אדערַאבע, אוואדע איז א סאך לײַטישער טראָגן גאנצע הויזן און א גאנץ העמדל, זײַן ציכטיק אָנגעטאָן, צוליב דעם פעלט איין קליינקײַט — קלינגערס. פונוואנען, פרעגט זיך, קומען זיי צו מײַן מאמען?

איידער זי האָט זיך געלאָזט גיין אין מארק אײַנהאנדלען פונמײַנעט־וועגן בא די טאנדעטניקעס א פּאָר וואָלוועלע הויזן, א העמדל, אויס־דינגען בא די קירזשנערס א קארטוזל, וואָס איז אראָפּ פון דער מאָס, האָט די מאמע צוגעפּרישט פאר מיר א סקאָוורעדע מאצעס. ווי־ניט־ווי רעכנט זי מיך, די מאמע, פאר א שטיקל כוילע, וואָס מע דארף אים צוזען מיטן ביסן, דעריקער ניט לאָזן איבערכאלעשן דאָס הארץ. אלע ביטערע צאָרעס קומען אפן מענטשן, זאָגט זי, איבער דעם, וואָס ער דערעסט ניט... א האלב־הונגעריקן מעג מען רעכענען פאר א האלבן מעס. ס׳האָט לאנג ניט גענומען, ווי אין קיך האָט פארשמעקט מיט באטאמטע רייכעס. ערשט צוריק מיט א פּאָר טעג, דערציילט די מאמע אן אופגעשטראלטע, קימאט א גליקלעכע, האָט זי אליין אויסגעקאשערט דעם אויוון.

— ס׳איז, מאָל דיר, אן אויוון... אונטערגעשמירט די ווענט, אויסגע־שײַערט אלע קיילים, געמאכט אלצדינג יאָמטעוודיק, נאָכאמאָל צוגעקליבן יעדער ווינקעלע און אָבעראמאָל געוואשן און גערייניקט. דאָס הארץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אז דו וועסט, מירצעשעם, קומען אהיים צו דער מאַ־מען. ווען דו קומסט ניט, כאָלילע, וואָלט מיר גאָרניט אײַנגעגאַן. איך וואָלט געהאט א פארשטערטן פּייסעך. מײַנע זינדיקע רייד זאָלן מיר כאָטש אנטקעגן ניט קומען. אין שטוב, קינד מײַנס, איז פארגרייט, דאנקען גאָט, אי א ביסל הינערשע, אי א ביסל געגנדזענע שמאלץ, גוטע עטלעכע צענד־ליק אייער, כ׳האָב געשטעלט פּייסעכדיקן באָרשטש, ווי בא לײַטן. א דאנק דיר, ריבוינעשעלוילעם, פאר דײַן גרויסן כעסעד, וואָס דו טוסט מיט מיר. איך טאָר קעגן דיר ניט זינדיקן.

איר פרומקײַט, איר היימישקײַט מיט גאָט איז פאר מיר קאָשע: ווי קומט צו מײַן מאמען, זי זאָל ציִען אף זיך דער רעבעצנס פאטשיילע? איך ווייס ניט, צי זי איז געווען פריִער אזא גרויסע אפּיקוירעסטע, נאָר איצט איז זי עפּעס גאָר שטארק פארפרומט...

געבליבן איינער אליין אף דער קיך, פיל איך מיך א סאך פרײַער, איצט האָב איך בא קיינעם ניט צו פרעגן — מע מעג צי מע טאָר ניט. צו אלץ, וואָס רינגלט מיך ארום, איז פאראן א ברייטער צוטריט. קוידעמקאָל נעם איך זיך צו די פּעק, אף וועלכע כ׳האָב שוין לאנג געוואָרפן אן אויג. זיי שטייען פאר מיר ווי א הארבע רעטעניש און לאָזן מיך ניט צורו: „קום אָקאָרשט אהער, קום, קום! — רופן זיי מיך מיט זייער שטום־פאר־

טײַעטן רוף. — דעק אונדז אָפ, טו א רעכטן קוק". קאָן איך, אשטייגער, בײַשטיין דעם נײַגער, וואָס איז שוין פון א צײַט צערודערט אין מיר? וואָס זשע פאָרט טוט זיך אין זיי, אין די פעק?

איך ווארף אָפ דעם צודעק, דעם לאַנטעך, און נעם אײַליק נישטערן, קנײַפן די אָנגעדראָלענע זײַטן פון די פעק, כ'טויטשע מיטן עלנבויגן, כ'גראָב ארײַן די פינגער, דעליבע, גראבל, טאפ איבער יעדן פאק באזונדער, און יעדער געמאכט גריבעלע אין אופגעשוואָלענעם פאק גייט צוריק אוף, ווי אין אן אָנגעבלאָזענער פילקע. סאָפקאָלסאָף צעבינד איך איינעם פון די פעק — דעם, וואָס ליגט סאמע פון אויבן. דער דאָזיקער קרומלעך געבויגענער, נעבעכדיק צעטויטשעטער פאק אנטפלעקט פאר מיר א גאנצע קראָם. ס'ווערט מיר אזש מלאָסנע. איצט איז מיר אלץ קלאָר געוואָרן — דער מאמען מײַנער האָט מען אָנגעטרויט א גרויס פארמעגן. דאָ אין קיך בא אונדז ליגט א גוואלדאָוונע גוטס, אן אשירעס... ווײַ־ווײַ, וואָס דאָ טוט זיך! אן עמעסע פארפאקעוועטע שניטקראָם. וועלכע שטאָפן געפינט מען דאָ ניט: געקווייטלטער ציץ, ווײַסע מאטעריע, טונקעלע געוואנטן, סארזשע, סאטין, טיף־בלאָער דזשאָנאל, געזילבערטער גאבארדין, שאָטלאנדקע, מארקיזעט, באטיסט... א גאנצע גאס — קליין און גרויס — קאָן מען באקליידן, פון אן אונטערשט העמד ביז א ווינטערדיקן מאנטל. מיך נעמט אָן א פאכעד, די אָפגעלייגטע סכוירע בא אונדז אין קיך מוז אוואדע זײַן טרייפע סכוירע, דערפאר היט זי זיך אזוי, די מאמע מײַנע, זי היט זיך סאקאָנעס־נעפאָשעס. אפילע פאר מיר אויך. זי האָט זיך געלאָזט, די מאמע מײַנע, אף זייער א געפערלעכן וועג.

א פארסאָפעטע, א גליקלעך צופרידענע איז די מאמע רוישיק ארײַן אין קיך.

— געקראָגן דאָס, וואָס מע דארף. קלײַב אויס, וואָס דיר געפעלט.

אף דעם ליכטיקן ריינעם בעט האָט די מאמע אויסגעלייגט צום אויסוואל עטלעכע פאָר טאנדעט־הייזלעך אָנצומעסטן. גאָר באזונדער, אײַנגעוויקלט אין א צײַטונג, האָט זי געהאלטן דאָס שיין אויסגעבייטע סאטינענע העמדל מיט א שווארצן זײַדענעם קוטעס. פאר דעם איז שוין באצאָלט מעזומען געלט, און זי פרעגט בא מיר ניט, צי עס וועט מיר זײַן גוט. ס'זײַנען מיר שטארק געפעלן די טונקל־בלאָווע הויזן, כאָטש זיי זײַנען שוין געניצעוועטע, דערפאר אָבער פארמאָגן זיי טיפע קעשענעס, און נאָך א מײַלע האָבן זיי — אויערלעך, דורך וועלכע מע קאָן דורכסילען א ריימען. נישט ענג, נישט קורץ, א מעכײַע צום טראָגן.

— זעסט, — בין איך געוואָרן מאָלע־סימכע, — ווי גלײַך דער שנײַדער אליין וואָלט פון מיר אראָפגענומען א מאָס.

— טראָג געזונטערהייט און צערײַס געזונטערהייט, — קוועלט די מאמע אָן, — דײַן ברודער בערעלע וועט געוויס ניט האָבן אזא פייסעך, מיר פאר זײַן קאָפ. כײַבי וואָלט ער אויך סייכל געהאט און געקומען אהיים.

ארום מיטיק־צײַט האָט די מאמע מיך געפירט צום שערער. דאָרט איז אויסגעקומען היפשלעך ווארטן, ביז מע האָט מיך באזעצט אף דער פאָלירטער שטול. די מאמע בעט דעם שערער, ער זאָל נעמען מײַן פאטלע אונטער דער נול־מאשינקע, איך בעט זיך בא זיי, מע זאָל מיר כאָטש פון

פאָרנט איבערלאָזן א קליין טשוביקל. די כעוורע אף דער גאס זאָלן זיך ניט רייצן. אינעם הויכן שפּיגל זע איך מײַנע פארלאָפענע אויגן, אָט־אָט טועז זיי א שפּאר ארויס מיט הייסע טרערן. דער יונגער שערער קריגט אף מיר ראכמאָנעס און זאָגט דער מאמען, זי זאָל נאָכגעבן:

— וואָס ווילט איר, פאָרט א ייִנגל. הײַנט שערט מען ניט אזעלכע ייִנגלעך ביזן קאָפּ, — און צו מיר בייגט ער זיך צו, פּינטלענדיק מיט אן אויג. — א זשמענקעלע האָר וועל איך דיר פונדעסטוועגן איבערלאָזן, ווייס מײַן גוטסקײַט!

זיצנדיק אנטקעגן לאנגן שפּיגל, האָב איך גוט אכטונג געגעבן, דער שערער זאָל מיך ניט אָפּנארן. עפּשער האָט ער הינטער מײַנע פּלייצעס מיט זײַן גנייווישן ווונק זיך דורכגערעדט אף שטומלאָשן מיט דער מאמען: „זאָגט אים צו, וואָס ארט אײַך". דערנאָך גיי רוף אים קנאקניסל. איך בין געזעסן ווי אף שפּילקעס. דאָס היטשקעלע פון פאָרנט, ווי קליין עס זאָל ניט זײַן, מוז בלײַבן אפן געשוירענעם קאָפּ. ווי נאָר ער איז ארײַן, דער אכזער, מיט דער בלאנקענדיקער מאשינקע אין דער האָר־געדיכטע־ניש, איז מיר גלײַך אנטפאלן געוואָרן דאָס געזונט.

— האָב קיין יעסורים ניט, — האלט מיך צו דער שערער מיט איין האנט פארן אקסל, — איך וועל דיך ניט אָפּנארן. א וואָרט איז א וואָרט.

געקומען אהיים, האָט די מאמע געשטעלט אופזידן אלע טעפּ, וויפל זי פארמאָגט נאָר, זי האָט ריין געמאכט די הילצערנע באליע, ארײַנגעוואָרפן א גליִענדיקן שטיין אין דער קאָכיקער וואסער און מיר געהייסן, בעמכילע, זיך אויסטאָן אָדאָם־נאקעט: „אָט דאָס, זאָגט זי, וועט זײַן א באָד, ווי איך פארשטיי".

זי האָט געוואשן, געצוואָגן, געריבן מיט זאמד מײַן פרישן געשוירע־נעם קאָפּ, דערנאָך מיט אן איבערגעבונדענעם געדיכטן קעמל געגראבלט, געשאָבן, די הויט האָט אזש געברענט. סע שמארצט, סע שנײַדט, צו ווײ־טעקדיק פּיל איך די ווונד־קרעלן, גלײַך ווי נאָך יעדער קעם שיט מען אלעמאָל אונטער א ביסעלע זאלץ אף די ביז בלוט צעדראפּעטע אופּגע־גאנגענע בײַלן. די מאמע וויל איין קלייניקײַט: ס'זאָל קיין איין קאָלטענע ניט בלײַבן אין קאָפּ. דארף מען עס טאָן, פרעגט זיך, מיט אזויפיל רישעס? אפילע די אויגן מײַנע זײַנען רויט געוואָרן פון פארשאפּטן פּײַן. אזא פארשאָלטן בעדל וויל איך מײַן ערגסטן סוינע ניט ווינטשעווען. דאָס הייסט ניט געבאָדן, נאָר אויסגעקאשערט...

דערפאר האָט די מאמע מיך דערנאָך אויסגעפּוצט און אויסגעסטראָצלט אין די נײַע מאלבושים ביגדיי־מאלכוס, אז כ'האָב פארגעסן אין אלע יעסו־רים.

## ווידער כאָמעלע

צו פארנאכט־צו ערעוו יאָמטעוו קלײַב איך זיך, טשאקנדיק אויסגע־פּוצט, ארויסגיין שפּאצירן אין שטאָט, זען זיך מיט מײַנע כאווײרים — ייִנגלעך און אליין זיך ווײַזן פאר זיי. איך סאָפּעק נאָר, צי וועלן זיי מיך דערקענען.

— זע נאַר, — וואָרנט די מאמע, — זאָלסט ניט כאפּן קיין טשעפּ. שטעל זיך ניט לעבן א פּריש געשמירטער וואנט. פארפלעק ניט די הייזלעך, קנייטש ניט דאָס נײַע העמדל, יעדער אויסגעגעבענע קאָפּעקע איז אײַנ־געטונקען אין בלוט.

אירע רייד, וויאזוי איך זאָל זיך פירן אף דער גאס, דערגייען מיר פּאָשעט די יאָר. זי וויל, איך זאָל זיך האלטן ווי א סטאטעק, זיך צו גאָר־ניט צורירן, קיין שטויבעלע זאָל, כאָלילע, ניט פאלן אף די נײַע בעגאַ־דים. די פרײַז פון א פּאָר הויזן, פון א נײַ אויסגענייט העמדל ווייס איך זייער גוט, מע פארשפּאָרט מיר דערמאָנען אזעלכע זאכן.

די מאמע זאָגט מיר נאָך אָן, כ׳זאָל ארײַנגיין אין קינדערהיים זיך זען מיט די שוועסטערלעך. דאָס קאָן זי בא מיר זייער גרינג פועלן. פארוואָס ניט? צום אלעם ערשטן לאָז איך זיך טאקע אהין. נישקאָשע, כ׳מיין, אז מע וועט מיך ארײַנלאָזן, כאָטש הײַנט איז ניט שאבעס און ניט זונטיק. איך בין א גאסט, לאנג זיך ניט געזען, וועל איך זאָגן, מיט די קינדער. אָן אייגן ברודערל איז ניט אבי־ווער.

אין דרויסן שטייט א פרילינגדיקער ווארעמער סאָף טאָג. די לופט, גרינג און ווייך, טוליעט זיך צום לײַב, צערטלט מיט אלע אירע דופטיקע רייכעס. אך, ווי עס שמעקט ארום־און־ארום מיט יונגן צוויט! אייניקעביימער, דעריקער די דינינקע ווײַנשל־ביימלעך, האָבן אף זיך שוין אָנגע־טאָן ווײַסע בלי־קרוינען און קוקן ארויס מיט זייערע ליכטיקע קעפּ איבער די פּלויטלעך. פונעם טײַך ציט א שארפער גערוך פון וואסער־געוויקסן, עפּעס א מין קילע פײַכטקײַט קלײַבט זיך פאמעלעך ארײַן אין דער בייג־האשמאָשעסדיקער שטאָט, באגלייט מיט א קוואקערײַ פון פרעש.

איך גיי איבערן לאנגן ברוקירטן שליאך און פיל ניט די טריט מײַנע. די גאנצע וועלט, דוכט מיר, איז אפּסנײַ געבוירן. סארא וווּנדערלעכע פרישקײַט קומט אנטקעגן פון אלע עקן שטאָט, פון אלע ווינקעלעך, בארג־אראָפּיקע און בארג־ארופיקע געסלעך, ראָגן, הויפן! ארום ביניען פונעם ארבעט־פאלאץ זאמלען זיך יונגע און באיאָרטע. צעוויקלטע פאָנען, טראנספּאראנטן, פארביקע פלאקאטן, אנטירעליגיעזע קאריקאטורן שווימען שרײַענדיק ארום איבער די קעפּ. דער געדראנג ווערט גערדיכטער פון אלץ מער און מער צוגעקומענע. וויי־וויי, וויפל רווישיקער טומל קײַקלט זיך פריילעך אופגעלעבט פון דער ארופבארגיקער הויפּט־גאס! אנטקעגניבער, אינעם לענגלעכן בולווארל, איז אויך א פארפלייצעניש פון מענטשן, א נאָדל ניט דורכצוווארפן.

וואָס קומט דאָ אזעלעכס פאָר? א סוואָרע — מע קלײַבט זיך אף א דע־מאָנסטראציע, הײַנט איז דאָך ניט דער ערשטער מײַ. וואָס זשע, וויל איך וויסן, איז עס פאר א סימכע?

באם קינדערהויז איז אויך טומלדיק. די הויכע טירן ברייט פאנאנדער־געעפנט. פונעם באלקאָן שרײַט אראָפּ די כאוועריטע ברײַנדל, מע זאָל אוועקטראָגן דעם רעקוויזיט אין ארבעט־פאלאץ. איינע פון די דערציערנס, טאניע, אזוי רופט מען זי, אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, לײַכט אופגע־פלאמט, צעטראָגן, אופגעהײַטערט, שוועבט ארום א באשעפטיקטע צווישן די קינדער, וואָס שטייען שוין א צײַט און ווארטן, מע זאָל ערגעץ גיין.

די איידלינקע, קליינוווקסיקע דערציִערן, פארשלייערט אין א רויטער פאטשיילע, ווי עס טראָגן קאָמסאָמאָלקעס, טיילט איַליק פאנאנדער גע־פלאָכטענע קרענצלעך, געמאכט פון פאפירענע קווייטן, דערנאָך גיט זי א סימען די קינדער, מע זאָל די קרענצלעך אָנטאָן אף די קעפּ. ווי לויט א באפעל פון א צויבער־שטעקעלע, וואקסט אויס א פּרעכטיקער בלומען־גאָרטן.

פונעם באלקאָן קומט דער כאווערטע בריַינדלס קאָמאנדע:

— אין די ריי־ען!

די קליינינקע דערציִערן טאניע כאפּט גליַיך אוף, צופליעסקענדיק מיט אירע קליינע מאָגערע הענטלעך:

— קינדער, שטעלט זיך אין די רייען!

— אין די רייען! אין די רייען!

אָן איבעריקע קאלויצענישן, שטופּענישן, שטעלן זיך די קינדער אויס שורעסוויַיז. אלע ביז איינעם טראָגן אף די וויַיס־זויבערע העמדלעך קליי־נינקע שטערנדלעך, אויסגעשניטן פון רויטן ציַיג. בעפּיירעש א פארגעניגן צו קוקן אף די קינדער.

מיַינע שוועסטערלעך, זעט אויס, האָבן מיך ניט באמערקט אָדער ניט דערקענט. זיי זיַינען אזעלכע רירעוודיקע, פריילעכע, די פּענעמלעך אויס־געקיַילעכיקט, ראָזלעך באהויכט, דער צעווארעמטער געפּילדער שפּיגלט זיך אָפּ אין זייערע גלאנציק־שיַינענדיקע אויגן. אך, ווי זיי זיַינען דאָס א ביסל פארטאראראמט!

אף ארוף, לעבן דער ניַיער געביַידע פון קאָמיוג, איז נאָך רוישי־קער און פריילעכער. א וועלט מיט יונגוואַרג. אלעמאָל ברעכט דאָ אויס א שטורמישער כא־כא־כא. איינער א בראווער כעוורעמאן, פון יענע דורכ־געטריבענע קאָלבויניקעס, וואָס פּראווען לייצאָנישע שטיק, גייט ארום אין א געשלאָסענעם קריַיז, וויַיזט אזעלכע מעשונעדיקע קונצן, אז מע קאָן בליַיבן אָן קישקעס.

— אווראָמטשעו! — שריַיט מען צום יונג, ווי צו א דולן. — אווראָמ־טשע, מאזיק איינער, די אויגן זיַינען דיר ארויס, עליִיאָהו־האנאָוויס קאָס איז בא דיר ארויסגעפאלן. — באם יונג אפּן פּאסיק הענגט צוגעבונדן מיט א שטריקל ניט קיין קאָס, נאָר א מעשענע קוואָרט, ענלעך צו א ביר־קופל, און ער מאכט דעם אָנשטעל, אז די קוואָרט לויפט אים נאָך. מיט אזא קאָס קאָן מען פארשיקערן דעם גרעסטן גיבער.

ווער, וואָס! אווראָמטשע הערט אלעמען מיטן גראגער, ער איז פאר־טומלט, טאנצט און האָפּקעט, דערביַי וויַיזט ער אלערליי קונצן, אָט גייט ער פּריסיאַדקעס, און אָט קיַיקלט ער זיך, ווי א קירבעס. מיטאמאָל ווערט דער יונג מעגולגל אין א מעגושעמדיקן בער, נעמט קריכן אף אלע פיר און רעוועט, ווי אין ווילדן וואלד. דער אוילעם לאכט, ווערט צעשמאָלצן.

— אוי, איז דאָס א פארשלעפּטע קרענק... א פּאָטיעכע — אזוי ווי אף בילעטן.

— א רועך פון דער בלאָטע...

גאָטעניו! ווו האָט מען אופגעצויגן אזא לעץ?! ווילט איר, וויַיזט ער פאר איַיך א גוטן־יידן, א רעבן מיט אלע אָפּשניצלעך און פּאָסטעמקעס,

און אָט טוט ער זיך מאָדנע א צי אויס, און פונעם צאַדיק ווערט א גאַ־לעך. עמעס, קיין ריאַסע טראָגט ער ניט, דער גאַלעך, אָבער ס׳איז פּאָרט א גאַלעך מיט אַלע פּישטשעווקעס. א גוטינקער, א ווײַלינקער, כאָטש לייג אים צו צו א מאַקע, פאַר יעדער בראָכע הייסט ער זיך באַצאָלן מעזומאָ־נים — גאָט איז גאָט און בראַנפן איז בראַנפן...

אוראַמטשע גייט אַרום איבערן קרײַז מיט געמאָסטענע טריט, ערנסט, פרום, הוידעט א רויכיקע קאַדילע און פּרעפּלט מיט א קלויסטער־ניגון:

— האָספּאָדי פּאָמילוי!.. האָספּאָדי פּאָמילוי!.. העלף אויס די זינדיקע, אַלמעכטיקער און שטאַרקער, פיר זיי אין יאָך אַרײַן שלעפּן דעם גע־זאַלבטנס קאַרעטע... זיי זײַנען, נעבעך, בלינדע שאָף און ווייסן ניט, ווו זיך קערן און ווענדן... איך, דער באַטיושקע־פּאָטערל, וועל זיי לערנען גיין ווי עס דאַרף צו זײַן אין דײַנע דראָכים... אָמין!

באַלד נאָך דעם לאָזט זיך אוראַמטשע ווידער אין א וויכער־טאַנץ. ער אַרבעט, אונדזער פּריילעכער אוראַמטשע, אַף אַלע קיילים, אַז ס׳שווינדלט אַזש אין די אויגן. דער שטויב רייכערט זיך אונטער די צעיאָגטע טריט.

— דאַ־ווײַ, אוראַמטשע־ע!.. דערלאַנג מער פײַער, ברודערל, דאַ־וואַ־אַ־אײַ!..

— הייב א פיסל, אָט אַזוי, אָט אַזוי... האַלט דעם זאַק און שיט קאַר־טאָפּליעס!

— האָפּ־טשיק־טשאַק! האָפּ־טשיק־טשאַק! — גיבן די באָכערים און מיידן צו נאָך מער קוראַזש און היץ.

א צווייטע געדיכטע ראָד פון יונגוואַרג, טאַקע דאָ דערנעבן, ענג געפלאָכטן אָרעם צו אָרעם, אַקסל צו אַקסל, וויגט זיך הין און הער און דערלאַנגט קוילעס אַף וואָס די וועלט שטייט:

— וואָס וועלן מיר עסן, אַז מאָשיעך וועט קומע־ע־ען?

— אַז מאָשיעך וועט קומען... — העכערט מען די געזונטע געמבעס נאָך שטאַרקער, — אַז מאָשיעך וועט קומען... דעם שאָר־האַבאָר מיטן לע־ווי־אָסן...

נישקאָשע, ס׳אַ פײַנער מײַכל.

ווי נאָר אין דרויסן האָט אָנגעהויבן ווערן טונקעלער, האָבן זיך באַ־וויזן ברענענדיקע שטורקאַצן. יונגוואַרג שטעלט זיך אויס און מע לאָזט זיך מיט לידער צום אַרבעט־פּאַלאַץ. איך לאָז זיך אויך נאָך זיי. לעבן דעם קינדערהויז שליסט זיך אײַן אין די רייען די מאַכנע קינדער.

— נידער מיט די קלייקוידעש! — שפּאַלטן געזונטע קוילעס דעם הימל.

— נידער מיטן פּייסעך! — שרײַען דינע פּישטשענדיקע קעלעכלעך.

די קינדער ציִען צו זיך צו אַלעמענס אופמערקזאַמקײַט. זיי זײַנען די ליבלינגען באַ אַלעמען אין שטאָט. וויאַזוי זאָל מען זיך ניט גרויסן מיט זיי? זיי זײַנען דאָך די שפּראָצלינגען פון א נײַעם דאָר, פון א נײַער וועלט. אָן אופהער טאַנצן אינמיטן גאַס די קאָמסאָמאָלצעס, איינער פאַר־בײַט דעם צווייטן, עס גייט א מין פּאַרמעסט, ווער וועמען וועט איבער־טאַנצן. מיידלעך, יינגלעך, קלענערע און גרעסערע, צעפּאַטלטע, צעוואַ־רעמטע, גייען א טאַנץ נאָך א טאַנץ, זינגען א ליד נאָך א ליד, וואָס אַמאָל שטאַרקער, היציקער, העכער — די טומלדיקע גאַס גייט כאַדאָראָם.

ענדלעך איז מען צוגעקומען צום געמויערטן ביניען פונעם ארבעט־פּאלאץ, און דאָ שטעלט זיך דער אוילעם אָפּ.

דער לענגלעכער באלקאָן פונעם מויער איז אײַנגעהילט אין בלומען און אין רויטן שטאָף. דאָרטן שטייען עטלעכע מענטשן, און צווישן זיי דערקען איך דעם כאווער יאקאָוו. עס הייבט זיך אָן א מיטינג. דער כאווער יאקאָוו איז אויך ארויסגעטראָטן.

— קעדיי, — זאָגט ער, — צו פארניכטן דעם גאנצן אלטן שימל, איז נייטיק, קוידעמקאָל, זײַן באוואָפנט מיט וויסן. וויסן איז ליכט! דער צע־פוילטער צאריזם האָט אונדז איבערגעלאָזט די עמעסע יערושע, יזמאך שמוי וועזיכרוי, א שיינע ריינע קאפּאָרע... דעם צאר ניקאָלקען האָט גע־לוינט, אז דאָס פאָלק זאָל זײַן אָפּגעשטאנען. דאָרט, ווו דער קייסער מיט זײַנע מעשאָרסים זײַנען ניט געווען אימשטאנד בײַצוקומען דעם צאָרן פונעם לײַדנדיקן פאָלק, האָבן זיי געררופן צוהילף גאָטס סטראפּטשעס. אָ, די קלייקוידעש האָבן זייער געטרײַ געדינט דער גאָלדענער קרוין!

דער כאווער יאקאָוו האָט נאָך לאנג געהאלטן זײַן הייסע, פלאמפּײַער־דיקע רעדע, און פארענדיקט האָט ער מיט א רוף:

— נידער מיט די ראבאָנים, נידער מיט די גאלאָכים! אויס באָטעמע־דראָשים, אויס קלויסטערס! די ליכטיקע צוקונפט געהערט אונדז!

איך וויל וויסן: מיר אויך?..

ווידער דערקוטשען מיר די דאָזיקע אײַנגעגעסענע פּיבערדיקע מילי־מיליאסן פינטעלעך, פאסיקלעך, רעדעלעך. זיי מאכן מיר פינצטער דאָס לעבן. פאר די אויגן שווימען נעפּלדיקע שטראָמען. די שטורקאץ־פּײַערן קנעטן זיך אין ווייכע מעשענע הליבעס, הענגען אָן און אָנהאלט איבער די קעפּ...

נאָכן מיטינג האָט מען דעם אוילעם אָנגעהויבן ארײַנלאָזן אינווייניק אין ארבעט־פּאלאץ.

די ערשטע לאָזן זיך צו די ברייט צעפּראלטע טירן די מעיוכאָסים אליין — די קינדער פונעם קינדערהויז.

— א ווארע! מאכט א ווארע דעם נײַעם דאָר! זאָל לעבן אונדזער צו־קונפט! — באגריסט מען זיי הייס פון אלע זײַטן.

די געשניצטע ריזיקע פענצטער פונעם ארבעט־פּאלאץ האָבן געהעלט פון בלענדנדיקער שײַן. קליינטשקע הײַפלעך מענטשן דאָ און דאָרט זײַנען איבערגעבליבן אין דרויסן. אף ארײַנצוגיין אין זאל דארף מען דאָך האָבן אן אײַנלאדונגס־בילעט. פאר אלעמען קלעקט ניט קיין ערטער. כאפּט מען אוף מיט אָנגעשטעלטע אויערן יעטווידער וואָרט, וואָס שלאָגט זיך דורך פון די אָפענע פענצטער. אינווייניק יובלט מען, אינווייניק איז פול מיט ליכטיקן יאָמטעוו. עס לאָזן זיך הערן קלינגענדיקע קינדערשע קעלעכלעך:

ניט פאר דיר דער טיש געגרייט,
ניט פאר דיר דאָס זײַדן קלייד,
ניט פאר דיר דער אויבנאָן,

נאָר פאַר דיר די רויטע פאָן!
קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג,
צערײַס די קייטן, באַפרײַ דאָס לאַנד!

דאָס זינגט דער כאָר פונעם קינדערהויז.

יאַטלעך, וואָס זײַנען געבליבן אין דרויסן, נעמען קלעטערן אויף די שפּיץביימער, זיך פאַרקלײַבן אויף די סאַמע העכסטע צווײַגן נעענטער צו די פריילעך־רוישיקע פענצטער. אַנדערע ספּריטנע כעוורע קריכן אָן אַ קאַפּעלע מוירע אויף דער רינווע־טרויב, מע קוקט זיך ניט אום, ווי די פּלודערלעך כאַפּן אַ טשעפּע, ווי דאָס לײַב ווערט צעדראַפּעט. אַלץ קעדײַ, אַבי כאַטש מיט איין אויג אַרײַנקוקן, וואָס דאָרט אינעווייניק טוט זיך.

— באַלד וועלן די מיידעלעך פון קינדערהויז טאַנצן אַ טאַראַנטעלע, — גיט עמעצער אויף אַ קאָל צו וויסן.

פון זאַל דערהערט זיך אַ פּליעסקערײַ, אַ גערויש, אַ טופּען מיט די פיס, מײַנע שוועסטערלעך טאַנצן דאָרט אויך געוויס די טאַראַנטעלע... יאָ, נאָר וואָס קומט אַרויס? ווו בין איך און ווו זײַנען זיי?

עפּשער וואָלט שוין געווען גענוג צו שטיין דאָ, — טרײַב איך זיך אַליין אונטער, — די מאַמע קער שוין אַרויסקוקן אויף מיר. זי זיצט מיס־טאָמע אין דער קיך־שטוב אײנע אַליין און וואַרט מיטן שטיקל יאַמטעוו־דיקער וועטשערע פאַר אונדז ביידע. קיין סיידער, ווי אין אַנדערע שטי־בער, וועלן מיר מיט איר דאָך ניט פּראַווען. בא דער מאַמען הייסט עס, אַז מיר זײַנען שוין, דאַנקען גאָט, געקומען צו אַ מאַדרייגע. פאַראיאָרן, ניט הײַנט געדאַכט, זאָגט זי, איז געווען אַ סאַך, אַ סאַך ערגער.

האַלעמײַ זאָל איך זײַן אויף איר אַזאַ גאַזלען און איר פאַרשטערן דעם יאַמטעוו? וואָסי, סע גלוסט זיך לענגער אַ ביסל פאַרבּרענגען לעם אַרבעט־פּאַלאַץ? מאָרגן איז דאָך אויך יאַמטעוו.

בא זיך אין געדאַנק קלער איך איבער: פאַרוואָס, פרעגט זיך, זאָל מען זײַן אַזוי אָנגעדרודלט אויפן פייסעך? מיט וואָס האָט ער זיך אַזוי פאַרזינדיקט? לאָמיר נעמען דעם יאַמטעוו גאָר פון אַן אַנדער זײַט. וואָס, אַשטייגער, איז ווערט דאָס אַרויסרייניקן דעם גאַנצן אָנגעקליבענעם שמוץ און קויט פון די פאַרדריפּעטע שטיבלעך? מענטשן ראַמען, וואַשן, שײַערן, אַ דײַגע אַ גרויסע, זאָל עס אָנגערופן ווערן כאָמעץ, אַבי די אומרייני־קײַט ווערט אַרויסגעשלײַדערט. צוליב דעם אַליין לוינט פּראַווען יאַמטעוו. באַם סאַמע אָרעמסטן קאַפּצן הייבט אָן לויכטן אין יעדער ווינקעלע. אַ באַווײַז — מײַן מאַמע...

מײַנע קאַשעס קאָנען מיסטאָמע גאַנץ רויק פאַרענטפערט ווערן פונעם כאַווער יאַקאָוו. פייסעך, ווער ער מיר געבן צו פאַרשטיין, איז אַ יאַמ־טעוו, צו וועלכן מע דאַרף האָבן אַ היפּשע פּויטעקע. מיטן אָרעמאַנס קאַ־פּיטאַל וועסטו קיין גרויסן סיידער ניט פּראַווען. וואָס איז שײַעך אַרויס־טרײַבן דעם כאָמעץ, מעג מען עס טאָן אַפילע ערעוו אַ רעוואָליוציאָנערן יאַמטעוו. וואָס מיינסטו? — פאַר די מײַ־טעג ראַמט מען ניט, וואַשט מען ניט, רייניקט מען ניט? האָסטו דיר איינמאָל אַוועק. צווייטנס, מײַן לי־בינקער, וועט ער אין מיר ווײַטער אַרײַנטײַנען, איז פייסעך אײַנגעהילט

אין א פאַרשימלטן רעליגיעזן שלייער און האָט לאַכלוטן ניט צו טאָן מיט עמעסער געשיכטע. איצט לאָמיר ווײַטער גיין: „קאָל דיכפּין"... קומט מיט אונדז עסן קניידלעך, פּאַלירטשיקעס, לאַטקעס, צוגעפּרישטע מאַצע, — אָך, אַזעלכע גוטע טײַערע נעשאָמעס, גרייט זיך טיילן מיטן לעצטן ביסן. אַנו, פּרוּוו זיך נאָר אַרײַנשטעלן צו ייִסראָליק קאָרעצקין אין שטוב, בײַס ער פּראַוועט מיט אַלע טשאַקן דעם סיידער. אָדער צו רעב מוישע־לייב דעם רויטן... גיי זיך דורך צו די שניטקרעמער אָדער צו אַנדערע געהויבענע באַלעבאַטים. פּאַר גרויס סימכע וועלן זיי ניט וויסן, ווו זאָל מען דיך פֿריִער זעצן, אין דרויסן אויפֿן הויף־שטיין, צי עפּשער נאָך א ביסעלע ווײַטער צום טויער־טירל. „קאָל דיכפּין" — דײַן לעצטער גוטערברודער רופֿט דיך, וואָרעם דו שטייסט, נעבעך, אין א נויט... א גאַנץ יאָר קען ער דיך ניט און וויל דיך ניט קענען. ווער אַפֿילע זיבן מאָל געשוואָלן. און איצט קום צו אים אין שטוב אַרײַן, וועט ער זײַן א גוטינקער און אַרויסטראָגן עפּעס צום פֿרעסן. וואָסי? ער דאַרף נאָך בא דיר פֿאַרדינען אוילעמהאַבע. בא איין טיש, מעגסטו זײַן זיכער, וועט ער מיט דיר ניט זיצן. מיט זײַן „קאָל דיכפּין" וויל ער פֿאַרשרײַען די וועלט: זעט נאָר, וואָס פֿאַר א גוטער, ווױלער, צוגעלאָזענער מענטש ער איז...

„קאָל דיכפּין"... ווען דאָס זאָל זײַן אַזוי, וואָלט איך זיך פֿאַרשפּאָרט אָנפּרעגן די פֿאַרשאָלטענע קרענק, הינער־בלינדקײַט. מײַן מאַמע, וועדליק מיר דאַכט, טוט זי ניט קיין קאָשערע אַרבעט — אַלץ איבער דעם, ווײַל דער „קאָל דיכפּין" שטייט אײַן בא פֿאַלשע מענטשן אין די מײַלער.

אָך, ווי דער כאַווער יאַקאָוו האָט מיך צוגעשפּאָרט צו דער וואַנט!

איצט מעג איך דאָך אַוואַדע פֿאַרשטיין, אַז מוסיק, דאָס שיינע אויסגעפּוצטע באַלעבאַטישע ייִנגל, א טאַטנס א קינד, קאָן זײַן מיט מיר א גוטערברודער נאָר דעמלט, ווען איך שלעפּ דאָס שליטעלע זײַנס באַרג־אַרויף... ניט ווײַט פֿון אונדזער קיך־שטוב אויף דער זעלבער גאַס וווינט רעב אַנשל דער סמאָליאַרניק, א וואַלד־מענטש, טרײַבט אַלע זײַנע יאָרן סמאָלע פֿון די ביימער. ביז גאָר אַן אָרנטלעכער מענטש, מישט זיך ווינציק־וואָס אין קאָהאָלשע אייסאָקים, בעטעווע א שווײַגער, אָבער ער איז, זאָגט מען אויפֿן סמאָליאַרניק, באָקי אין די שוואַרצע אויסיעלעך, א טיפֿער לערנער. דאַפֿקע דער וואַלד און די מעלאָכע זײַנע אין וואַלד האָבן אים געמאַכט פֿאַר א לאַמדן. רעב אַנשל פֿירט אין וואַלד אַרײַן, דערציילט מען, גאַנצע פּעק מיט ספֿאָרים. ווער, וויל איך וויסן, ווייסט געננוי אַלע פּראָטים? מיט וואָס פֿאַר א מענטשן רעב אַנשל זאָל ניט ריידן, עלטער צי קלענער פֿון זיך, האָט ער פֿאַרן מענטשן אַליין דעם גרעסטן אָפּשײַ.

אָט בא דער שטוב פֿונעם דאָזיקן סמאָליאַרניק האָב איך זיך אָפּגעשטעלט, דערהערנדיק דאָס געזאַנג פֿון דער האַגאָדע, עפּשער ניט אַזוי די האַגאָדע, ווי דאָס באַהאַרצטע קאָל פֿונעם סמאָליאַרניק האָט מיך געצווונגען זיך אָפּשטעלן. דײַטלעך ריין ברענגט ער אַרויס וואָרט אין וואָרט, באַטאָנט יעדער שטעל, מער געוויס צוליב דעם אייניקל מענאַשקע, איידער צוליב זיך.

ס'איז מיר ליב צו שטיין לעבן סמאָליאַרניקס פֿענצטער, זען דורך די צוויי האַלב־צערוקטע פֿאָרהענגלעך, ווי דער גראָוולעכער רעב אַנשל, זיצנ־

דיק אַף דער העסעבעט, האַלט דעם קאָס אין דער האַנט און ציילט די אַראָפּגעגאָסענע טראָפּנס — דאַס, צפאַרדייע...

דאָך ציט מיך מער אַהין, צום אַרבעט־פּאַלאַץ, צו די קינדער פון קינ־דערהויז. דער גורל מײַנער האָט מיך אָבער געשטעלט אין עפּעס אַ מין צווײדײַטיקער לאַגע: דאָרט, לעבן אַרבעט־פּאַלאַץ, בין איך געשטאַנען אין דרויסן, ווי אַ פרעמדער, און דאָ שטיי איך אויך ווי אַ זײַטיקער אונ־טערן פענצטער.

— אַך, דו אַזעלכער און אַזוינער... — האָט עמעצער שאַרפלעך מיט אַ דין לוסטיק געלעכטערל דורכגעגעבערט די שטילקײַט, און איך דערפיל אַף זיך אַ גרינגע צערטלעכע האַנט, — ס'איז שיין אַזוי אַרײַנקוקן צו יענעם אין שטובֿ? מע מעג דען?

„אוי, כאַמעלע"... טוט דאָס האַרץ אין מיר אַ טיאָכקע, כאַמעלעס קאָל, כאַמעלעס האַנט. פונוואַנען קומט זי פּלוצעם אַהער? וויאַזוי האָט זי מיך דערקענט אין דער פינצטער? סאַראַ דופּטיקער רייעך ציט פון איר! דאָס איז ניט קיין רייעך פון פּאַרפום אָדער געשמירטע זאַלבן, נאָר ריינע שמעקנדיקע מיידלשע פרישקײַט. זי שטייט אַנטקעגן מיר שלאַנק גע־שטרעקט, הויך צעוואַקסן, מיט אַזויפיל שיינעם מיידלשן שטאָלץ און ווירדע, ווי אַ קיניגן.

אין כאַמעלעס אָנוועזנהײַט האָב איך זיך מיטאַמאָל דערפילט קליין און נישטיק. אַ פאַרלוירענער, האַלט איך אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און פיל, ווי די ערד אונטער מײַנע פיס הייבט זיך ווי אַף פרוזשינעס. די אויסגעפּוצטע יאָמטעוודיקע כאַמעלע האָט מיך מער איבערגעשראָקן, ווי דערפרייט.

— דערקענסט מיך ניט? — קוקט זי מיר שאַרף אַרײַן אין פּאָנעם. — אײַ־אײַ־אײַ, אַזוי גיך פאַרגעסט מען? דער זיקאָרן איז קליין אָדער איך בין ניט ווערט, מע זאָל מיך געדענקען? אַך, ווי דו ביסט עס הײַנט וואַזשנע אויסגעפּוצט, מיט אַזאַ פײַנעם קוטעס, איך זאָג דיר — אַן אַנטיק! — קוועלט זי אָן פון מיר.

איך פיל איר הייסן בליק אַף מײַן דערשראָקן פּאָנעם.

— אַבי דער כאַוועך יאַקאָוו, — מאַכט זי, — האָט אויסגעטראַכט, אַז דו ביסט ערגעץ אַוועקגעפאָרן. דעם כאַוועך יאַקאָווס מײַסעס... אַנו, קערע־ווע זיך אויס, שיינער קאַוואַליער מײַנער, לאָמיך דיך כאָטש רעכט באַ־טראַכטן.

די אומגעריכטע באַגעגעניש מיט כאַמעלען אָט דאָ אונטערן סמאָליאַר־ניקס פענצטער האָט באַ מיר מאַמעש אָפּגענומען דאָס לאָשן, קיין איין־און־איינציק וואָרט קאָן איך ניט אַרויסברענגען, דאָס האַרץ פּויקט און פּויקט אָן אויפהער.

— ער דערמאָנט דיך אָפּט, דער כאַוועך יאַקאָוו, — סטאַרעט זיך כאַ־מעלע מיך דערמונטערן, וואָרעם זי ווייסט פון לאַנג, אַז צום „פּאָליטפּראָ־סוועט" האָב איך גוואַלדיקן צוטרוי, — ער בענקט פּאָשעט נאָך דיר.

ווײַטער, ווײַטער דערציילט, כאַמעלע, איך בין אָנגעבריייט צו הערן נאָך עפּעס. דאַכט זיך, דערמיט האָט זי מיך נישקאָשעדיק אונטערגעקויפּט. אַך, ווי איך בין גליקלעך, וואָס זי זעט ניט אין דער פינצטער מײַן פאַרשעמט פּאָנעם, מײַן נאַרישע פאַרכושטקײַט! טשיקאַווע צו וויסן, צי כאַמעלע ווינט

נאָך אַלץ מיט דער מומע העניע אין וויסן בעסמעדרעש, צי זיי האָבן שוין באַוויזן פאַר דער פאַרגאַנגענער צײַט זיך אַרויסציִען פונעם העקדעש?

— ביסט געווען אױפן אַנטירעליגיעזן מיטינג? — פרעגט זי בײַ מיר פלוצעם. — ווײ־ווײ, וואָס דאָרט, אַרום אַרבעט־פּאַלאַץ, האָט זיך געטאָן, וויפל פּאַקעלן עס האָבן געברענט! די גאַנצע שטאָט איז געגאַן כאַדאָראָם. אַזעלעכס איז נאָך בײַ אונדז אין באַרשעוו ניט געווען.

עמעס, טאַקע אַזוי, ווי זי זאָגט. כ'האָב געהאַט דעם זעלבן אײַנדרוק. כאַמעלע דערציילט ווײַטער, אַז זי האָט דאַפקע יאָ געהאַט אַן אײַנלאַדונג אױפן אָוונט אין אַרבעט־פּאַלאַץ, ס'איז איר גאָרניט שווער אָנגעקומען, גרינגער ווי אַ שפּענדל אױפהייבן פון דער ערד. נאָר וואָס, זאָגט זי, האָט זי דאָרט ניט געזען.

— ביסט כאָטש אַ מייװן, וויאַזוי מע טראָגט זיך אַרום מיטן קינדערהויז? אײַ־אײַ־אײַ, סע טוט זיך כוישעך אין באָד! — דאָס האָט שוין כאַמעלע געזאָגט מיט אַ היפּש ביסל קינע. — טע־טע־טע, די וועלט עקט זיך. האַלט מיך צו... ווען מע נעמט צונויף אַלע היימלאָזע פון דער גאַנצער שטאָט און מע גיט זיי דאָס געראָטענע גוטע לעבן, דעמלט, פאַרשטיי איך, וואָלט עס געווען אַן אופּטו. אָבער אַזוי וואָס קומט אַרויס... גענומען אַ קליין הײַפעלע קינדער און מע מאַכט פון זיי אַ צימעס.

ווי זי זאָל ניט װעלן, ווי די טעווע אירע איז, אַלדאָס שענסטע און בעסטע נידעריק אַראָפּזעצן, פאַרמינערן, איבערקרימען, כויזעק מאַכן פונעם קינדערהויז, האָט עס אױף מיר ווינציק־וואָס געווירקט. דאָס קינדערהויז איז אױף קיין האָר ניט געפאַלן אין מײַנע אויגן. פאַרקערט, דאָס נאַרישע אָפּשפּעטן אירס פונעם שטאָט־שײַנדל האָט נאָך מער פאַרערונג אַרויסגערופן אין מײַן האַרצן. אירע שטעכיקע פײַלן, וואָס זי וואַרפט אױף רעכטס און אױף לינקס, די אַלע גאַליקע ווערטלעך און שפּיציקע כאָכמעס זײַנען צו מיר ניט צוגעשטאַנען, איך פיל, אַז זי וויל מיך ווי דעם כאַווער יאַקאָווס אַ הייסן כאָסיד כאָטש הינטן־אַרום ווי־עס־איז אַ שטאָך טאָן... אַוואַדע ווילט זיך מיר וויסן, ווי כאַמעלע באַציט זיך צום כאַווער יאַקאָוו. פרעגן וואַג איך ניט. וואָס איז מײַן אייסעק? אין אַזוינע זאַכן מישט מען זיך ניט. מע דאַרף אָבער ניט זײַן קיין נאַר און אַליין זיך אָנשטויסן, וואָס צווישן זיי קומט פאָר. ווער דען האָט איר געגעבן די אײַנלאַדונג, אויב ניט דער כאַווער יאַקאָוו? די קאַשע בלײַבט אַן אַנדערע — פאַרוואָס, פרעגט זיך, האָט זי פאַרלאָזט דעם אַרבעט־פּאַלאַץ? פאַרוואָס האָט זי איבערגעלאָזט דעם כאַווער יאַקאָוו? זי מעג וויסן, אַז אַ ביסעלע טוט מיר אויך ווײ דאָס האַרץ פאַר אים.

— וואָס עמעס, איז עמעס, ער איז זייער אַ ווױלער יונגערמאַן, דער כאַווער יאַקאָוו דײַנער, — טוט זי מיר צוליב, — בעפּיירעש אַ געבילדעטער און בעפּיירעש אַן אַנטוויקלטער. נאָר אַז מיר בלײַבן אײַנצווייען אַן איבעריקע מינוט, ווערט מיר, פּאָשעט געזעגט, לאַנגווײַליק. איך מאַך נאָר דעם אָנשטעל, אַז מײַנע אויערן פאַרנעמען זײַנע קלוגע רייד, אַז איך הער אים מיט קאָפּ. אָבער אינדערעמעסן... אינדערעמעסן טראַכט איך וועגן אַנדערע זאַכן, וואָרעם מײַן האַרץ ליגט ניט צו אים. וואָס זאָל איך טאָן מיט זיך? דערצו בין איך נאָך אַליין ביטערער פון ציבעלע. וואָס טוט מען מיט

אזא מעשוגענער מויד? פרעג, אשטייגער, וואָס געפעלט מיר יאָ, וועל איך, מעגסט מיר גלייבן, ניט וויסן וואָס צו ענטפערן.

אין א רעגע ארום טוט אין איר ווידער א שלאָג א בייזע מאנקאָליע.

— אז איך בעט ניט, מע זאָל זיך צו מיר קלעפּן. טוט מיר ניט קיין טויוועס, מאכט מיר ניט גוט. פאר קיין כאָסן גייט ער מיר סײַוויסיי ניט אונטער, דער כאַוועך יאקאָוו דײַנער.

גאָר אנדערע רייד. איצט הער איך אָפענע דיבורים. הייסט עס, מיטן כאוועך יאקאָוו קאָן זי ניט אויסקומען. פארשיידענע מענטשן. דעריקער גלײַכן זיי זיך ניט אין די קענטעניש, כאָמעלע דארף נאָך געוווג לערנען, צולייגן געוווג קויכעס, ביז זי וועט אים אָניאָגן. דערווײַל, בא הײַנטיקן טאָג, פארשטייט זי אים ווינציקלעך.

כאָמעלע איז מיט מיר אינגאנצן מאסקים. דאָס, זאָגט זי, קאָן אויך גע־מאָלט זײַן.

— דארף ער זיך אוואדע ניט שאדכענען צו מיר.

מער האָט זי זײַן נאָמען ניט געוואָלט דערמאָנען.

כאָמעלע באטראכט מיך ווידער פון אלע זײַטן, לויבט מײַן גוטן אויס־זען, קערעוועט מיך, ווי א מאנעקען, אף רעכטס און אף לינקס, פארנעמט אקוראט די פאלדן אונטערן קוטעס.

— פּאַשעט א מעכײַע פארברענגען מיט דיר. ארום־און־ארום א פּיי־סעכדיק ייִנגל. אָט ווען דו ביסט מיט מיר אין איינע יאָרן, וואָלט איך מיט דיר פארפירט עמעסע שטארקע פרײַנטשאפט, ניט אף קאטאָוועס. מיסטאמע אויך ניט אף לאנג... — גיט זי צו דערבײַ שטיל, ווי פאר זיך אליין.

אָט דאָס איז כאָמעלע.

אין דער דאָזיקער העפקער־מויד, אנדערש וויל איך גאָר ניט קלערן, זיצט א דיבעק. פון איר איז צו דערווארטן דאָס אומדערווארטסטע. אָפּט פאלט אף איר אָן א מאנקאָליע, דעמלט איז מען מיטן לעבן ניט זיכער. ניט אויסצורעכענען די אלע מעשוגעדיקע געננג, וואָס זי פארמאָגט אין זיך. און אָט טרעפט פונקט קאפויר: אין איין אויגנבליק ענדערט זי זיך, גאָר ניט די כאָמעלע, וואָס מיר האָבן אָקאָרשט געזען, אָן אנדער נעשאָמע מיט אָן אנדער געשטאלט: צו איר גוטסקײַט איז קיין שיר ניטאָ. וויפל ווייכ־הארציקײַט צו מענטשן, ווארעמע לאסקע! אָבער כאָמעלע אליין האלט פונעם קלאל: בעסער הערן א קלאָלע, איידער א נעבעך... פונקט אזוי, ווי דער מעסלעס שליסט אין זיך אײַן טאָג און נאכט, אזוי באשטייט כאָמעלע פון א ליכטיקער העלפט און א פינצטערער העלפט. איצט גיי זײַ א נאָווי און טרעף, ווען ס׳איז בא איר טאָג און ווען — נאכט...

מיטאמאָל צעשאלט זיך פריילעך איר קאָל:

— אך, האָב איך ליב, ווען דער טײַך גייט ארויס פון די ברעגעס, צע־גיסט זיך אף אלע וועגן,ביימער שטייען ביזן האלדז פארטרונקען אין וואסער!

— איז טאקע אף זיי א ראכמאָנעס...

— אף וועמען א ראכמאָנעס?

— אף די ביימער, — זאָג איך, — איז א ראכמאָנעס.

— אוי, נארעלע, נארעלע, — טוט זי מיט אירע זשוואווע הענט זיך

א באָרבל אין מײַן פריש געשוירענעם קאָפּ, — ביימער, זאָלסטו וויסן, נייטיקן זיך שטענדיק אין וואסער.

דערוף ענטפער איך כאָמעלען:

— מענטשן דאַרפן אויך שטענדיק האָבן וואָס צו עסן, נאָר אַז מע עסט זיך איבער, קאָן מען, כאָלילע, שטאַרבן...

— האַ? — קוקט זי אַרײַן אין מײַנע אויגן מעוולבלדיק. — ביסט דאָך קלוג, ווי די וועלט! — אָן שום בושע נעמט זי מיך אַרום קושן אינמיטן גאַס. — אויב אַזוי, טאָ לאָמיר טאַקע גיין צום טײַך. קום, קום! — שלעפּט זי מיך פאַר דער האַנט. — קום, איך וועל דיך דאָרט אויסלערנען שפּרינגען אַף די שטיינער.

שפּעטער דען זאָגן כאָמעלען: „שפּעט... געפונען א צײַט...” פאַר דער העפקערדיקער מויד איז קיינמאָל ניטאָ קיין אָפּגעשטעלטע צײַט — שפּעט, פרי, טאָג, נאַכט... סע פעלט איר, אַפּאָנעם, א קלעפּקע אין קאָפּ, ניט אַנדערש. ווער גייט עס אינמיטן דער נאַכט צו די פעלדזן? מע דאַרף דאָך זײַן געזונט און מעשוגע...

גאַדלעסדיק, מיט א הויך פאַרהויבענעם קאָפּ לאָזט זי זיך איינע אַליין אין דער שפּעטער נאַכט אַרײַן איבערן פּוסטן שליאַך אַלץ נידעריקער אַראָפּ צום טײַך, צו די פעלדזן, צום איינטאָניקן וואַסער־געמורמל.

## דריי זיך, זעגע, דריי זיך שטאַרקער...

איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס די מאַמע איז אַזוי צעטראָגן. אין מעשעך פון געציילטע טעג האָט זי זיך שטאַרק געענדערט צום ערגערן, גלײַך ווי ס׳האָט, כאָלילע, געטראָפן אַן אומגליק. דער טײַערער, האַרציקער שמייכל צו מיר איז צו גיך אָפּגעווישט געוואָרן, פאַרשוווּנדן דער צערטלעכער בליק. עפּעס אַן אַנדער מאַמע האָט מען מיר אונטערגערוקט. זי פרעגט ניט מער, צי האָב איך הײַנט עפּעס גענומען אין מויל, ווען האָב איך זיך לעצטנס געזען מיט די שוועסטערלעך. זי מײַדט מיך אויס, קוקט אַף מיר אינגאַנצן ניט. פריִער פלעגט זי מיך שלעפּן מיט גוואַלד צו דער מולטער, צוואָגן, קעמען, אַכטונג געגעבן, כ׳זאָל צו דער צײַט בײַטן א העמד, צוגעזען א ריינעם געלעגער. און איצט פיל איך, אַז מײַן זײַן אַן איבעריקע שאָ אין דער קיך־שטוב קרענקט זי, ס׳איז ניט מײַן מאַמע. ווער זשע האָט עס מיט איר אָפּגעטאָן אַזאַ קישעף?..

— אַזאַ געזונטער דרויסן — וואָס זיצסטו דאָ אויס? — אָקאָרשט זי שטעלט מיך ניט אַרויס פון יענער זײַט טיר.

אין דרויסן פאַרשפּאָרט די מאַמע מיך טרײַבן. איך בין, דאַכט זיך, פונעם ערשטן טאָג פון מײַן געבוירן א דרויסנדיקער. בעסאַכאַקל לויף איך אַרײַן אין קיך־שטוב איין מאָל אָדער צוויי מאָל פאַרן טאָג, — דעמלט ווען איך הונגער זיך גוט אויס און עס ציט מעסוקן אונטערן לעפּלע. פרעגן זי: „וואָס איז מיט דיר, מאַמע?” — זאָל גאָט אויסהיטן, ניט שײַעך פרעגן, דעמלט טוט זי א פלאַקער אויף און דעם גאַנצן אָנגעזאַמלטן צאָרן לאָזט זי אויס צו מײַן קאָפּ:

— מאזיק אײנער, וואָס נאָך ווילסטו פון מײַנע יאָרן?!

צו א וואַנט לײגט מען צו א פּלאַסטער אָדער מע געפינט אַן אַנדער רעפּוּע, קעדײ לינדערן די ווײטעקן. מײַן טרײסט־וואָרט, מײַן געטרײַ־שאַפט, פּיל איך, פאַרשאַפן איר נאָך מער לײדן.

— וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט ווי א קליעשטש? ס'איז ניט דײַן אײסעק.

מאַסקים, זי איז ניט מעכוייעוו אָנטפּלעקן פאַר מיר אירע סודעס, אירע פאַרטײַעטע געפילן. אָבער זי דאַרף דאָך אַלײן פאַרשטײן, די מאַמע מײַנע, אַז מע קאָן ניט אויסבאַהאַלטן אַזאַ וויסט, פינצטער פּאָנעם, וואָס רעדט מער, ווי פיל זי וואָלט געקאָנט דערצײלן. אַז איך קוק אויף איר, קלעמט אין מיר דאָס האַרץ. זאָל זי ניט מײנען, אַז איך פאַרשטײ ניט גאָרניט, זע גאָרניט.

צעטראָגן, פאַרשמײַעט יאָגט זי אַרום, די מאַמע, טאָ אַהער, טאָ אַהין, טראָגט זיך דערשראָקן און וויכערדיק אַרום ווו די שטאָט האָט אַן עק, ברענגט שווערע קלומקעס, קוישן, פּעק, אַנדערע טראָגט זי געהיט אַוועק. די מאַמע מײַנע, פּיל איך, איז אַרײַנגעטאָן אין פאַרדעכטיקע געשעפטן. שטענדיק פאַרטאַראַראַמט, זי טוט עפּעס א טועכץ, ווײַט ניט קײן רײַנע און קײן קאָשערע. אָט איז זי ווידער אײנמיטן נאַכט אַוועקגעלאָפן א צעקודלטע, דער שלײער פאַרפאָרן אויף א זײַט. די אויגן ברענען, דאָס פּאָנעם פלאַמט. זי מײנט, די מאַמע, אַז איך שלאָף. נײן, נײן, מאַמע, איך שלאָף ניט, איך זע אַלצדינג, קוק זיך צו צו יעדער פּיצעלע. עמעס, איך קאָן ניט אַרויסברענגען קײן אײן־און־אײנציק וואָרט, וואָרעם כ'האָב מוירע, זאָלסט זיך ניט איבערשרעקן, ווי א נאַכט־וואַנדלער, וואָס גײט אַרום אויפן דאַך, און דאַן טאָר מען אים בעשום־אויפן ניט טשעפּען...

יאָ, מײַן מאַמע איז אין דער דאָזיקער נאַכט געגליכן געווען צו א נאַכט־וואַנדלער. זאָל זי מײנען, אַז איך האַלט טאַקע אין טיפן שלאָף. צעטומלט, באַרויִשט, אײסעקט זי זיך פיבערדיק אַרום די אָנגעוואַלגערטע זעקלעך, קלומקעס, פּעק. גאָט זאָל אויסהיטן, מײַן קאָל וועל איך פאַר איר ניט לאָזן הערן, כ'זאָל אַפילע וויסן, אַז דאָ אונטער דער קאָלדרע ווער איך דערשטיקט. קײן פּיפּס ניט. זי איז אַקוראַט אין סאַמע רעכטן מיט פון איר נאַכט־וואַנדלונג.

אוואַדע קלעמט בײַ דער נעשאָמע, דאָס האַרץ האַמערט ווי אין א קוזניע. גײ פּרוּוו מאַך עפּעס... מײַן מאַמעס אומשולדיקע הענט זײַנען דורך א פאַרשאָלטענעם „עמעצן" אומרײן געוואָרן. ווער זשע איז ער, דער עמעצער, דער מעטורעף, וואָס האָט איבער איר צו געוועלטיקן?

זינט איך האָב זיך אומגעקערט אַהײם, זײַנען מיר שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן די אָנגעוואָרפענע פּעק בײַ אונדז אין דער קיך־שטוב. ס'האָט פון זײ געטראָגן אַן אומבאַקאַנטער רײעך. ווי קומט מײַן מאַמע צו פינצטערע געשעפטן? זי איז קײנמאָל אין איר לעבן צו מיסכער נאָענט ניט געשטאַנען. ווער זשע האָט זי אַרײַנגעשלעפט אין א זומפּ? זי האָט דאָך אַלײן מיך געלערנט: בעסער א קאָשערער גראָשן, אײדער א טרײפענער גילדן.

א פאַרמעגן, א מאַיאָנטעק געפינט זיך בײַ אונדז אויף דער קיך־שטוב, קײן טויזנטלײלעך איז קײנמאָל אויף אונדזער מיסט ניט געוואַקסן, און די מאַמע מײַנע איז א שוימער בײַ אָט דעם שווינדלערישן מאַיאָנטעק, אוואַדע

א שווינדלערישער, אניט וואָס דאַרף מען אים אויסבאַהאַלטן? פאַר דעם אויסבאַהאַלטן צאָלט מען איר. וואָרעם ווי דען האָבן זיך גענומען אף פּיי־סעך די נײַע טאַנדעטנע הייזלעך, דאָס סאַטינענע העמדל מיטן זײַדענעם קוטעס? הײַנט מאַצעס, פיש, פלייש, אייער, שמאַלץ?

איך פרעג בא זיך אליין: צוגעפרישטע מאַצע האָסטו ליב? — ס׳איז מאָלע־טאַם. פּאַלירטשיקעס, זאָגסטו, איז אויך טאַם־גאַניידן. אַנדערע גע־שמאַקע פּייסעכדיקע מײַכאָלים האָסטו אויך געפרעסן, געלעקט די פינגער, ניט געלייגט אונטערן אויער געבראָטענעם לעבער דרײַ מאָל אין טאָג, ווי א רעפּוּע צו דער הינער־בלינדקײַט — גייט ניט אַרײַן אין כעזשבן? האָסטו כאָטש געפרעגט איין מאָל בא דער מאַמען, פונוואַנען דאָס אַלץ האָט זיך גענומען? פונעם הימל, פאַרשטייסטו אליין, איז עס ניט אַראָפּגעפאַלן. קיין פאַרבאָרגענעם אויצער, מעגסטו זײַן באַוואָרנט, האָט זי ניט געפונען, א רײַכע יערושע, דאַכט מיר, איז אויך ניט געוועזן פון וועמען צו דער־וואַרטן. איצט לאָמיר אונטערפירן דעם סאַכאַקל: אויב דער מאַמעס הענט זײַנען אומריין, אײַנגעריכט אין מ׳עסע אייסאָקים — זאָלסטו וויסן זײַן, — טײַנע איך צו זיך, — אַז דײַן געשמאַדטער האַלדז איז ניט ווינציקער טרייף... נעם זיך פון קאָן ניט אַרויס.

זאָל זײַן, אַז דו ווייסט אפילע ניט גענוי, צי עס איז געגאַנוועטע סכוי־רע. א קליינע נאָפקעמינע, אַז ס׳איז א טרייף געשעפט פּילסטו, און א שור־טעף דערצו ביסטו. יאָ, יאָ, א גלײַכער שוטעף. האָסט אויך געשטופּט די לעפל אין שיסל. מעג עס דיר אָנשטיין, פונקט ווי דער מאַמען שטייט אָן. דער פּסאַקדין סײַ פאַר איר, סײַ פאַר דיר וועט זײַן איינער און דער זעלבער.

ווען די מאַמע קערט זיך אום א פאַרפּאַליעטע מיט א פרישׁ איבערגע־בונדן פּעקל און נאָך עפּעס א פאַרנייט קלומעקל, שפּרינג איך אַראָפּ פון בעט, טו זיך א שטעל אוועק פאַר איר א האַלב נאַקעטער און נעם בא איר גיך איבער די פּעק.

— לאָז, מאַמע, כ׳וועל מאַכן אָן אָרט אונטערן פּידפּיטש.

— זון מײַנער, מיש זיך ניט... ס׳ניט דײַן אייסעק.

— האָב קיין יעסורים ניט, כ׳וועל די סכוירע גוט באַוואָרענען.

— וועלכע סכוירע? — שפּאַרן אַרויס בלוטיקע פלעקן אף איר פּאָנעם. — ס׳איז ניט קיין סכוירע. ווער האָט דיר געזאָגט, שלימאַזל איינער, אַז ס׳איז סכוירע? שמאַטעס! הערסט, וואָס איך רעד צו דיר, שמאַטעס, אַלטוואַרג...

— עס זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ. שמאַטעס, זאָגסטו? זאָל זײַן שמאַטעס.

— ווײי איז מיר, וויי, — ברעכט זי די פינגער, — אין שטאָט איז גע־וואָרן אַזאַ מעהומע, אַן איבערקערעניש, שטאַרק טרעוואָזשנע. וואָס וועט זײַן? טשעפּע ניט, ריר זיך ניט צו. איך בעט דיך, — פאַלט זי אַנידער מיטן גאַנצן גוף אפן ווייכן קלומעק, — מיש זיך ניט. ווייסט פון גאָרניט... לייג זיך, קינד מײַנס, צוריק אפן געלעגער. דו ווייסט רעשיטעלנע פון גאָר־ניט. — הענט און פיס טרייסלען זיך בא איר. זי צאַפּלט, ווי א פיש אין דער נעץ.

— קלײַבסט זיך נאָכאַמאָל גיין? — פרעג איך בא איר ניט דרייסט.

— צוויי האלבע זעקלעך זײַנען געבליבן. ניט קיין שווערע. באלד קער איך זיך אום צוריק.

— איך גיי אויך מיט דיר.

— ניין, דאָס גראדע ניט, — שטופּט זי מיך אָפּ פון זיך, — מע בעט דיך ניט. אויב דו ביסט מיר יאָ געטרײַ און ווילסט אף מיר ראכמאָנעס האָבן, לייג זיך צוריק אין בעט ארײַן, ווער אנשלאָפן, דעמלט וועסטו אין מיר האָבן די גרעסטע מיצווע.

נעבעכדיק צעטראָטן, אויסגעשעפּט זיצט די מאמע אפן נאָרוואָס געבראכטן קלומעק. ביז איך וועל צוריק ניט ארײַנקריכן אין בעט, זאָגט זי, וועט זי זיך פון אָרט ניט רירן.

איך טו איר צוליב און לייג זיך ווידער אין בעט.

— קיין בען־אָדעם, — וואָרנט זי, — טאָר דערפון ניט וויסן. די שאָ זאָל גאָר ניט זײַן, דו זאָלסט, כאָלילע, זיך ארויסכאפּן מיט אן איבעריק וואָרט. אין שטאָט איז זייער טרעוואָזשנע. די גאנצע מיליציע האָט מען געשטעלט אף די פיס, ארום־און־ארום הענגט א פינצטערע כמארע.

גאָר שפּעט האָט זי זיך אומגעקערט מיט די לעצטע צוויי האלבע זעקלעך. מיט די לעצטע קויכעס איז זי צוגעקראָכן צום ניט־פארבעטן בעט. כ׳האָב איר דערלאנגט א קווערטל וואסער, צוגעלייגט א נאס טיכל, ארויפגעצויגן די שיך. זי איז א ביסל געקומען צו־זיך, אָבער דערציילן עפּעס וואָס האָט זי קיין קויעך ניט געהאט. קרעכצנדיק, איז זי שווער אײַנגעשלאָפן מיט דער אונטערגעשפּארטער האנט צוקאָפּנס אפן אײַזערנעם בעטווענטל. דורכן כמורנעם פענצטער האָט זיך ביסלעכווײַז ארײַנגעזיפּט דער גרוי־בלייכער פארטאָג.

אין שטוב איז אומעטום אָנגעוואלגערט מיט זעקלעך, פּעקלעך, קלומקעס, פארנומען ווו נאָר א פרײַ אָרט. אפן אויוון, אין פּידפּיטש, אפן ערדענעם דיל — א זאק אף א זאק, ניטאָ ווו א טראָט שטעלן, גלײַך ווי מ׳וואָלט גענומען גאָר א גרויסע שניטקראָם און אריבערגעפּעקלט ביז א פאָדעם צו אונדז אין דער ענגער קיך־שטוב. אן אשירעס וואלגערט זיך אונטער די פיס, א גוואלדיקער מאיאָנטעק... בא א כעזשבנפירער וואָלט געפעלט רעכנביינדלעך, ווען מע דארף די שניט־סכוירע איבערפירן אף קערבלעך — א קראך! עס ברעכט דעם מויעך.

ווי קומט די מאמע מײַנע צו קוירעכס אשירעס? גוואלד, גוואלד, אזא פארמעגן. עס פּאָטויפּעט זיך אפילע ניט אין מויעך: ווער זײַנען די עמעסע באלעבאטים פון דעם דאָזיקן גוטס, וועלכע באהאלטן זיך הינטער דער מאמעס פּלייצעס? כאָטש איינער פון זיי זאָל אף א רעפּוע זיך יאוועןן אף דער ליכטיקער שײַן...

וויפל, אשטייגער, קאָן כאפּן אָפּזיצן אין טורמע פאר אזא „היפּש פּעקל״?

דאָ, דאכט מיר, וואָלט אויך קיין רעכנביינדלעך ניט געקלעקט...

דערווײַל צי איך ארויס א וואטאָווע קישעלע און לייג עס פּאָרזיכטיק אונטער דער מאמען צוקאָפּנס, זאָל זי אָפּרוען די האלבע שאָ, א ראכמאָנעס צוזען, ווי זי ווערט אויסגעריסן.

ס׳האָבן א שימער געטאָן די ערשטע זונען־שטראלן, דער פארטאָגיקער טוי ליגט נאָך פריש געפּערלט אפן גראָז און אף דיביימער, פון די פײַכט־

לעכע דעכער נעמט פארגיין דער אָנגעהויכטער גלאנץ. איך ווער גלײַך א דרויסנדיקער. איך נעם שפאנען היין און צוריק איבער אונדזער גאס, — עפשער וועל איך אָנטרעפן אף איינעם פון די פארדעכטיקע פארשווינען, וועלכע האלטן מײַן מאמען אין אײַזערנע קלעמען. ווער, וואָס? אין ערגעץ ניט צו זען קיין לעבעדיקן נעפעש. אומעטום זײַנען טיר און לאָדן פאר־ האקט, פאריגלט. אין פרימאָרגעדיקן געשמאקן שלאָף זעט מען, אפּאָנעם, נאָך שענערע און זיסערע כאלוימעס, איידער אינמיטן נאכט. אויסגערוטע, ווינציק פארדײַגעטע מענטשן ראָסטען זיך אף די געלעגערס און טראכטן נאָך ניט וועגן אופשטיין. אנדערע, די, וואָס אײַלן צו אן ארבעט, גיסן אָפּ נעגלוואסער, טרינקען אויס אפּן ניכטערן הארצן א ווארעם גלעזל טיי און שלײַכן זיך גיך, אומבאמערקט־שטיל, ארויס פון שטוב, אזוי ווי עס טוט, לעמאָשל, אונדזער נאָענטסטער שאָכן, יאנקעוו־יאָסל דער סטאָליער. מיר הייבט אָן עטוואָס שווינדלען אין קאָפּ. איך מיין, אז דאָס נעמט זיך פון דער פארטאָגיקער פרישקײַט, די לופט שטייט דורכזיכטיק קלאָר, דורכגענומען מיט עפּעס א מין שטארקײַט, וואָס שיקערט דעם מויעך, ביפראט בא אזעלכן, ווען מע האָט ארויסגעשלאָגן פון שלאָף אינמיטן דער נאכט.

איך פריי מיך אפריִער, וואָס כ׳וועל באלד אָנזאָגן דער מאמען א גוטע בסורע: דאָס געפערלעכע שטיקל ארבעט האָט זי אָפּגעטאָן ראיעל. קיינער הייבט ניט אָן פון עפּעס צו וויסן. מאמע, מעגסט זײַן אינגאנצן רויִק. איך ווייס ניט אף ועמען, נאָר אף דיר וועט קיין כשאד ניט פאלן. בעעמעס, ווער וועט גלייבן אין אזא בילבל אף אן אָרעמער אלמאָנע?..

דערמוטיקט פון מײַנע געדאנקען, קער איך זיך אום אהיים.

נא, אָט האָסטו דיר — אף דער טיר א שלאָס!

— אהער גיי, אהער גיי! — דערהער איך הינטער זיך דער מאמעס קאָל.

זי זיצט אינדרײַען געבויגן, פארשטעקט צווישן קוסטעס אף אן אויס־געשפרייט רעדנעלע, אָן שיך. אזוי זיצט מען שיווע.

— מע זעט קיינעם ניט, האַ? — קריכן איר מאמעש די אויגן פון קאָפּ ארויס.

— שרעק זיך ניט, מאמע. ווען ליגסטו אין זינען? ס׳וועט גאָר קיי־נעם ניט אײַנפאלן.

— נו און פון די רויטע בענדלעך? — זי מיינט די מיליציע.

— זיי שלאָפן נאָך. גיי, מאמע, אין שטוב ארײַן.

— אָט לויף איך! אין שטוב ארײַן שיקט ער מיך. זעסט ניט, גאזלען, אז אף מיר איז אָנגעשיקט געוואָרן אזא גזאר... ער (איך, הייסט עס), דער גרויסער כאָכעם מײַנער, שיקט מיך אין שטוב ארײַן! ווערסט מיר ניט אײַנ־רעדן, אז זיי דרעמלען, די רויטע בענדלעך. מעגסט מיר גלייבן, אז מע טשאטעוועט נאָך יעדן טראָט מײַנעם. טרעפן זיי, כאָלילע, אָן אף א שפּור, איז פארפאלן... די באלעבאטים טוען אלץ, קעדיי זיך אָפּקויפן, מע שווײַגט ניט אינדערינען. וואָס קומט אָבער ארויס, אז מע נעמט ניט אין יאד ארײַן. פארשטייסטו דאָך אליין, אז די קאָרט איז איצט אינגאנצן געשטעלט גע־וואָרן אף מיר. זאָלסט זיך ניט דערוועגן עפענען די טיר, נישטאָ די מאמע אין דער היים, און שוין.

זי שטעקט מיך אָן מיט איר גרויליקן פּאכעד. אזעלכע ווילד־צעשפּאר־טע אויגן זע איך בא מײַן מאמען דאָס ערשטע מאָל.

— שלעכט, זון מײַנער, ביז גאָר שלעכט, — ווארגן זי די טרערן אין האלדז.

מיך שטופּט דער רועך אין אלע ענגע לעכער. אומעטום מוז איך ארײַנ־שטעקן די נאָז. איך וויל זיך דערוויסן בא דער מאמען, וועמעס סכוירע איז עס. אָך, ווי עס האָט א כליופּע געטאָן איר אָנגעזאמלטער צאָרן!

— שלאק! אומגליק! רעצייעך! ווו האָסטו זיך גענומען אף מײַן קאָפּ? — ווערט זי שרעקלעך אופגעבראכט. — וואָס פאר א סכוירע? ווער האָט דיר דערציילט א מײַסע וועגן סכוירע? שלאָג זיך ארויס פון קאָפּ דאָס וואָרט סכוירע... שמאטעס... ס'איז גאָלע שמאטעס, דיבעק איינער. הערסט, וואָס מע רעדט צו דיר? די באלעבאטים מײַנע מאכן פון די שמאטעס וואטע.

— וואטע... וואטע... אָבער די שמאטעס אין די זעק זײַנען געגאנ־ווערטע? — שטיי איך צו איר צו.

— אוי, א צאָרע, אוי, א שלאק! איך זאָל אזוי ניט וויסן פון קיין שלעכטס אין מײַן שטוב, ווי איך ווייס ניט וואָס דיר צו ענטפערן. מע זאָגט מיר, טו איך. מע הייסט מיר באהאלטן — באהאלט איך... וואָס גייט עס מיר אָן און וואָס גייט עס דיר אָן?

אינגאנצן ריכטיק, האלעווײַ וואָלט עס אונדז ביידן ניט אָנגעגאנגען. אָבער אין א ווײַלע ארום וואָרנט זי מיך שטרענג:

— זאָלסט זיך היטן ווי פאר פײַער מיט אן איבעריק וואָרט. בא קיי־נעם גאָרנישט איבערפרעגן. הער און זע און שווײַג. כאפּסטו אפּן אויער עפּעס נײַס, קום גלײַך צו לויפן. דאָ, אין דער קראָפּעווע, וועל איך אָפּ־קרענקען דעם טאָג.

איך פארשטיי די רייד, ווי דער מאמעס א באקאָשע, איך זאָל זיך פיר־נעמען אזא שטיקל ארבעט: נאָכקוקן די רויטע בענדלעך, אײַנהערן זיך, וואָס רעדט מען אין שטאָט, אף וועמען טײַט מען מיט די פינגער.

די מיליציע געפינט זיך ארויף־בארג העכער דעם אויספּירקאָם, אין א צווייגאָרנדיקן מויערל מיט א געשניצטן גאנעק און מיט א סאך אָפענע פענצטער צו דער גאס. אז דאָס איז דאָס הויז פון דער מיליציע, קאָן דער־קענען אפילו א ווילד־פרעמדער מענטש. דער הויף איז ארומגעגארטלט מיט א גאנץ הויכן פּלויט, שטשילנע צוגעשטעלט א ברעט צו א ברעט, ניט צו געפינען קיין מינדסטע שפּארונע, דורכוואנען מע זאָל קענען ארײַנ־קוקן, וואָס אינווייניק טוט זיך. דאָרט, ווו איין ברעט גייט זיך צונויף מיט דער צווייטער, איז טרוקן — פּעסט פארפּאפּט מיט געדיכטער סמאָלע, ס'זאָל קיין לופטעלע ניט דורכווייען, הויך איבער די ברעטער ציט זיך שורעסווײַז שטעכלדראָט. אין דעם דאָזיקן אָפּגעשלאָסענעם הויף האלטן זיך אוף די ארעסטירטע.

אָט דאָ, גאָר נאָענט צום פּלויט, נעם איך טרײַבן מײַן זעגע־דריידל. זאָל ער זיך ארומדרייען, דער האלב־שלעפעריקער פּאטרול, מיך קימערט עס ווינציק וואָס, אבי ער וואָרנט ניט מיט האָרבער מיליצייִשער שטרענג־קײַט, אז דאָ איז פארבאָטן פירן א שפּיל און אז איך זאָל זיך פארנעמען פונדאנען. מע דארף, טו איך א קלער, זיך האלטן נעענטער צום געשניצטן

גאנעק, צולייגן אן אויער, פארנעמען א קלאנג, וואָס קאָן נוצן ברענגען מײַן מאַמען אינעם אומגליק. כאַטש צוריק שמועסנדיק איז עס לאַכלוטן איבעריק... הײַנט־מאָרגן וועל איך סײַווי מיט דער מאַמען זיצן אָט דאָ אינעם פארשלאָסענעם הויף, אָפּגעשיידט פון דער וועלט, ווײַט פונעם גרויסן לעבעדיקן דרויסן און פון אלע מײַנע שפּילעכצן.

ביז גאָר א באַקאַנט פּאָנעם האָט פּלוצעם א שווינדל געטאָן פאר מיר. איך טו א רעכטן קוק — יאָ, ס'איז דאָך וויגדער. טאַקע וויגדער, דער אַמאָ־ליקער אלטער כאַווער מײַנער. ער טראָגט זיך אהער האַפּערדיק, מיט א פריילעך טענצלדיק געגנגעלע, אונטער דער האַנט האַלט ער וואַזשנע א שיינע בלויע פּאַפּקע. איך האָב זיך אין דער רעגע פארשעמט פאר מײַן יינגלשער שפּיל, אין וועלכער איך בין טיף ארײַנגעטאָן.

— זדראַוו! — צעציט וויגדער גאַנץ ברייטלעך דעם באַרעכהאַבע. — ביסט שוין ווידער א היגער? אַנו, לאָז דיך אַקוראַט ארומקוקן. נישקאָשע, אף מײַן וואָרט, נישקאָשע. וואַרט א ווײַלע צו, אָט טראָג איך ארײַן דאָס פּאַפּירל, זאָל מען זיך נאָר צעשרײַבן, און איך קום טייקעף ארויס צוריק.

קיינעם פּאַסט ניט אַזוי די אַרבעט פון א קוריער, ווי וויגדערן. דער כאַוועער מײַנער איז ווי געבוירן געוואָרן פאר אַזאַ שטעלע, ווו ס'איז שטענדיק פאַראַן א געלעגנהײַט וועמען שענקען א שמייכעלע, וועמען מאַכן א קאָמפּלימענט. ער ווייסט אויך די קונץ א קיצל צו טאָן יענעם מיט א וויץ — ער קאָן אף אויסווייניק די אלע דורכגעטריבענע שטיקעלעך.

— זעסט?! — שרײַט ער א פריילעכער אַראָפּ פון די טרעפּלעך. — פּאַרטיק! די מיליציע איז שוין בא מיר אויך אָפּגעפּאַלן. פּאַשאָל ווײַטער! האַ, ווי מיינסטו: ביז וואַרמעס וועל איך פּאָטער ווערן פון די פּאַפּירלעך? דערצייל, וואָס הערט זיך עפּעס גוטס אף דער וועלט.

נאָר לאָזט דער כאַוועער מײַנער מיך ניט אופעפענען דאָס מויל.

— געדענקסט זיידל דעם באַלעגאָלע? — דערמאָנט וויגדער „די האַלבע באָרד". — ער אַרבעט שוין איצט אין איספּאָלקאָם בא די פערד. געוואָרן א גאַנצער יאַטעבעדאַם אףביידע שטאַלן. א גרויסער קנאַקער. פאר גרויס אָפּשײַ רופט מען אים „כאַוועער זיידל". ער מיך — „כאַוועער וויגדער". פאַר־שטייסט? און איך אים — „כאַוועער זיידל"... ווי עס פּירט זיך אין א בע־קאָוועדיקן אַנשטאַלט. בעסאַכאַקל איז ער מיט מײַן זיידן אין איינע יאָרן, ניט עלטער און ניט יינגער. נאָר די הײַנטיקע מאָדע איז אַזאַ — כאַווייַ־רים... טו אף טשיקאַוועס א פּרווו אים אָנרופן „רעב זיידל", וועט ער דיר אויסדראַפּען די אויגן און די ציין אַרויסרײַסן. וואָס הייסט, זיידל גאָר?! ניט אַנדערש, נאָר טאַקע „כאַוועער זיידל". הערסט ווערטער פון א קליאַ־טשע־טרײַבער? ווער אים אַציִנד פונעם איספּאָלקאָם מיט קיין שטעקן ניט פאַרטרײַבן. כ'האָב גאָרניט געוווסט, זאָגט ער, אַז סאָוועטסקע וולאַסט קאָן א פּאַשעטן באַלעגאָלע אויך געבן פאַרנאָסע. ער ווייסט, נעבעך, ניט, דער אלטער טערעך, אַז דאָס האָט ער מיר צו פאַרדאַנקען. געדענקסט דאָך: ווען ניט די געגאַנוועטע היליאַקעס פונעם וואַלד, וואָלט ער נאָך איצט געפּעכקעט אין דער פינצטער... הײַנט זאָלסטו זען, וואָס פאר אן אַקטיוויסט „די האַלבע באָרד" איז געוואָרן. אף אלע סאָבראַניעס רעדט ער פאר פײַער און פאר וואַסער. זאָלסט הערן א לאָשן, א דיבער, ניט צו באַשרײַבן און

ניט צו באַמאָלן. אין וואַנט־צײַטונג שרײַבט ער אויך, אַף אַלעמען שרײַבט ער קריטיקעס. אונטער אַ יאָמטעוו איז דער כאַווער זיידל אַף דער אייבערשטער באַנק, גלײַך ווי ס'איז נאָר זײַן סימכע: „אַנו, לאָזט מיך! — שטורכעט ער אַוועק דעם אוילעם מיט די צערעפּעטע עלנבויגנס. — ס'וועט דאָ, זע איך, קיין טאָלק אָן מיר ניט זײַן". שאַ, וואָס דאַרפסטו מער? אַפילע באַם פּאָרזיצער פון אויספּירקאָם, באַ דזשיובינסקין, איז „די האַלבע באָרד" אַ גאַנצער מעיוכעס. ווייסט, וואָס ער זאָגט אים, דער פּאָרזיצער אונדזערער: „איך וועל נאָך דערלעבן זען, כאַווער זיידל, ווי מע וועט אײַך אַרײַנעמען אין דער פּאַרטיע... איר זענט בעפּיירעש, — זאָגט ער אים מיט די ווערטער, — אַ פּאָטאָמסטווענע אָרעמאַן, ביפּראַט איצט, כאַוועור זיידל, ווען קיין אייגענעם שפּאַן פאַרמאָגט איר ניט, זענט איר געגליכן צו אַ פּראָלעטאַריער". אַז איך זאָג דיר: אַ כאָשעווער מענטש אין שטאָט!

פּילט זיך דען ניט באַ וויגדערן קיין קינע צו „דער האַלבער באָרד"? וואָס אַרט אים, אַז דער באַלעגאָלע איז אַ ביסל אויפגעריכט געוואָרן? באַ דער רעוואָליוציע זײַנען אַזעלכע פּריִער דערנידעריקטע זיידלס ווײַט ניט פון די לעצטע פאַרשוינען. איז אַדעראַבע — זאָל ער כאָטש דערפילן אַף די עלטערע יאָרן, אַז באַ דער סאָוועטנמאַכט איז אַזאַ זיידל אויך געוואָרן אַ שטיקל מענטש. ווערמען, וויל איך וויסן, מאַכט עס קאַליע?

מײַן כאַווער פירט מיך פון איין אַנשטאַלט אינעם אַנדערן. די שיינע בלויע פּאַפּקע ווערט וואָס אַמאָל מאָגערער. וויגדערל מאַזיק לאָזט ניט דורך אַפן וועג קיין איין באַקאַנטן. צו וועמען ער טוט אַ האַסטיקן שפּרונג צו מיט זײַן בראַוון אויסגעשריי „זדראָאוו!", פאַר וועמען ער ציט זיך אויס, ווי אַ סטאַטעק, און ברענגט ווייך־געלאַסן אַרויס, שיר ניט מיט האַכנאָע דעם „זדראַסטיע".

— ווייסט, ווער ס'איז פאַרבײַגעגאַנגען? — וואַרפט ער מיטן געזונטן אויג אַ בליציקן צוריקבליק. — וויטאַלי סעמיאָנאָוויטש. דער פּאָרזיצער פון מעדסאַנטרוד, אַליין אויך אַ דאָקטער, זייער אַ וואַזשנער פויגל אין שטאָט. דזשיובינסקי האַלט פון אים אַ וועלט. ער איז געקומען צו אונדז אין באַרשעוו פון אַ מיליטערישן לאַזאַרעט. אַ מענטש אָן פּנ׳עס. אָט זעסטו, יענער, אינעם שטרויענעם בריל, מיט דער אויסגעגייטער קאָסאָוואָראָטקע, איז ניט מער ווי אַ שטיקל פּיפּערנאָטער צווישן שטאָטישן אַקטיוו, טאַקע אַ נישט שעבענישט. ער רעכנט זיך פאַר אַ מאַכער אין סאָבעז, מײַן פּאָרזיצער קוקט אַף אים קרום, פּאָשעט גערעדט, ער האָט אים פּײַנט. דזשיובינסקי לאָזט אים צו זיך אַף דער שוועל ניט אַרוף. אַ באַרימער, אַ פּלוידערזאַק, מיט איין וואָרט — אַ פּוסטע קיילע.

— וואָס זשע, כאַוועור מײַנער, האָסטו צו אים אַזוי פרײַנטלעך־וואַרעם אויסגעשטרעקט די האַנט? — פרעג איך באַ וויגדערן מיט אַ שטאָך.

— איינס מיטן דריטן איז ניט קיין מעכוטן, — ענטפערט דער כאַוועור מײַנער אומצופרידן, קימאַט באַרויגעז, — אַ גוטערברודער דאַרף מען זײַן מיט אַלעמען — יענער מעג זײַן אַ דער־רועך־ווייסט־וואָס, נאָר איך, נאָר איינער, מאַך אַ מינע, אַז איך ווייס דערפון ניט. וואָס אַרט עס מיך?

— שפּילסט טעאַטער, וויגדער. פאַרשטעלסט דײַן פּאָנעם, — פאַרדריסט מיך אַף מײַן אַלטן כאַוועור, — פעלשסט.

— ביסט אן אָפּגעריסענער נאַר, — שרײַט ער אױף מיר אָן װי אַן עלטע־רער ברודער, — ניט אױף יעדן, בא װעמען ס׳איז פֿאַראַן א פּאַרך, װײַזט מען מיטן פינגער.

כ׳האָב װידערס רײד אַראָפּגעשלונגען װי א ביטערע פּיל.

און אָט זײַנען מיר צוגעקומען צו נאָך א רויט שילדל מיט זילבערנע אױסזײַעס אונטער א גראָבן גלאָז, װאָס גיט צו װיסן, אַז דאָ געפינט זיך דער יורידישער אָפּטײל פון אויספירקאָם און די געריכט־קאַמער. דער כאַ־װער מײַנער האָט װידער מיך איבערגעלאָזט שטײן אין דרויסן, איך זאָל אױף אים װאַרטן. עפּעס האָב איך גאָר א קלײנעם כײשעק אַרומגײן מיט אים איבער די אַנשטאַלטן פּאַנאַנדערטראָגן פּאַפּירלעך, אױסהערן זײַנע מײַסעס װעגן „דער האַלבער באָרד״. מיט װידערן װאָלט איך געװאָלט שמועסן װעגן עפּעס אַנדערש. זינט ער אַרבעט אין אויספירקאָם פאַר א קוריער, האָט ער זיך גאַנץ פײַן א צי געטאָן אין דער הײך, האַלט זיך מײַסע באָכער, שפּאַצירט אַרום מיט כעװרע קאָמסאָמאָלצעס.

גראָדע דאָ האָט געגומען א שײן ביסל צײַט, ביז דער באָכער איז אַרױס פונעם אַנשטאַלט. כ׳האָב מער ניט געהערט פון װידערן דעם באַ־קאַנטן פרײלעכן אױסרוף: „אַן עק! פּאָטער אַן אײסעק! פּאַשאָל װײַטער!״. איצט איז ער אַרױס עפּעס שטאַרק צעיאָכט.

— אײַ־אײַ־אײַ, ס׳קערט זיך די שטאָט! — זעצט פון אים מיט הײסן אימפּעט. — שטעלסט זיך ניט פאָר, װאָס סע טוט זיך... כױשעך!

— א באַנדע? אַן איבערפאַל? צי עפּשער א סרײפע?

— װעלכע באַנדע? װאָס פאַר א סרײפע? — װאַרפט ער אָפּ מיט דער האַנט. — ערגער, א סאַך ערגער... װײסט כאָטש, יאָלד אײנער, אַז דער גרױסער קאָאָפּעראַטיװ איז פאַרכאַסמעט?

— נײן, כ׳װײס ניט.

— די שניטקראָמען שטײען צוגעמאַכט, פאַרקאָװעט מיט פּרענטעס. אַלע שלעסער פאַרשטעמפּלט מיט טריװאַקס.

— אױ־װאַ... — די װיסטע בסורע האָט מיר גלײַך א זעץ געטאָן אין האַרצן. װידער װעט ניט פלאַפּלען גלאַט אין דער װעלט אַרײַן. איך פיל, װי עס װערט מיר ענג אין האַלדז. א קאַלטער געפריר נעמט אַרום דאָס לײַב. ס׳האָט מיר אָפּגענומען דאָס לאָשן.

— טו אױף טשיקאַװעס א שפּרונג אַרײַן אין דעם דאָזיקן אַנשטאַלט, — רעדט װײַטער װידער, — װעסט הערן, װאָס אַדװאָקאַטן זאָגן. װער־װער, נאָר זײ װײסן, װאָס אין שטאָט טוט זיך.

אינװײניק בא מיר האָט זיך עפּעס װי אָפּגעריסן, דער קאָפּ, פיל איך, איז שױן ניט מײַנער, אַלע װײַלע יאָגט אָן א מאָדנע פינצטערניש. װו גע־פינט מען ערגעץ אַן אָנשפּאַר? און ער, װידער, דער כאַװער מײַנער, רעדט און רעדט:

— דער גראָבער ליעטשוק, א װײטעק אין זײַן טרעלבוך, בעשוטפּעס מיט זײַן פּאַרטרעטער, אױך דער עמעסער הונט מיט אױערן, האָבן געמאַכט די קראָם צו געלט... בײדע אױסגעשפּילטע שיקורים, די ערד זאָל זײ אײַנ־שלינגען, מע האָט זיך גאָרניט געקענט אָנפרעסן און אָנזױפן. נאָר סאָף גאַנעװו לעטליע... מע האָט זײ סאָפּקאָלסאָף געפּאַקט, די קלאָװים. געגוג

געזשעברעוועט גאַנצע פּויטעקעס, און אַלץ אַפן כעזשבן פּונעם געמיינעם האַרעפּאַשניק. צום ווע־ע־נטל!

כ׳באַמי זיך אופּכאַפּן בא וויגדערן דאָס נייטיקע. איצט מוז איך זײַן אָנגעשפּיצט, ניט אַרויסווײַזן קיין סימען פון אַפּגעשוואַכטקײַט: די מאַמע וואַרט דאָרט אָן איבערגעפּאַלענע.

— צום ווע־ע־נטל! — הילכט מוירעדיק וויגדערס קאָל.

— וויגדער, וואָס שרײַסטו מיט אַזעלכע באַנומענע קוילעס? — שטעלט אים אָפּ אַ באַקאַנטער. — ביסט דול געוואָרן צי וואָס?

— ספּעקוליאַנטן! פאַרקויפטע פּעלז!

סאָרעלע, די מאַשיניסטקע פון קאָמכאָז, איז אַנטקעגנגעקומען מיט אַ דין איידל שמייכעלע. איך ווייס ניט, פון וואָס זי לאַכט דאָ.

— מעשוגענער, — מאַכט זי, — צו וואָס די געשרייען? איצט זאָלן זיי שרײַען. זיי איז ערגער אַ ביסל.

סאָרעלע די מאַשיניסטקע איז אַ דינינקע, אַ הויכע, אַ גרינגיטשקע אַף אוועקצובלאָזן. זי האַלט זיך מער אין דער לופט, ווי אַף דער ערד, דאָס טונקעלע אײַנגעצויגענע קליידל מאַכט איר קערפּער נאָך מאָגערער, דאַ־רער פון אַ באָקסער, און ריידן רעדט זי אויך ווי אַף איין סטרונע, אַף דער סאַמע העכסטער אָקטאַווע:

— ווער ס׳האָט נאָר צוגעלייגט אַ האַנט צום שאַכערמאַכער־געשעפט, וועט מען די האַנט אָפּהאַקן.

— צום ווע־ע־ענטל! אַלע פּאַראַזיטן, בלוטזויגערס, עקספּלואַטאַטאָרס צום עשאַפאָט! וואָס האָט מען זיך אָנגעזעצט אַפן אַרבעטורער? — קאָן וויג־דער נאָך אַלץ זיך ניט באַרויקן. — נעמען אינמיטן העלן טאָג אַזאַ גרויסן קאָאָפּעראַטיוו און אים איבערדרייען אַף לינקס צו די זשוליקעס. אַזאַ רײַך געשעפט צעטרענצלען... מענטשן שטייען נעכט אָפּ מיט טאַלאָנען אַף די הענט נאָך אַ שטיקל מולטע, נאָך אַ מעטער ציץ צי לײַוונט, — האָט מען גענומען אַ מאַגאַזין מיט סכוירע און אים הורטאָם פאַרקויפט צו די ספּע־קוליאַנטן. ווו, פרעג איך, איז געווען די ערקאַ?![1]

— פרעג ניט קיין קאַשעס, — רופט זיך אָפּ סאָרעלע, בא וועמען די דינע שמייכלען גייען גאָרניט אַראָפּ פון פּאָנעם, — מ׳האָט אָפּגעטאָן אַ ראַיעל שטיקל אַרבעט, פאַרטאַכלעוועט אַ האָב־און־גוטס. מע זאָגט — אַ שיין ביסל מענטשן זײַנען פאַרמישט אין דער קאָמערציע, אַ סאַך אָנגע־זעענע באַלעבאַטים האָבן זיך געוואָרעמט באַם פײַער.

ביידע, וויגדער און סאָרעלע, נעמען זיך סוידען שטילערהייט, איך זאָל ניט הערן.

— יאָ, גוט, אָבער די סכוירע אַליין? — צעפּירט סאָרעלע די הענט. — ווו האָט מען געקאָנט פאַרשטעקן אַזאַ מאַסע מאַנופאַקטור? מע האָט שוין אין שטאָט איבערגעקערט האַרע־קאָרע, געטרייסלט און גענישטערט, גע־קראָכן אַף בוידעמער און אַראָפּגעלאָזט זיך אין קעלערס — ניטאָ.

— דײַגע ניט, סאָרעלע. דעריקער זײַנען די ספּעקוליאַנטן, וואָס מע האָט געכאַפּט בא דער מ׳עסער מאַניפּאָרגע. איינער וועט אויסגעבן דעם

[1] אַרבעטער־פּויערשע אינספּעקציע.

צווייטן, אלץ וועט אופשווימען, ווי בוימל אפן וואסער. די סכוירע אליין, סאָרעלע, פארשפּאַרט מען זוכן. די, וועלכע באהאלטן זי אויס, וועלן, בע־מכילע, קומען זיך בוקן.

דער כאוועשר מײַנער, א שטארק צעפּאַליעטער, וויגט זיך הין און צוריק, ווערט קלענער און גרעסער, נידעריקער און העכער. וויגדער שטייט אין א ראָד ארומגערינגלט פון א מענגע וויגדערס, וואָס שרײַען, טומלען, קערן וועלטן, דראָען...

אך, ווי איך האָב כיישעק אף דער הייסער מינוט לויפן וואָס גיכער צו דער מאמען, אָנזאָגן איר די וויסטע בסורע, עפּשער וועט זי זיך באַ־קלערן און אליין מיטן גוטן ווילן אָפּטראָגן די טרייפע סכוירע אין מילי־ציע. קיין טירכע און קויעך וועל איך ניט זשאלעווען. אונטערשטעלן א פּלייצע צו די אלע פּעק און זעקלעך בין איך גרייט צו יעדער מינוט. ווי גרינג עס וואָלט אונדז ביידן געוואָרן אף דער נעשאָמע... אָ, איך קאָן צו גוט מײַן מאמע, איך ווייס אפריער, אז זי וועט בעשום־אויפן ניט אײַנ־גיין אף דער פּשאָרע. זי וועט מאקריוו זײַן, — דאָס איז אין איר טעווע, — אלדאָס טײַערע און בעסטע, וואָס זי פארמאָגט, און ניט אויסגעבן, כאָלילע, מיט קיין איין פּערטל וואָרט דעם שרעקלעכן סאָד, וואָס איז איר אָנגעטרויט געוואָרן.

וויגדער פארהאלט מיך. אין דער היים, זאָגט ער, וועל איך גאָרניט אָנווערן.

— וואָס האָסטו קיין צײַט ניט? די שפּילעכלעך דײַנע וועלן ניט אנט־לויפן. פיר מיך דורך נאָך אף איין אָרט. איין־און־איינציקער אנשטאלט איז געבליבן: דער זיעמאָטדעל, און שוין, פאָטער.

איך שלאָג זיך מיט דער דייע — קעדײַ צי ניט קעדײַ? דערציילן צי ניט דערציילן? עפּשער וואָלט טאקע געווען א סייכל אופדעקן פאר וויגדערן דעם גאנצן עמעס: זײַ וויסן, גוטערברודער, אזוי און אזוי: בא אונדז אף דער קיך... דאָ גלײַך טו איך זיך א כאַפּ צוריק — אָן דער מאמעס האָס־קאָמע?..

— וויגדער! — פּרוּוו איך פאָרזיכטיק א טאַפּ טאָן אין וואָגן. — וואָס וועט מען טאָן מיט יענעם מענטשן, בא וועמען מ׳וועט געפינען די אָפּגע־וואלגערטע סכוירע?

— זײַ אים ניט מעקאנע, — ענטפערט ער, לאנג ניט געקלערט, — קיין לעקעך־און־בראנפן וועט מען אים ניט שטעלן, איבערן קעפּעלע ניט גלעטן און אין קיין קארעטע ניט פירן.

סאָרעלע די מאשיניסטקע גיט נאָך צו גיפטיקער:

— דעם דאָזיקן אויסוואורף וועט מען געבן שמעקן פּעפּער מיט כריין. א נידעריק, מ׳עס מענטשעלע, וואָס פארמאָגט א פארקויפטע נעשאָמע, מעג פוילן אין טורמע. — זי לאכט דריבנע, סאָרעלע. אף מיר מאכט עס דעם אײַנדרוק, גלײַך ווי עס שיט זיך געמאָלענער גלאָז־שטויב פון אירע אָפּע־נע שיטערע ציין. איין גאָט אין הימל ווייסט דעם עמעס, ווי איך קאָן ניט פארלײַדן די אָפּשטויסנדיקע פריקרע זיסע שמייכלען — עס קערט פון זיי צוריק. אף איר געל־גרין פּאָנעם שטייט בעפיירעש אָנגעשריבן: האָב מיך פײַנט...

זאָל דער כאַוועכ מײַנער אַליין גיין צעטראָגן די פּאַפּירלעך. איך וויל מער ניט זײַן קיין באַגלייטער. די דאַרע סאָרעלע, מיט וועמען מײַן כאַוועכ לאַכט אַזוי געשמאַק און האַלט זיך אין איין סוידען, זי פּאַסט אים פּאַר א מיטגייערן. זאָל זי אים פירן איבער די אַנשטאַלטן.

— און דו?

און איך נעם אַרויס דאָס זעגע־דריידל פון דער קעשענע, טו א קנאַל מיטן בײַטשל, לאָז מעשוגענערווײַז דרייען מײַן שפּילעכל אָפן מיטן שליאַך. כ׳האָב זי צעיאָגט, די זעגע, וויכערדיק שנעל, געטריבן אָן אַן אָפּשטעל, גלײַך ווי אין דער דאָזיקער ייִנגלשער שפּיל — טרײַבן מיטן בײַטשל די זעגע — ליגט מײַן רעטונג... ס׳אַרט מיך ווינציק, וואָס מײַן אַלטער כאַוועכ כויזעקט, שפּעט, ווינקט צו א לאַכנדיקער צו דער מאַשינע־סטקע: „ווען ער פאַרמאָגט מער סייכל אין קאָפּ, וואָלט אים דאָס דריידל ניט געלעגן אין זינען...“ וויגדער, כאַוועכ מײַנער, רינען מיר אַראָפּ הייסע טרערן, גערעכטע! טויזנט מאָל גערעכט. מײַנע ווערטער, מײַנע טײַנעס, מײַן געדאַנק... פּרוּוו זיך אָבער, כאַוועכ מײַנער, שטעלן אַף מײַן אָרט.

...דריי זיך, זעגע, דריי זיך שטאַרקער. נאָך א קנאַל און נאָך א טרײַב! כ׳שמײַס מיטן בײַטשל איבער רונדן רוקן, זאָל די זעגע מײַנע טאַנצן אינעם וויכער־געדריי אַף צעשפּרינגען ווערן...

איך בין אַליין געוואָרן א שנעל צעיאָגטע זעגע אַף ניט אָפּצושטעלן.

## א שווער פּעקל איבערגעקומען

די דאָזיקע קורצע זומער־נאַכט מיט איר נאָגנדיקער פּײַן האָט דערמאָנט אין עפּעס א נאַכט ערעוו טישעבאָוו. עס האָט נאָר אויסגעפּעלט זאָגן קינעס באַ א בלינצלענדיק ליכטל.

איך און די מאַמע זיצן פאַרוקט פון יענער זײַט אָפענעם פלויט סאַמע לעם די ווילד־וואַקסנדיקע קוסטעס. טשאַטעוועןן, צי קיינער, גאָט באַהיט, לאָזט זיך ניט צום אָנגעשפּאָלטענעם שטיינערנעם טרעפּל, וואָס פירט גלײַך צו אונדז אין שטוב אַרײַן.

די טיר פון אונדזער קיך־שטוב שטייט א פאַרשלאָסענע אונטער א רײַ־זיקן אײַזערנעם הענג־שלאָס. ווי א דערשראָקענער האָז, לויף איך איבער פון איין באַהעלטעניש צו א צווייטער, און יעדעס מאָל קומט אויס אָנזאָגן דער מאַמען: אַן אומזיסטער איבערשרעק, — האָב קיין יעסורים ניט, ס׳האָט זיך דיר אויסגעוויזן.

מיד, שלעפּעריק, קוים וואָס מע האַלט זיך אַף די פיס, וואַרטן מיר ביידע אומגעדולדיק, איך און די מאַמע, ביז ס׳וועט אַמאָל דערלעבן ווערן טאָג.

די וואַרעמע ליכטיקע נאַכט איז פול מיט גרילצעניש, שקראַבעניש, פּײַ־פּעניש — קוילעס פון קאָלערליי וואַכנדיקע באַלעבאַיִם. מײַן מאַמע איז כוישעד יעדן אָפּקלאַנג און נאָכקאָל, מעג עס זײַן ערגעץ־ווו א שעפּטשע, א פּישטשע, א מורמל. די שרעק איז איר גרויס אין די אויגן. עפּעס ווילט זיך מיר אײַנגאַנצן ניט גלייבן, אַז אינמיטן דער נאַכט זאָל מען קומען

מאכן אן אונטערזוכונג. לאָמיר האָפן, אז דאָס מאָל וועט ניט געשען דער בראָך, אלץ וועט אדורך בעשאָלעם. וואָס אָבער וועט זײַן מאָרגן, איבער־מאָרגן? ווײַטער לעבן אין פּאכעד? דאָ באַפאלט מיך דער שלאָף, — מאמעש איך עק זיך, נישטאָ קיין ברעקל קויעך א ריר צו טאָן מיט אן אייווער.

— זעסטו! — רופט אויס די מאמע א גליקלעך־צופרידענע. — סע טאָגט שוין. שפּאר צו, זונעניו, דעם קאָפּ אָף מײַנע קני. אז עס יאָוועט זיך די פּרימאָרגעדיקע שײַן, ווערט מיר גרינגער אפן הארצן. דערווײַל, קינד מײַנס, כאַפּ ארײַן א דרעמל.

זי פארשפּאָרט מיר זאָגן: איך האלט שוין אין טיפן שלאָף.

די ערשטע זון־שטראלן האָבן מיך אופגעוועקט, איך קאָן אָבער די אויגן ניט אופרײַסן. די מאמע האָט שוין באוויזן ארויסטראָגן פון דער קיך־שטוב פרישטיק, צו ריפּטלעך ברויט און צו האלבע טעפּעלעך קאלטע געבריטע מילך. איך זאָג איר, מיר זאָלן אריבערגיין אין שאָטן, נעענטער צו דער ליים־גרוב, דאָ וועט די זון בעמיילע ניט לאָזן אײַנזיצן. ענטפערט זי, אז דאָרטן וועלן מיר זיך צופיל ווארפן אין די אויגן. געוועכט. סײַדן אריבערפּעקלען זיך צום שאָכן אין הויף אונטער דער אלטער אקאציע.

מיילע, זאָל זײַן באם שאָכן אין הויף, אבי ניט פילן דאָס בראָטעניש. אפן נײַעם אָרט, אינעם קילן מעכײַעדיקן שאָטן לאָזט אָבער מיך די מאמע מער ניט שלאָפן:

— ווער שלאָפט אינמיטן העלן טאָג? די צײַט האָט זיך אונדז פאר־בעסערט? גיי, טאטע מײַנער, ארויס אין גאס הערן, וואָס מענטשן ריידן.

גאנצפרי מיט דער ראָשטשינע טרײַבט זי מיך אין גאס. וואָס פארא נוצן וועט די מענטשן־ריידערײַ איר ברענגען?

— אז מע וועט מיך אוועקזעצן הינטער די גראטעס, — זאָגט זי טרויע־ריק, — זאָלסטו כאָטש אין דײַנע שוועסטערלעך ניט פארגעסן. טאָמער פרעגן זיי זיך נאָך אָף מיר, זאָג זיי, אז איך בין ניט מיט אלעמען. דאָס איז אלציינס ווי ניט געזאָגט קיין ליגן, וואָרעם ס'איז אינדערעמעסן טאקע אזוי. אוי, קאדעש מײַנער, איז מיר וויסט און פינצטער!

דער מאמעס רייד קאטעוועט מײַן נעשאָמע.

— טראָג צוריק אָפּ די טרייפע סכוירע, — בעט איך זיך בא איר, — ווארף די סכוירע אין יאר אראָפּ. אניט וועל איך פונדאנען אנטלויפן וווּהין די אויגן וועלן טראָגן. איין מאָל אין וואָך א פּיסנע שטיקל ברויט עסן, איידער...

— פארצאָפּ מיר ניט קיין בלוט!

— מאמעניו, הארצעניו, טו מיר צוליב...

— ניט דײַן אייסעק! — ענטפערט זי מיט אקשאָנעס. — צו גאָט א האָפענונג, עס וועט זיך איבערקאָכן, איבערקאָלאָטען און ס'וועט ווידער, מירצעשעם, ווערן שטיל אין שטאָט.

— וואָס ווייסטו? — שפּארט פון מיר דער קאס. — זיצסט אָט דאָ אפן גראָז שיווע און ווארטסט, ביז מאָשיעך וועט אמאָל קומען. — אינווייניק, פיל איך, קערן זיך בא מיר איבער אלע קישקעס אין בויך. — זאָלסטו וויסן זײַן, מאמע, די באלעבאטים דײַנע פון דער אונטערגעוואָרפענער

סכוירע האָט מען פאַרנומען. אַף קיין נעס האָסטו זיך ניט וואָס צו ריכטן, אמער הייב זיך אוף און גיי אליין אוועק אהין וווּ מע דאַרף.

— מאַסערן? — זעצט פון איר ארויס דאָס שרעקלעכסטע וואָרט. — די מענטשן, וואָס האָבן מיך געראַטעוועט פון הונגער, זאָל איך גיין מאַסערן?

— מאַמע, מאַמע...

— וואָס מאַמקעסטו? מאַמע... ווי‏אַזוי קערט זיך בא דיר איבער די צונג אזוינס צו זאָגן? אַף אַן אייגענער מאַמע מעג מען אויך ראַכמאָנעס האָבן, — אירע אויגן באַקומען עפּעס אַ מאָדנע גלאַנץ, ווי בא אַ באַנומענער. גאָט איז מײַן איידעס, אַז איך וויל ניט, זי זאָל זיך ערגערן. בעסער, קלער איך, אָפּשווײַגן, ניט ענטפערן אַפּצולאָכעס. איך פּרעס זיך אליין לעבע־דיקערהייט — כּדי וואָלט עס שוין גיכער געשען דאָס, וואָס ס׳איז באַ־שערט. פּאָטער, אַן עק זאָל עס נעמען צו דער מוטשעניש.

— פונוואַנען ווייסטו, אַז מע האָט די באַלעבאַטים פאַרנומען? — קלאָ־מערט זי זיך אײַן אין מיר מיט איר שיגאָען־בליק. — עפּשער האָסטו אליין אויסגעטראַכט דעם בילבל?

— וויגדער דערציילט. דער קוריער פון איספּאָלקאָם...

— פאַרוואָס זשע איז מען ביז אהער ניט געקומען צונעמען די סכוירע?

— כ׳ווייס ניט.

— אוי, אומגליק מײַנער! — זיפצט זי שווער אָפּ. — מיט דיר קאָן מען טאַקע פאַרלייגן אַ וואַנט. ניטאָ ווער ס׳זאָל מיר שטיין אין די נויטן... פון דער שטוב זאָלסטו ווײַט ניט אוועקגיין, הערסט? טאָמער, כאָלילע, די שאָ זאָל גאָר ניט זײַן, קומט מען צו גיין, און מע דאַרף זיך געזעגענען... גאָ־טעניו, גאָטעניו, איך זאָל עס גאָרניט דערלעבן!...

דער מאַמעס אָנגעלאָפענע טרערן פאַרהאַלטן זיך עטוואָס לענגער, ווערן פולער, צײַטיקער און פאַלן אַראָפּ קימאַט מיט אַ קלאַנג. איך קאָן שוין מער ניט צוזען איר פּלאָגעניש. וואָס טוט מען? ווהין גייט מען? בא וועמען פרעגט מען?

ווי אַ בליץ אין דער פינצטערניש, האָט זיך פּלוצעם דורכגעשניטן אַ ליכטיקער געדאַנק. איך האָב זיך אין אים אָנגעכאַפּט ווי אַ טרענקענדיקער כאַפּט זיך אָן אַפן וואַסער אין אַ שפּענדל.

— מאַמע! — שרײַ איך אויס ניט מיט מײַן קאָל. — מאַמע, ס׳איז דאָ אַ ראַטונעק! נאָר דורכן כאַווער יאַקאָוו קאָנען מיר געהאָלפן ווערן. דער איינציקער מענטש אין שטאָט. ער וועט זיך אײַנשטעלן פאַר אונדז.

אַף ־דער מאַמעס געזיכט האָט זיך באַוויזן אַ דריבנער כויזעק־שמייכל.

— אדעראַבע, — מאַכט זי צו מיר דאַפקע גוטמוטיק, — זאָג אליין, ווער ביסטו דאָס אזוינער, וואָס דער כאַווער יאַקאָוו וועט זיך פאַר דיר אײַנ־שטעלן? אײַ, לעבסטו אין טאָעס, ביסט נאָך אַלץ באַנאַרישט, ווי אַ קליין קינד. אליין דאַרף מען זיך זען ראַטעווען, נאָר אליין. ער ליגט דאָרט, דער כאַווער יאַקאָוו דײַנער, מיטן קאָפּ אין אָרנקוידעש, און מיר וועלן קריכן צו אים מיט טרייף־פּאָסל...

ניין, ניין, זי קען לאַכלוטן ניט דעם „פּאָליטפּראָסוועט" אונדזערן. דער כאַווער יאַקאָוו איז אַ מענטש מיט אַ גרויס האַרץ. ער וויל ניט, אַז אָרעמע

מענטשן זאָלן פאַלן אין דער בלאָטע, זינקען אין יעסורים, ער וועט זייער גוט פאַרשטיין דער מאַמעס געבראָכענע נעשאָמע.

— האָב קיין מוירע ניט, מאַמע, — רייד איך זי איַין. — דער כאַווער יאַקאָוו איז ניט קיין וואָלף, ער וועט דיך ניט אופעסן.

— איך בעט דיך, רעד מיך ניט צו. דיַין מאַמע איז ניט קיין קליי־נינקע.

— וואָס, פרעג איך, וועסטו דאָ אָן?

— ווי דו קוקסט אים אָן, דעם הייליקן כאַווער יאַקאָוו דיַינעם — ער אַליין קאָן אויך אונטערשטעלן אַ פיסל...

— אַ ליגן, אַ ליגן! — ציטער איך אויף. — דער פּאָליטפּראָסוועט איז סאַמע דער ליַיטישער און אָרנטלעכער מענטש. ער וועט דיר קיין שלעכטס ניט טאָן. אַפילע הערן פון אים אַ קלוגע אייצע איז אויך קעדיַי.

און זי טיַינעט נאָכאַמאָל אירס:

— ווער איז ער מיר, דער פּאָליטפּראָסוועט דיַינער? אַ דיַיען אין שטאָט? צווישן די־אָ ליַיט, זון מיַינער, זוך ניט קיין באַל־ראַכמים. איך קען זיי צו גוט, די כעוורע, וואָס קומען באַגליקן די וועלט מיט געפילדער...

דאַכט זיך, אַז איך וועל מיַין איַינגעשפּאַרטע מאַמע ניט קאָנען בייגן. זי גלייבט ניט, אַז דער כאַווער יאַקאָוו זאָל קאָנען אופטאָן פאַר איר עפּעס גוצלעכס.

— וואָס פאַר אַ ווערט, — זאָגט זי מיט בײַסיקן כויזעק, — קאָן האָבן אַ באַנק־קוועטשער אין די הויכע פענצטער, אַז טאָג ווי נאַכט נאָר ער האַלט אין איין לויזן ביכלעך און קליַיבט צונויף אַלטע שיימעס... אַ שיינע פּראָפעסיע.

סע הייבט זיך ניט אָן און סע לאָזט זיך ניט אויס. איצט זע איך באַ־שיַימפּערלעך, אַז די מאַמע מיַינע האָט אַ פאַלשע פאָרשטעלונג וועגן כאַ־ווער יאַקאָוו. זי ווייסט ניט, אַז דער כאַווער יאַקאָוו קאָן זיַין נאָך שטרענ־גער פון דער מיליציע. וואָס איז שיַיעך דער שטעלע, וואָס ער פאַרנעמט, מיין איך, אַז העכערס פון אַ „פּאָליטפּראָסוועט" איז באַ אונדז אין באַר־שעוו קלאַל ניטאָ. וואָס באַטיַיט פּאָליטפּראָסוועט? עפּענען די פינצטערע מויכעס באַ פּראָסטע מענטשן. העלפן זיי צו פאַרשטיין, ווי מע דאַרף לעבן אויף דער וועלט.

— מאַמע, — רוף איך זיך אָן, — איך וועל דעם כאַווער יאַקאָוו ברענ־גען אהער. זאָל ער זען אַלץ מיט די אייגענע אויגן און צוזוכן עפּעס אַ מיטל.

— ביסט מעשוגע צי כאָסערדייע?! — שריַיט זי אויף מיר אָן. — וואָס הייסט, דו וועסט נעמען אַ ווילד־פרעמדן מענטשן און ברענגען אהער? ער איז דאָך ניט קיין דאָקטער, וואָס מע שיקט נאָך אים באַ אַ סאַקאָנע.

אָך, ווי די מאַמע האָט מיר צוגעטראָפן מיטן וואָרט „דאָקטער"! דער כאַווער יאַקאָוו, קלער איך, איז בעפּיירעש אַ דאָקטער אין אַזעלכע איניאָ־נים, עפּשער דער גרעסטער צווישן די דאָקטוירים, וואָס היילן מיט גע־ניטקיַיט און פאַרשטאַנד אַזעלכע געפערלעכע קראַנקע, ווי מיַין מאַמע.

— אוי, מאַמעניו, ליבינקע, — ווער איך מאָלע־סימכע, — נאָר דורך זיַינע הענט וועסטו געהאָלפן ווערן. דאָס איז דער עמעסער רויפע.

— וואָס ביסטו אין אים אזוי פארגלייבט, נאריש יינגל! איך האָב מוירע, מיר זאָלן דערנאָךביידע האָבן זיך צו קראַצן.

און דאָך האָט זי זיך גענומען ערנסט באקלערן, איבערלייגן.

— נו, גוט, — מאכט זי לעסאָף, — לאָמיך דיך איין מאָל פאָלגן. איך וועל דיר שוין אומיסטן וויַזן די גוטסקייט פון דיַין מייליך־יוישער. אזא נאסטירלעוון, אזא נאסטירלעוון, ווי דו ביסט, האָב איך נאָך ניט געזען!

דאָס, וואָס די מאמע מיַינע איז איַינגעגאנגען, מיר זאָלן זיך לאָזן צום „פּאָליטפּראָסוועט", איז פּאַשעט א גליק. דער כאוועראָ יאקאָוו וועט אומ־באדינגט העלפן אַן אומגליקלעכן מענטשן. א גאנץ לעבן וועל איך געדענ־קען, וויאזוי ער האָט מיך, אַן אויסגעשטעלטן, איבערגעכאַפּט אַף דער מיראָ־נאָווקער סטאנציע און געפירט אַף זיַין אכריַיעס מיט די שוצלאָזע כעוורע אין פּאָוויט אריַין קיין קאָרסון.

אינצווייען, איך און די מאמע, שלעפּן מיר זיך ארוף צום בלויען מויערל, ווו עס געפינט זיך דער „פּאָליטפּראָסוועט". די מאמע גייט צום כאוועראָ יאקאָוו ניט גערן. זי קוקט זיך אום א דערשראָקענע אין אלע זיַיטן.

— ביסט א מייוון, — ווענדט זי זיך פארכידעשט מער צו זיך אליין, ווי צו מיר, — אַף דער גאס איז רויק. מענטשן לעבן אין שאָלעם און אין שאלווע, שא, שטיל, גליַיך ווי אין שטאָט איז גאָרנישט ניט געשען. און דו האָסט אָנגעוואָרפן אַף מיר אזא מעהומע מיט אזא שרעק, אז כ'האָב טאקע אַף אַן עמעס געמיינט — גאנץ בארשעוו קערט זיך איבער.

ווען מיר זיַינען פארביַיגעגאנגען דורך דעם קינדערהיים, האָט זי אַף א וויַילע זיך אָפּגעשטעלט, געוואָרפן א בענקענדיקן בליק צום ליידיקן העל־באזונטן באלקאָן און גענומען ברעכן די פינגער.

— זיי וויסן, נעבעך, פון גאָרניט, מיַינע אָרעמע בידנע אייפעלעך, די מאמע זייערע גייט צו דער שכיטע...

— וואָס פאר א שכיטע? — טו איך זיך א בייזער. — מיר גייען צום כאוועראָ יאקאָוו, גייען מיר.

— הא, יאָ, צו דיַין הייליקן ראָוו... — שטעלט זי אריַין אירס א שטאָך־וואָרט.

ליידער, האָבן מיר דעם כאוועראָ יאקאָוו ניט געטראָפן אפן אָרט. די מאמע ציט זיך צוריק אהיים. זי וויל אפילע קיין איבעריקע מינוט ניט ווארטן. איך לויף ארוף אפן צווייטן שטאָק, עפשער ווייסט פאָרט עמעצער, ווען דער כאוועראָ יאקאָוו וועט זיך צוריקקערן. האלב צוועלף, ווער איך געוווירע, הייבט זיך אָן א בעראטונג פון די שטאָטישע פּראָפּאגאנדיסטן.

— מאמע! — לויף איך ווידער ארויס אין הויף. — מאמע, אָט־אָט וועט ער קומען. דאָרט ווארטן נאָך אנדערע מענטשן אַף אים.

— אויב ער איז פון די גרויסע נאטשאלניקעס, דער פאָליטפּראָסוועט דיַינער, וועט ער אונדז געוויס הייסן קומען מאָרגן.

מאמעש ווי מיט צוואנגען האלט איך די מאמע צו, זי זאָל ניט אוועק־גיין פונדאנען. אָבער שטיין דאָ לאנג אפן הויף און ווארטן, האָב איך מוירע, טאָמער באגעגן איך ווידערן. מיַין כאוועראָ, דער קוריער דאָ אין אויספּירקאָם, מעג פונעם גאנצן איניַען ניט וויסן... בעסער וואָלט געווען, מיר זאָלן אריַינגיין אין הויז, דאָרט אין קאָרידאָר איז פאראן א באנק. קיי־

נער ווייסט ניט, וויאזוי די מאמע האָט זיך לעצטנס ארויסגעשלאָגן פון די קויכעס, קוים וואָס זי האלט זיך אף די פיס.

דאָ, אינעם בלויען מויער מיטן וווּנדערלעכן גרינעם הויף, געפינען זיך די צוויי הויפט־אנשטאלטן פון שטאָט — דער אויספירקאָם און דער פארט־קאָם. שטענדיק, צו יעדער צייט, איז דאָ פול מיט מענטשן, שטאָטישע און דאָרפישע. דער געווימל גייט גאָר פונדאנען קיינמאָל ניט ארויס. איך לויף אלעמאָל ארויס אין הויף זען, צי דער כאווער יאקאָוו גייט ניט. ענד־לעך באווייזט ער זיך, ארומגערינגלט פון זיינע הייסע פארערער — יונגע אגיטאטאָרס. כ׳האָב באמערקט, אז ער געפינט זיך אין א גוטער שטימונג, איז אופגעלייגט, שפאסט און לאכט. ניט געיילט געזעגנט ער זיך מיט די יונגעלייט און לאָזט זיך צו די מארמערנע ליכטיקע טרעפּ, וואָס פירן אף ארופצו. מיט שנעלע טריט האָב איך אים אָנגעיאָגט און אריבערגעיאָגט און אונטערגעטראָגן דער מאמען די בסורע: ער גייט... אָן אויסגעבלייכטע, האָט זי זיך האסטיק א הייב געטאָן פון דער ווארט־באנק און געלאָזט זיך נאָך מיר. איצט איז אויסגעקומען, אז איך גיי אים צופעליק אנטקעגן. מאכמעס זיין קורצער ריע, האָט ער מיך ניט דערקענט.

— כאווער יאקאָוו! — שטעל איך זיך צו גאָר נאָענט צו אים, קימאט פאָנעם־על־פאָנעם. — נעמט מיך אוף, בעט איך אייך, מיט דער מאמען. מיר האָבן מיט אייך עפּעס נייטיקס צו שמועסן.

— ווארט נאָר, — טוט ער זיך א כאפּ, ווי דערמאָנענדיק זיך אָן עפּעס, — איך קוק שוין לאנג אף דיר ארויס. נאָך צוריק מיט א פּאָר וואָכן באקומען א בריוועלע פון קאָרסון. א שאָד. זיי האלטן, אז כוץ דער קרענק, איז דיר נאָך ביכלאל צו פרי אָנצוקומען אין דער פאַד־שול. איך בין אויך בא דער מיינונג. נישקאָשע, מיר וועלן דאָ אפן אָרט פאר דיר זען עפּעס טאָן.

— איבעראיאָר... — שטאמל איך צעשטרייט, — איבעראיאָר, אז מיר וועלן לעבן און געזונט זיין, וועל איך צוריקפאָרן... מיט מיין מאמען האלט עס נומער ערגער... זי ווארט, איר זאָלט זי אופנעמען.

— יאָ־יאָ, — שווימט זי אומדערווארט ארויס און שטעלט זיך איבער מיין קאָפּ, — איך האָב מיט אייך א שטיקל סעקרעטנעם ראזגאָוואָר. איך וויל מיט אייך ריידן אונטער פיר אויגן.

דער כאווער יאקאָוו האָט אופגעשלאָסן די טיר פון זיין קאבינעט און זייער העפלעך פאר זיך דורכגעלאָזט די מאמע, דערנאָך געוויזן, איך זאָל אריינגיין.

— דאָס דאַפקע ניט, — שטעלט די מאמע מיך אָפּ מיט דער האנט, — נישקאָשע, ער וועט מויכל זיין צוווארטן אף מיר אין קאָרידאָר.

דעם עמעס גערעדט, שלאָג איך זיך גאָר אזוי שטארק ניט אָן אויס־הערן די מאמע וועגן די אלע שאכער־מאכערס. דער כאווער יאקאָוו וועט זיך אליין זייער גוט פאנאנדערקלייבן אינעם פלאָנטער. אבי איך האָב זיי צונויפגעפירט אויג־אף־אויג, מער דארף איך ניט. פון דעם, וואָס מ׳האָט מיך, מעכילע, געבעטן שטיין פון יענער זייט טיר, עס איך מיר ניט אָפּ דאָס הארץ. נאָר אָט די קריוודע זאָל מיר בלייבן. דעריקער וואָס דער כאַ־ווער יאקאָוו וועט ניט לאָזן וויטער שטעקן די מאמע מיינע אינעם אומ־

גליק. ניט איך דארף אים לערנען, וויאַזוי אויסצוגעפינען די עמעסע פארברעכער. זאָל ער זיך נאָר אקוראַט, ווי עס דארף צו זײַן ארומזען, טיפער א גריבל טאָן זיך אין דעם גאנצן שווינדלערישן אייסעק, וועט פאר אים קלאָר ווערן, וויאַזוי מע האָט אף א מיִעסן אויפן אויסגענוצט דאָס פאָשעטע אָרעמע ווײַבל — די מאמע מײַנע.

אָ־דאָרט, באַם סאמע עק הויף, געפינט זיך די געמויערטע שטאל. איך באטראכט די פריצישע יערושע — סארא הייך און ברייט און ווי געראם! דער דאך געדעקט מיט שינדל. דאָ, ווייס איך, איז „די האלבע באָרד" פאָלנער באלעבאָס. רעב זיידלס אייגענע אימעניע. איך שפאר ארײַן דעם קאָפ אינווייניק אין דער האלב־פינצטערער שטאל. אווארעמער פערדישער רייעך טראָגט זיך פון אלע זײַטן. דאָרט, טיפער אין דער קלעפיקער טונקלקײַט, טופען פערד, א סאך פערד. ארום די היפשלעכע קאָרעטעס, זשאָלעבעס פאָרעט זיך דער אלטער באלעגאָלע. ווען פון די פערד ער שענקט זײַן לאסקע, טײַנעט זיך מיט דעם מילד אויס, און וועמען ער טוט צעבייזערט א שטורכע אין זײַט ארײַן, שרײַט אָן אף דעם מיט א קאס, אפאָנעם, די פערד פארשטייען זײַן לאָשן. דעמלט ווען „די האלבע באָרד" שלאָגט זיך ארויס פון דער טונקלקײַט און קומט א ביסעלע נעענטער צו דער שײַן, זע איך, ווי ער איז אָנגעגורט מיט שלייעס, נאָז־רימענדלעך, בויך־גארטלען, צײַמלעך און אנדערע פערדישע אָנטועכצן. דער אלטער צעקנייטשטער קארטוז זײַנער ליגט העכער האלב אפן נאקן מיטן דאשעק אין דער זײַט, אף דעם אונטערשטן לײַוונט־העמד טראָגט „די האלבע באָרד" א מין ציגײַנערישן קאמזויל פון מײלעך סאָבעסקעס צײַטן, ער שליאָמפערט אום אין אויסגעדרייטע קעפלעך פון אונטערגעהאקטע שטיוול, און בא יעדן טראָט, וואָס ער שטעלט, בלײַבן איבער סימאָנים — צעריבענע שטיקלעך שטרוי. פון די הויכע פיצינקע פענצטערלעך זיפט זיך שוואך דורך דאָס טאָג־ליכט. די ווארעמע קלעפיקע שטאל־פינצטערניש שלינגט אײַן אין זיך די ארײַנגעבאקומענע דרויסנדיקע שײַן.

דער אלטער באלעגאָלע האָט מיך באמערקט.

— דארפסט עמעצן? — פרעגט ער גלײַכגילטיק טרוקן, טוענדיק ווײַטער זײַן ארבעט.

איך ענטפער ניט מיט קיין האלב וואָרט.

פון איין מאָל ביזן צווייטן פארגעסט „די האלבע באָרד" מײַן נאָמען. נאָך מער, ער דערקענט מיך ניט. ווידער האָט מיר שוין לאנג וועגן דעם געזאָגט, אז דער זיקאָרן באַם אלטן איז גאָר ניט קיין פויגלדיקער, א קעצישער מויעך געוואָרן בא אים.

— דארפסט עמעצן? — פרעגט ער טאמעוואטע נאָכאמאָל.

דאכט זיך, אז איך שטיי לעם אים, מאמעש בא דער נאָז, און מאכן מאכט ער א מינע, ווי ער וואָלט מיך געזען דאָס ערשטע מאָל אין לעבן.

ערגעץ אינעם סאמע טיפסטן ווינקל האָט זיך צעהירזשעט א געזונט פערד, מיר ווײַזט זיך אויס, ווי דאָס הירזשען וואָלט באטײַט א מין רופן.

— שטיי דאָרט אײַן קאמענעם! — שיקט „די האלבע באָרד" א באלדיקע טשוווע דעם פערד. — וואָס לייגסטו אײַן וועלטן? וואָרט, — רעדט ער ווײַטער צו זיך אליין א ביסל פארמאָראָטשעט, — ווו זשע האָב איך אהינ־

געטאָן דעם פאַריכטן כאַמעט? לאָז מיך צורו מיט דײַנע גוואַלדן! — שרײַט ער ווידער אָן אפּן פערד. — פאַרשלאָג מיר ניט די פּאַמערקעס, כ'האָב שוין געהערט, ביסט בא מיר ניט קיין בעניאָכיד.

איך האָב בעפיירעש ליב, ווי דער אַלטער באַלעגאָלע זיידל רעדט זיך דורך מיט זײַנע סוסים.

— דאַרפסט עמעצן? — דערזעט ער מיך ווידער.

איך שלײַך זיך אַפּגיך אַרויס פון דער שטאַל.

דאָס האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט: בא דער הויכער האַלב־גלעזערנער פּרונט־טיר טרעף איך פּלוצעם אָן אַף ווייגדערן, שיר ניט ווי מיר צעבוצקען זיך.

— זדראַסטוו! — שרײַט ער אויס בעקויל־ראָם. — נאַרוואָס באַגעגנט די מאַמע דײַנע. וואָס האָט געטראָפן? — פרעגט ער זיך נײַגעריק נאָך. — פאַרוואָס איז זי געוועזן פאַרווייבט?

א ביטערער קנויל האָט זיך צוגעקײַקלט צו מײַן האַלדז. קוים וואָס מע הערט פון מיר א וואָרט.

— זי איז געוועזן באַם פּאָליטפּראָסוועט, — ענטפער איך מײַן כאַווער, אַבי געענטפערט, — מער ווייס איך פון גאָרניט.

— נו, יאָ, דאָרט, ווו ס'איז א סאָד, באַהאַלטסטו פון מיר אויס. ווע־מען דערציילסטו מײַסעס? פונעם כאַווער יאַקאָוו גייט קיינער ניט אַרויס מיט קיין טרערן. צווייטנס, איז די מאַמע דײַנע געגאַן ניט אַליין.

— מיט וועמען איז זי עס געגאַן? — פרעג איך טויט דערשראָקן און פּיל דערבײַ, ווי די פיס האַקן זיך מיר אונטער.

— מיט שורײַעוון. מיטן נײַעם פאַרטרעטער באַם נאַטשאַלניק מיליציע. די וועלט פאַרמאָגט ניט אַזא דורכגעטריבענעם מאַזיק. ס'איז נאָך יענער ניט געבאָרן געוואָרן, וואָס זאָל אים אָפּנאַרן. שורײַעוו איז אַן אַלטער טשעקיסט.

ווייל איך טאַקע ווייסן, וואָס פאַר א שײַכעס האָט מײַן מאַמע צו אָט דעם שורײַעוון? פונוואַנען קען זי זיך מיט אים? גוואַלד געשריגן, כ'האָב זי איבערגעלאָזט מיטן כאַווער יאַקאָוו אויג־אַף־אויג. וואָס קער זיך אַהער אָן דעם נאַטשאַלניקס פאַרטרעטער?

— יאָלד איינער, וועגן דעם פרעג איך דאָך דיך: שורײַעוו און... דײַן מאַמע.

— ווו איז אַהינגעקומען דער פּאָליטפּראָסוועט?

— אין די אויגן ניט אָנגעקוקט, — הייבט ווייגדער אָן אַקסל און ווייסט ניט פון עפּעס צו זאָגן. — וואָס מישסטו אַהער דעם פּאָליטפּראָסוועט?

דעם כאַווער מײַנעם לאָז איך שטיין בא דער טיר, און אַליין טו איך א יאָג אַרויף אַפּן צווייטן שטאָק און לאָז זיך, א צעטומלטער, לויפן צום כאַווער יאַקאָווס צימער. פאַרשלאָסן. קיינער ניטאָ. נעם איך קלאַפּן שטאַרק מיט די פויסטן, רײַס ווילד דאָס הענטל. וואָס ענגער עס שטיקט אין האַלדז, אַלץ הייסער גיסן זיך די טרערן. וויפל ס'איז נאָר דאָ קויעך, זעץ איך אין דער פאַרהאַקטער טיר: עפנט!.. עפנט!..

עמעצער פון די אָנגעשטעלטע האָט מיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס פּויקסטו, ווי א צעדולטער? זעסט דען ניט, אז קיינער איז ניטאָ?

— איך דאַרף נייטיק דעם כאַווער יאַקאָוו, — כליפּעט איך מיר דאָס געוויין.

— מאַלע וואָס דו דאַרפסט. דער פּאָליטפּראָסוועט איז גראָד שטאַרק פאַרנומען. אין א שאָ צוויי אַרום וועט ער ווידער אופנעמען.

— אָבער אַז איך דאַרף שוין צו אים, — גרײַף איך אָן אַפּן פאַר־שוין. — טאַקע די מינוט...

דער באַאַמטער האָט זיך אַפילע ניט אָנגעטאָן די מי מיך צו באַרויִקן. ער האָט נאָר געקוקט אַף מיר מיט באַדויערונג, ווי אייגער רעדט: איך קאָן דיר, ברודער מײַנער, מיט גאָרנישט ניט העלפן, ס'איז דיר, נעבעך, אוואַדע ניט גוט. א ראַכמאָנעס, בעפּיירעש א ראַכמאָנעס. דײַן מאַמע איז ביז גאָר שלעכט אַרײַנגעפאַלן... א באַשערטע זאַך...

— ווו איז דער כאַווער יאַקאָוו?

רייד צו דער וואַנט! עפּשער איז נאָך פּרי גוואַלדעווען, קוידעמקאָל מוז מען געוווירע ווערן, וואָס הערט זיך אין דער היים. לאַנג ניט געטראַכט, נעם איך די פּיס אַף די פּלייצעס און לאָז זיך אַהיים. אויב איך וועל די מאַמע מײַנע, כאָלילע, ניט טרעפן, הייסט עס, אז ס'האַלט מיט איר שטאַרק שמאָל.

איך פלי אַרײַן אין הייפל, פאַרקערעווע צום שטיינערנעם טרעפּל. א דאַנק דיר, גאָט! עס ווערט מיר מיטאַמאָל ליכטיק און גרינג: ניטאָ אַף דער טיר דער ריזן־שלאָס. געוויס וואַרט די מאַמע אַף מיר.

— נו, האַ? — רײַס איך זיך אַרײַן ווי א ווינט אין שטוב. — וואָס האָט ער דיר געזאָגט, דער כאַווער יאַקאָוו? — מײַן פראַגע האָט אָפּגעע־הילכט און איז געבליבן הענגען אין דער לופט.

אין דער קיך־שטוב, קוק איך זיך אַרום איינגאַנצן א פאַרלוירענער, איז אַלץ איבערגעקערט האָרע־קאָרע. שמאַטעס, בענדלעך, שטריקלעך וואַלגערן זיך דאָ און דאָרט. אַלץ איז צעקאַדויטשעט, צעוואָרפן. איך פיל, אז דאָ האָבן אָרודעוועט ווילד־פרעמדע מענטשן. פון די פריִערדיקע פּעק, קלומ־קעס, זעקלעך איז קיין זייכער ניט געבליבן. איצט שטייט די קיך־שטוב א געראַמע, אָן אויסגעליידיקטע. פון די ווינקלען שרײַט אַרויס די הויל־קײַט. ווער זשע, וויל איך וויסן, האָט עס אַרויסגעטראָגן דעם „פּייגער״? די מאַמע זאָל ניט אופהענגען קיין שלאָס בייסן אַוועקגיין, גלייבט זיך ניט. זי וועט זיך ניט פאַרלאָזן אַף ניסים. א ליידיקע שטוב, ווי אָרעם זי זאָל ניט זײַן, דאַרף זײַן צוגעשלאָסן. וואָס זשע באַטײַט עס? גאָר פאָ־שעט, גיב איך זיך אליין דעם ענטפער, דער כאַווער יאַקאָוו האָט דער־הערט אַזאַ סאָרט געשיכטע, נעמט ער טייקעף און רופט אַרויס צו זיך דעם פאַרטרעטער פון מיליציע־נאַטשאַלניק, דעם קלוגן שורײַעוון, און מע פאַר־נעמט זי, די מאַמע, אָן איבעריקע שיִעס, אין קעסטעלע... ס'א קלאָרע זאַך. די, וואָס זײַנען פאַרמישט אין גנייווישע מײַסעס, האָבן צו טאָן מיט טרייפער סכוירע, שווינדל־געשעפט, פאַלשן האַנדל, וועט דער פּאָליטפּראָ־סוועט ניט נעמען אונטער זײַן שוץ.

שרײַ אהער — שרײַ אהין, די מאמע מײַנע איז רעכט אַרײַנגעפאַלן. בלײַבט איין זאַך — בעטן שורײַעוון, ער זאָל מיך אויך אַרײַנזעצן הינ־טער די גראַטעס. ביידע, איך און די מאַמע, — וועל איך אים זאָגן, — האָבן פאַרדינט האַרבע שטראָף, מיר האָבן ביידע געזינדיקט קעגן דער מעלוכע. איך האָב אויך געפרעסן דאָס געגאַנוועטע ברויט.

אָנשטאָט דער מיליציע בין איך פון גרויס צעטומלטקײַט פאַרפלויגן ווי־דער צום כאַווער יאַקאָוו. אַרום אַ לאַנגן טיש זיצן היציקע מאַנצבלעך. עפּעס אַמפּערן זיי זיך, שטרײַטן. ס'גייט אַ באַראַטונג. נאָך דער כאַווער יאַקאָוו באַמערקט מיך און הייסט מיר צווואַרטן אין קאָרידאָר.

אינגיכן האָט מען געמאָלדן אַ האַפּסאַקע, און איך האָב זיך ווידער אַרײַנגעריסן אין אָנגערייכערטן צימער מיט אַ יעלאָלע: „וווּ איז מײַן מאַמע?"

— שטילער, באַרויִק זיך, — דערפיל איך אַ גרינגן דריק אַף מײַן אַקסל, — די מאַמע דײַנע איז אַ מאָלאָדיעץ.

— זי איז געקומען צו אײַך נאָך אַן אייצע, און איר...

— און איך האָב איר געגעבן די ריכטיקסטע אייצע. די מאַמע דײַנע איז ניט קיין נאַרישע יידענע. זי פאַרשטייט, ווער ס'איז איר אַ פרײַנט און ווער אַ פײַנט. עמעס, זי געפינט זיך אין מיליציע. נו, איז וואָס? קיין שלעכטס וועט מען איר דאָרט ניט טאָן. וואָס יאַכמערסטו? וויש אויס די טרערן. ווי קומט עס צו דיר?

— פאַרוואָס האָט מען זי אָפּגעפירט אין מיליציע?

— מע האָט זי ניט געפירט, כאָלילע, זי איז אַליין פרײַוויליק גע־גאַנגען אהין. ביסט ניט קיין מעלופּם־קינד, מיסטאַמע פאַרשטייסטו אַליין, אַז אַ פּראָטאָקאָל דאַרף מען צונויפשטעלן; מיט וועמען זי איז געווען אין איין קאָמפּאַניע, דאָס דאַרף מען אויך וויסן; ווער זײַנען געווען די רעדל־פירער, מוז אויך פעסטגעשטעלט ווערן.

אַרום אונדז האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ היפּש רעדל. איינער פרעגט מיטן ווונק דעם כאַווער יאַקאָוו: „ס'איז ער?" שאָקלט דער כאַווער יאַקאָוו צו שטום מיטן קאָפּ: „ער".

— זאָרג ניט, דײַן מאַמען וועט מען גיך אָפּלאָזן אהיים, — דערמוטיקט מיך אַן אַנדערער.

— מע האָט זי דען געראַשטעוועט?

— שרעק זיך ניט, — פאַרכאַפּט דער כאַווער יאַקאָוו, — מע האָט זי בלויז פאַרהאַלטן אַף אַ פּאָר שאָ. פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז אַנדערש קאָן מען ניט פירן די אויספאָרשונג.

זעענדיק מײַן געפאַלנקײַט, נעמט ער מיך אַרום:

— מונטערער! לאָז ניט אַראָפּ די נאָז. אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג.

דאָס זײַנען אַלץ גוטע רייד פונעם „פּאָליטפּראָסוועט", אָבער וואָס זאָגט שורײַעוו?

מע האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אין גלעזערנעם גראַפין, פאַרנעמען די ער־טער. איך האָב דאָ מער ניט וואָס צו טאָן.

וואָס זשע איז די פּולע, וואָס איך קום אונטער איין מאָל און אַ צווייט מאָל צו דער געבײַדע, ווו עס געפינט זיך די מיליציע, אַז אינווייניק

וואג איך ניט ארײַנצוגיין? ווער ווייסט, צי וועל איך ניט מאכן ערגער בא שורײַעוון? האלעוויַ זאָל זי אָפּקומען, די מאמע, נאָר מיט א נאכט טורמע. איין ברייַרע: פארלאָזן זיך אפן כאווער יאקאָווס צוזאָג. זאָל כאָטש די האָפענונג זײַן א זיסע.

אין דער קיך־שטוב בין איך ארײַנגעפאלן שפּעט אין דער נאכט. אף דעם שיין אויסגעבעטעטעם בעט מיט דער נײַער בײַענער קאָלדרע בין איך שוין דאפקע ניט געשלאָפן, נישקאָשע, עס מעג מיר אָנשטיין דאָס שטיקל געלעגער אף דער ערד — זאָל דאָס הייסן, אז איך נעם אין זיך אליין נעקאָמע.

גאנצפרי מיט דער ראָשטשינע שטעלט זיך ארײַן די שכיינע אונדזערע, גענענדל די סטאָליאריכע.

— איך האָב שוין געהערט... — ווײַזט זי א צעווייקט פּאָנעם און קרימט פּיסקעס. — ריבוינעשעלוילעם, אף ווען האָסטו אויסגעגאָסן דײַן צאָרן? וואָס האָסטו, אשטייגער, געהאט צו דער אָרעמער אלמאָנע?

אקעגן וואָס איז זי געקומען אהער, געגענדל? שיטן זאלץ אף די ווונדן?

— די מיליציע אונדזערע קאָן אויך אמאָל א טאָעס האָבן, — ברעכט זי די פינגער און די ליפּן טאנצן מאָדנע אונטער, — ניט אף דײַן מאמעס מיסט איז דאָס גוטס געוואקסן געוואָרן. אָט האָב איך פאר דיר געבראכט א טעפּעלע ריאזשענקע און א פרישׁ שטיקל פּלעצל. שטיי אוף, קינד מײַנס, און גיי פרעג זיך אָן, צי קאָן מען דער מאמען עפּעס וואָס ארײַנשיקן. זי קער דאָרט געוויס זיצן א פארשמאכטע.

— א דאנק! מע דארף גאָרניט ארײַנשיקן. זי וועט באלד אליין קומען.

— ווער? — קוקט די סטאָליאריכע מיך ווילד אָן.

— די מאמע, — ענטפער איך גאנץ קאלטבלוטיק, — זעצט זיך דערווײַל צו, — רוק איך פאר איר אונטער דאָס טאבורעטל. — זי דארף באלד זײַן. וויפל האלט דער זייגער?

— וואָס רעדסטו, נאר אײנער? — קאָן זי צו־זיך ניט קומען. — ווען מאכסטו מעשוגע? ווייסט דען ניט, אז די מאמע דײַנע האָט מען נעכטן פארנומען?

— מאלע וואָס בייזע צינגער ריידן, — מאך איך א גלײַכגילטיקן אָנשטעל, — קיינער האָט זי אין ערגעץ ניט פארנומען.

— וואָס זשע, ס'אן אויסגעטראכטע מײַסע? ריבוינעשעלוילעם, האלעווײַ וואָלט עס עמעס געווען... גיי הער, וואָס די גאס רעדט. מענטשן זײַנען פון זינען אראָפּ, נעכטן האָט זיך דאָ געטאָן כוישעך, ביז האלבן טאָג האָט זיך געפּאָרעט די מיליציע בא אײַך אין שטוב. האָסט באדארפט זען, וואָס פאר א געפּאקטן וואָגן מע האָט ארויסגעפירט... פרעמדע אוצרעס. די מאמע דײַנע האָט אפילע ניט געוווּסט, וואָס סע געפינט זיך אין די זעק: מאנופאקטור צי געהאקטע סיטשקע. מע ווייסט, וואָס פאר א בלוטיקע נעגידעסטע זי איז אין אלע צײַטן געווען, ניט פאר קיין ראָסקעש האלט מען קינדער אין א פרזוט. א האלבע שטאָט, מעגסטו מיר גלייבן, וועט זיך שטעלן פאר איידעס, אויב מע וועט דארפן.

איך פאַרשפּאַר זיך אָנטאָן, וואָרעם איך בין געשלאָפֿן אינעם אָנטאָן. איך שפּרינג אויף פֿונעם געלעגער, פֿאַרוק די אויסגעשפּרייטע רעדנע צו־ריק אונטערן אויוון. איך וועל באַלד גיין צום כאַווער יאַקאָוו מיט א טײַנע: „די נאַכט איז פֿאַריבער, און ווו איז אײַער צוזאָג?"

— וווּהין קלײַבסטו זיך גיין? — שטעלט מיך אָפּ גענענדל. — די גע־וואַנט־פֿאַבריק האָט נאָך אפילע ניט געהודיעט.

עפּשער איז טאַקע נאָך צו פֿרי... אז די געוואַנט־פֿאַבריק האָט נאָך צײַט צו הודיען צו דער זיבנאַזייגערדיקער וואַכטע, וואָס וועל איך לויפֿן זיך שטעלן הינטער א פֿאַרמאַכטער טיר?

די שכיינע איז מיך כוישעד, אז דעם עמעס וועגן דער מאַמען האָב איך איר ניט געזאָגט. עפּעס וואָס, דאַכט זיך איר, פֿאַרטײַע איך.

— פֿאַר מיר, זונעניו, האָסטו ניט וואָס צו לייקענען. ווער איז אײַך נאָך אַזוי געטרײַ און איבערגעגעבן? קיינער איז ניט באַוואָרנט פֿון אַן אומגליק. דו ביסט, נעבעך, געבליבן אַליין, אַן אומבאַהאָלפֿן ייִנגל. ווער דען וועט אָף דיר אַכטונג געבן, אויב ניט איך? נעמסטו דאַפּקע און מאַכסט פֿון מיר א געשפּעט, זאָגסט, אז די מאַמע וועט באַלד קומען. אײַ־אײַ־אײַ, ווער בין איך דיר עפּעס, א מיידעלע?

ס'איז נאָר אָף כידושים, וואָס ס'קאָן טרעפֿן אין לעבן. באַ די־אָ רייד, מע זאָל דערמאָנען מאָשיִכן, שטעלט זיך אַרײַן די מאַמע. אוי, די מאַמע! אָף איר רוזיק פּאָנעם צאַנקט א קוים באַמערקבאַר אויסגעלאָשן שמייכעלע.

דער שכיינעס וויי־געשריי „א נעס מין־האַשאָמאַיִם!" האָט זיך מיט אַנגסט אָפּגערופֿן אין מײַן אַזוי אויך פֿאַרשטאָרבן האַרץ. גענענדל איז אַליין שיִר ניט געפֿאַלן כאַלאָשעס. זי האָט אַרומגעכאַפּט די מאַמע האַלדזן און קושן:

— איר זענט איינע פֿון די גליקלעכסטע! דאָס מאַזל אַליין איז אײַך געגאַן אַנטקעגן.

ווען מען איז נאָך אַזוי גוט אָף דער נעשאָמע, ווי מיר? א קליינִיקײַט, די מאַמע מײַנע איז שוין אין דער היים! אַוואַדע מעג זי איצט זיצן אָף דעם בעט און אָפּרוען, אז זי איז שוין איבערגעקומען דאָס שווערע פּעקל. באַשערט געווען איר דורכגיין אַזא טאַנץ אויך...

— וואָס דער מענטש טוט זיך אַליין, — רעדט זי מיט עפּעס א מין כאַ־ראַטע־געפֿיל, — וואָלטן אים קיין צען סאָנים ניט געטאָן, — עס וואַכט אָבער טייקעף אויף א לעבעדיק פֿײַערל אין אירע גוטע וואַרעמע אויגן, — פֿאַראַן נאָך, — זאָגט זי ווײַטער, — סאָוועסטנע מענטשן, די וועלט עקט זיך נאָך ניט, דער יוישער איז ניט אַנטלאָפֿן. אז מע פֿאַלט אַרײַן אין א צאָרע, זעט מען ערשט דעמלט, וואָס אַרום דיר טוט זיך. איך בין, ניט פֿאַר אײַך גע־דאַכט, א ביסל בלינד געווען אָפֿן מויעך...

— וואָס זשע האָט מען געוואָלט פֿון אײַך? — ציט די סטאָליאַריכע מיט ווײַבערישן נײַגער א וואָרט נאָך א וואָרט באַ דער מאַמען. די שכיינע אונדזערע האָט א טעווע קריכן אין אַלע ענגע לעכער.

— פֿרעגט בעסער ניט. אַלץ איז געווען צוביסלעך, — דרייט די מאַמע זיך אויס פֿון געבן א קלאָרן ענטפֿער.

סאָפּקאָלסאָף האָט די שכיינע זיך אָנגעשטויסן, אַז זי דולט אומזיסט א ספּאָדעק:

— איר דאַרפט זיך אָפּרוען, און איך שטיי דאָ, ווי א בעדערן בא דער מיקווע, און מאַראַטשע אײַך א קאַפּ. א דאנק גאָט, אבי איבערגעקומען בעשאָלעם. זאָל דאָס זײַן אײַער לעצטער איבערשרעק!

פּאָטער געוואָרן, אַרויסגעמעשאַלייעכט גענענדלען. די מאמע זיצט אַן אײַנגעבראָכענע, מער טויט ווי לעבעדיק, קוים וואָס זי רירט מיט אַן אייווער. קוידעמקאָל צי איך אראָפּ די בײַעווע קאָלדרע (זי געפעלט מיר ניט, די קאָלדרע, פונעם ערשטן טאָג אָן, זי האָט אויך מיסטאמע א שײַכעס צו דער טרייפער סכוירע) און גרייט צו דער מאמען א געלעגער. וואָס גיט מען איר עפּעס אין מויל אַרײַן? עס שאַט ניט א ביסל וואַרעמס, אופזידן א פענדעלע וואסער. אָט וועל איך אַרויסגיין אין הויף אָנהאָקן שפּענער.

— ניין, — זאָגט די מאמע, — ס׳ניט נייטיק. דאָס מויל איז מיר ווי מיט עפּעס איבערגעבונדן, א דרעמל וועל איך עפּשער יאָ כאַפּן.

גענענדלס טעפּעלע ריאַזשענקע לאָז איך שטיין פאַר דער מאמעס וועגן אַף שפּעטער. אוי, אַן אוויירע, ניטאָ אזא גוטערפּרײַנט, צו וועמען לויפן אָנזאָגן די פריידיקע בסורע, אַז מײַן מאמע איז מיט מיר. די שוועסטער־לעך אין קינדערהויז טאָרן ביכלאַל פון גאָרנישט ניט וויסן.

בא דער מאמען פרעג איך נאָר:

— וואָס ווערסטו איצט זאָגן אַפּן כאַווער יאַקאָוו?

דערויף ענטפערט זי:

— קיין מעלאַמעד איז ער ניט. א מענטש ווי אַלע מענטשן, עלע וואָס דען, ער שטייט נעענטער צום עמעס. צום מענטשלעכן עמעס, — גיט זי מעיושעוודיק צו.

# אין גאַס

וואָס א טאָג, ווערט אין דרויסן הייסער, זוניקער.

מיר זײַנען ביז גאָר ליב די באַרשעווער אופגעלעבטע גאַסן, דער פּריי־לעך־זשומענדיקער טײַך, די גרין באַדעקטע ערד, די ווײַסע הענגלעך אַקאַ־ציע, מיט וועלכע מיר, ייִנגלעך, פרעסן זיך אָן ביז בויך־גרימעניש. יעדן פרימאָרגן לויפן מיר כאַפּטעסוויַיז צו דער לאָנקע טרינקען קוואַל־וואַסער, פאַרמעסטן זיך אין שווימען, ליגן שאָענלאַנג אַפּן זאַמד־ברעג הויל־נאַקעט, ביז די זון סמאַליעט גוט אָן אונדזערע לײַבער, דאַן לויפן מיר ווידעראַמאָל, אָדאָם־נאַקעט, צו די קילע קוואַלן שטילן דעם דאָרשט. הויך איבערן קאָפּ הענגט א ווייכער הימל, אָנגעפילט מיט בלענדיקער טאָג־שײַן, פון מאָל צו מאָל גליטשט זיך דורך א ווינטעלע, וואָס קושט און גלעט יעדער אייווער. אַלץ, אַלץ אין דער וועלט איז מיר ליב און טײַער: סײַ די צע־פּראַלטע הייס־אָנגעבאַקענע הויפן, סײַ די רוישיק־ווימלענדיקע מערק, סײַ די צעעפנטע טיר־און־פענצטער אין די הײַזער.

ס׳איז גאָר קיין כידעש ניט, וואָס דער דרויסן איז געוואָרן מײַן צווייטע היים: בעמיילע גייט די מאמע אַפּן גאַנצן טאָג אוועק צו איר נײַער אַרבעט און קערט זיך אום שפּעט, אַרום סאָף טאָג. טוט א צי באַם האַרצן,

שפרינג איך אַרײַן אין קיך, נישטער איבער אַלע טעפּ, אַ שמעק דאָ, אַ שמעק דאָרט, עפּעס־וואָס געפינט זיך צום קײַען. אָף איין פוס אַ מאַלעגײרע געטאָן — און ווידער אין דרויסן. אַ שאָד, וואָס איך אַליין קאָן זיך ניט טיילן אָף עטלעכע „איכן". אין איין און דער זעלבער צײַט גלוסט זיך סײַ זײַן אָפן טײַך, סײַ אַרומפּויזען צווישן די מאַרק־וועגענער אָף דער טאָרהאָוויצע, סײַ נאָכגיין דער עקסקורסיע פון קינדערהויז, וועלכע ציט זיך צו דער געוואַנט־פאַבריק, סײַ פירן מילכאָמע מיט ייִנגלעך פון אַן אַנדער גאַס.

יעדער גאַס האָט זיך איר קאָמפּאַניע ייִנגלעך, און אַלע פירן צווישן זיך מילכאָמע.

די סאַמע שטאַרקע כאַליאַסטרע, פאַר וועלכער אַלע אַנדערע קאָמפּאַ־ניעס האָבן מוירע איימעס־מאָוועס, איז נאַכמענס קאָמאַנדע, נאַכמען דעם דיביניצערס. זײַן קאָמפּאַניע באַשטייט פון דרייסטע כעוורע, גרויסע אײַנ־שטעלער, מוירעדיקע ריזיקאַנטן. דער נאָמען אַליין פונעם אַטאַמאַן האָט אָף אונדז, ייִנגלעך פון מײַן גאַס, אָנגעוואָרפן אַ פּאַכעד: „דער דיביניצער האָט געהייסן!", „ער גייט, דער דיביניצער!". ווער איז ער, אָט דער נאַכמען? אַ כעווראַמאַן פון אַ יאָר דרײַצן, נאָר געזונט אַן אײַזן, אַן עמעסער גוואַר. נאַכמענס פאָטער איז אַ טעפּער. ווערדליק מע דערציילט, איז עס אַ ברייט צעצווײַגטע מישפּאָכע — שוועסטער, ברידער, פעטערס, מומעס, וועלכע גייען אונטער איין נאָמען: די יאַמפּאָלסקיס, נאָר רופן רופט מען זיי „די דיביניצער", מאַכמעס זיי קומען אַרויס אַלע פון איין דאָרף — דיביניץ.

אַנומלטן איז מיר אויסגעקומען דערקענען אַ ביסל נעענטער דעם אַטאַמאַן.

אַ היפּשע כאַליאַסטרע צעשמײַעטע ייִנגלעך איז געלאָפן מיט אַ פײַ־פערײַ איבערן שליאַך אָפן וועג צו דער בריק איבערן ראָס. ניט באַטראַכ־טערהייט האָב איך זיך אײַנגעשלאָסן אינעם שטורעמדיקן געלויף. געטריבן פון עפּעס אַ מין ווילדן קויעך, בין איך, ווי אַלע איבעריקע צעפּאַליעטע ייִנגלעך, געלאָפן צעשויבערט, צעכראַסטעט און געשריגן אָף וואָס די וועלט שטייט:

— דאַ־אַ־אַ־יאָ־אָש!

ווער האָט צײַט פרעגן אינעם מישמאַש, וווהין לויפט מען? נאָך וואָס לויפט מען? פאַר מיר איז גענוג, וואָס איך געפין זיך אין סאַמע רעכטן טאַראַראַם, אין דער שטורעמדיקער אָנגריף־אַטאַקע און קאָן זיך אויך פילן, גלײַך מיט די איבעריקע ייִנגלעך, פאַר אַ באַל־ניצאָכן:

— דאַ־אַ־אַ־יאָ־אָ־שש!

ערשט דעמלט, ווען מיר זײַנען אַרוף אָף דער בריק, האָב איך דער־זען נאַכמען דעם דיביניצער. ער איז געשטאַנען אַ צערודערטער, אָנגעג־שפּאַרט מיט דער פּלייצע אין דער פּאָרענטשע, אַרומגערינגלט פון זײַנע געהילף־קאָמאַנדירן. איינעם פון זיי, פאַליק דעם געלן, האָט ער דערלאַנגט אַ קלינגענדיקן פּליאַסק, אַז יענער האָט זיך אַזש צוגעבויגן.

— נעמט אים אַוועק, איך וועל אים באַלד דערוואַרגן ווי אַ סוסליק!

אַזאַ רישעס פון אַ יונגאַטש האָב איך נאָך ניט געזען. פונקען פײַער שלאָגט פון זײַנע מיט ווילדן קאַס אָופּגעבליצטע אויגן. איין אַרבל פונעם

העמדל איז באַם דיבּיניצער אָפּגעשפּרונגען, דאָס העמדל אַליין איז פול מיט לעכער און געפּלאַצטע נאָטן. די פּראָסטלעכע לײַוונטענע הויזן, פאַרוקט הויך אונטערן רימען, האָבן ניט קיין שענערן אויסזען: אײַנגעלאָפּענע קנייטשן, בלאָטיקע פלעקן, דורכויס פאַרדריפּעט און פאַרליאַפּעט. נאָכמען לייגט דערויף קיין אַכט ניט, ער איז שטאַרק פאַרטראָגן מיט בילכערס, דער קאָפּ זײַנער איז שטאַרק פאַרשלאָגן מיט דער ניט־געלונגענער מילכאָמע־אָפּעראַציע.

דעם דיבּיניצערס היפּשע מאַכנע איז געבליבן שטיין געהאַמעוועט אויף דער סאַמע מיט בריק. איצט האָט נאָכמען גענומען זיך צערעכענען מיט זײַנע אַדיוטאַנטן אויף זײַן אויפן:

— איינציקוויַיז וועל איך אײַך מיט א קאָפּ מאַכן נידעריקער!

דער אַטאַמאַן וואַרפט זיך אין אַלע זײַטן. ווען ער רוקט אונטער א צונויפגעקלעמטן פויסט און ווען ער טוט א שטויס אָפּ פון זיך. קיינער קאָן אים אין אָט דער פאַרביטערטער מינוט מיט גאָרניט צוטרעפן.

— פון מײַנע הענט, — שרעקט ער, — דרייט מען זיך גרינג ניט אַרויס. ווען עס קומט שמײַסן, וועט מען שמײַסן אָן טערוצים, און ווער עס האָט פאַרדינט, מע זאָל אים קאַטעווען, וועט מען קאַטעווען...

וואָס איז דאָ פאָרגעקומען? פון אָנהייב איז מיר שווער געווען צו פאַרשטיין. שפּעטער ווערט דער איניַען פאַר מיר קלאָרער. העכער א העלפט כעוורע פון דער כאָפּטע האָט געזאָלט געהיים נאָכלאָקערן באַ דער הרעבליע דער קאָמפּאַניע יינגלעך פון „זאַראָס" — די, וואָס ווינען פון יענער זײַט ראָס. מע האָט געדאַרפט הינטן־אַרומער פאַרגיין די „זאַראָסיער" אין רוקן, דערנאָך אומגעריכט אופהייבן א געשריי, פאַרטומלען זיי די מויכעס און טרײַבן צו דער בריק. דאָ האָט אָפּגעוואַרט נאָכמען מיט א קלענערער מאַכנע שלעגער, דערפאַר אָבער סאַמע די פלינקסטע און שטאַרקסטע, וואָס קענען אויסהאַלטן דעם סוינעס קלעפּ, אויסשטיין געפערלעכע אַטאַקעס, דערנאָך דערלאַנגען א קלאַפּ, אַז מע זאָל פאַרזאָגן א צענטן... אַזוי איז געווען אויסגעאַרבעט דער פּלאַן פון פריער. אָבער אַז אַלע יינגלעך ביזן לעצטן האָבן זיך געלאָזט ניט צו דער הרעבליע, נאָר צו דער בריק, האָבן די „זאַראָסיער" געהאַט א מעגלעכקײַט אָפּצוטרעטן פראַנק־און־פרײַ. דאָס, וואָס נאָכמען מיט זײַן קליינער קאָמפּאַניע איז אויסגעשטאַנען דאָ אויף דער בריק, איז ניט צו באַמאָלן. ניט איין שטיין האָט ער געכאַפּט אין קאָפּ, פונעם פּאָנעם איז גערונען בלוט.

דער אויסגעאַרבעטער פּלאַן צו פאַרטיליקן דעם פײַנט איז צו שטאַנד ניט געקומען. און אַלץ איבער וועמען? איבערן געלן פאַליק. א סוואָרע, אַז ער זאָל האָבן אָפּגעטאָן דעם אַטאַמאַן אויף טערקיש. דער געטרײַער דיינער האָט, ווײַזט אויס, פּאָשעט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דער אַטאַמאַן האָט אים באַפוילן. און ווײַטער ווער ווייסט, וואָס באַ יענעם אין האַרצן טוט זיך? דערווײַל האָט ער געכאַפּט דעם ערשטן פײַערדיקן פּליאַסק. א פאַרדינטער צי ניט פאַרדינטער, — דאָס וועט מען שפּעטער זען. ווייסן ווייסט מען, אַז ער האָט געדאַרפט פירן די כאַליאַסטרע דורך דער הרעבליע, און ער, דער געליימטער מאָלאָדיעץ, האָט, ווי א פאַרעטער, זי געטריבן צו דער בריק.

צוריקוועגס איז מען ווי די אָפּגעשמיסענע געגאַן צעוואָרפֿן, טיטש־קעסוויַיז, די קעפּ אַראָפּגעלאָזט. עמעס, רעכענען רעכנט זיך עס ניט פֿאַר קיין מאַפּאָלע, נאָר דער דיביניצער האָט ביז איצט נאָך ניט געוווּסט פֿון אַזעלכע דורכפֿאַלן. די, וועלכע האָבן זיך פֿאַרזינדיקט, וועט ער האַרב באַשטראָפֿן אָדער אינגאַנצן באַזייַטיקן.

כ'האָב זיך געשלאָגן מיט דער דייע, בלייַבן צי ניט בלייַבן בײַ נאָכ־מענען אין דער קאָמפּאַניע. מיר געפֿעלט שטאַרק די דרייסטע האָפּערדיקע כעווריַע, דער דיביניצער כוואַט שוינט נישט ניט זיך און ניט אַנדערע, אָבער דערפֿאַר האָט זיך נאָך ניט געפֿונען קיין צווייטער ביז איצט, וואָס זאָל אים קאָנען בייַקומען. דערווייַל, ביז עפּעס וואָס, האָט זיך געפֿונען אַ ווערעמדיקע ייִנגל, וואָס האָט געוואָרפֿן אַף מיר אַן אומכיין און פֿאַרמאַ־סערט מיך פֿאַר נאָכמענען, אַז איך בין קיין ניט קיין זייעריקער.

— ביסט אַן אונטערגעשיקטער? — כאַפּט מיך נאָכמען בײַ דער האַנט און קוועטשט אַרייַן דעם גראָבן פֿינגער אין מייַן לייַב, דאָרט, ווו עס שלאָגט דער דויפּעק. — ביסט אַן אונטערגעשיקטער? דו פֿאַרעד מיר ניט די ציין. זאָג: פֿון וועמען?

דעם כאַלעף־שאַרפֿן בליק האַלט איך אויס. איך קוק אים אויך גלייַך אין די אויגן אַרייַן, ווייַז קיין סימען ניט, אַז דער אַרייַנגעקוועטשטער אין מייַן לייַב פֿינגער פֿאַרשאַפֿט מיר אַ שרעקלעכן ווייטעק. דעם דיבי־ניצער פֿאַרדריסט ביז גאָר, פֿאַרוואָס רייַסט זיך בײַ מיר ניט אַרויס קיין קרעכץ. ווען איך צעוויין זיך, וואָלט אים מיסטאָם געוואָרן גרינגער אַף דער נעשאָמע.

אָבער דאָס גראַדע וועט ער בײַ מיר ניט פּויעלן.

— זײַ זיך מוידע, — קריצט ער מיט די ציין, דערנאָך נעמט ער שפּאַ־נען גלייַך אַף מיר. איך טרעט פּאַמעלעך אָפּ הינטערווייַלעכס, ביז ער שפּאַרט מיך צו צו אַ ציגל־וואַנט, ווייַזט אַ געזונטן אייַזערנעם פּויסט.

— זעסט? דאָ אָפּן אָרט וועל איך דיך מיימעסן. זאָג! רעד! דערציילן! צי דו ווילסט בלייַבן אַ שטומער? ביי־ינדן! אויסטאָן נאַקעט און אים בינדן!

אפֿן דיביניצער קאָן מען זיך אַלץ ריכטן.

אָן לאַנגע שיִעס טו איך אַליין אויס דאָס העמדל. מייַן ווידערשטאַנד, פֿאַרשטיי איך אַליין, איז דאָ איבעריק.

אַלע כאַלעשן וויסן, ווער בין איך, פֿון וואָס פֿאַר אַ גאַס? ווער האָט מיר געהייסן אַרייַנדרינגען אינעם דיביניצערס כאַיִל? אויב ס'איז אַן עמעס, אַז איך בין געקומען פּרייַוויליק, אָן בייזע קאַוואָנעס, פֿאַרוואָס זשע האָב איך גלייַך ניט געמאָלדן, וועמען מע דאַרף מעלדן?

— לייַגסט!

— אויב מייַן וואָרט איז בײַ אייַך קיין וואָרט ניט, איז טוט מיט מיר, וואָס איר ווילט. ס'איז אייַער זאַך. נאָר וואַרפֿט מיך ניט איבערן פּלויט... — טו איך זיך לייַכט אַ כאָכמע.

— שווייַג! ביסט אַ געפֿאַנגענער!

הערט נאָר אַ פּאַטעפּאַלנאָסט, טאָמער וועל איך ניט אָנערקענען מייַן שולד, וועט מען מיך פֿירן אַ נאַקעטן איבער דער שטאָט.

אָט דאָ, אויסער דער שטאָט, אינעם קליינעם אראָפּגעלאָזטן יארל, געדיכט ארומגעוואקסן מיט ביטערגראָז, היגטישער פּעטרישקע, געפינט זיך דעם דיביניצערס קאָמאנדע, פאנאנדערגעטיילט אין רינגען און אין מאכנעס. יעטווידע פון זיי האָט זיך זייַן קאָמאנדיר, אָבער דער העכסטער קאָמאנדיר, וואָס האָט צו שאפן איבער אלעמען, איז נאכמען אליין. און אָט ער האָט עס ארויסגעטראָגן די הארבע שטראָף איבער מיר.

די רעכטע האנט באם דיביניצער איז מאָטעלע זוויגילסקי פון דער קאראטשענע, א זשוואווינק נעפּעשל, דורכגעטריבן ווי צען רוכעס. מיט אלעמען איז ער א טייַערער גוטערברודער. נאָר אין די אויגן איז ער איינס, הינטער די אויגן איז עס גאָר אן אנדער מאָטעלע. דער „יאָ“ מיטן „ניין“ איז בא אים געשפּאנט אין איין פּאָר.

אין דער דיביניצער קאָמאנדע רופט מען אים „דאָס וויזעלע“. אָט דאָס וויזעלע גיט עס אוף דעם אטאמאן אלע קלוגע געדאנקען און פּלענער.

— הערסט, נאכמען, — רופט זיך אָן מאָטעלע, — ס'א כארפּע אים פירן אָדאָם־נאקעט... דערנאָך וועט מען זאָגן אף אונדז דער רועך ווייסט וואָס. נאכמען, מיר דארפן עס אף קאפּאָרעס, זאָל ער ארייַנטראָגן עפּעס קליינגעלט און פּאָטער אן אייסעק. ניט קעדיי איינשמירן די הענט.

דערוף ענטפערט נאכמען:

— ס'קאָן זייַן, דו ביסט גערעכט, אָבער מיר געפעלט ניט זייַן אקשאָנעס. קיין האלב וואָרט וועסטו בא אים ניט ארויסציִען. א געפאנגענעם לאָזט מען פרייַ, נאָר אן אונטערגעשיקטן דארף מען פּלעטן דעם קאָפּ.

— פונוואנען נעמסטו, נאכמען, אז ער איז אן אונטערגעשיקטער?

— אין דעם באשטייט דאָך די גאנצע צאָרע, וואָס איך ווייס ניט פּינקטלעך. ווען איך זאָל וויסן אקוראט, אז דאָס איז א שפּיק, וואָלט דער שמינדרעק ארויס פון מייַנע הענט בלאָוו. ווייסטו וואָס, מאָטעלע? האָב דו מיט אים צו טאָן, — ווארפט נאכמען אָפּ מיט דער האנט, — מיר איז ער דערעסן געוואָרן.

קוידעמקאָל האָט „דאָס וויזעלע“ פאראָרדנט צוריק מיר אומקערן דאָס העמדל מיט די הייזלעך.

— מירן ריידן, — זאָגט ער, — אויג־אף־אויג, נאָר מיט איין טנייַ, ניט געפעלשט. ווילסט בלייַבן אין אונדזער קאָמפּאניע?

— ניין, — ענטפער איך אים קורץ און שארף.

אף אזא ענטפער האָט „דאָס וויזעלע“ זיך ניט גערעכט.

— וואָס הייסט, דו ווילסט ניט? — קוקט ער מיך אָן פארכידעשט.

— אָ־דאָס הייסט...

מייַן קעגנשטעלן זיך וווּנדערט מאָטעלען ביז גאָר. די פיל צעשטעקטע נעדעלעך אין זייַנע גרינע אגרעס־אויגן ווערן נאָך שארפער פארשפּיצט.

— פארוואָס ווילסטו ניט בלייַבן?

— פּראָסט און פּאָשעט, איך וויל ניט, און שוין. אייַער קאָמפּאניע געפעלט מיר ניט. זעסט, וואָס פארא בלויע סיניקעס מע האָט מיר געלאָזט אפן לייַב?

— קלער זיך איַין, — וואָרנט ערנסט „דאָס וויזעלע“, — וואָס דו רעדסט. פארגעס ניט, אז דערווייַל ביסטו בא אונדז אין די הענט.

— איך מיין ניט דיך, מאַטעלע, — כאַפּ איך טייקעף צוריק, — דײַן קאָמאַנדיר, — זאָג איך, — באַגייט זיך ניט אָרנטלעך.

— גערעכט. וואָס גערעכט, איז גערעכט, — שטעלט זיך דאָס כיטרע ווײַזעלע אַף מײַן צאַד. — אַז מע האָט לאַנגע הענט, שטופּט מען זיי. נאָר וואָס קאָנסטו מאַכן, אַזאַ טעווע איז שוין בײַ נאַכמענען, אַ מיִעסע טעווע — יעדער שטיקל סכוירע פּרוּוון מיטן נאָגל.

— וואָס בין איך אים — אַ שטיקל סכוירע?

— היץ זיך ניט שטאַרק. ווערליק מיט אַנדערע, איז נאַכמען זיך מיט דיר באַגאַנגען בעפּיירעש לײַטיש, וואָרעם האָסט געקאָנט אָפּשנײַדן אַ סאַך ערגער, אַף מײַן וואָרט — ערגער.

איך זע דען ניט, ווי „דאָס ווײַזעלע“ דרייט זיך אַפּן קאָרעק? וואָס זשע וויל ער פאָרט פון מיר, אָט דער כיטרער מאַטעלע זוויגילסקי, נאָכ־מענס רעכטע האַנט? נאַכמענען גיט ער אָפּ דאָס גערעכט, מיר גיט ער אָפּ דאָס גערעכט, עפּעס וויל ער זיך נייטיקס דערגיין בײַ מיר...

— פּייסיען פונעם סאַלאָן קענסטו?

— געהערט האָב איך פון אַזאַ נאָמען, נאָר אין פּאָנעם קען איך אים ניט.

— נו גוט, זאָל דערווײַל זײַן אַזוי, ווי דו זאָגסט. און די יִינגלעך פון זײַן קאָמפּאַניע קענסטו?

— לעמאָשל, ווּעמען?

— לעמאָשל, דאָווידל גראַנאַט, אַרל טשאַד, פּיני זשאַבאַ...

— מאַטעלע, האָסט אַ טאָעס, — שלאָג איך אים איבער, — דאָס זײַנען דאָך אַלע כעוורע פון דער קאָרסונער גאַס.

— גאָר אַ קליינער כילעק. קאָרסונער גאַס, סאַלאָן, — וויל „דאָס ווײַזעלע“ לאַנג ניט ברײַען, — ס'איז אַלציינס ווי אַן אויוון מיט אַ פּריפּעטשעק. די יִינגלעך האַלטן זיך דאָרט פון שטענדיק אָן אינאיינעם, בײַ זיי איז איין האַנט, דאָס גראַדע ווייס איך בעסער אַ ביסל.

— די קאָרסונער גייען אַלע אין שול.

— וואָרט צו, — טוט ער זיך מאָדנע אַ קנייטש, — דאַפקע ניט אַלע. נו גוט, וואָס זשע איז דערפון געדרונגען, אַז זיי גייען אין שול? פון אונדזער קאָמפּאַניע גייען אויך אייניקע אין שול, ווער אין דער אוקראַיִנישער און ווער אין דער יִידישער. פירן מיר קיין מילכאָמע ניט?

— דער דיביניצער גייט אויך אין שול? — איז מיר זייער ציקאַווע וויסן.

— מיט נאַכמענען לערנט מען אין דער היים. דאָס לערנען קומט אים אָן שווערלעך, בײַ אים איז אַ דיביניצער קאָפּ, — טוט „דאָס ווײַזעלע“ אַ קורצן פּכיקע אין זשמעניע אַרײַן.

— מאַטעלע, און דו אַליין לערנסט ערגעץ?

— יאָלד מאַקאַראָווער, צו וואָס לערנען? — לאַכט ער זיך פון מיר אויס. — אינגיכן ווער איך אַ באַלעגאָלע. אָסיען־צײַט, האָט די מאַמע מײַנע אָפּגערעדט, שטעל איך זיך בײַ נאַפטאָלען פאַר אַ שמײַסער. איך האָב ליב פערד דאָס כײַעס. אַלע פאַרנאַכט גיי איך אַראָפּ צום טײַך באָדן דעם גניאַדן. נאַפטאָלע זאָגט אַליין, אַז דער גניאַדער ווערט נאָך מיר די קאָר־פּאָרע. מיט מיר וועט דאָס פערד גיין אין פײַער און אין וואַסער.

מיטאמאָל האָט מען אָנגעהויבן קלינגען אין א שטיק רעלס, וואָס הענגט אף א פּארטריקנטער צווײַג.

— מאַטעלע, ס'איז בא אײַך א טרעוואָגע?

— לאָקש איינער, דאָס גיט מען צו וויסן די יאטן, אז ס'איז שאבאש, אָפּרו. ווער עס וויל, קאָן גיין אהיים.

— און איך קאָן אויך גיין אהיים?

„דאָס וויזעלע" האָט זיך געזומען דרייען אפן קרעמפּעלעץ. עפּעס קווענקלט ער זיך צופיל, זוכט פּוילע טערוצים.

— ווען גיין א ביסעלע שפּעטער, — קוועטשט ער זיך אויס מיט א צוליבטועוודיקן קנייטש, — פארשטייסט, ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, מוזסטו באצאָלן עפּעס וואָס שטראף. אזא פּאָריאדעק איז בא אונדז אײַנגעפירט. עס מעג זײַן א קלייניקייט, אפילע גאָר א קלייניקייט. וואָס האָסטו בא זיך אין די קעשענעס?

— אַן אויסגעקרימטן פּראָפּנציער.

— וואָס נאָך?

— אַן אייגל פון א בריל. א צוויאָק מיט א שליסל...

— אָט־אָט, — טוט ער זיך א כאפּ דערפרייט, — דאָס דארפן מיר. דעם צוויאָק מיטן שליסל גיב אָפּ. דאָס רעכנט זיך געווער. געווער נעמט מען צו, אזוי איז אײַנגעפירט אומעטום, דאָס הייסט — מע האָט דיך אנטוואָפנט.

ניין, מאַטעלע, דאָס הייסט, פּאָשעט גערעדט, צוגענומען.

— ווײַז איצט, וואָס האָסטו נאָך דאָרט, אין דער לינקער קעשענע.

פון דער לינקער קעשענע ציִ איך ארויס א האלב ביינערן קעמעלע, א היפּשע געזונטע קנאָפּקע פון א בײַטעלע און א ניקעלירטע פּריאזשקע. ציִ וויל ער יאָ, ציִ וויל ער ניט גלייבן, נאכמענס פליגל־אדיוטאנט, דאָס איז מײַן גאנץ פּארמעגן.

— מער האָסטו גאָרניט? דאָס אלץ, וואָס איך זע פאר די אויגן, איז רעקוויזירט, ניט דײַנס און ניט מײַנס... און אצינד מארש אהיים!

איך בין געלאָפן אהיים, ווי פון א מאגייפע.

## ביכער

כ'האָב אָנגעטראָפן אף א גאָלד־גרוב. אַן עמעסער אויצער — ביכער...

אָבער דורך וואָס פאר א וועג קריגט מען די דאָזיקע ביכער? איך ווייס ניט, ווי פאר וועמען, נאָר פאר מיר איז עס געווען גאָרניט פון די לײַכטע זאכן.

קוידעמקאָל האָב איך צו פארדאנקען יאנקעווי־יאָסל דעם סטאָליערס ווײַב, די שאָכנטע אונדזערע, גענענדל. מײַן מאמע פירט מיט איר אלע אפדערנאכט געמיטלעכע שמועסן לעבן דעם נידעריקן אָפּצוים אונטערן ווילד צעצווײַגטן בארנבוים. דאָס איז א מין ווײַבערישע פארברענגעניש. די סטאָליאריכע שטעלט אוועק פון יענער זײַט א פוסבענקעלע, מײַן מאַמע — פון דער זײַט, און מע קאָן אזוי ארײַנזיצן ביז שפּעט אין דער נאכט ארײַן.

די געווזעזנע סארווערן גענענדל (הײַנט רופט מען זי שוין די סטאָליאַריכע) איז א ביז גאָר הייסע ליבהאָבערן צו לייענען. אין שאָמערן איז זי פארקאָכט סאקאָנעס־נעפאָשעס, צוליב שאָמערס א ליאדע ראָמאַנביכל איז זי קאפאבל אײַנלייגן וועלטן. כוץ דער טכינע און שאָמערס ראָמאנען, זאָגט זי, דארף זי קיין שום ספאָרים ניט. מאמעש צום שטוינען, מיט וואָס פאר א ציטער אין הארצן זי לייענט פאָר דער מאמען די אלטע אויסגעקראָכענע בלעטלעך. ס׳נאָך ניטאָ וואָס צו וויינען, און זי, די סטאָליאַריכע, גיסט שוין הייסע טרערן.

אנומלטן טרעפט, אז יאנקעוו־יאָסלען פאלט ארײַן א שטיקל ארבעט — שטעלן נײַע הילצערנע קאָרבן בא עלכאָנען דעם מוטשניק אין דער מעל־קראָם. עלכאָנע דער מוטשניק איז אן עלטערער מענטש, א פרומער ייִד, מיט באָרד־און־פּייעס, אונטערן קארטוז טראָגט ער א יארמלקע. בעטעווע א רוזקער, א שטיל־געלאסענער, ער וועט, כאָלילע, קיינעם ניט אָפּנארן אין דער וואָג, פירט פון קאדמוינים זײַן סאָכרישן האנדל בעדערעך־יוי־שער. מעג אפן מארק זײַן אן ענג שטיקל צײַט, וועט ער דעם מעקעך ניט העכערן. א וואָרט איז א וואָרט. רעב עלכאָנען גלייבט מען, ווי מ׳גלייבט זיך אליין. בעפיירעש אן אָרנטלעכער מענטש, מיט מידעס־טויוועס, אָבער, ניט פאר קיינעם געדאכט, א קאמצן. כאָלילע ניט פון די, וואָס ציילן די גרויפּן אין טאָפּ, נאָר ער גייט מיט דעם אלטן קלאל: פאר־שפּאָרן דעם גראָשן איז אלציינס, ווי פארדינען דעם גראָשן, אָדער, ווי ער זאָגט: גוט און ווויל איז צו דעם, וואָס קאָן אָן גנייווע און גזיילע מאכן פון א קאָפּעקע א קערבל.

דער סטאָליער ווייסט ניט פון קיין כאָכמעס, ער בעט אן אדערוף — מע דארף ברעטער, צוויעקעס, קליי און טאקע פירן די שטוב־הויצאָע אויך. ווי דען אנדערש?

— אן אדערוף... מ׳צא... אן אדערוף, — קנייטשט זיך דער אלטער קאמצן, — נו יאָ, אוואדע, איך פארשטיי...

רעב עלכאָנע הייסט דעם סטאָליער, ער זאָל זיך מאטריִעך זײַן ארײַנ־קומען אָדער עמעצן ארײַנשיקן צו אים אהיים ארום דאָנערשטיק, מירצע־שעם. דאָרט, בא זיך אין שטוב, וועט ער געבן עפּשער א העלפט פונעם אָנגעבאָטענעם אדערוף.

אָפּנעמען א כויוו, כאפּן א גמילעסכעסעד, צובאָרגן אין א קראָם אָדער גיין לאָדן זיך צווישן מענטשן איז די סטאָליאַריכע גענענדל געווען א מאזיק — א בעריע. זי האָט זיך קיינמאָל נישט אומגעקערט מיט ליידיקס. יאנקעוו־יאָסל באריִמט זיך, אז דאָס ווײַב זײַנס, ווי איר קוקט זי אָן, קאָן אפילע צוטרעטן צום העכסטן מיניסטער.

— מײַן פלוינעסטע, זאָל לעבן און געזונט זײַן, איר שפּילט זיך מיט מײַן פלוינעסטע! — לויבט דער סטאָליער דאָס ווײַב זײַנס אין טאָג ארײַן. — אן עמעסע איישעס־כאַיִל, א כאכאָמע איינע אין דער וועלט, זי וועט איבערקליגן הונדערטער מאנצבלען.

ווען די סטאָליאַריכע איז געקומען אינעם אָפּגערעדטן דאָנערשטיק צום אלטן מוטשניק אין שטוב ארײַן נאָכן אדערוף, האָט זי אין הויז־קאָרידאָר געטראָפן א יונגנמאן, מיט א הויכן שטערן פון א יעדייע־סייפער, שטיין

איבער א גרויסן קאסטן ביכער. אלטע און נײַע, מיט טאָוולען און אָן טאָוולען, דינינקע און גראָבע.

— ס׳האָט מיך ארומגעכאפט, ניט פאר אײַך געדאכט, א קאדאָכעסטרייסלעניש,— דערציילט גענענדל מײַן מאמען מיט א הייסן אָטעם,— עפשער, קלער איך, געפינט זיך אינעם קאסטן עפעס וואָס שאָמערס... א ראָמאנטשיק... איך שטעל מיך אײַנעט און טו אים א פרעג, דעם יונגנמאן, איידל, שטיל: „געפינט זיך בא אײַך ניט, צום גליק, אין „נויעכס קאסטן" דאָס, וואָס מיר איז צום הארצן?" — „דעהײַנע", — ווארפט ער אף מיר, דער יונגערמאן, א ליבן, פרײַנטלעכן בליק. „דעהײַנע? ס׳מעג אפילע זײַן, — זאָג איך, — פון שאָמערס ביכלעך". אך, אז דער יונגערמאן איז ארײַן אין גרימצאָרן! איר האָט אים נאָר געמעגט אָנקוקן. מאמע מײַנע, ווי דערנעמט זיך צו א יונגן מענטשן אזויפיל קאס? איך בין געבליבן טויט־דערשראָקן, א בייז באפאלעניש איז אף אים ארוף, אָט כאפט אים אוועק די כאראָבע. „שאָמערן ווילט איר? — שרײַט ער. — שאָמערן? און ס׳איז אײַך גאָר קיין ביזאָיען ניט?" וואָס זאָגט איר דערוף? גלײַך ווי איך האָב אים אָפגעגאָסן מיט זודיקן אָקרעפ. א מעשוגענעם מעג מען אויסשרײַבן און אים ארײַנשרײַבן. אזוי ווי ער האָט געהאלטן דעם פאק ביכער, טוט ער אים א זעץ אין דר׳ערד ארײַן: „אָט דעם שונד? איר זוכט שאָמערס א שמאטע? פע, א כארפע!" — „וואָס ארט אײַך, — רוף איך מיך אָן, — זאָל זײַן שמאטע, זאָל זײַן שונד, אבי גיט נאָר אהער..." טוט דער יונגערמאן מיר א טיטשע ארײַן אין האנט א קליין דאר ביכעלע: „נאט, לייענט איבער „שאָמערס מישפעט", לייענט און קוויקט זיך..." פאָשעט א פאָרמאלנער צעדרייטער, זאָג איך אײַך. מיילע, אבי כ׳האָב ארויסגעריסן בא אים דאָס ביכל פון די הענט, מער דארף איך ניט. איצט קאָן איך גיין נאָכן אדערוף.

רעב עלכאָנע אליין איז געזעסן אָפגעזונדערט אין א שטילן זײַטיקן כיידער, פארטיפט איבער א סייפער, ווי דער שטייגער זײַנער איז. ווי נאָר איך בין ארײַן צו אים, האָט ער גלײַך דערזען, דער אלטער לאמדן מיט די האלב צוגעמאכטע אויגן, וואָס איך טראָג, טוט ער א פרעג: „האלט איר בא זיך ניט צומאָל קיין האגאָדע פארן מאן צי עפשער א מעגילע?" — „ניין, רעב עלכאָנע, — דערצייל איך דעם אלטן מוטשניק, ווי דער עמעס איז, — ס׳א טײַטש־ביכל". — „ע, — מאכט ער אוועק מיט דער האנט. — טרייף־פאָסל... כ׳וויל דערפון ניט וויסן". — „אײַער זון, זאָל געזונט זײַן, — רעד איך אין אים ארײַן, — האָט זיך מעראכעם געוועזן אף מיר, קוים געפויעלט דאָס דאָזיקע ביכעלע אף א פאָר טעג... פון פאָרנט, אין קאָרידאָרל בא אײַך, שטייט, קיין אײַנהאָרע, א פולער אָנגעטאסעוועטער קאסטן מיט קאָלערליי ביכער". — „כ׳וויל דערפון ניט האָרכן, — פארשטעלט ער דאָס פאָנעם, — א הולטײַ, אן אפיקוירעס. אז ער פאָרט אוועק, בין איך זיך עמעס מעכײַע. זאָל ער זײַן געזונט און שטארק ביז הונדערט צוואנציק יאָר, נאָר ערגעץ אנדערש, כ׳קאָן אפילע ניט לײַדן דעם רייעך פון די ביכער זײַנע".

— וואָס וועל איך אײַך זאָגן? דער סאָף איז נאָך שענער פונעם אָנהייב, — טיילט זיך גענענדל מיט מײַן מאמען אפן צווייטן צי אפן דריטן אפדערנאכט, טאקע זיצנדיק באם נידעריקן פלויטל אונטערן ווילדן בארנ־

בוים, — ווי נאָר כ׳האָב אַ מיש געגעבן דאָס אויסגעבעטענע ביכל, איז מיר גלײַך פינצטער געוואָרן אין די אויגן. לאָזט זיך אויס, אַז ס׳איז גאָר אַ קריטיקע אַף שאָמערן, און נאָך וואָס פאַר אַ קריטיקע. ער לייגט אים אַרײַן נײַן איילן אין דער ערד, אָט דער שאָלעם־אַליכעם מיט זײַן לאַ־כערײַקע. אײַ, שלאָגט ער מיט אים קאַפּאַרעס, ווי אַן עמעסער ראָשע. פאַרוואָס, פרעג איך אײַך, איז ער אין אים זיך אַזוי נויקעם? מיינט איר עפּשער, שאָמער איז קלענער געוואָרן אין מײַנע אויגן? האָט איר גרײַ־לעך אַ טאָעס!

זעט אויס, אַז מײַן מאַמע האָט אויך אַ שטיקל אַנונג וועגן שאָמערן.

— מאַכט פון אים ניט קיין צימעס, — זאָגט זי צו געגענדלען, — גאָר אַ קליינע מעציִע איז אײַער שאָמער. ער טראַכט אויס אַזעלכע פּוסטע מײַסעס, מאַמעש סע שלאָגט צום האַרצן. זײַנע באַסמאַלקעס מיט די פאַר־קישעפטע שלעסער האָט ער אַפילע אין כאָלעם ניט געזען.

— ריבוינעשעלוילעם! — רופט אויס די סטאָליאַריכע אויסער־זיך. — צי איך בין מעשוגע, צי איר זײַנט דול.

רעב עלכאָנעס זון מיט זײַן קאַסטן ביכער איז ניט אַף אַ קאַטאָוועס מיר אַרײַן אין נאָז. די גאַנצע צײַט קלער איך, וויאַזוי געפינט מען אַ וועג צו אים. זײַן נאָמען ווייס איך שוין: מע רופט אים אַרל סקליאַר. ניט איין מאָל גיי איך אומיסטן פאַרבײַ דעם מעל־קרעמערס פענצטער, קוק אַרײַן אין יענעם קאָרידאָרל, ווו עס שטייט דער קאַסטן. אין געוויסע שאָען זע איך, ווי ער אייסעקט זיך, אַרל, בא די ביכער. סאָרטירט זיי, קלעפּט אונטער צעריסענע בלעטלעך, שטעלט זיי צונויף אין אָרדענונג, שרײַבט אַרײַן אין אַ קאַטאַלאָגל די, ווײַזט אויס, נײַ־צוגעקומענע ביכער (איך האָב אַמאָל געאַרבעט מיטן כאַווער יאַקאָוו אין דער שטאָט־ביבליִאָטעק, ווייס איך, וויאַזוי דאָס טוט זיך). מיר איז שטאַרק ציקאַווע צו וויסן, פונוואַנען נעמט ער די דאָזיקע ספאָרים. ווײַזט זיך אַרויס, אַז די זאַך איז אַ גאַנץ פּאָשעטע — פון דער פּאָטשט באַקומט ער זיי, די ביכלעך. ער שיקט פריִער אַרויס געלט אין פאַרשיידענע גרויסע שטעט, און פון דאָרט דערהאַלט ער אַף זײַן נאָמען גאַנצע פּעק ביכער. אָבער עלכאָנע, דער פרומאַק, וועט אים דאָך קיין געלט אַף טרייף־פּאָסל ניט שטעקן, שאַפט ער זיך אײַן אַליין, אַרל, די קליינע הויצאָע פאַר זיך פון דעם, וואָס ער גיט פּריוואַטע לימודים.

אַנומלטן איז דער אַרל אַרויסגעגאַנגען מיט ליידיקע עמער פון דער שטוב און זיך געלאָזט גיין צום טײַך. אָט דאָ האָב איך אים איבערגענומען דעם וועג.

— איר ווילט, — רוף איך מיך אָן, — וועל איך אײַך אַ ביסל צוהעלפן. ברענגען אַן עמער וואַסער איז פאַר מיר גאָרניט שווער, אַ שפּילעכל, אַ שפּײַ...

מײַן וועלן צולאָנטשען זיך איז אים גאָרניט געפעלן געוואָרן.

— דו, — זאָגט ער, — טראָגסט צו זיך אהיים וואַסער, און איך טראָג צו זיך אהיים. העלפן העלפט מען אַ קראַנקן, אַן עלטערן מענטשן אָדער אַ שוואַכער פרוי.

ווײַט ניט קיין נאַר. פונעם ערשטן אויגנבליק האָט ער זיך אָנגע־שטויסן, אז איך גיי צו אים צו מיט כיטרעקײַט. איך אליין דערפיל מײַן פאַלשקײַט. ניין, מיט ארלען איז ניטאָ וואָס צו דרייען א לירע.

— גענענדל די סטאָליאַריכע, — דערציייל איך אים אפן וועג צום טײַך דעם ריינעם עמעס, — האָט גענומען בא אײַך א ביכל „שאָמערס מישפעט״.

— יאָ, — באשטעטיקט ער, — זי האָט גענומען אזא ביכל און געבראכט צו דער צײַט.

— און זי האָט זיך געשמיצט מיטן ביכל, זיך געוואָרפן דערמיט.

— ווארט נאַר, ווארט! פונוואנען ווייסטו? — קוקט ער מיך אָן פאַר־כידעשט.

— איך ווייס, — זאָג איך, — וואָרעם יאנקעוו־יאָסל דער סטאָליער און דאָס ווײַב זײַנס גענענדל וווינען מיט אונדז בישכיינעס, א שטוב איבער א שטוב. בא זיי איז טאקע א שטוב ווי א שטוב, און בא מײַן מאמען איז נאָר א קיך. א שטארק פארלאָזטע קיך.

— וואָס פאַר א שײַכעס האָט עס מיטן ביכל „שאָמערס מישפעט״?

— ווײַל איבער אָט דעם ביכל, — אנטפּלעק איך פאַר אים קימאַט ווי א מישפּאָכע־סאָד, — האָט די סטאָליאַריכע זיך צעקריגט מיט מײַן מאמען אף טויט. גענענדל האָט ליב לייענען שאָמערן מיט אלע כײַעסן.

— נו און דו, — מאכט ער, — וועמען האָסטו ליב לייענען?

אף אזא פראגע האָב איך זיך ניט געריכט. כ׳ווייס אים פּאָשעט ניט וואָס צו ענטפערן. שא, יאָ, פּלוצעם פאַלט מיר אײַן: „ייִנגל־צינגל כוואַט״. און איך שטעל מיך אוועק אף א דערבײַיִקן שטיין, רוף אויס אף א קאָל, ווי די קינדער פון קינדערהויז טוען עס אין ארבעט־פּאַלאַץ אף דער בריי־טער בינע:

ייִנגל־צינגל כוואַט!

כ׳האָב א מײַסעלע א שיינע
פאַר די קינדער מײַנע קליינע.
זײַט זשע, קינדער, שטיל און שא,
ס׳איז מײַן מײַסעלע אזא.
ערגעץ ווײַט, ווײַט־ווײַט פונדאנען,
צוצוקומען ניט מיט באנען,
ניט מיט שיפן, ניט מיט פערד —
ערגעץ אף א ווײַטער ערד...
האָט זיך איינמאָל דאָרט געטראָפן,
אז דער זומער איז אנטלאָפן,
נו, איז וואָס איז דאָ די שרעק,
אז דער זומער לויפט אוועק?..
נאָכן זומער קומט דער ווינטער... ווי־יי־נטער...

קומט צום וואָרט „ווינטער״, שטעל איך זיך אָפּ. דאָ פארהאַק איך זיך שטענדיק. כ׳האָב ניט ליב דעם ווינטער. ארל באוויליקט מײַן לייענען, וואָס הילכט אָפּ, ווי שרויט אין א פײַקל.

— ביסט דאָך א מאַלאַדיעץ! ווייסטו כאָטש, ווער ס׳איז דער מעכאבער?

לאנג פארקלער איך זיך ניט און ענטפער:
— די מומע מאניע.
— און דער פעטער לייב, — גיט ער צו מיט א שמייכל, — דאָרט, ווו ס'איז פאראן א מומע, מוז דאָך אוודאי זײַן א פעטער.
טאקע, ריכטיק. אפן טעוועלע איז אָנגעשריבן אי מאניע, אי לייב.
דאָ צעלאכט זיך ארל געשמאַק, ער לאכט אזוי, אז זײַנע קליינע איי־געלעך ווערן אינגאנצן פארשוווּנדן, די וואסער אין עמער ציטערט אזש אָפּ.
אר־וואַ, רעכט ארײַנגעכאפּט זיך, ווײַזט אויס, כ'האָב געמאכט גאָר א גראָבן גרײַז. איך שטיי ווי א לעקיש, פינטל מיט די אויגן און וויל זיך באגראָבן לעבעדיקערהייט.
אָנגעלאכט זיך, וויפל ס'איז אין אים ארײַן, גיט ער מיר ענדלעך צו דערקלערן:
— מאני לייב איז ניט קיין נאָמען פון א מומע צי א פעטער. מאני לייב איז א ייִדישער שרײַבער. אזא ייִנגל ווי דו, וואָס קאָן אָף אויסווייניק זײַנע מײַסעלעך, מעג וויסן דעם ריכטיקן נאָמען פונעם מעכאבער, און אויב ער ווייסט ניט, שאט ניט, ער זאָל א פרעג טאָן.
זײַן ליבער רויִקער טאָן איז מיר געוועזן צום הארצן. אָף ארלס הויך פאריסענעם שטערן האָבן זיך געזעצט טראָפּנדלעך שוויס. דער טאָג איז א שיינער, דער הימל געלײַטערט, קיין פיצל כמארעלע ניט צו זען, און ארל איז אזוי ווי ארויס פון א נאַרוואָס דורכגעלאָפענעם רעגן, ער איז, קאָנטיק, ניט גאָר קיין געזונטער.
— טפו... ווי די זון סמאַליעט עס א ביסל, — פּאָכט ער אָף זיך מיט א נאָזטיכעלע, — ס'באקט, ווי אין א קאלך־אויוון.
אז מיר זײַנען געקומען פאר דער שטוב צום קרומען מעשופּעדיקן בערגל, האָב איך בא אים קימאט מיט גוואלד איבערגענומען איין עמער וואסער.
ארל איז ניט צופרידן. ער שרײַט אָף מיר אָן:
— שטעל צוריק אוועק דעם עמער. ס'איז ניט פאר דײַנע קויכעס. ווערסט זיך נאָך אונטערײַסן!
ביז עפּעס־וואָס בין איך שוין געשטאנען מיטן עמער וואסער אין דער הייך און געפּעכקעט א פארסאָפּעטער.
— איר האָט א טאָעס, איך בין גאָרניט אזא שוואכינקער, ווי איר מיינט.
אויסגעגאָסן דעם עמער וואסער אין דער דייזשע, ניט ווײַט פון יענעם צויבער־קאסטן, פרעג איך פריילעך:
— עפּשער נאָכאמאָל?
— גענוג, — ענטפערט ער אָנגעבלאָזן, — איך בין ניט איינער אין שטוב.
בישטיקע, מאמעש גבייוויש, האָט ארל זיך ארויסגעשלײַכט אָף די שפּיץ פינגער פון דער שטילער האלב־טונקעלער קיך מיט א פּײַדע ברויט, אָפּגעשניטן פאר מיר א קײַלעכדיק ריפּטל און פאר זיך געלאָזט דאָס הארטע הערביקל, אָנגעריבן מיט קנאָבל פון אלע זײַטן, דערנאָך האָט ער ארויסגעצויגן פון דער קעשענע, אײַנגעוויקלט אין א ריין פּאפּירל, א היפּשן

שטיק טוקענע שמאלץ, ענלעך צו א הרודע צוקער, און עס צעטיילט אַף צוויי גלײַכע כאַלאַקים.

— און צום פּארבײַסן, — רופט ער זיך אָן, — וועל איך דיר געבן א ביכל אַף אהיים. הײַנט איבערגעלייענט און מאָרגן געבראַכט.

— הײַנט איבערגעלייענט און הײַנט געבראַכט! — שרײַ איך א גליק־לעכער אויס.

— א ביכל, — וואָרנט ער, — איז ניט קיין יאָדערן קנאַקן. אז מע לייענט א בוך, דאַרף מען זיך גוט־גוט ארײַנטראַכטן. דאָס דאַוונען קאָן מען נאָך איבערהיפּערן, ס'אַן אָפּקומעניש. אלע טאָג איינס און דאָס זעלבע זאָגן ווערט דערעסן. א ביכל, זעסטו, איז גאָר עפּעס אנדערש, דורכגע־לאָזט א פּאָר זײַטלעך איז אלציינס, ווי דו האָסט דעם בוך ניט געלייענט. ארויסגעוואָרפן דײַן גאַנצע טירחע.

ארויסגעגאַן בין איך פון ארלען מיט א קליין דין ביכעלע פון וואָסערע זעקס־זיבן זײַטן — „נויעך און מאַרינקע".

פון דעמלט אָן גיי איך ארײַן צו ארלען אָפּטער און אָפּטער. ניט אלע־מאָל, ווען איך קום ארײַן, גיט ער מיר ברויט מיט קנאָבל, פון טוקענער שמאלץ איז שוין אָפּגערעדט, נאָר אָן א ביכל גיי איך ניט ארויס. איך פיל זיך מיט עפּעס שולדיק פאר דעם ליבן יונגנמאַן און וויל אים צאָלן מיט א טויווע פאר א טויווע.

— איך וועל אײַך אלע טאָג ארײַנטראָגן וואסער, — זאָג איך צו אים.

לעכאַטכילע האָט ער זיך געקנייטשט: „ס'איז פאר דיר צו שווער, זאָגט ער, נישט פאר דײַנע קינדערשע קויכעס, און כוץ דעם, האָב איך ניט ליב קיין מעשאָרסים, וואָס זאָלן מיך באדינען... איך דאַרף עס ניט".

מיט דער צײַט איז ער אָבער געוואָרן ווייכער. איין טאָג געדונגען זיך, א צווייטן, און האָט אָפּגעלאָזט די ווישקעס. וואָס קאָן דאָ זײַן פּאַשעטער: ער גיט מיר א בוך צום לייענען, און איך ברענג אים אין שטוב ארײַן וואסער.

זינט מיר זײַנען אַף שטומלאָשן דורכגעקומען, איז די דייזשע שטענדיק געשטאַנען א פולע — פול ביז אָן אויג.

א שטיק צײַט האָב איך ניט געוווסט, אז עלכאָנע דער מוטשניק האָט נאָך א יינגל, ארלס א קלענער ברודערל. ער איז קימאַט אין איינע יאָרן מיט מיר. מייערל רופט מען אים. דער מיזיניק וואקלט זיך צווישן אלטן טאַטן דעם פרומאַק און עלטערן ברודער דעם אפּיקוירעס. מייערל איז קלוימערשט פרום, גייט אלע טאָג אין בעסמעדרעש דאַוונען, אָבער נאָר דערפאר, וואָס דער טאַטע האלט איבער אים שטרענג האזשגאָכע, לאָזט פון אים קיין אויג ניט אראָפּ.

פאַרן עלטערן ברודער האָט מייערל גרויס יִיראַס־האַקאָווערד.

— מײַן ארל, — בארימט זיך מייערל, — איז פּאָטשטי א געלערנטער. מײַן ארל פאַרמאָגט א שאַרפן קאָפּ צו אלע „פרעדמעטן".

אין מעשעך פון געציילטע טעג בין איך מיט מייערלען געוואָרן גוט באַקאַנט. אָבער קיין נאָענטע כאַווערשאַפט האָט זיך בא אונדז ניט גע־קלעפּט. עפּעס זײַנען מיר ניט קיין פּאָר.

גרויס האַנאָע האָב איך, ווען ארל הייבט אוף די שווערע דעק פונעם

קאסטן, ווי מע הייבט אוף דאָס דעכל פון א סוקע, שפּארט אונטער בא די זײַטן צוויי געשניצטע שטעקנס, וואָס מע מעג זיך אף זיי פארלאָזן, און נעמט איבערלייגן די ביכער. פאר די אויגן נעמען שווינדלען באקאנטע און אומבאקאנטע נעמען פון מעכאברים, ביכער און ביכעלעך: אנדער־סען — „דאָס בלײַענע סאָלדאטל״; מענדעלע מויכער־ספאָרים — „מאסאָעס בינימין האשלישי״, מארק טווען, דינעזאָן, יעכעזקל קאָטיק, ווײַסנבערג, קאָציובינסקי, טשעכאָוו... מע קאָן זיך דען אָנגעדענקען, וואָס סע געפינט זיך אינעם אומויסשעפּלעכן צויבער־קאסטן? ווען וועל איך דאָס אלצדינג איבערלייענען? קאָלזמאן דער טײַך ראָס איז א טײַך און ארל סקליאר לעבט אף דער וועלט, בין איך באזאָרגט מיט ביכער אפן פולן מויל.

צום באדויערן, איז גיך געקומען א סאָף צו מײַנע פריידן. אין איינעם א שיינעם טאָג האָט מען געכאפּט, יאָ־יאָ געכאפּט, ניטאָ וואָס זיך צו כי־דעשן, ארל סקליארן און מע האָט אים אוועקגעשיקט אף לערער־קורסן. דאָס איז געשען אזוי אומגעריכט, אז כ׳האָב אפילע ניט באוויזן זיך מיט אים געזעגענען.

וועדליק מייערל דערציילט, איז צו זיי אהיים געקומען דער כאווער יאקאָוו מיט א גרייטן באן־בילעט: „קלײַב זיך, ברודער־לעבן, אין וועג ארײַן!״

— נו און דײַן ארל? — פרעג איך א דערשטוינטער. — דײַן ארל האָט געגעבן זײַן האסקאָמע?

— ווי דען? — ענטפערט מייערל מיט געבלאָזענער גײַווע. — וויפל קאָן מען אָנציילן אזעלכע געבילדעטע מענטשן אין שטאָט? דער פּאָליטפראָ־סוועט וועט אבי צו וועמען ניט קומען מיט א גרייטן באן־בילעט. מײַן ארל, — זאָגט ער ווײַטער, — איז געווען אפן זיבעטן הימל. קיינער האָט אים אזוי גוט ניט צוגעטראָפן, ווי דער כאווער יאקאָוו.

דערווײַל ווארף איך א שטומען בליק צום ביכער־קאסטן. עס ווערט מיר צען לעכער אין הארצן. ער איז פארהאקט, פאריגלט, א ריזיקער שלאָס הענגט, ווי דער סאמע גרויזאמסטער וועכטער, איבערן אויצער. ניטאָ ארל סקליאר, הייסט עס, אז ס׳איז ניטאָ קיין ביכער. ווער ווייסט, וויפל צײַט קאָן געדויערן, ביז דער באלעבאָס פונעם אויצער וועט זיך אומקערן...

זעענדיק מײַן פארלאָרנקײַט, רופט זיך אָן מייערל מיט א ראכמאָנעס־פאָנעם:

— זײַ ניט באצאָרנט. איך זאָג דיר, זאָרג נישט. קאָנסט זיך ניצן מיט די ביכלעך, וואָס דער ברודער האָט מיר געשענקט. זיי ליגן בעסאָד־סוידעס באהאלטן אפן בוידעם. דער טאטע מײַנער טאָר דערפון ניט וויסן. כ׳האָב דאָרט אויך א צוגעשלאָסן קעסטל. — דערנאָך טוט ער גרינג א שאָקל די דייזשע, ווי איינער רעדט: אז ס׳וועט זײַן וואסער, וועט זיך געפינען א ביכל...

פאר זעקס עמער וואסער האָט מייערל ארויסגעטראָגן אונטער דער פאָלע א ביכעלע פון וואָסערע אכצן זײַטן — „דאָס יאם־טעכטערל״.

דערפון האָב איך געמאכט מײַן אויספיר: מייערל איז גיכער ענלעך אף זײַן פאָטער, דעם מעל־קרעמער, ווי אף זײַן עלטערן ברודער, דעם שטילן אפּיקוירעס, וואָס האָט געפירט א שווײַגנדיקע מילכאָמע אינווייניק אין

דער פאַרפרומטער קאַמצאַנישער שטוב. מייערל וועט אויסוואַקסן פון די שיינע לײַט, אַף וועמען רעב עלכּאַנע מעג לייגן האָפענונג, אַז ער וועט מאַכן פון אַ קאָפּעקע אַ קערבל...

## אַ וועלט מיט קינדער!

מוידאָעס, וואָס זײַנען פאַנאַנדערגעקלעפּט איבער דער שטאָט, אַף טעלעגראַפישע און עלעקטרישע סטויפּעס, אַף גלאַטע טויבע ווענט, אַף פּראַנטאַלע טיר־און־טויערן, רופן די אָרעמע קינדער זיך פאַרשרײַבן אין שול־היים. פון אַזאַ מין סאָרט קינדער־אַנשטאַלט האָט מען אין בארשעווו ביז איצט ניט געהערט. עפּעס מוז עס אַוואַדע ליגן, אַזוי דאַרף מען זיך מעשאַער זײַן, צווישן אַ געוויינלעכער שול און אַ קינדערהיים. דער נאָמען אַליין, „שול־היים", שטויסט דיך אָן אַזוי צו טראַכטן. באַלאַנים, דאַנקען גאָט, אָנצוקומען אַהין האָבן זיך געפונען מער מיט אַ ביסל, און איך, פאַרשטייט זיך, אויך.

— איצט איז געקומען דײַן צײַט, סאָפּקאָלסאָף האָסטו זיך דערוואַרט, — מוטיקט מיך דער כאַווער יאַקאָוו, — דו וועסט זײַן איינער פון די ערשטע קאַנדידאַטן.

דאָס פאַרשרײַבן זיך אין שול־היים איז פאָרגעקומען גאַנץ טומלדיק אין דער שטאָט־ביבליאָטעק „קולטור־ליגע". איך בין דאָרט געוואָרן אַ היימישער מענטש, אַ גאַנצער קאָל־וועלאָך, מיט אַלעמען געקניפּט און געבונדן. פאַרשטייט זיך, דאָס אַלץ אין זכוס פונעם כאַווער יאַקאָוו. איך בין געוואָרן זײַן פּאָסילנע. אָנרופנדיק עס מיטן עמעסן נאָמען, הייסט עס אַ שטיקל שאַלאַטן־שאַמעס. טאָג־אײַן, טאָג־אויס האָלט מען אין איין קומען זיך פאַרשרײַבן אין שול־היים. גאַנצע בינטלעך קינדער וואַלגערן זיך אַרײַן, ווער מיט אַ מאַמע, ווער מיט אַן עלטערער שוועסטער צי אַ ברודער. קינדער — אַ יאַם! ייִנגלעך, מיידלעך, קלענערע און גרעסערע. מע האָט שוין אויסגעשריבן דרײַ גראָבע ביכער, און מע האַלט נאָך אין איין פאַרשרײַבן.

— קיין אײַנהאָרע... אַ פאַרפּלייצעניש... — קלאָגט זיך דער כאַווער יאַקאָוו. — וואָס טוט מען מיט אַזויפיל קינדער? ווער ווייסט, צי וועלן כאָטש צען פּראָצענט אַרײַנפאַלן. די שול־היים איז אויסגערעכנט בעסאַכאַקל אַף הונדערט צוואַנציק קינדער, און פאַרשריבענע זײַנען דאָ אַריבער טויזנט. פונוואַנען האָבן זיך אַזויפיל גענומען?

וואָס איז דאָ זיך צו כידעשן? באַרשעוו איז קיינמאָל ניט געווען פון די פאַרוואָרפענע שטעטלעך. און לעצטנס איז עס געוואָרן אַ שטאָט, און מע קאָן זאָגן — אַפילע אַ גרויסע שטאָט. אַדאַנק דער העלדישער זעלבשוץ האָט זיך באַרשעוו קוינע־שעם געווען אין דער אַרומיקער געגנט. מע איז געלאָפן אַהער פון אַלע עקן, קעדיי זיכערן דאָס לעבן. ווער פון דאַכקעס, ווער פון נויט, און מייַנסטנס פון די באַנדיטישע פּאָגראָמען. דאָ איז צו טרעפן אי סטעפּענעצער, אי זשיטורעטשער, אי קאַהאַרליקער, שפּאָלער, קאַניעווער, טאַראַשטשער, רוזשינער, און פונוואַנען איר ווילט אַליין. סראָוו

אלמאָנעס, מעטופּעלע מיט קינדער, האַלבע יעסוימים. מע קאָן אויך אָנ־טרעפן אַף זקיינים, זיידעס אָדער באָבעס, קראַנקע, צעבראָכענע מענטשן מיט איבערגעבליבענע פּאַריאָסעמטע אייניקלעך.

צווישן די אַן א שיר כעוורע, וואָס האַלטן אין איין פּילדערן, פּיל איך זיך ווי א שטיקל עלטסטער. א מין נאַכמען דיבינִיצער. דאָ אין דער שטאָט־ביבליאָטעק „קולטור־ליגע” האָב איך א ווערט, ווי דעם כאַווער יאַקאָווס א מין געהילף. אַלע קענען מיך. אייניקע כאַפּן מיך היימיש פאַר דער האַנט, ווילן זיך עפּעס דערוויסן בא מיר. אַנדערע לאָזן אַפּילע א טרער, בעטן, איך זאָל זיך אײַנשטעלן פאַר זיי, אַרײַנשטעלן א גוט וואָרט פאַר דער קאָמיסיע, וואָס האָט צו באַשטימען דעם גוירל, ווער עס וועט אָנקומען אין שול־הַיים.

דעריקער לאָזט מען, פאַרשטייט זיך, ניט צורו דעם כאַווער יאַקאָוו. די דערוואַקסענע — נאָענטע און ווײַטע קרויווים, גלאַט שטאַדלאָנים, — אַז זיי דערזעען אים, ווערט גלײַך אַן אופּלויפּעניש. מע רינגלט אים אַרום פון אַלע זײַטן און מע האַלט אים פאַרגראַטעט, ווי אין אַן אײַזערנער שטײַג. „ביזוואַנען איז דער שיר פּירן אין באָד אַרײַן?” — לאָזן זיך הערן אויס־רופן. „וואָס פאַר א פּראַווע האָט ער (דער כאַווער יאַקאָוו) מוטשען קינ־דער?”

— מיר זײַנען שוין זאַט מיט אײַערע צוגעזאָגטע מאָרגנס...

דער כאַווער יאַקאָוו דערקלערט דעם אוילעם, אַז ניט אַלץ איז אין אים געווענדט, מע דאַרף צוגרייטן א געבײַדע, לערערס, באַשטעטיקן די סמע־טע, באַוואָרענען מיטן נייטיקן אינווענטאַר, קריגן לערן־מאַכשירים, אַרײַנ־פּירן שפּײַז פאַר די קינדער, געפּעס...

— מיר טוען א סאַך מער, — זאָגט ער, — וויפל ס'איז מעגלעך אין אונדזערע באַדינגונגען.

— יאַק באַטקאָ, טאָ באַטקוי! — ביסטו א פּאָטער, טאָ טו דײַן זאַך, — לאָזט זיך פּלוצעם הערן א באַסאָווע געמבע.

דאָס געלעכטער צווישן אוילעם מאַכט לינדער די אָנגעצויגנקײַט. גע־נוג, איינער זאָל אַרויסברענגען א גלײַכווערטל, וועלן שוין די איבעריקע אונטערהאַלטן די וואָרעמע שטימונג. יעדער איינער וועט אַף זײַן אויפן עפּעס־וואָס צוגעבן וויציקס. אַרום דעם כאַווער יאַקאָוו לאָזט די אָנגע־שטרענגטקײַט ביסלעכווײַז נאָך. דערפון ווערט מיר אויך גרינגער אַף דער נעשאָמע.

אַרוף אַף די טרעפּ, אַראָפּ פון די טרעפּ... דאָ מוז מען לויפן מיט אַן עקסטרען גאַנג, דאַרט אָפּטראָגן א פּאַפּירל, ערגעץ אַנדערש געוווירע ווערן א שטיקל נײַס. ס'איז דאָ, דאַנקען גאָט, ווער עס זאָל זיך מיט מיר שאַפן. אָבער אין סאַכאַקל בין איך צופרידן. בעסער ווי אַרומדרייען זיך דעם גאַנצן טאָג פּוסט־און־פּאַס. אַנדערע ייִנגלעך זײַנען מיר פּאָשעט מעקאַנע. אין א פרײַער מינוט קאָן איך אַרײַנקוקן אין די צעטלען. נאָר ווען מע וועט צונעמען אין שול־הַיים און וועמען ניט, קאָן אַפּילע דער כאַווער יאַקאָוו ניט וויסן גענוי. דערוף איז פאַראַן א קאָמיסיע פון הויכגעשטעלטע פּערזאָנען, וואָס וועלן אַקוראַט באַטראַכטן, דערנאָך באַשטימען דאָס ענד־גילטיקע צעטל.

ווייסן ווייס איך נאָר בעערעך, וועלכע לערער דער נאראָבראז האָט אָנגעמערקט פאר דער קינפטיקער שול־היים. דער כאוועד יאקאָוו שיקט מיך אָפט צו זיי אהיים רופן אף א באראטונג אָדער מוידיע זײַן עפּעס דרינגענדיקס.

אײנעם פון די נײַע לערער קען איך שוין א לענגערע צײַט גאנץ נאָענט. דאָס איז אונדזער ארל סקליאר, וואָס האָט באוויזן קומען פון די קורסן.

צופעליק האָב איך זיך אָנגעשטויסן צווישן געדרענג קינדער אף כיניע דער קעכנעס מיידעלע, פּערעלע. ווײַזט זיך ארויס, אז זי קומט אלע טאָג אהער געווירע ווערן די רעזולטאטן.

— האָסט זיך דען אויך פארשריבן אין שול־היים? — בין איך נײַגעריק צו וויסן.

— וואָדען, פאר מיר זײַנען דען די טירן פארמאכט? — ווערט זי עטוואָס פארויטלט. — צי מײַן עלטער גייט ניט צו? מײַן מאמע האָט שוין גערעדט מיטן כאוועד יאקאָוו.

— פארוואָס זשע האָב איך דיך ניט געזען די גאנצע צײַט? — כידעש איך זיך ביז גאָר.

— און איך האָב דיך דאפקע יאָ געזען, — טוען אירע טונקעלע שיינע אויגן אף איין ווײַלינקע א בלענד. — נאָר דו ביסט שטענדיק פארטארערעמט, אָט לויפסטו אהער, אָט שפּרינגסטו אהין. א ווינט אין פעלד... — א שמייכל עפנט ווייך איר געטאָקט מײַלעכל, און עס אנטהילן זיך צוויי שורעס ווײַסע ציין.

ווי:אזוי האָב איך עס ביז אהער ניט אײַנגעזען פּערעלען? ניט באמערקן זי דארף מען זײַן אינגאנצן בלינד. ווייסעך וויפל מאָל געמישט די גראָבע פארשריבענע ביכער און... אך, יאָ, איך ווייס דאָך ניט איר פאמיליענאָמען.

— ווער־ווער, נאָר דו, פּערעלע, — פארזיכער איך זי, — וועסט די ערשטע ארײַנפאלן אין שול־היים. מעגסט רעכענען, אז דו ביסט א צוגענומענע. דער רעזולטאט איז אלציינס ווי בא דיר אין קעשענע.

— פונוואנען ווייסטו? — איז זי העכסט צופרידן מיט דער בסורע, נאָר דאָך וויל זי זיך ניט אינגאנצן פארלאָזן אף מיר. — עפשער האָסטו א טאָעס?

— ווייסטו וואָס? — רוף איך אויס מיט היספּײַלעס. — לאָמיר זיך וועטן.

פּערעלע צוקט מיט די שמאָלינקע אקסל, ווי איינער רעדט: „פונוואנען קום איך צו א געוועט? פאר אײַך, יי:נגלעך, איז עס עפשער א געשעפט". פון אירע אויגן שלאָגן אָפּ בלוילעכע פונקען. איך קאָן ניט דערקלערן פארוואָס, נאָר מיר האָט אָפּגענומען דאָס לאָשן. איך שווײַג, און זי שווײַגט. אינווייניק אין קאָפּ איז פּוסט.

— פּערעלע! — רוף איך זיך ענדלעך אָן מיט הארצקלאפעניש. — פּערעלע, פארוואָס קומסטו קיינמאָל ניט אפן טײַך צו די שטיינער? דאָרט איז אזוי גוט זיך באָדן... מ'קאָן גלאט אזוי זיצן...

הונדערטער כיין־שטראלכלעך שײַנען אוף אף איר פּאָנעם. זי פאַר־בײַסט מיט די ציין דאָס אונטערשטע ליפּעלע, פאַרקלערט זיך א ווײַלע און ענטפערט מיר אָפּ:

— פאַר אזעלכע ייִנגעלעך, ווי דו, איז דאָרט באם טײַך אף די שטיינער זיִצן אויך אן ארבעט. איך קאָן זיך אזא ווילטיק ניט פאַרגינען. אף מײַן קאָפּ ליגט דער אָל פון א גאנצער שטוב.

פונוואנען קומט צו כיניע דער קעכנע א שטוב, דערצו נאָך „א גאנצע שטוב"?

— וועלכע שטוב? וועמעס שטוב? — הייב איך ניט אָן צו וויסן.

— וואָס איז דיר פאַר א נאפּקעמינע?

זי האָט מיר פאַרגעבן א רעטעניש. ס'איז דאָ, וועגן וואָס א טראכט טאָן, — פּערעלע טראָגט דעם אָל פון א גאנצער שטוב אפן קאָפּ? וואָס הייסט עס? — פּרווו איך נעמען אפן געדאנק. איך, לעמאָשל, טראָג דען וועלכן־ס'ניט־איז אָל? ניין. קיין שום דײַגע און קיין שום אָל.

— א מיידל איז אנדערש, — גיט מיר פּערעלע צו פאַרשטיין, — און א ייִנגל איז ווידער אנדערש. האָסט געזען א סאך מיידלעך, אזעלכע ווי איך, זיִצן באם טײַך אף די שטיינער? סײַדן דעמלט, ווען מע גייט אראָפּ וואשן גרעט.

האלעמײַ כאָמעלע? — קומט מיר גלײַך אפן געדאנק.

כאָמעלע... כאָמעלען קאָן מען אָבער צו פּערעלען ניט גלײַכן. ערשטנס, איז זי א דערוואקסן מיידל, א זעלבשטענדיקער מענטש, א מענטש, ווי מע זאָגט, פאַר זיך. צווייטנס, איז דאָס אזא מאָדנע מיידל, אזא מאָדנע, אז די וועלט פאַרמאָגט גאָרניט אזעלעכס.

דאָ איז מיטאמאָל אונטערגעקומען היפּש צעטראָגן, ווי דער שטייגער זײַנעך איז, דער כאָוער יאקאָוו. פרײַנטלעך און היימיש טוט ער מיך א נעם אונטערן אָרעם.

— אנו, — מאכט ער צו מיר, — טו א לויף אף איין פוס צו די בלעכערס און ווער געווירע מיקויעך דעם סאמאָוואר מיט די בלעכענע קווערטלעך, וועסט זיי זאָגן, די ברידערלעך טעפּליצקי, אז איך האָב דיך געשיקט, ס'איז פאַר דער שול־היים. ווארט נאָר צו א ווײַלע, גיב זיי אויך איבער אין מײַן נאָמען, אז זיי זאָלן קומען הײַנט אפדערנאכט ארום זיבן — האלב אכט אין ארבעט־פּאלאץ.

— קום מיט מיר, פּערעלע, — ווינק איך צו איר.

— ווײַט?

— אָט דאָ פון פאָרנט אפן מארק, לעבן די זאליאזנע קלייטן.

— לאנג דארף מען זיך דאָרט פאַרהאלטן?

זע איך דען ניט, ווי פּערעלע קווענקלט זיך? זי האָט קיין קאָפּ כיישעק ניט גיין מיט מיר אפן מארק צו די בלעכערס.

— וואָסי, ביסט דען פאַרנומען?

— יאָ... — פאַרכמארעט זיך איר פּענעמל. — אפילע שטארק פאַרנומען.

ביידע זײַנען מיר פלינק אראָפּגעשטיגן די הילצערנע געפּארבטע טרעפּ. דאָס שמאָלע געסל, פול מיט קינדער־געפּילדער, גייט אונדז רוישיק אנט־

קעגן. דאָ קאָן מען מיך פאַרהאַלטן מיט קאָלערליי קאַשעס וועגן שול־היים. כ׳וויל ניט, די ייִנגלעך זאָלן מיך זען שטיין נאָענט מיט פּערעלען. זי, אפּאָנעם, וויל אויך ניט, דערפאַר רוקט זי זיך אָפּ באַצײַטנס.

ענדלעך האָבן מיר זיך אַרויסגעשלאָגן פון דער שפּאַרעניש און אַרויף אַף אַ פרײַערן וועג. דאַפּקע אַף דער באַרג־אַרויפיקער געפלאַסטערטער הויפּט־גאַס, ווו מ׳איז געווינט צום שטענדיקן טומל, האָט זיך דאָס מאָל אַריבערגעקליבן די רויִקע באַטאָגיקע שטילקײַט. אַף דער אָנגעגליטער זוניקער זײַט זעט מען אַפילע קיין לעבעדיקן הונט ניט. ווו־ניט־ווו וואַרפט זיך אין די אויגן אַ שיטער אויסגעסאַרפעט ביימל, אַ קליין פּאַרוקט גערטנדל.

ביסלעכווײַז שטייט פּערעלע אָפּ.

— ווען דו ווייסט, — בלײַבט זי שטיין פאַרזאָרגט אינמיטן גאַנג מיט אַן אומעטיקן אויסזען, — אַך, ווען דו ווייסט, אַף וועמען איך האָב איבער־געלאָזט די שטוב? קוים זיך אַרויסגעריסן אַף צען־פופצן מינוט. אַז איך וועל אָנהייבן באַזוכן די שול־היים, ניט דאַרפן זאָרגן וועגן פּיסנע שטיקל ברויט, וועגן אַ פּאָר שיכלעך, דעמלט... דעמלט...

זי מוז אַוודאי זײַן אַ דינסטמיידל באַ יענעם אָדער זי ניאַנטשעט באַ עמעצן אַ קינד,— שטויס איך מיך אָן.

פונדעסטוועגן, קלער איך, מעג זי לעטויוועס דער שול־היים פאַרבייגן מיט די דײַגעס.

הער אָבער, ווי זי בעט זיך:

— פּאָזשאַלעווע מיך דאָס מאָל...

— גיי, גיי, — וואַרף איך איר רויִגעזלעך נאָך, — קאָנסט פאַרשפּעטיקן ווער ווייסט וואָס. — נאָר טייקעף דערפיל איך אַ כאַראָטע־געפיל. „פּאָ־זשאַלעווע מיך...” וואָס פאַר אַ שטיק האָלץ בין איך און וויל ניט פאַר־שטיין, אַז פּערעלע דינט עפּשער אין יענער „גאַנצער שטוב”, ווו זי טראָגט דעם שווערן אָל... צי האָב איך רעכט אַף איר פאַראיבל האָבן?

פּערעלעס סאַמעטענע ברעמען ציִען זיך פאַרומערט צונויף, ווי זי זאָל מעכילע בעטן.

— אַנטשולדיק מיר, — קנעט זי איין האַנט אין דער צווייטער, — איך שטיי דאָ, מעגסטו מיר גלייבן, ווי אַף גלײַ־קוילן. — ווײַטער פרעגט זי האַכנאָעדיק שטיל: — דער כאַווער יאַקאָוו וועט אַף מיר ניט זײַן באַרויִגעז?

נאָך איידער זי דערהערט מײַן ענטפער־וואָרט, לאָזט זי זיך אין אײַלעניש גיך־גיך אַוועק. זי שוועבט אַפּגיך דורך דאָס גרינע בולוואַרל, גלײַך ווי עמעצער יאָגט זיך נאָך איר. פּונקט פון קאָרסונער באַרג, וווּהין זי האַלט די ריכטונג, לויפט אָן אַ טרוקן שטויביק ווינטל, צעקאָשמעט און צעפּאַטלט אירע זײַדענע רינגעלעך האָר, צעבלאָזט אין אַלע זײַטן די טונקעלע קנײַלעכלעך. פונדערווײַטנס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז פּערעלע טראָגט אַפן קאָפּ אַ צעוויגטן קרוג מיט שוואַרצע בלו־מען...

## די צוויי באַרימטע ברידערלעך

די ברידערלעך טעפּליצקי האַלטן אײַנמיטן מאַרק אָן אייגענע בלעכע־רײַ. אָבער ניט נאָר דערמיט, וואָס זיי זײַנען גאָלדענע באַלמעלאָכעס, האָבן זיי אַ גוטן שעם אין שטאָט, נאָר אויך מיט דעם, וואָס זיי שפּילן פון צײַט צו צײַט טעאַטער. אָף זייערע פּלייצעס, קאָן מען זאָגן, האַלט זיך די ליבהאָבערישע טרופּע באַם אַרבעט־פּאַלאַץ. וואָס פּאַרא פּיעסן מע זאָל ניט שטעלן, פירן זיי די ערשטע ראָלן. איינער איז אַ טראַגיקער, און דער צווייטער אַ קאָמיקער. „ביידע — געבענטשטע טאַלאַנטן, — האָט אָנומלטן זיך אָנגערופן דער כאַווער יאַקאָוו וועגן די ברידערלעך. — דער עמעסער פאָלקס־קוואַל אַליין...”

געשמאַק, מיט גרויס האַסמאָדע האָבן די ברידערלעך געוואָרפן זייערע הילצערנע העמערלעך איבערן שמאָל געבויגענעם בלעך. פון די ברעזענט־פאַרטעכער שיט זיך דער זשאַווער־שטויב. די געברוינטע פּענעמער זײַנען אויך דורכגענומען מיט זשאַווער־שווייס. אָף איינער פון די איבערגע־לייגטע פּאָליצעס אין דער ענגער בודקע שטייען אויבנוף, אין רייען געאָרדנט, אונדזערע נײַע בליציקע קווערטלעך.

— אַך, אַזוי, פונעם כאַווער יאַקאָוו? — האָבן ביידע אָפּגעשטעלט אין איין צײַט די אַרבעט, געווישט די טונקעלע אָדערדיקע הענט אין די קויטיקע פאַרטעכער. — וואָס פאַר אַ פראַגע? צוליב די יעסוימימס פון שול־היים — אין דער ערשטער ריי.

די האַרטלעכע צעוואַקסענע ברעמען, וואָס סטאַרטשען שטעכיק, ווי בערשטעלעך פון כאַזער־האָר, גיבן צו דעם עלטערן, באָרעכן, עפּעס אַ מין האַרבקײַט. ריידן רעדט ער מיט אַ געדיכט קאָל, וואָגיק, דײַטלעך קלאָר. אַז דער דאָזיקער בלעכער־יונג שפּילט טעאַטער, ווייַנען די צו־שויער, ווי קליינע קינדער. פון דער פאַרשטעלונג קומט מען אַהיים מיט אויסגעווייקטע טיכעלעך. איצט, אין דער מינוט, שטייט באָרעך אַ פאַר־האָרעוועטער באַ דער אַרבעט, פון זײַן געזונטן נידעריקן האַלדז רינען אַראָפּ צו דער אָפענער האָריקער ברוסט פּליסיקע געל־ברודיקע שנירעלעך.

— ווייסט ניט, — פרעגט ער באַ מיר, — דער כאַווער יאַקאָוו נעמט דעם זומער־גאָרטן אָף „הערשעלע דובראָוונער”?

נאָך דאָס זאָל איך ווייסן? פון אַזעלכע זאַכן, מעג דער בלעכער אַליין פאַרשטיין, קאָן איך ניט ווייסן. דער כאַווער יאַקאָוו וועט זיך מיט מיר ניט גיין טיילן וועגן זײַנע פּלענער, וואָס ער האָט צו נעמען פאַר דער ייִדי־שער טרופּע און וואָס ער האָט ניט צו נעמען. זאָגט דערויף באָרעך, אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו מאַכן זיך טאַמעוואַטע:

— אָף אַ רעפּעטיציע רופן שיקט ער דיך, און וועגן זומער־גאָרטן ווייסטו, נעבעך, ניט וואָס צו זאָגן.

יענער, דער צווייטער, דער ייִנגערער, לייבושל, אַ מאָגערס, אַ פלינקס, מיט אַ גוטמוטיק שמייכעלע, וואָס גייט קיינמאָל ניט אַראָפּ פון זײַן לעבעדיק פּאָנעם, האָט פון דער ערשטער מינוט אַרויסגערופן באַ מיר אַ קיצלדיק געלעכטער. עפּעס זייער לײַכט און דאָך נאַטירלעך ליגט דאָס לעכערלעכע און קאָמישע אָף דעם דאָזיקן באַוועגלעכן פּאַרשוין. פריִער

האָט ער צו מיר געמאכט א כיינדעלע הינטער דעם ברודערס פּלייצע, צונויפגעפירט די גליטשיקע אויגן צו דער נאָז, דערנאָך האָט די נאָז זײַנע פון זיך אליין אָנגעהויבן ציטערן. איצט איז מיר פארענטפערט געוואָרן, פארוואָס דער אוילעם נעמט אים אוף, ווי נאָר ער באווײַזט זיך אף דער בינע, מיט אזעלכע שטורמישע פּליעסקערײַען.

— וואָס האָסטו בעסער ליב, — נעמט ער די הענט פּאָדבאָקאָם, — כאלעמיטקעס צי כאלעאָנקעס? — ס'הייסט, וואָס האָב איך בעסער ליב: כאלע מיט קעז צי כאלע אָן קעז. פון דער שנעל ארויסגעוואָרפענער סטעגנגע ווערטער, וואָס לייבושל שיסט אויס פונעם מויל, ווי א קונצנמאכער, און פון זײַנע האווײַעס איז מיך באפאלן אזא שטיקנדיק געלעכטער, אז איך האָב שיר ניט קלאפּירט.

פּערעלען מעג באנק טאָן, וואָס זי איז ניט געגאנגען צוזאמען מיט מיר צו די בלעכערס.

איך סטארע זיך קימאט אלע טאָג גיין דורכן מארק פארבײַ דער בלעכערישער בודקע. זיי זײַנען מיר שטארק געפעלן, די ברידערלעך טעפּליצקי. אך, ווי איך בין זיי מעקאנע! איך וועל אומבאדינגט זיך אָנהייבן לערנען די מעלאָכע פון בלעכערײַ. קאָן זײַן, דעמלט וועט דער כאָוועך יאקאָוו מיך אויך אײַנלאדן אף א רעפּעטיציע אין ארבעט־פּאלאץ.

ווי שפּעט אין דער נאכט דער ספּעקטאקל זאָל זיך ניט פארציִען, קומט אינדערפרי, זײַנען די ברידערלעך וואך, דאָס קליינע בלעכער־ווארשטאטל — אָפן, און מע הערט שוין, ווי די הילצערנע העמערלעך האלטן אין איין קלאפּן. ווען ניט די דאָזיקע שטענדיק אופגעלעבטע האמער־קלאפּערײַ אין בודקע, וואָלט עפּעס זייער נייטיקס געפעלט צום מארק־רומל.

די אלטע מאמע ברענגט אלע טאָג פאר די זין פרישטיק אין א קוישל, דערנאָך לאָזט זי זיך אוועק צווישן אָנגעפּאָרענע דאָרפישע וועגענער האנדלען מעציִעס. די באָנים ווארפן אראָפּ פון זיך זייערע גראָבע, פארגעלטע פארטעכער און מע זעצט זיך אוועק אין דרויסן אף די קלעצלעך מיט גאָר גרויס אפּעטיט צו דער אכילע: ווײַזן פארן מארק־אוילעם, אז קאָלזמאן שעהאנשאָמע בעקירבוי — מאכט ראשע: רײַב, מאָטיע. עס און בענטש און זײַ א מענטש! בייסמײַסע לאָזן די פריילעכע בלעכערס קיין איין בען־אָדאָם נישט דורך אָן א ווערטל, אָן א שפּאס, אָן א וויץ.

דער אוילעם בלײַבט אויך ניט שולדיק קיין וואָרט:

— אוי, מאזיקים, מאזיקים, א געזונט זאָל זיך צו אײַך ארײַנכאפּן! וויפל איז דער שיר צו לעצעווען? גענוג אײַך נאָכקרימען א מארק מיט מענטשן.

— ארײַנפאלן אין אײַערע מײַלער זאָל גאָט שוימער אומאצל זײַן!

— עמעסע קאָמעדיִאנטן!

אָט דאָ טאקע גאָר נאָענט בא איין זײַט מארק מיט די בלעכערס שטייט מיט א צעלניק־טישל די מומע העניע.

זומער־צײַט, קלאָגט זיך כאָמעלעס מומע, איז זי אינגאנצן אויס מענטש. די זון... אוי, די זון פּאליעט און ציט ארויס דעם דאם־האטאמ־

ציס. זי ווישט מיט דער אויסגעצוויטעטער פאטשיילע דאָס ערד־צעקנייטש־טע פּאָנעם, די פלאכע ברוסט און דעם מאָגערן האלדז־און־נאקן.

— איך באָד זיך, — זאָגט זי, — אין מײַן אייגענעם ביטל אָן א קאָ־פּעקע געלט.

דעריקער קימערט איר שטארק, וואָס פון דער גאנצער סכוירע ווערט טיל־טעל. ס׳איז דען לאָרבער־בלעטער? א צעריבן ביסל שטויב אַף א שמעק טאבעק. די עטלעכע אײַנגעדארטע שטיקלעך זייף האָבן אויך קיין שענער פּאָנעם ניט — זיי טריקענען, ווי אין דער סוכאָטע. די קוינים מיינען, אז די מומע העניע נארט זיי אָפּ. צו וואָס א בייז מויל קאָן ברענ־גען... זי, די מארק־ייִדענע, האָט אומיסטן, זאָגן זיי, די שטיקער זייף צע־שניטן אַף דער העלפט. צו וואָס מענטשן קאָנען זיך דערטראכטן! א בייזע צונג איז ערגער ווי א שלעכטע האנט.

— אוי, ריבוינעשעלוילעם! איך זאָל שוין אזוי ריין זײַן פון שלעכטס! — רעדט די מומע העניע אויס איר פארביטערט הארץ פאר די ברידערלעך־באלמעלאָכעס, בייס יענע רײַבן ארײַן מיט גרויס האנאָע דעם געבראכטן פרישטיק.

טרעפט אמאָל, אז כאָמעלע כאפּט זיך אניוועסדיק־שטיל אראָפּ אפן מארק צו דער מומע העניע. אָ, דעמלט ווען די לייצים די בלעכערס ניט אײַנלאָזן די שיינע מויד! דאָס איז דאָך בעפיירעש א קאָשער שטיקל אר־בעט. דאָ קאָן מען זיך אווּדע צעקאטשען, ווי גאָט האָט געבאָטן.

— א גא־א־אסט! — רופןביידע אויס דערפרייט, גרייט זי אײַנצו־שלינגען מיט די פּאָטערעכעס. מ׳זעט גלײַך, ווי די פארשײַטע שיידימלעך טאנצן ארויס פון זייערע אופגעפלאמטע אויגן.

— אָט ווען איך האָב שוין לאנג ניט געזען, מע זאָל דערמאָנען מאָשיעכן! — טוט זיך טייקעף זשוואווע א שטעל אוועק דער קאָמיקער, לייבושל, צווישן כאָמעלען און דער מומע העניען. — א שאָק מיט יאָרן. וואָס מאכן זיי, די בילד־שיינהײַט? מיר ווען איצט מיט אײַך ניט ריידן וועגן געזונט און פארנאָסע... לאָזט נאָכאמאָל רעכט אָנקוקן אײַער סימ־כעסטוירע־עפּעלע.

— שטיקעלעך... זע נאָר די שטיקעלעך פון א געבוירענער מאלפּע, — ענטפערט כאָמעלע שארף מיט אן אפּריִער צוגעגרייט בײַסיק שמייכעלע. — איר האָט זיך נאָך מיר שטארק פארבענקט? פארוואָס האָט איר זיך ניט געלאָזט הערן מיט א שורע־גריסל?

— א מויד, קיין אײַנהאָרע, האָט זיך אונטערגענומען ניט ווערן על־טער און ניט מיִעסער.

— און אויך ניט נארישער.

— מיט אלע מײַלעס.

— מיט אלע מײַלעס און מיט א ווײַסן בילעט...

— פונוואנען קומט צו דער פּרעכטיקער צויבער־געשטאלט אזא לאָשן?

— איר ווייסט ניט פונוואנען? פון אײַערע קלוגע פּיעסעס.

אוי־ווא, געטראָפן גלײַך אין פּינטל. דערלאנגט אין דער זיבעטער ריפּ.

— אנו, לאָז מיך! — רוקט באַרעך אָפּ לייבושן און שטעלט זיך אליין אוועק אין א שטאָלצער פּאָזע אויסטײַנען ערנסט מיט כאָמעלען. — אײַך זײַנען ניט געפעלן אונדזערע דראַמען־שטיק? — שווימט אוף אף זײַן ברייט פּאָנעם אן אָנגעכמורעטע בייזקײַט און מאכט נאָך טונקעלער דעם שטרענגן בליק פון א טראַגיקער. — איך פרעג דאָך אײַך, שלעכטע פּיעסן צי שלעכטע שוישפּילער? — ער ווײַזט אף זיך מיט די ברייטע צעקארבטע פינגער. — כ׳מיין אַקטיאָרן, מיין איך.

— וואָס קוקט איר אף מיר, ווי אן אָקס פאר דער שכיטע? דער כאווער יאקאָוו איז א בעסערער מייוון, — ענטפערט זי לאנג ניט געטראכט, — דערפרעגט זיך בא אים. ער וועט אף אלצדינג געבן א קלאָרע טשוווע. ער איז בא אונדז אין שטאָט דער אײנציקער אף פאסקענען אזעלכע שײַלעס.

דער קלענערער ברודער איז אין דער מינוט געוואָרן ווי א סטאטעק. עפּעס איז ער מאָדנע ארויס אָפּגעשמיסן און דורכגעפאלן פון זײַן קאָמישער ראָל, מיט וועלכער ער איז געווינט פארווײַלן דעם מארק־עולעם. עס האָט אים אויסגעפּעלט פּולווער שטעלן זיך מיט א שארפזיניק וואָרט קעגן דער צו קלוגער כאָמעלען.

— באַרעך! — רופט לייבושל דעם ברודער אף צוריק. — באַרעך! די צײַט שטייט ניט. מיט וועמען הייבסטו זיך אָן? זעסט דען ניט, וואָס פאר א פּיירע עס איז?!

## די לערערן פארמאָגט ווינציק שליסלען...

העכער הונדערט קינדער זײַנען געקומען אין דער געוועזענער טאלמעדטוירע אף דער קאראטשענע (דאָרט איז נאָך דערווײַל געבליבן לערנען א קליינע צאָל טאלמידים פון דער ארבעט־שול, אָבער זיי קלײַבן זיך אויך אינגיכן אריבער אפן „זאראָס").

ניט אלע קינדער האָבן זיך אָנגעשטויסן, אז מ׳דארף קומען אין שול־היים ריין, ציכטיק, ארומגעוואשן, אראָפּגעוואָרפן פון זיך אף וויפל יעדערער האָט א מעגלעכקײַט די בעטלערישע קרוע־בלוע־שמאטעס, אָפּטרייסלען דעם נעבעך, באגראָבן דאָס וויסטע ראכמאָנעס־פּאָנעם.

אנדערש האָט אויסגעזען כיניע דער קעכנעס מיידעלע, פּערעלע. צווישן די קינדער האָט זי זיך אויסגעטיילט מיט איר בענימעסדיק־שטילער ציכטיקײַט. פּערעלע טראָגט אף זיך א זויבער געוואשן מאטראָסיש בלוזקעלע, ווי ערשט ארויסגעכאפּט פון אונטערן פּרעס, ארײַנגעטאָן אינעם בלויגעפּאלדעוועטן קליידעלע, וואָס זעט אויס, ווי א צונויפגעלייגטע הארמאָשקע. מאמעש זי שײַנט אינגאנצן, פּערעלע. א גרויס כיעס ארײַנצוקוקן אין איר צעשטראלט פּענעמל. פאר מיר איז זי עפּשער געוועזן די אײנציקע, מיט וועמען עס ווילט זיך אויסריידן א ליב וואָרט, ווײַזן א גוטמוטיקע מינע.

צו איר, צו פּערעלען, איז די פּולינקע קליינוווקסיקע לערערן, אניוטע סוכער, די ערשטע צוגעגאנגען היימישלעך און געהייסן אונטערקלײַבן נאָך

א פּאָר מיידלעך: זיי וועלן דערלאנגען פאר אלע קינדער זיסע טיי און צו ריפּטלעך ברויט געשמירט מיט שמאלץ. זיי דאַרפן אויך, די מיידלעך, אכ־טונג געבן אױף דער אָרדענונג.

כעוורע ייִנגלעך האָבן דאָס גראדע ניט געוואָלט איבעריק לײַדן. האַ־לעמײַ קומט די מיידלעך אָפּגעבן אזויפיל קאָוועד?

דעם ערשטן טאָג האָבן מיר ניט געלערנט. מע האָט אונדז נאָר באקאנט געמאכט מיט די לערער, פאנאנדערגעטיילט אויף דרײַ קלאסן לויטן עלטער און דערנאָך, נאָכן מיטיק, ארויסגעפירט צו פּאָרלעך אין דער ריי אפן גע־בערגלטן הויף. אונטער דער געמויערטער געבײַדע־וואנט ליגט, ווי אויף א בעקן, דאָס אופגעראמטע, ריין ארומגעקערטע שטיקל פלאך־פּלאץ. דאָ, אויף דער פרײַער לופט, האָבן מיר געשפּילט אין פארשיידענע שפּילן, גע־לערנט לידער מיט דער קרענקלעך־אויסגעמאָגערטער לערערן כאווערטע פרידע. זי האָט אָבער געהאט א שלעכטע טעווע — אלעמאָל מאכן דעם אָדער יענעם אן אנדער באמערקונג: „הויקער זיך ניט ווי א זאָקן. כאפּ ניט אזוי, רייד פאמעלעך. וויש ניט די נאָז מיטן ארבל. שטיי, ווי א מענטש דאַרף שטיין. רײַב ניט די אויגן מיט די שמוציקע פינגער. הער פריִער אויס, דערנאָך וועסטו ענטפערן. שפּרינג ניט אין פּאָנעם ארײַן ווי א דולער!״

זי דערקוטשעט שוין צופיל מיט אירע באמערקונגען.

— פון הײַנטיקן טאָג אָן, קינדער, — וואָרנט זי, — געדענקט, זענט איר שוין ניט קיין גאסן־קינדער. א קינד פון שול־היים דאַרף וויסן, וויאזוי זיך פירן, וויאזוי מע דאַרף זיך האלטן. ווײַזט, קינדער, א מוסטער פאר אלע איבעריקע אויף דער גאס, מיט וועמען איר באגעגנט זיך נאָר.

אליין דאָס אײַנגעגעסענע פּריקרע וואָרט „קינדער״ און נאָכאמאָל „קינ־דער״ און ווידעראמאָל „קינדער״ שלאָגט צו דער גאל. אָפּן גערעדט, איז די שול־היים, בא איר גאנצער יאָמטעוודיקײַט, מיר ניט געוועזן צום הארצן. די איינציקע מײַלע — מע גיט עסן און טרינקען (זאָל אפילע זײַן ניט צו זאט), דער כיסאָרן — וואָס מע האלט אונדז אלעמען פאר קליינ־ווארג.

אפן צווייטן צי אפן דריטן טאָג איז געקומען אין שול־היים די אלטע דאָקטערן פון שפּיטאָל „העסי־פעסי״ (אונדזערס א צונעמעניש), בא וועמען דער ווײַס־גראָווער קאָפּ איז נידעריק געשוירן ווי בא א מאנצבל. איר לענגלעך שווער פּאָנעם בעט אויך אף זיך א באָרד. איינציקווײַז, לויטן אופגעשריבענעם צעטל, וואָס די לערער האָבן צונגעשטעלט, רופט מען אויס די פאמיליעס, און מע פארבעט אונדז אין קליינינקן לערער־צימער אף צו באטראַכטן.

איך ווייס ניט פארוואָס, נאָר אלע קינדער זײַנען ארומגעגאנגען אין איינע שרעק. פאראן אזעלכע קרענק, רעדט מען צווישן זיך, וואָס זײַנען אָנשטעקנדיק. די דאָזיקע קראנקע וועט מען באזײַטיקן אָדער אף א געווי־סער צײַט לייגן אין שפּיטאָל — דאָס איז שוין א ביסל ערגער.

עמעצער האָט נאָך ארויסגעלאָזט א קלאנג, אז מע וועט בא אלע קינ־דער אָפּשערן די האָר ביזן קאָפּ. נו, איז וואָס זשע איז אזוינס? די מיידלעך האָבן גלײַך אופגעהויבן א גוואלד ביזן הימל:

— אונדז קאָן מען צו די יִנגלעך נישט גלײַכן, זיי וואלגערן זיך אויס אין אלע מיסטן און אין אלע קויטן.

— זאָל מען שערן נאָר די מיידלעך, בא וועמען ס׳איז אומריינע קעפּ.

א קלאָג, א געיאָמער. טרערן, ביטערע טרערן שפּארן פון אלע פאר־שטעקטע ווינקעלעך.

— מע וויל דאָ אין שול־היים אונדז מאכן פאר מאלפּעס.

איינע פאר די אנדערע צעפלעכטן זיי די מאָגערע צעפּלעך, ציִען ארויס די סטענגעס, צעקעמען די האָר — כאָטש איין קאָלטענע געפינ!.. אפילע אין קינדערהויז שערט מען ניט די מיידלעך ביזן קאָפּ.

ביידע איבערגעגעבענע לערערנס, אניוטע און פרידע, זיצן מיט די פּארוויינטע, יאָמער־קלאָגנדיקע מיידלעך, טײַנען ארײַן אין זיי, ריידן צו, באַרויִקן, נאָר סאָפקאָלסאָף האָבן די אײַנגעשפּארטע מיידלעך אויסגעפירט זייערס. בא וועמען ס׳איז ריינע קעפּ, וועט מען די האָר ניט שערן. קיין גרעסערע סימכע, דוכט מיר, האָבן זיי, די שול־מיידלעך אונדזערע, אף זייער לעבן ניט געהאט.

פארוואָס די לערערנס האָבן נאָכגעגעבן, איז שווער צו דערקלערן. מ׳האָט דאָך גערעדט — שערן די האָר בא אלעמען אָן אויסנאם, וואָס זשע זײַנען עס די מיידלעך מעיוכאָסים? אָבער טייקעף כאַפּ איך זיך: און אז מע וועט שוין בא פּערעלען אָפּשערן די שווארצע לאָקן, וועט זײַן בעסער?

דער ערשטער לימעד מיטן לערער ארל סקליאר אין דער עלטערער גרופּע, דאָרט, ווו איך בין ארײַנגעפאלן, איז דורכגעגאנגען ווינציק־וואָס אינטערעסאנט. עפּעס האָט ער דערציילט א מײַסע וועגן זײַן אמאָליקער קינדהײַט, וויִאזוי ער, דאָס אָפּגעשטאנענע פארנארישטע יִנגל, האָט גע־בלאָנדזשעט צווישן צוויי וועלטן. פון איין זײַט, פרומקײַט, טיף רעליגיִעז, פאנאטיש, אלטע, אָפּגעלעבטע טראדיציעס פון טאטעס און זיידעס, פאר־לאָזן זיך שטענדיק אפן באָרעך־האשעם, ביז ער וועט זיך אמאָל מעראכעם זײַן, גיי בלינדערהייט אין זײַנע דראָכים, גוט האָב אין זינען אף שריט און טריט, וואָס מ׳מעג און וואָס מ׳טאָר ניט, טאדלעניִשן, וואָרעניִשן... און פון דער צווייטער זײַט, האָט אים געצויגן צו ליכט, צו לייענען, שטודירן, פארשטיין דעם טאָך פונעם מענטשן אף דער ערד, אנטפּלעקן די ארומיקע נאטור־סוידעס, קלאָר מאכן און דערקלערן פאר זיך אליין אלע ארויסגע־שווומענע ספייקעס...

עפּעס האָבן מיר ווייניק פארשטאנען אין דעם, וואָס ער רעדט.

נאָר איין מייערל, זײַן ברודערל (ער איז אויך ארײַנגעפאלן אין שול־היים), איז געזעסן און אים געקוקט גלײַך אין די אויגן מיט גוואלדיקן יִראס־האקאָוועד.

דער לימעד האָט זיך געצויגן צו לאנג און גודנע. אפן לערערס ברייט פּאריסענעם שטערן זײַנען ארויסגעטראָטן מיליאסן טראָפּנדלעך שווייס. די קליינע בליציק־פארשארפטע אייגעלעך קוקן אריבער אונדזערע קעפּ און רײַסן זיך נאָך העכער צו דער סטעליע. דער לערער זעט ניט זײַנע טאל־מידים. עפּעס גאָר ניט דער ארל, וואָס האָט מיר געגעבן ביכער צום לייע־נען.

קוים דערלעבט הערן:

— קינדער, איך מעלדע א האפסאָקע.

מײַנע כאווירים זײַנען איצט שלוימקע לוווו, לייווי איידלין און יאַ־סעלע ראָווינסקי. אלע פיר זיצן מיר פון פאָרנט אף איין פארטע.

שלוימקע, דער סאמע פלינקער און געזונטער צווישן אונדז, האָט גע־וויזן, ווי‏אזוי מע קען צוניפרוקן עטלעכע פארטעס און מיט איין גוטן טאנץ אריבערשפרינגען איבער זיי.

לייווי פרווט אויך נאָכמאכן די געפערלעכע קונץ, אָבער עס גיט זיך אים ניט איַין. ער האָט שיר ניט געבראָכן דעם קאָפּ. נאָר אן אקשן, ער וויל פרווון נאָכאמאָל.

די מיידלעך האָבן ניט געוואָלט לײַדן, וואָס מיר מאכן אין קלאס אזא הארמידער.

— אין דרויסן שטייט א געזונטער הויף, דאָרט קאָן מען אפילע ברעכן רוק־און־לענד.

נאָר ווער וויל גיין זיך מיט זיי אויסטײַנען? מיר, ייִנגלעך, זײַנען א מינדערהײַט, בעסאכאקל נײַן אף איין און צוואנציק. דערפאַר טאקע פירן זיי, די מיידלעך, שטענדיק אויס דאָס, וואָס זיי ווילן און וואָס זיי דארפן. אויסער דעם, טוען זיי אונדז נאָך אָן א סאך אנדערע געברענטע ליידן, מאמעש ניט איבערצוטראָגן. זיי קריכן פון דער הויט, קעדיי אונדז טאָן אף צולאָכעס און אף צעפיקעניש. אלע טאָג קומען פאָר אמפערנישן. מיר האָבן מיט די מיידלעך בעשום־אויפן ניט געקאָנט לאדיען. וויפל מאָל די לערער האָבן זיך באמיט, סײַ מיט גוטנס און סײַ מיט בייזנס, מאכן צווישן אונדז שאָלעם, האָט עס זיי געהאָלפן ווי א טויטן באנקעס.

דאפקע דאָ, אין שול־הײַם, איז פערעלע פון מיר דערווײַטערט געוואָרן. זי האָט זיך ארומגערינגלט מיט א בינטל מיידלעך פלאפלערנס, און וואָס נאָר מע האָט געקאָנט אויסטראכטן אף די ייִנגלעך שלעכטס, נידעריקס, פאלט אף אונדזערע קעפּ.

ווער שילט און זידלט? — די ייִנגלעך.

ווער מאכט אן אומאָרדענונג אין קאָלעקטיוו? — די ייִנגלעך.

ווער שטערט פירן די לימודים? — די ייִנגלעך.

ווער כאפּט צו צוויי פּאָרציעס ברויט? — ווידער די ייִנגלעך. א גרויס אָנשיקעניש אף אונדז. און פרווט ריידן מיט די לערער, זײַנען די מייד־לעך גערעכט...

אז דער כאווער יאקאָוו האָט מיך באגעגנט אף דער גאס און געפרעגט, צי עס געפעלט מיר די שול־הײַם, — האָב איך געמוזט אראָפּלאָזן דעם קאָפּ און אײַנעמען שטומעניש: „פונעם כיידער טאָר מען ניט דערציילן, א ניידער...״

— די שול־הײַם דארף מען שאנעווען, — דערפיל איך זײַן געטרײַע האנט אף מײַן אקסל, — מיר האָבן דעם דאָזיקן קינדער־אנשטאלט אופגע־הויבן מיט הוילע הענט און מיט די לעצטע קויכעס.

זײַנע הייס־אָטעמדיקע רייד האָבן אף מיר שטארק געווירקט. כ׳האָב זיך באמיט מיטן גאנצן הארצן אים פאָלגן.

קעדיי זיך נאָך מער אײַנקויפּן אין ליבשאַפט בא די לערער, האָבן די מיידלעך אין איינעם א שאבּעס אויסגעפּוצט די קלאסן, ווי ערעוו א גרויסן יאָמטעוו. טאקע נאָר צו באוווּנדערן זייער טרײַשאַפט: אליין געבּראכט פונעם וואלד יאָדלע־צווײַגן, אויסגעשניטן פארשיידנפארביקע פענדלעך, איבערגעצויגן פּאַפּירענע קייטן, געוואשן די דילן, אופגעראַמט. אומעטום געמאכט ריין, ציכטיק, א מעכײַע. די לערער מעגן טאקע אָנקוועלן און קלײַבּן טײַנעג. מיר, ייִנגלעך, האָבן זיך געפילט אין דעם טאָג ניט נאָר פארשעמט, נאָר טאקע בעפּיירעש באליידיקט. איך שטויס זיך אָן, וועמעס אופּטו דאָס איז...

דאָס, מיין איך, איז אויך א מין מיידלש שפּיצל, וואָס דארף אונדז דערגיין צום הארצן.

אָן אנדערשמאָל האָבן דרײַ מיידעלעך אומגעריכט, ניט וואָרענענדיק פריִער, גענומען דורכקוקן דעם סאניטארן צושטאנד פון די קינדער. דער דאָזיקער דרײַלינג בעראָש מיט דער לערערן פרידע רופט זיך „סאנקאָם”. זיי האָבן געמאָלדן, אז הײַנט, דאָנערשטיק, איז זייער טאָג — גיי טו זיי עפּעס. אויסגעלאָזט האָט עס זיך דערמיט, וואָס די ייִנגלעך האָבן געכאפּט א גוטן פּסאק. וואָס עמעס, איז עמעס, קיינער וועט ניט לייקענען, אז בא דער מערהײַט ייִנגלעך זײַנען די הענט קויטיק, די נעגל — ברודיק, און ארום־און־ארום מעג אויך זײַן ריינער.

שלוימקע איז ארויס פון די קיילים, געוואָרפן זיך הין און הער, געבּורשעוועט. דער סאנקאָם האָט געפונען פאר נייטיק ארײַנשרײַבּן אין פּראָטאָקאָל, אז בא אים, בא שלוימקען, זײַנען די אויערן מער פארלאָזט, ווי בא אלע איבעריקע קינדער.

— מע קען דאָרט פארזעצן קארטאָפל, — כאָכמעט זיך עסטערקע די לאנגע, זי איז אויך אין דרײַלינג, — אנו, דערלאנגט אהער א זאסטעפּ.

— איך וועל דיר געבּן מיט א זאסטעפּ איבערן קאָפּ! — האָט שלוימקע זיך ארויסגעריסן פון אירע הענט.

— אײַ־אײַ־אײַ, — קוקט אָף אים קרום די לערערן פרידע, — און דאפקע פון דער עלטערער גרופּע!

איך בין ניט געשטאנען אָף שלוימקעס צאד, כאָטש ס'האָט מיך שטארק געקימערט זײַן כארפּע פארן סאנקאָם.

— איידער קומען אין שול־היים, — זאָג איך אים, שלוימקען, — מיט אזעלכע שווארצע נעגל און בלאָטיקע אויערן, איז שוין א סאך גלײַכער זיצן אין דער היים.

— פון ווען אָן, — ענטפערט ער מיר, — ביסטו געוואָרן אזוי קאָשער און פרום? זע נאָר, זע דאָס לײַטישע ייִנגל!

— שלוימקע, ווארף אוועק די מיִעסע שטיק פון דער גאס!

— שטייסט פאר די מיידלעך?

— איך שטיי ניט פאר די מיידלעך און שטיי ניט פאר די ייִנגלעך. איך שטיי פארן קאָלעקטיוו. דעם קאָלעקטיוו, שלוימקע, דארף מען שאנעווען.

— איז וואָס זשע האָב איך דאָ כויטע־בייגל געוועוען? כ'בין אזא מיטגלידער פונעם קאָלעקטיוו, ווי דו. כ'וועל ניט דערלאָזן, די מיידלעך זאָלן מיר קריכן אפן קאָפּ.

—ווארף זיך ניט ווי א קאַפּאָרע אין קאָשעק. האַלט זיך ווי א מענטש. מע האָט דיר געמאַכט א באַמערקונג, איז זײַ אַזוי גוט און ווארף זיך אונטער. ניטאָ וואָס צו בונטעווען.

שלוימקעס גלײַכקע אויגן, אָנגעפּילט מיט רוגזע, האָבן מיך אדורכגעשטומען אף דורך און דורך.

— צווייפענעמדיקער! אומזיסט האָב איך גערעכנט, אַז דו ביסט דער איינציקער כאַווער מײַנער. גרייט געווען גיין אין פײַער און אין וואַסער... איצט זע איך שוין, מיט וועמען איך גיי צום טיש. — די גאַל איז אים נאָך מער ארײַן אין פּאָנעם. — גיי! — טרײַבט ער מיך פון זיך א שרעקלעך אופגעבראַכטער. — גיי צו דײַן פּערעלען.

פּאַר גרויס ביזאָיען בין איך גרייט געווען זיך באַגראָבן לעבעדיקערהייט. ביז טיפן ווייטעק, פּיל איך, האָט מיר דערלאַנגט זײַן אויסוואַרפעניש. פּאַרלוירן שטיי איך פּאַר שלוימקען. דאָ איז נאָך צוגעקומען אַן אַנדער געפּיל, וואָס דעליבעט מײַן נעשאָמע, — א נאָענטער כאַווער גייט פון מיר אַוועק, און ס'טוט זייער און זייער באַנק... ניט אַזוי האָב איך עפּשער באַדאַרפט מיט אים ריידן, עגבערט מיך די כאַראָטע.

מאַליע מיט די זײַעדעס האָט אונטערגעהערט אונדזער ייִנגלשן געשפּרעך. זי איז געבליבן זייער צופרידן, וואָס כ'האָב זיך פאַרקריגט מיט שלוימקען.

— הײַנט זעסטו שוין, — מאַכט זי, — ווער ס'שטערט די אָרדענונג פון קאָלעקטיוו? פּאַרן עמעס איז מען גרייט אויסדראַפּען די אויגן. גיי האָב צו טאָן מיט אַזאַ שלוימקעלען.

כ'האָב כיישעק געהאַט זי א שטופּ טאָן מיטן פוס, זי זאָל זיך איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ.

— אַוועק פון מיר, שליאָנדערקע! שלוימקע איז נאָך הונדערט מאָל לײַטישער פון דיר.

— ביסט אויך א גוטינקער. מ'האָט דיך אויך ליב, ווי פעפער אין נאָז. ווארט, ראָשע איינער, וועסט נאָך ווײנען אף ביידע אויגן.

מיט אַזאַ מײַנעלאָשן פון אַן עמעסער מאַרק־סעדעכע האָט נאָך קיינער פון די קינדער צו מיר ניט גערעדט.

— מאַליע מיט די זײַעדעס! — האָב איך א געשריי געטאָן איבערן גאַנצן קאָרידאָר. — ניכבעניצע!

אָך, אַז זי האָט געכאַפּט די פיס אף די פּלייצעס און זיך געלאָזט לויפן ווי פון א העליש פײַער!

— ווארט, בויאַן איינער, וועסט מיך נאָך האָבן צו געדענקען! — ווײַזט זי מיר פונדערווײַטנס אירע פויסטן.

דעם גאַנצן טאָג גייט מאַליע אַרום א פאַרוויינטע. ניט איין מאָל פאַלן פּערעלעס פאַראַכטנדיקע בליקן אין מײַן זײַט. איך האָב גוט געפּילט, ווי זיי שטעכן מיך.

שלוימקען האָט מען, אַפּאָנעם, נאָכן וואַרמעס אָפּגעלאָזט אַהיים.

צווישן די עלטערע קינדער האָט זיך געפּילט עפּעס אַן אומרו. אין די האַפּסאָקעס און אַפילע נאָכן וואַרמעס האָט מען קיין לידער ניט געזונגען.

בא קיינעם איז ניטאָ קיין כיישעק ארויסגיין אפן הויף שפּילן, ווי עס איז איַינגעפּירט, אין א קאראהאָד.

— וואָס איז מיט איַיך? — שטייט צו די לערערן אניוטע מיט א פּאָדערנדיקער טיַינע. — פון נעכטן ביז היַינט דערקען איך איַיך ניט.

די מיידלשע סוויטע שוויַיגט אונטער פארקלעמט. אָבער מאליע, איין פּיסקעוואטע מאליע, האָט ניט אויסגעהאלטן און זיך ארויסגעכאפּט, שליַינגענדיק די טרערן:

— און אז איך וויל ניט זיַין אין סאנקאָם, ווער קאָן מיך צווינגען! איך וויל ניט, און שוין... מאלע וואָס די כאווערטע פרידע האָט אָנגעמערקט מיַין קאנדידאטור...

אונדזער לערערן אניוטע איז גאָרניט אזא נאר, זי זאָל זיך גליַיך ניט אָנשטויסן, אז עפּעס איז שוין דאָ פאָרגעקומען.

— פון אלצדינג, מיידלעך, האָט איר ליב מאכן א וועזן. יעדע קלייניקיַיט פארנעמט בא איַיך אן אָרט. אָן עק, לאָמיך הערן, וואָס האָט פּאסירט?

— איר ווייסט גאָרניט, כאווערטע אניוטע, וויאזוי מע באליידיקט מיך גראָב. איך קאָן שוין מער ניט אויסהאלטן... — צעיאכמערט זיך מאליע אף א קאָל. דאָס גרייט זי פאר מיר א בענקעלע.

פּערעלע וויל דעם איניען פארווישן. דאָס זע איך ארויס פון איר פּירעכץ. זי האָט קונציק מיט א זיַיט אָפּגעשטופּט מאליען פון דער לערערן.

— לייגט ניט קיין אכט, כאווערטע אניוטע, זי איז פּאָשעט היַינט אופגעשטאנען אפן לינקן פוס. קיינער טשעפּעט זי ניט און קיינער באליידיקט זי ניט, — מאליען טוט זי א קניפּ הינטן־ארום. — בעהיימע...

— עפּעס זע איך, מיַינע טיַיערע, ווילט איר פון מיר אויסבאהאלטן. איך ווייס אלצדינג. מיך, מיידלעך, וועט איר ניט אָפּנארן. בעקיצער, זאָגט, וואָס איז געשען?

א נידעריטשקע, א ציכטיקע, א צוגעפּוצטע מיט א ראָזלעך געפּרעסט טיכעלע אף דער ברוסט־קעשענקע, איז געשטאנען די לערערן אניוטע, ארומגערינגלט מיטן קריַיז פון די מיידלעך, געפּאָרשט די מיידלשע פּענעמער, געוואָלט ארויסבאקומען דעם סאָד.

— ווען ווען ווען אָנקומען די נײַע לערנביכער? — שפּרינגען איבער די מיידלעך אף אנדערע זאכן.

— די שול־היים איז אויך איַינגעלאדן אף דער עקסקורסיע קיין קאָרסון?

— כאווערטע אניוטע...

— מיידלעך, פארעדט מיר ניט די ציין, — איז די לערערן שטרענג געוואָרן. — מאליע, ווו ביסטו ערגעץ? קום נאָר אהער!

פּערעלע בליַיבט שטיין, ווי מיט אָפּגעהאקטע פליגל. די איבעריקע מיידלעך אין קריַיז האָבן אויך אָנגענומען וואסער אין מויל און שוויַיגן צו טאמעוואטע.

ערשט איצט האָט מאליע אויסגעבראָכן מיט א געוויין:

— אויב איר וועט ניט אָנעמען קיין מיטלען... אויב זיי וועלן ניט ווערן באשטראָפט... — ווער־ווער, נאָר מאליע קען די שטיקעלעך פון א יאכנעדריידל אקוראט. זי האָט אופגעשרויפט דאָס צעבונדענע צינגעלע ביזן

לעצטן שרײַפּעלע. ווו האָבן זיך גענומען צו איר אזעלכע בײזע קלאָלעס? מיך האָט זי אָנגעשאָלטן מער מיט א ביסל. — איר ווײסט גאָרניט, כאַ־ ווערטע אניוטע, וואָס פאר א מאזיק דאָס איז, א גאזלען, א רעצײיעך, אײנער אין דער וועלט. ער זאָל אף קײן גוט אָרט ניט שטײן! וואָס האָט ער צו אונדז? ער האָט מיר הײַנט געמאכט א לאָך אין הארצן... עפּנט אוף א פענצטער... גיט מיר א ביסעלע לופט...

האלעמײַ זאָל איך זאָגן, זי האָט גלענצנדיק אָפּגעשפּילט איר ראָל. פּארטיק. דאָס בענקעלע פאר מיר איז צוגעשטעלט.

די קלוימערשט כאלאָשעס־פּאלנדיקע מאליע האָט מען אונטערגעכאפּט אונטער די הענט און ארויסגעפירט אין דרויסן ארויס כאַפּן פרישע לופט. ווערליק די לערערן אניוטע האָט זיך דערשראָקן, האָב איך פארשטאנען, אז באלד וועט מען שיקן נאָך דער שפּיטאָל־דאָקטערן העסי־פּעסי.

אזא אָנשיקעניש אף מײַן קאָפּ!

די גאנצע צײַט האָב איך געוואַרט מיט גרימעניש אין בויך: אָט באלד וועט מען מיך ארויסרופן אין לערער־צימער און נעמען אפּן צימבל. וואָס זאָל איך טאָן, אז ס׳איז מיר באשערט באשטראָפט ווערן איבער א בילבל?

אז די קינדער האָבן זיך געלאָזט גײן אהײם, טרעף איך זיך אָן פּאָנעם־ על־פּאָנעם מיט דער אופגערעגטער לערערן, וועלכע איז געשטאנען, זעט אויס, א צײַט ווי אף גלײַקע קוילן באם ארויסגאנג און געוואַרט אף מיר. ארײַנגעפּאקט זיך! — האָט אין מיר שטארק א טיאָכקע געטאָן דאָס הארץ.

— וואַרט א ווײַלע, דיך דארף איך טאקע האָבן, — טוט זי מיך א צי אין א זײַט.

איך האָב אויך ניט געוואָלט, אז מײַנע קלאַס־כאווײרים זאָלן זען, ווי׳אזוי די לערערן וועט זיך באלד אף מיר ארופּווארפן. אנטלויפן באַ־ צײַטנס? נײן... א שולדיקער אנטלויפט. איך בין ניט שולדיק. פונדעסטוועגן איז אונטער פיר אויגן א סאך גרינגער אויסצושטײן דער לערערנס שטראָף־רײד.

— נו, ברודער־לעבן, וואָס וועסטו איצטער זאָגן? ווידעראמאָל... נאָר מיט דיר אײנעם האָט מען צו טאָן. ס׳א מײַסע אָן אן עק... ערגער פון אלע יינגלעך! צי דען פארשטײסטו ניט, ווו דו געפינסט זיך? א גאנצער קינדער־קאָלעקטיוו לײַדט פון דיר, — זי רעדט דאפקע שטיל, נאָר מיר דאכט זיך, אז מע שינדט פון מיר די הויט. — וואָס הײסט — אזא דער־ וואקסן יינגל קאָן זיך ניט נעמען אין די הענט ארײַן? ווילסט, מע זאָל דײַן נאָמען ארויסשטעלן אף א שווארצער ברעט? אף דיר האָב איך זיך ניט געריכט אזוינס... זעסט דאָך אלײן, ווי די לערערס לײגן אוועק אלע זײערע קויכעס, גיבן אײַך אָפּ די נעשאָמע, און בא דיר איז דאָס אף קײן האָר ניט אָנגעלײגט, — אירע פויסטלעך שווינדלען ארום אינדערלופטן, — אומ־ דערטרעגלעך... אומדערטרעגלעך...

— ערגערט זיך ניט, כאווערטע אניוטע. אויב איך בין אײַך שוין אזוי שטארק דערעסן, איז פאראן א ברײרע: שליסט מיך אויס, און פּאָטער אן אײסעק. — וואָס נאָך בלײַבט מיר צו ענטפערן?

— האַ? וואָס? דיר איז ניט ליב דער קאָלעקטיוו? — פּאלט זי אפּסנײַ אָן אף מיר. — אין דײַן הארצן איז נאָך ניט אײַנגעפּלאנצט געוואָרן דאָס

סאמע טײַערסטע, דאָס סאמע הייליקסטע אױף דער וועלט — ליבשאפט... פרײַנטשאפט... געטרײַשאפט... איר ווייסט נאָר זידלען זיך, שלאָגן, שילטן...
— כאוועטע אניוטע, פארוואָס זאָגט איר עס מיר? זאָגט עס מאליען.
— מאליען? ווייסט כאָטש, וואָס דו האָסט געמאכט פון דעם מיידל? צו־פיל דערלויבסטו זיך, מײַן טײַערער. זי קאָן נאָך ביז איצט צו־זיך ניט קומען. איבער וועמען? איבער דיר.
— איבער מיר? זי איז נאָך גערעכט?
— וואָס זשע, דו ביסט גערעכט? — טרייסלט זי מײַנע אָרעמס, גלײַך ווי זי וויל מיר פארשאפן ווייטעק.
קיין אנדער געפיל, כוץ ראכמאָנעס, האָט די אומדערפאָרענע לערערן אניוטע בא מיר ניט ארויסגערופן. ניט קעדײַ זיך נעמען אזוי שטארק צום הארצן, אױף מײַן וואָרט, ניט קעדײַ. וואָס דארף זי מיר דאָ אײַנטײַנען, ווייס איך ניט. וואָס קומט ארויס, אז זי לעבט איבער, נערווירט זיך? אױף מיר, דעם עמעס גערעדט, ווירקט עס ניט. איך קען איר ניט אופקלערן, אז זי שטעלט זיך אײַן פאר פאלשקײַט. דאָך האָב איך פּאָרט מיט עפּעס גע־וואָלט גיין איר אנטקעגן.
— איר ווילט, כאוועטע אניוטע, איך זאָל מאָרגן ניט קומען אין שול־היים?
— ניין, — באפאלט זי א פלוצעמדיקע שרעק, — דאָס וויל איך בע־שום־־אויפן ניט. איך וויל איין זאך פון דיר, — זאָגט זי, — נאָר מיט א טנײַ, זאָלסט אויספילן מײַן באקאָשע. דאָס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען צווישן דיר מיט מאליען, זאָל זיך מער ניט איבערכאזערן.
דאָס גאָר?
ניין, ס'איז ווינציק פאר דער לערערן, זי וויל נאָך, איך זאָל זיך אנטשולדיקן, דאָס הייסט — בעטן בא איר מעכילע.
— גיב דײַן ערן־וואָרט, — פאָדערט זי פון מיר.
— דאָס וועט איר בא מיר ניט פּויעלן... איך קאָן אײַך נאָר צוזאָגן, אז אױף ווײַטער וועל איך ביכלאל מיט איר קיינמאָל ניט ריידן.
— כ'האָב ביז אהער ניט געוווּסט, — מאכט זי א קרומע מינע, — וואָס פאר אן אקשן דו ביסט.
אין עטלעכע טעג ארום האָב איך צופעליק געהערט, ווי זי האָט זיך געקלאָגט פאר דער קרענקלעכער לערערן פרידע:
— איך בין אוועקגעגאן פון אים א צעבראָכענע, אינגאנצן א צעבראָ־כענע. שטעלסט זיך ניט פאָר, וואָס פאר אן אקשן דאָס איז, און דו דער־ציילסט מיר פּיזמוינעס, אז ער איז אן אנטוויקלט, א באוווסטזיניק קינד. נעכטיקע טעג! פּאָשעט א באלגײַוועניק און, אויב דו ווילסט וויסן, דער ערשטער בונטאר צווישן די יינגלעך.
— צו יעדער קינדערש הארץ, — ענטפערט איר די לערערן פרידע א ביסעלע פארטרוימט, — דארף מען האָבן א באזונדערן שליסל.
בלויז אױף א קליינער ווײַלע פארקלערט זיך די כאוועטע אניוטע. דער־נאָך צעפירט זי האָפענונגסלאָז מיט אירע קליינע פוכקע הענטלעך:
— ווו פארמאָג איך אזויפיל שליסלען?
די קראנקע הויכע לערערן גיט א טיפן זיפץ:

— אין דעם באַשטייט דאָך טאַקע די שוועריקײַט, כאַווערטע מײַנע, דאָס איז, צום באַדויערן, אונדזער כיסאָרן, וואָס מיר זײַנען אָרעם אין שליסלען...

## הינטער דער שטאָט

אין שול־היים קום איך אַלע טאָג פריִער פאַר אַלעמען, קימאַט דער ערשטער. אַז מע ברענגט פריש ברויט פון דער בעקערײַ, העלף איך עס אַראָפּטראָגן, און אַנדערשמאָל קומט אויס צעזעגן מיט דער קעכנע עטלעכע גראָבע פלאַכטעס האָלץ, אָנהאַקן שפּענער, צעבלאָזן דעם ריזיקן בלעכענעם סאַמאָוואַר. שפּעטער, אין אַ שאָ אָנדערהאַלבן אַרום, וועלן מיר עסן פרישטיק. דער פרישטיק באַשטייט פון אַ ריפּטל ברויט, געשמירט ביז גאָר דין, מאַמעש ווי באַהויכט, מיט שמאַלץ, און אַ האַלב טעפּעלע זיסע טיי. ביז גאָט העלפט, מע דערוואַרט זיך אַף דעם דאָזיקן אָנבײַסן, קערן זיך צען מאָל איבער די קישקעס אין בויך. ווער איז מיר שולדיק, אַז איך אַליין בין דער שויטע? קיינער נייט מיך ניט אופשטיין אַזוי פרי.

צי מאַכמעס מיר האָבן זיך ניט ווו אַהינטאָן אין אונדזערע אָרעמע היימען, צי ווײַל דער געבענטשטער פרימאָרגן שטייט אַזוי ליכטיק שיין אַף דער וועלט, — קאַיאָר קומט אַ היפּשע צאָל קינדער אין שול־היים. ווי מע זאָל האָבן זיך צונויפגערעדט, קומען אַלע פאַרפרי. מיר, ייִנגלעך פון עלטערן קלאַס, גייען אַראָפּ נידעריקער אין הויף צו די עטלעכע פרוכטביימער, ווו דאָס גראָז וואַקסט הויך און געדיכט און אין פרימאָרגנדיקן שאָטן ליגן נאָך די טראָפּנס טוי פריש אַף די גראָזסטעטע שטענגלעך. מיר פאַרקלײַבן זיך דאָ אַף דער נידעריקער באַנק און מיט גרויס פאַרכאַפּטקײַט הערן מיר אונדזער כאַווער מענדלס מײַסעס. כוץ דעם, וואָס ער ווייסט אַ סאַך וווּנדערלעכע מײַסעס, געהערטע און אַליין צוגעטראַכטע, דערציילט ער זיי נאָך, דער גוט־יאָר זאָל אים כאַפּן, עפּעס זייער שיין. יעדער מײַסע זײַנע האָט איר רייעך און איר טאַם. מענדלען קאָן מען הערן אַ טאָג מיט אַ נאַכט און ניט ווערן מיד.

— דערצייל, מענדל, דערצייל נאָך!

ער אַליין, מענדל, גלייבט אויך ניט אינעם שעם־האַמפּוירעש, אין דעם קישעף־שטיין, אין די זעקס און דרײַסיק צאַדיקים, אַף וועמען עס האַלט זיך די וועלט און מע רופט זיי „לאַמעדוואָווניקעס“. פאַר קיידער־ייִנגלעך, טאַלמעדטוירעניקעס איז עס עפּשער אַ געשעפט, אָבער נישט פאַר אונדז, שול־היים־קינדער, דערצויגענע און באַוווסטזיניקע. מיר גלייבן ניט אין קיין שיידים, מיר גלייבן ניט אין קיין קישעף. דאָס איז גלאַט ציקאַווע מײַסעס, צויבער־לעגענדעס, זאָל זײַן ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, נאָר מיר הערן זיי מיט אַלע אונדזערע כײַעסן. סוידעסדיק שטיל ציט מענדל די מײַסע, פאַרגלאָצט אַלעמאָל די אויגן, און אין זײַן קאָל ליגט עפּעס שרעקנדיקס. כעוורע זיצט דעמלט אַרום אים, ווי צוגעשמידט, מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם.

— אמאָל־אמאָל, פאַרצייַטנס, — אזוי האָט ער ליב אָנצוהייבן, מענדל, — ווען די וועלט האָט נאָך ניט געוווסט פון קיין באנען, פון קיין אווטאָ־מאָבילן און אעראָפּלאנען, האָט געוווינט אין א ווייַטן, פאַרוואָרפענעם יִשׁוּב איינער א מענטש...

דער נאָמען איז ניט וויכטיק — א מענטש האָט געלעבט!

וואָס פאַר א נאפקעמינע און ווער איז עס מעכויעוו וויסן, וויאזוי מע האָט גערופן דעם מענטשן. א כילעק א גרויסער! נאָר ווייסן ווייסן מיר פּאָרויס, דער מענטש וועט דורך א נעס ניצל ווערן. ער וועט אָף זייַן לאנגן וועג בייַשטיין פיל ניסיוינעס, אומדערטרעגלעכע יעסורים, פּייַן, אָבער ער וועט אויסמייַדן דעם נאָכלאָקערנדיקן טויט. דער מענטש פונעם פאַרוואָר־פענעם יִשׁוּב וועט דעם מאלעך־האמאָוועס איבערקליגן. געוויס וועט ער נאָך האָבן צו טאָן מיט שרעטעלעך, מיט דעם אויג־מעלעך־האבאָשן, מיטן סאָטן־מעקאטרעג, מיטן אשמעדיי און נאָך מיט אנדערע קאָל־האמינים שלעק, אָבער דער מענטש מוז ארויס מיט ניצאָכן. יאָ־יאָ, עס וועט טרעפן, דאָס מאזל וועט זיך פון אים אָפּטאָן, נאָר העט שפּעטער, זאָל זייַן צום סאָף לעבן, וועט זיך עס צוריק אומקערן.

— וואָס טויג מיר אצינד דאָס גליק, — וועט זיך דער מענטש קלאָגן אָף דער עלטער, — אז עס פעלן שוין די יאָרן?

מענדל דערציילט זייער פּאמעלעך, מיט גרויסע האפּסאָקעס — א רענדל א וואָרט.

— ...און דער מענטש פונעם פאַרוואָרפענעם יִשׁוּב איז אָף די עלטערע יאָרן בעשאָלעם געקומען אין יענעם ווייַטן לאנד, ווו די זון און די לעוואָנע גייען אוף אין איין צייַט, קיינער ווייסט ניט, ווען ס'איז רעכטער טאָג און ווען די נאכט פאלט צו. אין יענע ווייַטע מעקוימעס לעבן מענטשן אין פרידן, ווייסן ניט פון קיין מילכאָמעס, פון קיין גזיילע און פון קיין רעציכע.

— דאָרט, אפּאָנעם, מוז זייַן דער גאניידן אליין? — פּרוווט עמעצער פארלויפן מענדלען דעם וועג.

— ניין, שימעלע, דאָס ווייַטע לאנד רעכנט זיך בא דער שוועל פון גאניידן. מענטשן ווארפן קוידעמקאָל דאָ אראָפּ די פאלשקייַט, לייַטערן און קאשערן די נעשאָמעס, ביז זיי קומען צום סייכל און הייבן אָן צו פאַר־שטיין, ווער זיי זייַנען און צוליב וואָס מע איז באשאפן געוואָרן אָף דער וועלט.

דאָ ווערט נאָך מער ציקאווע צו הערן מענדלען, עס ווילט זיך וויסן, וואָס פאַר א וווּנדערלאנד עס געפינט זיך הינטער די האָריי־כוישעך בא די טויערן פון גאניידן. אָבער ווי נאָר עס קומט דער סאמע רעכטער מיט, ווען אונדזערע הערצער פלאטערן, מוז אומבאדינגט, ווי אפצולאָכעס, עפּעס איבערשלאָגן די שיינע אויסגעכאָלעמטע מייַסע: עס צעקלינגט זיך דאָס גלעקל, וואָס רופט אפּן לימעד, אָדער עס דערהערן זיך קוילעס פון אלע זייַטן:

— אָף דער עקסקורסיע!

— אלע קינדער גייען אָף דער עקסקורסיע!

די לערער לאָזן ניט צורו, נישטערן איבערן הויף פון עק ביז עק און

שיקן אָפּ אַלע קינדער צום קליינעם שטיקל פּלאַץ באַ דער געמויערטער וואַנט.

מענדל רײַסט איבער אינמיטן דערציילן, הייבט זיך אויף דער ערשטער פון דער באַנק און זאָגט אונדז צו, אַז מאָרגן אין דער זעלבער צײַט, אויפן זעלבן אָרט וועט ער די מײַסע זײַנע פאַרזעצן. מע זאָל אים נאָר דערמאָנען, באַ וואָס ער האַלט.

אַלע ביז איינעם זאַמלען זיך אויפן זוניקן פּלאַץ. ביז מע וועט זיך ניט שטעלן אין די רייען פאַרלעכווײַז, אָן קריגערײַ, אָן דינגעניש, וועט די עקסקורסיע זיך ניט אָנהייבן.

דערווײַל, ביז עפּעס־וואָס, טאַנצט ווילד אַרום „דער אינדיק" און פאַר־ווײַלט אונדז פריילעך. אַ הויכער, דאַר און טרוקן, ווי אַ באָקסער, טראָגט ער זיך אימפּעטדיק אַרום מיט אַ רויט־צעקאָשמעטער פּאַטלע, יאָגט, זשו־מעט, שפּרינגט אויף איין פוס און מאַכט מעשונע־ווילדע האַוויײַעס. ער האָט האַנאָע, וואָס די קינדער קײַכן, פּראַלן אַלע ווײַלע אויס מיט אַ הילכיקן געלעכטער, אַפילו די לערער שמייכלען אונטער. ס'איז שווער זיך בייזערן אויף דעם יונג און נאָך שווערער באַשטראָפן. קיינער רופט אים ניט באַם עמעסן נאָמען — הענעך, נאָר באַם צונאָמען — „דער אינ־דיק".

— האָלדער־באָלדער! — שפּאַרט פון זײַן מויל אַ שווער אָנגעפּאָפּטע צונג. — האָלדער־באָלדער! — שפּרינגט ער מיט צעשפּרייטע הענט, ווי מיט צעפּאָכטע פליגל. אָט לויפט ער, „דער אינדיק", אָט טאַנצט ער שוין ווידער אַרום צעבאַלעמוטשעט, צעפּודלט און צעקודלט. צווישן די מיידלעך ווערט אַ גוואַלד, אַ קוויטשערײַ.

שווער געווען פאַרן „אינדיק" צוקלײַבן אַ פּאָר אין ריי, קיינער וויל זיך מיט אים ניט שטעלן, ביז די לערערן אַניוטע און דער לערער אָרל האָבן ענדלעך געפונען פאַר אים אַ זיווגג, און דאַפקע אַ שטיל מיידעלע. מיט אַ מיידעלע, ווייסן ווויל די לערער, פירט זיך „דער אינדיק" לײַטישער.

מיסטאַם וועט מען אונדז באַלד פירן ערגעץ הינטער דער שטאָט. מיר מאַכן זייער אָפּט אַזעלכע אויספלוגן. אין שטאָט שטייען האַיאָר מעסוקענע היצן. ס'איז נאָך אַזאַ הייסער זומער, זינט באַרשעוו איז אַ שטאָט, ניט געווען, — זאָגן מענטשן. אַלע אָפענע פענצטער זײַנען פאַרהאַנגען, ס'איז אַזאַ ספּעקע, אַז מע קאָן אויף די דעכער אַפילו בראָטן קאַרטאָפל. טריקענען זיך טאַקע אומעטום אין בעקנס געשניטענע באַרן, עפּל, ווײַנשל־קערלעך. גרויסע געזונטע בינען זשומען און טוען אַ כיילעק אין טויט. פּרווו פאַר־טשעפּען איינע, וועט טייקעף קומען צו פליען אַ גאַנצע טשאַטע און דיך אופּעסן לעבעדיקערהייט.

די לערער פירן אונדז אַמאָל אין וואַלד אַרײַן, אָן אַנדערשמאָל צו דער ראָסקאָפּענעצער לאָנקע. דאָרט, פאַרשטייט מען, איז אַ סאַך קילער, ווי אין שטאָט, פרישער, פרײַער, עס אָטעמט זיך אַנדערש. דאָס מאָל האָבן מיר גראָד געלייגט דעם וועג צו דער אַלטער הרעבליע און וועלן זיך לאָזן, מיסטאַמע, אַהין ווײַט, נאָך דער געמויערטער וואַסערמיל, צום ריזיקן באַרג־מאָנאַסטיר. דאָרטן אין דער נידער, ווי אין אַ פּײַכטלעכער הייל, ריזלען צווישן גראָז קאַלטע וואַסער־קוואַלן. די שטרעמעלעך, קוים צו

באמערקן מיטן אויג, ציִען זיך פון די מיט מאָך באוואקסענע שטיינער־שפּאַלטן. די הויכע צעוואַקסענע ביימער פאַרשטעלן דעם ווײַס אָנגעגליטן הימל — ס'איז דאָס בעסטע און שענסטע ווינקל, קיין מער מעכײַענעפּאָ־שעסדיק אָרט וועט מען אַף דער וועלט ניט געפינען.

ערגעץ נאָענט אין די־אָ קאַנטן וווינט דער אלטער מאַלער אָניסי מאַר־קאָוויטש. כלעבן, גאָר ניט קיין נאַר: צוקלײַבן אַ מאָקעם־מענוכע פאַר זיך דאַרף מען אויך וויסן ווו. אײַ, ער ווערט פאַרפאַלן אַף גאַנצענע טעג, האָט נישט קיין האַנאָע פון זײַן געדונגענער נאַכלע, שלעפּט זיך אַרום טאָג ווי נאַכט מיט זײַן קלאַפּערגעצײַג, ווערט פאַרבערנט און פאַרסאַרפּעט אונטער דער הייס־צעגאָסענער זון, האַלטנדיק די גאַנצע צײַט אין איין מאָלן? ווער איז אים שולדיק? אַן עלטערער מענטש מעג אַף זיך ראַכמאָנעס האָבן און צושאַנעווען דאָס ביסל געזונט. ווער, וואָס? רייד צום באַליק! ס'אַן אייצע, זאָגט ער, ניט פון קיין גוטנפרײַנט. פאַרקערט, גראַדע אין די יאָרן דאַרף מען צוײַלן. ער מוז אָניאָגן, אָפּטאָן דאָס, וואָס ער האָט ניט דערטאָן, ער וויל ניט בלײַבן קיין באַלכויוו דאָ אַף דער לעבעדיקער ערד, קיינער וועט פאַר אים קיין איין שטריך אַפן געמעל ניט לייגן, ניטאָ אַף וועמען זיך צו פאַרלאָזן.

אַן עלטערער מענטש האָרעוועט איבער די קויכעס, פאַרדינט ניט קיין צעבראָכענעם גראָשן און האַלט זיך גאָדלדיק. ווער קאָן אים פאַרשטיין? אָניסי מאַרקאָוויטש איז דער הייפּעך פון אַלע איבעריקע מענטשן, וואָס איך ווייס אַף דער וועלט. זאָגן, אַז ער איז כאָלילע אינגאַנצן כאָסערדייע — זאָל גאָט אויסהיטן, אָבער פון אַ פולשטענדיק קלאָרן, זעט אויס, איז ער אויך ווײַט אַוועק.

פונדעסטוועגן ציט מיך שטענדיק צום אַלטן מאָלער. ווי נאָר דאָס וואָרט „מאָנאַסטיר" איז דערמאָנט געוואָרן, האָט מיך דורכגענומען אַ גרינגער ציטער — אָניסי מאַרקאָוויטש... ס'גייט מיר אַפילע ניט אָן די טײַנע, וואָס די קינדער שטעלן אַרויס, פאַרוואָס מע פירט אונדז ניט אין אַזאַ הייסן טאָג צום טײַך?

— צוריקוועגס, אין צווייטן האַלבן טאָג, — זאָגן צו די לערער, — ווען די זון וועט אַ ביסל אַראָפּ, וועלן מיר גיין די גאַנצע צײַט מיטן ברעג. דעמלט וועט איר זיך באָדן, וויפל אין אײַך וועט אַרײַן.

מיט געזאַנג האָבן מיר זיך געלאָזט פון דער קאַראַטשענע איבער דער הייס צעגליטער שטאָט. די לערערס האַלטן זיך ווי פּאַסטעכער בא דער זײַט און גיבן אַף אונדז אַכטונג, מע זאָל זיך פירן לײַטיש אין די רייען, ניט אַרויסוואַרפן קיין ווילדע שטיק, ניט אויסשרײַען קיין מיִעסע צונעמע־נישן, ניט כאַפּן די מיידלעך פאַר די האָר, זיך ניט בוצקען, ווי די ציגן, איינער מיטן אַנדערן.

הענט, טיכלעך, שטרויענע הוטן פאָכן אַראָפּ צו אונדז פון די נידעריקע באַלקאָנען. אוואדע זײַנען מיר שטאָלץ, וואָס די שטאָט ווייסט פון אונד־זער שול־היים און אַלע באַגריסן אונדז פרײַנטלעך.

דאָ טוען מיר אַ שאַל אַרויס אַ נײַע ליד.

ליב, כיינעוודיק, באַזונדערס בוילעט טיילט זיך אויס צווישן אַזויפיל שטימען פערעלעס קאָל. כײַ וואָלטן די איבעריקע מיידלעך אַזוי ניט גע־

קוויטשעט, ניט געריסן זיך אַף די גלײַכע ווענט... אַז פּערעלע זינגט, עפן איך ניט דאָס מויל, איך הער זיך נאָר אײַן, ווי זי גיט איבער מיט איר איידעלער שטים, וויאַזוי די העלדישע קעמפער האָבן געפאָדערט ערד פאַרן פאָלק, האָט מען זיי אָפּגעמאָסטן בלויז נײַן איילן ערד, און אָט באַלד וועלן די מערדער אומברענגען די העלדן — מאַרטירער, וואָס שטייען בא דער אָפענער גרוב...

Вы землю просили, —
Я землю вам дал...
Готова глубокая яма.

לייג נישט אײַן די וועלט, פּערעלע! מער וועלן זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן די שוואַרצע מעכאַבלים, און פאַר די געפאַלענע העלדן — רע־וואָליוציאָנערן וועלן מיר נאָך נעמען נעקאָמע!..

מיר האָבן איבערגעלאָזט די ליד הענגען איבער דער שטאָט, ווי אַ ווײַטן ווידערקאָל וועגן די געפאַלענע קאָמונאַרן.

אַהין, צו דער הרעבליע, צווישן הייס־צעגליטע שטיינער און פאַר־שטויבטע ווילדע שטעכעלקעס, בודזיקעס, פאַלין שלענגלען זיך איבערגע־טריקנטע סטעזשקעס, שמעלערע און ברייטערע, אַלע לויפן זיך צונויף צום אופגעהויבענעם הילצערנעם בריקל און דערנאָך גייען זיי זיך ווידער פאַ־נאַנדער. הינטער אונדזער רוקן הויכט זיך די שטאָט אונדזערע, באַרשעוו, צעשויבערט, צעכראַסטעט און גליט, ווי אין אַ קאַלך־אויוון. אָפּטמאָל קע־רעווען מיר זיך אויס מיטן פּאָנעם צום טײַך, פאַרלייגן די הענט צום שטערן און קוקן זיך אײַן אין דער באַרג־שטאָט, ווי זי ווערט פאַרגאָסן מיט פײַערדיקע זון־שטראַלן, פײַניקט זיך אין דער מעסוקענער צעפלאַקער־טער היץ.

די לערער זאָגן אונדז ניט קיין מוסער, מאַכן ניט קיין באַמערקונגען. מיר פילן זיך קימאַט ווי אינגאַנצן פרײַ. ווער עס פאַרלויפט דעם וועג פאָרויס, ווער עס גייט רויק, געלאַסן, קלײַבט אונטער פעלד־בלימעלעך, אַנדערע פלאַפלען, כאַפּן אין דער שטיל אַ קנײַפּ, אַ שטופּ, אַ שטורכע. קיינער וואַגט ניט זיך קלאָגן פאַר די לערער. די ברייטע ראַכוועס שלינגט אײַן דעם קינדערישן געווימל.

איך ווייס אַליין ניט, וויאַזוי מיר איז מיטאַמאָל אויסגעקומען גיין באַנאַנד מיט פּערעלען. דאָס גרינגע העלע קאָפּטעלע אירס מיט די גע־שפּיליעטע אַרבל בלאָזט זיך אָן ווי אַ פענכער פון אַ ליאַדע ווינטל. ס'איז שרעקלעך הייס, די ייִנגלעך האָבן שוין פון אַ צײַט אַראָפּגעצויגן די העמדלעך. איך שעם זיך בלײַבן האַלב נאַקעט פאַר פּערעלען.

— ווען מיר גייען מיטן ברעג, — רוף איך זיך דער ערשטער אָפּ, — וואָלט איך די גאַנצע צײַט געשווומען מיטן וואַסער, צו וואָס זיך פּרעגלען אומזיסט און אומנישט? דו וואָלסט געטראָגן מײַן אָנטאָן?

— די גאַנצע צײַט?

— מײַן אָנטאָן, פּערעלע, איז גרינג ווי אַ פעדער. ס'קאָן אינגאַנצן פאַרוועגן עפּשער עטלעכע לויט. איך וויקל עס שטענדיק שטײַף אײַן אין

איין קניפּל און נעם עס אין די ציין, ווען איך וויל אריבערשווימען אַף יענער זייַט ברעג צו די לאָזעס.

— כּי־כּי, ווי א הינטל, — לאַכט זי שטיל, ווי אין זיך, — האַלט דאָס קניפּל אין די ציין, כּי־כּי! אַף יענער זייַט טייַך וואַקסן וואַסער־ליליעס, געלע און ווייַסע...

— ווילסט, וועל איך פאַר דיר אָנרייַסן וואַסער־ליליעס, אי געלע, אי ווייַסע?

— אָבער דאָרט, אַף יענער זייַט טייַך, — ווערט זי ערנסט, — שטייען טיפע זומפּן, די בלאָטע ציט אַרייַן אַפילע גאָר א גוטן שווימער.

— האָב קיין יעסורים ניט, פּערעלע, מיך וועט דער זומפּ ניט אַרייַנ־ציִען. איך שווים אָפּט אַריבער אַף יענער זייַט טייַך. כ׳ווייס, וועלכע ערטער זייַנען געפערלעך און וויִאַזוי זיי אויסמייַדן. ווילסט, וועל איך דיר אָפּדערנאַכט ברענגען וואַסער־ליליעס?

— ניין... — דערשרעקט זי זיך אַזש און טוט האַסטיק א שפּרונג אָפּ הינטערווייַלעכס. — איך וויל ניט, מע דאַרף ניט... וואַסער־ליליעס זייַנען טאַקע שיין, אָבער זיי שמעקן מיט פרעש. אַזוי ווייַט פאַרשווימען דאַרף מען ניט, ס׳א גרויסע אייַנשטעלעניש.

אין דער זעלבער מינוט זייַנען פריילעך לאַכנדיק אונטערגעלאָפן פּערעלעס כאַווערטעס, מאַליע, עסטער, ראָכעלע די ווייַסע, און אָנגעטאָן אַף איר קאָפּ א שיין געפלאָכטן קרענצל פון בלינדע קווייטעלעך. אין דער אָנגעטאָנענער קרוין איז זי שענער פון דער שענסטער באַסמאַלקע. א שאָד, וואָס ס׳איז ניטאָ קיין שפּיגל!

מידלעך צוגעשטאַנען זייַנען מיר אַרייַן אין די קורצע שאָטנס פון א יונג סאָסנאָווע וועלדל, געזעצט זיך אָפּרוען, טיף אַרייַנגעאָטעמט דעם שאַרפן יאָדלע־רייעך, וואָס טראָגט מיט זיך עפּעס א מין זיסקייַט אָפּן טאַם. לאַנג האָבן מיר זיך דאָ אין וועלדל ניט פאַרהאַלטן. דער טאָג שטייט ניט, אונדזער ווייַטערדיקער וועג ליגט צו די קאַלטע קוואַלן. דאָרט וועלן מיר זיך קאָנען לאָזן וואַלגיין אַפּן שענסטן אויפן, דערווייַל דאַרף מען צוייַלן.

אָט דאָ באַלד, קאָן זייער געמאָלט זייַן, איך זאָל באַגעגענען אַפּן וועג אָניסי מאַרקאָוויטשן. פּערעלע איז ניט באַקאַנט מיטן אָנגעפאָרענעם אַלטן מאָלער, נאָר אַז ער וועט זיך ערגעץ־ווו יאַווען פאַר די אויגן, וועל איך איר אים ווייַזן. „ווייסט, ווער דאָס איז? — וועל איך זי פרעגן. — קוק זיך גוט אייַנעט אינעם גראָוון מאַן, זעסט, ווי ער איז אָנגעגורט מיט מאָל־מאַכשירים, פּושקעלעך, קעסטעלעך, סלאָיִקלעך, זעסט דעם אַראָפּ־הענגענדיקן דורכגערייכערטן ציבעק, די ווייַסע סטאַרטשענדיקע ברעמען? דאָס איז אָניסי מאַרקאָוויטש, איינער פון די באַרימטסטע מאָלער אינעם גאַנצן לאַנד. לונאַטשאַרסקי אַליין רופט אים, ער זאָל זיך אומקערן קיין פּעטראָגראַד. הייַנט פאַרשטייסטו, פּערעלע, וואָס פאַר א מענטש דאָס איז? און איך בין מיט אים באַקאַנט. זע אומיסטן, ווי איך גיי אים באַלד אָפּ־געבן שאָלעם. ניין, ניין, ער וועט מיך ניט אָוועקטרייַבן. דאָס איז דאָך טאַקע די מייַלע. ער איז א באַרימטער מענטש, נאָר דאָס מאַכט ניט אויס, דאָס שטערט אים ניט, ער זאָל זיך פילן מיט אַלעמען גלייַך. מייַנסטו,

פערעלע, אז איך האָב דיר שוין אַלץ דערציילט וועגן אים? זאָלסטו וויסן זײַן, אז ס׳איז נאָך אפילע קיין אָנהייב ניט...״

דער לערער ארל סקליאר וויל וויסן, איבער וואָס האָב איך זיך אזוי שטארק פארקלערט:

— עפּעס גייסטו איינער אליין, געפּלאָנטערט ווי אין א כאָלעם. זעסט אויס אומעטיק. קיינער האָט דיך ניט באליידיקט?

שווײַג איך צו, וואָרעם אים קאָן איך דאָך ניט דערציילן דאָס, וואָס פערעלען.

— עפּשער פילסטו זיך ניט גוט? — נעמט ער מיך ארום און טאַפּט מײַן שטערן. אין דרויסן שטייט אזא היץ, אזא ברענענדיקע היץ. איך זע, ווי פונעם לערער גיסט טײַכן שווייס, זײַן העמדל איז צוגעקלעפּט צום לײַב, אף דער רויט געוואָרענער נאָז ליגט צוגעקלעפּט א בלעטל, פונעם פּאריסענעם שטערן דעמפּן די מילי־מיליאסן אָנגעלאָפּענע טראָפּנדלעך. — קום מיט מיר, קום! זײַ ניט באצאָרנט.

אונטער די הויכע שאָטנדיקע ביימער, וועלכע רינגלען ארום דעם אלטן כאָרעוו־געוואָרענעם מאָנאסטיר, בא די קאלטע קוואלן האָבן מיר פארבראכט קימאט דעם גאנצן טאָג. אונטערן פרײַען הימל האָבן מיר געשפּילט און געטאנצט, די לערער האָבן אונדז געלייענט לידער, מעשאָלים, מײַסעלעך. פון די געלייענטע לידער זײַנען מיר פארבליבן אין הארצן די שורעס:

> א שטראַל פון דער זון האָט א כוואַליע געקושט
> מיט ליפּן פון ריינעם גינגאָלד.
> א שפּרונג האָט די כוואַליע געטאָן, ווי צעמישט,
> און לעבן שוין מער ניט געוואָלט!

מיטן געדאנק האָב איך זיי ניט אזוי שטארק באנומען, די דאָזיקע שורעס, נאָר זעט אויס, אז ניט יעדער זאַך מוז מען גלײַך נעמען אפן סייכל...

## הילף

אין דײַטשלאנד האָט אויסגעבראָכן א שרעקלעכער הונגער.

וואָס פאר א שײַכעס האָט עס צו אונדזער בארשעוו? די גרעסטע שײַכעס! מיר דארפן וויסן וועגן דעם און העלפן מיט וואָס מע קאָן. ס׳א ברידערלעכער כויוו, זאָגט דער כאווער יאקאָוו, העלפן אין אָן אומגליק דעם פּראָלעטאריער אין א צווייטן לאנד. ווי דען אנדערש, מיר זײַנען דאָך קינדער פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, קינדער פון א נײַעם דאָר, ווער דען זשע וועט אויסשטרעקן א פרײַנטלעכע האנט, אויב ניט מיר דאָ, די באפרײַטע מענטשן פונעם באפרײַטן לאנד? ביפראט, אז עס האנדלט זיך וועגן הונגער־לײַדנדיקן קינד.

ווער־ווער, נאָר מיר ווייסן, וואָס דאָס הייסט...

אומדערוואַרט האָט זיך פאַר אונדז, קינדער, מיטאַמאָל געשטעלט אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבע — נעמען אָף זיך די זאָרג צו אָרגאַניזירן הילף פאַרן הונגעריקן דײַטשישן קינד. מיר, מיט אַלע כײַן־גריבעלעך פון קאַפּצאָנים, האָלאָפּוזניקעס, לאַפּיטוטניקעס, אָרעם וואָס אָרעמער קאָן ניט זײַן, דאַרפן דערלאַנגען דעם גרענעץ־שאָכן, ווען ס׳האָט געטראָפן אַן אומגליק, אונדזער ציטעריק אָרעמאַנסקע שטיקל ברויט...

די שטאָט האָט מען געשטעלט אָף די פיס — הילף פאַרן דײַטשישן קינד! וואָס אַ טאָג, קומען פון דאָרט אָן שווערערע און טרויעריקערע ידיעות. אָף מיטינגען איז הייס באַהאַנדלט געוואָרן, ווי אַמשנעלסטן קומען צוהילף די היימלאָזע יעסוימים. קוידעמקאָל איז דערקלערט געוואָרן, אַז מע וועט זאַמלען געלט בײַ די אײַנוווינער. מיר, די עלטערע קינדער פון שול־היים, האָבן זיך אויך אײַנגעשלאָסן אין דער זאַמלונג־קאַמפּאַניע. דער קאָמיוגישער קאָמיטעט האָט אונדז פאַנאַנדערגעטיילט אָף גרופּקעס און אין אייבעם פון די מאַרק־טעג צעשיקט איבער דער שטאָט. ווו נאָר אַ פּלאַץ, אַ דורכפאָר־וועג, אַ קרייץ־וועג, אַ בולוואַרל, אַ הינטערגעסל, ווו מענטשן גייען דורך פאַרבײַ, דאָרט שטייט אונדזערער אַ פּאָסטן. מיר גיבן שוין גוט אַכטונג, אַז קיין איינער זאָל ניט בלײַבן אָנעם צייכן אָף דער ברוסט „הילף די דײַטשישע קינדער״.

דער מאַרק־טאָג האָט זיך דאָס מאָל גראַדע אויסגעגעבן אָף כידושים, אַזאַ אָנגעפּאָרענער יאַריד געדענקט זיך שוין לאַנג ניט. אומעטום, ווו די שטאָט האָט ערגעץ אַ ווינקל, גריבלט און שוויבלט מיט מאַרק־האַרמידער. די, וואָס שטייען מיט די פּושקעס, טראָגן אָף די אָרעמס רויטע בענדער, ווי בײַ וואַך־פּאַטרולן. עס קלינגען די בונט־געפאַרבטע בלעכענע קײלים, זיי מאָנען „ווער וויפל עס קאָן...״. צאַליק פונעם קאָמיוגישן קאָמיטעט האָט מיך אַראָפּגענומען פון מײַן פּאָסטן אָפן מאַרק־ראָג, בײַם שניטקראָם־קאָאָפּעראַטיוו, און מיך אַוועקגעשיקט מיט נאָך איינעם אַ מײדעלע פון דער אוקראַיִנישער שול אַזש צו ייִסראָליק דאַלעסעס געסל.

— דאָ, אַרום אַזאַ לעבהאַפטיק אָרט, — זאָגט ער, — קאָן מען שטעלן אַבי־וועמען, אַ ליאַדע יאַטל, אָבער דאָרטן, וווהין איך שיק דיך, דאַרף מען האָבן אַ כוואַטסקע כעוורעמאַן, וואָס זאָל פאַרמאָגן אין זיך ניט נאָר האָזע, נאָר אויך כוצפּע... דאָרט דאַרף מען גוט־גוט טרייסלען פאַרן קאָלנער, מע זאָל אַרײַנוואַרפן די מאַטבייע אין פּושקע. אָף דיר, מיין איך, קאָן מען זיך פאַרלאָזן, ביסט דערצו גענוג אַקטיוו און גענוג ענערגיש.

איך בין אוואַדע צופרידן, וואָס צאַליע שטעלט מײַנע געראָטענע מידעס „האָזע און כוצפּע״ אין אַ ליכטיקער שײַן. אין דעם געגעבענעם פאַל, דאַרף מען אים פאַרשטיין, איז עס אַפילע אַ מײַלע.

איך און מאַריאַסיע, דאָס כיינעוודיקע מיידעלע פון דער אוקראַיִנישער שול, אינעם פּליושן שוואַרצן קאַפּערל — אויך אַ גאַנץ בידאָווע, האָבן זיך געשטעלט אָפן קרייץ־וועג, ווו די עטלעכע דריבנע געסלעך צעקריכן זיך, ווי די ריטלעך פון אַן אַלטן גענוצטן דערקאַטש. כוץ וועבער, שטריקלדרייער, קעמלמאַכער, וווינען דאָ גלאַט קאַליקעס, אַלמאָנעס, בעטלערס. דאָ, אין דעם טכום, געפינט זיך דער אָרעמסטער גראַד פון שטאָט. די נידעריקע הײַזקעס, אײַנגעקוועטשטע, אַרומגעקאַלופּעטע, שפּאַרן צו מיט די פּיצינקע

צעקרימטע פענצטער בא דער סאמע ערד, זיי זעען אויס, ווי פויזענדיקע קינדער, וואָס קאָנען זיך נאָך ניט שטעלן אקוראט אף די אייגענע פיס.
מאריאסיע האָט שטארק געצווייפלט, צי עמעצער וועט ארײַנווארפן כאָטש א פרוטע.
— אין דעם ווינקל, — זאָגט זי טרויעריק, — שטייט דער הונגער נאָך גרעסער, ווי אין דײַטשלאנד. די אָרעמקײַט ריפּעט אין אלע טירן, דערצו איז מען נאָך א ביסל אָפּגעלאָזן. ס׳איז קיין כידעש ניט, די אײַנגעזונקענע הײַזקעס זײַנען אָנגעפיקעוועט מיט שכיינים. יעדער שאָכן האלט נאָך א שאָכן אָדער אן אָנגעפּאָרענעם קאָרעוו, כוץ דעם, וואָס אז עס מאכט זיך, פארדינגט מען א באנק אף נאכטלעגער.
איך בין מער האָזעדיק ווי מאריאסיע, כ׳שפּרייט פאנאנדער די הענט און לאָז קיינעם ניט דורכגיין.
— איר וועט אין כאלאָשעס ניט פאלן. פון ווינציקער מיט א קאָפּעקע שטארבט מען ניט, — צעלאָז איך מײַן געמבע, — ס׳איז פאר אונדזערע שוועסטער און ברידער! העלפט די שמאכטנדיקע קינדער!
— און ווער וועט מײַנע קינדער העלפן? — שטעלט זיך אוועק אנטקעגן א דארע לאנגע פרוי מיט פארלייגטע קנאָכיקע הענט פּאָדבאָקאָם. — גיי טו א קוק, ווי זיי צאנקען, — און פונדעסטוועגן דעליבעט זי זיך אזוי לאנג, ביז זי געפינט אויס די קופערנע מאטבייע, ווארפט ארײַן אין פושקע און טוט דערבײַ א שווערן זיפץ: — ניט מער זאָלן מײַנע סאָנים פארמאָגן, וויפל איך קאָן שוין געבן...
ווו־ניט־ווו זעט מען אויסגעשפּאנטע וועגענער, קופקעלעך היי, פערד־הני. דער גרויסער אָנגעפּאָרענער מארק־יאריד שפּארט אזש אָן אהער אין די הינטערגעסלעך. מע קאָן קריגן ביליקן פלאקס, לײַן־פּאָדעם, קנוילן וואָל, געשטריקטע רעדנעס. ווער עס גיט זיך אָנעט אינעם מארק, קריגט פּײַנע מעציזעס. מיט די פיל אָנגעפּאָרענע דאָרפישע פויערים גייען אָן ווינציק רייד: ארײַנגעשטעקט אין לאָץ דעם צייכן, אונטערגערוקט די פושקע:
— לאָזט זיך ניט בעטן. ווארפט ארײַן, וויפל איר האָט בעיאד!
— פאראן דען אזא אוקאז?
— פאראן...
ארום אונדז זײַנען זיך צונויפגעלאָפן א היפש ביסל קליינוואַרג — האלב־נאקעטע, דארינקע, זוניק־אָפּגעברוינטע. ווער עס הריזעט א מערל און ווער עס זויגט א בלאָטיקן פינגער. קינדער בלײַבן שטענדיק קינדער: כאָטש א שנאָל טאָן אין דער פושקע און גיך אנטלויפן. איינס א מיידעלע מיט א פּאָר טרוקענע שטארע אויגן האָט זיך צוגערוקט צו מאריאסיען, זיך אָנגעטאָן א קויעך און פּאמעלעך אופגעהויבן זיך אף די שפּיץ פינגער, די מאָגערע נאקעטע קני־שעלכלעך האָבן אזש גענומען קנאקן.
— די באָבעשי מינציע, זאָל לעבן, האָט געהייסן ארײַנווארפן פאר מייער־באַל־נעס און בעט א גוט קוויטל.
שווערלעך רוקט זיך אנטקעגן אין א פּאָר ברייטע צערעפּעטע שקראַ־בעס יִיסראָליק דאלעס אליין, דער מעלעך־עוויון פון די דאָזיקע צעשוי־בערטע געסלעך. ער האָט מײַסע באלעבאָס פארלייגט די הענט אפן רוקן.

רו׳יק געמאָסטן איז זײַן האמעטנער טראָט. אָט דער פּאוואָליער, געלאָסענער גאנג מאכט אים נאָך מער מעגושעמדיק און אומגעלומפּערט. א לאנג באוואקסן פּאָנעם מיט א היפּש־אָנגעפּרי׳עטער פּליישיקער נאָז. אויגן, ווייכע, טרערנדיקע, ליגן ווי אין אלטע קנייטשיקע בײַטלען... זאָל גאָט שוימער־אומאצל זײַן זען זיי, די דאָזיקע אָפּגעוועלקטע, מיט נעפּל דורכגענומענע טרערנדיקע אויגן, אין א בייזער מינוט, ווען די אופגערייצטע רוגזע טוט א פלאם אוף אין אלע זײַנע אופגערודערטע אייוורים. אָ, איך האָב אים אמאָל געזען אין זײַן גרימצאָרן!

איצט האָט זיך מיר געדאכט, אז דער ביינערדיקער זאָקן טראָגט ארײַן אהער די סאָפּזומערדיקע טעג אף זײַנע ברייטע פּלייצעס, ווי א געטרײַער פּאָטער טראָגט ארײַן דעם שווער־און־ביטער פארהאָרעוועטן פארדינסט. יִ׳סראָליק דאלעס האָט זיך געשטעלט אָן א זײַט, טיף אָפּגעטעטעמט, ערנסט באטראכט אונדזער שטיקל ארבעט, וואָס מיר טוען דאפקע דאָ, אין זײַן קרוין־געסל. ער קוקט זיך שטארק צו, ווי מיר, איך און מאריאסיע, לאָזן קיינעם ניט דורכגיין אָנעם צייכן „הילף די דײַטשישע קינדער”.

— איַי, איז דאָס קונדייסים, — קוועלט ער לעכאטכילע גאָר אָן, — ווי איר קוקט זיי אָנעט, קאָנען זיי אויסמעלקן א יאלאָווע קו.

אָבער נאָכדעם האָט ווי עמעצער אים פארביטן, דעם אלטן, ער קוקט אף אונדז, ווי ער זאָל טײַנען:

— ווּהין האָט אײַך דער רועך פארטראָגן? איר זעט דען ניט, אז מיינסטנס לעבן דאָ מענטשן פון בעטל־ברויט? וועלכע קינדער ווילט איר העלפן? אונדזעריקע צי דאָרט ערגעץ זייעריקע?.. פארוואָס לייגט איר אזוי אײַן די וועלט? אומעטום, — זאָגט ער, — טרעפט מען אָן אף דער האָלאָטע...

מיר איז שווער ארײַנקוקן דעם אלטן אין זײַן ערדיש צעקארבט פּאָנעם. מאריאסיע, זעט אויס, האָט געהאט דעם זעלבן געפיל.

— קום! — שלעפּט זי מיך. — קום, איך קאָן שוין דאָ מער ניט שטיין... דער אלטער בינדיוזשניק קוקט אף אונדז שלעכט.

— ווּעמען מיינסטו? אך, יִ׳סראָעל דאלעס, — פאָלג איך נאָך שטום איר ווּנק, — האָסט א טאָעס, ער איז ניט קיין בינדיוזשניק.

— וואָס זשע איז ער, גלאט א בעטלער?

— קיין בעטלער אוואדע ניט.

— עפּשער פון די שנאָרערס? — וויל זי טרעפן.

— יִ׳סראָעל דאלעס, — רוים איך איר אײַן אין אויער, — איז א מין פּרעזידענט דאָ איבער אָט די געסלעך...

קוקט זי מיך אָן ווי עפּעס א כאָסערדייע.

— רעדסט ניט פון וועג?

— אָט זאָג איך דיר, ער דרייט דאָ מיטן שטעקעלע.

— אזא שמאטניק?

— שטילער א ביסל, — ווײַז איך איר א צייכן, פארבײַסנדיק א ליפּ, — ווייסט ניט, טאָ שווײַג.

— הילף די דײַטשישע קינדער! — שרײַ איך אלעמאָל אויס. מײַן הילכיק קאָל צעטראָגט זיך איבער אלע צוגויפגעוואקסענע דאלעס־געסלעך.

— שרײַ ניט אזוי, קאָלבויניק, — טוט יִ׳סראָעל לײַכט א טרייסל מיט

די ברייטביינערדיקע אקסל. — צו וועמען שרײַסטו? — דריבנע קארבן־שמייכלען ווײַזן זיך אַף זײַן געדיכט באוואקסן פּאָנעם. — ווען איך האָב א פּיטאקל, וואָלט איך עפּשער אויך ארײַנגעוואָרפן אין דער פּושקע, — דערבײַ ציט ער אויס א מעגושעמדיקע האנט צו מאריאסיעס בלעכענער קיילע. — אָ, אָ, סע קלינגט... — שאָקלט ער פריידיק באם דנאָ פון דער פּושקע. — די ארײַנגעוואָרפענע נעדאָווע־מאטבייע, זאָלט איר וויסן, פּינ־דיוריקעס, איז דאָ צען מאָל טײַערער, ווי ערגעץ אנדערש.

מאריאסיע שטורכעט מיך אונטער: האָדיעו! זאָל שוין זײַן גענוג!

— ווארט א ווײַלע, אָט גייט אהער נאָך א ווײַבל.

— ווייסטו כאָטש, ווער דאָס ווײַבל איז?

— וואָס איז מיר דער כילעק, איך דארף, זי זאָל ארײַנוואַרפן א מאט־בייע...

איך בין געגאנגען אנטקעגן דעם ווײַבל מיט פאנאנדערגענומענע הענט, ווי מע שפּילט בלינד אין „קוצי־באבע". צוויי קליינע פארמורזעטע פּיסקליאטלעך האָבן זיך פעסט געהאלטן אין דער מאמעס זאק־קליידל, און נאָך א קלענערס ליגט מאלכעסדיק צעשפּרייט בא איר אָפענער ברוסט.

— מומעניו, לאָזט, וועל איך אײַך צושפּיליען דאָס רויטינקע צייכן־בענדל. ווארפט ארײַן, מומעניו, וויפל איר האָט בעיאד. לעטויוועס די דײַטשישע קינדער, — און כ'שטופּ צו מאריאסיען נעענטער, זי זאָל אונ־טערשטעלן די פּושקע.

— זיי זײַנען אויך אזעלכע אומגליקלעכע?

— נאָך ערגער, מומעניו.

— צו וועמען קלעפּן זיך צאָרעס? צום אָרעמאן. ווהין קריכט דער שלימאזל? ווידער צום אָרעמאן. דעם אָרעמאן איז טאָמיד דער ווינט אין די אויגן, — דאָס ווײַבל האָט ארויסגעצויגן א שווייסיק קניפּל פונעם בוזעם, דעליבעט זיך אינעם ביסל מינץ און ארײַנגעוואָרפן צו מאריאסיען אין פּושקע א היפּשע מאטבייע. — נאָר א מאמע, — זאָגט זי, — קאָן פילן דעם צאר פון א הונגעריק קינד. קיינער זאָל צו דעם ניט געפרווט ווערן. ס'איז נאָך אלץ דאָרט, אַף דער וואָלגע? — כ'האָב שווײַגנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — ווער־ווער, נאָר מיר וויסן, וואָס הייסט פּעכנען אפּן פּיסק. דער הונגער איז אומעטום אונדזער מאלעכהאמאָוועס. שײַקעלע, — ווענדט זי זיך צו איר קלייניטשקן יינגל, — נא, זונעניו מײַנער, ווארף אויך ארײַן א שטיקל קופּער־געלט.

מאריאסיע שעפּטשעט מיר גיך־גיך אין אויער ארײַן:

— זי גייט, נעבעך, דאכט מיר, אליין ארום קלײַבן נעדאָוועס...

ווערליק אנדערע, וועלכע זײַנען אויך געשטאנען מיט די געפּוצטע פּושקעס אַף געקרייצטע וועגן און ראָגן, שליאכן און געסלעך, זײַנען מיר מיט מאריאסיען ארויס מיטן פידיען אַף זייער א בעקאָוועדיק אָרט.

צאליק האָט אונדז געלויבט אין טאָג ארײַן.

— איך האָב זיך ניט געריכט, — זאָגט ער, — אז פון דער סאמע גע־דיכטער אָרעמקײַט זאָלט איר קומען מיט אזא פײַנעם צושטײַער.

אונדזער בארשעוו איז פאר די הונגעריקע דײַטשישע קינדער קיין באלכויוו ניט געבליבן.



## די סימכע אף דער טאָרהאָוויצע

לאָזט זיך אויס, אז די אָנגעמערקטע סומע „הילף די הונגעריקע דײַטשישע קינדער" איז ווײַט ניט אויסגעפּילט געוואָרן. פאַרן שטאָטישן אקטיוו איז דאָס געווען א וויסטער ביזאָיען. מער פון אלעמען האָט זיך מיסאסעק געווען אין דער קאמפּאניע „הילף די דײַטשישע קינדער" אונטער זער פאָרזיצער פון אויספּירקאָם פיאָדאָר דזיובינסקי. ער האָט אופגערודערט אלע שטאָט־אנשטאלטן, ווו נאָר א שטיקל אָרגאניזאציע און קאָלעקטיווע קערפּערשאפט — מע האָט אפסנײַ געזאמלט געלט, כפייצים, שפּײַז־פּראָדוקטן און אפילע שפּילצײַג. און נאָך אלעמען האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די געלט־זאמלונג האָט געגעבן עפּשער א דריטכײלעק, וואָס באַרשעוו האָט געדאַרפט צושטעלן פאַרן הויפּט־קאָמיטעט אין קאָרסונער אויעזד.

פיאָדאָר דזיובינסקי איז מאמעש געווען אויסער־זיך:

— אזא היפשער באַרשעוו, אזא אָנגעטויטשעטע שטאָט מיט מענטשן. ווען יעדער איינער טראָגט ארײַן זײַן קלײנינקן צושטײַער... וויפל, מישטײנסגעזאָגט, קומט אָן אף א כײלעק?..

דובינינס אוקראַינישע טעאטראלע טרופּע און בלאָכס יידישער דראַמאטישער אנסאמבל האָבן מיט זײערע שטעלונגען ארײַנגעטראָגן א פײַנעם צושטײַער, אָבער ס'איז נאָך אלץ געווען ווינציק. וואָס זשע טוט מען ווײַטער?

ווײַטער איז פיאָדאָר דזיובינסקי געפאלן גאָר אף א קלוגער האמצאָע.

פאַראן אין שטאָט זײער אַן אָנגעזעענער און כאָשעווער מענטש, דער לעגענדארער פּארטיזאַן, וויקטאָר קוראגין, וואָס האָט געהאט א שעם מיט זײַן גוורע איבער גאנץ אוקראַינע און עפּשער נאָך ווײַטער. ווען זײַן

שרעקלאַזיקייט, דרייסטקייט און ריזיקאַלע אָפּעראַציעס זײַנען ארומגע־גאנגען וווּנדערלעכע געשיכטעס.

וויקטאָר קוראגין האָט זיך קוינע־שעם געווען, ווי אַן איבערגעגע־בענער באָלשעוויק און ווי אַ מוטיקער קעמפער קעגן די ווײַסע אינטער־ווענטן. הײַנט שטייט ער בײַ אַ פרידלעכער ארבעט, אלס הויפּט־נאטשאַל־ניק איבער די שטיין־קאַריערן אינעם גאנצן אויעזד.

...אַמאָל, ביז דער רעוואָליוציע, האָט דער הײַנטיקער דירעקטאָר פון די שטיין־קאַריערן, וויקטאָר קוראגין, געארבעט אין אַ צירק, געשעמט אלס אַן אָנגעזעענער „באַריעץ", ארומגעוואַנדערט ווו די וועלט האָט אַן עק, געהאַט פיל דערפאָלגן און ניט ווייניק דורכפאַלן. ס'זײַנען געווען וואַסערן אָפּגעלאָפן, ביז ער איז געוואָרן אַן ערשטראַנגיקער רינג־קעמפער. זײַן צונאָמען „ווולקאַן" איז באַזונדערס גוט באַקאַנט געווען אין ניקאָ־לײַעווער האַפן. דאָרט, צווישן מאַטראָסן און טרעגער, בינדיוזשניקעס און באַלעגאָלעס, איז ער באַרימט געוואָרן מיט זײַן ריזיקער גווורע, אָנגריף־מאַנירן, אומדערוואַרטע אײַנפאַלן.

בײַ וויקטאָר קוראגינען אין שטוב זײַנען נאָך איצט פאַראַן פאַרשיי־דענע שווערע געוויכטן, אײַזערנע שטאַנגען און פיל אַנדערע ספּאָרט־מאַכשירים. אין אַ פּרײַער שאָ טרעפט מען דעם שעף פון דער קאָמונע־לאַמניע פאַרנעמען זיך אויף דער פרײַער לופט, סײַ זומער, סײַ ווינטער, מיט גימנאַסטיק. טאַקע דערפאַר זעט ער אויס שטענדיק פריש, מונטער, קרעפּ־טיק. די באַרשעווער קינדער־אַנשטאַלטן האָבן אים צו פאַרדאַנקען, וואָס ס'איז אײַנגעפירט געוואָרן אַ ספּעציעלער לימעד פון ספּאָרט. וויקטאָר קוראגין פאַרלײַדט ניט קיין פאַרוויאַנעטע פּענעמלעך, צונויפגעשרומפּענע אייוורים, דאַרע, קוואַרע און סוטולעוואַטע.

— איך בין אויך ניט דערצויגן געוואָרן, — דערציילט ער וועגן זיך, — אין קיין גרויסאַרטיקן פּאַלאַץ. אַזעלכע גערעאָטענע פּרינצן, ווי איך, זײַנען בײַ מײַנע עלטערן, פאָשעטע נעץ־שטריקער בײַ פישער־שיפן, געווען זעקס שטיק. איינס קלענער פונעם צווייטן. ביז מיר האָבן זיך געשטעלט אויף די פיס, האָבן מיר גאַנץ נישקאָשעדיק צוגעהונגערט, ארומגעלאָפן באָרוועס איבער די גאַסן, ניט ווייניק קלעפּ געכאַפּט. נאָר אויסגעזען שטענדיק, ווי די זון נאָך אַ רעגן. דער ווינטער איז פאַר אונדז, קליינ־וואַרג, קיינמאָל ניט געווען צו קאַלט, און דער זומער צו הייס.

מיר, קינדער, האָבן הויך געשעצט אָט דעם שימשן־האַגיבער, יעדערער פון אונדז האָט זיך געוווּנטשן אויסוואַקסן אַ צווייטער קוראגין. אינעם לעגענדאַרן פּאַרטיזאַן האָבן מיר, כוץ גוורע, העלדישקייט, שרעקלאַזי־קייט, אײַנגעזען אויך מילדקייט, ליבשאַפט צו מענטשן, ארבעטן לעשעם דער רעוואָליוציע, אונטערשטיצן דעם געפאַלענעם.

וואָס זשע האָט צוגעטראַכט אונדזער פּאַרזיצער פיאָדאָר דזיובינסקי? דאָס וואָלט גאָר קיינעם אפילו גאָר אין געדאַנק ניט געקומען.

אין איינעם אַ וואָכעדיקן פרימאָרגן האָבן זיך איבער דער שטאָט באַ־וויזן ריזיקע אַפישן. די קאָלירטע, גרויסע אויסיעס האָבן ווי מיט דרענג־לעך געזעצט איבערן קאָפּ. יעדער אויסרוף־צייכן, ווי אַ ברענענדיקער פלאַקן:

**פלאץ — טאָרהאָוויצע!!!**

אפן מאניעזש — וויקטאָר קוראגין און מייער ביבע

**פראנצוזסקאיא באָרבא**

די גאנצע האכנאָסע לעטויוועס די הונגעריקע דײַטשישע קינדער

**פרײַז פון בילעטן — צוטריטלעך פאר אלעמען!!!**

**יעדער איינער מוז צוהעלפן די הונגעריקע דײַטשישע קינדער!**

אזעלכס האָט נאָך בארשעוו ניט געזען. די שטאָט איז געגאנגען כאָדראָם. די גוואלדאָוונע אפישן האָבן געשטעלט דעם בארשעווער אוילעם, פון קליין ביז גרויס, אף די פיס.

איידער עפעס־וואָס, בין איך גלײַך געלאָפן אף דער טאָרהאָוויצע דערוויסן זיך, וואָס קומט דאָרט פאָר. פון שטענדיק אָן בין איך געוווינט זען א ראכוועסדיק פוסט פעלד. איצט איז די טאָרהאָוויצע געווען איבערגעצויגן מיט א סאך שטריק, צעאקערט, צעגראָבן און פארוואלגערט מיט פארשיידן געהילץ. סטאָליערס און טעסליערס הובלעווען ברעטער, קלאפן צונויף פאניער־ווענטלעך, טעסען ארום פרישע קלעצער, דעליבען נעסטן און שניצן צארגעס. פרויען גייען ארום מיט גראָב־אײַזנס, הראבליעס, גלײַכן אויס דעם באָדן און טרעטן אײַן די ערד. איך פרוו זיך פאָרשטעלן, וויפל אוילעם וועט ארײַנעמען דער נײַ־אויסגעבויטער שאלאש. קימאט א האלבע שטאָט. מע קאָן שוין זײַן זיכער, אז דאָ, אף דער טאָרהאָוויצע, וועט זיך טאָן, ווי זאָגט מען, אף טיש און אף בענק. שאבעס נאָך מיטיק, אז מיר וועלן אלע לעבן און זײַן געזונט, וועט א שטאָט מיט מענטשן זיך לאָזן צו דער טאָרהאָוויצע, אף דער אויסטערלישער צירקפאָרשטעלונג, אָנקוקן די באָרעניש צווישן וויקטאָר קוראגין און מייער ביבע.

דער ריז מיט די צוועלף ווונדן, מייער ביבע, וווינט בא טאטע־מאמע אינעם שמאָלן קאצאָווישן געסל אונטער די נידעריקע יאטקעס. אף דער גאס יאווועט ער זיך ארום האלבער נאכט, ווען אלע שלאָפן שוין. ווען עס טרעפט אמאָל, אז מייער ביבע באווײַזט זיך אף דער גאס בא דער ליכטיקער שײַן, ווערט אזא בעהאָלע, אזא לויפעניש, מאמעש די גאנצע גאס גייט אף רעדלעך. סטארען זיך די שטוביקע זײַנע אים ניט ארויסלאָזן איינעם אליין פון יענער זײַט שוועל.

ווי נעמט זיך צו א מענטשן אזא מוירעדיקע הייך! עס טרעפט זיך, אז א מיידעלע פארווארפט איר פילקע אפן דאך, דארף מייער ביבע ניט אָנטאָן זיך קיין איבעריקע מי, קעדיי ארויסהעלפן דעם קינד. בלויז אויסגעשטרעקט די האנט, און דאָס גומענע שפילעכל ליגט שוין אין זײַן ברייטער לאפע. איך האָב אליין געזען, ווי איינס א פיפיק יאטל, א כיטרע פיקסל, האָט געמאָסטן מיט א שוסטערשער מאָס מייער ביבעס טראָט. עס האָט געכאפט בא א האלבן ארשין. מע קאָן אוואדע מיינען, אז די עלטערן זײַנע, מענאשע דער קאצעוו און זײַן ווײַב, קומען ארויס פון גיבוירים?

דאפקע ניט.ביידע קלייניטשקע, גראָבלעכע און פעטינקע. פונוואַנען קומט צו דעם אַלטן פּאַרפּאָלק אַזאַ ריז, ווייסט נאָר איין גאָט אין הימל.

ווערליק כעוורע דערציילן, האָט מייער ביבע אויך געהאַט ניט קיין קליינע דערפאַרונג אין גרויסשטאָטישע צירק־קאַמפן. מעגלעך, אַז זײַן נאָמען האָט געקלונגען ניט ווייניקער, ווי באַ אַנדערע אָנגעזעענע ראַנג־לער אויפן צירק־טעפּיך. אַ שאָד, וואָס די נאָך ניט אינגאַנצן פאַרהיילטע ווונדן האָבן אים געצוווּנגען בלײַבן שטעקן אין דער היים. דאָס האָבן אין אים די ווײַסע געשאָסן, ווי אין אַ ציל־ברעט, דערנאָך מיט די שפּיזן אַ צעמאַזיקטן אַראָפּגעוואָרפן אין אַ טיפער קרוטשע... ס׳איז פּאַשעט אַ נעס, וואָס מייער ביבע איז ביכלאַל געבליבן לעבן. דער פּאָרזיצער פּיאָדאָר דזיובינסקי האָט געגנוג האָלץ געהאַקט, ביז ער האָט אויפגעווירקט אויף די צוויי געוועזענע צירק־ראַנגלער, זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין דער געזעל־שאַפטלעכער אַקציע צוהילף די הונגעריקע דײַטשישע קינדער. דער פּאָר־זיצער האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָ גייט ניט אין קאָוועד, נאָר אין פיל בילכערס, וויכטיקערס. עס איז ניט גאָר וויכטיק, ווער וועמען וועט בײַקומען. דער איקער באַשטייט אין דעם, וואָס מיר וועלן צוהעלפן די נויטבאַדערפטיקע דײַטשישע קינדער, אָפּראַטעווען זיי פון הונגער־טויט.

מייער ביבע, אָדער ווי מע האָט אים גערופן „אויג־מעלעך־האַבאָשן״, האָט דאַן אַ זאָג געטאָן מיט זײַן גוטמוטיקן שמייכל:

— באַ אונדז, ייִדן, רופט מען עס מיט זייער אַ טרעפלעכן נאָמען — מעקײַעם זײַן די מיצווע. אויף הײַנטיקן לאָשן וואָלט עס געהייסן: סאָלי־דאַרישקײַט. ריכטיק זאָג איך?

וויקטאָר קוראַגין האָט געזאָגט עטוואָס אַנדערש:

— די קינדער פון דער דײַטשישער רעוואָליוציע זײַנען אויך אונד־זערע קינדער.

אויף וועמענס צאַד שטיי איך? אויף מײַן וואָרט, איך ווייס ניט. נאָר אויב זאָגן דעם עמעס, וויל איך ניט, אַז דער פּאַרטיזאַן וויקטאָר קוראַגין זאָל באַזיגן מייער ביבען, איך וויל אָבער אויך ניט, אַז מייער ביבע זאָל געווינען דעם געראַנגל.

די סאַמע אָנגעזעענסטע טעאַטער־פירער אין באַרשעוו, סײַ דער אוקראַיִנישער רעזשיסער דובינין און סײַ דער וואַנדערנדיקער אַקטיאָר בלאָך, האָבן דאָס מאָל איינמוטיק אַרויסגעזאָגט זייער פּראָטעסט.

— ס׳איז אַ ריינע קאָמעדיע! — שרײַען ביידע אין איין קאָל. — אַ נאַ־רישע קאָמעדיע.

דער כאַוווער יאַקאָוו איז גראָד געווען צופרידן מיט אָט דעם אופטו: אויב מע קאָן, זאָגט ער, אויף דער טאָרהאָוויצע אוועקשטעלן אַ שאַלאַש, ווײַזן פאַר העכער טויזנט מענטשן אַ טעאַטראַלע פאָרשטעלונג, זאָל אפילע זײַן מיט אַ צירק־פּראָגראַם, איז דאָס זייער וויכטיק. דערצו, זאָגט ער, שטרעבן מיר דאָך: פאַרוואַנדלען דאָס טראַדיציאָנעלע טעאַטער־טעמפּל פאַר יעכידים און פײַנשמעקער אין אַן עכטער פאַרביקער פאָלקס־שפּיל.

מיקויעך אַ בילעט זאָרג איך ניט איבעריק. מיט אַ בילעט, אָן אַ בילעט, איך וועל זיך יאַקאָס דורכרוקן.

...געוואַרט, געוואַרט און סאָפּקאָלסאָף זיך דערוואַרט.

שאבעס גאנצפרי בין איך א פריילעכער אראָפּ פון געלעגער, איַיליק ארופגעצויגן די, מישטיינסגעזאָגט, טאכטויגים, ארויס אין הויפל זיך איַינ־וואשן. דער שאָכן, יאנקעוו־יאָסל דער סטאָליער, פון יענער זיַיט בידעריקן פלויט, איז שוין, זעט אויס, א ציַיט וואכנדיק. ער פּאָרעט זיך בא דעם סטאָס געטעסעטע ברעטער, קליַיבט איבער די געשניטענע שאליוועס. זיַין שווארצער זיַידענער קארטוז ליגט הויך פאריסן, קימאט אפן שפּיץ קאָפּ. דער אלטער סטאָליער האָט ענדלעך געפונען דאָס, וואָס ער זוכט. פאמעלעך ארויסגעצויגן די פּאָר פלינטוסן און גענומען גיין איבער זיי מיט צוויי פינגער, ווי מיט א צירקל. דערזעענדיק מיך, האָט זיך זיַין פול פּאָנעם מיט דער גליַיך געשווירענער סיוועד באָרד נאָך מער אויסגערונ־דיקט און איז אָנגעפילט געוואָרן מיט ליבלעכעווארעמע שמייכלען.

— ווער, — פרעגט ער, — האָט עס דיך אזוי פרי אופגעטאָרעט!

— דער שלאַש אף דער טאָרהאָוויצע, — איז מיַין טשוווע קורץ און שעמעוודיק. — וויקטאָר קוראגין און מייער ביבע וועלן היַינט וויַיזן, ווער פון זיי איז געזינטער.

— דאָס ווייס איך אָן דיר. און א בילעט האָסטו שוין?

דאָ שוויַיג איך א וויַילע. איך וועל דאָך דעם אלטן ניט גיין דערציילן, וועלכע פלענער מיַין מויעך האָט פאר דער ציַיט אויסגעארבעט.

— אוואדע ניט, — וויַיזט ער א כיטרע מינע. — פונוואנען זאָל קומען צו דיר א בילעט? נאָר שאַ! — טוט ער א פריילעכן ווונק. — זאָרג ניט, מיט א קאָנטרעמארקע וועל איך דיך באוואָרענען. ווינציק קויכעס האָב איך אף דער טאָרהאָוויצע אוועקגעלייגט? נעכטן האָבן מיר אריַינגעארבעט ביז שפּעט אינעם פריַיטיק־צונאכטס. די ארבעט האָט מען געמוזט ארויס־קאָנטשען. קיין אנדער ברייִרע איז ניט געווען.

איך ווייס גאָרניט, מיט וואָס אונדזער שאָכן, יאנקעוו־יאָסלען, אָפּ־דאנקען. פאר גרויס סימכע האָב איך פארוואָרפן דאָס שטיקל האנטעך אפן איין־און־איינציקן בוים, וואָס שטייט יאָרנלאנג סאמע אינמיטן פלויטל, ווי א מעכיצע צווישן אונדז און דעם שאָכן. א צעדולטער, ווי א ווילדער צאַפּ, בין איך ארומגעלאָפן איבערן הויפל, געקוליעט זיך, געפּרווווט זיך שטעלן אף די הענט, געוויזן פאר יאנקעוו־יאָסל דעם סטאָליער, וואָס נאָר פארא קונצן איך קען.

— דאָס איז לאכלוטן איבעריק, — וואָרנט ער פאָטערלעך, — עמעס, די ביינדעלעך דיַינע זיַינען נאָך יונגע, נאָר היטן, זונעניו, דארף מען זיך פון אן אומגליק. דאָס לעבן האָט ליב א געזונטן, קרעפטיקן מענטשן, ניט קיין באל־מום.

כוץ דעם, וואָס דער אלטער סטאָליער איז א גוטער באלמעלאָכע, פאר־מאָגט ער נאָך א גאָלדן הארץ. מיַין מאמע בענטשט אים קעסיידער — א בראָכע אף זיַין קאָפּ! דאָס האָט ער, יאנקעוו־יאָסל, געזונט זאָל ער זיַין, צורעכט געמאכט די טיר און דאָס פענצטער אָן א קאָפּעקע געלט. היַינט ווי קאָן מען פארגעסן דאָס פאראיאָריקע אָנשיקעניש, ווען מע האָט אונדז געוואָלט ארויסוואַרפן פון דער קאָמונאלער דירע? ווער האָט זיך פאר אונדז איַינגעשטעלט?

איך בין פארליבט אינעם אלטן סטאָליער. צו מיר באַציט זיך יאַנקעווּ־יאָסל אויך זייער װאַרעם. פאַר דער מאַמע מײַנער האָט ער ניט איין מאָל געלויבט מיך אין טאָג אַרײַן. װעדליק אַנדערע ייִנגלעך, בין איך קעגן זיי, זאָגט ער, אַ שטיק דימענט. די מאַמע מײַנע קלײַבט טײַנעג. און אַז די מאַמע האָט אַ ביסעלע נאַכעס, פֿיל איך זיך גליקלעך.

יענעם שאַבעס נאָך מיטיק האָט די גאַנצע שטאָט װי געפּראַוועט אַ גרויסע סימכע. באַרשעוו איז האָפּערדיק; באַרשעוו איז אופגערודערט; באַרשעוו ווײַזט דער װעלט איר פרײלעכע, געהויבענע שטימונג.

שורעסווײַז ציט זיך אַף אַרויף צו דער צירק־פאָרשטעלונג אַף דער טאָרהאָוויצע דאָס יונגוואַרג. יאָמטעוודיק־צוגעפּוצט שווימען זיי לאַנגזאַם־רויִק לענגויס דער ברוקירטער הויפּט־גאַס.

באַלעבאַטיש־שטאָלץ, װי אַ טאַטנס אַ קינד, פירט מיך יאַנקעוו־יאָסל פאַר דער האַנט מיט עפּעס אַ מין געבלאָזענער גײַווע. פון דער אַנדערער זײַט האַלט אים פעסט אונטערן אָרעם געגענדל די סטאָליאַריכע. זי איז אויסגעסטראָצלט, װי צו אַ כאַסענע, געשנורעוועט און געבונדן אין אירע אַלטמאָדישע צוגעדומפּטע קליידער, פון װעלכע עס טראָגט מיט צוגע־לעגערטקײַט, מיט עפּעס ביטערלעכס, װי פון אַן אַלטגעבאַקענעם קוכן.

דאָס ראַכוועסדיקע טאָרהאָוויצע־פעלד שטייט אינגאַנצן פאַרהלושעט. אַ שפּאַרעניש און אַ שטופּעניש אַף צו דערשטיקט װערן. דאָ קומט אויס שטאַרק רודעווען מיט די הענט, דורכשלאָגן פאַר זיך אַ שטיקל װעג מיט די עלנבויגנס. פאָרויס, מעיוכעסדיק־ברייט, מאַכט פאַר אונדז אַ װעג רעב יאַנקעוו־יאָסל. איך און דאָס װײַב זײַנס, געגענדל, האַלטן זיך שטילנע הינטער זײַנע ברייט־צעוואַקסענע פלייצעס. סאָפּקאָלסאָף האָבן מיר זיך דורכגעריסן, און מאַמעש אַף די אַקסל אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אונטער די אָנגעצויגענע ברעזענטן.

— נאַ דיר אַזאַ פאָרשטעלונג... — קאָן די סטאָליאַריכע נאָך אַלץ ניט קומען צו־זיך. — טאָמער פאַרמאָגסטו אַ שטיקל מאַלבעש, װעט עס דאָ גיך די קאַפּאָרע װערן. נאָך װאָס האָסטו מיך געשלעפּט אַהער? — סיפּעט זי צו איר יאַנקעוו־יאָסלען. — זע נאָר, גאַזלען, װאָס מע האָט געמאַכט פון דעם קלייד מײַנעם? קיין איין קנעפּעלע איז ניט געבליבן.

ערטער האָט מען אונדז צוגעטיילט אַ ביסל צו װײַט. מע מוז זיך אופהייבן פון דער באַנק, זיך שטעלן אַף די שפּיץ פינגער, קעדיי עפּעס זען אַף דער בינע. פאַר מיר איז דאָס גאָר אַן אומגליק. יאַנקעוו־יאָסל האָט מיר געגעבן אַן אייצע: שטעלן זיך מיט די פיס אַף דער באַנק. נאָר אַזעל־כע כאַכאָמים האָבן זיך געפונען ניט װינציק. אַלע, דוכט מיר, זײַנען גע־קראָכן אַף די בענק...

מיר ליגט אין קאָפּ מײַנס: װאָס שנעלער, נאָך איידער דער פאָרהאַנג צערוקט זיך, שטילינקערהייט אַוועקפּויזען אַהין, נעענטער צו דער בינע. נאָכן ערשטן קלונג, װען מײַנע געטרײַע באַשיצער האָבן אַ װײַלע פאַר־געסן אין מיר, בין איך שוין געלעגן אַף אַלע פיר און גענומען פאַמעלעך זיך רוקן אונטער די בענק, צווישן אַ געפּלאָנטער פון אַן אַ־שיר פיס.

קוים דערלעבט זען, װי דער פאָרהאַנג האָט ענדלעך אַנטהילט די בינע. עס האָט גענומען װייען מיט אַ קיל, ציטעריק װינטעלע.

צוויי ריזן וויַזן זיך אף דער לײדיקער בינע: וויקטאָר קוראַגין און מייער ביבע. ביידע קימאַט נאַקעט. אײנער דעם אַנדערן דערלאַנגען פריַינטלעך די הענט און גײען זיך די מינוט פאַנאַנדער. א שאַרפער פײַף פונעם אַרביטער — און דער גערַאנגל פון די באַרשעווער גיבורים האָט זיך אָנגעהויבן.

דער פּאַרטיזאַן טוט א הייב אוף מייער ביבען און וואַרפט זיך אף אים אַרוף ווי א צערייצטער לײב, פּרווונדיק אָוועקלײגן אים אף די באַרקעס, אָבער דאָס גיט זיך קוראַגינען ניט איַין, מייער ביבע האָט שוין באַוויזן זיך שטעלן אין א „בריקל".

מייער ביבע לאָזט זיך אזוי גרינג ניט ביַיקומען. פּריַער זאָל קוראַגין פּרווון אָוועקלײגן דעם קעגנער זײַנעם, דערנאָך וועט מען זען. קוראַגינס וואָגיקע לאַפּע האָט פאַרקלעמט מייער ביבעס קאַרק און געצווונגען אים מיטן שטערן באַרירן דעם טעפּיך. אָבער די קלײנע האָפּסאָקע האָט געגעבן די מעגלעכקײַט מייער ביבען פריַיער אָפּעטעמען, אָנזאַמלען פריי־שערע קויכעס און מיט עפּעס א מין כּישן געבראָכן זיך האַסטיק שטעלן אף די פיס. ווידער גייט אַפּסניי די באַרעניש. אײנער דעם אַנדערן קלאַ־מערן זיך אין די אָרעמס. איצט האָט אויג־מעלעך־האַבאַשן א נעם געטאָן געשיקט דעם פּאַרטיזאַן פאַר די לענדן, איבערגעוואָרפן איבער זײַן טיף אַראָפּגעבײגטן קאָפּ. קוראַגינס קערפּער צוזאַמען מיט דער בינע האָבן מוירעדיק אָפּגעהילכט. דער געפּלעפּטער אוילעם איז אופגעשפּרונגען פון די בענק. וויפל מייער ביבע האָט ניט געפּעכקעט, געריסן קוראַגינס פאַר־קלעמטן אָרעם, געקנאָטן די ברוסט, פאַרקוועטשט מיטן עלנבויגן זײַן קין, אײַנגעגראָבן זיך אונטערן קאַרק, — אומזיסטע טירכע. דעם מאַסיוון פּאַר־טיזאַן איז שווער געווען רירן פון אָרט.

נאָך א היפשער האָפּסאָקע האָט זיך דער גערַאנגל אַפּסניי אָנגעהויבן. טכילעס האָבן זיי מיט פּאָרזיכט געפּרווט אָנכאַפּן אײנער דעם אַנדערן פאַרן קאַרק, פאַרן אָרעם, א צי געטאָן, א שטויס געגעבן, געזוכט אײנער באַם צווייטן די שוואַכערע ערטער, וועד וועמען וועט איבערכיטרעווען. דאָס אַלץ איז געווען א צוגרייטונג צום עמעסן גערַאנגל. מיטאַמאָל האָט קוראַגין האַסטיק אַרויסגעריסן זיך פון מייער ביבעס געשלאָסענע אָרעמס. עס איז אים געלונגען פאַרברעכן מייער ביבען די הענט אף הינטן. דער־נאָך האָט ער אים אזוי א שלײַדער געטאָן, אז קוראַגין אַליין האָט זיך דערשראָקן פון דעם ווילדן וואַלגער.

...נײַע שטורמישע אַטאַקעס, א געפּלעכט פון פיס און הענט, א צע־קנאָדלטער קנופּ, ביידע פאַלן פאַרמאַטערטע, אויסגעשעפּטע, מע קײַקלט זיך איבערן טעפּיך, קנעטנדיק די לײַבער אזוי לאַנג, ביז מע פאַרקאַטשעט זיך צום עק פון דער בינע, דעמלט וואָרנט דער ריכטער מיט א שטרענגן פײַף, פּאָדערט א סאָף מאַכן צום גערַאנגל. צופרידענע כאַפּן זיך ביידע אוף פונעם טעפּיך, גלײַכן אויס די ביינער, כאָרכלען, שנאָרכען, סאָפּען, אז סע גייט אַזש א פּאַרע.

אין דרויסן איז שוין געוואָרן שטאָקפינצטער. אין אַזא געדרענג איז אומעגלעך געווען אָפּזוכן אונדזערע שכיינים. נאָר מיילע, דעם וועג אַהיים

וועל איך אליין טרעפן, איך וויל נאָר ניט, די שכיינים זאָלן מיר צושטעלן א בענקעלע פאַר דער מאַמען.

מיילע, א בענקעלע איז א בענקעלע, פאַרפאַלן. דערפאַר האָב איך אלצדינג געזען, וואָס אף דער בינע איז פאָרגעקומען. מאָרגן וועט זײַן וואָס צו דערציילן די כעוורע אין שול־היים. זיי וועלן הערן און שטוינען. איך האָב געהאַט די זכיִע בײַצוזײַן אף דעם ווונדערלעכן געראנגל פון אונדזערע בארשעווער גיבוירים.

אף וועמענס צאַד בין איך געשטאַנען? אףביידנס. מייער ביבע, דער בארשעווער אויג־מעלעך־האַבאַשן, וועלכער איז אופגעשטאַנען פון א לאַנגער שווערער קרענק, איז, כאַלילע, ניט פאַרשעמט געוואָרן קעגן וויקטאָר קוראַגינען.

איידער דער פאָרהאַנג איז געפאַלן, האָבן זיי זיך ביידע געקושט און געהאַלדזט. קוראַגין האָט מיט היספּײַלעס אויסגערופן צום פול־געפאַקטן שאַלאַש:

— דעם שענסטן און בעסטן בלומענקראַנץ מעג מען אונטערטראָגן מייער ביבען! מיט מײַן פּילגעאַכטעטן פּאַרטניאָר איז א קאָוועד ארויסגיין אף דער גרעסטער צירק־אַרענע. איך נייג מײַן קאָפּ פאַר זײַן מעכטיקער קראַפט און פאַר זײַן קלוגער אקשאָנעס.

— צו א הויכע אַטעסטאַציע, — לאָזט זיך הערן א קאָל פון די פאָרנטיקע בענק.

דערויף ענטפערט וויקטאָר קוראַגין:

— איר מעגט, כאַווײרים, אף מײַן וואָרט זיך פאַרלאָזן. איך בין אויך א שטיקל מייווין.

— בראַוואָ, וויקטאָר קוראַגין!.. בראַוואָ, מייער ביבע!.. — שרײַט מען פון אלע ווינקעלעך.

אין דעם פּײַערלעכן יויוול, דוכט מיר, בין איך גליקלעכער פון זיי ביידן. אין דער מינוט האָב איך זיך געפילט אי פאַרן באַל־סימכע, אי פאַרן באַל־ניצאָכן.

אונדזער בארשעוו איז ביז גאָר פײַן ארויס מיט דער געלט־זאַמלונג פאַרן קאָמיטעט „הילף די דײַטשישע קינדער".

ווען איך בין געקומען אהיים און די מאַמע האָט מיך געפרעגט, ווער האָט געוווּנען, האָב איך איר געענטפערט קורץ און פּילדײַטיק: די הונגעריקע קינדער...

## דער מאַזשגיעך

די בארשעווער גאַסן זײַנען מיר שטענדיק ליב, אָבער ניט ווינציקער כּיִעס האָב איך פונעם פריילעך־זשומענדיקן טײַך ראָס. איך קאָן זיך אויך ניט באַגיין אָן די ווײַסע בינטלעך אקאַציע, מיט וועלכע מיר, קונדייסים, פּרעסן זיך אָן ביז בויך־גרימעניש. הײַנט ווי גייט מען עס פאַרבײַ די דופּטיקע רייכעס פון די קוטשעראַווע ליפּעס? ווי קאָן מען זיך

אָפּהאַלטן פונעם פּלאַטערנדיקן באַגער צו זוכן און געפינען שוואַרצע זשוקעס אונטער די הויכע קליאַנען?

יעדן פרימאָרגן לויפן מיר כאַפּטעסוויַיז צו דער לאָנקע, אַף יענער זיַיט טיַיך, נאָך פריש קוואַל־וואַסער. שאָענוויַיז ליגן מיר אַפן זאַמד הויל־נאַקעט, די זון סמאַלעט און בראָט דאָס ליַיב, אַזש די הויט נעמט זיך שיילן. דערנאָך לויפן מיר ווידעראַמאָל אָדאָם־נאַקעט צו די קאַלטע קוואַלן שטילן דעם דאָרשט. הויך איבערן קאָפּ ליגט אַ ווייכער הימל, אַ גרינער און אַ צאַרטער. פון מאָל צו מאָל גליטשט זיך אַ פריש־געבוירן ווינטעלע, וואָס קושט און גלעט דיר יעדן אייווער.

אַלץ, אַלץ אין דער וועלט איז מיר ביז גאָר טיַיער, סיַי די צעפּראַלטע הויפלעך אָן טיר און אָן טויער, סיַי די רווישיקע מערק מיט זייער טאַראַ־ראַם און פרייַלעכן געווימל. ווו איך זאָל זיך ניט קערן און ווענדן, צו וואָס איך זאָל זיך ניט צוטוליען, דערשפּירן מיַינע כושים די גרויסע פרייד פון לעבן אַף דער וועלט. זומער־לעבן, געבענטשט זאָלסטו זיַין!

איז קיין כידעש ניט, וואָס דער גרין־בלויער דרויסן איז געוואָרן מיַין צווייטע היים. די מאַמע מיַינע גייט בעמיילע אוועק אַפן גאַנצן טאָג צו איר ניַיער אַרבעט און קערט זיך אום שפּעט, ערשט סאָף טאָג. ווו זשע זאָל איך זיך אַהינטאָן? ווידער אין דרויסן. טוט שטאַרק אַ ציי דאָס האַרץ, שפּרינג איך אַריַין אין קיך, נישטער איבער אַלע טעפּלעך, טרייסל איבער אַלע טאָרבעלעך און שקאַרמיצלעך, אַ שמעק דאָ, אַ שמעק דאָרט, עפּעס וואָס מוז זיך געפינען צום קיַיען. אַפגיך אַ מאַלעגיירע געטאָן, און ווידער אַף דער גאַס. אַ שאָד נאָר, וואָס איך קאָן זיך ניט צעטיילן אַף עטלעכע „איכן" — עס גלוסט זיך זיַין אי באַם טיַיך, אי אַרומבלאָנקען צווישן די מאַרק־וועגענער, אי נאָכגיין דער עקסקורסיע פון קינדערהויז צו דער גע־וואַנט־פאַבריק, אי פירן מילכאָמע מיט אַן אַנדער גאַס יינגלעך, אי קיַיקלען אַ רייף, אי קלעטערן צו די נעסטן, אי זיַין באַ די שטיין־קאַריערן, בייס מע ריַיסט די פעלדזן מיט דינאַמיט, אי אַריַינכאַפּן זיך אין אַרבעט־פּאַלאַץ, הערן, ווי דער שטאָט־כאָר לערנט ניַיע לידער. טאָמער האָט ערגעץ־ווו עפּעס פּאַסירט און איך בין ניט געווען דערבײַ, פאַרדריסט עס מיך ביז גאָר.

אָט, אַשטייגער, בין איך צו דער כאַסענע אָן קלעזמער געקומען שוין מיט היפּשער פאַרשפּעטיקונג. גיי זיי אַ נאַווי, אַז אינעם דאַלעס־געסל וועט זיך טרעפן אַזאַ בייזוווּנדער: אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער וועלן זיך צעפּאַטשן איבער אַ פּאָליובאָווניק. אַזאַ כאַרפּע!

ווער איז די מאַמע און ווער איז די טאָכטער? קיין נעמען דערמאָנט מען דאָ ניט, בלויז דעם נאָמען פון אַ שטעטל, צי עפּשער פון אַ דאָרף: שינדע־ריוּוקע.

— אַך, די שינדעריוּוקער!..

— כ׳בעט איַיך, פון וועמען האָט איר געוואָלט דערוואַרטן גוטס, פון די שינדעריוּוקער? ס׳מאַזל זיי אין קייווער...

— שינדעריוּוקער בסולעס האָבן אַ שעם אַפילע אין אָדעס.

אַ פאַרסאָפּעטער בין איך אַריַין אינעם דאַלעס־געסל, נאָר ס׳איז שוין געווען נאָך אַלעמען... דאָס שמאָלע געסל האָט געמאַכט דעם איַינדרוק,

ווי אָט אָקאָרשט איז מען דאָ דורכגעפאָרן מיט א צעטראסקעטן פערד־און־וואָגן, אופגעהויבן א וואָלקן שטויב ביזן הימל, פארצויגן מיט נעפּל דעם גאנצן ארום.

ווו זשע איז דאָס שינדעריוועקער ווײַבל און די טאָכטער אירע? לאָזט זיך אויס, אז די שינדעריוועקער האָט מען נאָך אינדערפרי פארנומען אין מיליציע.

שטארק אופגערעגט איז די באלעבאָסטע פון דער, מישטיינסגעזאָגט, דירע, ווו די שינדעריוועקער האָבן אָפּגעדונגען א ווינקל. זי שטייט לעבן פענצטערל א דערשראָקענע און קוויטשעט ארויס צום געסל: זי דארף זיי ניט, די שינדעריוועקער. פאר קיין שום פרײַז דארף זי זיי ניט!

— וויפל ביזיוינעס, — לאָזט זיך הערן איר קאָל פון אנטקעגנ־יבער־דיקן קעלער־שטיבל. — גאָטעניו, אויב דו שטראָפסט אונדז שוין, טאָ שטראָף מיט א מער לײַטישער שטראָף.

נאָר פארוואָס טאדלט מען ניט דעם פּאָליובאָווניק? וווהין איז ער אנ־טרונען געוואָרן, דער הולטײַ? די ווײַבער מעג מען שלעפּן אין מיליציע, און ער, דער פארדאָרבענער שיבעניק, א רועך אין זײַן הארצן ארײַן, וועט זיך לאָזן ווילגיין? ארויס טרוקן פון דער מ׳עסער געשיכטע?..

סאמע לעבן יאר ליגט דאָס פארטשאכנעטע הינטערגעסל. קאָן זײַן, אז מיט יאָרנלאנג האָט פונדאנען זיך אָנגעהויבן די שטאָט בארשעוו. הײַנט ליגט דאָס געסל קרוע־בלוע, פארקויטיקט, פארטשאדעט, פארדײַגעט און מאכט דעם אײַנדרוק פון אן אויסגעשטשערבעטער קיילע. דאָס געקריוו־דעטע דאלעס־געסל שטייט דערווײַל, ווי מיט א ברייט צעפּליקטער פּלייצע פון א באאוולטן טרעגער, אָנגעלאָדן מיט פארביטערטער רוגזע.

אָט מעסט מיט שווערע טריט דער מאזשג׳עך פונעם געסל רעב י׳יס־ראָעל דאלעס אליין. זײַנע האמעטנע טריט לאָזן איבער אָנזיכטיקע שפּורן אף דער ערד. ברייטביינערדיק, קנאָכיק, מיט עפּעס מאָדנע אויסגעלענקטע וואָרצל־גלידער, שלעפּט ער זיך געהויקערט איבערן געסלדיקן שליאך, אָנ־געכמורעט, בייז און דערצאָרנט. ס׳איז צו באמערקן אף זײַן אויסגעקארבטן פּאָנעם פארדראָס צו די געסל־אײַנוווינער. אים, דעם ראָש־האגעסל, האָט עס, קאָן זיך דוכטן, געטראָפן אמשטארקסטן... זיי מעגן דערפון וויסן, די ווילדע לײַט, אז ער, רעב י׳יסראָעל, טראָגט געוויס אכרײַעס פאר אָט דעם פארוואָרפענעם זאווולעק. אויב עס האָט עפּעס־וואָס פּאסירט, ווי אין דעם פאל, מיט די שינדעריוועקער ווײַבער, לייגט זיך דער כעט אף זײַן געוויסן. מע וועט דאָך טײַטלען אף אים, אף י׳יסראָעל דאלעסן, מער ווי אף אן אנדערן... אײַער האזשגאָכע, זיידע־לעבן, הינקט פײַן אונטער... שיין זיך אויסגעהאנדלט פאר דער וועלט אף די עלטערע יאָרן!.. עמעס, קיין קאָ־וועד זוכט ער ניט, אָבער אומקאָוועד פאר פרעמדע זינד איז ער אויך ניט מעכויעוו טראָגן אף זיך.

שלעפּט זיך פּאמעלעך דער מאזשג׳עך איבערן געסל פארכוישעכט, די הענט פארלייגט אפּן רוקן, ווי א געקאָוועטער אין קייטן, אָטעמט אין זיך שווער ארײַן די לופט, ווי א כוילע־ניפלע. בוילעט שפּארט ארויס די אײַנ־געהויקערטע פּלייצע. אָבער דאָס איז ניט קיין האָרב. ס׳איז פּאָשעט זײַן טיפּע עלטער...

— בעטלערס... גאנאָווים... נאפקעס... — צישעט ער. יעדעס וואָרט פאלט פון זײַנע קלעפּיקע לעפּצן, ווי שטיקער זודיק בלײַ. פארן געסל גופא האָבן ניט די ארויסגעכליופּעטע זילזולים קיין גרויסן באטרעף, מע ווייסט שוין פון לאנג ייִסראָעל דאלעסעס טעווע. דאָך וויל קיינער זיך ניט פארטשעפּען מיט אים, ווערן א כוצפּעניק אָדער א שטיקל אזעספּאָנעם. ווער וויל עס קומען אין א צוזאמענשטויס מיטן אלטן, וועלכער האָט זיך אליין געמאכט פאר א מאזשגיִעך איבערן געסל.

געוויס זוכט ייִסראָעל דאלעס עמעצן מיט זײַנע אָקסישע, ברייט־אופגעריסענע אויגן, זוכט, נישטערט, שמעקט ארום דעם רויך פונעם איבערגעבליבענעם „טשאד". ווײ און וויינד וועט זײַן צו דעם, ווער עס וועט זיך פּאקן אף דער הייסער מינוט אונטער זײַן האנט. מיט קיין ווײַבער וויל ער קלאל קיין מאגע־אומאסע ניט האָבן, דערפאר, זעט אויס, באמיט ער זיך אויסמײַדן יענץ אָרט ארום דער איבערגעקערטער דייזשע, ווו דאָס רעדל ווײַבער שטייט מיט אָפענע מײַלער, אָן לאָשן, ווי ארויסגעכאפּטע פיש אף דער טריקעניש... רעב ייִסראָעל איז דורך פארבײַ אָנגעסופּעט, טעמפּ, רוגזעדיק. דאָס בינטל פּרויען באגלייט אים מיט האלב־דערשראָקענע אויגן, אָנגעשטרענגט־ערנסט. אָבער דאָס איז בלויז אָן אָנשטעל, פון דערעכערעץ צום אלטן מאזשגיִעך. צווישן זיך אָבער ווארפט מען זיך איבער שעלמיש מיט שפּאָטישע ווונקען, לוסטיקע בליקן, שטעלנדיק דעם אלטן גאבע צו כויזעק. דערבײַ האָט איינע פון זיי, די מער כוצפּעדיקע, זיך אײַנגעשטעלט און איז ארויס מיט א מײַנעלאָשן:

— זאָל אײַך ווייניקער, רעב ייִסראָעל, דארן דער קאָפּ פארן געסל. אף אײַך, כאָלילע, וועט קיינער ניט זאָגן, אז איר האָט א פּאָליובאָווניצע... אײַערע אווייִרעס זײַנען פון אן אנדער שניט. מישט אוף די אייגענע בלעטער פונעם סייפער־פּראלניק, וועט איר זיך אויך דארפן שלאָגן אלכעט. אלע זינדיקן מיר צוביסלעך פאר דעם, וואָס זיצט אויבן און פּאָרט אונטן. מיר זײַנען אלע ניט ווײַט אָפּגעשיידט פון די שינדעריווקער...

ייִסראָעל דאלעס איז גרייט געווען אופעסן לעבעדיקערהייט דאָס שעלמישע ווײַבל. ער האָט זי אדורכגענומען מיט זײַן בייזן בליק, ווי א צערייצטער אָקס, קאפּאבל נעמען אף די הערנער.

— ניטאָ אף אײַך קיין פּאָהיבעל, הולטײַקעס!..

מעגלעך דערפאר, וואָס כ'האָב זיך צופיל געדרייט ארום דעם אלטן ייִסראָעל, — האָט ער מיך ראפּטום א כאפּ געטאָן פארן קארק.

— און דו, — טוט ער א זאָג מיט רעציכע, — מוזט אויך זײַן אינדערמיטן. וועמעס ביסטו?

א ריזיקע האנט, געדיכט באוואקסן, א לאפּע פון א בער, הענגט דראָענדיק איבער מײַן קאָפּ.

— ווו ערגעץ א בייזוווונדער, — בורטשעט ער שוימיק מיט זײַנע צעשאָקלטע ציין, — זײַנט איר טאָמיד דאָ.

— כ'ווייס פון גאָרניט. איך זאָל אזוי געזונט זײַן, ווי איך ווייס פון גאָרניט. מע האָט מיך אהער געשיקט מיט א גאנג...

— אך, אזוי, מיט א גאנג, זאָגסטו? מיט א גאנג און מיט א קוויטעלע?..

עפשער טאקע פונעם מעשומעד אליין, פונעם דאמסקע כאָסיד, דעם באל־אווירעניק?

— איך זאָל איַינגעזונקען ווערן אָט דאָ, ווו איך שטיי, אויב איך ווייס פון עפּעס.

— אף שוועס געבן זיַינט איר אלע גרויסע בעריעס! מיט דער מאמעס מילך זויגט איר איַין שוועס און קלאָלעס.

זיַין מעגושעמדיק פּאָנעם פארשטעלט מיר די שיַין. איך ציטער פאר שרעק.

— ניין, ניין, ס'ניט איך... — ווארף איך זיך אין זיַינע הענט, ווי א קאפּאָרע־הינדל, — לאָזט מיך אָפּ, לאָזט מיך אָפּ. כ'ווייס פון גאָרניט...

קימאט גאנץ בארשעוו איז זיך צונויפגעלאָפן אהער, צום דאלעס־געסל. וואָס האָט מען דאָ ניט געזען?.. דאָרט, אינמיטן שטאָט, זיַינען די גרויסארטיקע געשניצטע פענצטער פארהאנגען מיט זיַידענע פּאָרהענגלעך, מיט געשטריקטע פּאָרויכעסן. אלץ איז דאָרט פארשטעלט און פארטישקעוועט. מע היט זיך פאר א זיַיטיק אויג. אין אונדזער געסל זיַינען טיר־און־פענצטער שטענדיק אָפן פאר אלעמען, מע זעט אפילע, ווי מע זעצט א קראנקן מענטשן אפן נאכט־טעפּל...

— פון וואָס לאכט איר, נארישע בעהיימעס? — קערעוועט יִסראָעל אויס דעם קאָפּ צום בינטל וויַיבער. — וויינען און קלאָגן דארפט איר, יִדענעס, ניט שטיין און קעכיקען, ווי די סארווערנס בא דער כופּע־וועטשערע.

מיַין גליק, וואָס דאָס רעדל וויַיבער איז געשטאנען דערנעבן, בייס דער אלטער מוסער־זאָגער האָט מיך פארקלעמט אין זיַין אָרעם. זיי האָבן מיך ארויסגעכאפּט פון זיַינע שווערע לאפּעס, ווי מע ריַיסט ארויס א שעפּעלע פון וועלפישע ציין.

— פאר וועמען שטעלט איר זיך איַין? — צישעט ער. — פאר אָט דעם ניוווזעניק? ניטאָ וואָס קריכן אהער ארייַנקוקן אין די טעפּ. דאָ איז ניט קיין בולוואר פאר ליידיקגייער. היַינט צו וואָס פאר א שווארציאָר לויפט מען אהער אָנקוקן די שינדעריוקער נעקייוועס?.. מאלע וואָס עס טרעפט זיך!.. צו וואָס אויסקלינגען אין אלע גלעקער? אזא סמערקל, ווי אָט דער מאמזער, וועט דערנאָך צעפּויקן איבער דער שטאָט, אז דאָס געסל אונדזערס איז פול מיט נאפקעס... הענט און פיס דארף מען איבערברעכן יעדערן, ווער עס דערוועגט זיך אהער אריַינשמעקן. אוועק, וואָן פונדאנען!

— גאָט איז מיט איַיך, רעב יִסראָעל, — פּרווון די וויַיבלעך האמעווען זיַין צאָרן, — ניט מיט איַיער וויַיב, כאָלילע, און ניט מיט איַיערע טעכטער קאָן אזעלעכס פּאסירן.

— גייט אוועק פון מיַינע אויגן, סעדעכעס! איך קאָן אף איַיך ניט קוקן!..

ס'איז אוואדע א ראכמאָנעס אפן אלטן רעב יִסראָעל דאלעס. נאָר איך בין ניט שולדיק, וואָס ווענט האָבן אויערן, און אלץ, וואָס עס זאָל דאָ ניט געשען, ווערט בליציק־שנעל פאנאנדערגעטראָגן אין אלע עקן שטאָט, און מע צעלייגט עס אף טעלערלעך, יעטווידער לויט זיַין האסאָגע: נאט און קוויקט זיך דערמיט...

דעם אלטן מאַזשגיזעך קאָסט עס געזונט, מאמעש ער עקט זיך. דאָס, וואָס דער צעבראָכענער זאָקן ייִסראָעל דאלעס נעמט זיך אָן די קריוודע פארן סאמע בערקוטישן געסל, געפעלט מיר ביז גאָר, כאָטש איך האָב פון אים געכאַפּט א פּײַנעם פּסאָק. ערשט דאָ, אינעם אופגערודערטן געסל, האָב איך פארשטאַנען ייִסראָעל דאלעסעס זאָרג, זײַן הייסן פארלאַנג אופהאַלטן אָרנטלעך פאר גאָט און פאר לײַט דאָס שטענדיק געקריוודעטע געסל. אָן אנדערן וואָלט עס זיכער אָנגעגאַן אין דער לינקער פּייע — שלאָגט אײַך קאָפּ אין קישן, מײַן דײַגע... בעעמעס גערעדט, וואָס פאר א שײַכעס האָט דער אלטער ייִסראָעל דאלעס צו די שינדעריווקער ווײַבער?.. זעט איר דאָך, ווי עס דערגייט דעם זאָקן צו דער זיבעטער ריפּ. בא אים קומט אויס, אז די שולד פאלט אָף אים, ס'איז זײַן בושע...

— איך וועל עס, — זאָגט ער, — אויסקאָרעניזען, אײנמאָל פאר אלע־מאָל, מיטן וואָרצל. פאָטער ווערן פון דער מאגייפע...

א לאַטע אָף א לאַטע, א שטריקל אָף א שטריקל. איין ארבל פון א מין בעזש־קאָליר, דער צווייטער — פיל קירצער, פון עפּעס גרוי־פּאָפּעליאַטער מולטע. נאָר דאָס הארבע וואָרט, וואָס ער זאָגט, פארמאָגט אין זיך גענוג וואָג.

פאר מיר איז איצט קלאָר: די שינדעריווקער וועלן זיך אינעם דאלעס־געסל צוריק ניט אומקערן, סײַדן בארשעוו וועט אונטערגיין. קיין כאַרפּע וויל קיינער ניט לײַדן. אָרעמקײַט, דאכקעס, נויט קאָן מען עפּשער ווי־עס־איז אריבערטראָגן, נאָר שווארצן זיך דאָס פּאָנעם, אראָפּלאָזן זיך ביזן לעצטן גראַד, דאָס ניט!.. ייִסראָעל דאלעס, פיל איך, וועט זיך שלאָגן ביזן לעצטן אָטעם פאר מענטשלעכער ריינקײַט און ערלעכקײַט.

— א בראָכע אָף זײַן קאָפּ! — בענטשן אים פיל ווײַבער פון די דער־בײַיקע געסלעך.

איך בין זיך מוידע, אז פון דעם דאָזיקן פארוואָרפענעם העק בין איך אוועק מיט א שווער געמיט. טיף אין הארצן זײַנען געבליבן ניט די שינ־דעריווקער נאָשים, נאָר דער אלטער, קרומגופּיקער זאָקן מיט די שמאטעס און טראָלדן... דער בייזלעכער מאזשגיזעך איבערן געסל, ייִסראָעל דאלעס, דער גרעסטער קאפּצן און דער סאמע אָרנטלעכסטער מאַן, ועמענס נאָמען עס שרעקט מיך שטענדיק און רופט דאָך ארויס ייִראַס־האַקאָוועד.

ווען וועל איך אמאָל דערלעבן זען דאָס דאלעס־געסל א פריילעכס, אָן אופגעריכטס, ווען וועט אויך אהער דערגרייכן די העלע זונען־שײַן פון דער רעוואָליוציע?

## פארשטערטע פרייד

שוין פון א צײַט, ווי יעדן טאָג קומט אראָפּ צום טײַך דער אלטער מאָ־לער אָניסי מארקאָוויטש, א באוואָפנטער מיט פּענדזלען, בערשטלעך, שאכטלעך און מיט פיל אנדערע מאָלערישע קלייזײַען. מאָדנע זעען אויס דעם מאָלערס קליידער, אײַנגעטונקענע אין פארב, דאָס ברייטע פידפּאלעק־היטעלע, וואָס ליגט א ביסל נאכלעסיק אָף זײַן קאָפּ. דער גאנצער הוילעך

זײַנער מאכט אים פאר די שטאָטישע לײַט נאָך מער פרעמד און אָפּגעזונ־
דערט. פון גאנצפרי אָן פארגראָבט ער זיך צווישן די פעלדזן באם וואסער
און קריכט פון דאָרט ארויס צום סאָף טאָג.

איך האָב ליב זײַן באם טײַך, טאקע אָט דאָ, לעבן מאָנאסטיר־בארג, בא די פארווילדעוועטע ברעגן צווישן אָנגעוואלגערטע שטיינער און פעלדזן, ווּ עס ריזלען פיל ריטשקעלעך, גרעסערע און קלענערע, בולקען, מורמלען, גליטשן זיך אראָפּ פון איין שטיין אף א צווייטן, און אומעטום שטייט א זיס־אָנגענעמער געקלאנג, וואָס לאָזט זיך הערן ניט נאָר מיטן אויער, נאָר אויך מיט דער נעשאָמע. טאקע אָ־דאָ זוכן מיר, כעוורעניקעס, אונטער די וואסער־שטיינער אײַנגעשלאָפענע פיש.

ווען איך האָב אָנגעהויבן זיך נאָכפרעגן, ווער איז אָט דער אראָפּגע־קומענער גרויסשטאָטישער באל־יאכסן, וועמען מע רופט אָניסי מארקאָוויטש, האָב איך זיך דערווּסט, אז דאָס איז א געשמאדטער ייִד, פון די אמאָליקע געשמאדטע, וואָס האָבן געזוכט מיט דעם א וועג אין דער וועלט. ווּ ראסייע שפּארט אָן, איז דער מאָלער אויסגעוועזן און קיין מאָקעם־מיקלעט ניט געקאָנט געפינען. ביז ס'האָט אים פאריאָגט צו אונדז קיין בארשעוו... אזוי דערציילט מען, כאָטש ווי דאָס איז געווען אינדערעמעסן, ווייסט קיינער ניט. פון דער גאנצער געשיכטע האָט מיך פארדראָסן איין זאך: צי דען איז מײַן באליבטע שטאָט אָן אָפּקומעניש פאר זינדיקע?..

וואָס אמאָל, קוק איך זיך מערער צו אים צו, צום מאָלער, וויל מיט עפּעס דערפרייען דעם פּאָרוש, נאָר וואָס קאָן איך טאָן, אז ער אליין אנטלויפט פון מענטשן, ווי דער שאָטן פארן ליכטיקן טאָג.

איך זיץ מיר אין מײַן קיל ווינקעלע אונטער דעם ארויסגעשטארצטן ריזן־שטיין, מיט די פיס אין וואסער, און קוק ארויס פון מײַן באהעלטעניש, מיט וואָס דער נאָזיר, אָניסי מארקאָוויטש, פארנעמט זיך. ער איז, זע איך, שטארק ארײַנגעטאָן אינעם מאָלן. דאָס שווער אָנגעבראָקנעטע פּאָנעם מאכט מעשונעדיקע האוויִעס, קנייטשט זיך זויערלעך, און טאָמער שוועבט דורך א מילד שטראלעכל, איז דאָס ניט אף לאנג. ביז וואָס ווען, ווערט דאָס שטראלעכל אויסגעלאָשן, און ווידער זעצט זיך אף זײַן געפאלדעוועט פּאָנעם א קאלטע כמורנעקײַט, אָנגעלאָדן מיט עפּעס א שווערן געמיט. יעטווידער פיר מיטן פּענדזל, דאָס באַרירן זיך מיטן מאָלברעט קאָסט אים א פּוד געזונט. צופיל, דוכט מיר, פּײַניקט ער זיך בא זײַן שאפן. עס טרעפט אויך, אז א טרער רײַסט זיך ארויס באם אלטן מאָלער, פון פרייד צי פון יעסורים, ווער ווייסט...

דאָס בילד, וואָס אָניסי מארקאָוויטש האָט געמאָלט אָפּן אָנגעצויגענעם לײַוונט, איז פאר מיר לאכלוטן מעטושטעש. א מעגושעמדיקער ריזן־פעלדז, געמאָלט מיט גאנצע און האלב־רונדיקע ליניעס. ערגעץ ווײַט באם האָריזאָנט האָט א שווארצע שטיק הימל זיך בייז צעשפּאָלטן. דונער־קנאלן ברעכן דעם פארוואָלקנטן רוים... איך קאָן ניט פארשטיין, וואָס דער מאָלער מיינט מיט זײַן בילד, איך שטויס זיך בלויז אָן, אז דעם אלטן איז שווער אפן הארצן. ער איז ניט נאָר אנטוישט און פארצווייפלט, נאָר אויך טיף געבראָכן.

און דאָ, גאַנץ צופעליק, בײַס דער ארבעט איבערן בילד, איז דער אויסגעלאָשענער ציבעק ארויסגעפאלן בא אים פונעם מויל אין וואסער. איך האָב פלינק זיך א ריס געטאָן פון מײַן באהעלטעניש און ארײַן אין טײַך. אף אזעלכע זאכן בין איך געווען א בעריע. גאָר אינגיכן האָב איך געפונען די פיפקע.

דער אלטער מאָלער האָט מיך באטראכט, גלײַך איך בין נאָרוואָס אראָפּגעפאלן פונעם הימל, דערנאָך א שאָקל געטאָן מיט דער געדיכטער, גראָווער פאטלע. געוויס איז דאָס געווען א מין קאלטער דאנק. מערער פון אלץ איז אים אָנגעגאנגען, פונוואנען האָב איך זיך מיטאמאָל גענומען אהער.

מיך האָט אלץ שטארקער געצויגן צום אלטן מאָלער. פריִער פלעג איך פון דער שול לויפן אהיים, אָבער זינט אָניסי מארקאָוויטש האָט פאר זיך אויסגעקליבן אָט דאָס ווינקעלע אף מאָלן זײַנע בילדער, לויף איך פון דער שול גלײַך צום טײַך.

ווי נאָר עס פאלט צו דער אָוונט, קריכט אָניסי מארקאָוויטש ארויס פון זײַן „הייל״, זוכט אָפּ פאר זיך א פאסיק „ביטל״, דאָרט, ווו דאָס וואסער קאָכט שטארקער, רײַבט אײַן מיט א בעזעמל דאָס לײַב, און ווען ער קריכט ארויס פונעם „ביטל״, איז דעם זאָקן מאמעש ניט צו דערקענען. ער זעט אויס מונטער און א סאך יינגער. ער ציט ארוף אף זיך די מאָדנע מאלבושים, פאַרנעמט זײַנע מאָל־מאכשירים און לאָזט זיך גאנץ לאנגזאם מיט דער גראָזיקער סטעזשקע, וואָס פירט צום מאָנאסטיר־בערגל.

בא די בארשעווער כאכאָמים, וואָס ווײַזן ארויס מעווינעס אף אנדערע, האָט דער אָניסי מארקאָוויטש געהייסן ניט אנדערש, ווי דער „מעשומעד״, „מעשוגענער פעטאך״, „איבערגעקערטער מויעך״, אָדער „דער ניט־דאָגעדאכט״...

זעלטן ווען אָניסי מארקאָוויטש באווײַזט זיך אין שטאָט. דער וועג זײַנער איז איינער און דער זעלבער: דורך דער ברוקירטער שעווטשענקאָ־גאס צו דער פּאָטשט. אף זײַן קאָפּ, באדעקט מיט ליכטיקע אש־קודלעס, ליגט דאָס ברייטע פידפאלעך־היטעלע. אזעלכע היטעלעך, פון אויבן נאָך צוגעטשעפּעט א באָמבעלע, שענקט מען באלעבאטישע מיידלעך צו א געבורטסטאָג. גלײַך האָבן זיך געפונען כעוורע לייצים און גענומען אָפּשפעטן פון אים, נאָכגעקרימט זײַנע מאָדנע גענג, וואָס זײַנען לאכלוטן פרעמד די בארשעווער. עס טרעפט אויך, אז א פארשײַטער כעוורעניק ווארפט אינעם זאָקן א שטיינדל.

מיט די ארומיקע אײַנוווינער האָט דער מאָלער ניט געהאט און ניט געוואָלט, אפּאָנעם, האָבן קיין מאגע־אומאסע. צו אים איז מען אויך געווען גאנץ קאלט. ווען מע טוט אים א פרעג, אין וואָס פאר א שטאָט ער וווינט, וואָלט ער מיסטאמע ניט געוווסט וואָס צו ענטפערן. אין א פארכמארעטן טאָג, פאר א רעגן, אָדער ווען דער הימל האָט שוין געלאָזט פאלן זײַנע, דערווײַל נאָך קארגלעכע, טראָפּנס, טראָגט דער מאָלער אף זיך א קורצע אלטמאָדישע פעלערינקע פון עפּעס א ביליקן שטאָף. די ארומגערייכערטע ליולקע נעמט ער קיינמאָל פון מויל ניט ארויס. ער איז, אפּאָנעם, ניט געוווינט, ווי עס פירט זיך, אָפּגעבן יענעם א „גוט־מאָרגן״ צי

א „גוטן אָוונט". זײַן האַנט האָט קיינמאָל אַף זײַן לעבן, קאָן זיך דאַכטן, ניט אָפּגעגעבן שאָלעם א צווייטן. מעגלעך, אַז דאָס נעמט זיך פון גרויס פּאַרביטערטקײַט. פון דער פּאָטשט גייט ער אַרויס מיט עפּעס א פּעקל, אָבער מערסטנטייל אָן גאָרנישט ניט. זײַן גלײַכגילטיקע מינע איז שטענ־דיק קימאַט איינע און די זעלבע. אַזא מענטש, מיין איך, וועט מען ניט איבערשרעקן מיט קיין שלעכטער יעדיִע, מע וועט אים אויך איבעריקס ניט דערפרייען מיט א גוטער בסורע.

אַנומלטן האָט מען פאַר טשיקאַוועס אים אָפּגעשטעלט און געפרעגט: וויפל האַלט דער זייגער?

האָט ער געענטפערט:

— איך בין אומיסטן געקומען אַהער, איך זאָל פאַרגעסן אין דער צײַט, און איר פרעגט באַ מיר, וויפל האַלט דער זייגער.

פאַראַן אַף דער ווײַסער וועלט אַלערליי ברוּיִם. וואָס זשע איז דאָ זיך צו כידעשן אַפן געליטענעם מאָלער? ער טוט קיינעם קיין שלעכטס ניט, קיינער ווערט, כאָלילע, פון אים ניט געקריוודעט. ער טשעפּעט אײַך ניט, טשעפּעט אים ניט.

פאַר מיר קומט אויף א נײַע רעטעניש: ווי קומט כאָמעלע צום מאָלער?

די ערשטע צײַט האָט מיך אַפילע שטאַרק געכידעשט זייער באַקאַנט־שאַפט: וואָס פאַר א שמעלקע איז זי, אַשטייגער, מיט אים? נאָר מאַלע וואָס מענטשן געפינען איינער אינעם אַנדערן! איז וואָס, אַז ער איז אַף א סאַך עלטער פון איר, און ביכלאַל... דאָס הייסט נאָך ניט, אַז זיי מוזן אומ־באַדינגט ווערן כאָסן־קאַלע.

כאָמעלען באַגעגנט מען איצט אָפּטער באַם טײַך, דאָרט, ווו אָניסי מאַר־קאָוויטש אָרדנט זיך אײַן מיט זײַן מאָל־געצײַג. זי העלפט אים צעפירן די פאַרב, שווענקט און וואַשט די אַלע בערשטלעך און פענדזלען, פּעסטיקט אײַן דעם מאָלברעט, ער זאָל זיך ווינציקער שאָקלען, טרעט אָפּ הינטער־ווײַלעכס, שטעלט צו א האַנט צום שטערן, זשמורעט צו איין אויג, זאָגט מעווינעס וועגן געמעל, וואָס דער מאָלער האַלט נאָך אין דער אַרבעט.

אָניסי מאַרקאָוויטש הערט זי אויפמערקזאַם אויס און שמייכלט.

ווען די זון נעמט רעכט באַקן, שעמט זיך כאָמעלע ניט אויסטאָן, שפּרינגט ווילד אַרום איבער די שטיינער, איר פײַנער בייגעוודיקער קער־פּער רײַסט מאַמעש דאָס אויג, פאַרכאַפּט דעם אָטעם, מאַכט נאָך שענער דעם אַרום, אין וועלכן זי שוועבט, ווי א שמעטערלינג. א קרוין פון געפלאָכ־טענע וואַסער־ליליעס זיצט מאַיעסטעטיש אַף אירע פאַנאַנדערגעלאָזטע האָר, און אַז זי פאַרקלײַבט זיך אַף א הויכן פעלדז, איז אין איר שלאַנקער פיגור פאַראַן אי רעגעוודיקס, אי קישעפדיקס — א געמיש פון אַן אויסגע־כאָלעמטער באַסמאַלקע און א יאַם־טאָכטער... איר קלינגענדיקער געלעכ־טער לאָזט זיך הערן, ווי ווײַט זי זאָל ניט פאַרלויפן צווישן די שטיינער. פון איר געוואַגטן שפּרינגען, ווי א הירשיכע, פון איין שטיין אַפן צווייטן איבער די רווישיקע וואַסערפאַלן נעמט אַזש טיאָכקען דאָס האַרץ.

עס טרעפט, אַז דער כאַווער יאַקאָוו קומט אויך פאַרנאַכטלעך צו די שטיינער. ניט שטענדיק טרעפט ער כאָמעלען לעבן מאָלער. זײַן קומען אַליין האָט עפּעס א מין באַטײַטאַם — ער איז ערנסט און אַפילע א ביסל

שעמעוודיק. מיטן מאַלער גריסט ער זיך קילבלעך, אײַנגעהאַלטן. דאָס, וואָס אַניסי מארקאָוויטש מאַלט, מאַכט יאַקאָוו דעם אַנשטעל, אינטערעסירט אים ווייניק. זײַן שווײַגנדיקער בליק איז געווענדט צו דער ברויזיק־קאָכי־קער וואסער, וואָס קלאַפּט אין די שטיינער.

אנומלטן האָב איך בא אים געפרעגט וועגן אַניסי מארקאָוויטש. ווער איז ער?..

האָט דער כאוועך יאַקאָוו קורץ און אָפּגעהאַקט געענטפערט: — א פרעמדער...

וואָס הייסט באַם כאוועך יאַקאָוו א פרעמדער?

— פרעמד דער רעוואָליוציע.

— פארוואָס זאָל מען אים ניט מעקארעוו זײַן?

— ער וויל ניט, — דערקלערט דער כאוועך יאַקאָוו, — דאָס איז אויך, מײַן טײַערער, אַן אייגנאַרטיקער ווידערשטאַנד...

דער כאוועך יאַקאָוו, קלער איך, רעדט וועגן אים מיט פארדראָס נאָר דערפאר, ווײַל כאַמעלע, די שיינע, קלוגע כאַמעלע, ציט זיך צום אלטן מאַלער.

מיט וואָס, לעמאַשל, שטערט דער מאַלער דער רעוואָליוציע? דוכט זיך, דער אָפּגעזונדערטער מענטש טשעפּעט ניט קיין פליג אַף דער וואַנט, לעבט ניט אַף עמעצנס כעזשבן, און איז זייער ווײַט צו זײַן א שטיקל נאַגיד. ער פארמאָגט דאָך אפילע קיין אייגן ווינקל ניט.

— טאַקע דערפאר ווײַל ער טשעפּעט קיינעם ניט, — גיט מיר ווידעראַ־מאָל צו פארשטיין דער כאוועך יאַקאָוו, — און האלט זיך איזאָלירט, ארויסגענומען פונעם קלאַל, כוץ לעדערעך האַטעווע, איז ער שוין ווײַט פון דער רעוואָליוציע.

קיינער זעט ניט, וויאַזוי אַניסי מארקאָוויטש טוט געטרײַ זײַן ביז גאָר שווערע ארבעט. וויפל ביטערע האָרעוואַניע ער לייגט אין איר ארײַן! זײַן שאַפן, דערציילט כאַמעלע, שטייט בא אים העכער פונעם לעבן... אָ, איך פארשטיי גוט, וואָס זי רעדט צו מיר! אין א ליכטיקער לעוואָנע־נאַכט טרעפט מען אים אויך בא די שטיינער מיט זײַנע קלייזײַען. וואָס יאָגט ער אזוי? קיינער טרײַבט אים דאָך ניט אין האלדז־און־נאַקן!

דער כאוועך יאַקאָוו האָט מיטן מאַלער ניט געפירט קיין וויקוכים, ניט געהאט קיין מאַכלויקעסן, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער געקוקט אַף אים, ווי אַף א קעגנער. שטילע וואסער, פלעגט ער זאָגן אַפן אלטן, גראָבט טיף.

דעם עמעס גערעדט, האָב איך ניט אינגאַנצן פארשטאַנען, וואָס ער מיינט.

ניט שטענדיק פלעגט כאַמעלע זײַן צו מיר צוגעלאָזט. אמאָל קאָן איך זיצן ניט ווײַט פונעם מאַלער, און זי זאָל מיך ניט באַמערקן, גלײַך ווי זי דערקענט מיך ניט. אַן אַנדערשמאָל וועט זי מיך געפינען אונטער דער ערד, זיך אנידערזעצן דערנעבן, ארומנעמען, ווי איר טעווע איז, די קני מיט די הענט און א ביז גאָר אופגעלייגטע, אָדער אפילע אַן אומעטיקע, זאָרגלאָז פלאַפּלען, אָפּכויזעקן פון באַקאַנטע, נאָכקרימען און אָפּשפּעטן, ווי כאַמעלע קאָן זיך פארגינען. דעם פאָליטפּראָסוועטס נאָמען באַמיט זי זיך ווי ווײַט

מעגלעך אויסמײַדן, ווײַל זי ווייסט, אַז איך בין דעם כאַוועך יאַקאָווס אַ הייסער כאָסיד.

— פאַרוואָס, כאָמעלע, געפינט איר זיך ניט קיין ארבעט? — פרעג איך בא איר קימאַט מיט פאַריבל. — ביזוואַנען איז אַ שיר, די מומע העניע זאָל אײַך האָדעווען? זי איז דאָך שוין פאָרט אַן עלטערער מענטש. וויפל קאָן מען זיצן אף דער מומעס קאָפּ?..

פון אַזעלכע טאַדלענישן ווערט זי מעסוקן אָנגעבייזערט. די ברעמען גייען זיך גראָדליניק צונויף, און איך זע, ווי אין אירע אויגן־ווײַסלען גייט אוף עפּעס ווי אַ מין ביטערער פאַרדראָס.

— וואָס איז דײַן אייסעק? — קערעוועט זי רויגעזדיק אָפּ דעם צעקובלטן קאָפּ האָר. — האָדעוועסט מיך מיט ברויט? צי איך קום צו עמעצן אָן? ווער בעט אײַך דײַגענען פאַר מיר? יעדערער טוט דאָס, וואָס אים געפעלט.

לאַנג דויערט ניט איר רויגעז. זי ווערט ווידער גוט און מילד, ווי עס פּאַסט פאַר כאָמעלען.

— אַז איך וויל ניט, מע זאָל מיך טראָגן אפן קאָפּ, — לעשט זי אין זיך דעם קאַס. — אָט געפעלט מיר, אַשטייגער, אַ נאַקעטע ארומשפּרינגען איבער די שטיינער. ווער קאָן עס מיר פאַרווערן? דעם מאָלער געפעלט זיצן טאָג ווי נאַכט און מאָלן זײַנע מאָלעכצן, ווער קאָן אים שטערן? דעם כאַוועך יאַקאָוו דײַנעם גלוסט זיך איבעראַנדערשן די וועלט, זאָל ער זיך וואָזגען מיט איר! טיפּשים! מענטשן האָבן פאַרגעסן, אַז זיי זײַנען געקומען לעבן אף דער ערד. און פאַר מיר לעבן הייסט — ארומשפּרינגען איבער די שטיינער!

זי טוט זיך אַ ריס פונעם אָרט, איר האַסטיקער געיאָג פאַרקישעפט מאַמעש, און זי ווערט גלײַך פאַרשוווּנדן צווישן די פעלדזן.

ווען דער כאַוועך יאַקאָוו קומט נאָך דער ארבעט צום טײַך, ווערט די זעלבע כאָמעלע אַ ביסעלע געשטילטער. אפילע מיט זײַן שעמעוודיקן שווײַגן צוימט ער אין איר די צעלאָזענע ווילדקײַט, האַמעוועט איר צעגאַרטלטע פאַרשײַטקײַט. כאָטש זי, כאָמעלע, איז אַ גרויסע צולאָכעסניצע, פילט זי דאָך דעם דערעכערעץ פאַרן מענטשן, וואָס שטייט, אָן סאָפעק, העכער פון איר.

אין איינעם אַ וואָכעדיקן טאָג איז דער כאַוועך יאַקאָוו געקומען צום טײַך פריִער, ווי געוויינלעך, שטאַרק איבעראַשט, קימאַט אַ גליקלעכער. ניין, ניט כאָמעלע ליגט אים אפן זינען, נייטיק ווי אין לעבן מוז ער זען אָניסי מאַרקאָוויטשן.

— דרינגענדיק! שוין, באַלד! — פאַרכלינעט ער זיך אַזש פון פרייד. — ווען דו ווייסט, וואָס פאַר אַ דעפּעש איך האַלט באַ זיך?

גראָד איצט, אף דער הייסער מינוט, האָב איך דעם מאָלער ארויסגעלאָזט פון אויג. מיסטאָמע האָט ער זיך אריבערגעפּעקלט אף יענער זײַט טײַך, נעענטער צו די שטיין־קאַריערן. נאָר איך וועל ניט געפינען דעם מאָלער? ס'זאָל אפילע רינען בלוט פון דער נאָז... אַ שפּרונג אַהער, אַ יאָג אַהין, ארײַן אין וואַסער העכער דעם פּופּיק, געפּויזעט אף אַלע פיר איבער די גליטשיק־מאָכיקע וואַסער־שטיינער. און עפּשער לויפן צו יענעם פעלדז,

וואָס האָט אויסגעצויגן דעם האלדז, ווי א האָן צום קרייען?.. געלאָזט זיך הענדעם־פּענדעם אין אַן אנדער ריכטונג, ווידער געשפּרונגען איבער די שטאַרצנדיקע שטיינער, ביז איך בין, ענדלעך, פאַרקראָכן צו דער האלבֿ־כאָרעווער מיל. יאָ, ער איז טאַקע דאָ, דער שיינער מעכוטן אונדזערער.

— האַ־האַ־האַ־אַ־אַ!.. — שרײַ איך מיט געדולע צום כאַווער יאַקאָוו, אופהייבנדיק ביידע הענט. — אהער! אהע־ער!..

אָניסי מאַרקאָוויטש, זע איך, זיצט רײַטנדיק אף דער הילצערנער דורכגעפוילטער אַקס פון דער וואַסער־ראָד, ווי מע זיצט אף א פערד, ווען מע פּאָיעט עס אין טײַך, און מיט א שוואַרץ שטיקל קויל, צי עפּשער איז עס אזא בלײַשטיפט, צייכנט עפּעס אף א האַרטן קאַרטאָן. און נאָך האָב איך געזען, ווי פאַרהאַרעוועטע מענטשן, אײַנדרײַען געבויגן, שלעפּן די אויסגע־האַקטע שטיינער אף די איינראָדיקע וועגעלעך. איינער הינטערן אנדערן ציִען זיך די מידע מענטשעלעך, טראָט בא טראָט, איבער די שמאָלע ברע־טער, וואָס וויגן זיך אונטער די פיס.

פרײַנטלעך, ביז גאָר וואַרעם, גריסט זיך דאָס מאָל דער כאַווער יאַקאָוו מיטן פאַרכאָלעמטן מאָלער. אינעם כאַווער יאַקאָווס אופגעשטראַלטן פּאָנעם לויכט א פרייד. מע זעט, ווי דער פּאָליטפּראָסוועט אונדזערער איז באַגײַס־טערט פון עפּעס זייער וויכטיקס און באַדײַטנדיקס.

— אָט ווער עס זאָרגט וועגן אײַך!.. — יאָגט דער כאַווער יאַקאָוו פון איין שטיין צום צווייטן, קעדייי וואָס גיכער דערלאַנגען די דעפּעשע. — דער נאַרקאָם אליין, אנאטאָלי וואַסיליעוויטש לונאַטשאַרסקי פאַרבעט אײַך! — צעציט ער ווי ווײַט מעגלעך דעם באַוווּסטן נאָמען. א ביסעלע צעשטרייט, א ביסל אופגערודערט פאַרנעמט דער כאַווער יאַקאָוו די צע־פּאַטלטע האָר און וואַרט, וואָס וועט דער אלטער מאָלער זאָגן אף דעם. צי וועט ער פאַר גרויס סימכע ניט אראָפּפאַלן אין וואַסער?..

ניין, עס האָט ניט געהאַלטן דערבײַ.

קאַלטבלוטיק, ניט געײַלט, אָן איבעריקער כאַפּעניש, האָט דער מאָלער פאַנאַנדערגענומען די דעפּעשע, איבערגעלייענט און צו זיך ביטערלעך א שמייכל געטאָן. דערנאָך אקוראַט צונויפגעלייגט דאָס שמאָלע שטיקל פּאַ־פּיר און אראָפּגעלאָזט אין קעשענע.

— לײַטיש! זייער לײַטיש פון זײַן זײַט. א דאַנק!

אָניסי מאַרקאָוויטש האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין זײַן אַרבעט, גלײַך ס'איז גאָרנישט ניט געשען.

— לונאַטשאַרסקי רופט אײַך קיין מאָסקווע אין דער קונסט־אקאַדע־מיע! — פיבערט דער כאַווער יאַקאָוו. — וואָס קאָן נאָך זײַן פאַר א גרע־סערער קאָוועד?!

— כלעבן, איר זענט א נאַיִווער מענטש. גיין אין אקאַדעמיע... — כאַפּט א קוק דער מאָלער מיט עפּעס א מין לײַכטן מיטגעפיל צום פּאָליטפּראָ־סוועט. — אַן אנדער זאַך וואָלט געווען, ווען דער פּאָלקסקאָמיסאַר גיט מיר א מעגלעכקײַט מאַכן אַן אויסשטעלונג פון מײַנע אַרבעטן. מײַנע בילדער זײַנען באַקאַנט אין פיל פּאַריזשער מוזייען. זאָל דער פילגעאַכטעטער אנאַ־טאָלי וואַסיליעוויטש זיך אָנפרעגן באַם באַרימטן רעפּינען, איליא יעפימאָ־וויטש, וועגן מײַן שאַפונג. איר האָט מיך פאַרשטאַנען?..

דאָס ערשטע מאָל הער איך דיַיטלעך דאָס באַסאָווע קאָל פונעם מאָ־לער. איך הער פון אים מאַמאָשעסדיקע, לעבעדיקע רייד, נאָר זיי זיַינען פאַר מיר לאַכלוטן אומפאַרשטענדלעך. איין זאַך איז מיר קלאָר, פאַרדריס־לעך קלאָר. לונאַטשאַרסקיס דעפּעש האָט אַפן אַלטן קיין רושעם ניט גע־מאַכט.

— מיר איז דערוויַיל נאָך ניט דערעסן באַרשעוו... — רעדט ער אַרויס מיט אַ געהאַמעוועטן פאַרדראָס. — לאָזט מיך צורו מיט דער אַקאַדע־מיע... — און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: אַ סאָף!

דערמיט האָט זיך אונדזער קורצער שמועס געענדיקט. זיַין בליק איז אַפּסניַי צוגענעגלט געוואָרן צום בילד, וואָס ער מאָלט, צו דער הויכער גראַניט־וואַנט, ווו די שטיינברוך־אַרבעטער שלעפּן די שווער גלאַדענע ווענעלעך באַרג־אַרויף.

דער כאַוווער יאַקאָוו האָט אַ קוק געטאָן אַפן אַלטן, וואָס איז אין דער מינוט געוואָרן נאָך סיווער, ווי פריִער. געווען איז אין דעם בליק אַנ־טוישונג, מעגלעך באַדויערונג, אָבער ניט קיין פאַראַכטונג.

— דער זאָקן איז טאַקע זייער אַ באַגאַבטער מענטש, — רעדט דער כאַוווער יאַקאָוו צוריקוועגס מער צו זיך, ווי צו מיר, — נאָר לונאַטשאַרסקי וועט אים מיסטאָם קיין צווייטע דעפּעשע ניט שיקן.

## אַניסי מאַרקאָוויטש

אַלע מענטשן האָבן געענוג ציַיט. פאַר מיר איז דער גרויסער זומער־טאָג צו קליין. גיי מאַך עפּעס! ווען מע דאַרף ניט באַזוכן די שול־הײַם, וואָלט איך טאָג און נאַכט געלעגן לעבן רוישיקן טיַיך בא די שטיינער. אַזאַ פאַרגעניגן וועט קיינעם קיינמאָל ניט נימעס. אין אַ גאַנץ געוויינלעכן מיטנדערוואָך טרעפט מען העכער אַ האַלבע שטאָט באַם טיַיך. ווער עס וואַשט גרעט, ווער עס ריַיבט אין זאַמד מעשענע קיילים. אַנדערע קומען אַהער שטריקן אַ ליַיבל, פאַרמערעזשעווען אַ זאָק, פאַרצירעווען וועש, אויסלאַטען אַ רעקל, איבערניצעווען אַ געטראָגענע שמאַטע. דער טיַיך אונדזערער ווערט זומער־ציַיט אַ צווייטע היים פאַר די שטאָט־איַינוווינער, דעריקער פאַר שטוב־באַלעבאָסטעס, וויַיבער און מיידלעך. יעדערער גע־פינט זיך זיַין באַשעפטיקונג, זיַין טועכץ. בא די פליטקע וואַסער־שטיינער ריזלען פיל טיַיך־שטרעמלעך, און מע קאָן זיך דאָ זייער שיין באָדן. דאָ פליסט דער טיַיך אַ סאַך שטילער, רויִקער, ווי אין אַנדערע ערטער. דאָס דאָזיקע פלאַץ רופט מען „וויַיבערשע מיקווע”. קיין איין באַלעגאָלע וועט זיך ניט איַינשטעלן אַראָפּפאָרן אַהער אָנפּאָיען די פערד. זאָל נאָר עפּעס אַ מאַנצבל צוקומען נאָענט, וועלן ווערן אַזעלכע גוואַלדן און קוויטשע־ריַיען — הימל עפן זיך.

דאָרט, באַם פלאַטשיקן שטיין, קליַיבט זיך צונויף אונדזער כאַוורייַע. פאַראַן דאָ איבערגעגנוג טיפקיַיט און פּלאַץ אַף וויַיזן אַלע קונצן פון עכטע שווימער. די וואַסער אַרום פלאַטשיקן שטיין איז לויטערער פון קריש־טאָל, מע זעט קלאָר יעטווידע באַוועגונג פונעם שווימער, זיַין מינדסטן

קער. די מעוויגים קוקן זיך גוט איַין אין דער דורכזיכטיקער וואסער און שאצן אָפּ יעדן שווימער לויט זיַין ווערט. אזוי פריַי, ווי איך גיי טריט־וואסער די הענט פארהויבן, קאָן זעלטן ווער. דאָס מוזן אלע אנערקענען. דאָך איז מיר פיל ליבער פארברענגען א ביסל נידעריקער, נאָך דער צעבראָכענער וואסערמיל, ווו דער אומדערמידלעכער גראָוועג מאָלער, אָגיסי מארקאָוויטש, זיצט אונטערן ברייט צעעפנטן שירעם, האלב נאקעט, און האָרעוועט שווער איבערן אָנגעצויגענעם ליַיוונט, — עס מעג דונערן און בליצן, וועט ער זיך ניט אָפּווענדן פון זיַין ארבעט. אין אזעלכע מינוטן איז דער מענטש אינגאנצן אָפּגעשיידט פון דער וועלט. זיַינע מאכשאָוועס בלאָנקען ארום ערגעץ וויַיט, אין די הימלען. דער מאָלער טיַינעט זיך אויס מיטן געמאָלטן בילד, ווי מיט עפּעס א לעבעדיקער זאך, וויַיזט ארויס זיַין אומצופרידנקיַיט, ברומט אונטער בייזלעך־דערצאָרנט. זיַין אָנגעכמורעט געזיכט ווערט פול מיט קנייטשן, און עס דוכט זיך, אז ער שריַיט: ניין, ניט דאָס וויל איך! פאלש!.. פאלש!.. א ראכמאָנעס צוקוקן, ווי דער זאָקן קאָרטשעט זיך, לעבט איבער שרעקלעכע יעסורים, וואָס ברענגען אים מאמעש ארויס פון די קיילים. פונעם אראָפּגעפליקטן ליַיוונט פּליִען שטי־קער, עס ווערן כאָרעוו „ניַיע אנטפלעקטע וועלטן...״ (דעם כאוועד יאקאָווס אן אויסדרוק. א געדאנק, וואָס מע דארף אים גוט־גוט צעקיַיען). נאָך מער אופגערעגט ווערט ער, ווען א זיַיטיקער מענטש פרוווט אים זאָגן א וואָ־רעם וואָרט. זעט אויס, אז דאָס געפיל פון מיטליַיד איז דעם מאָלער פרעמד, אפילע דערווידער.

— גייט איַיך געזונטערהייט! — פארטריַיבט ער דעם ניט־געבעטענעם גאסט. — אן אומגליק! ווּהין אנטלויפט מען?..

איך האָב געהאַט צום אלטן א סאך מער מאזל פון אנדערע. איך פלעג אים העלפן פארטראָגן די מאָל־מאכשירים אהיים. ביסלעכוויַיז איז דער קאפריזער אלטער צו מיר צוגעוווינט געוואָרן.

— הא־א־א!.. — צעציט ער דעם „הא־א״ אף א ווערסט, בעשאס ער זעט מיך. פרייען פרייט ער זיך מיט מיר וויַיניק. איך פארשטיי אליין, אז איך בין פאר אים גאָר א קליינער צימעס. אָבער אז עס קומט אים אָן די גוטע מינוט, פארפירט ער אמאָל מיט מיר א שמועס. וואָס וואָלט איך, אשטייגער, א באלן געווען זיַין, דאָס הייסט, וואָס פאר א מעלאָכע ליגט מיר נאָענט צום הארצן?

— בלעכעריַי! — שריַי איך אויס, לאנג ניט געקלערט. — איך וואָלט געוואָלט ווערן אזא בלעכער, ווי באָרעך טעפליצקי.

— הא, וואָס, א בלעכער? — קרימט ער מיט דער נאָז, ווארפט איבער דעם אויסגעלאָשענעם ציבעק פון איין מויל־ווינקל צום צווייטן. — אף עפּעס העכערס, זונעניו, האָסטו קיין האסאָגע ניט?

— איַיך געפעלט ניט די מעלאָכע? — ווער איך בא זיך א ביסל געפאלן.

— שיַיעך געפעלן, ניט געפעלן. איך קלער נאָר: איז דאָס דיַין הויכער טרוים?

איך שטיי פארן זאָקן א געפּלעפּטער. עס געפעלט אים ניט בלעכעריַי!..

— איַיער מעלאָכע איז א שענערע? איַיער מעלאָכע האָט מער האצלאָ־

כע?.. — בין איך ארויס מיט לאָשן־אזעס. — באָרעך טעפּליצקי קאָן שפּילן טעאַטער!.. און איר? איר פאַרלײַדט ניט, ווען איר זעט א מענטשן לעבן זיך!

דוכט זיך, שוין איבערגעכאפּט די מאָס. קאָן זײַן, אז איך בין טאַקע צופיל כוצפּעדיק. באַם ערנסט־געוואָרענעם מאָלער האָבן די געדיכטע ווײַסע ברעמען זיך אופגעהויבן און אָנגעצויגן, ווי בויגנס.

— מײַן טײַער יינגל, — זעצט ער זיך בעענטער לעבן מיר, קלוימערשט אָפּרוען. — הערסט אפילע ניט, וואָס דײַן צינגעלע פּלאַפּלט. אײַ־אײַ־אײַ, ניטאָ קיין אָפּשײַ פאַר אַן עלטערן מענטשן. איך וואָלט שוין לאַנג געקאָנט האָבן אזעלכע אייניקלעך. קיין זיידע, לײַדער, בין איך ניט געוואָרן, דערפאַר ווײַל איך בין קיינמאָל קיין פּאָטער ניט געווען. איך געפעל דיר ניט, האַ? דעם עמעס גערעדט, געפעל איך זיך, מײַן טײַערער, אליין אויך ניט.

איך בין מאמעש איבעראַשט דערפון, וואָס דער מאָלער איז פּלוצלינג געוואָרן אזוי באַריידעוודיק. דערצו האָב איך נאָך ניט באַגעגנט קיין מענטשן, וואָס זאָל שפּעטן און לעצעווען, כויזעק מאכן פון זיך אליין. ווערדליק ער רעדט מיט אזא גרינגשעצונג וועגן זײַן אייגענער פּערזאָן, שטעלט ער זיך נידעריקער פונעם ערגסטן שטאָט־מעשוגענעם. לייזער טאַם, לעמאָשל, איז אנטקעגן דעם געפאַלענעם מאָלער איינער פון די גליקלעכסטע.

— א טויגעניכץ. א קאַליעמאכער... א לוי־יוצלעך, — רעדט ער ווידער אָן אף זיך אליין.

— ניין, ניין! — שרײַ איך אויס פּאַרציטערט. — דאָס איז ניט עמעס! איר זײַט זייער א גוטער, זייער א ווױלער און אָרנטלעכער מענטש!

מיטאמאָל האָב איך דערפילט זײַן האַנט אף מײַן אקסל. זי איז געלעגן זקייניש מילד, נאָר ווײַט ניט רויִק. עפּעס א מין צעקאַלויִצעטע פאַרב אין די אויגן, מידע, ווי נאָך א שטורעם, אויגן, וואָס בענקען נאָך רו.

— געפעלסט מיר! — דריקט ער מיט זײַנע פינגער מײַן מאָגערן אקסל. — א בלעכער, זונעניו, איז ניט קיין שלעכטע מעלאָכע.

דער זומערדיקער טאָג לעשט זיך ביסלעכווײַז און נייגט שוין צו בייִן־האשמאָשעס. איבערן הימל שווימען ארום געקרײַזלטע וואָלקנדלעך, געשימערטע אין קופּער־גלאַנץ. די גאַנצע וועלט איז אָנגערויטלט פון די שקיִע־פלאַמען.

דאָס פאַרנעמען זיך אהיים איז ניט אזוי שווער, ווי אומבאַקוועם. אָט די אלע אומריינע פושקעלעך, סלאָיִקלעך, שיסעלעך, אײַנגעריכטע אין פּעטע פאַרבן, לאָזן זיך לײַכט ניט נעמען, מע זאָל ארויס ניט קיין אײַנגעשמוצטער אין פלעקן. אפילע דאַן, ווען מע לייגט דאָס געשיר אויס אין קויש, מוז מען זײַן געהיט. שווערע זאכן לאָזט דער מאָלער מיך ניט טראָגן. דעם היפּשלעכן מאָלברעט און דאָס קעסטל נעמט ער אליין. די וווינונג זײַנע געפינט זיך אין א פּאָשעטער פויערשער כאַטע, הינטערן מאָנאַסטיר־באַרג. כאָמעלע האָט מיר וועגן דעם דערציילט.

און אָט זײַנען מיר, ענדלעך, צוגעקומען צו זײַן נאכלע. דאָס אלטמאָדישע דאָרף־שטיבל שטייט אײַנגעטונקען אין גרינס. די נידעריקע ווענט זײַנען פריש געקאַלכט, בא דער געלער פריזבע וואַקסן בונט־רויטע מאָן־

קווייטן, זשאסמין, פאַרביקע קריגעלעך. אַרום־און־אַרום לאָזט זיך שפּירן א רייעך פון מיאַטע און געטריקנט היי. דער באַלעבאָס פון דער כאַטע, זעט אויס, וווינט אין דער צווייטער העלפט, פון יענער זײַט וואַנט, מיט א באַזונדערן אַרײַנגאַנג. דער געזונטער וואָלפהונט, וואָס לויפט הין און הער אף דער אָנגעצויגענער קייט, שײַנט צו זײַן א בעשוטפּעס־דיקער...

בא דער שוועל האָט דער מאָלער אוועקגעלייגט די מאָל־מאַכשירים און שנעל, אין איין אָטעם, געלאָזט זיך צום הונט, וועלכער האָט מיט אַלע קויכעס זיך געריסן פון דער קייט.

— אָך דו, פאַטלאַטער מײַנער, — לאָזט דער אַלטיטשקער זיך אַראָפּ אף די קני צום צעווילדעוועטן קעלעוו. — מע מעג דען אזוי ריטשען? — ער לייגט אוועק זײַנע פאָדערשטע לאַפּעס צו זיך אף די אַקסלען און נעמט אים אײַנשטילן. — דאָס יינגל האָט דיר קיין שלעכטס ניט געטאָן, האָסט אף אים ניט וואָס צו בילן מיט אזא בייזקײַט.

אָניסי מאַרקאָוויטש פּירט מיך צו א ביסל נעענטער צו דער קייט און רעדט מיר אײַן:

— שרעק זיך ניט. באַלד וועלן מיר אופזידן א טעפּעלע אָקרעפּ, מאַכן א קוליש. עפּעס־וואָס א נאַש טאָן וועט זיך בא מיר אויך געפינען.

— ניין, ניין, — שטאַמל איך צעטראָגן, — א דאַנק, א גרויסן דאַנק! איך מוז שוין לויפן אהיים.

— שטיי א ווײַלע. פאַר דײַן טירכע קומט דיך באַלוינען.

— וואָס רעדט איר? וועלכע טירכע האָב איך דאָ צוגעלייגט?

— ביסט ניט מעכויעוו, — זאָגט ער ערנסט. — ביסט ניט מעכויעוו מיר העלפן טראָגן מײַנע מאַכשירים.

דעם אַלטנס רייד זײַנען מיר ביז גאָר פּריקרע.

— איך האָב זיך בא אײַך ניט באַשטעלט פאַר א טרעגער, — פּראַל איך אויס א באַליידיקטער און פיל, ווי דאָס בלוט איז מיר אַרײַן אין פּאָנעם. — דאָס, וואָס איך האָב אײַך א ביסל צוגעהאָלפן. נו, איז וואָס?

— וואַרט נאָר, וואַרט, — כאַפּט ער מיך אָן פאַר דער האַנט, — מיט וואָס, וויל איך וויסן, האָב איך אָנגערירט דײַן האָנאָר? איך האָב דיך געהאַלטן פאַר א סאַך א קליגערן. אָנשטאָט באַדאַנקען ווײַזטו גאָר אַרויס רוגזע. פע!

ווידער רײַסט זיך דער קודלאַטער קעלעוו פון דער קייט, בילט בייז, ווער ווייסט אף וועמען.

— נאַריש יינגל וואָס דו ביסט, — פּרוווט אָניסי מאַרקאָוויטש מיך נעמען מיט גוטן. — ווי קומט עס צו דיר? סייכל, זע איך אַרויס, פאַר־מאָגסטו ניט מער... מאַך שוין צו דעם פּיסק דײַנעם! — בייזערט זיך דער באַלעבאָס אף זײַן צעווילדעוועטן הונט. — איך בין מיט דיר אַדעראַבע־וועאַדעראַבע, און דו צו מיר קידער־ווידער. נו, וואָס קוקסטו אזוי אָנ־געכמורעט? קאַנדלצוקער האָסטו ליב? — לייגט ער אוועק זײַן האַנט אף מײַן אַקסל. — נו, און דראָפּס?.. דראָפּס, וואָס האָבן א טאַם פון לימענעס, — רייצט ער נאָך מער אויף דעם כיישעק מײַנעם. — קום אַרײַן צו מיר אין דער כאַלופּע, כ׳מיין אין מײַן ריטערלעכן שלאָס, וועל איך דיך כאָטש

רעכט מעקאבל־פּאָנעם זײַן. ביסט מײַן גאַסט, — שלעפּט ער מיך מאַמעש מיט קויעך, — עפּעס אַ נאַשערײַ מוזטו בא מיר כאַפּן.

— אַהיים! — בעט איך זיך בא אים. — לאָזט מיך אָפּ אַהיים...

— טשודאַק. ווילסט גײן, גײ. איך מײן דײַן טױװע. מיט גוואַלד וועל איך דיך ניט האַלטן. פאַר הרושקען האָסטו זיך ניט וואָס צו שרעקן. דער הונט וואַרפט זיך ניט אָף אומשולדיקע, דער קודלאַטער האָט אַ גוטן כוש. זײַ צו אים מילד, וועט ער דיר ענטפערן מיט דעם זעלבן. אַ הונט איז אַ לאַסקעווע באַלעכײַ. אָך, יאָ, אײַלסט אַהיים, טאָ גײ, גײ. סאַמע דער קירצסטער וועג אין שטאָט ארײַן, — מעלדעוועט פאַר מיר אויס אָניסי מאַרקאָוויטש, — איז דער זאַראָסיער שליאַך. אַן אויסגעטראָטענער וועג. אַ גלײַכער, ווי אַ סטרונע. וועסט אַזוי לאַנג גײן, ביז דו וועסט קומען צום בריק.

צי דען מײנט ער אַפּאַנעמעסן, אַז איך אײַל מיך אַהיים? פאַרן צוריק־וועגס דײַגע איך אויך ניט. איך בין ניט פון די, וואָס בלאָנדזשען. דער פרעמדער אומהײמלעכער אַרום, די קלינגעדיקע קײט אַפן הויף און עפּשער נאָך דער ווײַטלעכער שטיק הימל, וואָס זעט אויס אַנדערשדיקער, כוץ לעדערעך האַטעווע, שטויסט מיך אַרויס פונדאַנען. דאַפקע די הינטער־שטאָטישע געמיטלעכקײַט, צו וועלכער איך בין ניט געוווינט, איז מיר ניט צום האַרצן.

גראָד אין דער מינוט, ווען דער אַלטער מאָלער אָניסי מאַרקאָוויטש לאָזט מיך פרײַ גײן אַהיים, ווילט זיך מיר נאָך אַביסעלע פאַרברענגען, אַרײַנקוקן אין זײַן מאָקעם־מענוכע, זען מיט די אײגענע אויגן, וויאַזוי און אָפּקומענדיקע נעשאָמע, אָט דער נאַוועניאַדניק, לעבט צווישן פיר ווענט אין אַ פראָסטער פויערשער כאַלופּע.

— געפעלט דיר מײַן ריטערישער שלאָס?

איצט, ווען ער האָט מיך גערופן נאָכאַמאָל אין זײַן „פּאַלאַץ“, בין איך נאָכגעגאַנגען, ווי אַ שטיל שעפעלע.

— שעם זיך ניט, באָכערל, — מונטערט ער מיך אַלע ווײַלע, — פיל זיך היימיש און גוט.

ס'איז מיר דאָ שווער זיך פילן היימיש, אַפילע מיט די הוילע שטומע ווענט. די אײַנגעשטאַנענע סטאַטעטשנע שטילקײַט דריקט אָף מײַן געמיט. וויאַזוי, וויל איך וויסן, פאַרנעמט דער מאָלער הרושקעס בילערײַ? אַ ביסל העלפט מיר אַרויס די צוגעפאַלענע טונקלקײַט. מיר דוכט, אַז אין אַ זוניקן טאָג זעט דאָ אין דער כאַלופּע אויס, ווי פאַר אַ רעגן. דאָס נעמט זיך אויך דערפון, וואָס די בעז־צווײַגלעך פלעכטן זיך געדיכט אַרום די שויבן און לאָזן ניט אַדורך קײן אײן שטראַלעכל זון. עפּעס ווײעט אין דער פויערישער דירע אַרום־און־אַרום מיט קעלער־קילקײַט. אָף דער ערד ליגט אָנגעוואָרפן פריש היי, ווי אין אַ קלוניע.

— ווי האַלטן מיר מיט טײ? — לאָזט דער אַלטער פרײלעך הערן זײַן קאָל. — וועסט טרינקען אַ טעפּעלע וואַרעמס?

— אַ דאַנק.

— דערווײַל, ביז עפּעס וואָס, פאַרזוך דעם קאַנדלצוקער. זײַ וויסן,

מײַן ליבער גאַסט, אַז דאָס זיסוואַרג זײַנען רעשטלעך פֿונעם פֿאַרדאַמטן קאַפּיטאַליזם. די צעפּוילטע בורזשואַזיע האָט שטענדיק ליב געהאַט נאַשן...

האַלעמײַ זאָל איך זאָגן, דאָס בלעכענע שאַכטל מיט די ווײַסע העזעלעך אויפֿן טענענבײמל געפֿעלט מיר אַ סך מער, ווי די דריבנע, דורכזיכטיקע מאָנפּאַסיע, וואָס האָבן מײַן באַבעס טאַם. גוואַלד געשריִען, מיט וואָס די בורזשויִען האָבן זיך געקוויקט?! זײ זײַנען קלײַן געווען עסן ראַכאַט־לוקום, כאַלוואַ, הוילע כאַלוואַ אָן ברויט? וואָס האָבן זײ אַזעלעכס דערזען, די בורזשויסקע פּיסקעס, אין די גלעזערנע מאָנפּאַסיע? אַניסי מאַרקאָוויטש האַלט עס אויך פֿאַר אַ לאַקאָמקע, פֿאַר גאָר אַן אײדעלער נאַשערײַ. כוץ אַלעמען, זאָגט ער, ווערט דער הוסט צוגענומען, ווי מיט דער האַנט. אַך, אַזוי, ס׳אַ סגולע צום הוסט? דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. מעג מען עס דאָך אָנרופֿן מיטן עמעסן נאָמען: אַ רעפֿוע פֿאַר יאַדעשליוועס!..

— באַלד, מײַן טײַערער, גרייט איך צו אַ מילכיק מײַכל, ווען עסטו לעקן די פֿינגער, — רופֿט ער אויס, — קעכערײַ, מוז מען וויסן, איז מײַן צווייטער באַרוף.

ווי אַ שמעטערלינג, לײַכט, לופֿטיק־גרינג, האָט פּלוצלינג אַדורכגעשוועבט פֿאַרן פֿענצטערל כאַמעלעס שטאַלט. זי האָט זיך ראַפּטום אַרײַנגעשטעלט, ווי אַ לעבעדיק בילד, אין דער ראַם פֿון דער אָפֿענער טיר, און מיט בײדע פֿײַן געטאָקטע אָפּגעברענטע הענט פֿעסט פֿאַרהאַלטן זיך בא די לײַסטן.

— איאָ, ניט קיין דערוואַרטער גאַסט?.. די הרובע לוינט ניט צעוואַרפֿן, — קלינגט איר קאָל אָפּ אין דער ביין־האַשמאָשעסדיקער גרויקײַט. — אָט בין איך דאָ. נאַט, קוקט מיך אָנעט און נעמט אַראָפּ אַ מאָס.

דער אַלטער מאָלער בלײַבט אַ ווײַלע שטיין פֿאַרכידעשט.

— ווי אַ מאַלעך פֿון הימל! — טוט ער אַ זאָג.

— אַ שאָליִעך פֿון גאָט! — כאַפּט זי אונטער לוסטיק, ווי די מויד קאָן, פֿאַרנייגט אַרטיסטיש איר צעבערשטלטן קאָפּ האָר און לאָזט זיך מידלעך אַראָפּ אויף דער גרין־אויסגעבעטער ערד.

— באַ אײַך, אַניסי מאַרקאָוויטש, איז שטענדיק שוועס! דאָס אײנציקע גאַניידן־ווינקעלע אויף דער וועלט, פֿאַר וועלכן מע קאָן אָפּגעבן אַלע געלטן. אַך, ווי עס שמעקט דאָ! — זי טוקט אײַן פֿאַרשײַט איר צעוואַרעמט פּאָנעם אינעם פּוכיקן היי, פֿאַרציט דעם אָטעם און קוויקט זיך. — פֿון קיין בעסערן גאַניידן ווייס איך ניט.

אַ ביסל מערער ווי דערשטוינט ווערט כאַמעלע, ווען זי דערזעט מיך זיצן אַ פֿאַרשעמטן, אָפּגערוקט אין אַ זײַט, פֿאַרשפּינט אין דער אָוונטיקער טונקלקײַט.

— אַך!.. — טוט זי אַ גליקלעכע אַ שפּרונג אויף, כאַפּט מיך אַרום האַלדזן און קושן, ווי אַן אייגן ברודערל. — כײַעס מײַנער, פֿונוואַנען קומסטו אַהער? — און ווידער ליב מיך אַרומגענומען. — אַניסי מאַרקאָוויטש, איר מעגט עס וויסן. אָט דער כעוורעמאַן, ווי איר קוקט אים אָן, איז מײַן טרײַער באַשיצער, מײַן עמעסער מאַלעך! אַ ייִנגל מיט אַ נעשאָמע. דערבײַ פֿאַרגעסט ניט, אַז ער דאַרף נאָך וואַקסן. פֿון אים איז פֿיל צו דערוואַרטן.

אַניסי מארקאָוויטש האָט ביז גאָר שטיל, מורמלענדיק פאַר זיך אליין, צוגעגעבן:

— עפשער... דערווײַל שטעקט נאָך אינעם באָכערל א היפּש ביסל קליינשטעטלדיקייט.

דאָס, וואָס כאָמעלע האָט מיך דאָ, אומגעריכט, געטראָפן באַם מאָלער אין שטוב, איז פאַר איר ווירקלעך געווען א גרויסע סימכע. זי טוליעט מיך ווידעראמאָל, א שטארק דערפרייטע, קלאמערט און דריקט מיך אין אירע אָרעמס, עפּעס אזא רעגנדיקע און אומרויִקע, מיט אזויפיל הייסן פלאטער, גלײַך איך האָב זי בעממעס אמאָל ארויסגעראטעוועט פון א סאקאָנע.

— נעשאָמקעלע... הארצעניו... — פּליסטערן מיט דאנקבארקײַט אירע ליפּן. — ברענגסט מיר, טײַערינקער, שטענדיק א ביסל מאזל.

אין מײַן אָנוועזנהײַט פילט זיך כאָמעלע פיל פרײַער, דרייסטער, גע־וואגטער. זי שעמט זיך ניט נעמען פונעם מאָלערס האנט, וואָס נאָר ער דערלאנגט, מעג עס זײַן א פארטריקנט קיכל, אָנגעבראָקטע יונגע ציבלקעס אין סמעטענע אָדער א טעפּעלע צעבויטעטע קאווע. אלץ איז בא איר א מײַכל. זי קוויקט זיך, ווי א געקומענע פונעם הונגער־לאנד, און האָט גרויס האנאָע.

— בא אײַך, אַניסי מארקאָוויטש, — רימט זי זײַן קיבעד, — וואָס מע זאָל ניט נעמען אין מויל ארײַן, איז אלצדינג באטאמט און געשמאק. פון אײַערע מײַכאָלים ווערט בא מיר דער אפּעטיט וואָס אמאָל שטארקער. נאָך, נאָך... מע קאָן אזוי אופּעסן דעם רועך אינדרײַען.

— אָן אָקס!.. — גיב איך צו ניט דרייסט און באהאלט דאָס פּאָנעם.

— גערעכט, א גאנצן אָקס.

— געזונטערהייט! — שמייכלט דער מאָלער. — עסט, מײַנע קינדער, און זאָל אײַך ווויל באקומען.

דערנאָך האָט דער ביז גאָר גאסטפרײַנטלעכער באלעבאָס ארײַנגע־טראָגן א הייסן מילכיקן קוליש אין א געגלאָזטער שיסל, דערלאנגט אונדז הילצערנע לעפל און געבעטן העפלעך, מיר זאָלן אָן ארבעט טאָן ווי עס געהער צו זײַן.

— פארשעמט ניט מײַן געקעכץ.

כאָמעלע קנײַפּט מיך, איך זאָל ניט וואגן זיך אָפּזאָגן.

— ס'איז ניט שיין, — מוסערט זי מיך. — דער אלטער וועט זיך באַ־ליידיקן.

וואָס בין איך שולדיק, אז דער הילצערנער לעפל טאנצט אף מײַנע ליפּן?

— עס ווי א מענטש! — נעמט זי ניט אראָפּ קיין אויג פון מיר. — געפינסט זיך ניט בא דײַן מאמען. פאַר דיר, לאָקש איינער, שטייט א גרויסע פערזענלעכקײַט מיט א וועלט־נאָמען. דעם וועלטבארימטן רעפּינס א פרײַנט, — שעפּטשעט זי מיר אין אויער ארײַן, ווען דער מאָלער פאַר־לאָזט אונדז אף א ווײַלע. — האלט ניט דעם לעפל מיט אלע פינף פינגער.

נאָך דער וועטשערע האָט אַניסי מארקאָוויטש אונדז דערציילט, אז ער האָט א גאנצע ריי בילדער אָפּגעשיקט קיין פּעטראָגראד צו זײַנעם א

מעקאַרעוו, ווען מע קאָן אָנרופֿן די הייליקײַט אַליין, אויך א מאָלער מיט א נאָמען. „אויב מײַנע בילדער, זאָגט ער, האָבן א קינסטלערישן ווערט, וועלן זיי זיך אַליין, מיט גאָטס הילף, דורכשלאָגן א וועג".

וויאַזוי געמאָלטע בילדער קאָנען זיך אַליין דורכשלאָגן א וועג, איז פאַר מיר א רעטעניש. עפּשער פאַרשטייט עס כאָמעלע?.. אָבער איך זע, ווי די מויד שווײַגט, ווי א גוילעם, פּינטלט בלויז מיט די אויגן, מאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז אין דערינען א גאַנצע וויסערן. דעם קלוגן אַלטיטשקן איז אָבער ניט גרינג אָפּנאַרן. כאָמעלע, קלער איך, נאַרט זיך אַליין אָפּ, זי פאַרשטייט דעם מאָלערס געדאַנקען גלײַך מיט מיר. נאָר אַניסי מאַרקאָ־וויטש, דער קלוגער און ווילקענער, האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. דערמאָנט זיך אין זײַנע בילדער, האָט ער פאַרפירט א שמועס וועגן קונסט, און אים איז שוין שווער געווען אָפּשטעלן.

— ...מאָלן א בילד, — דערקלערט ער, — אויב מע איז נאָר געשולט, איז ניט פון די גאָר שווערע זאַכן. טויזנטער מענטשן מאָלן, ערגער צי בעסער, ווער מיט מער באַגאַבטקײַט, ווער מיט ווייניקער, ווער שמועסט נאָך, אַז ס׳איז דאָ א ביסעלע געדאַנק, נעשאָמע־פײַער, ווען דו ביסט פאַרכאַפּט, צומאָל אפילע פאַרקישעפט... נאָר דערשפּירן דאָס גאַנצע בילד, ביזן סאָף, באַהויכן דאָס מיט עמעסדיקן לעבן, ארײַנלייגן אין דעם גרויסע מענטשלעכע געפילן, דאָס, מײַנע טײַערע קינדער, גיט זיך זעלטן ווען אײַן. איך ווייס ניט, צי האָב איך פאַר מײַן לאַנג לעבן אָנגעשריבן איין רעכט בילד, וואָס פאַרמאָגט אַן אָנהייב, א מיט און א סאָף. מיסטאמע האָט איר אַמאָל געהערט פון אזעלכע באַרימטע קינסטלער, ווי רעמבראַנדט, רובענס, וואַן־דייק? דאָס זײַנען בעפיירעש געווען, יעטווידער אַף זײַן אויפן און אין זײַן טקופע, גאָטסגעבענטשטע טאַלאַנטן און זײַנען פאַר־בליבן אדהײַעם אנערקענטע וועלט־געוינים. זיי האָבן אין זיך געטראָגן דעם גרויסן סאָד פון עמעסדיקן שאַפן. פאַר מיר איז דער סאָד פאַרהוילן. איך בין געבליבן א באַלמעלאָכע. לאָמיר רעכענען, אפילע א גוטער באַל־מעלאָכע, ניט מער. אָט ליגט בא מיר א גאַנץ פּעקל פאַרשיידענע נאַטור־בילדלעך, עטיודן, פּאָרטרעטן, קאָלערליי קאָמפּאָזיציעס, בעסערע, ערגערע, נאָר אין לעצטן סאַכאַקל איז ניטאָ מיט וואָס איבעריק זיך באַרימען. עפּשער וועט אַמאָל קומען א שטיקל מייוון אין מאָלערײַ, וועט געפינען טרעפלעכע שטריכן, ווירקנדיקע פאַרבן־גאַמעס, כאַראַקטער־מאָמענטן, ליי־רישע אָפּנייגן, אָבער דאָס איז דאָך בלויז דעטאַלן, עקספּערימענטן אַף פאַרפולקומען זיך אין מאָלערישער מײַסטערשאַפט. מעגלעך, עס וועט קומען א צײַט, ווען שעצער וועלן עפּעס דרינגען פונעם פּראַט. פּראָטים פאַרמאָגן אויך לאָשן.

איך מוז מודע זײַן, אַז אַלץ, וואָס ער האָט געפּריידיקט פאַר אונדז, איז צו אונדז ניט דערגאַנגען, אפילע קיין הונדערטכיילעק. ס׳איז אויס־געקומען, גלײַך ער דאַרשנט פאַר גרויסע קונסטקענער, פּאַכלײַט, וואָס פאַרשטייען זייער רעבן. ניט איך און ניט כאָמעלע האָבן, דעם עמעס גע־רעדט, ניט געקאָנט ווערן זײַנע טאַלמידים, אפילע פונעם קלענסטן קלאַס. איז אונדז געבליבן בלויז קוקן אים גלײַך אין מויל ארײַן. דערנאָך האָט ער זיך אַליין געכאַפּט — צו וועמען רעדט ער? וועמען וויל ער דערווײַזן

דעם געטלעכן קויעך פון מאַלעריַי? געכאַפּט זיך און מיטאַמאָל אַנשוויגן געוואָרן. לאַנגזאַם שיט ער אָן פרישן טאַבעק אין דער פּיפּקע, קוועטשט איַין מיטן גראָבן פינגער דאָס געלע אַרומגערייכערטע קעפּל, צינדט אָן אַ שוועבעלע, און אַן אומעטיק־פאַרקלערטער קוקט ער אַריַין אין אונד־זערע שוויַיגנדיקע, געוויס נאַרישע פּנעמער.

כאַמעלע האָט די ערשטע זיך איַינגעשטעלט עפּעס פרעגן. פאַרזיכטיק, איידל, מיט גרויס אַפּשיַי:

— אַניסי מאַרקאָוויטש, זאָגט מיר, איך בעט איַיך, וואָס האָט איר אַזע־לעכס געפונען אין אונדזער שטאָט באַרשעוו?

— דאָס שענסטע און בעסטע, וואָס איך האָב געקענט דערוואַרטן.

— לעמאָשל?

— אַן עמעסן גוטנפריַינט. דאָס איז געווען דאָס בייטיקסטע, וואָס איך האָב געזוכט אין מיַין וואַנדער־וועג. די פּרעכטיקע און ווונדערלעכע נאַ־טור־שיינקיַיט. איַיער באַרשעווער לאַנדשאַפט איז מיר נאָענט צום האַרצן. כ'האָב ליב די צעוואָרפענע גאַסן, דעם אייביק זינגענדיקן טיַיך ראָס, היַינט די פאַרציַיטיקע שטיינער. אומעטום אָטעמט דאָ מיט ברייטשעסדיקן וועלט־באַשאַף. ווו טרעפט מען נאָך אַזעלכע צעשויבערטע קאָלאָריטפולע פּייזאַזשן? איך בין צוגעזאָטן געוואָרן צו אָט דער, ביז איצט אומבאַקאַנ־טער, שטאָט.

— אָבער איר זיַיט דאָך דאָ איינזאַם.

— איינזאַם? פּכע. איך ווייס ניט, צי איז דאָס אַ מיַילע, צי אַ כיי־סאָרן, — ענטפערט ער ניט גערן. — אַ גאַנץ לעבן לעב איך מיט מיַין שאַפונג. איר פאַרשטייט, וואָס דאָס מיינט? מיַין אינערלעך גיַיסטיק לעבן, און דאָס איז דער איקער אין מיַין עלטער, געפינט זיך אינעם בילד, וואָס איך מאָל. דאָס איבעריקע, דאָס וואָכעדיקע וועלטל גייט מיר ניט אָן. זאָל זיַין אַזוי, ווי עס איז מיר באַשערט, ווי עס איז אָנגעצייכנט דאָרט, ערגעץ אין די הויכע הימלען. אָבער ניט קיין געבראָכענער גיי איך אַנט־קעגן מיַין גוירל שוין אַזויפיל יאָרן, ניט קיין פאַרייַעשטער ציִען זיך מיַינע אַקשאָנעסדיקע אָרעמס צו עפּעס העכערס, גרעסערס, שענערס... אויב עס איז מיר שוין יאָ באַשערט דורכטראָגן דעם שווערן אָל אויף מיַינע אַלטע ביינער, זאָל דאָס כאָטש זיַין מיט עכטער מענטשלעכער ווירדע און ריינעם געוויסן.

— ווען ווילט איר מאַכן בעסער? — פרעג איך ניט דרייסט דעם אופגערודערטן זאָקן. — דער גאַנצער וועלט, צי נאָר זיך אַליין?..

— קינד איינס, דיר וויל איך מאַכן בעסער, — רופט ער אויס, — דיר, יִינגל מיַינער, און אַזעלכע ווי דו...

מיַין שטיל צוגעטישקעוועט געלעכטערל (דער נאָר שטיקט שוין ווי־דער) האָט זיך טויבלעך אָפּגעשלאָגן הינטער כאָמעלעס פּלייצע. גאָר אַזוי, ניט נאָר דער כאַווער יאַקאָוו, הייסט עס, נאָר אויך אַניסי מאַרקאָוויטש זאָרגט וועגן מיַין גוירל. דאָס איז פאַר מיר אַן אומגעריכטע נײַס. ניטאָ וועֶר ס'זאָל לאַכן. אַלע ווילן, עס זאָל מיר זיַין גוט... נאָר די גוטסקיַיט אַליין לאָזט זיך דערוויַיל אַפילע מיט קיין קייטן ניט שלעפּן.

# א ביסל וועגן כאַמעלען און נאָכאַמאָל וועגן מאַלער

באַרשעוו געדענקט שוין לאַנג ניט אַזאַ שעפע־בראָכע.

דער מאַרק איז פאַרפלייצט מיט אויבס — עפּל, פלוימען, באַרן, ווייַנשל, אַגרעסן, ווייַמפּערלעך, שאַלקאָוויצעס און וואָס נאָר אַ מויל רעדט אויס. דאָרפלייַט פאַרקויפן זייער סכוירע גלייַך פון די פול אָנגעלאָדענע וועגע־נער, אָפּן עמער, פונעם קויש אָדער אַפילע פונעם זעקל, אָן אַ וואָג. אַף וואָסערע קאָפּאָרעס דאַרף מען צו אַזאַ ביליקער סכוירע אַ וואָג? דער מאַרק־פּלאַץ איז פאַרשאָטן מיט פאַרשיידענע קערלעך. דער מיילעך פון אַלע קערלעך, ווייסט מען שוין פון לאַנג, איז דאָס פולע, געזונטע פער־שקע־קערל. קוידעמקאָל קאָן מען פון דעם מאַכן אַ פּייַפל, וואָס זאָל זייַן ניט ערגער פון אַ בלעכנס אָדער אַפילע אַ ביינערנס. און אַז מע לייגט נאָך אַהין אַרייַן אַ געשליפן שטיינדעלע, אָנשטאָט דעם אַרויסגעצויגענעם יאָדער, איז דאָס מאַמעש אַן אַנטיק. אַזאַ מין פּייַפל שטייט אַף קיין האָר ניט נידעריקער פון אַבע דעם מיליציאָנערס טשאַקנדיק גראַגערל.

צווישן אונדז, ווייַסכעוורעניקעס, גייט אַף טריט און שריט אַ געוועט, וועמענס פּייַפל וועט בעסער אויסנעמען. מע קאָן טוישן איין פּאַרטיק פּייַפל אַף פינף גאַנצע, ניט גערירטע פערשקע־קערלעך. אָבער וואָס פאַר אַן אָפּגעריסענער נאַר וויל עס בייַטן? וועמען לוינט עס? וואָסי, קיין צייַט קלעקט שוין ניט מאַכן פאַר זיך דאָס שענסטע און בעסטע פּייַפל? ניט אַלע ווילן אָבער דערמיט זיך אייסעקן. מע דאַרף דאָס פערשקע־קערל לאַנג רייַבן מיט דער שאַרפער זייַט אינעם ציגל, אָדער שאָבן מיט אַ שטיקל גלאָז. שאָבן און שאָבן אַזוי לאַנג, ביז מע קומט סאָפּקאָלסאָף צום יאָדער. און אַז מע דערלעבט זען די ווייַסע ווייכע פעדעמלעך, ווער איז דאַן צו דיר גלייַך? דער יאָדער ווערט אַרויסגעדלובעט מיט אַ שפּילקע, מע קאָן אויך מיט אַ דין דראָטל אָדער אַ צוועקל, דער איקער איז — אַרויסציִען דאָס יאָדערל ביזן שפּענט. אַנדערש טויג דאָס פּייַפל אַף קאַפּאָרעס.

נאָך די לימודים גיי איך אויך אַרום שאָענוויַז אין מאַרק, צווישן וועגענער און שטעלעכלעך, זוכן דעם אויצער, דאָס ציטעריקע פערשקע־קערל. ניט שטענדיק געפין איך דאָס, וואָס איך זוך. אַפילע אַף דעם, זאָגן כעוורע, דאַרף מען אויך האָבן אַ שטיקל מאַזל. אַן אַנדערשמאָל קומט אויס איבעראַיען קופּעס מיסט, פול אָנגעזעצטע מיט פליגן. פליגן איז אָפּן מאַרק — אַ וועלט. זיי זיצן אַף די בערגלעך מיסט אַזעלכע אָנגעפּרעסענע, בייַכיקע, פעטע, פרוכפּערן און מערן זיך סאַקאָנעס־נעפאָשעס. כמאַרעס־וויַז פליִען זיי אָן אַף יעדער ביסל מיסט, ראַיען איבער דעם פאַרברודיקטן מאַרק־אָפּפאָל. פאַראַן פליגן, וואָס זייַנען נאָך גרעסער ווי די בינען, הייַנט די קאָלירן זייערע? פאַראַן פליגן גרינע, שוואַרצע, גרויע, אַפילע רויט־לעכע. קיין גיפט לאָזן זיי ניט, ווי עס טוט די בין, נאָר אַז אַ פליג טוט שוין יאָ אַ ביס, וועט קיין צוגעשאָטן ביסל צוקער אויך ניט העלפן.

די פליגן זייַנען אַ וויסט אָנשיקעניש אַף דער גאַנצער שטאָט. אין יעדעס הויפל און אין יעדער שטוב זייַנען זיי פול און פול. ביז עס שטעלן זיך ניט האַרבסטיקע רעגנס מיט די קאַלטע ווינטן, קאָן מען פון זיי ניט

פאָטער ווערן. הארגענען א פליג, קלער איך, וואָלט געווען די גרעסטע מיצווע. זאָגן אָבער באַיאָרטע מענטשן, אז דאָס דאָזיקע מ׳עסע באַשע־פעניש איז אויך א צאַר־באַלעכאַ׳ים.

בלויז דאָס קינדערהויז ווייסט ניט פון קיין פליגן. דאָס נעמט זיך ניט נאָר דערפון, וואָס טיר־און־פענצטער זײַנען פאַרהאַנגען מיט מאַרליע, נאָר אויך דערפאַר, וואָס אַף יעדער טישעלע שטייען שעלעכלעך סאַם, שוין אָפּגערעדט פון פיל צעהאַנגענע קלעפּיקע פּאַפּירן. אין קינדערהויז פירט מען דעם סאַמע פאַרביטערטסטן קאַמף מיט דער פליג. דערזעט מען פלי׳ען אין הויז א פליג, טוט זיך כוישעך.

איך אָבער ווייס מיר מײַנס: זומער־צײַט בין איך געווינט, עס זאָלן אומעטום זשומען פליגן, אַנדערש, וואָס איז עס פאַר א זומער? עמעס, עס טרעפט, אַז א פּאָר טעג טוט ווי דאָס בײַכל, וואָס זשע איז דאָרטן אַזוינס? א קליינער אומגליק. מיך קימערט ניט שטאַרק. זאָלן זיי זײַן, די פליגן און פליגעלעך, קאָמאַרן און היישעריקן, פלעדערמײַז, בינען, שפּינען און זשוקעס, אַבי א גאַנץ יאָר זאָל זײַן זומער. ביז אַהער האָב איך ניט געהערט, מע זאָל זאָגן מיט אַזא ליבשאַפט: ווינטער־לעבן. אַלע כײַעסן ליגן אינעם געבענטשטן זומער. נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו די פּײַפּלען. דאָס פערשקע־פּײַפּל, ווי כאָשעוו עס זאָל ניט זײַן, ווערט עס סאָפּקאָלסאָף דערעסן. איך האָב פאַר זיך געמאַכט איין פּײַפּל, גענוג. מע־רער דאַרף איך ניט. פאַרברענגען באַם טײַך איז מיר פיל ליבער, איך וואָלט דאָרטן געטאָגט און גענעכטיקט. סײַ היגע, סײַ אָנגעפאָרענע האַלטן, אַז דערווײַל איז נאָך ניט באַשאַפן געוואָרן אַזא געראָטענער טײַך, ווי אונדזערער. די פּרעכטיקע שיינקײַט פונעם טאָמיד זינגענדיקן ראָס קאָן מען עפּשער צוגלײַכן מיט א קאַווקאַזער באַרג־טײַך צווישן אייביקע גראָ־ניט־פעלדזן.

אָט ליגן זיי, די אומצאָליקע שטיינער, לענגויס דעם זשומיקן טײַך, אָנגעהורבעט, געדיכט צוגעוואַקסן איינער לעבן אַנדערן. אָנגעסאַרפּעט און אָנגעגליט פון דער ברענענדיקער זון, זיצן אַף די שטיינער פאַרמורזעטע קינדער האַלב־נאַקעט, די הוילע הינטערכיילעקלעך ווערן אַזש ברוין און בלוי; זיי קערעווען זיך אַלעמאָל איבער פון איין זײַט אַף דער צווייטער, קוקן אַראָפּ צו די פאַרפאָרעטע מאַמעס אָדער שוועסטער, וועלכע שטייען איבערגעבויגן איבערן וואַסער, די קליידלעך פאַרקלעמט צווישן די קני, און מע קלאַפּט אויס דאָס וועש, אַזש פונקען שפּריצן.

אָפּט קומט מיר אויס זיך אַדורכשלײַכן צווישן די שמאָלע שטיינערנע דורכגאַנגען אַהין, צו די זשומיקע וואַסערפאַלן. יעדעס מאָל אַנטדעק איך פאַר זיך נײַע ווינקלען, פאַרבאָרגענע מעקוימעס, סוידעסדיקע באַהעלטע־נישן. ערטערווײַז, אַרום די שטיינער, איז דער שטראָם א רו׳קער, א שטי־לער, דאָס וואַסער איז לויטער, דורכזיכטיק. מע זעט יעדעס זעמדעלע, וואָס זיצט אַפן דנאָ. טאָמער וויל עמעצער געפינען אַן אָפּגעזונדערט „ביטל”, זאָל מען מיך א בעט טאָן, וועל איך מיט פאַרגעניגן אָנווײַזן דאָס סאַמע פּאַסיקסטע מיקוועלע, אַזוינס ווי אַזעלעכס. טאָמער זע איך אין וואַסער א צעבראָכענע פלאַש, שאַרפע שערבלעך אָדער א שטיקל בלעך, ווער איך מאַמעש אופגעציטערט. איך נעם דאָס שנעל אַרויס פון דער

וואסער. איך וויל ניט, אז מענטשן זאָלן זיך צעמאזיקן א האנט אָדער א פוס און אָפּגיין מיט בלוט. זאָל מען לאכן, כויזעקן, ווארפן מיט שטעכווערטלעך, אָפּשפּעטן, וואָס איך, דער נאַר, נעם זיך פרײַוויליק אָפּרייניקן דעם טײַך פון אלע מינים ברוכווארג. מיך קימערט עס ניט. איך בין אנומלטן אליין ארוף באָרוועס אף א שטיק גלאָז, ווייס איך אדהײַעם דעם טאַם.

א ביסל העכער, צו דער געוואנט־פאבריק, ליגט דער טײַך אויסגעגאָסן, ווי א גלאטער שפּיגל. ניטאָ קיין „סקאלעס", „ביטלעך", „בורונען", „וואסערפאלן". אין די אפדערנאכטן ווײַזן זיך דאָ שיפלעך מיט געזונטע באָכערים, קאלע־מוידן און גלאט יונגעלײַט, וואָס האָבן ליב פארבערענגען אפן טײַך. אף די ברוינע נאקעטע הענט, אפן האלדז הענגען אראָפּ בינטלעך וואסער־ליליעס, פײַן אויסגעפלאָכטענע בלומען־קרענץ, וואָס באכיינען און מאכן נאָך שענער די מיידלשע פּענעמער. בעסאָד־סוידעס ווערן דאָ געפירט הייסע ליבעס. און העט שפּעטער, צו ווינטער־צו, פאר כאנעקע, פּראוועט מען פריילעכע כאסענעס. אָט אזוי פירט זיך שוין פון קאדמוינים אין אונדזער בארשעוו. יעדער פארליבט פּאָרל גייט פריִער דורך דעם דאָזיקן טאנץ אפן וואסער.

צו יענעם טייל טײַך, אף ארוף, צו דער געוואנט־פאבריק, האָב איך נאָך דערווײַל קיין שײַכעס ניט. לעסאטע איז דאָס נאָך פאר מיר צו פרי, כאָטש בענקען בענקט זיך שטארק נאָך א שווימענדיק שיפל, נאָך א פעסטן רודער, עס ווילט זיך א מיש טאָן מיט קויעך די געדיכטע וואסער און דערנאָך מיט שטאָלץ, גרויסהאלטעריש פארווארפן די וועסלע. דאָרט אף ארוף, צו דער פֿאבריק־צו, איז בעעמעס א שטיק גאניידן. די ברעגן זײַנען באזוימט מיט אלטע ווערבעס, וואָס הערן זיך אײַן אין יעדער שאָרך, האלטן פארבאָרגן פיל סוידעס. זיי שטייען דאָ, לעגגויס די ברעגן, ווי איידעס, עס זאָל, כאָלילע, ניט געבראָכן ווערן קיין שוווּע.

פאר מיר איז אָבער יענץ גאניידנדיק ערטעלע ווי אָפּגעשניטן. עמעס, כ'האָב קיינמאָל אהין דעם וועג ניט געזוכט. טאָמער ווילט זיך מיר א ביסל א שווים טאָן, וואָס זשע איז מיר שלעכט ארום די שטיינער? וואָס גייען מיר אָן די אלע כאסאנים און קאלעס? איך בין זיי בלויז מעקאנע, וואָס זיי קאָנען זיך פארגינען פראנק־און־פרײַ, ווען דאָס הארץ גלוסט, ארומשווימען אף שיפלעך ביז אין ווײַסן טאָג ארײַן. קיינער וועט זיי קיין דייעס ניט זאָגן, ווײַל טאטע־מאמע האָבן שוין איבער אזעלכע דערוואקסענע קינדער קיין שליטע ניט, זיי זיצן שוין ניט בא די עלטערן אף לאסקעווע ברויט. כוץ אלעמען, וועל איך דאָרט קיינמאָל ניט טרעפן אָניסי מארקאָוויטשן. ער סטארעט זיך, ווי נאָר ער קאָן, זײַן וואָס ווײַטער אָפּגעשיידט פון מענטשן.

אנומלטן האָט ער אזש אָנגעשפּארט הינטער ראָסקאָפּענעץ. דאָס איז א סאך ווײַטער פון דער געוואנט־פאבריק, אפילע ווײַטער פון די „שטיינער־שוועלן". איך בין געווען א באלן אים נאָכגיין, נאָכשפּירן, ביז ער האָט ענדלעך געפונען דעם נייטיקן מאָקעם פאר זיך און פאר זײַנע מאָל־מאכשירים. דאָרט, הינטער ראָסקאָפּענעץ, זעט אויס אונדזער טײַך ראָס א ביסעלע אנדערש. ער איז מער ווילד, קאָכיקער און בייזער. ווי דורך א

טויערל טראָגט ער מיט מאַטערניש דורך זײַנע וואַסערן צווישן צוויי הויכע שטיינערנע ווענט. טאָמיד קאָכט דאָ די וואַסער, ווי אין אַ זודיקן קעסל. דער טײַך רעוועט אַף מײַלן. דאָ און דאָרט שטאַרצן אַרויס, ווי ווילד צונויפגעטריבענע כײַעס, צעקרימטע און צעלאָמטע, סוטולעוואַטע און הויקערדיקע גראַניט־שטיינער. עס טרעפט אויך, אַז פון איינעם אַזאַ צעשפּאָלטענעם שטיין וואַקסט אַרויס אַ נידעריק איווע־ביימל מיט אַ פעסטן שטאַם, די ווייכע צווײַגלעך פאַנאַנדערגעלאָזט, ווי צעקעמטע האָר. צופוסנס, אונטער דעם גרין־אַראָפּגעלאָזטן פאָרהאַנג פונעם ביימל, ליגט דעם גאַנצן טאָג אַ קילער שאָטן. אין דעם רונדיקן מאַלכעס בא דער איווע האָט די סאַרפּענדיקע זון קיין שליטע ניט. אַניסי מאַרקאָוויטש זוכט, ווי מיט ליכט, אַזעלכע אָפּגעזונדערטע פאַרוואָרפענע מעקוימעס, ווו קיין בען־אָדאָם קומט נאָענט ניט צו.

וואָס מאָלט אַניסי מאַרקאָוויטש און פאַר וועמען מאָלט ער?.. דאָס ווייס איך ניט. מיר שײַנט, אַז קיינער ווייסט ניט. אָבער געדענקען געדענק איך גוט, וואָס דער כאַווער יאַקאָוו האָט געזאָגט וועגן אים, — זײַן שאַפן קאָן מען אין קיין געלט ניט שאַצן, אַפילע ריין גאָלד שטייט נידעריקער פון זײַנע בילדער.

פאַרוואָס זשע איז ער אַזאַ קאַפּצן?

זינט כאָמעלע איז געוואָרן מיטן אַראָפּגעקומענעם מאָלער לעצטע גוטע־פרײַנט, זעט מען זיי אָפּט אַרומשפּאַצירן אין די אָוונטן, ווי פאַרליבטע. ס׳האָבן זיך געפונען ניט קיין פאַרגינערס, וואָס האָבן געוואָרפן אַף זיי אַ קרום אויג, און עס איז אַוועק אַ גאַנג פּלעכטן קוילעטשן: רעכילעסלעך, מעסירעלעך, בילבולים... נישטאָ קיין ערגערס, ווי אַרײַנפאַלן אין פרעמדע מײַלער. דערנידעריקן און באַשמוצן אַ מענטשן — אַף דערויף זײַנען די באַרשעוווער, ניט אויסגערעדט זאָל זײַן, גאַנצע קנאַקער.

— וואָס וויל ער, דער מעשומעד, פון דער מויד? אַראָפּפירן זי פונעם דערעך־האַיאָשער וויל ער?..

— מאָלט אײַך, — רעדט מען אַף כאָמעלען אויך לאָשנהאָרע, — זי איז אַליין די עמעסע שטוקע...

אין מײַנע אויגן זײַנען זיי ניט געוואָרן מיִעסער און נידעריקער. זיי זײַנען מיר ליב און נאָענט, יעדערער אַף זײַן אויפן. וואָס פאַראַ רעכילעסן מע זאָל אַף זיי ניט טרײַבן, ווייס איך וויל, אַז ס׳איז אַלץ שעקער־ווּעקעזעוו. צו כאָמעלען אָבער האָב איך גאָר אַנדערע טײַנעס. קיין מע־לאָכע אויסלערנען זיך וויל זי ניט, די אַקשנטע, אַף פּראָסטער אַרבעט גיין האָט זי אויך קיין כיישעק ניט. אַף וואָס זשע וואַרט זי, די מויד, אַף וואָס, וויל איך וויסן, קוקט זי אַרויס?.. אַ דערוואַקסענער מענטש, שיין ווי די וועלט, געזונט מאָווער, טונקט ניט אײַן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער, און מיינט נאָך, אַז אַלץ קומט איר פאַר איר שיינקײַט. בעפּייִרעש אַ ראַכמאָנעס אַף דער מומע העניע. וויפל, מישטיינסגעזאָגט, קאָן פאַרדינען אַ מאַרק־זיצערן, ביפּראַט נאָך אַזאַ קראַנקע אַלטע ייִדענע?.. פרעגט אומיסטן בא דער מומע העניע, וואָס הייסט שטיין אין מאַרק מיט אַ טישל? זי וועט ענטפערן דערויף ניט מיט קיין קרעכץ, נאָר מיט אַ קלאָלע: „איך ווינטש עס ניט מײַן ערגסטן סוינע״.

יאָ, טאקע שיין, קלוג, געראָטן, מיט אלע מעלעס, נאָר עס קומט אויס, אז כאַמעלע הענגט אין דער לופט. נישטאָ קיין גרונטיקער אָנשפּאר. זאָגן כאַמעלען, אז זי האָט קיין האצלאָכע ניט, אז אזא מאצעוו איז ערגער ווי א שווערע שטראָף, וועט זי יענעם אָנקוקן ווי עפּעס א כאָסערדייעניק. זי, די אויסגעשפּילטע כאַמעלע, נאָך וועמען באָכערים ווערן די קאַפּאָרע, אפילע דער פּאָליטפּראָסוועט כאלעשט נאָך אירע טריט, האָט ניט קיין מאזל? לעסאטע וויל זי פון גאָרניט וויסן. זי איז פון די, וואָס גייען שטענדיק ארום מיט א פּאריסענעם קאָפּ, עסן קאדאָכעס און דעליבען די ציין. איך האָב נאָר יעסורים פאר איין זאך: ווען זי וועט שוין יאָ וועלן ארומקוקן זיך, ווו זי האלט, זאָל ניט זיין צו שפּעט...

## באם טייך

אָניסי מארקאָוויטש ווייזט זיך לעצטנס אָפטער אין שטאָט. פריער האָט ער געהאט, איין מאָל אין א יויוול, בלויז איין וועג — צו דער פּאָטשט. איצט איז אים צוגעקומען נאָך א גאנג. מיטן אייגענעם ווילן האָט ער גענומען אף זיך די האזשגאָכע איבערן מאָלער־קרייזל אין קינדערהיים. צוויי מאָל אין דער וואָך קומט דער אלטער קינסטלער לערנען די קינדער מאָלעריי.

א סאך דערצויגלינגען האָבן ארויסגעוויזן כיישעק באטייליקן זיך אינעם קרייזל אונטער דער אָנפירערשאפט פון אזא געקרוינטן קינסטלער, ווי אָניסי מארקאָוויטש. קימאט אלעמען האָט זיך פארוואָלט ווערן מאָלער. גיי, גיב זיי צו פארשטיין, אז צו דעם איז נייטיק ניט נאָר וועלעניש. מע דאַרף אין דער ערשטער ריי האָבן דערצו פייזיקייטן, א באַרוף, כאָטש א קליין שטיקעלע טאלאנט. אדעראבע, טייַנען די קינדער, זאָלן די דערציערנס דערווייזן, אויב זיי זייַנען אזעלכע גרויסע מעווינים, ווער פאַרמאָגט יאָ דאָס ביסעלע הייליקע פייער?

אָניסי מארקאָוויטש האָט זיך ענדגילטיק אָפּגעזאָגט געבן אָפּשאצונגען די קינדערשע געמעלן.

— איך בין אף זיך אליין א שוואכער מייוון, — פרווווט ער אָפּקומען מיט א לייַכטן שפּאס, — הייַנט וואָס קאָן איך זאָגן אף מייַנע יונגע קאָלעגן, וואָס שטעלן די ערשטע טריט?

אָניסי מארקאָוויטש איז ווייך און גוטמוטיק.

— אלע, — זאָגט ער מיט א ווארעמען שמייכל, — אלע זייַט איר פייזיקע, טאלאנטפולע, גליקלעכע.

צו די דערציערנס ווענדט ער זיך, ווי מיט א באקאָשע:

— זאָל די טיר זיין אָן אָפענע פאר אלעמען. קיינעם וועט דאָס קרייזל ניט ברענגען קיין שאָדן.

קוידעמקאָל מוזן די דערציערנס וויסן, אז ער, דער אלטער דערפארענער מאָלער, קלייַבט זיך ניט אויסשולן אינעם קרייַז קיין קינסטלער. לויט זייַן מיינונג וועט זייַן איבערגענוג, אויב די קינדער וועלן מיט דער צייַט

האָבן כאָטש א מינימאלן באגריף וועגן מאָלעריי־קונסט. דאָס אליין, זאָגט ער, איז אויך ניט קיין קליינע מאדרייגע.

צו אונדז, שול־היימניקעס, איז גיך דערגאנגען די ידיעה, וואָס פאר א טומל עס שטייט אין קינדערהויז. איבער גאנץ בארשעוו איז אוועק א נייע סעדרע: מאָלעריי... וועגן אָניסי מארקאָוויטשן רעדט מען איצט אומעטום, קליין און גרויס, באזונדערס די כעווערניקעס, וואָס האָבן זיך מאַמעש פארכאפט מיט מאָלעריי.

— איר ווייסט כאָטש, ווער דאָס איז?

— צי ווייסט איר, פונוואנען ער איז געקומען?

— לונאטשארסקי, דער גרויסער קאָמיסאר לונאטשארסקי אנאטאָלי וואסיליעוויטש, שרייבט זיך מיט אים פערזענלעך איבער. אין מאָסקווע איז אָניסי מארקאָוויטש באוווסט מערער, ווי בא אונדז אין בארשעוו...

פון מיר שלאָגט מיט פריידיקער גייווע:

— איך קען אים! ער איז אפילע מיינער א פריינט! — בארים איך זיך פאר די כעווערע פון שול־היים. — ווער איז בא אים געווען אין דער היים? ווער האָט געזען, ווי דער קודלאטער הרושקע רייסט זיך מעשוגענערווייז פון דער קייט?..

— אויב דו קענסט אים שוין יאָ, — רופט זיך אָן מענדל דער רויטער, — מאך אזוי, ער זאָל צו אונדז אויך קומען.

— אנו וויַיז אזא קונץ, — נעמט מיך שלוימקע אף דער העצקע מיט יענעם כיטרע ווונק. — לאָמיר טאקע זען!

— וויאזוי קאָן מען דיר גלייבן, אז דו ביסט מיטן מאָלער א גאנצער פּאני־בראט, — טוט זיך פאר מיר א שטעל אוועק דער פעטעלעלע, יאָסעלע ראָווינסקי, — אז דו ווילסט אים ניט אראָפּברענגען אין דער אייגענער שול־היים כאָטש צוגאסט.

— מיר ווילן דעם מאָלער זען בא זיך ניט נאָר צוגאסט, — טייַנעט שלוימקע, — זאָל ער אונדז אויך לערנען מאָלן!

— אָט באלד צעיאָגט ער זיך! — רופט זיך אָן מענדל דער רויטער. — א גאנץ לעבן זיצט ער און קוקט ארויס אף אונדז.

— אזא גרויסער פּאָרעץ איז ער? — דאָס קאָשערע לעמעלע לייווי איידלין איז אויך ארויס מיט לאָשן. — אויב אזוי, מעג ער זיצן אין דער היים. און דו, — טיקעט ער מיטן פינגער אין מיַין זייַט, — גיב אים איבער, ער זאָל זיך אזוי ניט איבערנעמען. מע האָט שוין געזען גרעסערע קנאַקערס.

— איר ווייסט כאָטש, ווער עס האָט זיך איַינגעשטעלט פארן קינדער־היים? — דערצייל איך בעסאָד מיַינע כאווירים. — פיאָדאָר דזיובינסקי, דער פּאָרזיצער פון אויספּירקאָם, איז אליין געגאנגען צו אים אהיים, אף יענער זיַיט ראָס.

שלוימקע שטייט צו צו מיר, איך זאָל אים, ווי א כאווער, זאָגן גאנץ אופריכטיק: ווער האָט מיך באקאנט מיט אָט דעם בארימטן מאָלער?

יאָסעלע ראָווינסקי איז אויך פול מיט נייַגער.

— און דו רעדסט מיט אים ווי מיט א גלייַכן? — קאָן ער זיך ניט אָפּכידעשן.

אײַנגעהאַלטענער פירט זיך אויף מענדל דער רויטער. מענדל גלייבט מיר אויפן וואָרט.

— אַניסי מאַרקאָוויטש, — זאָג איך, — איז ווײַט צו זײַן מײַנער א קאָרעוו, אָבער קיינער אין שטאָט קען אים ניט בעסער פון מיר. קומט אַראָפּ צו די שטיין־קאַריערן, וועט איר זיך איבערצײַגן אין דעם. אײַך וועט ער אוועקטרײַבן, און מיך וועט ער ניט טשעפּען. איך קאָן זיצן לעבן אים, וויפל איך וויל.

יאָסעלע האָט אזש אונטערגעשפּרונגען:

— נאָכן סול־היים גיי איך מיט דיר צו די סטיינער.

— איך אויך, — האַלט אונטער שלוימקע. — מירן זיך פאַרקלײַבן, ווי די שטילע טײַבעלעך אונטער די הויכע סקאַלעס, קיינער זאָל אונדז ניט באַמערקן.

מענדל דער רויטער זאָגט, אַז ער וועט פון דער קאָמפּאַניע ניט אָפּ־שטיין, כאָטש ער ווייסט אפריער, אַז אַלץ, וואָס איך האָב דערציילט, איז ריינער עמעס.

— עפּשער מעג איך אויך גיין מיט אײַך? — שאַרט זיך צו לייווי האַכ־נאָעדיק. — כאָטש מיט איין אויג כאַפּן אַ קוק אויפן פאַרבער, זען, וואָס פאַר אַ מאַלער דאָס איז.

— אַלע, אַלע, ווער עס וויל נאָר, קאָן גיין, — לאַד איך אײַן אַלעמען מיט דער ברייטער האַנט. — אָבער מיט איין טנײַ, זיצן פּאַרוקט אין א באַהעלטעניש, שטיל ווי די קעצלעך, קיין פּיפּס זאָל מען פון אײַך ניט הערן.

באַלאַנגים אַף גיין צו די שטיין־קאַריערן האָבן זיך געפונען פיל מער וויפל כ'האָב זיך געקאָנט ריכטן. אַלע כעווריע פון מײַן קלאַס ווילן זען דעם מערקווירדיקן מאַלער, וועלכער האָט פאַרלאָזט מאָסקווע, פּעטראָגראַד און אַנדערע גרויסע שטעט, און איז פאַרפלויגן אַהער, קיין באַרשעוו. דעם עמעס געערדט, האָב איך שוין כאַראָטע אַף דער גאַנצער מײַסע. צו וואָס האָט עס מיר געטויגט? וועמען, פרעגט זיך, דאַרף איך עס דערווײַזן?.. צי האָב איך די רעכט פירן אַזאַ רוישיקע כאַליאַסטרע אין יענע פאַרבאָרגענע ווינקלען, ווו דער אַלטער מאַלער טוט טפילעז?.. ווער־ווער, נאָר איך מעג שוין אָנהייבן פאַרשטיין, וואָס הייסט זײַן אויג־אַף־אויג מיט דעם, וואָס דו שאַפסט.

כעווריע וואַרטן אומגעדולדיק אַפן הויף. דער טאָג שטייט ניט. וואַר־מעס־צײַט איז שוין לאַנג פאַריבער. מע דאַרף וואָס שנעלער אַרויסשלײַכן זיך פונעם שול־הויף.

מיר לאָזן זיך שטילערהייט, איינציקווײַז, צו די הינטערגעסלעך. שלוימ־קע ווייסט גוט דעם פאַרלאָזטן וועג, אַף אים מעג מען זיך פאַרלאָזן, ער וועט אונדז פירן דורכן אַלטן צווינטער צו דער קרוטשע, ווו עס וואַקסן ווילדע שוואַרצע ווײַמפּערלעך און טינט־קאַרשן. דאָס איז סאַמע דער קירצסטער וועג, פאַרזיכערט שלוימקע. אָבער מיר כאַפּן זיך ניט קומען וואָס גיכער צו די שטיין־קאַריערן. פאַר די אויגן שפּרייט זיך אַ ראַכ־וועסדיקע גרינע לאָנקע. כעווריע כידעשן זיך: פונוואַנען קומט אַהער די זעלבע ריטשקע צווישן די עטלעכע ווערבעס? ווער ווייסט עס ניט, גיט

אונדז צו פאַרשטיין מענדל דער רויטער, אַז פײַער און וואַסער וועלן אומעטום זיך דורכשלאָגן אַ וועג? אַף דער לאָנקע פּאַשען זיך געפּענטעטע פערד. יענער גניאַדער מיט די געלע עפּעלעך איז נאַפּאָלעאָנס שקאַפּע. דער באַלעגאָלע ווייננט אַף ביידע אויגן, קיינער זאָל ניט געפּרוּווט ווערן מיט אַזאַ שטראָף, די שקאַפּע גייט בא אים אין שפּאַן נאָר דאַן, ווען זי וויל. יענער ליסער אָגער מיט די אויסגעריבענע זײַטן, וואָס איז עלטער פון מײַן באָבען, האַלט מען נאָך אַדהײַעם אַף דער ראָד בא מאָרדכעלען אין דער שטאָקפּינצטערער קרופּאָדיאָרקע. דאָ, אַף אָט דער לאָנקע, פּאַשעט מען אַזעלכע פערד, וואָס בעטן אַף זיך דעם טויט — לעבעדיקע פּעגירעס... פונדעסטוועגן האָט זיך צווישן אַלטוואַרג געפונען נאָך גאָר אַ יונגער לאָשעק, וואָס שפּרינגט אַרום, פרייט זיך מיט דער ליכטיקער וועלט, קאַטשעט זיך זאָרגלאָז איבערן גראָז, הירזשעט אַף אַ קאָל, שפּרינגט געפּענטעטע אינמיטן דער לאָנקע און וויל שטאַרק ניט לײַדן, האַלעמײַ מע לאָזט אים פרײַ ניט אַרומהוליען. אַלע ייִנגלעך ווייסן, אַז דאָס איז סימכעלעס לאָשעק. מיר אַלע זײַנען געבליבן שטיין פאַרגאַפט באַם ראַנד בערגל, ווו מע לאָזט זיך אַראָפּ צו דער נידעריקער לאָנקע, און אַנציקטע אַראָפּגעקוקט צו די פערד.

— סימכעלעס לאָסעק, — באַמערקט דער שעפּעליאַוועער, — איז אַ ציגײַנערסער לאָסעק. אַלע ציגײַנערסע לאָסעקעס זײַנען פריילעכע סטיפּערס. סימכעלען קאָסט דער לאָסעק פינעף פינגער מיט אַ כאַפּ. אַן אָדלער, ניט קיין פערדל. קאָסי, קאָסי, קאָסי!..

ניט לאַנג געטראַכט, לאָזט זיך יאָסעלע אַראָפּ אַפן אייגענעם „זײַט זשע מויכל” און פליט פונעם בערגל מיט אַזאַ האַסטיקײַט, ווי פון אַן אײַזגליטש.

— באַלד, קינדער, וועט איר מיך זען רײַטנדיק אַפן לאָסעק! — רופט ער אויס. — מיר קענען זיך איינס דאָס אַנדערע.

אָנגעריסן פולע זשמעניעס גראָז, רוקט זיך יאָסעלע מיט אַ זײַט, זייער געהיט צום יונגן פערדל.

דער שטאַלטנער לאָשעק האָט פּלוצעם זיך אַ ריס געגעבן פון אָרט און מיט איינע־צוויי שפּרונג צוגעטאַנצט צו די אַלטע קליאַטשעס, וואָס האַלטן זיך קוים אַף די פיס. דאָ, אַרום זײַניקע, האָט דאָס פערדל זיך, אַפּאָנעם, געפילט מערער זיכער. מיטן עק טרײַבט דער לאָשעק אָפּ די בייזע פליגן פון די קראַנקע פערד, בערשטלט אַרום זייערע שאַרפּביינערדיקע רוקנס, הירזשעט הילכיק, ווי ביז גאָר צופרידן מיט זײַן יונגער קראַפט. שפּעטער קערט זיך דער לאָשעק אום, ווי אַן איבערגעבעטענער, צו יאָסעלען, שמעקט אַרום מילד און נאָכגיביק דאָס פרעמדע ייִנגל. יאָסעלע איז אַפן זיבעטן הימל.

אָנגעריסן פריש גראָז, לאָזט זיך יאָסעלע מיט פולע הויפנס צו דער שיינער כײַע. ניין, דער לאָשעק וויל דאָס גראָז זײַנס ניט נעמען אין מויל אַרײַן. ער פאַרמאָגט געזונטע, שאַרפע ציין, און קאָן אַליין צופּן פון דער ערד דאָס זאַפטיקע גראָז. יאָסעלע האָט זיך באַטראַכט און אַוועקגעטראָגן דאָס גראָז די אויסגעהאָרעוועטע קליאַטשעס.

מיר וואָלטן דאָ פאַרבראַכט אַ ביסל לענגער, נאָר עמעצער פון די ייִנגלעך יאָגט אונטער:

— אַן עק זאָל עס נעמען, אָדער צו די סקאַלעס, אָדער אַהיים. פערד פּאַשען זיך אויף דער לאָנקע, זאָלן זיי זיך פּאַשען, וואָס איז אײַער טאַטנס דאגה?.. יאָסעלע, מע האָט דיך פאַר קיין פּאַסטעך ניט געדונגען! קומט, כעוורע!

לעבן דער האַלב־פאַרשאָטענער באָד־קרענעצע האָט אונדז יאָסעלע אָנגעיאָגט. גליקלעך, ווי די ראַבע קאַץ, מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג, צעיאַכמערט, צעהיצט און שטאַרק אויסגעשמירט, שפּרינגט ער יעדן אַנטקעגן מאָלע־סימכע.

— האָסט געזען, ווי איך בין געזעסן רײַטנדיק אויפן לאָסעק? ווען איך וויל שטאַרק, צעפּענטע איך די סטריק און יאָג אַוועק מיטן לאָסעק צו דער פאַבריקע, צו מײַן סוועסטער ציוויע...

און אָט האָבן מיר, ענדלעך, אָנגעשפּאַרט אין דער קאַרסונער גאַס. גאָר אינגיכן וועלן מיר אַרויף צו די שטיין־קאַריערן.

די שטיין־שפּאַלטער האָבן שוין פאַרלאָזט די אַרבעט. דערפאַר, אַפּאָנעם, איז דאָ, אין די קאַריערן, געשטאַנען אַן אומגעוויינלעכע שטילקייט. כעוורע זוכן דעם אַלטן מאָלער. ווער, וואָס, אַ נעכטיקער טאָג. דאָ בין איך אַ ביסל שולדיק. פּונוואַנען, פרעגט זיך, האָב איך גענומען, אַז דער קיינ־סטלער געפינט זיך דאַפקע דאָ?.. עס קאָן זייער שיין געמאָלט זײַן, ער זאָל זיצן לעבן דער וואַסער־מיל אָדער ערגעץ דאָרט, אַרום מאָנאַסטיר־באַרג. און עפּשער גאָר בײַ דער הרעבליע? שאַ, און פאַרוואָס קאָן ניט זײַן, ער זאָל זיך פאַרקלײַבן אַרויף צו ראָסקאָפּענעץ, דאָרט, ווו דער טײַך ראָס שלינגט גיריק די וואַסער דורך אַ שמאָל בולקענדיק טויערל?..

יאָסעלע איז פול מיט טײַנעס:

— נו, אַ סאָף זאָל עס נעמען, ווײַז סוין, ווו איז דער כודאָזניק דײַנער.

מענדל דער רויטער ווײַזט אויך אַרויס זײַן אומצופרידנקייט: האַלעמײַ ער איז אומזיסט געגאַנגען אַזאַ ווײַטן מעהאַלעך. פון שלוימקען איז שוין אָפּגערעדט, יענער איז אויף מיר מאָלע־רעציכע. לייווי און הערשעלע זײַנען ניט אויף מײַן צאַד און ניט אויף שלוימקעס. מענדל, ווען ער וויל, וואָלט ער זיך דאַפקע געקאָנט אַרײַנלייגן אין שאָלעם, כאָטש ער זיך ניט...

איך האָב שטאַרק ליב, אַז מע הייבט אָן רעדן צו מיר דורך אַ דריטן: זאָג אים:

— זאָג אים, דעם ליגנער און שאַקרען, אַז דער מאָלער האָט דאָ קיינמאָל זײַן פוס ניט געשטעלט.

וואָס זאָל איך שלוימקען שיקן פאַר אַן ענטפער?

— גיב אים איבער, — זאָג איך, — אַז איך האָב אים ניט גערופן אַהער צו די שטיינער פאַר קיין יאָר־איידעס, און אויב ער איז אין קאַס, זאָל ער נעמען אַ קיזיק.

שלוימקע לאָזט ניט לאַנג וואַרטן אויף אַן ענטפער:

— אָדאָם אַ מענטש, ציפּויר אַ פויגל, קאַטשקע רוק זיך. אַליין זאָל ער קײַען קיזיקעס. אַפילע קיכלעך פון ציגענע ביבקעס...

— קעלעוו א הונט, סוס א פערד, פּאָראָ א קו, — ענטפער איך אָפּ אין שלוימקעלעס נוסעך. — גיב אים איבער, דעם יאָלד, אז אן אייזל דערקענט מען לויט די אויערן.

— קולעקעס!.. — בײַלט שלוימקע זײַנע פויסטן. — ער זעט קולעקעס, צי ער זעט ניט?!

— קוש מיך אין בעקל!..

— צעפוילטע נעוויילע.

— פון א נעוויילע הער איך.

— פארמאך אים דעם פראנצעוואטן פיסק זײַנעם!

— צו קורצע הענט...

שלוימקע כאפּט פון דער ערד א שטיין. איך — צוויי.

— סאַ־אט! זאָל זײַן סטיל! — שפּרינגט ארײַן צווישן אונדז דער שע־פּעליאווער. — מיר זײַנען ניט געקומען אהער זיך סלאָגן. ווארפט אוועק די סטיינער. ביידע ווארפט אוועק די סטיינער! לאָמיר בעסער גיין זוכן דעם כודאָזניק. סלוימקע, זײַ קליגער פון אים, ספּײַ זיך אויס אף זײַנע רייד.

— ער וועט נאָך בא מיר שפּײַען מיט בלוט, אָט דער דזשימדזשיק מיט די גלעקלעך!

דאָך ווערט בא שלוימקען פּאמעלעך געשטילט די רעציכע. דער אופגע־הויבענער שטיין גליטשט זיך ארויס פון זײַנע הענט.

— דעם פּסאק זײַנעם וועט ער בא מיר סײַווי קריגן, זאָל ער זיך עס פארשרײַבן אפן שטערן.

— זאָג אים, יאָסעלע, — טו איך א צופּ דעם שעפּעליאוון, — אז איך האלט אים אין ארבל.

טאקע ביז גאָר נייטיק געווען פירן די כאליאסטרע זוכן דעם מאָלער, און ס'זאָל שיר ניט קומען צו פּעטש. גוט, וואָס עמעצן איז ארײַן א טײַע־רער געדאנק: ניט פּאטערן קיין צײַט און אוועק צום טײַך זיך באָדן. אלע, ווי איינער, האָבן געגעבן די האסקאָמע. שוין זאָל געגאנגען ווערן צום פּלאטשיקן שטיין.

— דאַיאָס צום פּלאציקן סטיין! — שרײַט אויס יאָסעלע מאָלע־סימכע. — דער טײַך ווארט סוין לאנג אף אונדז!

וועגן איבערבעטן זיך קאָן דערווײַל קיין רייד ניט זײַן. מענדל פירט מיך לעבן זיך פון דער רעכטער זײַט, און מײַן קעגנער, שלוימקען, פון דער לינקער.

— ביסט א מאזלדיקער, — שטורכעט מענדל מיך אונטער און קוקט מיט א גנייוויש קוקעלע אין מײַן זײַט. — דארפסט בענטשן גוימל, וואָס ס'איז אָפּגעלאָפן גלאט.

— גיב עס איבער שלוימקען. זאָג אים, אז ער איז אויך א מאזלדיקער.

אין אײַלעניש האָבן מיר געבומען אראָפּווארפן העמד־און־הייזלעך, צונויפגעוואָרפן דאָס אָנטאָן אין איין קוטשע, און געלאָזט זיך איינער נאָכן אנדערן אין טײַך ארײַן. פון שלוימקעס זײַט איז געווען זייער שיין און איידל, וואָס ער האָט מיר אָפּגעטראָטן, ווי א בעסערן שווימער, די בכוירע דורכצוגעבערן אין דער דורכזיכטיקער וואסער דאָס ערשטע גריבל.

— האָפּליא־אָ! — שרײַ איך אויס אף א קאָל, שטרעק אויס די הענט

און טו זיך האסטיק א וואָרף אראָפּ אין וואסער אריַין. דערנאָך גייט אוועק א בויטעניש, א צעקאלויטעניש, פריילעכע קעפּל־טוקענישן. יעדערער וויַיזט אין טיַיך זיַינע קונצן.

מענדל האָט אונדז מאמעש באוווּנדערט מיט זיַין פּרעכטיקן שווימען. ער טוט זיך א טוק אונטער, קיין בלעזעלע ניט צו באמערקן, און האלט זיך גאנץ היפּשלעך אונטערן וואסער. דערנאָך שווימט ער ארויס פון גאָר אן אנדער זיַיט. שלוימקע איז אויך ניט קיין שלעכטער שווימער, ער לייגט קלאפּטער, ווי אן עמעסער מאטראָס: שווערע, הילכיקע, געמאָסטענע. מיַין שווימען צייכנט זיך אויס מיט דעם, וואָס איך קאָן מיט פארלייגטע הענט אונטערן קאָפּ אָפּגיין העכער א האלבן טיַיך טריט־וואסער. דערוויַיל קאָן זיך צו מיר קיינער ניט גליַיכן. יאָסעלע פּארכליופּעט זיך אלעמאָל, דאָס קומט דערפון, וואָס ער ליגט אין וואסער אן איבערגעשראָקענער, קאטשעט זיך פון איין זיַיט אף דער צווייטער, באָרבלט זיך גיך, ווי א הינטל מיט די לאפּקעס. לייווי שווימט די גאנצע ציַיט נאָר אף דער פּלייצע, רויִק, סטאַ־טעטשנע, איך וואָלט אפילע געזאָגט — שטאָלץ, מיט עפּעס א באלעבאטי־שער גיַיווע...

אפן באזונטן שטיין זיצט הערשעלע ווי א פּרינץ און היט דאָס אָנטאָן אונדזערס. הערשעלע טאָר זיך ניט באָדן. דער טערעץ: ער האָט נאָך ניט געמאָזלט.

אָ, מע פירט שוין די פערד צום טיַיך!

אפגיך קערן מיר זיך אלע אום צוריק צום פּלאטשיקן שטיין, קוקן זשעדנע ארויס, ווען פון אונדז וועט מען אָנטרויען אויסצובאָדן א פערד.

העכער האלב אין וואסער שטייט איינער א מעגושעמדיקער נעפּעש און וואשט ארום א געפּעסטעטע פּריציש פערדל. ער האָט אזוי לאנג געשקראַ־בעט די האָר מיט דעם איַיזערנעם בערשטל, ביז דאָס פערד האָט זיך א ריס געגעבן, ווילד אונטערגעשפּרונגען און אוועקגעשווומען אראָפּ, מיטן שטראָם.

— היי, היי... קריק, אהער! א בראַנד דיר אין די ביינער! פּארברענט זאָלסטו ווערן אָן סטראַכאָוועקע, וויסטע מעשומעדעסטעס!

די בייזע געשרייען זיַינען אוועק מיטן ווינט. דער גוילעם, א טויט־דערשראָקענער, איז געבליבן שטיין מיט אן אָפן מויל, צעכושעט און פאַר־לוירן. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס מע הייבט אָן צו טאָן. מיר זיַינען איינער נאָכן אנדערן אריַינגעשפּרונגען צוריק אין טיַיך, ארויסראטעווען דאָס פערד פון א סאקאָנע. ניט גרינג איז אונדז אָנגעקומען, ביז מיר האָבן געצווונגען „דאָס איידעמל אף האָבער" זיך אומקערן צום ברעג.

דער בופלאקס זאָגט אפילע קיין דאנק ניט.

— דאָס איז מיַין שוועסטערס כאָסן, — זאָגט הערשעלע, — טשעפּעט אים ניט. קוקט ניט, זאָגט מיַין שוועסטער, וואָס ער איז א פארגרעבטער נעפּעש, דערפאר אָבער פארמאָגט ער א גאָלדן הארץ.

— גיי, הערשעלע, העלף אים ארומרייניקן דאָס פערד, — אייצעט מענדל דעם כאָווער זיַינעם, — אונדז וועט ער ניט צולאָזן, אָבער דו ביסט דאָך אן אייגענער.

— הערסעלע, דער רויטער זאָגט דיר אונטער א קלוגן געדאנק. טו עס צוליב דײַן אייגענער סוועסטער.

הערשעלע וויל אָבער דערפון ניט הערן.

— איר פארשפּאָרט מיר אײַנריידן. איך וועל אין ערגעץ ניט גיין. ער האָט מיך ליב, פּונקט ווי ער האָט אײַך ליב. ער קאָן ניט קוקן אף מײַן פּארצעף. איך שטיי אים, זאָגט ער, ווי א ביין אין האלדז. ער דארף נאָר די שוועסטער מײַנע, מער קיינעם ניט. זאָל ער שוין וואָס גיכער כאסענע האָבן, וועל איך אים דערנאָך אף דער שוועל ניט ארופלאָזן.

— הערשעלע, ווילסט, מיר זאָלן אים אָנלייגן די זײַטן?

— אוי, קינדער, — דערשרעקט זיך הערשעלע, — ווי גאָט איז אײַך ליב, טוט עס ניט. דערווײַל איז ער נאָר א כאָסן, א כאָסן איז נאָך ניט קיין עמעסער מאַן. און דער שוועסטער מײַנער קאָן עס שאטן צום שידעך...

— אָבער א קליין כיינדעלע אָפּטאָן אים מעג מען?

— א קליינס, גאָר א קליינס, קינדער, א פּיצינקס.

— הערשעלע, האָסט בא אונדז געפּויעלט.

א מאזיק אף אָפּטאָן שפּיצלעך איז דאפקע דער שטילער מענדל, וועגן וועמען מע זאָגט, אז ער טשעפּעט קיינמאָל ניט קיין פליג אף דער וואנט. קוידעמקאָל נעמט ער מיט אונדז אויס, אז ער, מענדל אליין, וועט אין דעם שפּאס קיין אָנטייל ניט נעמען. דאָס „פּיצינקע כיינדעלע", וואָס מע גרייט אָפּטאָן הערשעלעס קומענדיקן שוואָגער, איז באשטאנען אין א קלייניקײַט: פארוקן אין זײַנע גרויסע גראָבע שטיוואלעס בינטלעך קראָפּעווע. לייווי האָט זיך א פּאָרקע געטאָן, ארומגעשמעקט, ארומגענישטערט און גלײַך מוידיע געווען, אז די יוכטעווע שטיוואלעס געפינען זיך דאָ ניט ווײַט, אונטער „באָבציעס איוון" (אזוי רופט מען די צוויי צונויפגעוואקסענע שטיינער, וואָס זײַנען מיט עפּעס ענלעך אף א פּריפּעטשיק). דערנעבן שטייט אן איבערגעקערטער עמער, א געצאצקעט צײַמל און עפּעס א צונויפגעקנוילט בינטל שלייעס. דאָס שפּיצל איז אָפּגעטאָן געוואָרן גיך און פײַן. לאכן, קאטשען זיך אף די בײַכער וועלן מיר א ביסעלע שפּעטער.

נאָר וואָס איז מיט יאָסעלען?.. ער פּויזעט אין אײַלעניש ארוף אף הערשעלעס שטיין, טוט א כאפּ פון דער קופּע זײַן ציצן העמדל און לאָזט זיך א האלב־נאקעטער, הענדעם־פּענדעם, שפּרינגען פון שטיין צו שטיין. שפּעטער איז אונדז קלאָר געוואָרן יאָסעלעס צעברויזט געמיט. ווי אויסגעגאָסן פון רייגעם קופּער האָט זיך פּלוצלינג באוויזן סימכעלעס לאָשעק. א פּארצאפּלטער איז יאָסעלע צוגעלאָפן צו אים, און ס'איז געווען צו זען, ווי ער טרייסלט זיך פאר פרייד. דאָס יונגע פערדל, זעט מען, איז אויך צופרידן. אָט האָט עס ארויפגעבויגן דעם ברוינעם האלדז מיט דער קורץ־געשוירענער הריווע איבער יאָסעלעס נאסן קאָפּ.

מיט טרערן אין די אויגן רוימט אים אײַן דער שעפּעליאווער אין אויער:

— כײַ וואָלסטו בעסער אײַנגעסטאנען בא אונדז אין סול־היים, איידער בא סימכעלע לאָדער מיט די ווײַסע סקארפּעטקעס.

גלײַך אָבער האָט זיך באוויזן דער באלעבאָס פונעם לאָשעק, סימכעלע אליין. ער האָט זיך א יאווע געטאָן אומגעריכט, פון אונטער א זײַטיקער סקאלע! און דאָס האָט אף יאָסעלען אָנגעוואָרפן אן איימע...

סימכעלעס פּאָנעם איז ריין אויסגעגאָלט און פײַן אויסגערוט. ער רייכערט א שמעקנדיקן פּאפּיראָס, און ס'איז צו זען, אז ער איז צופרידן מיט דער וועלט און מיט זיך אליין. יאָסעלען האָט ער פונעם לאָשעק ניט אָפּגעטריבן, פארקערט, מיט א ליב שמייכעלע האָט ער אים עטלעכע מאָל א גלעט געטאָן איבערן קעפּל, דערנאָך אונטערגעשטעלט די צונויפגעפלאָכטענע הענט, יאָסעלען זאָל לײַכטער זײַן ארופקריכן אפן לאָשעק. מיר, כעוורע, האָבן פּאָשעט געשטוינט, צוזעענדיק, ווי דער פארביסענער ליוועראנט איז גראדע צו אונדזער יאָסעלען געווען אזוי מילד, צוגעלאָזן. ווי נאָר יאָסעלע האָט זיך אראָפּגעלאָזט פונעם הויכן שטיינער־געוואלגער, איבערקומענדיק בעשאָלעם די סאקאָנע, איז ער געוואָרן עמעסדיק גרויס בא זיך, געזעסן אפן שטאלטנעם פערד, ווי א בען־מעלעך.

באם סאמע ברעג טײַך האָט זיך דאָס פערדל אָפּגעשטעלט, באשמעקט די אונטערלויפנדיקע געטרעפלטע כוואליעס, אָנגעהויבן אונטערציטערן און אויסגעלאָזט מיט א לאנג־צעצויגענעם הירזשען. יאָסעלע פאלט צו צו דער פיבערדיקער גריווע, שעפּטשעט און בעט, ער זאָל זײַן נאָכגיביקער. אָבער סימכעלעס לאָשעק וויל בעשום־אויפן ניט קריכן אין טײַך ארײַן, ציט זיך מיט קויעך צוריק, הייבט נאָראָוויסטע די פיס און וויל זיך שטעלן דיבאָם.

— נו, וויאָ... פּאָסאָל, פּאָסאָל!.. — שרײַט יאָסעלע.

אפן בערגל שטייט סימכעלע אן אופגעקאָכטער. די גראָבע פינגער זײַנען פארקוועטשט אונטער די ענגע שלייקעס, און דער בליק איז א בייזער, א דראָענדיקער. נאָר גיי ווייס וועמען מיינט ער — אונדז צי יאָסעלען.

דער צעשטרייטער יאָסעלע רופט צוהילף.

— טרײַבט אונטער, ווײַזט אים א סטעקן, דערלאנגט עטלעכע גרינגע סמיץ!

לייווי האָט געבראכט עטלעכע צווײַגלעך, און מיר אלע האָבן אָנגעהויבן הוקען און טיוקען, פאָכנדיק ארום צעבאלאמוטיעטן פערד מיט די לאָזע־ריטלעך. נאָר ס'האָט גאָרנישט ניט געהאָלפן, ביז ס'איז צוגעקומען דער מעגושעמדיקער שמײַסער. ער איז צוגעגאנגען צום יונגן פערד, ווי צו א גוטן באקאנטן, און גלײַך אָנגעהויבן זאָגן דעם מוסער:

— איך בין דיר ניט פון די דאָזיקע בערקוטן. ביסט בא מיר ניט קיין שאבעס־לײַכטערל!..

באלעגאָליש־געניט א נעם געטאָן דאָס צײַמל, גענומען פּאמעלעך שלעפּן דאָס פערד טראָט בא טראָט אף זיך, און אזוי זײַנען זיי צוזאמען ארײַן אין וואסער. סימכעלעס לאָשעק האָט זיך געלאָזט פירן אָן איבעריקער מוירע. ווײַטער איז שוין געווען א סאך לײַכטער. א פּאָר שמיץ איבערן גלאנציקן רוקן, און דער לאָשעק איז גרינג ארוף אף די כוואליעס. ווען דער שווערגופיקער שמײַסער האָט אופגעהויבן זײַן טעמפּן בליק צום געקרישלטן שטיינערן בערגל, ווו סימכעלע איז געשטאנען אזוי וואזשנע מיטן ציגאר אין מויל, האָב איך פארשטאנען, אז דער שמײַסער־יונג האָט מיט אים, מיט סימכעלען, א לאנגאָניקן כעזשבן.

— דער אויסגעפּאשעטער וואָרעם, — הער איך, ווי דער שמײַסער קרעכצט אונטער, — לעבט א וועלט. וויפל מע זאָל דעם וואָרעם ניט פּיצלען

און ברעקלעך, קריכט ער נאָך אַלץ אַרום אַ לעבעדיקער. וואַרט, וואַרט, סימכעלע פּלוט, פאַרן אויסגעדורעטן לאַשעק וועט מען אויך דאַרפן צאָלן!

ניט אומזיסט, מיסטאַמע, טראָגט ער אַף סימכעלען אַ שווער האַרץ... ייִנגלווײַז האָט ער זיך פאַרדונגען צום ליוועראַנט, אָפּגעווען שיינע עט־לעכע יאָר פאַר פּיסנע ברויט מיט זאַלץ. מעגלעך, אַז דער שווינדלער איז אים געבליבן שולדיק אַ כּיוו אָדער אַ צוגעזאָגטע מאַטאָנע, און, ווי דאָס ראָוו אַזעלכע באַלעבאַטים, ניט געהאַלטן קיין וואָרט.

אופגעליייגט, מיט אַ גרינגן געמיט, שטייט סימכעלע אין דער הייך מײַסע פאָרעץ, קלײַבט טײַנעג פון זײַן ספּריטנעם לאַשעק, וועלכער טוקט זיך מיטן האַלב־נאַקעטן ייִנגל אין דער צעכוואַליעטער וואַסער. אַלע ווײַלע טוט אַ שווים אַרויס די שעמערירנדיקע ברוינקײַט פונעם פערדס רוקן.

גיי ריכט זיך, אַז דאַפקע אָט דאָ, עטוואָס ווײַטער, הינטערן פּלאַטשיקן שטיין, זאָל דער אַלטער מאָלער אַניסי מאַרקאָוויטש זײַן אַרײַנגעטאָן מיטן גוף און מיט דער נעשאָמע אין זײַן מאָלערײַ. גוט, וואָס קיינער פון די ייִנגלעך האָט אים ניט באַמערקט. אַלע זײַנען געווען פאַרכאַפּט מיט יאָסע־לען און מיט סימכעלעס לאַשעק. ווען קאָן עס גאָר אײַנפאַלן, אַז גראָד אין די הייסע מינוטן, ווען מיר זײַנען אַלע געווען מיטגעריסן, אַנציקט און פאַרכאַפּט מיט דעם, וואָס דאָ אַפן טײַך קומט פאָר, האָט דער מאָלער אונדז אַלעמען אַרופגעכאַפּט אַפן לײַוונט. דאָס אָנגעמאָלטע האָב איך אין אַ צײַט אַרום געזען בא אַניסי מאַרקאָוויטשן אין גרויסן אַלבאָם פאַר עסקיזן. כוץ דעם טײַך, דעם שטאַלטנע שווימענדיק פערדל און כוץ די מאַסיווע שטיינער, איז קיינער ניט געווען ענלעך אַף זיך. בעסער פון אַלעמען האָט זיך באַקומען הערשעלע, וואָס זיצט אַף דער קופּע אָנטועכץ מיט עפּעס אַ באַהאַלטענער קינע אין די פאַרשמאָלטע ווייכע אייגעלעך... צוליב וואָס איז דעם מאָלער נייטיק געווען אָנטאָן סימכעלען אַ קאַפּעליוש, ווייס איך ניט. דאַפקע די לאַנגע בײַטש, ווי בא אַ פאַסטעך, פּאַסט דעם ליוועראַנט זייער גוט. אָט־אָט, דוכט זיך, וועט ער מיט איר אַ קנאַל טאָן און אומבאַ־דינגט אַרויסהילכן מיט פּײַפערײַ פון צווישן די פינגער. סימכעלע אַליין איז געווען שטאַרק ענלעך אַף אַ פאַרשײַטן העפקער־יונג, אַף יענע וואַנדערנדיקע ציגײַנער, וואָס קאָנען אָנטאָן שאָדן אינמיטן העלן טאָג.

אַניסי מאַרקאָוויטש האָט אויך ניט פאַרגעסן דעם מעגושעמדיקן שמײַ־סער־יונג, הערשעלעס צוקינפטיקן שוואָגער. ער איז בא אים אַרויסגעקומען ניט אַזוי פאַרגרעבט. דער מאָלער האָט בעקיוון ווייכער געמאַכט זײַן צורע, אוועקגענומען פון זײַן פּאָנעם די רוגזע, פּאַשעט אוועקגעשטעלט אין טײַך אַ געזונטן כעווריעמאַן, מיט פּלייצעס פון אַ גיבער.

ווען מיר האָבן פאַרלאָזט דעם טײַך, האָב איך מיט אַ גרינג האַרץ גע־זאָגט צו מײַנע כאַווייריים:

— איר ווייסט, קינדער, מיר האָבן לאַנג געזוכט דעם אַלטן מאָלער און ניט געקאָנט געפינען. לאָזט זיך אויס, אַז ער איז די גאַנצע צײַט געווען מיט אונדז.

# אין עלטערן קלאַס

אין עלטערן קלאַס איז איין לערער אף אלע געגנשטאַנדן. דער זעלבער אַרל סקליאַר לערנט מיט אונדז צוויי מאָל אין וואָך כעזשבעגען אויך: כײַבער, כיסער, קייפלען. דאָס רופט מען אָן, זאָגט ער, אַריפמעטיקע.

יעדע אופגאַבע קלערט דער לערער אויס גלײַך אפן אָרט און שרײַבט זי, בימכילע, אליין אוף אפן טאָוול.

— אנו, קינדער, — טוט ער פריילעך א זאָג, — איצט זײַט זיך מאַטריעך...

מיר, טאַלמידים, שרײַבן פלײַסיק אראָפּ די אויסגעטראַכטע אופגאַבע אף די געווירעטע פּערטלעך פּאַפּיר, וואָס דער דעזשורנע האָט אַרויסגעגעבן יעדערן נאָך פּאַרן לימעד. ס'איז א דויכעק אין שילערישע העפטן. איין העפט, וואָרנט יעדעס מאָל דער לערער אונדזערער, דאַרף קלעקן אפן גאַנצן קלאַס.

איצט דאַרף מען גוט א טראַכט טאָן אף לייזן די אופגאַבע.

א שושקערײַ, קוים וואָס מע הערט איינער דעם אַנדערן. אָבער וואָס אמאָל, ווערט דער טומל שטאַרקער, און דער לערער מוז וואָרענען, מע זאָל צופּיל זיך ניט איבערסוידען, אזעלכס איז שטרענג פאַרבאָטן.

— שטילער! וואָס איז דאָס פאַר א טעווע בא אײַך, טראַכטן אף א קאָל? — בייזערט זיך דער לערער. — ווער ס'האָט געלייזט די אופגאַבע, לייגט, זײַט מויכל, אוועק דאָס בייגעלע פּאַפּיר אף דער פּאַרטע און מאַרש אין קאָרידאָר. פאַרגעסט נאָר ניט אונטערשרײַבן דעם נאָמען אײַערן.

מיר, ייִנגלעך, פּאַרטיקן זיך אָפּ גיכער פון די מיידלעך: יאָ געלייזט, ניט געלייזט, ריכטיק צי ניט ריכטיק, אבי פּאָטער געוואָרן. די מיידלעך זאָרגן איינע פאַר דער אַנדערער. עפּשער איז נייטיק עמעצן אונטערזאָגן אָדער אומבאַמערקט אונטערוקן די שוין געלייזטע אופגאַבע. זיי, די מיידלעך, בלײַבן זיצן ביזן סאָף לימעד; קאָלזמאַן איינע איז נאָך געבליבן זיצן, וועלן די איבעריקע כאַווערטעס זיך ניט אופהייבן פון די ערטער. דעריבער באַקומט זיך שטענדיק, אז בא די מיידלעך איז ריכטיקער געלייזט די געפּלאָנטערטע אופגאַבע. דער לערער אונדזערער, אַרל סקליאַר, לויבט זייער פלײַסיקײַט. זיי, די מיידלעך, זײַנען אופמערקזאַמער, דיסציפּלינירטער און פיל איבערגעגעבענער צום לערנען, ווי די ייִנגלעך. אונדז מאַכט ער אויסצודרייען:

— מע ווייסט נאָר זיך שפּילן...

ס'א כיסאָרן? מיילע, זאָל דאָס זײַן א כיסאָרן, נאָר די דײַגע זאָל אונדז בלײַבן. פונעם לערערס מוסער־זאָגן ווערן מיר ניט ניספּאָעל. קיינער פון אונדז פילט זיך, כאָלילע, ניט געקריוודעט. ערגער איז דאַן, ווען דער לערער באַשטראָפט דיך, זאָלסט דער לעצטער עסן מיטיק. דאָס געקעכץ איז אײַז־קאַלט, דערצו ווינציקער, עפּשער א האַלב שיסעלע. זאָל מען בעסער ניט געפּרוווט ווערן צו אזא שטראָף. ווער עס האָט איינמאָל פאַרזוכט דעם טאַם דערפון, וועט פאַרזאָגן א צענטן.

דאָך שאַדט ניט א שטיף טאָן, א ביסעלע אָפּשפּעטן פון אונדזער שטרענגן, אָבער אין טאָך גוטמוטיקן לערער. דאָס אָפּלעצעווען, פאַרשטייט

זיך, ווערט געטאָן הינטער זײַנע אויגן. נאָר איין רווון דער מומעס האָט זיך
אײַנגעגעבן נאָכמאכן דעם לערערס פּאָוואדקעס, וויאַזוי ער רעדט, שטיקנ־
דיק זיך, ווי מיט רויך, פּאטשט מיט די פּוכקע הענט, ס'זאָל ווערן שטיל
אין קלאַס. דערבײַ בלינצלט ער מיט די צעפּינקלטע אייגעלעך, ווי א דער־
שראָקענע כײַע, נאָרוואָס ארײַנגעזעצטע אין א שטײַג. אז עס ווערט סאָפּ־
קאָלסאָף רויקער, טוט ער א שלעפּ ארויס דעם סאמע צעבושעוועטן כעוור־
רעמאן פארן קאָלנער:

— אנו, כאָכעם איינער, גיי צום טאָוול און ווײַז אונדז, וואָס דו קענסט!

צוויי זאכן, ליידער, זײַנען מיר ניט מעסוגל אים נאָכקרימען: דאָס
שוויצן זײַנס, ווי א ביבער, און וויאַזוי די שנירלעך (דאפקע רימענע שניר־
לעך) שלעפּן זיך נאָך די שווערע עסטרײַכישע, ערלעך אָפּגעדינטע סאָל־
דאטישע שיכײַלעס.

דער איין־און־איינציקער לערנבוך, פונוואנען מיר שעפּן דאָס ביסל
קענטעניש, איז „דאָס יידישע וואָרט". פאראן אין אונדזער קלאַס דרײַ
אזעלכע כרעסטאָמאטיעס. וועגן געבן אהיים דעם דאָזיקן ציטעריקן לערנ־
בוך קאָן גאָר קיין רייד ניט זײַן. דארפסטו אויסכאזערן א ליד, ארויפשרײַבן
א מאָשל, דורכלייענען א סקיצע אָדער דערלערנען עמעצנס א ביאָגראפיע,
זײַ אזויפיל גוט, טו עס דאָ, אין די ווענט פון שול־היים. גייסטו ארײַן אין
לערער־צימער נעמען „דאָס יידישע וואָרט", ביסטו מעכויעוו אָנגעבן דײַן
פאמיליע און צוזאָגן, צו וועלכער שאָ די כרעסטאָמאטיע וועט אומגעקערט
ווערן. צום באדויערן, וועסטו דאָס לערנבוך קיינמאָל דאָרט ניט טרעפן...

וועגן געאָגראפיע, נאטורוויסנשאפט, געשיכטע, אריפמעטיק זײַנען, ליי־
דער, קיין לערנביכער ניטאָ. וואָס דעם לערער אונדזערן פאלט אײַן אין
קאָפּ, דאָס לערנען מיר. פארגעבן לימודים אף אהיים איז בא אונדז דער־
ווײַל ניט אײַנגעפירט. קיין גלעקל איז אויך ניטאָ. מיר לערנען אָן א רע־
שימע און אָן א גלעקל. פארגלוסט זיך דעם לערער אונדז ווייניקער מא־
טערן, מעלדעט ער א האפסאָקע:

— הײַדא, כעוורע־פּלעצל, אין דרויסן ארויס!

דערנאָך מוז, נעבעך, דער לערער ארל סקליאר אליין פארטרײַבן די
טשערעדע אין קלאַס. דאָס דאָזיקע שטיקל ארבעט קומט אים אָן גאנץ
שווערלעך: ווען ער כאפּט פארן אָרעם, ווען פארן קאָלנער, ווען
פאר א פּליודער.

— ביזוואנען, פרעג איך, איז א שיר פּוסטעפּאסעווען? — שרײַט ער. —
מארש אין קלאַס ארײַן!

א ביטערער ראכמאָנעס אָפּן לערער, צוקוקנדיק, ווי ער שלאָגט זיך
ארויס פון די קויכעס.

— און ווו איז לייווי?.. און ווו איז מענדל? און ווו איז דער אינדיק?..

טרעפט, אז עמעצער פון די שילער פארזינדיקט זיך, וועט דער לערער
ניט שטעלן אין ווינקל, ער וועט ניט הייסן פארלאָזן דעם קלאַס, ער וועט
אויך ניט שלאָגן מיט דער ווירע איבער די הענט — כאָלילע. דאָס פּאסט
פאר א כיידער, פאר א טאלמעדטוירע. דאָ זײַנען פאראן אנדערע מיט־
לען, מערער הײַנטצײַטיקע, אזוי פּרווּוט אונדז דערקלערן דאָס קליינע הײַ־
פעלע לערער, וועלכע טרעטן דעם גאנצן טאָג ניט אָפּ פון די קינדער. אָט,

לעמאָשל, אַז סע קומט צו מיטיק, מוז דער שולדיקער, ער זאָל דערפילן, אַז דער קאָלעקטיוו מײַדט אים אויס, קערעוועט זיך פון אים אָפּ, עסן איי־נער אליין, סאַמע דער לעצטער, אַ ביסל איבערגעשטאַנען געקעכץ. ווער פון אונדז האָט ניט געפילט דעם דאָזיקן כיירעם?

איידער ווערן באַשטראָפט מיט אַזאַ שטראָף, איז שוין אַ סאַך גלײַכער, מע זאָל שטעלן אין ווינקל, אַרויסטרײַבן פון קלאַס. אַ שיינע „מעטאָדע"! עפּעס קיין קליגערס ניט געקאָנט צוטראַכטן?

וויפל מע זאָל ניט בעטן דעם גוטן לערער, שווערן זיך מיט טויטע קלאָלעס, ער זאָל זיך מעראַכעם זײַן, וועט גאָרניט העלפן. „איך קאָן, זאָגט ער, ניט ברעכן דעם אָנגענומענעם פּרינציפּ..."

וויפל אַגמעסנעפעש האָט דאָס דאָזיקע פאַרשאָלטענע וואָרט „פּרינציפּ" פאַרשאַפט די, וועלכע זײַנען באַגאַנגען עפּעס אַ „כעט"!

אין טאָך, פילן מיר אַלע, איז דער לערער אונדזערער, אַרל סקליאַר, גאָרניט אַזאַ שלעכטער מענטש, נאָר ער קאָן ניט גיין קעגן די צוויי אַי־בעריקע לערערס. און ער האָט בעשום־אויפן ניט געוואָלט מעוואַטער זײַן דעם אָנגענומענעם פּרינציפּ פון דער נײַער מעטאָדע...

אונדזער געטרײַער און איבערגעגעבענער לערער־דערציִער, אַרל סקליאַר, פירט אָפּט דעם קלאַס אויף עקסקורסיעס, אונטער זײַן האַשגאָכע פאַרווײַלן מיר זיך גאַנץ פריילעך, מאַכן אָפּט אויספלוגן אין וואַלד אַרײַן, צו דער באַן־סטאַנציע, און אַמאָל אויך אויף יענער זײַט טײַך, צו די מאָנאַסטיר־קוואַלן. ער גרייט מיט אונדז צו דעקלאַמאַציעס, כאָר־געזאַנג, קורצע סצענ־קעס. ווער שמועסט, אַז סע קומט אונטער אַ יאָמטעוו, דאַן זײַנען מיר אַלע אַרײַנגעטאָן מיט לײַב און לעבן אין דער צוגרייטונג. אונטער זײַן אויפזיכט געפינען זיך באַ עטלעכע און דרײַסיק טאַלמידים. העכער אַ דריטל זײַנען ייִנגלעך, כעוורע איינס און איינס, ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט: שלוימקע ליבעס, לייווי איידלין, יאָסעלע דער שעפּעליאַוועր, מענדל דער רויטער, מייערל (דעם לערערס אַ בראַטאַקל), הענעך דער אינדיק, פּייסי קנאַק, שיקע גראַטש, רוווין דער מומעס, באָרעכל פּויקער, איך און ייִסראָ־ליקל טשאַד. דאָס זײַנען קימאַט אַלע יאַטלעך פון פערטן קלאַס, האַלבע און גאַנצע יעסוימים, וואָס מע דאַרף זיי אָט־אָט פּראַוועןן באַרמיצווע. מיר האָבן שוין לאַנג אָפּגעזאָגט קאַדעש, ווער נאָך אַ מאַמען און ווער נאָך אַ טאַטן. נאָר איין רוווין דער מומעס האָט אַ ביסל פאַרשפּעטיקט. דער טאַטע זײַנער, מענאַשע קוילעטש, האָט פאַריקן ווינטער באַ די מעסוקענע פּרעסט געכאַפּט אַ שטאַרב אינמיטן וועג, גייענדיק פון דאָרף אַהיים מיט אַ פײַנעם פּאַק אײַנגעהאַנדלטע כאַזער־האָר. אַ האַלב־פאַרפרוירענער, האָט ער נאָך לאַנג געבלאָנדזשעט איבערן טויט־שטילן וואַלד, ווו מע האָט נאָר געהערט, ווי דיביימער, אָנגעטאָנענע אין טאַכריכים, האָבן געקרעכצט פון קעלט. אַזוי דערציילט רוווין דער מומעס, אַ פּריש־צוגעקומענער יאָסעם, וועגן דעם טאַטן זײַנעם... אַ שניי־פאַרװײַזטן האָט מען אים אין עטלעכע טעג אַרום געפונען ליגן ניט ווײַט פון אײַזנבאַן־אָנשיט מיטן זעקל כאַזער־האָר אויף דער פאַרגליווערטער פּלייצע. רוווין דער מומעס לויפט נאָך איצט אויך אַלע פרימאָרגן אין קלויז אַרײַן זאָגן קאַדעש. ער טוט עס ביגניוווע, קיינער זאָל ניט וויסן, ווײַל מיר אַלע האָבן פונעם בוירע־שאָמאַיִם לאַנג אָפּגעווישט די

הענט, געוואָרן אפּיקאָרסים און געגעבן קימאַט א נײדער מערער ניט גלייבן אין גאָט. אזוי האָבן געטאָן די קאָמסאָמאָלצעס, די קינדער פון קינדערהויז און מיר אויך. אלע ייִנגלעך פונעם פערטן קלאַס ווייסן רוונס סאָד, נאָר קיינער פון אונדז וועט זיך ניט דערוועגן אים אויסגעבן. דאָס איז אַלץ דערפאַר, וואָס מיר, כעוורע פון שול־היים, די אַרעמסטע קיטע אין שטאָט, האַלטן זיך יאַדאכעס. נאָך ניט געווען אַזאַ פאַל, אַז איין ייִנגל זאָל זיך קלאָגן פאַרן לערער אָפן צווייטן.

אנדערש פירן זיך די מיידלעך. עמעס, זיי האַלטן אויך איין האַנט, נאָר ס׳איז גאָר אַן אַנדער מין האַלטן זיך. דער ערשטער אײַנדרוק איז מאַמעש צו באַוואונדערן. זיי זעען אויס, ווי געטרײַע שוועסטערלעך, קושן זיך, ווי טײַבעלעך אין די פּיסקעלעך, עסן פון איין שיסעלע, לערנען פון איין ביכל, אַפילע צום „וואַטער״, אַראָפּ־בערגל, לויפן זיי עטלעכע מיטאַמאָל.

זייער שוועסטער־פרײַנטשאַפט איז אָבער אָף דורך און דורך אַ פאַלשע, זאָגט רוון דער מומעס. דער, וואָס דרינגט ביסלעכווײַז אַרײַן אין זייער געשלאָסענעם קרײַז, אין די אַלע מיידלשע סוידעס, וועט באַלד דערשמעקן, אָף וואָס האַלט זיך די מיידלשע אַכדעס. קיינער איז ניט אימשטאַנד אויס־מעסטן, ווי טיף די קינע ליגט פאַרבאָרגן אין יעדן מיידלש האַרץ... כאָפּט עמעצער פון זיי אַ בראָך, קוויקן זיך אינדערשטיל אַלע איבעריקע. אָבער דאָס ווערט געטאָן זייער פאַרשטעלט. אויסערלעך ווײַזט מען אַרויס מיט־לײַד דער געליטענער, מע טרייסט זי, מע רעדט צו איר מיט גוטע, זיסע רייד. נאָר דאָס אַלץ איז הוילע פאַלשקײַט.

פערעלע אָבער איז אַן אַנדערע. זי איז קליגער און פאַרשטאַנדיקער פון אירע כאַווערטעס, פײַנער, לײַטישער, אָרנטלעכער, אופריכטיקער, דערצו איז זי בעניִמעסדיק און באַשיידן. ניט נאָר די לערער האַלטן פון איר אַ וועלט, אַפילע אייניקע כעוורע בויאַנעס זאָגן אָף פערעלען קיין קרום וואָרט ניט. רײַשיס, ווייסן אַלע, אַז זי איז ניט קיין רעכילעסניצע, ניט קיין ליגנערטע, ניט קיין סעדעכע. ווער נאָך פון די שול־היים־מיידלעך פאַרמאָגט אַזעלכע מײַלעס? דעם סאַמע ביטערסטן עמעס וועט זי זיך ניט שעמען זאָגן אין די אויגן. „מיטן עמעס, זאָגט זי, האָב איך זיך ניט וואָס צו שעמען...״ די מיידלעך טײַטשן פערעלעס עמעס אָף זייער אויפן: „דאָס הייסט נעמען אַ בײַטש און שמײַסן זיך אַליין. נאַרישע וואָס דו ביסט, ווער שלעפּט דיך פאַר דער צונג?..״

— נעמט, מיידלעך, צערײַסט מיך אָף שטיקלעך, — ענטפערט זי אופגע־טראָגן, — אָט אַזאַ בין איך. און איר וועט מיך ניט איבעראַנדערשן.

אוואַדע קימערט פערעלען, וואָס די סאַמע נאָענטסטע כאַווערטעס בלאָזן זיך, קנײטשן מיט די נעז, ווילן ניט לײַדן, האַלעמײַ זי שטעלט זיך אײַן פאַרן יוישער. אונדזערע ייִנגלעך זײַנען שוין לײַטישער. זיי וועלן זיך ניט קריגן מיט פערעלען דערפאַר, וואָס זי זוכט אומעטום דעם עמעס. מיר ווייסן: ווען אַלע זײַנען אַזעלכע, ווי פערעלע, וואָלט עפּשער געהערשט שאָלעם צווישן די ייִנגלעך און מיידלעך.

כ׳קאָן עס ניט דערקלערן, נאָר שטענדיק, ווען איך באַגעגן זיך מיט פערעלען אויג־אָף־אויג, טיאָכקעט בא מיר דאָס האַרץ. אין קאָפּ נעמט שווינדלען, איך ווער עפּעס צעטראָגן, פאַרליר זיך... דאָס, וואָס איך רעד

צו איר, טראַכט איך ניט, און דאָס, וואָס איך טראַכט, זאָג איך איר ניט... געוויס זעען אויס מײַנע רייד נאַריש, לעפּיש, אומגעלומפּערט.

דאַרף זיך אָבער טרעפן, אַז איך און פּערעלע פאַלן אַרײַן אין איין קאָמיסיע — אין דער ווירטשאַפט־קאָמיסיע. פיל איך זיך פאַר איר נאָך מער שעמעוודיקער. צוויי מאָל אין וואָך קומען פאָר די זיצונגען פון אונדזער קאָמיסיע. פּערעלע פירט דעם פּראָטאָקאָל, און איך בין דער פאָרזיצער. דער סיידער־האיום איז אויף יעדער זיצונג אַ היפּשער: דאָס געפּעס ברעכט זיך צופיל, קיין נײַע שיסל און לעפל קומען ניט צו, אין שפּײַז־קאַמער האָבן זיך פאַרפירט מײַז, די קעכערן קלאָגט זיך, אַז סע קלעקט איר ניט קיין האָלץ. אייניקע שטעלן פראַגן, אַנדערע טראָגן אַרײַן פאָרשלאָגן: מע וואָלט געדאַרפט אוועק אין וואַלד אַרײַן צונויפקלײַבן די צווײַגן, וואָס פאַלן אָפּ פון דיביימער, אונטערקלײַבן אַראָפּגעפאַלענע שישקעס מאַכט אויך ניט אויס. אין אונדזער בלעכענעם סאַמאָוואַר, אין וועלכן עס גייט אַרײַן עטלעכע עמער וואַסער, ברענען די שישקעס נאָך בעסער ווי שפּע־נער.

— פאַרשרײַב, פּערעלע, וואָס מע דאַרף נאָך טאָן.

געהערט און באַשלאָסן — צוויי פּעט אונטערגעשטראָכענע ווערטער.

אַ ביסעלע ערגער איז מיט דער ווײַטערדיקער פראַגע.

ניט אַלע קלאַסן פאַרמאָגן טאָוולען. פאַרן טאַלמיד איז עס אַ גרויסער כיסאָרן. באַזונדערס שווער איז דעם קליינוואַרג. זיי ווילן זען אַלצדינג מאַמאָשעסדיק, אָנשווילעך. פרעגט זיך די קאַשע: וואָס פאַר אַ באַשלוס קאָן אָנעמען די אומבאַהאָלפענע ווירטשאַפט־קאָמיסיע?

ווען ניט די קליינוווּקסיקע געטרײַע לערערן, אַניוטע, וואָס פירט אָן מיט דער דאָזיקער קאָמיסיע, וואָלטן מיר קיין איין פראַגע ניט געקאָנט לייזן. זי, די לערערן, געפינט שטענדיק אָן אויסוועג. נאָר קודעם שלעפּט זי אונדז פאַר דער צונג, וועקט אונדזער אייגענע איניציאַטיוו: „טראַכט זיך, קינדער, גוט אַרײַן, — טאָרעט זי יעדן מיטגליד פון דער קאָמיסיע, — זוכט אַליין אויס אָן אייצע. עפּשער וועט עמעצן פון אײַך אײַנפאַלן אַ גור־טער געדאַנק...״ אָפּטמאָל האָט די לערערן צו אונדז ערנסטע און גערעכטע טײַנעס: האַלעמײַ מע פאַרלאָזט זיך שטענדיק אויף איר.

— וואָס זײַנט איר געבליבן שטיין אינמיטן וועג? איך וויל הערן אײַער מיינונג, — מאָנט זי פון אונדז, — פאָרזיצער, פרעג נאָכאַמאָל, ווער האָט פאָרשלאָגן?

כאָטש איך בין פאָרזיצער, וואָלט איך אַ באַלן געוועזן, אַז אַלע מיט־גלידער פון דער קאָמיסיע זאָלן אַ ביסעלע שווײַגן. לאָמיך זיך כאָטש אָב־זעטיקן מיט פּערעלעס שיין געזיכט. איך וויל וואָס לענגער זיצן און קוקן אויף איר. איך מיין, אַז קיינער וועט מיך אין גאַרניט כוישעד זײַן. ווען וועל איך האָבן נאָך אַזאַ געלעגנהײַט?

— פאָרזיצער! כאַלעם ווינציקער. זײַ ניט אַזוי פאַרטראַגן. דאַכט זיך, ראָכעלע די ווײַסע בעט אַ וואָרט. (מיר פאַרמאָגן אין אונדזער קלאַס דרײַ ראָכעלעס — ראָכעלע די ווײַסע, ראָכעלע די שוואַרצע און ראָכעלע די געלע).

זאָל זי רעדן, אויב זי וויל, ראָכעלע די ווײַסע. בעמיילע איז ניטאָ וואָס

צו הערן. איך וועל דערווײַל קוקן אַף פּערעלען, ווי זי זיצט אנטקעגניִבער מיט א צוגעביסן ליפּעלע און פאַרשרײַבט אין פּראָטאָקאָל אלע ארויס־טרעטונגען און פֿאָרשלאָגן. אַף איין זײַט, גאנץ גענוי פאַרשרײַבט זי דעם „געהערט", און אַף דער צווייטער זײַט, מערער געפּרעסט, מיט עטלעכע געציילטע ווערטער פאַרשרײַבט זי דעם „באַשלאָסן". דערווײַל איז בא פּערעלען ניט פאַרשריבן קיין איין וואָרט, גלײַך די קאָמיסיע איז געזעסן די גאנצע צײַט מיט איבערגעבונדענע מײַלער. אויב אזוי, קאָן מען דאָך אוואדע זיצן לאנג־לאנג, איינער אנטקעגן אנדערן ביז שטאָק־נאכט. זאָלן פּערעלעס שווארצע לאָקן הענגען איבערן פּראָטאָקאָל, און מיר אלע זאָלן קוקן אַף איר און זיך כידעשן.

אז עס קומט מיר אמאָל אויס ווענדן זיך צו פּערעלען מיט עפּעס א וואָרט, שעם איך זיך דערנאָך פאַר מײַנע כאַווײרים, גלײַך ווי איך וואָלט באגאנגען קעגן זיי אן אוולע. ניט אלעמאָל איז זי צו מיר גוט, ניט אלע־מאָל וויל זי ענטפערן אַף מײַנער א פראגע. אָפט קוקט זי אַף מיר אָנגע־כמורעט, שיר ניט באליידיקט.

בא אונדז אין שול־היים איז ניט אָנגענומען, אז א ייִנגל מיט א מיידל זאָלן בלײַבן איינע אליין אויג־אַף־אויג, טאקע דערפאַר קוק איך מיט אומ־געדולד ארויס אַף די זיצונגען פון דער ווירטשאפט־קאָמיסיע.

ווי גוט און ווויל איז, וואָס פּערעלע לערנט זיך מיט מיר אין איין קלאס, עסט מיט מיר בא איין טיש. טרעפט אמאָל, אז זי איז ניטאָ, איז דער טאָג בא מיר קיין טאָג ניט. דער אינטערעסאנטסטער לימעד איז פאַר מיר אומעטיק און נודנע. אז פּערעלע איז ניטאָ, ווערט מיר אלצדינג גיך נימעס. אין אזא טאָג גיי איך ארום א פאַרומערטער. אז זי ווערט, כאָלילע, קראנק, פּערעלע, לויפן טייקעף אוועק אירע כאַווערטעס זי מעוואקער־כויִ־לע זײַן. איך שעם זיך גיין צוזאמען מיט די מיידלעך, אָבער צו איר שטוב קום איך פריִער פון אירע סאמע געטרײַסטע כאַווערטעס, דריי זיך ארום הין און צוריק, כאַפּ א קוק אין איר פענצטערל און לויף גיך, גיך אוועק פונעם שמאָלן געסל, פונקט איך האָב אָפּגעטאָן ניט קיין שיינע זאך...

פאַר פּערעלען בין איך זיך קיינמאָל ניט מוידע, אז איך בין געשטאנען לעבן איר שטוב און ארײַנגעקוקט אין איר פענצטער. איך מאך זיך טאַ־מעוואטע, גלײַך איך ווייס פון גאָרנישט ניט.

— ביסט דען נעכטן אין שול־היים ניט געווען? ביסט געלעגן קראנק, זאָגסטו? — מאך איך דעם אָנשטעל. — הער א מײַסע, און איך האָב ניט גע־ווּסט...

ווער קאָן עס וויסן, צי האָט עס זי פאַרדראָסן, וואָס כ'האָב ניט בא־מערקט איר אָפּוועזנהײַט? אויב אפילע יאָ, מאכט אויך ניט אויס. איך טאָר, כאַסוועכאָלילע, ניט ווײַזן פאַר איר קיין מינדסטן סימען, זי זאָל זיך אין עפּעס וואָס אָנשטויסן. אָבער דערצו מוז מען האָבן א הארץ שטארקער פון אײַזן. שפּעטער, ווייס איך, וועל איך עס גוט אויסקרענקען.

דערנאָך נעם איך זיך אָן מיט מוט און רוף זיך אָן:

— אז מע שטייט אויף נאָך א קרענק, שאדט ניט דעם האלדז פאַרבינדן.

— א גאנצער פּראָפעסאָר, אלצדינג ווייסטו, — מעסט זי מיך אָפּ מיט א

ביטלדיקן בליק. — אז דו וועסט ווערן א דאָקטער, וועל איך בא דיר גיין פרעגן, צי דער האלדז דארף זײַן א פארבונדענער צי אן אָפענער.

דעם לוין מײַנעם האָב איך קאָשער פארדינט.

ניטאָ בא אונדז קיין שאָלעם. וועגן וואָס מיר זאָלן ניט שמועסן, איז נאָר קידער־ווידער. מיר ענטפערן אײנער דעם אנדערן מיט שטעכווערט־לעך, סטארען זיך ארויספירן אײנער דעם אנדערן פון די קײלים.

וויל דען פערעלע אינדערעמעסן מיר טאָן אין טויט ארײַן?..

זינט זי האָט זיך אומגעקערט, איז דער עלטערער קלאס ווידער אופּ־געלעבט געוואָרן. עס לאָזט זיך אפּסנײַ הערן איר פריילעך קלינגענדיק קאָל, איר באטאמט לאכן. און אז פערעלע פרייט זיך, אז פערעלע לאכט, פילסטו, ווי דײַן נעשאָמע ווערט דערהויבן ביז די הימלען.

ווען פערעלע זיצט אין קלאס, איז מיר עפּעס אזוי גוט און גרינג אפן הארצן, אז איך בין גרייט שפּרינגען ביז דער סטעליע, זיך קאטשען לענגויס דעם קאָרידאָר, קריכן אף די גלײַכע ווענט.

— ער איז שוין ווידער ארויס פון די האָלאָבליעס, — בייזערט זיך די קליינוווקסיקע לערערן אניוטע, — א ייִנגל זאָל עס האָבן אזעלכע ווילדע געוועג. מע קאָן גאָר פון אים ניט ארויסטרײַבן די בערקוטישע שטיק.

זאָל זי מיר הונדערט מאָל מויכל זײַן, די לערערן אניוטע. איר שטרענ־גער מוסער גייט מיר אין איין אויער ארײַן און אינעם צווייטן ארויס. איר גייט, אפּאָנעם, ווינציק אָן, וואָס פערעלע איז געזונט געוואָרן.

— איי, דו, סאמאָוויטער, — כאפּט מיך ארן סקליאר פארן קאָלנער, ווי מע כאפּט א צעווילדעוועטן צאפּ, — מארש אין דרויסן ארויס!..

אין דרויסן ווער איך א ביסעלע געצוימטער. דער לערער האָט רעכט מיך באשטראָפן פאר מײַן צעלאָזנקײַט, אָבער, גאָט באהיט, ניט מיט יענער שטראָף, פאר וועלכער מיר ציטערן אלע איימעס־מאָוועס.

ווער ווייסט ניט, אז פערעלע איז אונדזער קרוין — דער ליבלינג פון אונדזער גאנצן קינדער־קאָלעקטיוו. קומט אויס אמאָל שיקן א פאָרשטייער פון שול־היים אין א צווייטן אנשטאלט אף א פײַערלעכן אָוונט, אָדער אף א יויוול אין קאָמיוגישן קלוב, צי אף א סאך אנדערע סימכעס, רופט מען גלײַך אויס פערעלעס נאָמען. מעגלעך, אז עמעצער פון די מיידלעך איז אין זיך מעקאנע פערעלען, נאָר ווער וועט דאָס אָפן ארויסזאָגן? קאָן דען עמעצער אָפּלייקענען, אז פערעלע איז אונדזער צירונג? מיר שעצן הויך איר שטעלן זיך פארן עמעס, איר אניוועסדיקײַט און טאקע איר איידעלע פירעכץ. פון מיר אליין איז שוין אָפּגערעדט: אין מײַנע אויגן איז זי שע־נער, קליגער, פארשטאנדיקער פון אלע איבעריקע מיידלעך.

הײַנט איר ליב קאָל, איר זינגען איז דאָך מאָלע־טאַם!
אָט הערט נאָר, הערט...

אין וועלדל באם טײַכל, דאָרט זײַנען געוואקסן
מארגאריטקעלעך עלנט און קליין...

ניין, איר הערט שלעכט... און איך הער איר קאָל אפילע אף דער צענ־טער גאס.

## ייִנגלעך... מיידלעך...

אויב די מיידלעך וועגן היפּשלעך אריבער אין דער צאָל, הייסט עס נאָך ניט, אַז זיי זײַנען שטענדיק גערעכט. אָפּגעשטימט? וואָס זשע איז דערפון געדרונגען, אַז מע האָט אָפּגעשטימט? אוואדע האָבן שטענדיק די מיידלעך אַ מערהײַט — אַ גאַנצער וואלד אופגעהויבענע הענט. אלפּי־סייכל און אלפּי־דין וואָלט געדארפט זײַן האלב אף האלב. טײַנען די לערער, אז דאָס איז נאריש, אַ באשלוס נעמט אָן דער קאָלעקטיוו אינגאנצן גענומען, ניטאָ קיין ייִנגלעך באזונדער און מיידלעך באזונדער. די מינדער־הײַט ווארפט זיך אונטער דער מערהײַט. ווילן אָבער ניט די ייִנגלעך זיך אונטערוואַרפן דער מיידלשער מערהײַט, וואָס קומט זיי דערפאַר? דער אײַנרײַס, אָדער, ווי די לערער רופן עס אָן, דער אנטאגאָניזם, ווערט וואָס אמאָל שארפער. אָט אזוי האָבן זיך געשאפן צוויי קעגנערשאפטן, וואָס דערפירן אָפט צו הייסע צוזאַמענשטויסן: מע רײַסט זיך פאר די שלייערס, מע בײַסט זיך פאר די נעז, אַז סע גייט אזש אַ רויך. וועגן דעם, שטויס איך מיך אָן, האָט מען געגעבן צו וויסן דעם כאווער יאקאָוו. באַ זײַן גאנ־צער פארנומענקײַט האָט ער אָנגעהויבן אָפטער ארײַנקוקן אין שול־היים.

נו, איז וואָס? אדעראבע, זאָל ער קומען, אויספרעגן, בעמיילע וועט ער ארויס ניט וויסנדיק. דער וואָרעם ליגט אזוי טיף באגראָבן, אַז ער וועט זיך צו אים קיינמאָל ניט דערגרונטעווען. ער פארשטייט דען אליין ניט, אַז פאר אַ גאסט ווײַזט מען שטענדיק אַ לײַטיש פּאָנעם? אין דעם כאווער יאקאָווס אָנוועזנהײַט זײַנען אלע קינדער קאָשערע לעמעלעך. אינוויייניק קאָכט, ווי אין אַ זודיקן קעסל, נאָר ער וועט דאָס ניט באמערקן. מע האָט עס זייער שיין פאריבן מיט אַ טענצל, פארשטעלט מיט אַ האָפערדיק לידל. פאר אַ ליבן גאסט ווײַזט מען דעם אויבערשלאק, ניט דעם אונטערשלאק. די קינדער פון שול־היים זײַנען געוועזן ביז גאָר אופמערקזאם צום כאַ־ווער יאקאָוו. דאָס נעמט זיך דערפון, ווײַל מיר האָבן צום פּאָליטפּראָסוועט גרויס צוטרוי, געדענקען גוט, וויאזוי ער האָט זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט פאר דעם דאָזיקן קינדער־אנשטאלט, וועלכן מיר רופן איצט אָן שול־היים. אלע האָבן מיר בעעמעס ליב דעם פּאָליטפּראָס־ וועט אונדזערן, דעם כאווער יאקאָוו, מיטן גאנצן הארצן. אָבער אנטפּלעקן פאר אים די גאנצע הושטשע, וואָס האָט זיך אָפּגעזעצט אין קאָלעקטיוו, איז אַ בושע. דאָס קאָן אים פארשאפן אגמעסנעפּעש.

ס'איז שוין אזוי ווײַט פארגאנגען, אַז די ייִנגלעך און די מיידלעך האָבן ניט געקאָנט אָנקוקן איינע די אנדערע, זיך פײַנט געהאט טאכלעס־סינע. יעדן טאָג קומט אף אונדז, ייִנגלעך, אַ בייזע אויסטראכטעניש. זיי, די ייִנגלעך, הייסט עס, ברענגען בעז־צווײַגלעך, שניצן ווו מע גייט און ווו מע שטייט פארשיידענע שטעקעלעך, מאכן זיך ווערבע־פײַפלעך — שרײַבן די מיידלעך אַ פריש מעסירעלע און בעטן די לערער אָנעמען מיט־ לען.

עס שמעקט שוין ווידער מיט יענער שטראָף, וואָס הייסט איצט ניט אנ־ דערש ווי „אָנגענומענער פרינציפּ". נישקאָשע, די ייִנגלעך האָבן זיך אויך

ניט געלאָזט שפּײַען אין דער קאַשע. אויב שוין יאָ אַזוי, זאָל זײַן, ווי עס שטייט געשריבן אין כומעש: אַן אויג פאַר אַן אויג.

דער גוירל אָף נעמען נעקאָמע אין די מיידלעך איז געפאַלן דאַפקע אָפן שעפּעליאַוון, אָף יאַסעלע ראַווינסקי. בעשאַס די מיידלשע סוויטע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום פאַרוקטן קעמערל פאַר קאָלערלײַ ברוכוואַרג (דאָרט האַלטן זיי שטענדיק אָפּ אַלע זייערע געהיימע באַגעגענישן), האָט ער זיך פאַרגאַנוועט און פאַרשלאָסן זיי אָף אַ שלאָס. זאָלן זיי דאָרט קאַוואַטשען...

מע זאָל דאָרט שרײַען פון הײַנט ביז איבעראַיאָר, וועט קיינער ניט הערן. ביז מע האָט זיך דערוווּסט און ביז מע האָט אַראָפּגעשלאָגן דעם שלאָס, האָט געדויערט שיינע עטלעכע שאָ.

די לערער זײַנען געווען אופגערודערט ביז גאָר: ס'איז אַן אומגעהערטע זאַך. אַ הימל־שרײַענדיקער סקאַנדאַל. ניטאָ אין קאָלעקטיוו קיין ברעקל דיסציפּלין. וויפל איז דער שיר זיך פאַנקעווען מיט זיי! אויסקאָרענ!ען מיטן וואָרצל!..

די שול־היים איז געגאַן כאָדאָראָם, ס'האָט זיך געטאָן כוישעך. אין די מיידלעך האָט געברענט דער ביזאָיען, זיי האָבן זיך גאָרניט געריכט אָף אַזאַ מאַפּאָלע. גוט אַזוי, זאָלן זיי וויסן, ווי רייצן זיך, טרײַבן רעכילעס, אײַנעסן זיך אין די ביינער.

ווער פרייט זיך? די יינגלעך. אָפּגעהאַלטן אַזאַ גרויסן ניצאָכן — נאַט, זעט אײַערע גוטינקע אומשולדיקע לײַטישע מיידלעך, מיט וועמען איר, לערער, באַרימט זיך.

דערווײַל אָבער קאָן קיינער זיך ניט אָנשטויסן, וועמענס שפּיצל דאָס איז. מע דאַרף טאַקע האָבן אין זיך געננוג מוט, קעדיי גיין איינער אַליין אָף אַזאַ אײַנשטעלעניש. אָף וועמען מע וויל קאָן מען גלייבן, נאָר ניט אָף דעם שעפּעליאַוון יאַסעלען. גראַד אים האָט מען כוישעד געווען ווײַניקער ווי עמעצן אַנדערש. זײַן שטיקל אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן ריין און טשאַקנדיק.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אַלץ אופגעדעקט געוואָרן. די לערער האָבן אָפּסנײַ זיך אַ נעם געטאָן פאַר אָט דעם איניען. מיט איין קאָל — זיי טאָרן דאָס ניט פאַרשווײַגן. די שולדיקע מוזן שטרענג באַשטראָפט ווערן! מע טאָר ניט דערלאָזן, אַז אַזאַ מיִעסע קרענק זאָל פאַרשפּרייט ווערן.

איינציקווײַז רופט מען אַרויס אין לערער־צימער די יינגלעך פון על־טערן קלאַס. קיינער ווייסט פון גאָרניט. נעמט שינדט אַראָפּ פון זיי די פעל, שנײַדט די צונג, טרייבערט די קישקעס, טוט וואָס איר ווילט. אַז מיר ווייסן פון גאָרניט צו זאָגן. שוועס? מיר זײַנען גרייט געבן שוועס.

איצט זײַט אַ נאָווי און טרעפט: ווער, אַשטייגער, איז געלאָפן אָפּטראָגן די פּאָטשט? ניין, איר וועט זיך אין לעבן ניט אָנשטויסן. איר ווילט וויסן, ווער עס איז געווען דאָס פּאָדלע יינגל, וואָס האָט געמאַסערט? מייערל!

יאָ, דאַפקע דער שטילסטער צווישן אַלע שטילע, אַ יאָכיד אין קאָלעקטיוו. אַפילע די מעסירע צו די לערער האָט ער אָפּגעטראָגן אַזוי שטיל, אַז קיינער האָט ניט באַמערקט. גיי ווייס, וואָס אין אַזאַ ווערעמדיק יינגל שטעקט. ניט אומזיסט זאָגט מען: שטיל וואַסער גראָבט טיף.

מייערל שווערט בא טאַטע־מאַמע, אַז דעם געזונטן אײַזערנעם שלאָס

האָט ער געזען, ער זאָל אזוי זען אףביידע אויגן, באם שעפעליאווון, בא יאָסעלע ראַווינסקין. א סימען? ער קאָן באַווײַזן דעם בעסטן סימען. יאָ־סעלע האָט געוואָלט אויסבײַטן דעם שלאָס אף א רויט־בלויען בלײַער בא איינעם א שילער פון דער ארבעט־שול. איצט זאָל יאָסעלע אים זאָגן אין די אויגן, צי זאָגט ער, כאָלילע, א ליגן?

— עפשער ניט?..

יאָסעלע לייקנט שטיין און ביין: סע הייבט זיך ניט אָן און עס לאָזט זיך ניט אויס. מייערל, דעם לערערס בראַטאָקל, וואָס איז ניט ווערט זײַן פידמעטקע, טראַכט פּאָשעט אף אים אויס א בילבל. ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. דער דורעסוויטניק וויל זיך אײַנקויפן ליבשאַפט בא די לערער, דאָס גאָר. פּאַרוואָס שטעלט ער ניט ארויס קיין איידעס? ווו עס איז ניטאָ קיין איידעס, איז די שולד קיין שולד ניט.

מע וועט אָנעמען די סאַמע שטרענגסטע מיטלען! — דראָען די לערער. — זיי וועלן זיך פאר גאָרנישט ניט אָפּשטעלן. זאָל נאָר דערוויזן ווערן, אז יאָסעלע האָט אופגעהאַנגען דעם שלאָס און פאַרשפּאַרט א גרופּע מיידלעך אין קעמערל, וועט מען אים גלײַך אויסשליסן פון שול־היים.

— סליסט מיך אויס, — טײַנעט יאָסעלע.

אז דער שעפעליאַוווער האָט געקאָנט גיין אף אזא זאַך, הייסט עס, די מיידלעך זײַנען אים שוין גוט דערגאַנגען די יאָרן. דאָס האָבן זיי, די מיידלעך, אָפּגעשפּעט פון אים, גערייצט זיך, אָנגערופן „שטומע לעלע".

— סרעקט ניט, — שטייט יאָסעלע אָן אופגערעגטער פאַרן בינטל לע־רער. — איך וועל אויך ניט פאַרסווײַגן.

די לערער זײַנען צוגעשטאַנען צו יאָסעלען פון אלע זײַטן. ער מוז זיך מוידע זײַן אין דעם, וואָס ער האָט אופגעטאָן, און נאָך מוז יאָסעלע זאָגן, ווער איז געווען זײַן שוטעף.

— דײַן שטראָף, יאָסעלע, וועט זײַן א סאַך א גרינגערע, אויב דו וועסט ערלעך אנערקענען דײַן שולד.

— איך בין ניט סולדיק, — טײַנעט ער אייננמאָל פאַר אלעמאָל, — איך בין ניט סולדיק. די איבעריקע יינגלעך ווייסן אויך פון גאָרניט. איך קאָן פאר זיי גיין סווערן.

מיר זײַנען געווען אופגעטראָגן אף מייערקען. די יינגלעך וועלן עס אים קיינמאָל ניט מויכל זײַן. פאר גיין מאַסערן שוינט מען ניט קיין אייגענעם ברודער. איך בין באַוואָרנט, ניט היינט, איז מאָרגן, זײַן פאַרדינטן גאָב וועט ער באַקומען.

דער שעפעליאַוווער איז אין אונדזערע אויגן געוואָרן מיט צען קעפּ העכער.

— האַלט זיך! — האָט אים שלוימקע ליבעס אונטערגעגעבן מוט. — מיר וועלן דיך ניט לאָזן פאַלן!

אינעם לערער־צימער פירט זיך שלוימעלע ארויסרופעריש:

— וואָס האָט איר זיך צו אים צוגעטשעפּעט אומזיסט און אומנישט? שטענדיק זײַנען בא אײַך שולדיק נאָר די יינגלעך. די מיידלעך זײַנען קאָ־שערע בעשאָמעס. זיי מעגן טאָן, וואָס זיי ווילן.

— אָך, דו ביסט אויך איינס מיט יאָסעלען? — ווערט די לערערן פרידע

אזש בלייך. — שעמען מעגסטו זיך! וואָס איז דאָס פאר א רייד? און דאָס הייסט אָרגאניזירטע קינדער? אָנשטאָט מיטהעלפן די דערציִערס, אופדעקן שלעכטע מידעס, פארורטיילן אזעלכע געגג, ווי בא יאָסעלע ראָווינסקי!

— פארוואָס עפּעס נאָר בא איין יאָסעלע ראָווינסקי?

וועגן דעם ווייסן מיר ניט, אז מע האָט ארויסגערופן יאָסעלעס שוועס־טער, ציוויע, וועלכע ארבעט אף דער געוואנט־פאבריק, זי זאָל זאָגן איידעס וועגן שלאָס. ערשט דאן איז ארויסגעשוווּמען דער גאנצער עמעס, ווי בוימל אף וואסער. יאָ, זי האָט באשטעטיקט, אז דער שלאָס איז טאקע פון זייער האָלץ־שטאלעכל. קיין בעסערע באווייַזן האָט מען שוין ניט באדארפט.

די לערער ווילן ניט גלייבן, אז נאָר איין יאָסעלע איז שולדיק, דאָ מוזן זייַן ארייַנגעמישט נאָך יינגלעך. איינער אליין, אָן קיינעמס וויסן וועט יאָסעלע ניט וואגן. די לערער זוכן, פאָרשן, נאָר — אומזיסטע טירכע. יאָ־סעלע ראָווינסקי דערווייַזט, אז ער האָט זיך אליין זייער שיין ספּראוועט, אָן קיינעמס הילף.

זייַנען די לערער געווען צופרידן, וואָס מע האָט כאָטש איינעם פון די מאזיקים געפאקט בא דער האנט.

— איצט זעט איר שוין, — פרייען זיי זיך, ווי מיט עפּעס רעכטס, — מיר האָבן קיין טאָעס ניט געהאט. איצט וועט פאר אלעמענס אויגן אוועק־געלייגט ווערן דאָס פעקל אפן טיש. דעם בלאָטער מוז מען אופשטעכן. זאָל דער גאנצער קינדער־קאָלעקטיוו אים מישפּעטן.

צוליב דעם איז נייטיק, פארשטייט זיך, צונויפרופן אן אלגעמיינע פאר־זאמלונג. די לערער האָבן באשטימט ניט אָפּלייגן דעם איניען אין דער לאנ־גער באנק.

אף דער שטורמישער פארזאמלונג איז בייַגעווען דער כאווער יאקאָוו. דאָס האָט א ביסל געפּענטעט דעם צעבושעוועטן אוילעם. כ׳ווייס ניט, צי עס איז קעדייַ געווען אים ארויפברענגען, ער זאָל אויסהערן די אלע רע־כילעסן, בילבולים, די אלע רייַסענישן, וואָס קומען בא אונדז פאָר.

דאָס קליינע בינטעלע לערער זיצן צווישן די קינדער, ענג צונויפגע־דריקט אף בענק און אף פּארטעס. קימאט איינשטימיק ווילט מען אויס מיך פאר פּאָרזיצער און פּערעלען פאר סעקרעטאר. זאָל עס הייסן פארן כאווער יאקאָוו, אז אין טאָך גענומען איז ניטאָ קיין מעכיצע צווישן די יינגלעך און מיידלעך.

ווי ווייַט מעגלעך וויל מען פארשטעלן פארן פּאָליטפּראָסוועט דעם ריי־נעם עמעס. בא דעם קליינעם לערער־טישל זיצן מיר אינצווייען מיטן פּאָ־נעם צו דער פארזאמלונג. פּערעלע פירט דעם פּראָטאָקאָל מיט איר שיינעם קסאוו, אָבער איך זע גוט, ווי זי איז אויך אופגערודערט. מיר דוכט, אז איך פיר די פארזאמלונג מיט יוישער. איך שטיי ניט אפן צאד פון די יינג־לעך און ניט אפן צאד פון די מיידלעך.

דאָס צעטל אף נעמען ווערטער איז ניט אויסצושעפּן.

ווען מילי שפּאק האָט אינמיטן דער הייסער רעדע זיך צעיאָמערט, ניט אופגעהערט שיטן פעך און שוועבל אף די יינגלעך, אז זיי זייַנען וואָס אין דער קאָרט, האָב איך זי גלייַך אָפּגעשטעלט און געבעטן, זי זאָל ארויס־גיין זיך אויסוויינען אין דרויסן.

— ווײַנען גאָר? פאר דײַן מאמען וועסטו זיך פעסטען. א וואָרט באקומט שלוימקע ליבעס.

שלוימקע איז צוגעגאנגען צום טישל און אָנגעהויבן רעדן דרייסט, ענערגיש:

— איך ווייס ניט, צי מע דארף נאָר איין יאָסעלען פארורטיילן פאר זײַן ניט שיינעם טאט. ווער, פרעג איך בא אײַך, האָט אים געטאָן אין טויט ארײַן? זאָלן די מיידלעך כאָטש דאָ אף דער פארזאמלונג זײַן אופריכטיק. זיי פילן זיך שולדיק קעגן אים, צי ניין?.. דאָס האָבן מיר פון זיי נאָך ניט געהערט. פארוואָס האלטן זיך די מיידלעך אָפגעזונדערט? ווער האָט זיי געטריבן אין יענעם פארוואָרפענעם קעמערל טרײַבן רעכילעס? דאָס האָבן זיי, די מיידלעך, ארײַנגעטראָגן אין קאָלעקטיוו די אלע מיִעסע צונעמען. שולדיק זײַנען אויך א ביסל די לערער. די לערער אונדזערע האָבן, פונדעסטוועגן, באדארפט באצײַטנס אכטונג געבן, ס׳זאָלן ניט געשאפן ווערן קיין צוויי באזונדערע לאגערן.

שלוימקע איז אף א ווײַלע אנשוויגן געוואָרן. איך האָב געמיינט, אז ער האָט שוין געענדיקט, נאָר איך האָב א טאָעס געהאט.

— ניין, — זאָגט ער ווײַטער, — דערלויב! איך האָב ניט געמיינט דאָ, כאָלילע, אונדזערע לערער באליידיקן. אויב איר ווילט שוין יאָ באשטראָפן יאָסעלען, בעט איך די פארזאמלונג, דעם גאנצן קאָלעקטיוו: שליסט אים ניט אויס פון שול־היים, דאָס וואָלט געווען צו א גרויסער בראָך, סײַ פאר דער שוועסטער ציוויע און סײַ פאר זײַן טויבער מאמע. איך ווייס, די מיידלעך וואָלטן א באלן געווען, מע זאָל אלע יִינגלעך אויסשליסן פון שול. פריִער יאָסעלע ראָווינסקין, דערנאָך אונדז אלעמען. נאָר דאָס וועלן זיי זיך ניט דערווארטן.

פערעלע איז אופגעשפרונגען, ווי אן אָפגעבריטע:

— שלוימקע רעדט ניט צו דער זאך. איך בעט דעם כאווער זײַנעם... כ׳מיין דעם פאָרזיצער, רופן שלוימקען צו אָרדענונג.

צווישן די קינדער האָט זיך אָנגעהויבן א שטיקל גערודער. דעריקער האָבן געזשומעט די מיידלעך.

— א וואָרט באקומט די לערערן אניוטע.

די נידעריטשקע דערציִערן מיט די גרויסע בייזלעכע אויגן איז גלײַך אויסגעוואקסן לעבן הויכן פענצטער, זיך לײַכט אָנגעשפארט אין דער צעקרעלטער ראם־ברעט און פארוואָרפן איר בליק צו יענעם ווײַטן ווינקל, ווו עס איז געזעסן דער כאווער יאקאָוו.

— זאָל זיך קיינעם ניט דוכטן, אז בא די לערער זײַנען פאראן יאכסאָנים, ליבלינגען, בעסערע קינדער, ערגערע קינדער. בא אייניקע איז א פאלשע פאָרשטעלונג וועגן אונדזער פעדאגאָגישער ארבעט!

זי האָט איבערגעכאפט דעם אָטעם, אומרויִק און נערוועז א פיר געטאָן מיט איר ראָזלעך טיכעלע איבערן צעווארעמטן פענעמל.

— ניט צוליב דעם האָבן מיר זיך דאָ צונויפגעזאמלט, קעדיי פעסטשטעלן, ווער איז דאָ שולדיק און וועמען שטעלן צום געריכט. שולדיק זײַנען אי די יִינגלעך, אי די מיידלעך, אי די לערער! סע גייט ניט נאָר אין איין יאָסעלע ראָווינסקי. ווען מיר זײַנען זיכער, אז נאָר ער אליין איז דער

שולדיקער, וואָלטן מיר אים שוין לאַנג באַזײַטיקט פון קאָלעקטיוו. די פראַגע שטייט גאָר אַנדערש: וואָס דאַרף מען טאָן אַף אָפּשאַפן די מעכיצע צווישן די ייִנגלעך און די מיידלעך. מיר אַלע ווייסן גאַנץ גוט, אַז דאָס איז א רעשטל פון דער אַלטער שול־דערציִונג. מיר מיט אײַך, קינדער, בויען א נײַע געזעלשאַפט, א סאָציאַליסטישע. די סאָוועטישע לערערשאַפט דערציט אײַך אין א נײַעם גײַסט, אַף גאָר אַן אַנדער שטייגער.

די לערערן פרידע האָט גערעדט א סאַך פּאָשעטער:

— סע פלאַמט מיר דאָס פּאָנעם פאַר בושע. איך מיין, אַז יעדערער פון אונדז פילט זיך געטראָפן. לאָמיר פּרוּוון מיט אַלע קויכעס אויסראָטן דאָס בייזע און נידעריקע, וואָס אין אונדז שטעקט.

אַרל סקליאַר רופט די געשעעניש אַף זײַן אויפן, זי הייסט בא אים מאָזלען און פּאָקן. דער קאָלעקטיוו, זאָגט ער מיט לײַכטן שפּאַס, וועט דעם דאָזיקן בייזווונדער אויך איבערקומען.

— שיפרע די קליינע! — רוף איך אויס לויט דער ריי פונעם צעטל (די פרומע גאַבעטע טאָר מען ניט זאָגן).

דערנאָך האָבן גענומען ווערטער לייעלע דער מאַמעס, עסטערקע די לאַנגע, דאָס דאַרע ליכטל, סאָנצעלע, די קלײַענדיקע שיינדעלע, ריווע פּאָמפּעשקע, מענדל דער רויטער און פיל אַנדערע. לייווי הייבט אַלעמאָל אוף די האַנט, ער האָט א פראַגע:

— איך וויל וויסן, צי מייערקען קומט א שטראָף, צי דעם מאָסער וועט עס אָפּלויפן גלאַט?

שפּעט האָט זיך פאַרצויגן די פאַרזאַמלונג. ווען עס איז געקומען צום כאַווער יאַקאָוווס וואָרט, האָבן מיר אַלע אָנגעשפּיצט מויל און אויער.

— אַלע, קאָן מען זאָגן, האָבן זיך דאָ אַף אײַער פאַרזאַמלונג אָנגערעדט א פולע פויק. — ער גייט פּאַמעלעך צו צום לערער־טישל, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אַרוף און קערעוועט אויס דאָס פּאָנעם צו די קינדער. — נאָר איך האָב ניט געהערט, אַז עמעצער פון אײַך זאָל זאָגן, אַז דעם שול־היים־קאָלעקטיוו דאַרף מען שפּאַלטן. ייִנגלעך באַזונדער און מיידלעך באַזונדער. אינדערעמעסן, וואָס פאַרא כלוקעדייעס קאָנען צווישן אײַך זײַן? ניטאָ! — צעפירט ער ברייט די אויסגעצויגענע הענט. — ניטאָ און קאָנען ניט זײַן! יאָסעלע ראָווינסקי איז טאַקע זיך באַגאַנגען ניט פײַן מיט זײַנע שוועסטער. ווי מיינט איר, כעווירע? מיר מוזן אָבער אָנערקענען, אַז די מיידלעך האָבן געהאַנדלט ניט לײַטישער. ריכטיק, מיידלעך? איצט א פּאָר ווערטער וועגן מייערקען. ווען ס'איז פאַראַן בא אײַך אַכדעס, עמעסע פרײַנטשאַפט, וואָלט אַזאַ מייערל ניט געהאַט ווו אויסצוּוואַקסן.

ער זשמורעט צו די אויגן, טוט א שמייכל און רעדט ווײַטער:

— איך מיין, אַז מייערל האָט ניט באַדאַרפט לויפן צו אײַערע לערער און, ווי איר זאָגט, צושטעלן א „בענקעלע". דאָס פּאַסט פאַר א טאַלמעדטויירעניק, פאַר א גימנאַזיסטל, פאַר א כיידער־ייִנגל. ניין, מייערל, מיט אַזעלכע כניפישע גענג וועסטו אין קאָלעקטיוו קיין גוטן שעם ניט פאַרדינען. איך מיין, אַז מייערל וועט דאָס נעמען אין אַכט.

שלוימקע האָט גענומען פּאַטשן מיט די הענט אַף וואָס די וועלט שטייט:

— מייערל! פאַרשרײַב זיך עס אַפן שטערן!

— זאָגט מיר נאָר, איך בעט אײַך, — ווערט דער כאַווער יאַקאָוו נאָך ערנסטער, — פונוואַנען קומט צו אײַך אין קאָלעקטיוו אָט דער אומזיניקער פאַנאַנדערײַס צווישן ייִנגלעך און מיידלעך? ווערליק מיר איז באַוווסט, זײַנען דאָ אין שול־היים אַלע גלײַך. אָט, לעמאָשל, — טוט ער זיך א קערעווע אויס צום טישל, — זיצט א פאָרזיצער און א סעקרעטאַר. איר האָט זיי אויסגעוויילט פירן די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. ווי מיר דוכט, זײַנען זיי ביידע טײַערע כעוורע.

פערעלע, א פאַרויטלטע, האָט מיט דער האַנט פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם. מיר האָבן אויך אָנגעהויבן פלאַמען די באַקן.

— איר זעט? — טײַטלט דער כאַווער יאַקאָוו אף אונדז מיטן פינגער. — זיי האָבן זיך אַפילע פאַרשעמט.

דער כאַווער יאַקאָוו האָט גערעדט נאָך זייער לאַנג, נאָר פערעלע האָט ווײַטער דעם פּראָטאָקאָל ניט געפירט, מאַכמעס ס'איז שוין געוואָרן גוט טונקל. נאָך דער צעוואַרעמטער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט ווי א מיטינג, האָבן מיר פײַערלעך געזונגען אַלע איניינעם די נײַע ליד:

צו וועמען געהער די גאַנצע מאַכט?
— צו די קינדער!
צו וועמען געהער די גאַנצע פּראַכט?
— צו די קי־י־ינדער...

זינט עס עקזיסטירט די שול־היים, האָבן ייִנגלעך און מיידלעך דאָס ערשטע מאָל זיך געהאַלטן אַזוי פרײַנטלעך, האַנט־בא־האַנט, קימאַט ווי אין קינדערהיים, אָדער ווי די קאָמיוגיסטן.

מע האָט קיינעם ניט באַשטראָפט. וואָס פאַר א ווערט קאָן דאָס האָבן נאָכן כאַווער יאַקאָווס רעדע? פון אונדז דערוואַרט מען דאָך, מיר זאָלן אויסוואַקסן ניט קיין פּאָשעטע מענטשן, נאָר עכטע, מוסטערהאַפטע קעמפער, רעוואָליוציאָנערן, וואָס זײַנען גרייט מאַפקיר זײַן מיטן לעבן פאַר די אידעאַלן פון קאָמוניזם! וואָס זשע פאַר א ווערט האָבן די נאַרישע רײַסערײַען?!.

שאָפלדיק, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט מייערל זיך צוגעשאַרט צו יאָסעלען און געבעטן בא אים מעכילע.

פאַר גרויס סימכע האָבן א טייל כעווּרע זיך געקליבן אַראָפּגיין צום טײַך, גראָד איצט איז זייער גוט זיך באָדן.

מיך האָט געצויגן ערגעץ אַנדערש.

אין דרויסן שטייט א וווּנדערלעכער אָפּדערנאַכט. פון די אַרומיקע צעוואָרפענע סעדלעך, אײַנגעוועבט אין ווייכער שטילקײַט, לאָזן זיך פילן די באַטאַמטע, מעכײַעגעפּאָשעדיקע רייכעס, וואָס מאַכן דעם מענטשלעכן געמיט גרינג און זאָרגלאָז.

שלוימקע שטייט צו מיר צו, איך זאָל נאָר גיין צו אים אַהיים, ער וועט מיר ווײַזן עפּעס גאָר כידעשדיקס:

— ס'ט קיין כאַראָטע ניט האָבן.

איך ווייס, אַז שלוימקע וווינט אַרופצו, צו דער ראַכוועסדיקער טאָרהאָוויצע, אין א הילצערן בײַדל, אָן פענצטער און אָן א טיר.

— נו, וואָס קווענקלסטו זיך?

פּערעלע איז אָקאָרשט אוועק פֿאָרויס מיט אירע בעסטע צוויי כאַווער־טעס, מילי שפּאַק און ראָכעלע די ווײַסע. איך האָב בעדייע געהאַט זיי דאַפֿקע אָניאָגן. פֿאַסט מיר ניט פֿאַר שלוימקען.

— ווילסט אויך גיין צום טײַך? — פֿרעגט ער ניט זיכער. — קום בע־סער צו מיר אַהיים. וועסט זען, ווי־אַזוי איך ראַנגל זיך מיט מענדעלע ציפּקעס. דאַרפֿסט אים אוואַדע קענען, ער טרײַבט טויבן. זײַן מאַמע, ציפּע די פּירזאָגערן, וואַשט אַרום אין מייסים־שטיבל טויטע ווײַבער. איך און מענדעלע ציפּקעס באָרען זיך מיט פּרי־אָמען. דו וועסט זײַן אונדזער ריכ־טער.

גיין צו שלוימקען אַהיים, קוקן, ווי ער ראַנגלט זיך מיט מענדעלע ציפּ־קעס, האָב איך ניט קיין כיישעק געהאַט. ס'איז געווען עפּעס בילכערס.

אַרופֿקומענדיק אויף דער הויפּט־גאַס, זע איך, ווי דער שטאָטישער אוי־לעם ציט זיך אַרויף צום זומער־גאָרטן. דאָרט ווערט אופֿגעפֿירט די נײַע פֿאָרשטעלונג „הערשעלע דובראָוונער". דער בלעכער באָרעך טעפּליצקי שפּילט אין דער פּיעסע די הויפּט־ראָל, הערשעלען. אַזוי איז פֿאַרן פּובלי־קום געמאָלדן אויף די פֿאַרביקע אַפֿישן.

דער כאַווער יאַקאָוו געזעגנט זיך מיט די לערער און פֿאַרקערעוועט אויך אויף רעכטס, אַרויף. יאָ, כ'בין אָרעוו, אַז ער האָט זיך געלאָזט צו דער פֿאָרשטעלונג. טאָמער כאַפּט מען מיך, בעשאַס איך קלעטער אַריבער דעם צווייגאָרנדיקן פּלויט, מעג איך זיך לעבעדיקערהייט באַגראָבן. „אַהאַ, — וועט דער כאַווער יאַקאָוו געוויס זאָגן, — דאָס ביסטו דאָס יאַטל, וועמען איך האָב געלויבט אויף דער פֿאַרזאַמלונג? מיט וואָס ביסטו בעסער פֿון יענע גאַסן־יינגלעך?.."

פּערעלען ניט דעריאָגט. שלוימקען אָפּגעזאָגט. צום טײַך ניט געגאַנגען. וווהין טוט מען זיך אַהין? אַהיים איז ניטאָ וואָס צו לויפֿן, געוויס הענגט אַ שלאָס אויף דער קיך־טיר. די מאַמע מײַנע קאָן קומען שפּעט אין דער נאַכט, זי אַרבעט אויף דער צווייטער וואַכטע.

די גאַנצע שטאָט, דוכט מיר, איז אַרויס שפּאַצירן אויף דער הויפּט־גאַס. צוגעפּוצטע, לוסטיקע, גלײַך ווי עס וואָלט בעעמעס הײַנט געווען אַ יאָמטעוו. אַך, יאָ, שיר ניט פֿאַרגעסן, ס'איז דאָך הײַנט פֿרײַטיק־צונאַכטס, ערעוו שאַבעס. וואָס זשע איז דער כידעש?

גאָר אומגעריכט באַמערק איך צווישן אוילעם כאָמעלען מיט אָניסי מאַרקאָוויטשן. זי האָט אים געפֿירט אונטערן אָרעם, ווי מע פֿירט אַן אַראָפּ־געקומענעם קאָרעוו פֿון דער פֿרעמד. דאָס אומגעוויינלעכע פּאָרל סטאַרעט זיך ווי ווײַט מעגלעך האַלטן בא דער זײַט. דער מאָלער האָט געזויגן זײַן ציבעך, נאָר קיין רויך איז ניט געגאַנגען. כאָמעלעס ווײַס שאַלעכל ליגט לופֿטיק־גרינג אויף איר אָנגעבערוינטן ציקאָריע־האַלדז. עפּשער גייען זיי אויך אַהין, צום זומער־גאָרטן, אויף „הערשעלע דובראָוונער"? איך הער קלאָר, ווי ער זאָגט צו איר:

— כאָמעלע, איך האָב ניט ליב איבעריקס זײַן צווישן צופֿיל מענטשן. לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו דער בריק.

„הערשעלע דובראָוונער", „הערשעלע דובראָוונער"... — פּיקט די גאַנצע

צײַט אין מויעך. און עפּשער ניט אזוי „הערשעלע‟, ווי באָרעך דער בלעכער מיט זײַן זאַפּטיקער שטים, וואָס קאָן אויך רעווען ווי א לייב, די בינעברעטער זאָלן אזש ציטערן? עפּעס פאַרמאָגט ער אין זיך, אָט דער בלעכער, אזוינס, וואָס פאַרכאַפּט בא דער נעשאָמע.

אריבערדראַפּען זיך איבערן פּלויט איז פאַר מיר א קלייניקײַט. מיך האָט געשראָקן אן אנדער זאַך: טאָמער, כאָלילע, טרעף איך זיך דאָרט אויג־אף־אויג מיטן כאַוועך יאַקאָוו און ער טוט מיך א פרעג: „ווי קומסטו אַהער?‟ וואָס וועל איך אים ענטפערן?

לאַנג טראַכטן איז ניט געווען ווען. אין עטלעכע מינוט אַרום בין איך שוין אַרומגעגאַנגען ווי א פרײַער פויגל איבערן שטאָט־גאָרטן. דער פּילקעפּיקער אוילעם האָט געוואַרט מיט אומגעדולד אפן צווייטן אַקט. שטרענגע קאָנטראָליאָרן שפּאַנען אַרום צווישן די בענק און קוקן דורך די בילעטן. ווען מען פּירט מען עס פאַר אן אויער? אָט האָט מען געפּאַקט נאָך א יאַטל, יענער ליגט צונויפגעדרייט ווי א קוילעטש און וויל בעשום־אויפן ניט אופשטיין פון דער ערד. און אָט שלעפּט מען נאָך איינעם א האָז פון אונטער א באַנק. מע דאַרף וואָס גיכער זיך אַריבערפּעקלען צו די פאָדערשטע בענק, ווו מע האָט שוין די בילעטן דורכגעקאָנטראָלירט.

נאָענט לעבן מיר האָבן א בלענד געטאָן א פּאָר ברילן — אוי, דער כאַוועך יאַקאָוו! ער שטייט אָנגעשפּאַרט לעבן א בענקל מיטן פּאָנעם צום אוילעם, בלאָנדזשעט אַרום מיט זײַן קורצזיכטיקן בליק איבער די איבערגעפּולטע בענק. דער כאַוועך יאַקאָוו זוכט עמעצן. ער הערט אפילע ניט, ווי מע פאַרבעט אים הינטער די קוליסן. די שוישפּילער קוקן אף אים אַרויס.

איך פאַרשטיי ניט, וואָס קומט פאַר מיטן כאַוועך יאַקאָוו? ער האָט האַסטיק א רוק געטאָן פון זיך דאָס בענקל און עפּעס שטאַרק אן אופגערעגטער אַרויס אין דרויסן. ווען איז ער אַוועק זוכן אינעם פינצטערן סאָד? צי דען כאָמעלען?

שפּעטער, ווען מע האָט אופגעהויבן דעם פאָרהאַנג, איז זײַן בענקל געשטאַנען ליידיק.

## לערער

די קינדער־אַנשטאַלטן האָבן זיך שטאַרק געניייטיקט אין לערער. דעם מאַנגל אין לערער פילן באַזונדערס מיר, די געוועזענע גאַסן־קינדער און איצט טאַלמידים פון שול־היים. עס טרעפט, אז א לערער ווערט קראַנק, ווי אָט דאָ ניט לאַנג האָט געטראָפן מיט דער לערערן אַניוטע, ווען זי האָט זיך אויסגעלינקט א פוס, איז אויס, ניטאָ מיט וועמען צו פאַרבײַטן. יענעם טאָג האָבן אַריבער דרײַסיק טאַלמידים, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער לערערן אַניוטעס האַזשגאָכע, פאַרלאָרן דאָס גלײַכגעוויכט. אַלע זײַנען מיטאַמאָל באַהערשט געוואָרן פון עפּעס א מין ווילדער פאַרשײַטקײַט. צעבושעוועטע, אופגעברויזטע, טומלדיקע איז מען מעשוגענערווײַז אַרומגעפלויגן, געשפּרונגען, געטאַנצט, איבערגעקערט טיש און בענק, צעבראָכן עטלעכע פּאַרטעס, אויסגעשלאָגן א פענצטער.

אפן צווייטן טאָג האָט מען געמוזט ברענגען די לערערן אין שול־היים

קראנקערהייט. קיין אנדער ברייִרע איז ניט געווען. שקאנדיבעט זי, נעבעך, אף די ניט גלײַכע שטעקנס, קרימט ווייטעקדיק דאָס פּאָנעם, קרעכצט אונ־טער, אָבער עס איז שוין גוט, וואָס זי איז דאָ. זי מעג זיצן אפן בענקל און גאָרנישט ניט טאָן, נאָר אבי מיר זעען פאר זיך די לערערן, ווערן מיר גלײַך אויסגעניכטערט.

עס רעכנט זיך, אז מיר האָבן אין שול־הײם נאָך א לערער, טאקע בע־פּיירעש א גוטן, נאָר וואָס קומט דערפון ארויס, אז מיר זעען אים בע־סאכאקל צוויי מאָל אין דער וואָך, אי דאָס אף איין שאָ. פון איין מאָל ביזן צווייטן מאָל פארגעסט דער לערער אין אונדז. זאָל אים דער כאווער יאקאָוו לויבן אין טאָג ארײַן, אז אזעלכע דערפארענע, באגאבטע פעדאגאָגן דארף מען זוכן מיט ליכט. וואָס קומט אונדז ארויס פון בערל לעוויטס געבילדעט־קײַט, אז ער איז ניט אונדזערער?

ער האָט זיך אָקאָרשט באוויזן אף דער שוועל, מיר האָבן אים נאָך רעכט ניט אָנגעקוקט, ער לויפט שוין אוועק ווי א פארסאמטער.

וואָס עמעס, איז עמעס, דער לערער בערל לעוויט האָט א פּײַנעם האד־רעס־פּאָנעם, בעפּיירעש א שיינער מאנספארשוין. שטאלטיק געבויט, שלאנק, ווזקסיק, באזונדערס געפעלן אונדז די זײַדענע בלאָנדלעכע וואָנצן, וועלכע פארקרײַזן זיך בא די ברעגן אין קליינע דינע רינגעלעך. אף זײַנע וואָנצן זײַנען מיר אים מעקאנע געווען מער ווי אף אלץ.

בערל לעוויט האָט מיט אונדז געלערנט געאָגראפיע און נאטורוויסנ־שאפט. הערנדיק, וויאזוי ער דערקלערט מיט זײַן פערלדיק לאָשן פארשיי־דענע נאטור־דערשײַנונגען, האָבן מיר ריכטיק געקענט אָפּשאצן די גרויסע ווערט זײַנע. אף זײַן לימעד זײַנען מיר געזעסן שטום און פארגאפט, גע־קוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן גלײַך אים אין מויל ארײַן. זײַן לימעד זעט אונדז שטענדיק אויס קירצער, ווי אנדערע לימודים. מיר וואָלטן געהערט, וואָס ער דערציילט אונדז, א גאנצן טאָג, אָבער, ווי אף לעהאכעס, רײַסט זיך ארײַן די האפסאָקע.

ארײַנקומענדיק אין קלאס, פרעגט דער לערער קיינמאָל ניט בא די טאלמידים, בא וואָס מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאָריקס מאָל, אָדער וועגן וואָס מע האָט געשמועסט אינעם לעצטן לימעד. פארגעבן אזעלכע פראגן איז ניט בערל לעוויטס טעווע. ער הייבט אָן גלײַך פון דער מיט: „איצט ווייסן מיר שוין...“

ער רעדט קלאָר און פארשטענדלעך פאר יעדן שילער.

— איצט ווייסן מיר שוין, וועלכע פאָרבאָרגענע קויכעס געפינען זיך אונטער דער ערד און מיט וואָס פאר א ריזיקער קראפט עס ברעכן אויס ווולקאנען, ערדציטערנישן, ווי עס ווערן געשאפן טיטאנישע קראטערס, סײַ אפן יאם און סײַ אף דער יאבאָשע.

עפּעס א מין קישעף פארכאפט אונדז אלעמען, בעשאס בערל לעוויט שטייט פאר אונדז, ווי א גאָט, און אנטפּלעקט פאר אונדז אלץ נײַע און נײַע סוידעס פון דער נאטור. ווונדערבארע שילדערונגען, מאמעש לעבע־דיקע בילדער שטעלן זיך ארײַן אינעם קלייניקן קלאס, געקומענע פון אומגעהייער ווײַטע מעקוימעס. דו נעמסט זיי אוף מיטן גאנצן הארצן, גלײַך דו קוקסט שוין לאנג אף זיי ארויס.

מיר באַגערן בלויז אַ קלייניקייט. דער לערער בערל לעוויט זאָל ווערן היימישער מיט די קינדער, דאַן וואָלטן מיר אים ליב באַקומען מיטן גאַנצן האַרצן. האַלט ער זיך אָבער פֿונעם ערשטן טאָג אָן פֿרעמדלעך, אָפּגעזונדערט, ביז גאָר קאַלט. נו, גיי מאַך עפּעס.

נאָך זײַן לימעד דערקענט ער אונדז ביכלל ניט. לעכאַטכילע האָב איך געמיינט, עפּשער איז דער לערער אַ ביסל קורצזיכטיק (דאָס איז דאָך אַ קרענק פֿון אַ סאַך לערער). װער, װאָס, עס הייבט זיך ניט אָן. ער וויל זיך פֿאַשעט מיט אונדז נאָענט ניט קענען. די שלעפּערלעך פֿון שול־היים זײַנען, אַפּאָנעם, ניט בויסע־כיין געוועזן אין זײַנע אויגן.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ס׳איז ניט אַזוי די מײַסע. מיט די שילער פֿון דער אַרבעט־שול האַלט ער זיך ניט בעסער. איז דער פֿאַרדראָס שוין עטוואָס קלענער.

ווי דער שטייגער זײַנער, קומט בערל לעוויט פּינקטלעך צו דער צײַט, פֿאַרגיט עטוואָס, אַפּן שפּיץ נאָגל, אַרבעט אָף אַהיים, פֿאָדערט יעדעס מאָל, מיר זאָלן בעסער קענען די מאַפּע. מיטן אַלטן גלאָבוס פֿאַרבאָט דער לערער זיך נוצן. דער ערדקײַלעך אײַערער, כאָכמעט ער זיך, איז צופֿיל באַשפּרענקלט מיט פֿליגן־קויט. וואָס איז שײַעך די אינערלעכע פּירעכצן, ווי, לעמאָשל, פֿאַרזאַמלונגען, קאָלערליי קאָמיסיעס, זעלבסטעטיקײַט — מיט איין וואָרט, צו אַלץ, וואָס האָט אַ שײַכעס דער אינערלעכער אָרדענונג, וויל ער זיך ניט מישן. דאָס, זאָגט ער, איז ניט זײַן זאַך. ער איז ניט קיין דערציִער, טײַנעט ער, נאָר אַ לערער.

ס׳איז קיין כידעש ניט, וואָס מיר קוקן אָף בערל לעוויט, ווי אָף אַ גאַסט. מיר האָבן אים אָפּגעגעבן קאָוועד, געהאַט אָפּשײַ פֿאַר אים און שטענדיק איין זינען געהאַט, אַז ער איז ניט אונדזערער. באַגעגנט ווי אַ גאַסט און באַגלייט ווי אַ גאַסט.

עמעצער פֿון די כעווּרע האָט זיך איינמאָל אײַנגעשטעלט און אים אַרײַנגעזאָגט:

— איר קומט צו אונדז, כאַוועער לעוויט, ווי אַ רויפֿע צו אַ כוילע.

איז דער לערער אויך ניט קיין נאַר און ענטפֿערט:

— מיינט ניט, מײַנע טײַערע שילער, אַז איך האָב זיך באַ אײַך באַשטעלט פֿאַר אַ סאַניטאַר. מײַנע היסכײַוועסן ווייס איך גאַנץ גוט. האַלעװײַ וואָלט איר געווען אַזעלכע פֿלײַסיקע צום לערנען.

וואָס זשע קומט אויס, לויט זײַן מיינונג, אַז אַרל סקליאַר, די לערערן אַניוטע צי די כאַווערטע פֿרידע מיט איר שוואַכן געזונט זײַנען סאַניטאַרן, דינסטן באַ אונדז?

אַ בושע און אַ כאַרפּע. אַן עכטער לערער, אַן אינטעליגענט, מעג זײַן העפֿלעכער צו זײַנע קאָלעגן לערער. אַן איבערגעגעבענער פּעדאַגאָג מוז, פֿונדעסטוועגן, זײַן אַ שטיקעלע טאַטע אויך. ביפֿראַט פֿאַר יעסוימים. איצט ווייסן מיר פֿיל מערער ווי צו שעצן אונדזערע באַליבטע, זאָל זײַן ווייניק דערפֿאַרענע, אָבער איבערגעגעבענע דערציִער.

אויב דער באַרימטער לערער וועט אַמאָל פֿאַרלאָזן אונדזער שול־היים, וועלן מיר נאָך אים ניט בענקען. ווי ווײַט ער זאָל ניט זײַן געבילדעט, לאָזט ער ניט איבער אין אונדזערע נעשאָמעס קיין שפּורן פֿון ליבשאַפֿט

צו אים. אזא לערער לאָזט זיך גרינג פאַרגעסן, אָבער דאָס, וואָס ער לערנט מיט אונדז, בלײַבט אַרײַנגעמויערט אױף שטענדיק. אַזוי ווי עס איז פאַראַן אױף דער וועלט אַ מאַמע און אַ שטיפמאַמע, אַ טאַטע און אַ שטיפטאַטע, אַזוי איז אויך, אַפּאָנעם, פאַראַן אַ לערער און אַ שטיפלערער...

איבער דער שול האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן אַ דערפרייענדיקע בשורה: צו אונדז קומט אינגיכן אַ נײַער לערער מיטן נאָמען מוישע אָקס.

אינדערשטיל, באַהאַלטענערהייט, שפּעטן מיר אָפּ פון אַזאַ געהויבענעם נאָמען, אָבער מיט דער צײַט ווערן מיר צוגעוווינט. וואָס זשע איז דאָס פאַר אַן אומגליק, אַז מע וועט דעם נײַעם לערער רופן מוישע אָקס? — אָט דאַרפן זיך ענדיקן די איבערגרייטונגס־קורסן בײַ דער קאָרסונער „קולטור־ליגע“, און ער, דער צוקינפטיקער לערער מוישע אָקס, קומט צוריק אַהיים קיין באַרשעוו און ווערט בײַ אונדז אין שול־היים אַ לערער. ווער ווייסט, עפּשער וועט מוישע אָקס זײַן ניט ערגער פונעם געווימטן „שטיפלערער“ בערל לעוויט?

פונדעסטוועגן איז אונדז שווער שאַלעם מאַכן מיטן אָפּשטויסנדיקן נאָמען מוישע אָקס. פאַרוואָס ניט אָקסמאַן? פאַרוואָס ניט אָקסנהאָרן? צי דען קאָן מען ניט בײַטן דעם פאַמיליע־נאָמען? פאַר אַן אָנשטענדיקן לערער, וואָס קומט פון די „סאָצוואָסישע“ איבערגרייטונגס־קורסן, מיין איך, פּאַסט פּאַשעט ניט אַזאַ גראָבער צונאָמען ווי אָקס. אַז איך וועל ווערן מיטן לער־רער אַ ביסל היימישער, וועל איך אים אײַצענען בײַטן דעם „אָקס“ אױף „אָקסינער“. אַז מע רעדט שנעל אַרויס די פאַמיליע „אָקסינער“, שפּאַרט דער אָקס אַזוי ניט אַרויס...

דער טאָג, אױף וועלכן מיר האָבן מיט אַזויפיל אומגעדולד אַרויסגעקוקט, איז סאָפּקאָלסאָף געקומען. אין איינעם אַ שיינעם נאָכמיטיק, ווען מיר האָבן זיך געגרייט אַרויסגיין אױפן הויף פירן אַ קאַראַהאָד־שפּיל, האָט זיך אַרײַנ־געשטעלט אַן אויסגעפּוצטער יונגערמאַנטשיק, געקליידט, ווי עפּעס אַן אָפּ־געטעקלטער דענדי. אױף אַ מײַל גלאַנצן די געקרײַזלטע האָר, גלײַך ווי ער וואָלט זיי געצוואָגן אין עפּעס אַ געפּרעגלטער פעטקײַט. דאָס ווײַסע מאַ־נישקעלע, האַרטלעך אָנגעקראָכמאַליעט, בלאַנקט און וואַרפט פון זיך אָפּ מיט איידעלער בלויקײַט. אױף די פּיס טראָגט ער ברייטנעזיקע לאַקירטע טופליעס, ווי געגלאָזטע ליאַלקעס. עס פעלט אים בלויז אַ צילינדער־הוט און אַ געטאָקט שטעקעלע, אױף דרייען צווישן די פינגער...

— דאָס זענט איר אוטשעניקעס פונעם דעטסקי אָטשאַג?

— מיר זײַנען שילער פון שול־היים, — רופן מיר אויס ביז גאָר הילכיק.

— זדראַסטיע!

— רײַעם זשעלײַעם!

מענדל דער רויטער שטעלט די פראַגע, וואָס איז בײַ אונדז אַלעמען אױף דער צונג:

— דאָס זײַנט איר דער נײַער לערער מוישע אָקס?

— יאָ, יאָ, אײַער וואָספּיטאַטעל און פּרעפּאָדאַוואַטעל פאָ וסיעם פּרעד־

מעטאם[1], — שאָקלט ער א צופרידענער מיטן שיינעם אויסגעלאָקנטן קאָפּ, — מישע אָקס.

— דאָס הייסט אַן אינטעליגענט לויט אלע פּראווילעס! — כאַפּט אונטער פריילעך דער כאַוועד מײַנער, שלוימע ליבעס, און רופט אויס אפן גאַנצן קאָל: — דעם נײַעם לערער מוישע אָקס א ווארעמען וויוואַט!

שלוימקע קאָמאַנדעוועט מיט אונדז ווי א דיריזשאָר, און מיר זינגען אים נאָך:

לאָמיר אלע אינאיינעם, אינאיינעם
אָקסן מע־עקא־אבל פּאָ־אָ־נעם זײַן.

סאַמע אינמיטן איז דער נײַער לערער נעלעם געוואָרן. שפּעטער האָט ער זיך ווידער באוויזן פאר די קינדער, נאָר שוין גאָר מיט אַן אנדער שטעל. ער האָט אויסגעזען ווי אַן אקטיאָר, וואָס האָט געליטן א מוירעדיקן דורכפאַל.

אונדזערע דערציִער־לערער, פיל איך, האָבן גרויס אגמעסנעפּעש. זיי שעמען זיך פאר די קינדער מיט זייער נײַער קאָלעגע. אָן כיישעק פירן זיי ארום דעם אויסגעצאַצקעטן מעכוטן פון איין קלאַס־צימער אינעם צווייטן.

— מ'דא... — רעדט ער ווידער אַף רוסיש, — פּאָריאַדאָק...

א מענגע קינדער שפּארן זיך פאָרויס, אנדערע שטופּן זיך בא די זײַטן, כאַלעשן מאַמעש א קוק טאָן אין פּאָנעם ארײַן דעם אויסגעפּראַנטעוועטן יונגגנמאַן, וואָס זעט אויס געקליידט, ווי דער רײַכסטער כאָסן צו דער כופּע.

אַף איינער א וואַנט איז געהאַנגען א טראַנספּאַראַנט, געשריבן מיט גע־דרוקטע אויסיִעס אפן רויטן שטאָף: „די צוקונפט געהער צו אונדז". דער גרויסער כאָכעם־באַלײַלע האָט, אפּאָנעם, זייער שלעכט געקענט ייִדיש, האָט ער איבערגעלייענט „די צו־קי־י־מפּע־עט". וואַזוי דאָס וואָרט „צוקונפט" האָט זיך איבערגעדרייט אין זײַן מויעך אַף „צו־קי־י־מפּע־עט", ווייסט נאָר איין גאָט. זינט די שול־היים שטייט, האָט מען דאָ נאָך קיינמאָל אַזוי שטאַרק און הילכיק ניט געלאַכט. דאָס קליינע הײַפּעלע מעוווּלוול געוואָ־רענע לערער האָבן ניט געוווּסט ווהין אהינטאָן זיך פאר כאַרפּע.

פריילעך־רווישיק איז דער פאַרשײַטער אינדיק צוגעשפּרונגען צום נײַעם לערער:

— זינגען און טאַנצן קאָנט איר אויך, כאַווער אָקס?
קאָן מען ניט פּלאַצן פון געלעכטער?

דער לערער ארל סקליאר האָט אָפּגעפירט דעם אינדיק אין א זײַט און געגומען זאָגן מוסער:

— אָך דו, ווילדער כוצפּעניק, ווער איז ער דיר, דײַנער א כאַווער? און ווי וואַגסטו שטעלן א דערוואַקסענעם מענטשן אַזעלכע קאַשעס?

— דער „צעקימפּעט" האָט אײַך געלאָזט גריסן, — טוט א זאָג דער אינ־דיק, רײַסט זיך ארויס פונעם לערערס הענט און לויפט אוועק.

נאָך איידער מוישע אָקס איז געוואָרן בא אונדז לערער, האָט מען אים שוין געקרוינט מיטן צונאָמען דער „צעקימפּעט".

[1] אײַער דערציִער און לערער פון אלע געגנשטאַנדן (רוס.).

אפֿן צווייטן טאָג האָבן מיר דעם „צעקימפּעט" קימאַט ניט דערקענט. דער געקרײַזלטער קאָפּ האָר האָט שוין ניט אַזוי געגלאַנצט און געבליצט, ווי נעכטן. באַשיידענער זײַנען די גרינע הויזן, די שיך זײַנען שוין ניט אַזעלכע שרײַענדיקע. ס'זײַנען אויך פֿאַרשווּנדן געוואָרן יענע גאַדלעס־דיקע מאַנירן.

די לערערן אַניוטע שטעלט אונדז אַפּסנײַ פֿאָר דעם שוין באַקאַנטן יונגנמאַן:

— קינדער! פֿון הײַנט אָן וועט אײַער לערער זײַן מוישע אָקס!

— הו־ו־ו־רררראַ־אַ־אַאַ!..

לוסטיקע, פֿריילעכע האָבן מיר געטופּעט און געפּליעסקעט, אַרויסגע־וויזן גרויס היספּײַלעס פֿאַרן „צעקימפּעט". אונדז איז געווען ביז גאָר טשיקאַווע אָנקוקן דעם פֿאַרשוין, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר אונדז ווי אַ באַל־סימכע.

וואָס ווײַטער, האָט דער נײַער לערער זיך געסטאַרעט אויסזען פֿראָס־טער. ער מײַדט אויס ווענדן אָפּ זיך די אויפֿמערקזאַמקײַט, ער זאָל ניט אויפֿרײַסן אַזוי די קינע באַ די אָרעמע קינדער מיט זײַנע רײַכע בגאָדים. אָבער אין זײַן וואָכעדיקער קליידונג איז אויך שטענדיק געלעגן דער גלאַנץ פֿון נעגידישקײַט.

— איך קען דאָך ניט קומען צו די שילער, ווי אַ שלעפּער, — האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר די איבעריקע לערער. — ווער בין איך, נאַקאָניעץ, אַ לערער צי אַ האַלץ־העקער?

אַרל סקליאַר האָט זיך אָנגעזעצט אָף אָקסן מערער ווי אַלע איבעריקע לערער:

— געדענקט, ווו איר געפֿינט זיך. וועלכע קינדער רינגלען אײַך אַרום.

— און אַז איך וועל זיך אָנטאָן אין שמאַטעס, וועט זײַן בעסער?

— אַ מענטש דאַרף וויסן ווו אײַן און ווו אויס.

— איך בעט אײַך, לייענט מיר ניט קיין נאָטאַציעס. מיך דאַרף מען ניט איבערוואָספּיטעווען!..

— מיט וואָס, אייגנטלעך, נעמט איר זיך אַזוי איבער? — טײַנעט אַרל סקליאַר.

לערער, זעט אויס, קאָנען זיך אויך גוט קריגן. דאַפֿקע אָף אַן איידעלן אויפֿן קאָנען זיי דערלאַנגען איינער דעם אַנדערן אין דער זיבעטער ריפּ.

## געליטן אַ מאַפּאָלע

דעם לעצטן קלאַפּ האָט דער נײַער לערער, מוישע אָקס, געכאַפּט נאָכן צווייטן לימעד. דעם ערשטן טאָג האָט דער נײַער לערער פּאָשעט אויסגע־פֿרעגט יעדן באַזונדער, ער זאָל האָבן אַ קלאָרע פֿאָרשטעלונג, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר דער פֿערטער קלאַס, ווי ווײַט זײַנען אונדזערע קענטעענישן. האָבן מיר זיך אָנגעלאַכט, אָף יענעם ערשטן לימעד, שיר די קישקעס ניט אָפּגעריסן. אַז מע פֿרעגט מענדל דעם רויטן, לעמאָשל, מיט וואָס עטעמט

א מענטש, ענטפערט ער: מיט די ניזדרעס, מיטן גאָרגל, און אויך א בי־סעלע מיט די אויערן. קאָן מען ניט קלאפּירן?

באַ אונדזער א ביסל פּיסקאַטע מאַליען פרעגט דער לערער:

— וויפל ביסטו אלט, מאַליע?

— א יאָר מיט א שפּאַלט! — שיסט זי אויס, און מיר האָבן ווידער פון וואָס צו לאַכן.

פון מייערלען פאָדערט דער לערער א באַלדיקן ענטפער: וויפל וועט זײַן אכט מאָל נײַן צעטיילן אף פיר?

— נישט געקלערט!

— אפן קאָפּ צי אף פּאַפּיר?

— אכצן! אכצן!.. — שרײַט מען פון אלע זײַטן. — כאַוועך מוישע, מיר האָבן שוין לאַנג באַקלערט.

— און דו, באָכערל, — רופט ער זיך אָן צו יאָסעלע דעם שעפּעליאַוון, — דו האָסט פריִער ערגעץ געלערנט?

— א ביסעלע, טאַקע א קאַפּעצקע, אין דער היים, מיט מײַן עלטערער סוועסטער ציוויע. אצינד לערנט זי אליין אין דער וועצערנע סקאָלע. זי אַרבעט אף דער געוואַנט־פאַבריק און לערנט.

— און פאַרדינט שיין?

— ניסקאָסע. אף איר אליין וואָלט עפּסער געקלעקט, זיצן אָבער פינף פיקערס אף איר קאָפּ, דערפאַר טאַקע איז ניט וואַזנע אין דער היים.

— זאָג נאָר, זײַ מויכל, ווי רופט מען דיך?

— יאָסל. יאָסעלע ראַווינסקי.

— אהא, יאָסעלע ראַווינסקי, — פאַרטיפט ער זיך אינעם לענגלעכן זשורנאַל. — זאָג נאָר, יאָסעלע ראַווינסקי, דו וואָלסט געקאָנט אונטערשיידן פון איין בוים ביז א צווייטן, לאָמיר זאָגן, פון א ווערבע ביז אָן אָלכע, פון א סאָסנע ביז א טאָפּאָל, פון א קליאָן ביז א דעמב?

— איך קאָן... איך קאָן אונטערסיידן פון א ווײַנסל־בוים ביז א באַרן־בוים. — דערנאָך גיט ער ניט דרייסט צו עטוואָס שטילער, — נאָכן צוויט נאָך... און וואָס איז סײַעך א סאָסנע־בוים, ווייסן אלע, אז אף א סאָסנע וואַקסן ניט קיין בלעטער.

— וואָס קאָן אונדז זאָגן יאָסעלע ראַווינסקי וועגן גאָרטנוואַרג? וויִאזוי וואַקסן אוגערקעס, פּאַסאָליעס, קרויט, דיניעס, קאַווענעס?

— דער לערער מיסט באַרסט מיט קאַסע. דיניעס און קאַווענעס וואַקסן אף א באַסטאַן. א באַסטאַן איז ניט דאָס, וואָס א גאָרטן. א גאָרטן איז א גאָרטן, און א באַסטאַן איז א באַסטאַן.

באַ פערעלען פרעגט דער לערער שוין עפּעס אנדערש: צי קלײַבט זי זיך פאַנאַנדער אין פאַרבן? וועלכע פאַרבן, זאָל זי זאָגן, זײַנען איר אמ־ליבסטן צום האַרצן.

— אלע פאַרבן אף דער וועלט!

אויב אזוי, זאָל זי זיך מאַטריִעך זײַן אויסרעכענען די קאָלירן, וואָס זי ווייסט. דאָס איז שוין א ביסעלע ערגער. זי פּרוּווט פאַרבייגן א פינגער נאָך א פינגער. רעכנט נאָכאמאָל איבער. אָראַנזשעווע האָט זי שוין דער־

מאָנט, אָכרע אויך, בלײַבט נאָך בורשטין־קאָליר, גאָלד־קאָליר, אולטראַמאַ־רין.

— פאַראַן נאָך א קאָליר, — כאַפּט פריילעך אונטער דער אינדיק, — א מיסעמעשונע־קאָליר.

מיר טוען אלע א זעץ אויס מיט א הילכיק געלעכטער, אזש טרערן נעמען שפּאַרן פון די אויגן.

ווען דער קלאַס קינדער באַרויִקט זיך א ביסל, פרעגט ווײַטער דער נײַער לערער: זאָל זי איצט דערציילן, פּערעלע, וואָס ווייסט זי וועגן פויג־לען? וואָס פאַרא פויגלען זײַנען איר באַקאַנט אין אונדזער קאַנט? וויפל, צום בײַשפּיל, לעבט א קראָ? זאָל זי פּרווון דערקלערן דעם כילעק פון א שפּערל ביז א שוועלבעלע.

— דערציילן אײַך וועגן פויגלען, — ענטפערט פּערעלע מילד און פאַר־שעמט, — איז פאַר מיר א שווערע האַלאָכע. וואָס ווייס איך וועגן זיי? גאָרניט, לאַכלוטן גאָרניט. איין זאַך, עפּשער, ווייס איך יאָ, אז דער שטאַרק־סטער צווישן די פויגלען איז דער באַרג־אָדלער, אזוי ווי, לעמאָשל, בא די כײַעס אין וואַלד דער לייב.

— ביסט קימאַט גערעכט, מיידעלע. ווי רופט מען דיך?

— פּערעלע.

— זעץ זיך אַוועק, פּערעלע, — שאָקלט צו דער לערער מיטן קאָפּ, רײַבט צופרידן א האַנט אין א האַנט. — דײַן ענטפער געפעלט מיר. איצט, קינדער, האָב איך צו אײַך אזא פראַגע. אלע ווייסן, אז דער ערדקײַלעך פאַרמאָגט טײַכן, יאַמען, אָקעאַנען, פרעג איך: וואָס פאַרנעמט מער אָרט אפן ערדקײַלעך, די יאַבאָשע צי דאָס וואַסער? ווער עס וויל ענטפערן, זאָל אופהייבן די האַנט.

שלוימקעס קאָל לאָזט זיך הערן קלינגענדיק־שאַרף:

— זאָל דער לערער אונדז פריִער זאָגן: דאָס איז א רעטעניש, צי עס האָט א שײַכעס צו דער געאָגראַפישער מאַפּע?

— איך האָב דיך ניט פאַרשטאַנען. דײַן נאָמען?

— שלוימקע.

— וואָס זשע וויל שלוימקע?

— איר זאָלט אונדז ניט שטעלן קיין נאַרישע קאַשעס.

דער לערער האָט זיך א ביסל פאַרלוירן. עפּשער טרײַבן די קינדער א שפּאַס? אויסגעלאַכט ווערן פון די קינדער איז א סאַך ערגער ווי אַרויס־געטריבן ווערן!

— זע נאָר א קוקעלע, — שטורכעט מיך שלוימקע, — דער אָקס פרעסט מיך לעבעדיקערהייט. אָט באַלד וועט ער מיך נעמען אף די הערנער!..

— ווער וויל עס אַרונטערײַסן דעם אוראָק? — איז שוין דער לערער געוואָרן בייז. — אפן הויף איז איין זאַך, און אין קלאַס, זײַט אזויפיל גוט, פירט זיך ווי דיסציפּלינירטע שילער!

שלוימקע, דערפילט זיך א ביסל שולדיק, האָט ער גענומען זיך פאַרענטפערן:

— דעם לימעד וויל איך ניט אַרונטערײַסן. עס איז מיר אפילע אין געדאַנק ניט געקומען. אַדעראַבע, איך וויל טאַקע, אז דער כאַווער מוישע

אָקס זאָל אונדז דערקלערן, וואָס איז מערער פאַראַן אַפן ערדקײַלעך — יאַבאָשע צי וואַסער?

דער נײַער לערער איז געוואָרן אַ ביסל ווייכער, צוגעלאָזענער, אָנגע־הויבן ריידן צו אונדז מיט זיסע ווערטעלעך, און ס'האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז צווישן אונדז מיטן לערער איז אײַנגעשטעלט געוואָרן אַ פעסטער שאָלעם. נאָר אָף מאָרגן...

אָף מאָרגן האָט דער לערער מוישע אָקס געבראַכט מיט זיך אַ שיין פּע־קעלע, איבערגעבונדן מיט שטײַפן שפּאַגאַט, און אַוועקגעלייגט דאָס לעבן זיך אָפן קלייניקן טישל.

פאַרשטייט זיך, אַז אונדזערע אויגן, פול מיט נײַגער, זײַנען געווען גע־ווענדט צום איבערגעבונדענעם פּעקעלע.

— די מאַטאָנע איז געבראַכט געוואָרן פאַר אײַך, — האָט ענדלעך דער־קלערט דער לערער, — זאָל דאָס הייסן אַ מין סורפּריז. איצט, קינדער, זעצט זיך אויס אָף אײַערע ערטער, און זאָל זײַן שטיל. יעדערן וועל איך אַרויסרופן, און ער וועט באַקומען זײַן כיילעק.

זינט איך געפין זיך אין שול־הײַם, איז נאָך קיינמאָל אַזוי שטיל ניט געווען.

— מייערל סקליאַר! — לייענט דער לערער אַרויס פונעם זשורנאַל. — גיי, מייערל, אַרויס אַהער, באַקומען דײַן מאַטאָנע.

— העפטן! עמעסדיקע העפטן!

— שלוימקע ליבעס!.. מענדל גאָפמאַן!..

נײַע בלויע העפטן, נאָך נישט קיין געניצטע, קוקן גײַוועדיק אַרויס פונעם פּעקעלע, וואָס ווערט וואָס אַמאָל דינער און לויזלעכער.

— הענעך שענקמאַן! ראָכעלע זאַק! מאַליע גראַטש... עסטערל שטיין! יאָסעלע ראַווינסקי!..

און איך? ווו בין איך?..

קיינער פון די טאַלמידים איז ניט פאַרזען געוואָרן. אַלע ביז איינעם האָבן באַקומען זייערע מאַטאָנעס.

פּרעכטיק פּאַפּיר! שטײַף, גלאַנציק, דיך געווירעט; אַז מע נעמט דאָס העפט־זײַטל אָף דער שײַן, זעט מען אָן אינווייניקסטן הערבל, אַ סימען, אַז דאָס זײַנען נאָך אַמאָליקע העפטן. ס'איז גאָר אַ שאָד שרײַבן אָף אַזאַ גוט פּאַפּיר, ביפּראַט נאָך מיט אונדזערע קרומע קסאַווועלעך. הײַנט אַז מע קוקט זיך צו צו די פּילקאַנטיקע בלײַשטיפטן, אַזוי איידל, פּאָלירט, נאָך אינגאַנצן נײַ, ניט קיין פאַרשניצטע, ווי נאָרוואָס פון דער מאַשין!

אַלע שילער, אָן אויסנאַם, האָבן באַקומען פונעם לערערס הענט אַ גאַנצן העפט און אַ גאַנצן בלײַשטיפט אומזיסט, אָן אַ קאָפּעקע געלט. דאָס האָט אונדז גערירט ביז טרערן. צו אַזעלכע גרויסע לוקסוסן זײַנען מיר ניט געווינט.

פון הײַנט אָן קאָן איך אַרײַנשרײַבן אין מײַן העפט וואָס איך וויל. איך קאָן אַרײַנמאָלן אינעם העפט פאַרשיידענע בילדלעך, אַרײַנשרײַבן עפּעס אַ מײַסעלע, אָדער איבערשרײַבן אַ ליד, וואָס מיר געפעלט. ווער קאָן מיר זאָגן דייעס, וואָס איך זאָל טאָן מיט מײַן אייגענעם העפט?

גיי ריכט זיך, אז מוישע אָקס, וועלכער האָט בעפּיירעש געהאַט גוטע קאַוואָנעס, וועט פון זייַנע מאַטאָנעס האָבן אַזעלכע לייד... ער האָט זיך אַפילע ניט געריכט אף אַזאַ וויסטן בראָך. די גרויסע מיצווע איז אים אויסגעפאַלן באָקאָם. אַרייַנכאַפּן אַזאַ פּסאַק וואָלט ער ניט געווונטשן זייַן ערגסטן סוינע.

וואָס הייסט און וואָס הייסט!.. ווי פאַלט עס אייַן אַ באַוווסטזיניקן מענטשן, אַ סאָוועטישן דערציִער, אַ הייַנטוועלטיקן פּעדאַגאָג, נאָרוואָס פון די קורסן, ברענגען פון דער היים העפטן און בלייַשטיפטן און פאַנאַנדערטיילן צווישן די אָרעמע קינדער!

— גאָט מייַנער, — טייַנעט די קליינוווקסיקע לערערן, אַניוטע, — וואָס טוט זיך דאָ? ער פירט אונדז גלייַך אין פייַער אַרייַן. איך פרעג בא אייַך איין זאַך: איר האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וועכעזשבן, וואָס איר האָט מיט אייַער נאַרישן סייכל אָפּגעטאָן? וויִאַזוי וועט איר איצט, כאַווער אָקס, קאָנען קוקן די קינדער אין פּאָנעם אַרייַן? הערט נאָר, הערט, געבן די קינדער אַ נעדאָווע!

דער גוטמוטיקער לערער אַרל סקליאַר איז דאָס מאָל געווען ביז גאָר אופגעטראָגן:

— סאַראַ ביליק מיטל זיך אייַנקויפן אין ליבשאַפט, — זאָגט ער אַרייַן דעם ניט־דערבאַקענעם לערער. — עס קומט אויס, אַז איר זייַנט אַ גוטינקער און אַ ווילינקער און מיר זייַנען די שלעכטע. זיי ווייסן דאָך ניט, די קינדער, אַז די נייַע העפטן און בלייַשטיפטן זייַנען געבראַכט געוואָרן פון אייַער פאַרמעגלעכער שטוב! אַפּאָנעם, כאַווער אָקס, אַז די פּראָפעסיע פון אַ לערער איז ניט פאַר אייַך. ס'איז ניט אייַער באַרוף.

די שטילע קרענקלעכע לערערן פרידע בייַסט אויף די נעגל פאַר כאַרפּע. די אָפּגעצויגענע בלייכע באַקן זייַנען נאָך מערער אייַנגעפאַלן. זי קנאַקט די ביינערדיקע פינגער צו אָפּט, זופּט זשעדנע אַרייַן אין זיך די לופט און האַלט אין איין הוסטן.

— אַ דערציִער, מישטיינסגעזאָגט, — רעדט זי אויס מיט ביטערער איראָניע, — ווי פון קלאָטשע אַ בייַטש.

מער פון אַלעמען האָט זיך געהיצט די כאַווערטע אַניוטע:

— וויפל קאָן מען עס דולדן? הייַנט נאָך דאַרף מען מאַכן אַ סאָף צו דעם. טייקעף זאָל מען שיקן נאָכן כאַווער יאַקאָוו.

מיר, שילער, האָבן זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. מע פרעגט אונדז ניט, מישן מיר זיך ניט. שפּעטער זייַנען מיר אויך געוואָרן אומרויִק. אַלעמאָל איז אַן אַנדערער צוגעלאָפן צו דער צוגעשלאָסענער טיר פונעם לערער־צימער.

— כעוורע, עס טוט זיך דאָרט כוישעך!

— מע קוילעט דעם אָקס אָן אַ מעסער...

אונדז איז קלאָר געוואָרן, אַז דער נייַער לערער, אָט דער „צעקימפּעט” — געפינט זיך אין אַ סאַקאָנע. אויב ערשט נעכטן האָבן מיר געשפּעט פון אים, ווילט זיך אונדז הייַנט אים אַרויסראַטעווען. אף דער הייסער מינוט איז ביז גאָר נייטיק געווען וואָס שנעלער צונויפרופן דעם פערטן קלאַס, אָפּנעמען צוריק די מאַטאָנעס און אַרייַנטראָגן אין לערער־צימער. אוואַדע

איז אַ שאָד זיך שיידן מיט די העפטן און בלײַשטיפטן, אָבער קיין אנדער ברייֵרע ארויסצושלעפּן דעם „צעקימפּעט״ פונעם פּײַער איז ניטאָ.

שלוימקע, פּערעלע און איך זײַנען שטיל ארײַן אין לערער־צימער מיטן צונויפגעזאמלטן פּעקל, קימאט גליקלעכע.

— ניט מער, ווי אַ שפּאַס, — רופט זיך אָן שלוימקע, — דער לערער מוישע אָקס האָט מיט אונדז אָפּגעשפּילט אַ קליינינקן קאַטאָוועס. ער איז אַ באַלן געווען וויסן, וויאַזוי פילן זיך שילער, ווען יעדערער פון זיי פאַר־מאָגט אַ ריינעם העפט און אַ גאַנצן בלײַער.

— אָט זײַנען זיי... די העפטן און בלײַשטיפטן האָט דער לערער אַנט־ליִען אין דער אַרבעט־שול, — דערגאַנצט פּערעלע עטוואָס דערשראָקן און לאָזט פאַרשעמט אַראָפּ אירע אויגן.

איך מוז זי שוין אונטערהאַלטן:

— אָט האָט איר אײַך אַלע העפטן און בלײַשטיפטן, רייניגקע, גאַנצינקע. נאָך ניט קיין גערירטע.

ווען שלוימקע זאָגט מערער גאָרניט, וואָלט אַלץ אָפּגעגאַנגען גלאַטיק, נאָר אַז אָט דאָס באַכערל ווערט צעקאָכט, איז אים ניט אָפּצושטעלן.

— זײַט וויסן, — זאָגט ער צו די לערער, — אַז קיין גרויסן כעט איז דער נײַער לערער ניט באַגאַנגען. וואָס זשע האָט איר זיך אָף אים ארופ־געוואָרפן?

איך צופּ שלוימקען פאַרן אַרבל, ער זאָל אנשוויגן ווערן, נאָר עס העלפט ניט. ער שיט און שיט. מיט גוואַלד, קאָן מען זאָגן, האָבן מיר דעם צעבושעוועטן שלוימקען אַרויסגעשלעפּט פונעם לערער־צימער.

— נו און אַז לערער, איז וואָס? — וואַרפט ער זיך צוריק צו דער טיר. — אַ לערער טאָר מען ניט זאָגן דעם עמעס?

— האָדי! בויאַנעווע ניט, שלוימקע, — פּערעלע איז אַזש בלייך פון אופרעגונג, — מיט אַזאַ לאָשן גייט מען אַרום איבער די מערק שנײַדן קע־שענעס.

— אַ גאַנעוול, ווילסטו זאָגן? — פּאַרמעסט זיך שלוימקע אָף פּערעלען מיטן פויסט. — איך וועל דיר באַלד ווײַזן, וואָס הייסט זײַן אַ גאַנעוו.

— כוליגאַן! — שרײַט אויס פּערעלע און אַנטלויפט.

אַלץ אין מיר האָט געפּלאָטערט. וואָס הייסט, ער האָט געוואַגט באַליי־דיקן פּערעלען? נישקאָשע, שרעקן זיך פאַר אים איז ניטאָ וואָס, זאָל ער זײַן אין צען מאָל שטאַרקער. זאָל אָבער פּערעלע וויסן, אַז איך בין שטענ־דיק גרייט זיך אָנעמען איר קריוודע. דעם ערשטן שטויס האָב איך דער־לאַנגט שלוימקען מיטן עלנבויגן.

— וואָסי, וואָסי? — שטעלט ער אָף מיר אָן אַ פּאָר מעוווּלווּלדיקע אויגן.

— פרעגסט נאָך? — און ווידער, ניט לאַנג געטראַכט, אים אַ פּאָר געטאָן אין די ציין אַרײַן.

קעדיי דער צעוואַרעמטער צאָרן זאָל ניט אָפּגעקילט ווערן, וואַרף איך זיך נאָכאַמאָל צו אים מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. איך וועל אים טרעפן אונ־טערן קין, אין דער ברוסט, זאָל זײַן אַפילע צווישן די ריפּן. מיט אַ שטאַר־קער האַנט האָט ער מיך גרינג אָפּגעשלײַדערט.

— זע נאָר, זע נאָר, ווילסט זיך טאַקע אַפּאַנעמעסן מיט מיר גיין שלאָגן?

גלײַך האָב איך דערפילט א טשמעליע צווישן די אויגן.

— נו, ווי געפעלט דיר מײַן פּעטשאַטעק? — רייצט ער זיך נאָך. — איצט קאָן מען גיין אין דרויסן ארויס. צי עפּשער האָסטו כאַראָטע?

ער פאַרקוועטשט מאמזעריש דאָס לינקע אויג און טוט מיר דערבײַ קונציק א שנאָל אין שטערן:

— א ראַכמאָנעס, נעבעך, אַף דײַנע ביינדעלעך.

עס האָט מיר אויסגעפּעלט לופט. כ׳האָב זייער נייטיק געדאַרפט עטוואָס לענגער ציִען די צײַט, קעדיי איבערכאַפּן דעם אָטעם, באַפרײַען זיך פונעם פּלוצעמדיקן טשאַד אין קאָפּ. אפן הויף־פּלאַץ פיל איך מיך אי פרײַער, אי דרייסטער. דאָס צעוואַרעמטע בלוט פּליסט האַסטיקער, אין קאָפּ איז אויך געוואָרן א סאַך לויטערער. ווי א ווילדע קאַץ האָב איך מיט איין שפּרונג זיך א וואָרף געגעבן אַף שלוימקען, געגומען קאַדויטשען, קנעטן, בײַלן מיט אַלע קויכעס. פאַרקלעמט זײַן שטײַפן האַלדז, געבּיסן מיט די ציין שטיקער לײַב, געבוּיערט מיטן קאָפּ, ווו נאָר עס איז מעגלעך געווען געהאַקט מיט די קנעכלען, נאָר בײַקומען דעם צו פעסטן יאַט, שלוימקען, האָב איך ניט געקאָנט. איך פיל שוין לאַכלוטן ניט, ווי די טרוקענע קלעפּ פאַלן אַף מײַן צענעריקטן קערפּער. איך פיל נאָר, ווי עפּעס א געזאַלצענע קלעפּיקײַט רינט אַרײַן אין מויל אַרײַן.

— די יושקע רינט! די יושקע, — הער איך פון אַלע זײַטן. — בלוט! בלוט...

זאָל מען טומלען, זאָל מען רוישן. זאָל רינען די יושקע, זאָלן די ציין פליִען פונעם מויל, זאָל ער מיר אויסזעצן די אויגן, אָבער איך מוז נעמען פאַר פערעלען כאָטש א שטיקל נעקאָמע.

די אָנגעלאָפענע לערער זײַנען ניט אימשטאַנד געווען אונדז פאַנאַנדערנעמען. אַרל סקליאַר רײַסט מיך פון איין זײַט, און דער נײַער לערער, מוישע אָקס, שלעפּט שלוימקען פון דער צווייטער.

— אהיים! — קאָמאַנדעוועט שטרענג און ענערגיש די לערערן אַניוטע.

איך ווייס ניט, ווער עס האָט אַף מײַן צעבלוטיקט פּאָנעם אַרופגעלייגט א נאַס טיכל. די צעריסענע הויט, פיל איך, שמאַרצט צו שטאַרק. פאַר מײַנע אויגן שפּרייט זיך א וואַרעמער נעפּל און פאַרהילט אַלץ אין א מין ווייכן גרינגן שלייער.

אַרום מיר פּאָרעט זיך געטרײַ די אויסגעמאַגערטע לערערן פרידע.

— איר זעט, האַ, איר זעט, ווי דאָס יִנגל איז צעבײַלט? ער איז דאָך צעמאַזיקט אַף טויט.

— אַלע אומגליקן קומען פון די יִנגלעך, — כאַפּט גיך אונטער די קלאַפּעטורעכע, מאַליע, — זיי זײַנען אַזוי ווי די שטומע, ביז מע זעט ניט קיין בלוט.

— אוועק פונדאַנען, רעכילעסניצע, — שטופּ איך די סעדעכע אָפּ מיטן פוס, — דײַן דעך זאָל דאָ ניט זײַן.

פערעלע האָט געבראַכט א פריש אויסגעדרייט טיכל. זי איז אומרויִק און באַזאָרגט פון מײַן צענעריקטקײַט. שלוימקע, זעט אויס, האָט מיך שיין צערעכט געמאַכט. זי פאַרהאַלט אַף א ווײַלע איר בליק אַף מײַן צעבלוטיקטער צורע און קערעוועט באַלד אָפּ איר קאָפּ.

— שלאָגן זיך גאָר, האַרגענען, אָפּשלאָגן איינער דעם אַנדערן די זײַטן. וואָס קאָן נאָך זײַן ערגער? דײַן שיינער כאַווער שלוימקע זעט אויס ניט שענער. ער זיצט אויך מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן און מיט א צעשפּאָל־טענער ליפּ.

דאָס איז פאַר מיר די בעסטע טײַערע בסורע. פון מײַנע הענט קאָן מען אויך אַרויסגיין א צעקנייטשטער!.. זאָל ער וויסן, זאָל ער געדענקען, אַז איך בין אים ניט אַבי וועֶר, וועמען מע קאָן אָנקאַדויטשען ווי א הינטל, דערנאָך אַרומגיין מיט פאַרלייגטע הענט אין די קעשענעס און זיך באַרימען. איצט זײַנען מיר קוויט, קאָנען מיר זיך איבערבעטן און מאַכן צוריק שאָלעם.

ערגער איז פאַר אונדז ביידע דער פּסאַק, וואָס די לערער וועלן אַרויס־טראָגן. אַרל סקליאַר וועט פונעם אָנגענומענעם פּרינציפּ אף קיין האָר ניט אָפּטרעטן.

מיר האָבן קיין טאָעס ניט געהאַט. אַרל סקליאַר האָט דעם אינצידענט געלייזט אפן אָרט. איך און דער כאַווער מײַנער, שלוימקע, זײַנען געבליבן די לעצטע עסן דעם מיטיק. אף קיין בעסערס האָבן מיר ניט געוואַרט. די הירזשענע קאַשע איז צוגעבערענט, קאַלט, דערצו נאָך איבערגעזאַלצן. נאָר דאָס מאָל, מוז איך זיך מוידע זײַן, איז די שטראָף פונעם לערער געווען אַרום־און־אַרום א גערעכטע. אָפּשיקן אהיים וועט מען אונדז נאָך דעם, ווי די דאָקטערן העסי־פּעסי וועט אַרופלייגן בינדן אף די צעקאַרדאַשעטע גליי־דער און אויסשרײַבן עפּעס א שמירעכץ צו די וווּנדן.

שווערער פון אַלץ איז געווען בלײַבן מיט שלוימקען אויג־אף־אויג. א היפּשע צײַט זיצן מיר שווײַגנדיק באַם עס־טיש און וואַרטן, ווער וועט דער ערשטער אָנהייבן ריידן. שלוימקע איז א ביטערער אַקשן, אָבער איך בין דאָך ניט קיין קלענערער.

שלוימקע עסט דעם קאַלטן מיטיק מיט א האַלבן מויל. איך קוק אַרײַן אין ליימענעם שיסעלע אף מײַן נעבעכדיקער פּאָרציע קאַשע. א הוסט, א קרעכץ, א זיפץ — דאָס אַלץ איז נאָך גאָרנישט. א וואָרט, ווער וועט דער ערשטער אַרויסברענגען דאָס וואָרט? גראַבלען מיט די פינגער איבערן טיש, שנאָלן אינעם שיסעלע, גרילצן מיטן צינקעווע לעפל איז נאָך אויך ווינציק. אָט־אָט הערט מען א קלאַנג. נו, נו... קוועטש זיך גיכער א ביסל...

— פאַרוואָס... פאַרוואָס, וויל איך וויסן, — איז שלוימקע ענדלעך אַרויס מיט א לאָשן, — האָסטו זיך אף מיר אַרופגעכאַפּט?

— ווייסט נעבעך ניט פאַרוואָס, — קוק איך אפילע ניט אין זײַן זײַט.

— א כאַווער טוט ניט אַזוי...

— אַן עמעסער כאַווער, — ענטפער איך אים, — פירט ניט זײַנע כאַווײ־רים אין באָד אַרײַן. איבער דיר...

— דו מיינסט, אַוואַדע, — כמורעט זיך שלוימקע, — די מײַסע אין לע־רער־צימער?

— נו יאָ, אַוואַדע, — דערפריי איך זיך אַזש, — וואָדען מיינסטו? ס׳האָט טאַקע געהאַט א לײַטיש פּאָנעם דאָס אַרויספירן דיך מיט גוואַלד פונעם לערער־צימער.

— דערימעך דאַרף מען זיך גלײַך כאַפּן שלאָגן?

— דערימעך... דערימעך... וואָס זשע דען האָסטו געוואָלט, מע זאָל דיך קושן אין פּיסקל? כאַדאָשימוויַיז לערנט מען זיַין אויסגעהאַלטן, דיסציפּלינירט, ניט פּלאַפּלען, נעמסטו און פּליוכעסט אויס א גאַנצן צעבער פּאָמאָיעס...

שלוימקע איז גאָרניט אזא לעקיש, ער זאָל זיך ניט אָנשטויסן, אז איך באַהאַלט עפּעס אויס. וואָס דען באַטיַיט זיַין ספּייקעסדיקער קנייטש און דאָס כיטרע שמייכלען?

— דו דערצייל מיר ניט קיין באָבעמיַיסעס, — ווערט ער ערנסטער, — איך וויל וויסן דעם עמעס. עפּשער...

אוי, גאָטעניו, ער זאָל כאָטש ניט דערמאָנען איר נאָמען.

— עפּשער, טאָמער... — שלאָג איך אים איבער. — ברעך ניט דעם קאָפּ און זוך ניט קיין אַנדערע סיבעס. קום שנעלער צו דער דאָקטערן. דו האָסט מיר, דוכט זיך, נאָך אויסגעלינקט א האַנט. טו א קוק, איאָ ס'איז אָנגעשוואָלן?

אָף דער הייסער מינוט איז מיר זייער וויכטיק געווען פּאַרעדן שלוימקען די ציין, ער זאָל מיר ניט שטעלן קיין קלאָצקאַשעס.

נאָך א קריג צי נאָך א געשלעג ווערט ענגער דער צוזאַמענבונד צווישן די איבערגעבעטענע. אזוי איז אויך דאָס מאָל געווען באַ מיר מיט שלוימקען. צו דער דאָקטערן זיַינען מיר אַריַינגעקומען ווי די בעסטע כאַווײרים. זי, די דאָקטערן העסי־פּעסי, וויל אויך וויסן דעם סאָד, פאַרוואָס מיר האָבן זיך צעשלאָגן. זי זעט ניט, זאָגט זי, מיר זאָלן זיַין צווישן זיך אזעלכע פאַרביטערטע סאָנים.

— וואָס זשע האָט איַיך געבראַכט דערצו? — פרעגט זי פּול מיט ניַיגער. — איר זאָלט זיך אזוי צעקרעלן און צעביַילן?

— מיר האָבן זיך ניט געשלאָגן, — פאַרענטפערט זיך דער כאַווער מיַינער, — באַ אונדז הייסט עס פראָסט געבאַלעוועט זיך.

— א שיינער באַלעווען זיך, — קרימט זיך זויערלעך די דאָקטערן העסי־פּעסי, — פון אזעלכע קאַטאָוועס־שפּילן קאָן מען זייער שיין אַרויס א קאַליקע.

צו וואָס פאַר אן איַיוועד די דאָקטערן העסי־פּעסי רירט זיך ניט צו, פרעגט זי: דאָ טוט וויי? און דאָ? און דאָ?

— ניין, דאָ טוט אויך ניט וויי. — ניט צונויפגערעדט, האָבן מיר ווי וויַיט מעגלעך אָפּגעלייקנט אַלע אונדזערע ווייטעקן, וואָס האָבן געצופּט באַ דער נעשאָמע. זאָל זי ניט איבעריק זיך זאָרגן, אונדזער דאָקטערן העסי־פּעסי. מאָרגן, איבערמאָרגן וועט אַלץ פאַרהיילט ווערן.

די שול־היים האָבן מיר ביידע פאַרלאָזט ניט איבעריק באַצאָרנט. אָפּשיקן אהיים הייסט נאָך ניט באַ אונדז פון די סאַמע ערנסטע שטראָפן. האַלעוויַי זאָל מען אָף וויַיטער צו קיין האַרבערע שטראָף ניט אָנקומען. דער זומערדיקער טאָג איז נאָך גענוג גרויס, און מע קאָן זיך לאָזן ווילגיין אָפן שענסטן און פריילעכסטן אויפן, ווו די שטאָט האָט נאָר ערגעץ א גאַס. כוץ זיך לאָזן צום טיַיך. העסי־פּעסי האָט שטרענג פאַרזאָגט: ניט נאַס מאַכן די בינדן באַם וואַשן זיך. דאָס שאַרפּלעכע שמירעכץ האָט אויך פיַינט פיַיכטקיַיט. ווי זשע, פרעגט זיך, קאָן מען זיַין באַם טיַיך און זיך ניט באָדן?

אזויארום פאלט דער טײַך אָפּ. וואָס זשע בלײַבט? דער שטאָט־גאָרטן, די לאָנקע באַ דער געוואַנט־פאַבריק און די שטיין־קאַריערן. און עפּשער זיך לאָזן צו דער ראַכוועסדיקער טאַרהאָוויצע?.. עס וואָלט אויך ניט שלעכט געווען אַרײַנכאַפּן זיך אין אַרבעט־פּאַלאַץ, הערן, ווי דער אוקראַיִנישער כאָר רעפּעטירט נײַע פאָלקסלידער. אַלע מײַנע פּלענער געפעלן ניט שלוימקען. וואָס זשע לייגסטו פאָר, כאַווער מײַנער?

— מאַכן אַ הוידעלקע. אָדער גיין צו דער באַן־סטאַנציע.

עפּשער איז דאָס אויך אַ געשעפט.

— שאַ, און וואָס וואָלט געווען, — פאַלט מיר אײַן אַ נײַער געדאַנק, — ווען מיר לאָזן זיך אינצווייען אוועק זוכן דעם „לאַמעדוואָווניק״, אַניסי מאַרקאָוויטש? איך ווייס זייער גוט זײַנע מעקוימעס, אַלע זײַנע לעכער און באַהעלטענישן.

אָבער באַלד קריג איך כאַראָטע אויף מײַן האַמצאָע. ווערדליק איך קען דעם מאָלער, ווייס איך ניט, צי ער וועט וועלן לײַדן, וואָס כ׳האָב געבראַכט מיט זיך נאָך אַ יִינגל.

— נו, — טרײַבט מיך שלוימקע אונטער, — וואָס איז פאַר דיר בעסער, מאַכן אַ הוידעלקע צי גיין צום וואָקזאַל? קלײַב אויס.

כ׳האָב ניט וואָס אויסצוקלײַבן,ביידע זאַכן זײַנען מיר ניט צום האַרצן.

פּאַמעלעך זײַנען מיר אַזוי אַדורכגעגאַנגען די גרינע לאָנקע, אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין אויסגעמיטן דאָס הויל־נאַקעטע בערגל, אויף וועלכן מיר פאַר־ווײַלן אָפּט גאַנץ פרייִלעך, פאַרבײַגעגאַנגען גלײַכגילטיק די אַלטע אַרומגע־צופּטע אַקאַציעס, וואָס שטייען איצט אַ ביסל פאַרשעמט מיט זייערע אַרומ־געבראָכענע צווײַגן, מיט עפּעס אַ שטומען פאַרדראָס אויף אונדז, פאַרשײַטע העפקער־יִינגלעך, וואָס האָבן זיי אַזוי צעמאַזיקט.

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, — רופט זיך אָן שלוימקע, — דער נײַער לערער וועט אין שול־היים קיין נאַכעס ניט האָבן. וויפל, מיינסטו, קאָן ער זיך באַ אונדז האַלטן? אַ וואָך, צוויי, עפּשער אַ כוידעש, ניט מיין. זאָג אַליין, וואָס איז דאָס פאַר אַ לערער? ווי נאָר דער מענטש איז אַריבער־געטראָטן די שוועל, האָט מען גלײַך פון אים אָנגעהויבן לאַכן, אָפּשפּעטן. הײַנט האָט דער „צעקימפּעט״ געבראַכט העפּטן, בלײַשטיפטן, מאָרגן וועט ער ברענגען שפּילעכלעך, איבערמאָרגן לעקעכלעך און צוקערלעך, דערנאָך וועט ער זיך שטעלן אויף אַלע פיר און ווערן אַ פערדעלע. נו און ווײַטער?..

— וואָס זשע האָסטו זיך אַרופגעכאַפּט, כאַווער מײַנער, מיט אַזאַ ברע־נענדיקן קאַס אויף די לערער?

— דאָס איז שוין מײַן אייסעק, — ענטפערט שלוימקע רוגזעדיק, — מיט די לערער האָב איך מײַנעם אַן אַלטן כעזשבן.

פונעם וועג דערטראָגט זיך אַ באַקאַנטע מונטערע ליד. דאָס קינדער־הויז שפּאַנט פון וואַלד מיט געזאַנג. פרייִלעכע און קלינגענדיקע קעלעכלעך פאַרפולן די הויפּט־גאַס. איך און שלוימקע פאַרוקן זיך פאַרשעמט אין אַ זײַט, באַמיִענדיק זיך, ווי ווײַט מעגלעך, פאַרשטעלן די ווײַסע פריש־אַרופּ־געצויגענע בינדן. אוודע זײַנען מיר שטאַרק מעקאַנע די קינדער פון קינ־דערהויז, ווי זיי גייען אָרגאַניזירט, אַלע צוזאַמען, מיט פעסטע טריט, אַזעלכע געזונטע, שטאָלצע און גליקלעכע.

א גרויסער אוילעם מענער און פרויען זײַנען נאָך לאַנג געשטאַנען אויף דער גאַס, באַגלייט דעם דורכגעמאַרשירטן קינדער־קאָלעקטיוו און געקליבן נאַכעס. איך און שלוימקע האָבן שנעל אַדורכגעקרייצט דעם וועג און געלאָזט זיך מיט דער שטיל־דרעמלענדיקער הינטערגאַס צום מאַרק. מיר האָבן ניט געוואָלט אָנטרעפן אויף באַקאַנטע, ניט געוואָלט, זיי זאָלן לייגן אויף אונדז דעם „נעבעך" און „ראַכמאָנעס".

— שלוימקע, — זאָג איך מיט האַרץ, — קוק זיך גוט אײַנעט אין די צוויי בלעכערס. פאַרנאַכט וועט אונדז אויסקומען נעמען דעם הויכן פּאַרקן פונעם שטאָט־גאָרטן, קעדיי זען, וויִאַזוי די דאָזיקע צוויי ברידערלעך שפּילן טעאַטער.

## דאָס אײַנפּאַר־הויז

נאָך פיל סיכסוכים און אַמפּערנישן איז דער נײַער לערער, מוישע אָקס, געבליבן אַרבעטן אין שול־הײם, נאָר אויף אַן אַנדער געביט. אַזויווי עס האָט זיך פאַר דער צײַט געשאַפן אַ שטיקל ווירטשאַפט, קאָלערליי אינווענטאַר, לערן־מאַכשירים און דעריקער־שעבעיִקער דאָס ביסעלע פּראָוויזיע פאַר דער שול־הײם, איז נייטיק געווען, אַז מיט דעם זאָל זיך פאַרנעמען אַ מענטש מיט אַן אײַנפאַל. הײַנט ווער נאָך האָט אַזוי גוט געפּאַסט צו דער דאָזיקער אַרבעט, ווי מוישע אָקס? אין דער באַלעבאַטישקײַט ווײַזט ער אַרויס מאַמעש וווּנדער. כוץ דעם, קומט אים אויס פון צײַט צו צײַט פאַרבײַטן אַ לערער, דורכפירן פאַרשיידענע לימודים. ביסלעכווײַז וואַקסט מוישע אָקס אַרײַן אין קאָלעקטיוו. קיינער לאַכט ניט פון אים, קיינער קוויזעקט ניט מער. די צונעמעניש „צעקימפּעט" ווערט אויך ביסלעכווײַז אויסגעוועפּט און פאַרגעסן. גראָד דאָ, אויף זײַן נײַער אַרבעט, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ בעריע, ער פאַרשטייט ווו אײַן און ווו אויס.

ניט צו דערקענען איצט דעם פריִערדיקן אויסגעסטראָצלטן טאַטנס זינדל. ניטאָ מער יענץ יונגערמאַנטשיקל, וואָס האָט ליב אויספּײַנען זיך פאַר לײַט מיט אַ שיינעם קאָלנער. די אַרבעט אין שול־הײם אַלס לערער און פאַרוואַלטער פון דער ווירטשאַפט איז בא אים דאָס סאַמע וויכטיקסטע. ניטאָ קיין שווערע אַרבעט, וואָס זאָל אים אָפּשרעקן. מע האָט געבראַכט, לעמאָשל, אַן אָנגעלאָדענעם וואָגן מיט פּראָדוקטן, פאַרקאַטשעט ער די אַרבל און שטעלט אונטער אַ פּלייצע. ניט געווען דער טאָג, אַז מוישע אָקס זאָל עפּעס ניט ברענגען פאַרן קאָלעקטיוו. אין איין אָרט באַקומען דאָס, וואָס ס'איז אויסגעשריבן לויטן נאַריאַד, אין אַ צווייט אָרט, צווישן הענדלער און קלייטניקעס, אויסגעטוישט איין פּראָדוקט אויף אַ צווייטן, און ווי אַ באַהאַוונטער סויכער קיינמאָל פונעם געשעפט ניט אַרויס מיט דערלייגעכץ.

וואָס קאָן מען, אַשטייגער, ניט געפינען בא אַזאַ גוטן באַלעבאָס, ווי אונדזער מוישע אָקס? אַלצדינג איז בא אים אַ קערן. אין אַ ווירטשאַפט, זאָגט ער אַליין, קומט אַלץ צוניץ. דאַרף מען, לעמאָשל, אַ שטריקל, אַ טאָרבע, אַ זעקל, אַ מעסטל, אַ קוישל, דאַכט זיך וואָס, קלייניקײַטן, איאָ? בא

מוישע אָקסן קריגט מען עס גרינג. ווייל מען א צעבערל, א ראַגעזשע, א געפּלאָכטענע קאָרזינקע, א דייזשע, א פּעסל, פּלעקלעך, צוועקעס, קאַלך, פֿארבן, וואָס א מויל רעדט נאָר אויס. ניט אַלע אַזעלכע זאַכן איז דאַן געווען צו קריגן אין די קליייטן, נאָר בא אונדזער מוישען וועט איר אַלץ טרעפֿן אין אונטערשטן שטיבל, וואָס איז געוואָרן א קאַמער מיט פֿיל באַזונדערע קאַמערלעך, פֿאַר אַלץ אין דער וועלט — פֿון א קלעצל פּאָדעם ביז געטריקנטע פֿישלעך.

זעליק דעם אײַנפּאָרערס בעניאַכיד, מישינקע, וואָס האָט געזאָלט ווערן א לערער, אָן איידלמאַן, האָט זיך אַזוי פֿײַן און גוט אַרײַנגעפּאַסט אין זײַן נײַער אַרבעט, אַז קיין בעסערס איז פֿאַר אים אין דער וועלט ניט געווען. גיי ווייס, צו וואָס א מענטש איז באַרופֿן?..

די לעצטע וואָך, זינט אונדזער נײַער לערער האָט גענומען באַלעבאַטעווען אין דער קיך, זײַנען די פֿרישטיקן און מיטיקן געוואָרן פֿיל בעסער. דאָס געקעכץ האָט באַקומען גאָר אַן אַנדער טאַם. עס האָבן זיך באַוויזן נײַע שיסעלעך. ניט קיין ליימענע, ווי פֿריִער, נאָר בלעכענע. עס קאָסט טאַקע טײַערער, אָבער דערפֿאַר ברעכן זיי זיך ניט. הײַנט די נײַע קווערטלעך, לעפֿל, גאָפּל, מעסער. מוישע האָט זיך אונטערגענומען בײַטן דאָס גאַנצע געפֿעס, די קאַפּצאָנישקײַט זאָל אַזוי ניט אַרויסשפּאַרן. איצט טרינקען מיר עמעסדיקע טיי, ניט קיין הויל ביסל אָקרעפּ. די פּאָרציע ברויט איז אויך געוואָרן וואָגיקער. און נאָך א נײַע אײַנפֿירעכץ. ביז ער, מוישע, טוט ניט אָן דעם ווײַסן פֿאַרטעך, גייט אַראָפּ אין קיך און נעמט ניט אַראָפּ קיין פּראָבע, וועלן די דעזשורנעס ניט פֿאַנאַנדערטראָגן דאָס געקעכץ צווישן די קינדער. די דאָקטערן, העסי־פּעסי, מיט ווען מוישע אָקס פֿירט אָפּטע געשפּרעכן וועגן סאַניטאַרן צושטאַנד אַף דער קיך, אין שפּײַז־קאַמער און צווישן די שילער, האָט ניט איין מאָל אים געלויבט. ס'איז דאָ, זאָגט זי, אַף וועמען זיך פֿאַרלאָזן.

זעט אויס, אַז אין סאַניטאַריע און אין היגיִענע יאָכלט ער מער ווי די איבעריקע לערער. מע האָט זיך שוין טאַקע צוגעוווינט, אַז אָן מוישע אָקס קאָן מען זיך קיין ריר ניט טאָן. ווי פֿרי עס זאָל ניט זײַן, טרעפֿן מיר דעם „צעקימפּעט“ בא זײַן אַרבעט. די שפּײַז־קאַמער שטייט ברייט צעעפֿנט, פֿריש־דורכגעלופֿטערט, צוגעראַמט. קעמוי ווי אין אַן אַפּטייק, שטייען אויסגעשטעלט איבערגעדעקטע סלאָיען, פֿאַרפּראָפּטע פֿלעשלעך, פּאָרצעלײַענע קריגעלעך, שעלעכלעך און טעצעלעך, בוטלען גרעסערע און קלענערע. אָפּגעטיילט מיט א פֿאַניער־ווענטל, שטייען שוין שווערע זאַכן: דייזשעס, פּעסלעך, קאַסטנס, מאַסיווע זעק, און גאָר באַזונדער, אין גרויס כשיוועס, איבערגעצויגן מיט א זויבערן פֿאָרהענגל, ליגן די לערנביכער, קאָליר־פּאַפּיר, מאַפּעס, ווירעס, פּאַפּקעס, רענצלעך, טינטערס, קליי, בערשטלעך, פֿאַרבן. פֿאַר די דאָזיקע שילערישע מאַכשירים איז אָפּגעגעבן געוואָרן דער אויבנאָן.

די קאַמער אין קעלער־שטוב איז אָנגעשפּיקעוועט מיט אַלדאָסגוטס. אַפֿילע פֿונעם קינדערהויז קומט מען איצט צו אונדז לײַען א פֿלעשל עסיק, א פּעקל קראָכמאַל אָדער א שטיקל טריוואַקס.

מוישע אָקס האָט באַקומען א שעם אין שטאָט, צווישן דער לערער־

שאַפט, אַלס אָרנטלעכער און טיכטיקער מענטש. ער האָט בעעמעס געשטעלט, קאָן מען זאָגן, גאָר פאַר א קורצער צײַט, אונדזער שול־היים אַף די פיס. דאָס קינדערהויז האָט שטאַרק כײַשעק געהאַט אים אַריבערשלעפּן צו זיך. די זאַראָסיער אַרבעט־שול איז אויך געווען פול מיט טײַנעס: מוישע אָקס האָט געזאָלט אָנקומען אַרבעטן צו זיי, ווי זשע האָבן עס מיר אים אַרויסגעכאַפּט פון אונטער די הענט?..

כאַכאָמים, ווו זײַנט איר פריִער געווען, ווען דער „צעקימפּעט" האָט געהאַלטן בא אַרויספאַלן פון וואָגן?

דער כאַווער יאַקאָוו האָט אָבער געגעבן דאָס וואָרט און פאַרזיכערט: איר האָט זיך טאַקע פריִער מיט אים געוואָרפן, איצט זעט איר, וויאַזוי מע קאָן א טאָעס האָבן אין א מענטשן. נאָר האָט קיין דײַגע ניט, מוישע אָקסן וועלן מיר אין ערגעץ ניט אַריבערוואַרפן.

דאָך האָבן זיך געפונען בײַזע מײַלער, וואָס סטאַרען זיך, ווו מע קאָן נאָר, צולייגן א קנייטל. מוישע אָקס, זאָגן זיי, קומט אַרויס פון ניט קיין געוווּנטשענעם ייִכעס. זײַן פאָטער רעב זעליק, וואָס האַלט אַפן מאַרק דאָס אײַנפאָר־הויז, שטאַמט ניט פונעם געמיינעם גראַד און איז ווײַט צו זײַן א נאָענטער מעכוטן מיטן הערשנדיקן קלאַס. ביפּראַט, גיט מען נאָך צו, אַז דער בעניאָכיד האָט געיאַרשנט דעם טאַטנס סאָכרישן אָדער... עמעס, מוישע האָט זיך פון דעם ניט איבעריק גענומען צום האַרצן. קיין פאָטער, זאָגט ער, קלײַבט מען אַליין ניט אויס... די איבערגעגעבנקײַט צו דער אַרבעט איז דער בעסטער צײַגער. ער שעמט זיך ניט מיט זײַן טאַטן, קיין פויסט אַף דער ראַטנמאַכט האָט ער ניט אויפגעהויבן, מיט א שטיין אין בוזעם איז ער אויך ניט אַרומגעגאַנגען. אײַ מענטשן ריידן, אַז רעב זעליק איז פון די נײַ־אויפגעקומענע גווירים, איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט, און אַז מע איז רײַך, איז מען אי שיין, אי קלוג, אי מע קען זינגען...

האָב איך אָבער אַנומלטן אַליין געהערט פון דער מומע העני, אַז זי דאַרף נייטיק א גמילעסכעסעד, שפּרינגט זי אַרײַן אין אײַנפאָר־הויז צו רעב זעליקן. יענער, דער באַל־אַכסאַניע, איז א מענטש, וואָס האָט ליב טאָן א טויווע.

וואָס ווייס איך נאָך? איך ווייס, אַז מוישע האָט ייִנגלווײַז געלערנט אין בעלאָצערקאָווער פּראָגימנאַזיע, פון דאָרט האָט דער פאָטער אַריבערגעפּעקלט דאָס ציטעריקע באָכערל אין זשיטאָמירער האַנדל־שול, דערנאָך אים כאַסענע געמאַכט. פונוואַנען ער קומט צו די קאָרסונער לערער־קורסן, הייב איך ניט אָן צו וויסן. מעגלעך, ער האָט דאָרט געהאַט א צאַד, און עפּשער איז דעם טאַטן זײַנעם אויסגעקומען שמירן... מײַן אייסעק? צו אַזעלכע זאַכן מיש איך זיך ניט.

טרעפט אַמאָל, אַז מוישע אָקס' ווײַב קומט צו גיין אין שול־היים, שטעלט זיך אַוועק פון יענער זײַט פּלויט מיט א פּעקעלע עסנוואַרג. זי איז געננוג שעמעוודיק, קוקט פאָרזיכטיק אַרײַן צו אונדז אין הויף, גליטשט זיך דורך פאַרבײַ דעם שיטערן אַרומצוים און ווערט אַנטרונען. שפּעטער קומט זי נאָכאַמאָל צו צום פּלויט, זי זוכט א פּאַסיקע מינוט זיך זען מיטן מאַן. אָפּטמאָל בעט זי עמעצן פון די קינדער, מע זאָל זײַן אַזויפיל גוט, אַרויסרופן איר מישינקען:

— ער האָט נאָך הײַנט אין מויל ניט געהאַט.

„די ווײַסע טעלעצע“ — בא די שולהיים־יאַטלעך איז זי גלײַך געקרוינט געוואָרן מיט א צונאָמען. ווי אנדערש, קיין בעסערן און שענערן צונאָמען איז שווער געווען צוקלערן... ווײַל יונג איז זי, ווײַס איז זי, און צעוואַקסן גאַנץ בעקאָוועדיק איז זי אויך. בעפיירעש א שיין יונג ווײַבל. ווי זאָגט שלוימקע: זי איז, קיין אײַנהאָרע, אפּן ביינדל. קיין בייז־אויג זאָל איר ניט שאַטן, כוץ איר שאָדן, אַף דער לערערן פרידע געזאָגט געוואָרן.

ווען מוישע אָקס דערוויסט זיך, אז די פלויניעסטע זײַנע איז שוין דאָ, גייט ער ארויס בעשעטיקע אַף יענער זײַט טויערל און זאָגט איר עפּעס, אפּאָנעם, זייער ניט קיין אָנגענעמס. ער איז שטאַרק אופגעבראַכט, ער וויל ניט לײַדן, לעמיַ זי קומט אהער, מיט איר מיטיק:

— מיר האָבן דאָך עפּעס גערעדט. איך וועל פון הונגער ניט שטאַרבן.

— אוי, מישינקע, טײַערינקער, ליבינקער, — בעט זי זיך בא אים, — זע, וואָס פון דיר איז געוואָרן? דאָס הארץ רײַסט, קוקנדיק אַף דיר, טיל־טעל, וויפל איז דער שיר? טו מיר צוליב, מישינקע! זײַ אַף זיך ניט אזא גאזלען.

— הער שוין אוף מיך מוטשען, — מע זעט, ווי די קינבאַקן טאַנצן אזש אונטער פון צאָרן. — זאָג, וואָס ווילסטו? וואָס ווילסטו פון מײַן לעבן? די טאַלמידים זאָלן לאַכן פון מיר? גיי אהיים! גיי, זאָג איך דיר. איך וועל אײנגיכן אליין קומען.

דער אינדיק און איך זיצן אין גראָז אונטער די קוסטעס און כאַפּן אוף יעדעס וואָרט. בא דער ווײַסער טעלעצע רינען אראָפּ די טרערן.

— טאָג ווי נאַכט ביסטו פאַרנומען מיט זיי. איינע אליין זיץ איך אין שטוב, וואַרט און וואַרט, און קאָן זיך ניט דערוואַרטן. וואָסי, זיי, די שלע־פּערלעך, זײַנען בילכער?!

— שטילער, בעט איך דיך, שטילער. ס׳א ביזאָיען!

— הערסט? — קנײַפּט מיך דער אינדיק. — הערסט כאָטש, ווי די ווײַסע טעלעצע כליפּעט. ווי זי באַווײנט אים...

דער אינדיק רײַסט זיך א ווילדער ארויס פון מײַנע הענט און לאָזט זיך הענדעם־פּענדעם לויפן מיט אַ קוויטשערײַ:

— אך, האָבן מיר געזען א שיינע זאַך! אך, האָבן מיר געזען א שיינע זאַך!..

— ס׳א ליגן! פּאַשעט אויסגעטראַכט א ליגן, — לייקן איך פאַר די יינג־לעך שטיין און ביין, — סע הייבט זיך ניט אָן. ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. מיר האָבן גאָרניט געהערט, גאָרניט געזען. אן אויסטראַכטעניש... א בילבל...

— אוי!.. — כאַפּט דער אינדיק זיך אזש פאַרן קאָפּ. — וויִאזוי ווערט דיר דײַן מויל ניט אויסגעקרימט אין א זײַט? זאָג מיר אין די אויגן, ביסט גע־זעסן אונטער די קוסטעס? האָסט מיר ניט געפּרווט פאַרשטעלן דאָס מויל?

— אין גראָז באַם פּלויט זײַנען מיר טאַקע געזעסן, — בין איך זיך מוידע, — דײַן פּיסק האָב איך טאַקע פאַרשטעלט, אָבער דאָס, וועגן וואָס דו דערציילסט, האָב איך ניט געהערט און ניט געזען... ביסט א רעכילעס־טרײַבער. מער וויל איך מיט דיר ניט ריידן...

...אין אײנעם א שאבעס־אינדערפרי האָט דער לערער אַרל סקליאַר מיך געשיקט װעגן עפּעס אַן אײניען צו מױשע אָקסן אַהײם. דער אײַנפּאָר־הױז שטײט אױפן מאַרק פּונקט אַנטקעגן די דריבנע צעלניק־שטעלעכלעך. פריִער גײט געדאַליע דעם רימערס שטיבל, דערנאָך צעמאַכס קעלער, װוּ די פיש־הענדלער האַלטן געטריקנטע פיש, און בײשכײנעס מיטן קעלער, איבער א טױב װענטל, געפינט זיך רעב זעליקס שטאַל, דער אַזױגערופענער אײַנפּאָר־הױז.

— זאָג אים מיט די װערטער, — לערנט מיך דער לערער אַרל סקליאַר װאָס צו זאָגן, — דאָס קלײנע שליסעלע פונעם לערער־צימער איז פאַרלאָרן געגאַנגען. צװישן די שליסלען, װאָס ער האַלט אױפן רינג, מוז זיך געפינען נאָך אײנס אַזאַ פונעם לערער־צימער, זאָל ער עס דיר געבן.

לאַנג זוכן דעם אײַנפּאָר־הױז האָב איך ניט באַדאַרפט. פורלעך פאָרן אַרײַן און אַרױס. די צעקרימטע טױערן פון דער גרױסער שטאַל צעעפענען זיך, סקריפּענדיק מיט א צעצױגענעם גרילץ. אינװײניק שטײט א כאַשכעס, עפּעס א מין קלעפּיקע פינצטערניש. פון אַלע זײַטן טראָגט מיט פערדישן קױט. ערגעץ אין עק שטאַל האָט א שײַן געטאָן א ליכטל און גיך אױסגעלאָשן געװאָרן. אײניקע רײַבן שװעבעלעך, מע צינדט שטיקער פּאַפּיר, אַנדערע שרײַען גװאַלד, מע זאָל אױפהערן צינדן פײַער, עס װעט אױסברעכן א סרײפע.

די לאַנגע, פינצטערע שטאַל איז דורכגעזאַפּט מיט געשטאַנק פון קיזיקעס און האַשטאָנע. אומעטום, אױף טריט און שריט, שטױסט מען זיך אָן אױף געפּלאָנטערטע שלײעס, צײַמלעך, דישעלס און האָלאָבליעס. ערטערװײַז שטײט א לאַנגאָניקע קװאַטשיקע בלאָטע. דאָ און דאָרט קומט אױס איבערשפּאַנען פיל בערגלעך האָבער, קופּעס הײ. ביז איך האָב אָנגעטראָפן צו זעליקס דירע, זײַנען מיר שיר די אױגן ניט אַרױס. דאָ, אין דער שטאַל, זײַנען פאַראַן פיל בלינדע טירן, קלענערע און גרעסערע כאַדאָרימלעך פאַר אָרכים, אָנגעפּאָרענע פון די אַרומיקע דערפער.

לאָזט זיך אױס, אַז צום באַלעבאָס פון דער אַכסאַניע פירט אַן אַנדער אַרײַנגאַנג אױך. עס איז ניט קײן כּיעװר קומען אין שטוב אַרײַן דאַפקע דורך דער גרױסער און כאַשכעסדיקער שטאַל. דער מער שענערער און בעקװעמערער אַרײַנגאַנג פירט פון דער צװײטער זײַט גאַס, װוּ דאָס געשניצטע און אױסגעצאַצקעטע גאַנעקל איז אַרומגעװאַקסן מיט װילדע װײַנטרױבן. איך בין גלײַך אַרײַן אינעם שײנעם פּאָדערצימער, װאָס איז פאַרשפּרײט מיט טעפּיכער און געשטריקטע רעדנעלעך. אױף די פענצטער־ראַמען איז פול־און־פול מיט בלומען. אינמיטן גראַמען צימער שטײט א קײַלעכיקער טיש, איבערגעדעקט מיט א ביז גאָר פײַן געװעבטן טישטעך. פונעם הױכן סופיט הענגט אַראָפּ א פּאָרצעלײַענער לאָמפּ, רונדיק געגאַרטלט אין קרישטאָלענע פראַנזן. אומעטום, פון אַלע װינקלען, קוקן אַרױס שפּיגלען, פּאָלירטע טישלעך, װײכע שטולן, איבערגעצױגן מיט זױבערע מענטעלעך.

יאָ, װוּ זשע איז דער באַלעבאָס אַלײן?

— אין קלױז, — ענטפערט אײנע אַן אַלטיטשקע אין א זײַדן קאָפּטיכל. — װײסט דען ניט, יִינגעלע, אַז הײַנט איז שאַבעס?

װעדליק עס טוט זיך דאָרט, אין דער גרױסער שטאַל, דאָס גראָבלעכע

טופען וואָס מע טופּעט אויס, דער געררודער ווי אין א מיל, און דאָס צינדן אלעמאָל פײַער, זעט מען ניט, מע זאָל דאָ שטארק אָפּהיטן דעם הייליקן שאבעס.

— באָבעניו, — פרעג איך בא דער אײַנגעשרומפּענער זקיינע, — ווייסט איר, ווו קאָן איך טרעפן אײַער מוישעלען?

— אך, אזוי, צו מוישעלען ביסטו געקומען? אזוי זשע רעד. מוישעלע איז בא זיך אין אלקערל, — ווײַזט זי מיר אָף דער טיר אנטקעגניבער, — ער האלט איצט גראָד אינמיטן דאווגען. קום, וועל איך דיר ווײַזן.

וויי, ווי דער לערער האָט זיך דערשראָקן! מוישע אָקס איז ארויס פון אונטערן טאלעס בלייך ווי א מעס...

— כ'האָב אזוי... גלאט... אָף קאטאָוועס... — פיבערט ער מיטן גאנצן גוף און ציט אָף זיך ארוף א זיס שמייכעלע; אָף דער טמימעסדיקער זקיי־נע איז ער מאָלע־רעציכע:

— ווער האָט דיך געבעטן ארײַנפירן עמעצן אין אלקער? האָסט ניט געקאָנט מיך א רוף טאָן?

— וואָסי, וואָסי, מוישעלע? — איז די אלטיטשקע איבערראשט. — ביסט, כאָלילע, באגאנגען אן אוולע קעגן יינגל?

— אוועק פון מײַנע אויגן, אלטע קליפּע!

דער אוועקגעשלײַדערטער טאלעס ליגט פארשעמט אָפן געקווייטלטן סאָפּקעלע. מוישע אָקס קאָן נאָך אלץ ניט קומען צו־זיך; פּרוווט ווידער א שמייכל טאָן, און מע זעט, אז ער וויל זייער מיך פארעדן.

— איך האָב ליב אמאָל זיך נאריש מאכן. ווי זע איך עפּעס אויס אינעם טאטנס טאלעס? איאָ קאָמיש? דערצייל כאָטש קיינעם ניט פון מײַן נארי־שער כאָכמע. מע קאָן נאָך מיינען, ס'איז טאקע אן עמעס. עפּשער וועסטו טרינקען א גלעזל ציקאָריע?

לאנג בעטן לאָז איך זיך ניט. פון א זיסער גלאָז ציקאָריע מיט א פרישן קיכל זאָגט מען זיך ניט אָפּ, ניט אלע מיטוואָך און דאָנערשטיק איז מען מיך מעכאבעד מיט אזא איידעלן ביסן. איך כידעש מיך שטארק, וואָס אָט דער יונגערמאן, מוישע אָקס, פארמאָגט, כוץ טאטע־מאמע און כוץ א פּאר־מעגלעכער שטוב, נאָך אן אייגענע געטרײַע באָבע.

איצט קוקט זי, די באָבע, אומצופרידן אָף איר דערוואקסן אייניקל, וואָס האָט אָף אזא גראָבן אויפן אויסגעגאָסן די טויכעכץ אָף איר. איך שטויס זיך אָן, אז די אלטיטשקע איז שטארק בייז אָף מיר. דאָס האָב איך דאָך ארײַנגעטראָגן אין איר שאבעסדיקן שאָלעם־ווּעשאָלווע אָט די בורע־נינע, וואָס איז אָקאָרשט פאָרגעקומען אין יענעם שטיל אלקערל. איך פיל איר אגמעסנעפּעש, אירע ערגערנישן איבער דער אומזיסטיקער גאָב, וואָס זי האָט ארײַנגעכאפּט פונעם צעווילדעוועטן אָקס. ווי געשמאק און באטאמט עס זאָל ניט זײַן דאָס זיסע קיכעלע און די הייסע ציקאָריע, נאָר אז איך טו א קוק אָף דער פארומערטער זקיינע, שטעלט זיך מיר דער ביסן פּאָ־פּערעק אין האלדז.

ענדלעך האָט זיך באוויזן אָף דער ליכטיקער שײַן די „ווײַסע טעלעצע". ס'איז מיר אפילע ניט אײַנגעפאלן, אז זי קאָן זיך געפינען דאָ ערגעץ אין שטוב. ווי זשע האָט זי ביז איצט ניט געלאָזט הערן וועגן זיך?

— אהא, מע איז שוין געקומען נאָך דיר, — ווארפט זי אָן אָנגעכמורעטן בליק אין מײַן זײַט. — מע לאָזט ניט רוען קיין מינוט. דער רועך כאפט זיי דאָרט אוועק! גיכער, גיכער צו זיי. גאָט האָט געגעבן א שול־היים, נו, נו...

— די אנדערע טעג יאָמטעוו, — האָט מוישע בייז א שאר געטאָן מיטן בענקל. — א געהענעם, ניט קיין שטוב. זאָג כאָטש דעם ייִנגל א גוט־מאָרגן. מע קען דאָך ניט זײַן אזוי ווילד פארגרעבט. איך בין דאָך א שטיקל לערער.

— א לערער, — ענטפערט זי, קוקנדיק אין שפיגל. — עסט פון זיי ברויט? ניט קיין שאבעס, ניט קיין זונטיק, ניט קיין וואָך און ניט קיין יאָמטעוו. וואָס האָט מען זיך אף דיר אָנגעזעצט, פרעג איך, מער ווי אף אלעמען?

וויפל פּאָלירטע טישעלעך עס שטייען דאָ, אזויפיל שופלאָדן זײַנען געבליבן האלב־צעעפנט פון איר, דער טעלעצעס, באָרבלען זיך, פון איר איבערוווארפן און איבערנישטערן.

— ווער, וויל איך וויסן, פאָרעט זיך אין די טיש־קעסטלעך? — פּאלט זי אָן אף דער זקיינע. — אומעטום איז זי פול, פון אלצדינג מאכט זי טיל־טעל!..

אזעלכע שפּיגלען, פון דער ערד ביז דער סטעליע, האָב איך געזען בלויז אין דער גערימטער שערערײַ, בא יענעם פּיפּיקן סאָלאָמאָנטשיק, וואָס איז דער ערשטער קראַסאוועץ אין שטאָט און קיין איין שאדכן נעמט זיך ניט אונטער אים צו פארקנאסן.

פון דער רײַכער באלעבאטישער שטוב בין איך אוועק מיט א פּײַנטלעכן געפיל צו דער גאנצער באל־אכסאנישער מישפּאָכע.

## מאזל...

מײַן אמאָליקער כאוור פונעם געלן קלײַזל, וויגדער, דער געוועזענער קוריער, האָט זיך אומגעקערט פון קאָרסון. וויגדער איז געשיקט געוואָרן אהין אף דרײַכאדאָשימדיקע קורסן. א כעוורעמאן, קיין אײַנהאָרע, צו לײַט, רייכערט פּאפּיראָסן ווי א גרויסער, טראָגט א לאנג כאקן העמדל, ניט אף זײַן מאָס גענייט, אונטער א ברייטן רימען, פארלאָזט זיך א ווויל־יונגעריש היטשקעלע, וואָס וואקסט בא אים דיבאָם, הארט און שטעכיק, ווי בא א מוילוואָרף. פאר דער צײַט, וואָס מיר האָבן זיך ניט געזען, האָט דאָס ייִנגל זיך גאנץ פּײַן א צי געטאָן אין וווקס. ער איז איצט העכער פון מיר אף אָנדערהאלבן קעפּ. שטאָלץ שײַנט אף זײַן העמדל דער קאָמיוגישער צייכן. וואָס איז עס, וויגדערל, ניט קיין בארימערײַ?.. און פונוואנען האָבן זיך צו מײַן כאוור גענומען די הויכע ווערטער, מיט וועלכע ער שיט אף רעכטס און אף לינקס?

באגעגנט האָבן מיר זיך אינעם קליינעם סקווערל אנטקעגן דעם ארבעט־פּאלאץ.

— א שאַק מיט יאָרן! — רופט ער אויס גליקלעך און וואַרפט זיך קושן. — ביסט שוואַרץ געוואָרן פון דער זון, ווי א טאַטער. וואָס מאַכט די מאַמע?

ביידע צופרידן פון דער אומגעריכטער באַגעגעניש, זײַנען מיר אראָפּ פונעם וועג און זיך אוועקגעשטעלט אונטער די אָפּגעבליטע אַקאַציעס.

— איך און די מאַמע דײַנע זײַנען איצט פון איין סאָיוז. טעקסטיל־שטשיקעס זײַנען מיר, פּראָלעטאַריער... לערנסטו, האַ? טאַקע אין שול־היים? לערן זיך, לערן זיך, ברודערל. לערנען איז ביז גאָר א וואַזשנע זאַך בא הײַנטיקן טאָג. יונג און אַלט האָבן זיך געזעצט אויף דער שול־באַנק. אַלע זײַנען געוואָרן תּלמידים. אַלע האַלטן אין איין לערנען.

איך באַמערק, ווי ער כאַפּט אַרויס א ריין נאָזטיכעלע, ווישט אַרום דאָס פאַרפּאַליעטע פּאָנעם, לייגט עס אַקוראַט צונויף און לאָזט דאָס צוריק אַראָפּ אין דער הויזן־קעשענע. פונוואַנען קומט עס צו וויגדערן? בא וועמען האָט ער זיך אויסגעלערנט האַלטן מײַסע־קאַוואַליער?

— וואָס זשע שווײַגסטו? — טרײַבט ער מיך אונטער. — דערצייל, וואָס הערט מען עפּעס גוטס?

— איך ווייס... — ענטפער איך ניט גערן, עפּעס לאָזט זיך מײַן אַמאָליקער כאַווער ניט דערקענען.

אַמאָל זײַנען מיר געווען גוטע כאַווײרים, איין האַרץ און איין נעשאָמע, אַזוי ווי א ברודער מיט א ברודער. כאָטש וויגדער איז עלטער אויף א יאָר דרײַ, נאָר דעמלט, צווישן אַזויפיל פּלייטים, אַנטלאָפענע פון באַנדיטישע פּאָגראָמען, איז ניט געווען קיין גרויסער כילעק אין די יאָרן. ניט ער, וויגדער, און ניט איך האָבן געפילט דעם אונטערשייד. איצט, שטייענדיק אונטער די אַקאַציע־ביימלעך, פיל איך, אַז עס טיילט אונדז פאַנאַנדער עפּעס אַזעלעכס, וואָס איך קאָן פּאַשעט ניט דערקלערן. וויגדער איז פאַר דער צײַט, וואָס מיר האָבן זיך ניט געזען, געוואָרן, ווי זאָגט מען אין באַרשעוו, א יאַט מיט ביינער, אַרײַנגעטראָטן אין קאָמיוג, פירט זיך מײַסע־אַקטיוויסט. קאָן איך זיך צו אים גלײַכן? עס קומט אויס, אַז איך בין קעגן אים הינטערשטעליקער, איך טראָג נאָך אַלץ קורצע הייזלעך...

— יאָלד מאַקאַראָווער, — טוט ער מיך א וועק פון מײַן פאַרכאָלעמטקײַט, — בא מיר זײַנען איצט גאָר אַנדערע פּריווילעגיעס. איך וועל זיך ניט לאָזן פירן פאַר דער נאָז. איך בין אײַך שוין ניט יענץ שיק־ייִנגל.

ווי איך האָב פאַרשטאַנען פון זײַנע רייד, האָט מען אים געשיקט אויף דער געוואַנט־פאַבריק אין דער מאַשין־אָפּטיילונג אַלס געהילף־מײַסטער. די קאָרסונער קורסן האָבן וויגדערן געגעבן א באַשטימטע צוגרייטונג, איצט וועט ער פאַרפולקומען זײַנע קענטענישן אויף דער פּראַקטיק.

— ס'א שיינע מעלאָכע, — האַלט איך אים אופריכטיק אונטער. — דײַנע כאַווײרים וועלן דיר בעפּיירעש מעקאַנע זײַן. פון מיר איז שוין אָפּגערעדט. האַלעוואַי קום איך צו דײַן שטאַנד.

— יאָ, דו ביסט גערעכט. ווען זשע איז דאָס גערעדט געוואָרן, — טײַנעט ער א נאָך מער צעוואַרעמטער, — ווען די אַדמיניסטראַציע באַשטייט פון אָרנטלעכע מענטשן, ניט פון קיין ביוראָקראַטן מיט שטיינערנע הערצער. דאָס פּאַפּירל, זאָגן זיי, איז טאַקע א דאָקומענט. קיינער לייקנט

עס ניט, נאָר קיין אָרט אױף דער פאַבריק איז דערװײַל ניטאָ. איך, דער געשיקטער פון פאַריין מיט אַזאַ אײַזערנעם דאָקומענט, קומט אויס, בין איבעריק. צו וואָס זשע, פרעגט זיך, מאַכט מען קורסן? איצט זעסטו, ווי מע איזדיעקעוועט זיך איבער מיר? מע שאַפּט זיך מיט מיר, גלײַך איך בין נאָך אַלץ יענער ווינדער פון איספּאָלקאָם, דער פלינקער קוריער, מיט וועמען מע קאָן פאַרשטעקן אַלע לעכער.

ער נעמט רעדן שטילער, גלײַך ער רוימט מיר אײַן עפּעס אַ גרויסן סאָד.

— דאָרט זיצט איינער אַ נאַטשאַלניק, אַ קעלעוו שעביקלאָוים. שאַ, דאַרפסט אים קענען, מיכל קאַפּלון, אַ ספּעקוליאַנט פון יענע ספּעקוליאַנטן, אַ שווינדלער, אַ ליגנער, פון יענע פאַרשוינען, וואָס מע פרעגט זיך אויף זיי נאָך... ער איז אַ מין קאָמערטשעסקע דירעקטאָר. פאָרט אַרום איבער דער וועלט, מאַכט באַשטעלונגען, קריגט אונטער דער ערד רויוואַרג. אָט דער ראָשע, מיכל קאַפּלון, איז דער גרעסטער סוינע מײַנער. „נישטאָ אַזאַ דאָלזשנאָסט...", האַקט ער מיר גלײַך אָפּ די פליגל. מײַן טאַטנס אייסעק. אויב עס איז ניטאָ, מאַכט אַזאַ דאָלזשנאָסט. דער פּאַפּיר פון די קאָרסונער קורסן איז פאַר אײַך גאָרניט? נו, און דער קײַלעכיקער שטעמפּל איז בײַ אײַך וואָס, אַ הונט? אַזוי קריגן מיר זיך אַלע טאָג. די אַטמאָספער ווערט וואָס אַמאָל אָנגעגליטער. דאָס רעכנט זיך שוין פאַר אַן ערנסטן קאָנפליקט מיטן יונגן אַרבעטורער.

— וואָס, וואָס? — צעקײַ איך ניט אַזוי גיך די אומפאַרשטענדלעכע ווער־טער.

— איך זאָג, — כאַזערט ער איבער אַ ביסל העכער, — אַז דאָס גייט שוין איבער אין אַן ערנסטן קאָנפליקט מיט דער פאַבריק־אַדמיניסטראַציע.

און אַז ווידער האָט שוין אַרויסגעבראַכט דאָס וואָרט העכער, האָב איך דען עפּעס פאַרשטאַנען? „אַטמאָספער", „קאָנפליקט", „אַדמיניסטראַציע"... איין זאַך ווערט מיר יאָ קלאָר: די געוואַנט־פאַבריק וויל אים ניט נעמען פאַר קיין געהילף־מעכאַניקער, זי וויל אים ניט צולאָזן צו די מאַשינעס, ער זאָל אפילו פאַרמאָגן צען אַזעלכע פּאַפּירלעך.

דערנאָך נעמט ווידער טרייסטן זיך אַליין:

— דער פאָרזיצער פון איספּאָלקאָם, דאַנקען גאָט, לעבט נאָך. ער וועט אינדערינען ניט שווײַגן. דער פּאָליטפּראָסוועט האָט אויך דאָרט אַ שטיקל דייע.

איך האָב אים דערמאָנט וועגן זײַן זיידן, וואָס געפינט זיך אין מוישעוו־זקיינים.

— שטעל דיר פאָר, — ענטפערט ווידער, — אַז דער אַלטער מײַנער ווערט אַ מענטש. ער קלאָגט זיך נאָר, אַז די יאַסלעס זײַנען אים שטענדיק אָנגעריבן פונעם פאַרדאַרטן ברויט. מע דאַרף זען אים וואָס גיכער אַרײַנ־שטעלן ציין. אַ ראַכמאָנעס אויפן אַלטן. באַם זיידן זײַנען אַרויסגעשפּרונגען ווײַסע בלאָטערלעך, קאָן ער גאָרנישט ניט נעמען אין מויל אַרײַן, כאָץ קאַשע. זאָל זיך באַ מיר אײַנלאָדען מיט דער פאַבריק, וועל איך אים דאָרט מער ניט האַלטן. ער וועט זײַן מיט מיר איניינעם, דער זיידע מײַנער. ער

איז מיר אי א טאַטע, אי א מאַמע, אי א זיידע... פאַרשטייסט, וואָס דאָס הייסט?

בא וויגדערן האָט זיך דאָס קרומלעכע אויג פאַרקליבן אונטער דער אומעטיק־באַצאָרנטער ברעם און קוקט טעמפּ, סטאַם אין דער וועלט אַרײַן. מיר איז לאַנג באַקאַנט דער דאָזיקער אָפּגעפרעמדטער קאַלטער בליק. דאָס טויט־פאַרגליווערטע רינגעלע, דאַכט זיך, זעט אַלץ, אָבער אינדערעמעסן זעט עס קיינעם ניט.

אינעם קליינעם סקווערל אונטער די נידעריקע אַקאַציע־ביימלעך ווערט מיר וויגדער וואָס אַמאָל היימישער, נעענטער, האַרציקער.

— קום, וויגדער, צו אונדז. מײַן מאַמע וועט זיך שטאַרק דערפרייען מיט דיר. וועסט זײַן אַזאַ אָנגעלייגטער גאַסט. קום, וויגדער.

— יאָלד איינער, אינמיטן טאָג גייט מען צוגאַסט? דערלאַנג די לאַפּקע דײַנע! — געגעבן די האַנט און אָפּגעזאָגט אין אײַלעניש א גוטן טאָג. — זײַ געזונט.

שוין, פאַרטיק, געוועזן און אַוועק... פון דעם אַליין דוכט זיך מיר, אַז אונדזער כאַווערשאַפט קלעפּט זיך מער ניט. דאָס פרײַערדיקע, זעט אויס, קאָן מען צוריק ניט אומקערן. איך ווייס אַליין, אַז וויגדער האָט איצט אַנדערע דײַגעס, אַנדערע אינטערעסן. אינדערעמעסן, וואָס פאַר א כאַווער בין איך אים? אַמאָל האָבן מיר געשלעפּט הילּיאַקעס פון וואַלד, געהאַלטן בעשוטפעס א לאָשעקל, אַרומגעטראָגן זיך מיט סוידעס... און וואָס פאַר־בינדט אונדז הײַנט?

ווען מיר איז אויסגעקומען א צווייט מאָל זיך באַגעגענען מיט וויגדערן, איז ער געווען גאָר אַן אַנדערער. דאָס פּאָנעם ליכטיק, שטראַלנדיק, פון זײַן גאַנץ וועזן שפּאַרט מיט פרייד.

— אַן עק, אויס... אָף קאַפּאָרעס דאַרף איך די געוואַנט־פאַבריק, — שלאָגט פון אים די געדולע, און איך פיל, ווי ער ווערט ברייטער ווי לענגער פון זײַן אומגעריכטן גליק. — ניין, ניט וויגדערן פירט מען אין באָד אַרײַן, — פאַרכלינעט ער זיך פאַר גרויס סימכע. — ווי מיינסטו, קיִעוו איז א ביסעלע א גרעסערע און א שענערע שטאָט ווי באַרשעוו? איך פאָר אַוועק פונדאַנען, יאָ, אָף שטענדיק. איך פאָר קיין קיִעוו אָף אַלעם גרייטן מיט א צוזאַמענווינונג. מיין ניט, ברודערקע, אַז דאָס זײַנען קאָר־סונער קורסן, — ברענגט ער אַרויס מיט ציין־קריצעניש, — האָסט ווען אַמאָל געהערט פון דער ראַטמאַנסקי־שול? ניין, ניט געהערט? — טוט ער מיך מיטן אַקסל א גרינגן שטויס. — וואָס ווייסטו יאָ, פּעטעך איינער? די ראַטמאַנסקע רעמעסלינעע שול האָט אין קיִעוו אַזאַ שעם, ווי דאָ, לעמאָשל, דאָס ערשטע קינדערהויז. אַרײַנדרייען זיך אין יענער שול דאַרף מען אויך האָבן מאַזל. עמעס, דער כאַווער יאַקאָוו האָט מיר ניט ווינציק צוגעהאָלפן.

נו, גוט, זאָל זײַן אַזוי: קיִעוו איז א סאַך א גרעסערע און א שענערע שטאָט פון באַרשעוו. דער כאַווער יאַקאָוו האָט זיך געשטעלט פאַר אים שטאָל און אײַזן... נו, און דעם זיידן אָף וועמען וועט ער איבערלאָזן? דער זיידע, וואָס איז פאַר אים אי א טאַטע, אי א מאַמע, אי א זיידע?

בא וויגדערן איז, פּאָשעט גערעדט, א טשאַד אין קאָפּ. זײַן סאָסן־וועסימכעדיקער געפילדער שטעקט מיך ווינציק וואָס אָן. קיין אייצע

פרעגט ער בא מיר ניט. זאָל ער טאָן, ווי ער פאַרשטייט. איך וועל אים די רעדער ניט גיין האקן.

— זײַ געזונט! — הילכט זײַן באַגײַסטערט־גליקלעך קאָל.

דעם טאָג האָב איך פאַרבראַכט אין שול־היים ניט איבעריק מונטער. צו אַלץ און צו אַלעמען בין איך געווען נאָכגיביק, א ביסעלע טאַמעוואַטע, געפּאָלגט אָן דערווידערונגען, ווי ניט קיין היגער.

— ווייסט, — דערמאָנט אַלעמאָל אַן אַנדערער, — הײַנט וועט מען שטעלן פּאָקן.

— פּאָקן? — פרעג איך איבער גלײַכגילטיק. — זאָל מען שטעלן פּאָקן. א דײַגע האָב איך.

נאָכן מיטיק זײַנען שוין א טייל קינדער אַרומגעגאַנגען מיט פאַרקאַ־שערטע אַרבל און אויפגעהויבענע קעפּ. די שרעק, דאַנקען גאָט, איז מען שוין אַריבערגעקומען.

— עס טוט וויי? — פרעגט מען זיך נאָך איינער באַם אַנדערן.

— דאָס קליינע שאַרפע מעסערל האַלט העסי־פעסי אין די הענט ווי א גוטער שויכעט דעם כאַלעף. דערצו, אז מע פאַרמאַכט נאָך די אויגן, פילט מען אפילע ניט, ווי זי טוט א כיק אהער און אהין.

מער צעראַשט און צעטראָגן איז הײַנט די לערערן אַניוטע. זי שטייט א צעפּלאַמטע בא דער פאַרמאַכטער טיר פונעם לערער־צימער מיט א לאַנג צעטל און רופט אָף א קאָל אויס די פאַמיליעס פון די שילער. פּאַרלעכווײַז לאָזט זי דורך צו דער אַלטער דאָקטערן העסי־פעסי און שטעלט אַוועק אין איר צעטל פייגעלעך.

וואָס איז דאָרט אזוי דער ראַש? אז מע שטעלט פּאָקן, דאַרף מען אויפ־הייבן אזא טאַרעראַם? מע וואַלגערט איינער דעם אַנדערן פון די פיס. פון איין עק קאָרידאָר ביזן צווייטן שטייט א הו־הא אָף מעשוגע צו ווערן. און בא מיר אין קאָפּ רוישט ווי אין א מיל: וואָס זשע וועט וויגדער לערנען אין דער ראַטמאַנסקע־שול? און ווער נעמט עס אים אָף אַלעם גרייטן? און דו, טײַערער כאַווער מײַנער, קאָנסט בא זיך גרינג פויעלן איבערלאָזן דעם זיידן אָף העפּקער?

פון העסי־פעסיס הענט בין איך אַרויס מיט צוויי בלוטיקע ציילעמלעך, האַלטנדיק אויסגעשטרעקט דעם נאַקעטן אָרעם. איך בלאָז אָף די פרישע וווּנדן, ווי מע בלאָזט אָף אַן אָפּגעבריט שטיקל לײַב, כאָטש עס האָט מיר קיין קאַפּעלע ניט וויי געטאָן. דאָס איינציקע שטיקל מאָקעם־מענוכע איז בא אונדז דער קלאַס־צימער. מיט איין שפּרונג כאַפּ איך זיך אַרוף אָפן פענצטער, קעדיי איבערוואַרטן, ביז די פּאָקן וועלן א טריקן טאָן. ווי־אזוי זשע בייגט מען זיך ניט אַריבער כאַפּן א קוק, וואָס אין הויף טוט זיך? אומ־דערוואַרט דערפיל איך א גרינגן צופּע, באַגלייט מיט א זאַפטיק געלעכ־טערל. איך דאַרף לאַנג ניט טראַכטן, וועמענס קעלעכל האָט זיך געלאָזט הערן. פּערעלע!.. זי איז געשטאַנען נאָענט צו מײַנע אַראָפּגעהאַנגענע פיס מיט איר פאַרקאַשערטער האַנט, ווײַזנדיק באַרימעריש די קוים אָנזעעוו־דיקע סימאָנים פון אירע פּאָקן.

— גאָלע גאָרניט, — כיינדלט זי זיך אײַנגאַנצן אָן אײַנגעטונקענע אין ליכטיקע שמייכלען. — העסי־פעסי פאַרמאָגט זייער א גרינגע האַנט. — דער־

נאָך וואָרנט זי הארבלעכער: — זאָלסט געדענקען, אז אין א פּאָר טעג ארום וועט אָנהייבן בײַסן און קיצלען. כאָלילע־וואכעס, קראַץ ניט.

איר שוועסטערישע זאָרג רירט מיך מאמעש ביז טרערן. פון אירע סאַ־מעטענע רינגעלעך האָר שאָטנט זיך א דינע בלויקײַט. ווי זון־העזעלעך טאנצן אף איר ליכטיק געזיכט ארום בלענדיקע און גוטמוטיקע שמייכלען.

— זאָג דעם עמעס, האָסט מוירע פאר קיצלען?

איך האָב ניט מוירע פאר קיצלען, נאָר איך פארלײַד עס ניט. אָבער דאָ איז מיר געקומען אפן זינען וויגדערס א כאָכמעלע, און איך האָב אויסגע־פּראלט כוואטיש:

— איך לאך פון קיצלען!

אָט א נארעלע, זי וויל זיך בעשום־אויפן ניט זעצן לעבן מיר אפן פענצטער. אָבער ווען איך האָב זיך פאמעלעך אראָפּגעגליטשט, האָט זי זיך געזעצט אף מײַן אָרט. אנדערש שעמט זי זיך. ניט אזוי פאר מיר, ווי פאר די כאוועריטעס.

— באָדן זיך אין טײַך טאָר מען אויך ניט, — קערעוועט זי אָפּ איר בליק, גלײַך ווי זי רעדט צו עמעצן אנדערש, — באָדן זיך איז פארבאָטן. מיט געשטעלטע פּאָקן שפּילט מען ניט אין קאַטאָווע. מע קאָן זיך אָנטאָן אזא צאָרע, אזא צאָרע...

— פונוואנען ווייסטו?

— אז איך זאָג, ווייס איך, קאָנסט פרעגן בא אונדזער דאָקטערן.

פערעלע שפּיגלט זיך אין שויב, שטעלט ארויס א צונג, מאכט גרימאסן. צי דען וויל זי נעמען אין מיר א נעקאָמע? הערט נאָר א מײַסע, מע טאָר זיך גאָרניט באָדן. וואָס פאר א שײַכעס האָבן פּאָקן מיט וואסער?

— באם טײַך, — זאָגט זי, רייצנדיק זיך מיט מיר, — קאָן מען דאפקע יאָ זײַן און אין טײַך ניט.

— וואָס זשע, קוקן ווי אנדערע באָדן זיך?

— קוק ניט. ווער הייסט דיר קוקן? קוק אפן הימל, קוק אף די שטיי־נער. שאַ, ווייסטו גאָר וואָס? פארבינד די אויגן.

פערעלע וועט קיינמאָל ניט פארשטיין, וואָס הייסט שיידן זיך מיטן טײַך אינמיטן זומער, זאָל זײַן אפילע ניט מער ווי אף צוויי־דרײַ טעג.

— דערפון, — זאָגט זי, — שטארבט מען ניט. האלעווײַ שטעלט מען יעדע וואָך פּאָקן.

וואָס פארא נוצן וואָלט פערעלע געהאט, ווען מע שטעלט יעדע וואָך פּאָקן, ווייס איך ניט. מיט וואָס פרייט זי זיך? זי אליין גייט דען ניט צום טײַך, זי באָדט זיך ניט? איר וועלן די געשטעלטע פּאָקן ניט בײַסן און ניט קיצלען? ווען וויל זי דערגיין די יאָר?

נאָר אז מע רעדט, דערעדט מען זיך. דער שפּיץ איז, פערעלע וויל ניט, כאָטש, זאָגט זי, ס'איז איר א קליינע נאפקעמינע, איך זאָל שווימען צו ווײַט. צו וואָס די אומזיסטיקע אײַנשטעלעניש? ביפראט נאָך, זאָגט זי ווײַטער, אוועקשווימען אין אזעלכע פארוואָרפענע ווילדעניש, ווו קיין מענטש באָדט זיך ניט. יענע ברעגן זײַנען פארוואקסן מיט קאָלערליי וואַ־סער־גראָזן, שוין אָפּגערעדט פון די סאקאָנעדיקע זומפּן. אין איינעם א שיינעם טאָג קאָן מען, כאָלילע, דיך געפינען א דערטרונקענעם.

— עס וועט זײַן זייער א גרויס ראַכמאָנעס אױף דײַן מאַמען. אַצינד וועט דײַן מאַמע כאַטש א דרײַ־פיר טעג קאָנען ארומגיין מיט א גאַנץ האַרץ.

באַקלער, פערעלע, וואָס דו רעדסט. קאָן דען זײַן, אַז א שווימער זאָל אין טײַך ניט שווימען? דער מענטש וועט דאַפקע שווימען אַהין, אין יענע אומצוטריטלעכע ערטער, ווו קיינער וואַגט ניט קריכן, ווײַל עס ציט אים אַהין. ריכטיק, פערעלע, קיינער איז דאָרט ניט געווען, טאַקע דערפאַר וויל איך דאָרט זײַן. פויגלען פליִען אַרום, זעצן זיך אויף צווײַגן, בויען נעסטן, שפּרינגען אַראָפּ אויף דער ערד, זוכן א קערנדל, כאַפּן א ברעקל, א סקאָרינקע, פּיקן גיך מיט די שנאָבלען. גיי זאָג די פויגלען, זיי זאָלן ניט אַראָפּנידערן צו דער ערד, אויסמײַדן געפאַרן? הערסט, פערעלע, דערפון דאַרף מען קיינמאָל ניט קלערן. איך בין שוין אין מײַן לעבן גענוג ניסיוינעס אויסגעשטאַנען. א מענטש קאָן גיין אַפן גלײַכן וועג און ברעכן רוק־און־לענד. פאַרשטייט זיך, אַז מע דאַרף זײַן געהיט. אָן אַנדער זאַך אָבער איז שטענדיק אַרומגיין אין איין מוירע. אַז מע זאָגט, לעמאָשל, אויף עמעצן: ער האָט מוירע פאַר דער מוירע, זאָלסטו וויסן זײַן, פערעלע, דער מענטש איז שוין קיין מענטש ניט.

דאָס אַלץ טראַכט איך אין זיך. דערקלערן פערעלען, געבן צו פאַרשטיין — דאָס קאָן איך ניט.

— פערעלע, מעגסט זײַן רויִק, איך וועל זיך שוין דאַפקע יאָ באָדן, און נאָך הײַנט אַפּדערנאַכט, באַם אָטשערעט.

דאָס איז געזאָגט געוואָרן ניט איר אויף צעפּיקעניש. כ'האָב איר געוואָלט דערקלערן א פּאָשעטע זאַך: אָן דעם טײַך קאָן איך זיך קיין איין טאָג ניט באַגיין.

— גיי זיך, גיי, — כמורעט זי זיך בייזלעך. — ביסט דער עמעסער שלאַק, — און גיט צו נאָך מערער דערצאָרנט. — באַ דיר איז אָן איבערגעקערטער מויעך.

וואָס זאָל איך טאָן? אונדזער פּרײַנטשאַפט האָט עפּעס קיין מאַזל ניט. דאַכט זיך, גוט, וואויל, און מיטאַמאָל טוט זיך א דריי איבער דאָס גילדענע טעלערל און מיר ווערן איינער דעם אַנדערן בלוטיקע סאָנים.

יאָ, ווידער האָט מערער מאַזל. איצט האָט אים אָפּגעגילט אַרויסשלעפּן דאָס גרויסע געווינס, פאַרן קיין קיִעוו. דער כאַווער יאַקאָוו שטעלט זיך אומעטום פאַר אים אײַן. דער פאָרזיצער פון אויספּירקאָם, פּיאָדאָר דזיובינסקי, וועט אויך ניט דערלאָזן, מע זאָל קעגן אים באַגיין אָן אוולע. ווער וועט פאַר מיר זיך אײַנשטעלן? ווער וועט זאָגן א גוט וואָרט? סײַדן די מאַמע מײַנע... די מאַמע מײַנע איז אָבער ניט דער מענטש, וואָס האָט געגנוג וואָג. עפּשער כאַמעלע? כאַמעלע, מיין איך, וואָלט פאַר מיר עפּעס יאָ געקאָנט טאָן, נייטיקט זי זיך אַליין אין הילף.

מיט ווידערן האָבן מיר זיך קימאַט ווי ניט געזעגנט. דער „זײַ געזונט" זײַנער איז געווען א קילבלעכער און אָן אָפּגעפרעמדטער. גאָט ווייסט, צי מיר וועלן זיך ווען אַמאָל זען. בעמיילע האָב איך זיך געגעבן א ניידער: אָפּטער באַזוכן דעם מוישעוו־זקיינים, אכטונג געבן אַפן זיידן. פאָרט

א זאָקן, אן איינזאמער מענטש. וויגדערן וועל איך ניט קאָנען פארבײַטן,
דאָס ווייס איך, נאָר מיט מיר וועט ער זיך ניט פילן אזוי עלנט. דערצו
וועל איך אים שטיין אין אלע זײַנע נויטן: ארײַנווארפן אַף דער פּאָסט א
בריוו, כאפּן אפּן מארק א מעציע פארזײַנעטוועגן, אָפּזוכן פאר אים די נײַ־
טיקע רעפּועס, געדענקען וועגן מערכעץ, שוין אָפּגערעדט פירן דעם זאָקן
אַף לופט; ארום אן אלטן קראנקן מענטשן וועט זיך שטענדיק געפינען
ארבעט.

מיך לאָזט די גאנצע צײַט ניט צורו: וואָס זשע איז דאָס אזוינס, די ראט־
מאנסקי־שול, וואָס לערנט מען דאָרט אזעלעכס כאריפּעסדיקס?

אָ, אציינד ווייס איך שוין, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די בארימטע ראט־
מאנסקי־שול. מיר האָט דערציילט וועגן דעם דאָס קירפּאטע באָכערל, וואָס
ארבעט אין דער יוגנט־סעקציע בא די פּראָפאריינען. רופן רופט מען אים —
סענדער, ער גייט ארום שטענדיק מיט א פארבונדענעם האלדז און רעדט
ווי דורך א פײַפל. סענדער מוז צוקוועטשן דעם פינגער צום גאָרגל, קעדיי
א צווייטער זאָל הערן זײַן צוגעשטיקט קאָל. דער דאָזיקער כעוורעמאן איז
אליין א טאראשטשער. פריִער האָט ער געארבעט מיטן טאטן אין א ביר־
ברויערײַ, נאָך א שווערער קרענק האָט דער טאראשטשער רויפע געייצעט
סענדערן בײַטן די מעלאָכע אַף עפּעס מער לײַכטערס. שפּעטער איז סענ־
דער געוואָרן א געניטער אײַנבינדער. זײַנע עלטערן זײַנען דערהארגעט
געוואָרן פון א סנאריאד, בייס די דעניקינצעס זײַנען ווי די היצלעס ארײַן
אין טאראשטשע... נאָך איידער די ווײַסע האָבן זיך ארײַנגעריסן אין
שטעטל, איז שוין סענדער מיט זײַן ייִנגער שוועסטערל געבליבן יעסוי־
מים. דאָס שוועסטערל זײַנס, צילקע, קען איך זייער גוט. זי באזוכט אויך
די שול־היים. טאקע דורך אָט דער צילקען האָב איך זיך באקאנט מיט איר
ברודער.

סענדער איז פון די הייסע קאָמיוגיסטן, וואָס שלינגען ביכער, שטייענ־
דיק, ליגנדיק און זיצנדיק. בא אים הייסט עס שלײַפן דעם מויעך. דער־
ציילט ער, סענדער, ניסים־וועניפלאָעס פון דער ראטמאנסקי־שול. פון
דאָרט, זאָגט ער, גייען ארויס כעוורע קוואליפיצירטע, געבילדעטע, הויך־
אנטוויקלטע, קימאט אינזשעניערן.

יאָ, ווער זשע איז אָט דער ראטמאנסקי, נאָך וועמען מע האָט א נאָמען
געגעבן אזא געהויבענע שול?

— מישע ראטמאנסקי, — דערציילט סענדער, — איז געוועזן איינער פון
די אָרגאניזאטאָרס פון דער קאָמיוגישער אָרגאניזאציע אין קיִעוו. פרײַ־
וויליק איז ער בעראָש פונעם קאָמיוגישן אָטריאד אוועק אפן פראָנט אין
קאמף מיט די זעלענאָווצעס. די כעוורע האָבן זיך געשלאָגן מעסירעסנע־
פעשדיק, זיך געוואָרפן אין די סאמע שווערסטע און פארביטערטסטע קאמפן.
פיל פון דער קיִעווער יוגנט זײַנען טראגיש אומגעקומען, צווישן זיי אויך
דער העלדישער מישע ראטמאנסקי. דאָס העלדישע בלעטל איז מיט פײַ־
ערדיקע אויסיִעס ארײַנגעשריבן אין דער געשיכטע פון קאָמיוג. ביז הײַנט־
צו־טאָג רופט מען עס „טריפּאָליער טראגעדיע"...

יאָ, איצט ווייס איך שוין, אין וועלכער שול לערנט זיך מײַן כאַווער ווידער.

## אַן אַנגעפּאַרענער גאַסטשפּילער

הערט נאָר א כוצפּע פון אַן אַנגעפּאַרענעם אַקטיאָר! מע דאַרף עס קענען. אינמיטן העלן טאָג אַרופּציִען אַף זיך א שוואַרצע פּעלערינע און אַרומגיין איבער דער שטאָט אַן א ברעקעלע בושע. באַ מיר קומט עס אויס, ווי מאַכן פון זיך אַליין כויזעק.

לעאָ בלאָך האָט זיך באַוויזן אין באַרשעוו אין זײַן פולער פּראַכט. א הויכער, א שטאַלטנער, מיט שיין צוגעקעמטע האָר, ווי ער וואָלט אָקאָרשט אַרויס פון דער שערערײַ, אויגן פאַרמאָגט ער טונקעלע, גרויסע און בלייציקע. ער זעט אויס מיט א קאָפּ העכער פון אַלעמען און קוקט אַף דער וועלט גאַדלעסדיק, פון אויבן־אַראָפּ. ער איז פאַרליבט אין זיך אַליין און מיינט, אַפּאָנעם, אַז קיין גרעסערס און שענערס איז פון אים ניטאָ. ער מיינט געוויס, לעאָ בלאָך, אַז אַף אים איז טאַקע געפאַלן דער גוירל באַגליקן די וועלט.

„גאָט, מענטש און טײַוול...״ — לעאָ בלאָכס נײַ־אויפגעפירטע פּיעסע האָט געמאַכט אין שטאָט א גוואַלדיקן רוישעם. די שטענדיקע טעאַטערבאַזוכער, פאַרקאָכטע ליבהאָבער, די הייסע כסידים פון זײַן אַרטיסטישן טאַלאַנט, שטאַרבן נאָך זײַנע טריט, כאַלעשן הערן א לעבעדיק וואָרט פונעם קישעפמאַכער, וואָס טוט אויף מאָפּסים אַף דער בינע. ווו געפינט מען נאָך אַזאַ געבענטשטן אַקטיאָר?

מיר איז ניט געווען באַשערט זײַן באַקאַנט מיטן „דימענט״. צו א הויכן לייטער האָט מען באַדאַרפט צושטעלן צו אָט דעם געהויבענעם אַקטיאָר, לעאָ בלאָך, קעדיי ריידן מיט אים פּאָנעם־על־פּאָנעם. וואָס זשע האָב איך יאָ באַמערקט? אין די נאָכוואָרמעסדיקע שאָען, ווען ער ווײַזט זיך אַף דער ליכטיקער שײַן, וואַקסן טייקעף אויס אַרום אים פאַרשיידענע מעשאָרסימלעך, ליבהאָבער־אַקטיאָרלעך, יִינגערע און עלטערע, זיי טאַנצן אַרום דעם קויהען־גאָדל, גרייט פאַלן קוירים פאַר זײַנע פיס. זיי קוקן אים גלײַך אין מויל אַרײַן מיט קעלבערנער היספּײַלעס און, ווען ער לאָזט זיך נאָר, טראָגן זיי אים אַף די הענט. אַפילע דעם כאַווער יאַקאָוו האָט דער אַנגעפּאַרענער אַקטיאָר פאַרבלענדט די אויגן. אַלע כאָשעווע כאַוויירים האָבן געלויבט בלאָכן אין טאָג אַרײַן. הײַנט דער שטאָטישער אַדוואָקאַט רודאָלף זשוראָווסקי, יענער ווערט פּאָשעט מעשוגע פון בלאָכס שפּילן. אָן צוויי זאַכן, זאָגט דער היגער אינטעליגענט מיטן אויסגעכאַליעטן קאָמעץ־בערדל, קאָן ער זיך ניט באַגיין: אָן ברויט און אָן טעאַטער. באַ אַן אַנדער פאָלק, צעהיצט ער זיך אַמאָל, וואָלט מען פון אַזאַ גרויסן אַקטיאָר געוואַשן די פיס און געטרונקען דאָס וואַסער. נאָר אַזויווי באַ אונדז, ייִדעלעך, איז, א דאַנק גאָט, אַלץ העפקער, מוז אַזאַ לעאָ בלאָך אַרומרײַזן איבער שטעט און שטעטלעך, אויסוואַלגערן זיך אין אַלע פאַרשטעקטע ווינקלעך, איבעראַיִען ווו נאָר א באַרג מיסט.

וואָס גייט מיר, אשטייגער, אָן, מיט וועמען אָט דער גערימטער לעאָ בלאָך באַגעגנט זיך און מיט וועמען ניט? פאר מיר איז גאַנץ גענוג, וואָס איך זע, וויאַזוי ער טיילט זיך אויס פון אנדערע מיט עפּעס צופיל שרײַענ־דיקס: דאָס בין איך אליין, לעאָ בלאָך... דער ליבלינג פון פּובליקום... דער באַרימטער טראַגיקער... קוקט זיך צו! — רעקלאַמירט ער זיך אליין ווי א לעבעדיקע אפישע. צו אזעלכס זײַנען מיר אין באַרשעוו ניט געוווינט.

איך קאָן ניט דערקלערן פאַרוואָס, נאָר עפּעס גלוסט זיך לאַכן. סײַ דאָס אָנטאָן זײַנס, באַזונדערס אָט די דאָזיקע שווארצע פּעלערינע, ווי בא אַן אלטן קסיאָנדז, סײַ די בלאַנקע מאַנישקע מיטן שווארצן זשאַבקעלע און סײַ די שטײַף־אָנגעקראָכמאַלעטע מאַנזשעטן, געשפּיליעט אַף שטיינערנע זאַפּינקעס, שטויסן אָפּ אַף מײַלן. איין זאַך איז אַף דער בינע, בײַס מע שפּילט טעאַטער, א צווייטע זאַך, ווען עס קומט אויס באַגעגענען זיך מיט אים אין גאַס.

פאַר אָניסי מאַרקאָוויטשן האָט לעאָ בלאָך א ביסל אונטערגעציטערט, פּאָשעט מוירע געהאַט. בעמיילע, מיין איך, וואָלט אים דער מאָלער באָענט צו זיך ניט צוגעלאָזט. דעם אלטן קאָן מען ניט איבעראַשן מיט אַזאַ אַק־טיאָר. אָניסי מאַרקאָוויטש האָט זיך גענוג אָנגעזען אַף זײַן לעבן מיט אזעלכע אויסטערלישע ברוּים, געצאַצקעטע פּאַרשוינען.

פרעמד קלינגט מיר דאָס געפּעסטעטע לאָשן זײַנס. לעאָ בלאָך פּילט זיך אינמיטן שטאָט ווי אַף דער בינע. ער שפּילט אַף דער גאַס אויך טעאַטער... אַרומשפּאַצירנדיק איבער די גאַסן מיט זײַנע פאַרברענטע כסידים, האַלט ער אין איין שמועסן וועגן הילכעס טעאַטער און וועגן דעם הייליקן באַרוף פונעם אַקטיאָר.

— א שולע... שטודיום... מײַסטערשאַפט... קולטור פעלט אײַער דראַמאַ־טישן קרײַז. סצענישע קולטור. אַן עכטער אַרטיסט מיט טאַלאַנט, — שרײַט ער רוגזעדיק אויס, — קאָן ניט באַטאָג מאַכן עמערס, שערן בלעך, קלאַפּן מיטן האַמער און אָפּדערנאַכט אַרויסטרעטן פאַרן פּובליקום און דערלאַנגען גײַסטיקע שפּײַז... קוידעמקאָל דאַרף מען אליין פאַרמאָגן א נעשאָמע פון פײַער, קעדיי קאָנען דערוואַרעמען דעם צושויער. קונסט, מײַנע טײַערע, איז א הייליקער טעמפּל. אַהין קומט מען אַרײַן מיט ריינע הענט און מיט א ריינער נעשאָמע, ניט קיין פאַרגרעבטער...

בא וועמען, וויל איך וויסן, איז עס אומריינע, פאַרגרעבטע נעשאָמעס? עפּשער מיינט ער די ברידערלעך טעפּליצקי? מע פאַרשטייט דען ניט? די בלעכערלעך שטייען אים אין וועג!.. לעאָ בלאָך האָט אָבער אָנגעשמעקט, אַז די ברידערלעך טעפּליצקי זײַנען שטאַרק באַליבט אין שטאָט מיט זייער שפּילן, באַרשעוו שטאָלצירט מיט זיי. טאַקע פּראָסטע כײַוועקײַעמס, אָבער פּאָרט אייגנס. נישקאָשע, עס וועט נאָך קומען א צײַט, ווען דער יאַכסן וועט זיך אַרומקוקן!

דאָך האָט אים דער פּאָליטפּראָסוועט אונדזערער הויך געשעצט און טיף געאַכטעט. באַרשעוו, זאָגט דער כאַווער יאַקאָוו, איז באַרײַכערט געוואָרן מיט א מעכטיקן קולטור־קויעך. לעאָ בלאָך וועט דעם דראַמקרײַז שטעלן אַף א העכערער מאַדרייגע. בא נאָך מער גינסטיקערע באַדינגונגען, לאָמיר

האָפן, קאָן זיך מיט דער צײַט אויספּיקן אין באַרשעוו אַן עכטע טרופּע מיט אַן אייגענעם גאַנג.

דער כּאַוועדער יאַקאָוו פּאַדעט אַרום בלאָכן, פֿירט אים איבער דער שטאָט וויַיזן היסטאָרישע ערטער, דערציילט אים וועגן באַוווּסטן אוקראַיִנישן קלאַסיקער נעטשוי־לעוויצקי, וואָס איז אַ גאַנץ לעבן געווען פֿאַרליבט אין אַ אויסערגעוויינלעכן ראָס מיט זײַנע פּילצאָליקע שטיינער און פֿעלדזן. צי ווייסט ער, אַז די ווונדערבאַרע שריפֿטשטעלערן מאַרקאָ וואָוטשאָק האָט אַ גרויסן שײַכעס צו באַרשעוו? הײַנט אונדזער שאָלעם־אַליכעם...

קיין נײַע אַמעריקעס דעקט דער כּאַוועדער יאַקאָוו ניט אויף. פֿאַר לעאָ בלאָכן איז דאָס קיין נײַס ניט. ער ווייסט און געדענקט זייער גוט, וואָס שאָלעם־אַליכעם האָט געשריבן אינעם בוך „פֿונעם יאַריד”, ניט אים דאַרף מען דערציילן וועגן נעטשוי־לעוויצקי אָדער מאַרקאָ וואָוטשאָק.

איך האָב שטאַרק כּיישעק געהאַט טיפֿער אַרײַנדרינגען אינעם טאָגטעג־לעכן לעבן פֿון אָט דעם אָנגעפּאָרענעם פּאַרשוין. ליידער, האָט זיך מיר דאָס אײַנגעגעבן ביז גאָר שווער. פֿונדעסטוועגן, נאָך לאַנגע זוכענישן, האָב איך זיך דערשלאָגן מײַנס. אַנומלטן איז מיר געלונגען בײַזײַן אויף איינער אַ רעפּעטיציע אין וועבער־קלוב. האַגאַם פֿאַר זײַטיקע איז דער אַרײַנגאַנג שטרענג פֿאַרבאָטן, דאָך האָב איך זיך אַדורכגעשמוגלט צו עפּעס אַ סוידעס־דיקער טיר מיט צינק באַשלאָגן, וואָס פֿירט צו אַ פֿינצטערן קעלער, פֿון דאָרט זיך אויפֿגעהויבן אויף טשוהונענע טרעפּ, ביז איך האָב, סאָפּקאָלסאָף, אָנגעטראָפֿן אויף אַ האַלב־קײַלעכיקער נישע. שטיי איך שוין מיט איין פֿוס אינווייניק. דערקלײַבן זיך צו דער גרויסער זאַל, ווו עס גייט די רעפּע־טיציע, האָט שוין קיין ווערט ניט.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קאָל? ווער גייט עס מיט אַזעלכע שווערע טריט, ווי אַ העלפֿאַנד? — הער איך לעאָ בלאָכס אופּגעבראַכטע שטים. — צו וועמען, גנעדיקער באַראָן, זײַנען געווענדט מײַנע רייד? — און ניט לאַנג טראַכטנדיק, טוט ער אַ כאַפּ יוינע מאַסלאָווסקין מיט אַזויפֿיל בייזקײַט, גלײַך דער אַלטער וועבער האָט בײַ אים אויסגעכאַפּט דאָס ווײַב. — אומ־גליקלעכער!.. קאַליקע!.. — האַלט ער אים אין איין טרייסלען. — וואָס פֿאַר אַ שײַכעס האָט איר מיט דער בינע, פֿרעג איך אײַך?.. ווי וואַגט איר אַרופֿ־טרעטן אויף די בינע־ברעטער!..

מיר האָט שטאַרק גענומען פּלאַמען דאָס פּאָנעם פֿאַר יוינע מאַסלאָווסקין. ווו האָט מען דאָס געהערט אַזעלעכס? אַן אַלטער וועבער, אַ טאַטע פֿון פֿיר קינדער, זאָל אַזוי מיִעס באַהאַנדלט ווערן פֿון עפּעס אַ גאַסטשפּילער. קיין כיידער־ייִנגל ווערט אַזוי ניט אָפּגעשמיסן בײַ אַ מעלאַמעד. בײַ זיי, בײַ די היגע ליבהאָבער, איז עס גאָרניט מיט נישט. אַדעראַבע, זאָל זיך עמעצער שטעלן אַנטקעגן, וועט מען אים באַפֿאַלן ווי אַ מעשוגענעם. קעגן וועמען? קעגן אַזאַ גײַסטרײַכע פּערזענלעכקײַט, קעגן אַזאַ קינסטלער? שווײַגט מען ווי די קעצעלעך.

— אופּטריט! — הערט מען אַפּסנײַ לעאָ בלאָכס שטרענג קאָל. — גע־זאַנג אונטער דער בינע! פּיִאַניסימאָ... פּיִאַניסימאָ... — פֿירט ער מיט די פֿינגער איבער די פֿולע ליפּן, ווי מע פֿירט אַ מויל־האַרמאָניק. — שטי־יי־ילער! — בייגט ער זיך אַזש צו. — נאָך שטילער.

אין די אויגן ווארפן זיך שטארק די מאָדנע בגאָדים, ניט אף זײַן מאָס געגייט, זיי האָבן אָבער א גרויסע מײַלע. אין אזעלכע היצן איז א מעכײַע טראָגן אזא מין סאָרט אָנטאָן: ווײַסע הויזן פון דין צײַג, א צעשפּיליעט העמדל, מיט אָפּגעהאַקטע ארבל העכער די עלנבויגנס. אף די פיס ווייכע לאַטשן ווי בא א טענצער. איצט, אף דער רעפּעטיציע, ווען ער לויפט ארום ווי א פארסאַמטער אהין־און־אהער, זעט מען בוילעטער דעם פּעגעם זײַנעם. איך האָב שוין לאנג באמערקט, אז ער טראָגט דעם לינקן שוך אף א הויכן אָפּצאַס. איך האָב געמיינט, אז דאָס איז אויך אזא מאָדע בא אים. לאָזט זיך אויס, אז איין פוס איז בא אים קירצער.

לעאָ בלאָך ארבעט מײַסים מיט אונדזערע ליבהאָבער, מושטרירט יעדן באזונדער און שוינט קיינעם ניט. דער, לעמאָשל, שטרעקט מעגושעמדיק די הענט דאָרט, ווו עס איז לאכלוטן ניט נייטיק, יענער שלינגט ווערטער ווי הייסע האלעשקעס, א דריטער האלט צו הויך פאריסן דעם קאָפּ און רעדט צו דער סטעליע.

— האקן שטיינער איז לײַכטער, ווי האָבן צו טאָן מיט אײַך! — ווערט ער ווידער בייז און קלאַפּט מיטן פויסט איבערן טיש. — וויפל קאָן מען אײַך לערנען? א מײַסע אָן א סאָף...

כאַפּן פון לעאָ בלאָכן א פּסאק, עס זאָל פינצטער ווערן אין די אויגן, איז א גאנץ געוויינלעכע זאַך.

— דריטע סצענע, צווייטער אקט! — רופט ער אויס מיט זײַן לייבן־געמבע, צופּאַטשנדיק מיט די דלאָניעס. — די קראנקע מוטער קוקט ארויס א צעבראָכענע דורכן פענצטער. די סצענע גייט אפּסנײַ פון סאמע אָנהייב. ניין, ניין, עס טויג ניט. ווער בעט אײַך הוסטן? וואָס איז דאָס פאר א קרעכצן און הוסטן אינמיטנדערינען? פּרווווט שטיל, געלאסן, ניט געצוווינ־גען, מע זאָל פילן דעם צאנקענדיקן מענטשן אין דער שוואכער באוועגונג, אין דער מימיק. פּאמעלעך און אָנגעשטרענגט שפּארט איר זיך אָן אף אײַערע שוואכע הענט. הייבט זיך אוף. אציגד דערלאנגט לאָשן! א וואָרט און נאָך א וואָרט... פארגעסט ניט, איר זענט א כוילע־מעסוקן.

אין בלאָכן אליין זע איך פיל מערער די שוואכע קראנקע יידענע, ווי אין יענעם מיידל אָדער ווײַבל, וואָס ליגט אף דער באנק און דארף נעבעך שפּילן די ראָל פון אן אלטער קראנקער מאמע.

—סטאָ־אָ־אָפּ! איר ווילט ניט וויסן, ווער איר זענט און ווו איר געפינט זיך. מיט אײַער קאָפּ און אײַער הארץ איז בא אײַך אלציינס טאנצן אף א סימכע צי טרויערן אפן הייליקן אָרט בא דער קוווּרע. וויינען און לאכן איז פאר אײַך אלציינע זאכן. ס׳איז געזאָגט געוואָרן ניט נאָר צום גראם. דער־קלערט מיר, — פּרווווט ער זיך צוימען, — ווער איז זי, די מוטער? וואָס וויל זי, די מאמע? אף וועמען קוקט זי ארויס? איר פארשטייט, וואָס מע רעדט צו אײַך?

יענע, די ליבהאָבערן, וואָס טרוימט ווערן אן עכטע שוישפּילערן, ליגט אן איבערגעשראָקענע אף טויט און רירט זיך ניט פון אָרט. זי וועט דאָך טאקע אף אן עמעס קראנק ווערן פון זײַנע טאדלעגישן.

— נאָכאמאָל טרערן? מיט טרערן, מײַן טײַערע, וועט איר קיין בינע־

שפּילערן ניט ווערן. וואָס זײַנט איר לויטן פאַך? אַך, א וועבערן! אוואַדע איז גרינגער זיצן באַם וועבשטול, ווי שפּילן טעאַטער.
— איך בין שוין דאָס צווייטע יאָר אין דראַמקרײַז.
— און איר כאַלעשט ווערן אַן אַקטריסע...
אַף אַלעמען, זע איך, ציטערט די הויט. דער גאַנצער דראַמקרײַז, אַלע ליבהאָבער האָבן פאַר אים מוירע איימעס־מאָוועס. זיי האָבן פון אים אויס־צושטיין געברענטע ליידן. א גליק, וואָס די ברידערלעך טעפּליצקי זײַנען ניטאָ אַף דער בלאָכישער רעפּעטיציע. איך גלייב ניט, זיי זאָלן זיך לאָזן אַזוי מ׳עס שפּײַען אין פּאָנעם. אין באַרשעוו האָט מען שטענדיק געשפּילט טעאַטער אָן דעם באַרימטן בלאָכן, און ס׳איז געווען שאַ־שטיל, א מעכײַע. דער אוילעם האָט באַזוכט דעם טעאַטער און געהאַט האַנאָע. פונוואַנען זשע האָט זיך גענומען אַזאַ אָנשיקעניש, וואָס ציט אַרויס דעם מאַרך פון די ביינער, פאַרמאַטערט די ליבהאָבער צום טויט?
די מײַסע איז אָבער ווײַט ניט אַזוי, ווי איך מאָל זיך. די ליבהאָבער זײַנען פּאָשעט גליקלעך, וואָס מע קאָן זיך וואַרעמען באַ אַזאַ הייסער הרוי־בע. זיי האָבן שוין לאַנג געטרוימט וועגן אַזאַ דערפאַרענעם, באַגאַבטן אַקטיאָר און רעזשיסער.
— אַזאַ ריזיקער טאַלאַנט! — האַלטן זיי אים אין איין לויבן און רימען. — סאַראַ וווּנדערלעכע דיקציע! יעטווידע מינדסטע באַוועגונג איז געמאָסטן און געוויגן.
וואָס עמעס, איז עמעס, לעאָ בלאָך איז מיט לײַב און לעבן איבערגע־געבן דער בינע. און ער סטאַרעט זיך אַנטפּלעקן פאַר די ליבהאָבער די סוידעס פון סצענישער קונסט.
— מײַסטערשאַפט, — לערנט ער זיי, — פאַלט ניט אַראָפּ פונעם הימל. אַן עכטער אַקטיאָר איז מעכויעוו אַרײַנדרינגען אין די טיפע געהיימענישן פון דעם געשטאַלט, וואָס ער גייט שאַפן.
ער פאָדערט, דער בינע־מײַסטער, פון די דראַמקרײַזניקעס, זיי זאָלן זײַן העכער ווי זיי זײַנען. איך הייב ניט אָן פאַרשטיין: ווי קאָן עס א מענטש זײַן העכער ווי ער איז?.. דער וועבער יוינע מאַסלאָווסקי איז געגנוג הויך. צוליב וואָס, פרעגט זיך, דאַרף ער נאָך זײַן העכער?
נאָך אַלעמען האָט כאַמעלע אויך געפונען א וועג צום גערימטן אַקטיאָר. וואָדען, זי וועט אַזאַ וואַזשנעם פאַרשוין דורכלאָזן?..
עטלעכע טעג האָט זי זיך מיט אים אַרומגעדרייט. געפירט צו דער „שיסל״, צו די „סקאַלעס״, שפּאַצירט באַם ברעג טײַך אָדער אַף דער לאָנ־קע ביזן ווײַטן טאָג אַרײַן, און דערנאָך... דערנאָך, ווי דער שטייגער אירער איז, ניט געוואָלט מערער פון אים הערן און קלערן.
— מיר איז געווען ציקאַווע, — דערציילט זי, — אָנטאַפּן דעם דויפעק. מיט וואָס שמעקט אַזאַ רעספּעקטאַבעלער פאַרשוין.
און כאַמעלע האָט גיך געמאַכט דעם סאַכאַקל:
— א שטיקל פון אָניסי מאַרקאָוויטש, א ביסל פונעם כאַוועך יאַקאָוו און, פאַרשטייט זיך, א היפּשער כיילעק פון לעאָ בלאָך אַליין. דאָס, וואָס ס׳איז דאָ אין אים, איז דאָ, פונעם עמעס, — זאָגט זי, — וויל איך ניט אוועקגיין. אַף זײַן לעבן האָט בלאָך געזען גרויסע וועלט־טעאַטערן, סאַמע

די גרעסטע ארטיסטן. ער קאָן שעצן קונסט ביכלאל און טעאטער ביפראט. לאנגע יאָרן איז ער ארומגעגאנגען אונטער הויכע טעאטער־פענצטער, כאָטש די פאָרהענגלעך זײַנען טאָמיד געווען פאר אים אראָפּגעלאָזט. לעאָ בלאָך פארמאָגט א גלײַענדיקן פונק, וואָס וועט אָבער קיינמאָל ניט אופ־לאמען. דאָס גאָר. קיין דאָקטער, — זאָגט זי, — בין איך ניט, נאָר דער דיאגנאָז, מיין איך, איז א ריכטיקער.

אף זײַנע געהיימע בריוועלעך ענטפערט זי ביכלאל ניט.

— פאָטער, איך האָב שוין ארום אים ניט וואָס צו טאָן, — ווארפט זי גרינגשעציק אָפּ מיט דער האנט. — ער איז טאקע שיין, אָבער כאָכמע איז א גאָט־זאך. כאָכמע פארמאָגט ער ניט מערער, וויפל ער קאָן פארטראָגן אין זײַנע אָנגעקראָכמאלעטע מאנזשעטן. אָבער, — טוט א שווים ארויס אן אָפּ־שפּעטנדיק שמייכעלע, — פאר אן אָנגעפאָרענעם אקטיאָר, וואָס שלעפּט זיך ארום פון שטאָט צו שטאָט, איז דאָס אויך איבערגענוג.

איצט פּרוּווט דערגיין א טאָלק בא כאָמעלען, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר לעאָ בלאָך. עפּעס קומט ער אויס בא איר — ניט מילכיק און ניט פליישיק.

בא זיך וויל איך קלערן: עפּשער האָט כאָמעלע זיך לעבן אים אָפּגע־בריט? א קאשע אף א מײַסע.

דערווײַל, ביז עפּעס וואָס, איז אין זומער־טעאטער געשטעלט געוואָרן איין ספּעקטאקל נאָכן אנדערן, און אלע מיט גרויס דערפאָלג. מע איז גע־שטאנען קאָפּ אף קאָפּ.

דעם כאָווער יאקאָוו האָבן לעאָ בלאָכס פאָרשטעלונגען פארשאפט אָן א שיר פרייד. ער האָט בעדייע געהאט, דער פּאָליטפּראָסוועט אונדזערער, שאפן בעראָש מיט לעאָ בלאָך אן עמעסע טעאטער־טרופּע, אזא אנסאמבל, וואָס זאָל האָבן א פּאָנעם פאר דער וועלט. ניט נאָר אין בארשעוו, מיינט דער כאָווער יאקאָוו, נאָר אויך אין קיִעוו, אָדעס, כארקאָוו און אין פיל אנדערע גרויסע שטעט זאָל מען זען, אף וואָס בארשעוו איז פייִיק. דער פּאָליטפּראָסוועט האָט געפּרוּווט פירן אונטערהאנדלונגען מיט פאך־לײַט, עס האָט שוין געהאלטן בא אײַנלאָדן דערפארענע ארטיסטן פון בעלאָ־צערקאָוו, זשיטאָמיר, בערדיטשעוו. „בעלאָצערקאָוו, — רעדט ער מיט קיי־נע, — מעג זיך פארגינען האָבן אן אייגענע טעאָטראלע סטודיע, „רויטע בליטן”, און מיר, דאָ, אין בארשעוו, זאָלן ניט פארמאָגן קיין אייגן שטיקל טעאטער?..”

דער כאָווער יאקאָוו איז גרייט געווען איבערקערן בערג, קעדיי לעאָ בלאָך זאָל בלײַבן הי. פארביקע אפישן אנאָנסירן נײַע פיעסן.

— „גאָט פון נעקאָמע”, „צעזייט און צעשפּרייט”, „וואָס אין פּידעלע שטעקט”, „אוריִעל אקאָסטא” — דאָס זײַנען אלץ אזעלכע ספּעקטאקלען, — גרויסט זיך דער פּאָליטפּראָסוועט, — אזא רײַכער רעפּערטואר, מיט וועלכן מע וועט אין ערגעץ ניט פארשעמט ווערן. האלעווײַ וואָלט זיך מיר אײַנ־געגעבן קריגן די נייטיקע רעוואָליוציאָנערע פיעסע, זי זאָל בעפּיירעש זײַן אקטועל, דורכגעדרונגען מיט נײַע און פרישע אידייען. ליידער, איז די נייטיקע רעוואָליוציאָנערע פיעסע קימאט ניט צו דערגרייכן.

נאָר זאָל דער כאָווער יאקאָוו ניט זײַן אזוי באצאָרנט. אז אלצדינג וועט זײַן, וועט די געוווּנטשענע פיעסע אויך קומען צו דער צײַט.

# א הײַזל באַם יאַר

צײַטנווײַז זעט מען כאַמעלען דורכגיין, פײַן אויסגעפּוצט, פאַרבײַ די בענק אין שטאָט־בולוואַר. א לעבעדיקע און א זשוואַווע, טראָגט זי זיך דורך, ווי א פּאַווע, מיט איר שיינעם מיידלשן שטאָלץ. כאַמעלע זוכט דאָ קיינעם ניט און צו קיינעם ווענדט זי ניט איר בליק. מיט איר פאַרנאַכטיקן שפּאַציר מיינט זי ניט זען מענטשן, נאָר מענטשן זאָלן זי זען. דאָס ביז גאָר דינע טיכל, ווי פון שפּינוועבס, מיט די שלענגלדיקע שטרײַפן, ליגט לופטיק־לײַכט אף אירע שטײַפע אקסל און גיט איר צו אן אויסזען פון גײַוועדיקער אומצוטריטלעכקײַט. נאָענטע און ווײַט־באַקאַנטע ווייסן גאַנץ גוט, אז כאַמעלע קאָן שפּאַצירן אין שטאָט בלויז מיט דרײַ מאַנצבלען. דאָס איז דער מאָלער אָניסי מאַרקאָוויטש, דער פאָליטפּראָסוועט כאַווער יאַקאָוו און דער אָנגעפאָרענער אקטיאָר לעאָ בלאָך. אנדערע באָכערים אינטערעסירן זי ניט. צופעליקע באַקאַנטשאַפטן מיט פרעמדע יונגעלײַט איז פאַר איר קימאַט אויסגעשלאָסן. טאָמער מאַכט זיך, אז סע געפינט זיך אזא יונג, וואָס וואַגט נאָכגיין איר פוסטריט, אַרײַנוואַרפן אין איר גאָרטן א שאַרף וואָרט, א שפּיציק כאָכמעלע, אבי ווען זי פאַרטשעפּען, איז זײַט אים ניט מעקאַנע. דער באָכער וועט שוין פאַרזאָגן א צענטן. ער האָט, אפּאָנעם, פאַרגעסן, זעט אויס, דער פלאָקנשיסער, אז דאָס איז כאַמעלע פונעם ווײַסן בעסמעדרעש. זי איז ניט די באַרישניע, וואָס א ליאַדער יונגערמאַן קאָן זיך מיט איר ווערטלען. ניט אזא מויד פאַרטשעפּעט מען אינמיטן גאַס. זי איז פון די רויזן, וואָס זײַנען אַרומגעוואַקסן מיט צופיל שאַרפע דערנער...

די כאַווערטעס האָבן זיך באַמיט האַלטן אף א געוויסער שטרעקע פון דער בעסמעדרעש־מאַלקע. זי איז צו א מאָדנע, צו אן אנדערשדיקע. הינטער די אויגן רופט מען זי „שלאַנג פונעם מידבער” אָדער „דאָס טראָפּנדל סאַם”. כאַמעלע האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס הינטער אירע פּלייצעס רעדט מען. זי טראָגט, כאָלילע, אף קיינעם ניט קיין האַס, זי ווייסט אדהײַעם ניט, וואָס הייסט האָבן א שווער האַרץ אף יענעם. פאַרקערט, די מיידלעך, וועלכע שטייען צו איר נאָענט, רעכנט זי פאַר געטרײַע כאַווערטעס. ווי דען אנדערש? כאַמעלע גלייבט זיי, ווען זיי לויבן אין טאָג אַרײַן די נײַ־אויסגעלייגטע פריזור, דעם האָר־באַנד, דאָס קליידל, וואָס איז אזוי קונציק אַרומגענומען אין גלײַכע געפּרעסטע פאַלדן, אָדער דאָס גרינגע קאָפּטל מיט די איידל אַרײַנגעסילעטע סטענגעס.

ווען זי הערט אָבער, וואָס מיידלעך רעדן בישטיקע צווישן זיך: „וואָס האַלט זי זיך אזוי גרויס?.. מיט וואָס נעמט זי זיך דאָ איבער? מע וואָלט אף אן עמעס געקאָנט מיינען, אז זי איז כאָטש רעב צאָצעלעס אן אייניקל. נו איז וואָס, אז מ'איז שיין און שטאַלטנע, רייצנדיק און קישעפדיק, ווי א גילדן בעכערל? איז דען אף דער וועלט ניט פאַראַן קיין שענערע? און דער יִיכעס אירער? גאָרניט אזא אײַ־אײַ־אײַ... די מומע העניע שטייט מיט א טישל אין מאַרק...”

האַלעמײַ, מיידלעך, זאָלט איר זיך אָפּעסן דאָס האַרץ? כאַמעלע שטעלט זיך ניט העכער פון אײַך. איר האָט א גרויסן טאָעס, אויב איר מיינט,

אז זי גייט ארום מיט א פאריסענער נאָז. מאַלע וואָס בייזע צונגען, ניט־פארגינערס טראַכטן אויס. ריכטיק, זי איז א ביסעלע אנדערשער, ווי איר אלע. כאָמעלע האָט זיך אירע קאפריזן, איר אייגענע פירעכץ, וואָס איז לאכלוטן פרעמד אײַך און אלע איבעריקע מיידלעך. וואָס זשע דארפט איר טײַטלען אף איר מיט די פינגער? איר ווילט ניט לײַדן, פארוואָס זי פירט זיך ארום מיטן אלטן מאָלער? וואָס איז אײַער טאטנס דײַגע? נאָך א טײַנע... אזא קלוגן און פארשטאנדיקן מענטשן, ווי דער כאווער יאקאָוו, פירט זי אויך פאר דער נאָז. נו איז וואָס? ווער, וויל איך וויסן, איז דאָ שולדיק, כאָמעלע צי דער כאווער יאקאָוו? אך, יאָ, אָט דאָ לעצטנס האָט זי געגנר־מען דרייען א לירע מיטן אָנגעפאָרענעם אקטיאָר לעאָ בלאָך. גלייבט מיר, מיידלעך, אז ס׳איז ניט אף לאנג. קיין שידוכים בא די כאווערטעס, קאלע־מיידלעך, האָט זי דערווײַל נאָך ניט אָפגעשלאָגן, קיין כאסאנים ניט אָפגערעדט. וואָס זשע וויל מען פון איר?

אנומלטן טרעף איך די שיינע יאָמטעוודיקע כאָמעלע אין א מילדן אפ־דערנאכט ארויסגיין פון שטאָט־בולוואר אין זייער אן אופגעלייגטער שטי־מונג. זי פרעגט בא מיר פּלוצעם, גלײַך מיר וואָלטן געהאלטן אינמיטן שמועסן, צי האָב איך ווען אמאָל געהערט זינגען א גוטן כאזן?

— וואָס? א כאזן? — בלײַב איך שטיין דערשטוינט. וואָס כאָמעלען קאָן אײַנפאלן! — כ׳האָב געהערט, זאָג איך, כאזאָנים אין קלויז, נאָר צי זײַנען זיי גוטע, ווייס איך ניט. אף א גוטן כאזן דארף מען פרעגן בא זוועלן דעם סאָלדאט. יענער, זאָגט מען, איז א מייוון. זוועל פארמאָגט א גאנצע קאָלעקציע פּלאסטינקעס פון בארימטע כאזאָנים.

— דײַן סאָלדאט זוועל גייט מיר איצט ניט אָן, — ענטפערט זי. — נו, א כאזנטע ביסטו א באלן הערן?

— וואָס הייסט הערן א כאזנטע? — הייב איך ניט אָן צו פארשטיין. — א כאזנטע איז ניט מערער, ווי א כאזנס א ווײַב. אָט, לעמאָשל, וווינט בא אונדז א שאָכן פון יענער זײַט פלויט, הייסט ער יאנקעוו־יאָסל דער סטאָליער. זײַן ווײַב גענענדל רופט מען די סטאָליעריכע. לעבן דער הרעבליע שטייט רווימס קוזניע, איאָ? רווים איז א קאָוועל, און דאָס ווײַב זײַנס, מאטליע, איז א קאָוועליכע. נויעכן קען מען אין שטאָט פאר א שוסטער און פראַדלען פאר א שוסטערקע. די מאמע מײַנע זאָגט מיר קיינמאָל ניט — שפרינג ארײַן צו פראדלען לײַען דעם פּראטש, נאָר צו דער שוסטערקע.

— וואָס זשע ווילסטו מיט דעם אויסברײַען? — שלאָגט כאָמעלע מיר איבער מײַנע רייד.

— איך וויל אויסברײַען, אז מאטליע ווייסט אפילע ניט, ווי׳אזוי מ׳גייט צו צום בלאָזזאק, פונדעסטוועגן רופט מען זי ניט אנדערש, ווי די קאָ־וועליכע.

כאָמעלע קוקט אף מיר, ווי אף א כאָסערדייע. עפּעס האָב איך זיך טאקע אפאנעמעסן צעפּלאפּלט. וואָס וויל איך איר דערווײַזן, כאָמעלען? א קינד אין וויגל ווייסט, אז ווײַבער פון באלמעלאָכעס רופט מען לויט דעם פאך פונעם מאן. אויב ער איז א קירזשנער, איז זי א קירזשנערטע; ער א בעקער — זי א בעקערן; ער א מילנער — זי א מילנערן.

— גיי דיר, גיי, — מאַכט זי מיט אַ גרינגן רויגעז. — ביסט אַ פּלוידער־זעקל, הערסט אַפילו ניט, וואָס מ׳רעדט צו דיר. די כאַזנטע, וועגן וועלכער איך דערצייל דיר, האָט נאָך אַפילו קיין כאָסן ניט. און דו האָקסט אַ טשייניק... סטאָליעריכע... קאָוועליכע...

כאַמעלע טוט זיך אַ קערעווע אויס, פאַרוואַרפט די עקן פון איר גרינג טיכל איבער די אַקסלען און לאָזט זיך גיין, גלייך זי האָט וועגן גאָרניט ניט געשמועסט מיט מיר. און איך... איך האָב זיך געלאָזט גיין נאָך כאַמעלען, ווי אַ צוגעבונדענער לאָשעק.

מיטן וועג איז זי געוואָרן נאָכגיביקער.

— אויב דו גייסט שוין יאָ, טאָ קום, — רופט זי זיך אָן צו מיר. — וועסט קיין כאַראָטע ניט האָבן.

כאַמעלע, שטויס איך מיך אָן, פירט מיך ווייזן עפּעס זייער טשיקאַווס. זי דערציילט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם:

— האָסט קיין פאַרשטעלונג ניט. אַ פּראָסטע זאָקנמאַכערן, און זינגט ווי אַן עמעסער סאָלאָוויי. ווען מע נעמט זי אַוועק אין דער גרעסטער אָפּערע, וואָלט זי ניט פאַרשעמט געוואָרן. זאָלסט הערן אַ קאָל, אַ געזאַנג פון אַ מיידל. דאָס איז אַזאַ אַנטיקל, וואָס די וועלט פאַרמאָגט ניט. לעאָ בלאָך האָט אָבער אָנגעשמעקט, ווו דער אוצער געפינט זיך. איבערגע־נישטערט און איבערגעטרייסלט ווו ערגעץ אַ פאַרוואָרפן געסל. ער זוכט אַ זינגערן. גייט אַרום פון שטוב צו שטוב. נאָר עס וועט אים העלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס. די זאָקנמאַכערן איז ניט פון יענע. אין שטוב יאָ, אין שטוב וועט זי זינגען. ערגעץ אַנדערש ניט.

איך קלער באַ זיך: קיין שענער און בעסער קאָל, ווי פערעלע פאַרמאָגט, וועט מען אין גאַנץ באַרשעוו ניט געפינען. בלאָכן זאָגן? ער קאָן לאַנג וואַרטן. ער זאָל זיך שטעלן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, וועל איך ניט דערמאָנען פערעלעס נאָמען.

— די כאַזנטע זינגט מאָלע־טאַם, — לויבט כאַמעלע די זאָקנמאַכערן. — איר זינגען פאַרכאַפּט דיך אַזוי באַ דער נעשאָמע, אַז מע קען אויסגיין...

כאַמעלע זאָל אַריינפאַלן אין היספּיילעס פון עפּעס אַ מיידל אַ זאָקנ־מאַכערן, אַ כאַזנס אַ טאָכטער? ווי קומט עס צו כאַמעלען? איך האָב זי נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזאַ פאַרצאַפּלטע, מאַמעש ניט צו דערקענען.

און אָט זיינען מיר צוגעקומען צו עפּעס אַן אַלט שטיבל, וואָס שטייט מיטן געהויקערטן רוקן צום יאַר, נאָענט צו דער ריטשקע. פון פאָרנט איז דאָס אַ הייזל, ווי פיל אַנדערע הייזלעך, פּריש געקאַלכט, פאַרלאַטעט און ווי־ניט־איז פאַרגלעט. איבער די קליינינקע פענצטערלעך הענגען דורכגע־פוילטע געזימסן, וואָס קוקן קרומלעך אַרויף צום הימל. אַ לאַנגע, ניט גלייכע פּריזבע ציט זיך לענגויס דער וואַנט, און אַ ביסל פּאָפּערעק, פאַראַקשנט־אַראָפּגערוקט ליגט דער שינדלדאַך. עס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז די שטוב אַליין רוקט זיך פּאַמעלעך אַראָפּ צום יאַר.

כאַמעלע הייסט מיר אַריינוואַרפן אַן אויג אין פענצטער. די שויבן זיינען פאַרהאַנגען מיט אַ געקעסטלטער קאָלדרע.

— וועמען זעסטו דאָרט?

— קיינעם ניט. דאָס פענצטער איז פאַרהאַנגען מיט אַ גראָבער קאָלדרע.

— ס'א טישטעך, ניט קיין קאַלדרע. קוק זיך בעסער איַין, — קאָמאַנדע־וועט זי מיט מיר, און אַליין שטייט זי פאַרוקט אין א זײַט, קיינער זאָל זי ניט באַמערקן.

— אויז... ער איז דאָ... — שפּרינג איך אויף דערשראָקן. — דער ארטיסט... בלאָך.

— אַזוי גאָר! ער איז שוין דאָ, מאַזלטאָוו!..

זאָל זײַן, אַז זי איייפערט? ניט לאַנג האָט זי דאָך געמאַכט אויסצו־דרייען פון אָט דעם בלאָכן. כאָמעלע, זײַ זיך מוידע, ביסט צום אַראָפּגע־קומענעם טראַגיקער ניט גלײַכגילטיק. צוליב וואָס זשע טויג דיר פאַר־בלענדזן מיר די אויגן? וואָס דאַרפסטו אויסטראַכטן א מײַסע וועגן א כאַזנס א טאָכטער, א זאָקנמאַכערן, וואָס כאַפּט באַם האַרצן מיט איר זינגען?

— זע נאָר, זע נאָר, — רופט זי זיך אָן, — ווי ער איז געוואָרן מאָלע דאָס... איך האָב דיך מיט קיין וואָגן ניט פאַרטשעפּעט. א מענטש האָט נאָך גאָרנישט ניט געהערט און וויל שוין אַנטלויפן. לויף, ווער האַלט דיך?

דער וווקסיקער לעאָ בלאָך, א צעקנייטשטער און א מידער, ווי נאָך א רעכט שטיקל אַרבעט, איז אַרויסגעפלויגן פון דער כאַזנטעס שטוב מיט אַן אָפן מויל.

— פּפוי־וּ־י... — עטעמט ער שווער אָפּ, אויסגלײַכנדיק דעם רוקן. — א האַרט ניסל...

איך קוק אויף כאָמעלען און כידעש זיך: פאַרוואָס לאָזט זי זיך ניט טאַנצן אַנטקעגן דעם אַרטיסט? פאַרוואָס באַגעגנט זי אים אַזוי קאַלט?

דערזען כאָמעלען, איז לעאָ בלאָך געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. די מידקײַט איז טייקעף פאַרשוווּנדן געוואָרן.

— א שאָד, מײַן טײַערע, וואָס איר זײַנט ניט געווען דערבײַ. קיין קויכעס, כאָמעלע, האָב איך ניט געזשאַלעוועט. געאַקערט, ווי מע זאָגט, מיט דער נאָז די ערד. אײַנגעלייגט די וועלט. איך טו עס דאָך צוליב אײַער פּאָליטפּראָסוועט. עפּשער וועט זײַן כאָלעם פאַרווירקלעכט ווערן. צוריקגערעדט, ווער לאָזט עס איַין אַזא אויצער? איך פאַרזיכער אײַך, כאָמעלע, אַז די זאָקנמאַכערן איז א געווינס פאַר אונדז אַלעמען.

איך זע ניט, אַז כאָמעלע זאָל זיך שטאַרק פרייען מיטן געווינס און אויך ניט מיט לעאָ בלאָכס ניצאָכן. גלײַכגילטיק, מיט עפּעס א ווידער־געפיל איז כאָמעלע געשטאַנען א שווײַגנדיקע, געקוקט פאַרטיפט אויף דער געהויקערטער טויבער וואַנט, וואָס גייט אַרויס צום יאַרל און איז אונטער־געשפּאַרט מיט פיל דרענגלעך. א ביסל נידעריקער וואַקסט געדיכט דאָס ווילדגראָז, שטעכיקע בודיעקעס מיט ראָזלעכע און בלויע נאָדל־קעפּ.

לעאָ בלאָך מאַכט נאָך א האַלבן טראָט נעענטער צו כאָמעלען, אָבער דער האַלבער טראָט איז זייער א פאַרזיכטיקער, ניט קיין דרייסטער.

— איר ווייסט כאָטש, כאָמעלע, וויאַזוי מע רופט זי? רינצל. נאָר אין אַזא פאַרדריפּעט געסל און אין אַזא ענג שטיבל קאָן מען געפינען א מיידל מיטן נאָמען רינצל. כאַ־כאַ, רינצל...

איך ווייס ניט, פאַרוואָס כאָמעלע האָט מיטאַמאָל אויפגעפלאַקערט:

— רינצל טויג ניט? רינצל איז פאַר אײַך שלעכט? דערפאַר אָבער קלינגט דער נאָמען לעאָ בלאָך מעכײַע־נעפאָשעס! רינצל די כאַזנטע ווינט כאָטש

אין א הינטערגעסל, ווי איר רופט עס אָן, זי פאַרמאָגט אַן אלטע כורווע, א ברעקעלע היים. און וואָס פאַרמאָגט איר? אבי איר טראָגט זיך ארום מיט אײַער אויסלענדישן נאָמען. זי, די כאַזנטע, איז צו אײַך ניט געקומען זיך בעטן, זי דאַרף אײַך...

— כאָמעלע!..

— כאָמעלע, נו, וואָס כאָמעלע?!

— אומזיסט פאַלט איר אָף מיר אָן.

— א גרויס ראַכמאָנעס, נעבעך, אָף אײַך.

— כאָמעלע,— ציטערט ער א פאַרלוירענער,— כאָמעלע, כ'האָב גאָר־ניט געמיינט. ס'א שפּאַס.

— וואָס בא א שיקערן אָף דער צונג...

— אַדעראַבע, זאָל זײַן רינצל. וואָס קאָן איך האָבן קעגן?

— זאָלט איר וויסן זײַן, טאַקע רינצל,— פּרוווט זי האַמעווען איר צאָרן.— רינצל איז א געוויינלעכער נאָמען פון א ייִדיש מיידל. פאַראַן בא אונדז נאָך א סאַך אַנדערע נעמען, וואָס ווענלן אײַך געוויס ניט שמעקן: איטע, וויטע, שפּרינצע, מינדל, גענענדל, טרײַנע, ריסל, יענטל, דווירע, בראָכע, אינדע, דוואָסיע, קיילע... אנו, זײַט איצט א כאָכעם און פּרוווט געפינען ערגעץ־ווו אזא נאָמען, ווי לעאָ בלאָך? איר וועט מיט קיין ליכט ניט געפינען. א נאָמען, ווי מײַן מומע העניע זאָגט, פון דער האַפּטוירע. פאַרוואָס לאַכט איר ניט? רינצל איז בא אײַך א כאַ־כאַ... און לעאָ בלאָך?

אַרויסשלעפּן די יונגע כאַזנטע אָף דער ליכטיקער שײַן האָט זיך דער־ווײַל לעאָ בלאָכן ניט אײַנגעגעבן.

מע דאַרף געדענקען, אַז רינצל איז די איינציקע ברויטגעבערן אין שטוב. זי האָט נאָך א קלענער שוועסטערל, נאָכן שוועסטערל גייט א ברו־דערל, און א מאַמע, זאָל געזונט זײַן. און די מאַמע האָט נאָך אויך א מאַמע, שוין גאָר־גאָר אַן אלטיטשקע, א שוואַכע, קראַנקע זקיינע. אַלע פיר זיצן אָף רינצלס קאָפּ און קוקן אַרויס אָף דער פאַרדינערן... און זי, די יונגע כאַזנטע אליין, רינצל, איז נישט מער ווי א זאָקנמאַכערן. קאָן זי אין זינען האָבן טעאַטער?

נאָר א קאָל איז בא רינצלען — א וווּנדער־שעבעווונדער. לעאָ בלאָך לאָזט ניט דורך קיין טאָג, ער זאָל ניט זײַן בא רינצלען. וואָס מאַכט עס איר קאַליע? די כאַזנטע טרײַבט קיינעם ניט אַרויס. ער מעג צוזאָגן גאָל־דענע בערג, אפילע דאָס טעלערל פון הימל, וועט אים עפּעס העלפן?.. און לעאָ בלאָך הערט ניט אויף ריידן וועגן איר: א געבוירענער טאַלאַנט!.. איינע צווישן טויזנט!

ער האַלט אין איין שיטן שוואָכים און וווּנדערן זיך:

— ווער איז נאָך אזא גאַזלען אָף זיך אליין, ווי רינצל די זאָקנמאַכערן?

דער אָנגעפּאַרענער אַרטיסט איז א מייווון אָף נעגינע. ס'איז אים נאָר א כידעש, וואָס די זאָקנמאַכערן וויל ניט פאַרשטיין, אַז זי איז באַרופן צו עפּעס העכערס, ווי זיצן טאָג ווי נאַכט בא דער מאַשין און שטריקן זאָקן.

— אײַער אָרט, מײַן טײַערע,— טײַנעט ער אײַן מיט רינצלען,— איז נאָר אָף דער בינע. ווייסט און געדענקט, אַז איר זענט באַרופן פון גאָט

אליין געבן דעם צושויער א ברייטן נאכעס־רועך. עכטע יאָמטעווודיקייט. אויב איר וועט עס ניט טאָן, באגייט איר די גרעסטע אוולע קעגן זיך און קעגן אײַער פאָלק. קיינער, מײַן טײַערע, וועט דאָס אײַך קיינמאָל ניט מויכל זײַן.

וואָס מער לעאָ בלאָך היצט זיך, וואַרפט מיט די הענט, בײַלט פויסטן, אַלץ מער שטיקט רינצלען דער געלעכטער: „רעדט, רעדט, אז איר רעדט, גייט בא מיר גיכער די ארבעט...״

נאָכאמאָל און ווידעראמאָל גיט איר צו פארשטיין דער אקטיאָר: קאָלזמאן זי איז יונג, גרין, רוי...

— רעוו, מיינט איר צו זאָגן, — פאריכט די כאזנטע און שיסט אויס א געלעכטער. — רעוו... כא־כא־כא... אזעלכע רעווע מיידלעך פירט מען שוין לאנג צו דער כופּע. נאָר מײַן זיוועג וויל זיך ניט יאוועןן. איר האָט אים אין ערגעץ ניט באגעגנט?

יעדעס מאָל, ווען לעאָ בלאָך פארלאָזט דער כאזנטעס שטוב, זעט דער מענטש אויס פארמוטשעט, פאָכעט מיט דער נעשאָמע, קוים וואָס ער שטייט אף די פיס. וויפל געזונט און קויעך ער לייגט אוועק, ווייסט נאָר איין גאָט אין הימל.

טאָג און טאָג האָט ער צו טאָן מיט דער זאָקנמאכערן. ער קאָן בעשום־אויפן איר ניט אײַנרעדן דאָס סאמע מינדסטע: איין מאָל אין דער וואָך קומען אין ארבעט־פּאלאץ אָדער אין וועבער־קלוב אף א געוויינלעכער רעפּעטיציע.

— נישטאָ קיין צײַט, — ענטפערט רינצל ווי אין דער גאל ארײַן, — דער טאָג, ליבער מענטש, איז פאר מיר צו קורץ. איר זעט כאָטש, וויפל פּיקערס, קיין אײַנהאָרע, קוקן מיר אין די אויגן ארײַן? איר ווילט דאָך ניט, אז די שטוב זאָל בלײַבן אָן ברויט!

— גאָט באהיט. עס רעדט זיך וועגן די אָוונטן, נאָך דער ארבעט. בייס איר רוט אָפּ.

— רוען וועלן מיר דאָרט איבער הונדערט און צוואנציק יאָר, — האקט זי שארף אָפּ. — דערווײַל דאָרט דער קאָפּ וועגן פּארנאָסע. אין אזא שטאָט, ווי אונדזער בארשעוו, ליבער מענטש, וועט איר געפינען נאָך אזעלכע פּערל. זאָל אײַך גאָט העלפן.

פון אזא קאטעגאָרישן אָפּזאָג האָט לעאָ בלאָך ניט איבעריק געליטן. אזא „דורכפאל״ קאָן מען נאָך איבערטראָגן. זי איז נאָך ווײַט פון יענע פּרימאדאָנעס, פאר וועמען מע דארף פאלן אף די קני. אָבער עפּעס דארף מען צוטראכטן. עפּשער רופן כאָמעלען צוהילף? עפּשער וועט זי מערער אויסנעמען בא רינצלען?

אדאנק כאָמעלען האָב איך אויך אָנגעהויבן ארײַנקומען צו דער יונגער כאזנטע, צו דער זאָקנמאכערן.

רינצל זיצט אף א פוסבענקעלע אנטקעגן פענצטער בא דער זאָקנמאַ־שין, דרייט גיך און געשיקט מיטן רעדל, כאפּט אלע ווײַלע ארויס אן אנדער נאָדעלע און שטעלט עס איבער אף א צווייט אָרט. צו דער ערד לאָזט זיך אראָפּ א ווײַס געשטריקט קישקעלע, ענלעך צו א וווּרשטל, און לייגט זיך אויס ווייך אף דער אויסגעשפּרייטער רעדנע. ווען דאָס ווײַסע

בערגעלע שוימט אויף, שנײַדט זי עס ארונטער מיט א שערל און ווארפט די ווייכע קישקע אין טאָרבע ארײַן. א זײַטיקן מענטשן קאָן זיך דוכטן: אויך מיר אן ארבעט דרייען מיטן רעדל... דעריקער איז פארמאָגן א זאָקן־מאשינקע. אָבער ס׳איז ווײַט ניט אזוי. דער טאָך פון דער ארבעט ליגט בא די דורכגעלאָזטע אייגלעך. אָט דאָ דארף מען זײַן א בעריע. מע דארף וויסן פּינקטלעך, וויפל אייגלעך אופהייבן און וויפל אראָפּלאָזן. כוץ אלע־מען, מוז מען נאָך האָבן א גוטע ריִע.

אין דער מעלאָכע איז פאראן נאָך א צאָרע, עפּשער טאקע די גרעסטע — ווי קריגט מען פּאָדעם? דאָס דאָזיקע ארטיקל זוכט מען, ווי מיט ליכט; ביז מע געפינט דאָס ביסל פּאָדעם, קומט אָן מיט גרינע ווערעם. האָט דיר שוין יאָ אָפּגעגליקט, מוזסטו צאָלן אין טאָג ארײַן. נאָר וואָס זאָל זי טאָן, ס׳איז דען דאָ אן אנדער ברייירע?

כאָמעלע הערט זיך גוט אײַן, ווי׳אזוי די יונגע כאזנטע דערציילט וועגן איר ביטער אויסקומעניש: „וואָס זשע דען מיינט איר, כאָמעלע, מאָן שיט זיך פונעם הימל? זעט איר כאָטש, ווי דאָס מיידל ווערט אויסגעריסן?..״

פון מײַן זײַט האָב איך בלויז צוגעגעבן: עס וואָלט ניט געשאדט א רעד טאָן מיט אונדזערע לערער, מע זאָל די קינדער, דאָס שוועסטערל און דאָס ברודערל, פארעכענען אין שול־היים. נאָך בעסער וואָלט געווען, ווען דער פּאָליטפּראָסוועט מישט זיך ארײַן.

— אײַ האָב איך ליב גוטהארציקײַט, — פארקרימט זיך די זאָקנמאַ־כערן, — טשעפּעט מיך בעסער ניט. איך וויל צום פּאָליטפּראָסוועט אין כויוו ניט קריכן.

דאָך האָבן מיר אײַנגערעדט רינצלען, זי זאָל עפּעס זינגען. זי האָט ניט איבעריק זיך דערפרייט, ווען מיר האָבן זי אָנגעהויבן לויבן. אפּאָנעם, זי איז געוווינט, מע זאָל זי לויבן. רינצלען קימערט לאכלוטן ניט, צי זי האָט אויסגענומען מיט איר געזאנג, צי ניט — איר איז, ווײַזט אויס, אלציינס. איר ווילט, איך זאָל אײַך מעהאנע זײַן מיט א טפילע־ניגן?.. קוויקט זיך.

— א שאָד, וואָס איר זינגט ניט קיין ראָמאַנסן, — באדויערט כאָמעלע. דערויף ענטפערט רינצל גאנץ באשיידן:

— דאָס, וואָס איך קאָן, קאָן איך, און דאָס, וואָס איך קאָן ניט, קאָן איך ניט.

הערן דאָס געזאנג פון דער זאָקנמאכערן, אפילע דאן, ווען זי איז ארײַנגעטאָן אין דער ארבעט, איז א כיִעס. איר ריינע, געלײַטערטע שטים שלאָגט מיט עפּעס א מין זויבערער קלאָרקײַט, ווי פון א ווונדערלעכן קוואל. זי פילט אליין ניט, ווי דאָס איידעלע קאָל אירס גיסט זיך פון די סאמע פארבאָרגענע טיפענישן און דערוועקט אזויפיל גוטע, נײַע גע־פילן... עפּעס איז שווער פאָרשטעלן זיך, אז דאָס פּאָשעטע מיידל, וואָס זיצט אָט דאָ, דערנעבן, עטוואָס אן אײַנגעבויגענע, און רעדט אזוי פּאָשעט, א ביסל ווײַבעריש, פארמאָגט אין זיך אזא קישעף.

כאָמעלע כאפּט זי ארום און נעמט זי קושן.

— אוי, רינצל! — רעדט זי אויס אן אופגערודערטע. — רינצעלע, גע־זונט זאָלט איר מיר נאָר זײַן. איר האָט דאָך פאר מיר געעפנט נײַע

וועלטן! ניט אומזיסט האָט דער בלאָכוואַטער אַרטיסט זיך אַזוי אָנגע־כאַפּט אין איַער געבענטשטן טאַלאַנט.

א לוסטיקע, א פאַרפּלאָמטע, פול מיט היסלײַווּעס, שלעפּט מיך כאָמעלע צום טײַך.

— עפּשער וועט איר אויך גיין מיט אונדז? — פרעגט זי בא רינצלען.

די זאָקנמאַכערן קאָן זיך ניט פאַרגינען אַזעלכע זאַכן. ווער האָט עס צײַט אין א וואָכעדיקן טאָג זיך לאָזן וווילגיין? סײַדן שאַבעס אָדער יאָמ־טעוו. נאָר בא כאָמעלען איז שטענדיק שאַבעס און שטענדיק יאָמטעוו.

באַם טײַך האָט כאָמעלע געזוכט אָניסי מאַרקאָוויטשן. זי זאָל כאָטש אים ניט וועלן פירן צו דער זאָקנמאַכערן: א קאַשע אַף א מײַסע, וואָס כאָמעלען קאָן אײַנפאַלן?

— עפּעס זעט מען ניט דעם זיידן, — ווערט כאָמעלע אומרויִק. — ער דאַרף אָט דאָ ניט ווײַט זיצן אונטער א שירעם. אָני־י־יסי מאַ־אַ־אַ־רקאָ־אָוויטש!

אַרופגעטאַנצט אַף איין שטיין, דערנאָך אַף א צווייטן און ווײַטער א ביסעלע נאָך אַף א העכערן. ניט צו זען אונדזער אַלטן מאָלער.

— עפּשער אונטער די לאָזעס, פון יענער זײַט פּלאַטשיקן שטיין?

— צו וואָס, כאָמעלע, דאַרפט איר דעם אַלטן אַזוי נייטיק?

— אַז דו וועסט אַלץ וויסן, — טוט זי פאַרשײַט מיר א שנאָל אין נאָז, — וועט בא דיר גיך אויסוואַקסן א באָרד...

## מיר — די פאַרגעשריטענע

א גרופּע קינדער — מערער אַנטוויקלטע, מערער באַוווּסטזיניקע און אַקטיווע, דאָס צירונג פון שול־היים, האָט באַדאַרפט אין די נאָענטסטע טעג זיך באַגעגענען מיט אייניקע פאַרשטייער פון שטאָטישן קאָמיוג און צוזאַמען באַהאַנדלען אַן אויסערסט ערנסטן איניען. דערפון זײַנען מיר בא זיך אַליין געוואָרן גרעסער אין די אויגן. א קלייניקײַט, דער קאָמיוג רופט אונדז אַף א וויכטיקער באַראַטונג!

איטלעכער פון אונדז פילט ניט נאָר קיין אַכרײַעס, וואָס מע האָט אונדז פאַרטרויט אַזאַ זאַך, מיר זײַנען אויך שטאָלץ בא זיך, מיר האָבן זיך מיט וואָס איבערצונעמען! ווו נעמט מען נאָר געדולד, וואַרטן ביז די באַראַטונג וועט זיך עפענען?

ענדלעך איז געקומען דער לאַנג געגאַרטער טאָג. לאָזט זיך אויס, אַז פון שטאָטישן קאָמיוג זײַנען געקומען צו אונדז אינגאַנצן צוויי פאַר־שטייער — א ייִנגל מיט א מיידל. עמעס, מיר זײַנען אויך ניט קיין סאַך — פיר מיידלעך און דרײַ ייִנגלעך. פון די לערער איז בײַגעווען די כאַווערטע אַניוטע. פאַרקליבן האָבן מיר זיך אינעם סאַמע עקסטן קלאַס־צימער, דאָרט, ווו די אָפענע פענצטער גייען אַרויס צו דער שטיל־גרינער קאַראַטשענע.

ניט קיין געוויינלעכע זיצונג אונטער פערעלעס פאָרזיצערײַ.

זי אַליין, פערעלע, האָט אויך ביז דער לעצטער מינוט ניט געוווּסט, וועלכע פראַגע עס וועט באַהאַנדלט ווערן. זי האָט מילד געצוקט מיט די

אקסלען, כיינעוודיק צוגעביסן א ברעג ליפּעלע און איבערגעוווּנקען זיך מיט די כאַווערטעס, ווי איינער רעדט: „איר ווייסט ניט, מיידלעך, וואָס וויל מען פון מיר?"

גוט, וואָס פוןביידע זײַטן טישל זײַנען געזעסן — לינקס דער פאָרשטייער פון קאָמיוג בעני שאָק און רעכטס אונדזער לערערן די כאַ־ווערטע אניוטע. זיי האָבן ארויסגעראַטעוועט פערעלען פון איר פּאַרלעגנ־הײַט.

...איז אָט אין וואָס עס גייט: פירן אַן ארבעט צווישן די ניט־אָרגאַני־זירטע גאַסן־קינדער, נעמען איבער זיי „שעפטום". אַן ארײַנפּיר־וואָרט האָט געהאַלטן דער לאַנגער באָכער, וועמען מ'האָט גערופן בעני שאָק.

פון זײַן הייסער דראָשע האָב איך פארשטאַנען, אַז די ראַטנמאַכט איז נאָך ניט אימשטאַנד נעמען די פולע האַזשגאָכע איבער אלע קינדער. מיר, די פּאָרויסגעשריטענע, זײַנען דעריבער בארופן מיטצוהעלפן אויסשמידן דעם נײַעם צוקינפטיקן מענטשן פאר דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

וועגן דער זעלבער פראַגע האָט א סאַך פּאַשעטער דערקלערט די כאַ־ווערטע באַסיע, די צווייטע פאָרשטייערן פון קאָמיוג.

— מיך רופט מען באַסיע, לאָמיר זײַן באַקאַנט.

זי רעדט גאָר אף א היימישן אויפן, און דאָס ברייטע געזונטע פּאָנעם איז פול מיט גוטע, וואַרעמע שמייכלען.

— איר ווייסט דאָך, קינדער, אונדזער בארשעוו? ווי יעדער שטאָט, פארמאָגט בארשעוו א סאַך גאַסן, א סאַך הינטערגעסלעך און א יאַם קינ־דער. א גאַנצן טאָג לויפט מען ארום פּוסט־און־פּאַס, נישטאָ, ווער עס זאָל אכטונג געבן אף זיי. ניט אײַך, כעוורע, דאַרף איך דערציילן, וואָס אין שטאָט קומט פאָר. אף טריט און שריט, אונטער יעדער טיר און פענצטער האַלט מען אין איין שעלטן זיך. קאָנען מיר, פרעג איך אײַך, זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט? ניין! וועגן דעם האָבן מיר ניט איין מאָל גערעדט אף אונדזערע קאָמיוגישע פאַרזאַמלונגען, געהאַט לאַנגע שמועסן מיט דער לערערשאַפט, מיטן שטאָטישן אַקטיוו, און געקומען זײַנען מיר צו אַזאַ אויספיר: אָרגאַניזירן צוזאַמען מיט אײַך, כעוורע, אף יעדער גאַס קרײַזלעך פאר די גאַסן־קינדער. דרײַ־פיר מאָל אין כוידעש וועלן מיר דורכפירן פּאָרלעזונגען, שמועסן, זינגען נײַע לידער. ווי קלערט איר, כעוורע, ס'איז א גוטער איניען?

— אוואַדע, — כאַפּן מיר אונטער אין איין קאָל, — אוואַדע!

דערנאָך האָט גערעדט די לערערן אניוטע.

זי באַגריסט די איניציאַטיוו פון קאָמיוג, וואָס נעמט אף זיך אַזאַ שווער פּעקל, און זאָגט צו, אַז די לערער וועלן אויך ניט שטיין בא דער זײַט. און די קינדער פון שול־היים?

— אף אײַך, קינדער פון שול־היים, — ווענדט זי זיך צו אונדז, — ליגט א צווייענדיקער כויוו. ניט נאָר מיטהעלפן אין דער דאָזיקער בע־קאָוועדיקער ארבעט, נאָר אליין ווערן א מוסטער פאר די גאַסן־קינדער. איר דאַרפט אין זינען האָבן, וועמען איר שטעלט פאָר.

כ'האָב פאר זיך שטיל א קלער געגעבן: צי וועל איך בעקויעך האָבן אויסהאַלטן די פרומקײַט? טאָמער קומט אויס מיט עמעצן פון די גאַסן־

יִנגלעך זיך צונויפבוצקען, פאַרפירן אַ געשלעג, ווי עס מאַכט זיך אָפּט, און טאַקע זיך רעכט צעפּאַטשן? ווערליק מע רעדט דאָ, מעג יענער, דאָס גאַסן־יִנגל, הייסט עס, צוגיין צו דיר, דערלאַנגען אַ פּליק גלײַך אונטער דער נאָז, אַרײַנוואַרפן דײַן אָנטאָן אין טײַך, און דו דאַרפסט שווײַגן.

— כ׳האָב אַ פראַגע, — שלאָגט מיר אַזש אַ היץ אין פּאָנעם. — וואָס דאַרף איך ענטפערן יענעם כוצפּעניק, וועלכער זאָגט מיר: „אַ מאַקע דער מאַמען”.

— ווי אַ שילער פון שול־היים, — רופט זיך טייקעף אָפּ די לערערן אַניוטע, — ביסטו אים מעכויעוו ענטפערן...

— אַ מאַקע דײַן מאַמען מיטן טאַטן אײַנײנעם!.. — טוט זיך ווילד אַ ריס דער שאָכן מײַנער. — דאָס איז סאַמע דער בעסטער ענטפער.

— פו, פע... — די לערערן פאַרקרימט די קליינע דינע ליפּן. — דאָס איז ניט קיין ענטפער פון אַ באַוווסטזיניק קינד. מײַן מאַמע, זאָגט מען אים מיט גוטן, האָט דיר קיין שלעכטס ניט געטאָן. וואָס האָסטו צו מײַן מאַמען?

— און אַז דאָס יִנגל, לאָמיר זאָגן, — שלאָג איך איבער די לערערן, — דערלאַנגט אין די ציין אַרײַן?

— דעמלט, נאָר איינער, האָסטו זיך ניט וואָס צו שעמען, — אײַצעט בעני שאַק, — פאַרקאַטשע, זײַ מויכל, די אַרבל און דערלאַנג אין פּיסק אַרײַן.

איצט הער איך קלאָרע דיבורים. דער כאַווער מײַנער, שלוימקע, מיט וועמען איך זיץ אָף איין פּאַרטע, איז אויך געוואָרן מאָלע־סימכע. קיינער האָט אים אַזוי ניט צוגעטראָפן, ווי דער דאַרער בעני.

— הערסט, האַ?

די לערערן אַניוטע האָט אונדז אַלעמען געוואָלט צוליב טאָן און אויך צוגעשמייכלט. פונדעסטוועגן קנייטשט זי מיטן נעזל און לאָזט פאַרשעמט אַראָפּ די אויגן. זי האָט געוואָלט הערן פונעם פּאָרשטייער פונעם קאָמיוג אַ מערער דעליקאַטן ענטפער.

— צו אַזעלכע צוזאַמענשטויסן, — זאָגט זי, עטוואָס רויטלענדיק זיך, — איז געוווּנטשן בעסער ניט דערלאָזן.

פאַרנאַכטלעך זײַנען מיר, פריילעכע, האָפּערדיקע, צעוואַרעמטע, אַרויס פון דער אומגעווייִנלעכער זיצונג. איך בין שטאַרק צופרידן, וואָס מיר וועט אויסקומען אַרבעטן אָף איין גאַס און אין איין קרײַזל מיט דער כאַווערטע באַסיע.

איבער דער גרינער קאַראַטשענע גייען מיר באַנאַנד — איך און פּערעלע. מילדער פונעם ליבן זומערדיקן אָפּדערנאַכט איז פּערעלע אַליין. זי איז פרײַנטלעך און צוגעלאָזן. אָפן וועג אַהיים ריידן מיר וועגן דער אַרבעט, וואָס אונדז שטייט פאָר, און ווי דאָס אַלץ וועט אויסזען. איר עלטערער כאַווער, צו וועמען זי איז צוגעפּעסטיקט, איז דער הויכער בעני שאָק. ווי׳אַזוי וועט זי מיט אים דורכקומען?

פון די נידעריקע שטאַכעטלעך שפּאַרן אומעטום אַרויס געדיכטע קוסטעס בלומען און שפּרייטן איבערן שטילן געסל באַטאַמטע רייכעס.

— הערסט, פּערעלע, ווי עס שמעקט?

לאַכט זי, פּערעלע, מיט איר דריבנע געלעכטערל.

— א רייעך, — דערווידערט זי, — האָט ניט קיין קאָל. מע דאַרף זאָגן: איך פיל, ווי עס שמעקט.

— ניין, פערעלע. איך הער, ערן וואָרט, איך הער.

— אײַ, גיי דיר, גיי, — מאַכט זי אומצופרידן מיט דער האַנט, — ביסט שטענדיק אַן אַקשן.

— פאַרוואָס גלייבסטו מיר ניט, פערעלע? איך הער... איך זאָל אַזוי געזונט זײַן, ווי איך הער דעם גוטן טאַם.

— וואָס הערסטו? ווי די ראָזן שמעקן?

— ...שטעל זיך פאָר. אָט הער איך, ווי ערגעץ דאָ ניט ווײַט שלאָגט א רייעך פון צוגעבערענטע יאַדערן.

— דו ביסט, צי דו מאַכסט זיך?

— איך הער! איך הער אַמאָל דעם איידעלן קלאַנג פון די מאָן־קווייטן. די פילפּאַרביקע בעכערלעך האָבן אויך דעם זעלבן קלאַנג, נאָר מיט קליי־ניטשקע האַפּסאָקעס. אַנדערע קווייטן שושקען זיך.

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, — מעסט זי מיך אָפּ פון אויבן ביז אַראָפּ, — עס פעלט דיר פּאַשעט אייל אין קאָפּ...

באַם סאַמע קאָרסונער באַרג געזעגענען מיר זיך זייער קאַלט. א באַ־רויגעזע טוט זיך פערעלע א קער אום מיט די פלייצעלעך צו מיר און לאָזט זיך לײַכט לויפן באַרג־אַראָפּ, ווי מע אַנטלויפט פון עפּעס א צעדרייטן.

קעדײַ געוועזן, פרעג איך זיך, פאַרפירן א רויגעז איבער א נאַרישקײַט? וואָס איז די שפּאַרעניש? זי פילט, ווי עס שמעקט, און איך הער, ווי עס שמעקט. וואָס איז דאָ דער כילעק? נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אז איך קאָן ניט נאָכבאַמקען.

גייענדיק איינער אַליין אַהיים, הער איך שוין ניט קיין שום קלאַנגען. די מאַמע מײַנע, וואָס האָט מיך אָנגעיאָגט, רעדט איבער מײַן קאָפּ מיט אָפּענעם פאַרדראָס:

— וואָס ביסטו אַזוי צעטראָגן, ווי דער ראָוו אין געהענעם?

* * *

איך קען שוין א ביסל נעענטער דעם אויסגעדינטן רויטאַרמייער, זוועלן.

באַ זיך אין שטוב זעט אויס זוועל א סאַך וווקסיקער, ווי אויף דער גאַס. ער דערלאַנגט קימאַט מיט זײַן צעקובלטער טשופּרינע די סטעליע. די באָרד איז באַ זוועלן נאָך שוואַרצער פון פעך, און מאַכמעס ער ראַזירט זי אָפּט, זעט אויס דאָס ביינערדיקע פּאָנעם, ווי מיט שוואַקס צוגעשמירט. דערפאַר טאַקע האָט מען אים געקרוינט מיטן נאָמען „דער שוואַרצער טאָ־טער". נאָך קירצער — „דער טערק". ווײַזט זיך אַרויס, אז די כאַוועריטע באַסיע איז מיטן טערק אַלטע גוטעפרײַנט, עס קאָן זײַן — אפילע קרויווים. זי רעדט מיט אים אויף דו.

— האָב דערפֿון קליינע יעסורים, — באַרויִקט זי זוועל. — ווען די קינדער וועלן זיך צונויפֿקומען, וועט די זאַל מײַנע זײַן ריין אויפֿגעראַמט. צוויי מאָל אין וואָך, זאָגסטו? דינסטיק און פֿרײַטיק? עס וועט זײַן רעכט.

אין פֿאַרנטיקן צימער, אָדער, ווי זוועל רופֿט עס אָן, די זאַל, איז דער ערדענער דיל פֿאַרשפּרייט מיט איין לאַנגער אָפּגעבליאַקעוועטער רעדנע. באַ די זײַטן ליגן קלענערע רעדנעלעך, מיט אַלטע און מערער נײַע לאַטקעלעך. איין רעדנע פֿירט צו דער הילצערנער בעט, אַ צווייטע צום הויכן קאָמאָד, אַ דריטע צום אַלטמאָדישן שראַנק, וואָס איז שווער מיט רוכעס. דאָס פּערטע, סאַמע דאָס שמאָלסטע און ליכטיקסטע, לויפֿט פֿריילעך צום קליינטשקן געשניצטן טישל, ווו עס שטייט גאָלדליק־פֿאַריסן דער פֿאַרביקער גראַמאָפֿאָן מיט דער אויסגעשטראַלטער טרויב.

— אָט דאָס יאַטל וועט זײַן דײַן באַהעלפֿער? — ווײַזט זוועל אויף מיר מיט זײַן ריזיקער לאַפּע. — אויב אַזוי, זאָג זשע, זונעניו, וויאַזוי רופֿט מען דיך?

מײַן נאָמען, זעט אויס, איז אים אין איין אויער אַרײַן און אינעם צווייטן אַרויס.

אָט דאָ טאַקע, באַ זוועלן אין שטוב, וועלן צוויי מאָל אין וואָך, דינסטיק און פֿרײַטיק, זיך צונויפֿזאַמלען די ניט־אָרגאַניזירטע קינדער פֿון די אַרומיקע געסלעך.

— הערסטו, באַסיע, — זוועל טאַנצט אַזש אונטער פֿאַר פֿרייד, — איך וועל פֿאַר זיי שפּילן אויף מײַן גראַמאָפֿאָן כאַזאַנישע שטיקלעך, וועט עס זײַן מאָלע־טאַם. דו, באַסיע־לעבן, לאָז מיך נאָר צו צום אָמעד, וועסטו זען, ווי איך וועל זיי מאַכן קולטורעליש.

באַסיע האָט פֿאַמעלעך אויסגעדרייט איר קורץ־געשוירענעם קאָפּ, שאַרף אַ בלענד געטאָן מיט אירע אויגן, שטרענג אַ מעסט געטאָן דעם הויכ־וווקסיקן זוועלן.

— גראָד די טויווע, — זאָגט זי, — בעט מען פֿון דיר ניט. דײַן גראַ־מאָפֿאָן האַלט פֿאַר זיך. מיר עפּענען דאָ ניט קיין קלײַזל.

— וואָסי, וואָסי, — בלײַבט ער אַ ביסל פֿאַרלוירן, — וואָס האָב איך דאָ געזאָגט אַזעלעכס? עס וועלן דען ניט קומען קיין ייִדישע קינדער? אָדער־ראַבע, ווײַז מיר אַזאַ לעקיש, וואָס זאָגט זיך אָפּ הערן אַ גוטן כאַזן?

— ביסט מעשוגע צי כאָסערדייע, זוועל? — קוקט זי אויף אים אַ שטאַרק אויפֿגעבראַכטע. — ווען איך זאָל זײַן אַ מאַנצבל, וואָלט איך דיר אַרײַנ־געזאָגט, מעגסטו מיר גלייבן, אַז סע וואָלט דיר פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן.

— באַסיע־לעבן, מ׳דאַרף ניט, — פּרוּווט ער פֿאַרשטעלן איר דאָס מויל. — באַסיע, כ׳האָב דיך פֿאַרשטאַנען. אויב דו ווילסט ניט, האָב איך ניט קיין גראַמאָפֿאָן. צעבראָכן געוואָרן. וואָס זשע, באַסיע, וועט איר טאָן מיט די קינדער? מיט וואָס וועט איר זיי פֿאַרווײַלן? איר וועט אײַנכאַזערן מיט זיי דאָס נאַרישע לידל: „אָפּן באַרג שטייט אַ שטוב מיט אַ גרינעם דאַך, און אַרום דעם שטיבל וואַקסן ביימעלעך אַ סאַך...״?

— נו, און ווײַטער?

— איך קאָן ווײַטער אויך.

— זוועל! — ווערט באסיע אופגעלעבטער. — איך וועל דיר אויך זאָגן צום גראם: זוועל לעץ, ביסט בא מיר א מאַלאַדיעץ!..

בא מיר איז אויסגעקומען, אז זי מאכט כויזעק פון אים, זוועל איז דאָך עלטער מיט א שאבעס, א טאטע פון קינדער, און זי רעדט מיט אים, גלײַך ער וואָלט געווען אין אירע יאָרן.

צוריקוועגס האָב איך דאָס אלץ ארויסגעזאָגט דער כאוועריטע באסיע, ווײַל איר גרינגע שעצונג האָט מיך בעפּיירעש פאַרדראָסן. ענטפערט זי:

— קענסט אים ניט. זוועל איז פון אונדזערע מענטשן, א פאָשעטער וועבער. כוץ אלעמען, איז ער מײַנער א קאַרעוו, טאקע א לײַבלעכער קאַרעוו.

דאָך האָט זי זיך אָף א ווײַלע פאַרקלערט, דערנאָך אָנגעהויבן ריידן, ווי זיך מעיאשעוו געווען מיט זיך אליין.

— זוועל זאָל זיך האָבן באליידיקט? מיט וואָס האָב איך אָנגערירט דעם קאָוועד זײַנעם? יאָ, איך וויל טאקע ניט, ער זאָל שפּילן פאר די קינדער כאזאָנישע שטיקלעך. פארשטייסט, זינט ער האָט זיך אומגעקערט פון דער ארמיי, איז ער פארקאָכט אינעם גראמאָפאָן. פאר הערן א גוטן כאזן איז ער גרייט אָפּגעבן דאָס לעצטע העמד. וואָלט אָט דער זוועל געגלייבט אין גאָט, איז מיילע, כאפּט אים דער גוטעריאָר. אָבער ער לאכט פון גאָט, ווי דער גרעסטער אפּיקוירעס. א ראָוו, א שויכעט, א דײַען און אנדערע גאָטס סטראַפּטשעס מאכט ער אויסצודרייען. ווייסט, וויאזוי ער רופט זיי אָן? גאָטס אינטעליגענטן. נאָר איינס מיטן דריטן איז ניט קיין מעכוטן. פאר א ניגנדל פון א בארימטן כאזן ווערט ער די קאַפּאָרע.

אָף דער שענסטער און ליכטיקסטער שעווטשענקאָ־גאס ווײַזט מיר באסיע אָן אָף בונע דעם שנײַדערס האלבע שטוב.

— אָט דאָ ארבעט איך, — זאָגט זי היימישלעך. — טאָמער עפּעס וואָס, כאפּ זיך ארײַן. קאָנסט מיך אויך א רוף טאָן דורכן פענצטער.

בונע דער שנײַדער איז א באלמעלאָכע מיט א גוטן נאָמען, ער האָט א שעם אין שטאָט מיט זײַן איידעלער ארבעט. בונע איז דער איינ־ציקער שנײַדער אין בארשעוו, וועלכער נייט כאסענע־קליידער. ווי נאָר עמעצער טוט א שידעך, לויפט מען גלײַך צו בונען. באסיען צאָלט דער שנײַדער איר סכאר איין מאָל אין וואָך, יעדן פרײַטיק, אזוי ווי עס שטייט געשריבן אינעם נײַעם אָפּמאָך. וועדליק אנדערע שנײַדער־מיידלעך, פאר־דינט זי בא בונען ניט שלעכט.

א גאנצע וואָך, טאָג־נאָך־טאָג, בין איך ארומגעגאנגען איבערשרײַבן די ניט־אָרגאניזירטע גאסן־קינדער. נאָך די ארויסגעהאנגענע מוידאָעס איז מען געקומען צום וועבער אהיים כאָפּטעסווײַז, ייִנגלעך און מיידלעך, ווער מיט א מאמען און ווער מיט א באָבען, ווער מיט אן עלטערער שוועסטער און ווער גלאט מיט א שכיינע. אריבער פערציק קינדער זײַ־נען בא מיר פארשריבן אין צעטל לויטן אלעפבייס.

בא פערעלען איז פארשריבן נאָך מערער. דרײַ און זעכציק! זי האָט זיך אזש דערשראָקן.

— איך ווייס גאָרניט, — זאָגט זי אין גרויס זאָרג, — וואָס וועלן מיר טאָן מיט אזויפיל קינדער? סײַדן צעטיילן זיי אָף באזונדערע קרײַזלעך.

די כאַווערטע באַסיע האָט זיך אויך געכאַפּט פאַרן קאָפּ.

— אַזוי פיל? צו אַ סאַך.

נאָר באַ איין שלוימקען איז געווען סאַמע צו דער נאָרמע. זעקס און צוואַנציק כּעוורע, איינס און איינס, בלויז יינגלעך. מיידלעך, דערציילט ער באַרימעריש, ווילן זיך צו אים אין קרײַז ניט פאַרשרײַבן.

די לערערן אַניוטע האָט אויף אים געוואָרפן אַ בליק פול מיט כּשאַד.

— שלוימקע, עס געפעלט מיר ניט דײַן אַרבעט, — טײַנעט זי. — פאַר־וואָס איז באַ דיר פאַרשריבן סאַמע יינגלעך?.. עפּשער איז אויף יענער גאַס קיין מיידלעך ניטאָ? זײַ זיך מוידע, שלוימקע, עפּשער האָבן די מיידלעך פאַר דיר מוירע?.. קיין איין מיידל זאָל ניט זײַן פאַרשריבן! אַזוינס שטעל איך מיר ניט פאָר.

— וואָס זשע האָט איר געוואָלט, איך זאָל זיי שלעפּן פאַר די צעפּ?

— דאָס איז אַן ענטפער? — ווערט די לערערן נאָך שטרענגער. — נאָך די לימודים וועלן מיר אינצווייען דורכגיין דײַן גאַס.

— איר פאַרגלייבט מיר ניט? — שפּרינגט שלוימקע אונטער. — אויב אַזוי, גייט אַליין.

שלוימקע זאָל בעקיוון ניט פאַרשרײַבן די מיידלעך? דאָס לייגט זיך פּאָשעט ניט אויפן סייכל. נאָר אויף שלוימקען איז אַלץ צו גלייבן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער זיך אַליין מוידע געווען:

— איך דאַרף זיי ניט האָבן, די קוויטשערקעס.

שלוימקען האָט מען דערפאַר ניט געשאָנעוועט און גלײַך באַזײַטיקט פון דער אַרבעט. פערעלע איז גלײַך געקומען צו לויפן און גענומען זיך רייצן.

— האַ, זעסטו שוין? דײַן בעסטער כאַווער. קאָן מען אויף אײַך, יינגלעך, זיך פאַרלאָזן?

אויפן ערשטן שמועס מיט די ניט־אָרגאַניזירטע גאַסן־קינדער באַ זוועלן אין שטוב איז מען זיך צונויפגעלאָפן, ווי אויף אַ בייזוואונדער. וויפל בענק מע האָט צונויפגעטראָגן, איז געווען ווייניק, האָט מען איבערגעלייגט ברעטער אויף טאַבורעטקעס און קלעצלעך, ווי אויף אַן אָרעם מאָלצײַט. נאָר ס'האָט אויך ניט געהאָלפן. דאָס גאַנצע הײַזעלע איז געווען אָנגעפּראָפּט, אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ. אַן ענגשאַפט, אויף דערשטיקט צו ווערן.

די כאַווערטע באַסיע איז געווען שטאַרק פאַרזאָרגט. אויף אַזעלעכס האָט זי זיך ניט געריכט.

— וואָס טוט מען? — פּיל איך אויף זיך איר אומרויִקן בליק.

מיטן ראָזע טיכעלע טוט זי אָלעמאָל אַ וויש דעם אָנגעשוויצטן שטערן, פאַרוואָרפט דעם קורץ געשוירענעם קאָפּ, אַ צערודערטע, אַ ביסל אַן איבערגעשראָקענע. באַסיעס שווערע האַנט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף מײַן אַקסל, גלײַך זי וויל געפינען אין מיר אַ שטיצונג.

— אומעגלעך... — שעפּטשען אירע איבערגעטריקנטע ליפּן. — ווער האָט זיך עס געקאָנט פאָרשטעלן?

פון אַלע זײַטן האָט מען גענומען הוקען, קרייען, פּײַפן, פּאַטשן מיט די הענט, טופּען מיט די פיס.

— הײַ, איר, בערקוטלעך! — איז זוווּעל ארויס פון די קיילים. — שטיל זאָל װערן! סמי־י־ירנאָ, מאַמזיירים! — ער האָט אופגעהויבן צו דער סטע־ליע אַן אלטן בעזעם און א פּאַכע געטאָן מיט אים.

— איר זעט דעם דערקאַטש?! באַלד װעט איר בא מיר פליִען, װי די האָלעשקעס!.. װעמען עס געפעלט ניט, מאַרש פונדאַנען! מאַ־א־אַרש!..

אָנגעהויבן שרײַען אף די קינדער, איז ער דערנאָך אָנגעפאלן אפן עלטערן אוילעם, װאָס איז געשטאַנען אונטער די פענצטער:

— איר װילט, איך זאָל אײַך אויסצוואָגן די קעפּ מיט זודיקער װאַ־סער?.. אנו, גיכער, נעמט די פיס אף די פּלייצעס!

דאָס מאָל האָט די כאַװערטע באַסיע זיך דערפרייט מיט זײַן קאָמאַנ־דעווען.

— א געזונט אין זײַנע ביינער! — װערט זי מונטערער. — ער האָט פונדעסטוועגן אײַנגעשטעלט א שטיקל אָרדענונג. מאָלאָדיעץ!

קלאָר, װי דער טאָג, אָן זוווּעלן װאָלט געװען פיל ערגער.

קימאַט אַזוי זײַנען די ערשטע פאַרזאַמלונגען פון די ניט־אָרגאַניזירטע קינדער דורכגעגאַנגען אומעטום. מיט דער צײַט זײַנען אין די קרײַזלעך געבליבן נאָר די, װאָס האָבן געהאַט דערצו א באַשטימטן אינטערעס.

איך בין געװאָרן אַן אָפטער אַרײַנגייער צו זוווּעלן. מע רעכנט מיך דאָרט פאַר א בען־באַיִס. דער באַלעבאָס אליין, זוווּעל, האַלט פון מיר א װעלט. איך בין אים, זעט אויס, שטאַרק געפעלן אין שליי‌ער. ער װעט פאַר מיר ניט אָװעקגעבן קיין זאַק ציבעלע.

— װאָס־װאָס, נאָר קיין באָד־יונג, — זאָגט ער, — װעט שוין פון דיר ניט אויסוואַקסן. קיין הינטשלעגער אָװאַדע ניט... אויב קיינער װעט דיר ניט אונטערשטעלן קיין פיסל, אויב בייזע װינטן װעלן דיך ערגעץ ניט פאַרשלעפּן, קאָן זײַן, זאָלסט זיך אַרופדראַפּען אף א הויכן באַרג... מעג־לעך, אַפילע אף גאָר, גאָר א הויכן.

עפּעס האָט ער ניט געקאָנט װי געהעריק צוקלײַבן די נייטיקע װער־טער. מעסוקן שװער קומט זוווּעלן אָן אויסדריקן דעם געדאַנק, װאָס ער האָט צו זאָגן װעגן מײַן צוקונפט. געענדיקט האָט ער א ביסל אומעטיק:

— װער װייסט, װעלכע פּאָגאָדעס װעלן שטיין אין דײַן לאַנגן לעבן? צײַטן בײַטן זיך, און מענטשן בײַטן זיך אויך.

דאָס װײַב זײַנס, ציווּיע, רוקט מיר אַמאָל אונטער „עפּעס איבערכאַפּן", קלוימערשט נאָר צו פאַרזוכן.

— א דאַנק! — זאָג איך.

— א דאַנק זאָגט מען נאָכן עסן.

װער װייסט ניט, אַז זוווּעלס װײַב, ציווּיע, שעמט פאַר א גרויסער באַלעבאָסטע, אַן איישעס־כאַיִל?

— געפעלן דיר מײַנע פּאַמפּעשקעס מיט קנאָבל?

— טאַם־גאַניידן.

— הײַנט שטעל דיר פאָר, װען די פּאַמפּעשקעס זײַנען נאָך באַשמעלצט מיט געגנדזענער שמאַלץ...

ציווּיע װערט ברייטער װי לענגער, װען עמעצער לויבט אירע גע־

קעכצן און געבעקסן. אז ס'איז ניטאָ, ווער עס זאָל זאָגן א גוט וואָרט, רימט זי זיך אליין:

— מיינסט אוואדע, אז דאָ ליגט עפּעס א סאָד דערבײַ? גאָרניט מיט נישט. מע דארף די זאך ניט אזוי קענען, ווי ליב האָבן. מע דארף דען א סאך, נאר איינער? נאָר א שטיקעלע נעשאָמע! נעם, אשטייגער, א באַל־מעלאָכע. ווי מיינסטו, שאצט מען זײַן ארבעט? די פּאַך־קענטעניש איז ווינציק. מע דארף ארײַנאָטעמען לעבן אין דעם, וואָס דו טוסט. אין א סאך הײַזער, לעמאָשל, קאָכט מען באָרשטש פון איינע און די זעלבע קרײַ־טעכצער, נאָר ס'איז פאראן א כילעק פון א באָרשטש ביז א באָרשטש. פון איינעם קערט די גאל, און פונעם צווייטן לעקט מען די פינגער.

אין שטוב איז ציוויע די דייעזאָגערן. זי גייט, ווי גוטע לײַט זאָגן, בא זווועלן אין די הויזן.

— וויאזוי מײַן ווײַב וועט וועלן,— קנייטשט ער מיט די אקסל, ווי ניט קיין היגער,— אזוי וועט זײַן.

א זײַטיקן מענטשן קאָן זיך דאכטן, אז דער באלעבאָס, זווועל אליין, איז עפּעס ווי א צוגעלאָנטשעטער. די קינדער זייערע, זיאמעלע און עטעלע, בעסאכאקל אף איין יאָר געררוקט איינער פון דער צווייטער, זעען אויס, ווי א צווילינג. איך האָב בעשום־אויפן ניט געקאָנט פעסטשטעלן, ווער איז, פונדעסטוועגן, עלטער, זיאמקע צי עטעלע? ביידע דארינקע, פארסמאלעטע פון דער זון, ביידע שווארץ, ווי דער פאָטער זייערער, זווועל. שפּעטער, אז איך האָב זיך גענומען בעסער צוקוקן צו די קינדער, האָט זיך מיר אלץ געדאכט, אז דאָס מיידעלע איז עלטער. זי פארמאָגט אין זיך מער האָזע, זי איז דרייסטער, געוואגטער, אקשאָנעסדיקער פונעם ברודערל, שוין אָפּגערעדט, אז עטעלע איז כיטרער. האָב איך טאקע געלעבט א שטיק צײַט אין טאָעס. אינדערעמעסן איז פונקט קאפויר.

## די צויבערן

געוויס וועט מיר קיינער ניט גלייבן...

איך אליין גלייב נאָך אויך ניט, אז פּערעלע זאָל האָבן געגעבן איר האסקאָמע גיין מיט מיר צו רינצל דער כאזנטע, און דאפקע אָן אירע כאוועדטעס, נאָר מיר אינצווייען — איך און זי... פּערעלע וויל, עס זאָל דערווײַל זײַן א סאָד.

א סאָד איז א סאָד. האָב קיין יעסורים ניט, פּערעלע, קיינער וועט דערפון ניט וויסן.

דערצו וויל זי דאפקע פּרײַטיק. נאָר פרײַטיק קאָן זי זיך אזעלכס דערלויבן.

פרײַטיק? זאָל זײַן פרײַטיק. נאָך בעסער.

ווי זשע גייט מען גלאט אזוי ארײַן אין א פרעמדער שטוב? מע דארף געפינען אן אויסרייד. האָב איך צוגעטראכט: אזיווי רינצלס שוועסטערל און ברודערל רעכענען זיך פאר קינדער פון שול־היים, ווילן מיר וויסן, אין וועלכע סאניטארע באדינגונגען געפינען זיך די קינדער. א קאָשערער

טאָפּ און א קאַשערער לעפל. איך וועל איבעריידן מיט דער לערערן אניור־טע, זי וועט מיט גרויס פרייד זיך אָנכאַפּן פאַר דעם אײַנפאַל. דאָס הייסט דאָך ארויסווײַזן אייגענע איניציאַטיוו! מיר ביידע וועלן פאָרשטעלן א מין אויספאָרשונגס־קאָמיסיע.

דאָס זעט אויס פערעלען גאַנץ פײַן. קיינער וועט זי ניט קאָנען כויִשעד זײַן אין עפּעס אומווירדיקס. אוי, האָט זי מוירע פאַר איר קאָוועד, פערעלע!

צו דער אָפּגערעדטער צײַט איז פערעלע ארויסגעקומען מיט א געפאַלן געמיט, אָן אומרויִקע און אָן איבערגעשראָקענע. מיר אליין איז דערפון קאַלט געוואָרן אף דער נעשאָמע. אלע ווײַלע קערעוועט זי צוריק דעם קאָפּ, צי קיינער קוקט ניט נאָך. זי האָט זייער מוירע, די כאַווערטעס זאָלן ניט דערוויסן זיך וועגן אונדזער שפּאַציר. איך בין זיכער, אז זי קלערט איצט נאָר וועגן דעם. ס׳איז גאָר קיין כידעש ניט. שטענדיק האַלטן זיך די מיידלעך געפּלאָכטן אין איין קוילעטש, געוויקלט אין איין קנויל, מאַמעש ווי צונויפגעקלעפּט, מיט קיין צוואַנג ניט אָפּצורײַסן איינע פון דער צווייטער.

— נאַרעלע, וואָס איז דאָ די מוירע? — פּרוּוו איך זי באַרויִקן. — דײַנע כאַווערטעס וועלן דיך דערפאַר ניט קעפּן.

זי קאָן בעשום־אויפן ניט קומען צו־זיך, עס ציטערט נאָך אלץ אף איר די הויט.

— קיינער קוקט ניט נאָך? — כאַפּט זי אָן מײַן האַנט. — קום א ביסעלע גיכער.

— פאָלג מיך, פערעלע, מע דאַרף זיך אזוי ניט טרייסלען. מיר גייען כאָלילע ניט גאַנווענען, ניט גאַזלענען, ניט ראַבעווען...

— כאַטש ניט אָנטרעפן אף באַקאַנטע... — פּליסטערן אירע ליפּן פון פּאַכעד. — טאָמער באַגעגנט מען אונדז אינצווייען... קענסט ניט די מיידלעך, זיי וועלן זיך מיט מיר רייצן א גאַנץ לעבן.

— אָ, איך קען זיי צו גוט, די כאַווערטעס דײַנע. נאָר נעם זיך ניט צום האַרצן. גייסט דען טאָן עמעצן שלעכטס?

— דיר איז גאָרניט. דו ביסט א יינגל. דאָס, וואָס א יינגל קאָן זיך פאַרגינען...

— זעסט כאָטש, פערעלע, וויאַזוי מיר זײַנען פאַרנאַרישט? פאַרוואָס איז אין קינדערהויז ניטאָ קיין כילעק? ביסט דאָך, פערעלע, פון די פאָר־געשריטענע! ווײַז איצט אליין א בײַשפּיל פאַר אנדערע. שפּײַ זיך אויס אף די אלע רעכילעסניצעס.

— איר, יינגלעך, זענט אויך גוטינקע, איינער געראָטענער פונעם צווייטן. ס׳איז נאָך ווײַט?

— זעסט, פערעלע, יענץ ליימיק בערגל. פריִער גייט דאָדי דעם פּויִ־קערס שטיבל. אין דער צווייטער שטוב, א ביסל נידעריקער, וווינט די זאָקנמאַכערן.

— רינצל, זאָגסטו, הייסט זי?

— רינצל, זאָג איך, הייסט זי.

א פּאָר טריט פאר דער שוועל איז זי געבליבן שטיין ווי צוגעשמידט צום אָרט.

— דאָס הארץ קלאפּט צו שטארק. א פרעמדע שטוב, פרעמדע מענטשן. מ׳קאָן אונדז ניט הייסן נעמען דעם וועג?

— וואָס איז מיט דיר? כ׳האָב גאָר ניט געוווּסט, אז דו ביסט אזא שרעקעוודיקע.

די פּיצינקע גריבעלעך אין די עטוואָס ראָזלעכע באקן גיסן זיך אָן מיט ווארעמער צניִעסדיקער ציכטיקײַט. זי פארנעמט די שווארצע לאָקן און הייבט פאמעלעך אוף אירע וווּנדערלעכע אויגן.

— ס׳איז מיר סטראשנע, — רעדט זי ארויס ווי אין פיבער און כאפּט מיך אָן בא דער האנט. — לאָמיר גיין צוריק. קום אהיים.

פּלוצעם האָב איך דערזען, ווי עס שארט זיך בא דער וואנט עפּעס זייער א באקאנטער. זאָל דאָס טאקע זײַן זוווּעל? א הויכער, מיט ברייט צעוואקסענע אקסל, ווי עס פּאסט פאר א קרעפטיקן מאנספּארשוין, דאָס כאקענע העמדל איז שטײַף ארונטערגעצויגן אונטערן ברייטן סאָלדאטישן רימען, די גאליפע־הויזן, גערונדיקט ביז די קנעכל, זײַנען אקוראט ארײַנגעלאָזט אין די גלאנציקע כאָלעוועס. ער ווארפט נערוועז איבער דעם קארטוז פון איין האנט אין דער צווייטער און נישטערט אומרויִק ארום מיט די אויגן. ער זוכט עמעצן.

יאָ, ס׳איז טאקע זוווּעל. ווי קומט ער אהער און וועמען זוכט ער דאָ? איך באמערק, ווי זוווּעל נייגט זיך צו, כאפּט גנייוויש א קוק ארײַן אין פענצטערל, אין וועלכן ס׳האָט זיך אָפּגעשפּיגלט א שטיק צעפלאקערטער הימל. זאָל זײַן, אז ער זוכט אויך די זאָקנמאכערן?

— ווער איז עס? — פרעגט פערעלע צעכושט.

— דאָס איז דאָך זוווּעל, דער וועבער פון דער געוואנט־פאבריק. בא אים אין שטוב פירן מיר דורך די ארבעט מיט די גאסן־קינדער. זוווּעל איז א צוגעלאָזטער מענטש מיט א גאָלדן הארץ.

— ווי קומט עס, וואָס אזא גאָלדן הארץ זאָל האָבן אזא מיִעסע טעווע ארײַנקוקן אין פרעמדע פענצטער?

— איך מיין אויך אזוי, — גיב איך איר דאָס מאָל נאָך, — ס׳איז גאָר ניט צו גלייבן אף אזא יונגערמאן.

— עפּשער פירן זיי א ליבע?

— וואָס רעדסטו, נארעלע? זוווּעל האָט א ווײַב מיט צוויי קינדער.

— א שיינער סימען. בעסער לאָמיר אוועקגיין פונדאנען. קיין מינדסטן שאָרך הערט מען ניט פון דער כאזנטעס שטוב. צי דען איז קיינער ניטאָ? אפילע די פענצטער זײַנען פארמאכט אף קייטלען. ווו זײַנען די קינדער, די מאמע און טאקע רינצל אליין?..

אומבאמערקט איז זוווּעל נעלעם געוואָרן, נאָר אין א מינוט ארום זיך ווידער אומגעקערט. ער איז געשטאנען מיטן פּאָנעם צום טונקעלן יאר, די הענט פארוקט אין די הויזן־קעשענעס, און אומגעדולדיק אף עמעצן ארויסגעקוקט. דאָס אָנגעלאָפענע ווינטל הוידעט שטיפעריש זײַן קאזאקישע טשופרינע.

— קום! — שלעפט מיך פערעלע. — קום גיכער אוועק פונדאנען. מאָרגן איז שאבעס, מאָרגן איז אויך א טאָג.

— ניין, פערעלע, מיר זײַנען שוין דאָ, לאָמיר נאָך א ביסעלע צו־ווארטן.

דער וועבער אין זעלנערישע בגאָדים שווינדלט ווידער פארבײַ. פון אָט דעם הויכוווּקסיקן זוועלן קאָן איך פּאָשעט די אויגן ניט אָפּרײַסן. עס זײַנען מיר גוט באקאנט זײַנע טונקעלע געדיכטע ברעמען, דאָס לענג־לעך־אָפּגעצויגענע טאַטערישע פּאָנעם און די טיפע זוניקע אויגן, ווי בא א מענטשן פון די בערג. מיר איז זייער קאָשע זײַן קומען אין יאר־געסל ערעוו שאבעס, א שאָ צוויי פאר ליכט־בענטשן. וואָס פאר א שײַכעס האָט עס מיט דער יונגער זאָקנמאכערן, וויל איך וויסן? עפשער איז פערעלע טאקע גערעכט?..

אומגעריכט דערהערן מיר פון יענער זײַט טיר עפּעס א מין קאלויצען און שקראבען אין א בלעכענער קיילע.

— הערסט, פערעלע? — שפּרינג איך אזש אונטער. — די באָבע... די באָבע פּאָרעט זיך אין שטוב. וואָס האָב איך דיר פריִער געזאָגט?

פון אונטערן יארל האָבן זיך ראפּטום געוויזן די קינדער, דערנאָך, הינטער זיי, רינצל מיט דער מאמען. זיי זײַנען אלע געגאנגען פונעם טײַך פריש אויסגעבאָדענע, שײַנענדיקע, שוין שאבעסדיק איבערגעטאָן און פארקעמט.

דערזען מיך, האָט רינצל געמיינט, אז כאָמעלע איז אויך געקומען צו־גאסט. דערפאר האָט זי מיט אזא שטראלנדיקער פרייד גענומען לויפן אנטקעגן.

— מײַנע טײַערע געסט! — טראָגט זי אונדז פונדערווײַטן דעם ברייטן קאבאָלעס־פּאָנעם. אירע פּײַכטלעכע האָר גליטשן זיך אראָפּ פּאסמעסווײַז אף די רויטלעך אָנגעהויכטע באקן, אפּן שטערן, קלעפּן זיך צו די אויגן. — אך, אזעלכע ליבע געסט! איר זאָלט לאנג לעבן און זײַן געזונט.

זוועל שנײַדט איר איבער דעם וועג און רופט אויס צעצויגן:

— רינצע־ע־עלע־ע!..

דאָס איבעריקע, וואָס ער רעדט צו איר, הער איך ניט. איך זע בלויז זײַן גליקלעך פּאָנעם, זײַן אָפן מויל און די געזונטע ציין. עפּעס ווײַזט ער איר טשיקאוועס, דערציילט גיך, גיך, לאכט עפּעס אומנאטירלעך, ציט שטײַפער ארונטער דאָס העמדל אונטערן רימען און באמיט זיך מיט אלע קויכעס נויסע־כיין זײַן אין אירע אויגן.

דאָס שוועסטערל און ברודערל האוועז און פּילדערן ארום פערעלען. זי איז זיך בעעמעס מעכײַע. קיינער האָט איר אזוי גוט ניט צוגעטראָפן ווי די טומלענדיקע קינדער.

— און ווו איז כאָמעלע? — פרעגט בא מיר רינצל אן אנטוישטע. — זי האָט מיט דיר גאָרנישט ניט איבערגעגעבן?

— נע... — טו איך א הייב מיט די אקסלען.

— א שאָד. און איך האָב אף איר ארויסגעקוקט דעם גאנצן פרימאָרגן. עפשער וועט זי נאָך קומען?

אריבערטרעטנדיק די שוועל, האָב איך זיך האַרט צונויפגעשטויסן מיט זוועלן, שיר זיך ניט צעבוצקעט. א ווײַלע זײַנען מיר געשטאַנען פּאָנעם־על־פּאָנעם. ער האָט פאַרשעמט א שמייכל געטאָן, זיך פאַרנייגט און ניט גערן דערלאַנגט די באוואַקסענע האַנט. ס׳איז אויסגעקומען, ווי ער זעט מיך דאָס ערשטע מאָל.

— הממ... יאָ... — שטאַמלט ער פאַרלוירן.

איך האָב ביז אהער ניט געוווּסט, אז ער איז אזא צעטראָגענער מאַלעך.

— פרײַטיק, — זאָגט ער, — איז א קורצער טאָג. פרײַטיק לייגט מען פריִער א ביסל אוועק די אַרבעט.

ס׳קומט אויס, אז ער פאַרענטפערט זיך פאַר מיר, פאַרוואָס ער איז געקומען אהער, צו דער כאַזנטעס שטוב.

פערעלע האָט זיך גאַנץ ערנסט פאַרנומען מיט דער כאַזנטעס קינדער. זי וויל, די מאַמע זאָל איר ווײַזן זייערע געלעגערס, צי האָט יעדער קינד א באַזונדער האַנטעכל, א נאָזטיכעלע, צי מע צוואָגט זיי אָפּט די קעפּ־לעך. עס מאַכט דעם אײַנדרוק, אז זי איז טאַקע געשיקט געוואָרן אהער אף אן אויספאָרשונג. זי ווינקט צו מיר, איך זאָל אויך אַרײַנשטעלן א וואָרט.

דאָס, וואָס די מאַמע שלאָפט אין איין בעט מיט די צוויי קינדער, שמעקט ניט פערעלען, זי קנייטשט מיטן נעזל.

— זעט איר, מומעניו, דאָס איז שוין אינגאַנצן ניט היגיִעניש... — מאַכט זי א זויערלעכע מינע. — זומער איז ניט ווינטער. זומער שפּרייט מען אויס א רעדנע און מע לייגט אוועק די קינדער אפן דיל.

— זומער איז אויך דאָ וואַנצן... — וואַרף איך צו א וואָרט.

— וואַנצן? — שפּרינגט די כאַזנטע אָפּ דערשראָקן. — וואָס רעדט איר, קינדער?.. די וואַנצן האָבן מיר שוין לאַנג מעשאַלייעך געווען. מיר רייניקן זיי אויס יעדן פאַרפייסעך צוזאַמען מיטן כאָמעץ. אן אַנדער זאַך איז מיט די פליגן... פליגן, שפּינען, זשוקעס. דאָ, מײַנע טײַערע, בין איך אומבאַהאָלפן. א גאַנץ יאָר שטייט אין שטוב א שרעקלעכע פײַכטקײַט, די ווענט ווערן ווייכער ווי טייג. איך קאָן דאָ, קינדער מײַנע, גאָרנישט ניט מאַכן. דאָס גאַנצע מיסט פון דער שטאָט וואַרפט מען אונטער אונד־זערע ווענט. איך דאַרף אײַך דערציילן, קינדער, וואָס הייסט א סמיטניק? ווען מע פאַרשיט דעם פאַרשאָלטענעם יאַר, וואָלט אונדז אַלעמען געוואָרן ליכטיקער אין די אויגן.

אין שטוב דרייט זיך אַרום נאָך א נעפעש — א טיפּע זקיינע, אן אויס־געדאַרטע, ווי א פאַרלעגערטער סעכער. די זקיינע האָט שוין צוגעגרייט די לײַכטער אפן טיש, זי יאָגט מאַמעש אונטער וואָס שנעלער דערשלעפּן דעם פרײַטיקדיקן סאָף טאָג, פאַרבעטן וואָס גיכער אין שטוב אַרײַן דעם הייליקן שאַבעס. איר אַלטמאָדיש זײַדן טיכל איז דורכויס אין פלעקן, אָפּגעבליאַקעוועט און צעטריפעט. אפן טיש ליגט צוגעגרייט א האַלב לעבל שוואַרץ ברויט, א מעסער, א זעלצערל. דאָס אַלץ איז איבערגע־דעקט מיט א שמאָל שיטער לײַוונטל.

נאָענט צום פענצטער שטייט די זאָקן־מאַשין. פרײַטיקצונאַכטס שטעלט מען די „ברויטגעבערן” אוועק אף אָפּרו, ווי עס פּאַסט אין א פרומער

שטוב, און מע ציט אַף איר אַרוף אַ דין געשטריקט מאַנטעלע. די זאָקן־מאַשין איז פעסט אַרײַנגעוואַקסן אין דער פאַנאַטישער מישפּאָכע, איז פאַר זיי אַלע אַזוי הייליק, כאָטש נעם און שטעל זי אַרײַן אין אָרנקוידעש.

אין שטוב איז ריין צוגעקליבן, די ערד איז פריש אָפּגעשמירט, באַשאָטן מיט ווײַסן זאַמד, עס לויכט און פינקלט פון אַלע ווינקעלעך. כאָטש אָרעם און געמיין, נאָר שאַבעס איז שאַבעס.

וואָס לאַכט זי אַזוי געשמאַק, די יונגע רינצל? זוועל דערציילט איר געוויס אַ נײַע כאָכמע, דערבײַ בייגן זיך באַ אים די פינגער, ווי באַ אַ קונצנמאַכער. ס'איז אים פריילעך אַפן האַרצן, און זי, רינצל, האַלט אויך אין איין קוועלן.

פערעלע שלעפּט מיך ווידער פאַרן אַרבל:

— קום!.. וויפל איז דער שיר... קום!

— אַזאַ מײַסע, — לאָזט אונדז די כאַזנטע ניט אוועקגיין. — זיצט, קינדער! נאָך ליכט־בענטשן וועט איר האַנאָע האָבן. רינצל, הערסט? די קינדער פון שול־הײם קלײַבן זיך שוין אוועקגיין. איר ווילט גאָרניט הערן מײַן טאָכטערס אַ ניגנדל? ווער זאָגט זיך עס אָפּ פון הערן זמירעס?

טו איך פערעלען אַ פריילעכן קניפּ, ווי איינער רעדט: אונדזער כיילעק לעקעך וועלן מיר באַקומען.

די מאַמע, וויטל די אַלמאָנע, איז, אייגנטלעך, די עמעסע כאַזנטע, ניט רינצל. דאָס מיידל איז בלויז דעם כאַזנס עלטערע טאָכטער, נאָר אַדאַנק איר געבענטשט קאָל, מיט וועלכן זי זינגט אויס די אַלע טפילעס, שאַבעסדיקע און יאָמטעוודיקע זמירעס, האָט מען זי, רינצלען, געקרוינט מיט אַזאַ נאָמען.

וויטל די אַלמאָנע האָט אַף איר לעבן ניט געוווּסט, וואָס הייסט טראָגן דעם אָל פון פאַרנאָסע, זײַן באַשעפטיקט באַ עפּעס אַן אַרבעט. זינט איר מאַן ניסן־וואָלף איז ניפטער געוואָרן, איז רינצעלע גלײַך געוואָרן אַ פאַרדינערן, אַ מיידל מיט אַ מעלאָכע אין דער האַנט.

— ווען ניט אונדזער רינצל, — לויבט זי די מאַמע אין טאָג אַרײַן, — וואָלט מיר אויסגעקומען גיין מיט די קינדער איבער די הײַזער. איך ווייס, אַז דרייען דאָס רעדל טאָג און נאַכט איז ניט קיין גרויסער יִכעס, נאָר אַז מע דאַרף פאַרדינען אַף ברויט...

נישקאָשע, קלער איך, באַ הײַנטיקן טאָג שטייט אַ זאָקנמאַכערן פיל העכער פון אַ כאַזן.

די מאַמע אַליין, וויטל די כאַזנטע, אַ טמימעסדיק פרום ווײַבל מיט אַ רויִק פּאָנעם און גוטע, פאַרטרווילעכע אויגן, נעמט אַלץ אָן פאַר ליב: מיסטאָמע איז אַזוי באַשערט.

פאַרן ליכט־בענטשן האָבן זיך ראַשיק אַרײַנגעשטעלט רינצלס כאַווערטעס, שאַבעסדיק געפּוצט, פריש געצוואָגן, שיין פאַרקעמט, עס איז ניט שווער זיך מעשאַער זײַן, אַז די מיידלעך האָבן אונטערגעגאָסן אין דער זודיקער וואַסער עטלעכע טראָפּנס קעראָסין, קעדיי די האָר זאָלן אַרופּכאַפּן אַף זיך אַ גלאַנץ.

ווען די מיידלעך זײַנען אַרײַן אין שטוב, האָט זוועל זיך שטילערהייט פאַרשלאָגן אין אַ ווינקל, דערנאָך בעשטיקע זיך אָפּגעטראָגן.

— דער ייִדישער קאזאק איז שוין אוועק? — וווּנדערט זיך וויטל. — ער האָט דאָך מיסטאמע אויך געוואָלט הערן א פּאָר כאזאָנישע שטיקלעך?

רינצעלע איז שטארק פארטראָגן מיט אירע כאווערטעס, מע האלדזט און מע קושט זיך, גליַיך ווי זיי האָבן זיך א שאָק מיט יאָרן ניט געזען. ווען די מאמע אירע, וויטל, זאָל זיי ניט דערמאָנען, אז איך און פּערעלע זיַינען אויך טיַיערע אָנגעלייגטע געסט, וואָלט מען אין אונדז אינגאנצן פארגעסן.

איך ווייס ניט, ווּהין איז אנטרונען געוואָרן די אלטיטשקע באָבע. מעגלעך, אז זי האָט זיך פארקליבן אין דער פּוסטער קיך און זיצט דאָרט איינע אליין, נישקאָם־טישקאָם, ביז דער ליארעם און געפּילדער וועט דורך. עלטערע מענטשן פארטראָגן ניט דאָס טומלעניש און רוישעניש פונעם יונגוואַרג. און עפּשער איז די אלטע באָבעשי ארויס אין דרויסן, אף דער פרישער לופט, זיצן א ביסל צווישן די וויַיבער פונעם געסל?

די גוטע ליבע מאמע גיט אכטונג, אז רינצעלעס כאווערטעס זאָלן זיך פילן אין שטוב היימיש, ס'זאָל זיי זיַין באקוועם און ניט אומעטיק. זי פרייט זיך, ווען זי זעט, ווי די טאָכטער אירע, אָן אויסגעהאָרעוועטע פון דער שווערער וואָך, דערפילט מיט אלע אייוורים די שאבעסדיקע רו.

— זאָלסט מיר נאָר ניט פארשטערט ווערן, — שעפּטשעט די כאזנטע פּאָרכטיק־פרום, — זיַי גליקלעך, קינד מיַינס, מיט א סאך געבענטשטע יאָרן.

פּערעלע פרעגט שטילערהייט:

— זי איז א רעבעצן?

— נארעלע, וואָס כאָלעמט זיך דיר? — ענטפער איך שמייכלענדיק. — וויטל איז א פּאָשעטע פרוי, ווי א סאך אנדערע מאמעס. זי איז עפּשער מערער פון אנדערע געטריַי אירע קינדער.

איך זע פּערעלעס פארלוירנקיַיט און פיל איר אומגעדולדיק ווארטן, ווען וועט שוין די יונגע כאזנטע עפּעס זינגען.

רינצל האָט זיך ניט איבעריקס געברעקלט, בייס די כאווערטעס זיַי־נען צו איר צוגעשטאנען, זי זאָל זיי מעהאנע זיַין מיט א ניגן. זי האָט פּאמעלעך זיך אראָפּגעלאָזט אפן נידעריקן בענקעלע לעבן דער זאָקן־מאַ־שינקע, געכאפּט אין דער האנט עפּעס ענלעכס אף א קניַילעכל, ליַיכט און עטוואָס אומרויִק געוואָרפן עס פון איין האנט אין דער צווייטער, ווי א שפּילעכל. דאָס, זעט אויס, איז איר ביַיטיק געווען אף צוגרייטן זיך צום געזאנג.

זיי זיַינען געקומען ווי פון דער וויַיט, די נידעריקע, פארדומפּענע, קימאט מאנצבל־טענער, געקומען ווי פון עפּעס א וויַיטן אוראלטן וואלד און זיך דערנעענטערט זייער לאנגזאם. אמאָל האָט זיך געדוכט, אז זיי קומען ווי פון א טיפן טהאָם, פויזען פּאמעלעך בארג־ארוף, דראפּען זיך מיט די לעצטע קויכעס אלץ העכער און העכער, ווערן וואָס אמאָל רייַנער, דינער, געלייַטערטער. דאָס איז געווען בלויז א מין ארייַנפיר צו א רירנ־דיקן ניגן אָן ווערטער, באגלייט שיר ניט מיט קיין ווייטעקדיקן קרעכץ. דערנאָך איז געקומען א צווייטע באסאָווע שטים, עפּעס גאָר אן אנדערע, א געהאמעוועטע אין זיך... די יונגע כאזנטע צוימט איר צערטלעך קאָל,

עס זאָלן ניט א שפּאר טאָן די שפּרודלדיקע קוועלכלעך, וואָס רײַסן זיך פון דער נעשאָמע מיט אזא גרויסן אימפּעט.

די יונגע זינגערן איז אליין אָנגערעגט פון די צו שטארקע קלאַנגען, וואָס רײַסן זיך ארויס מיט א מין בייזקײַט. עס גייט א פארביטערטער קריג צווישן איר און נאָך עמעצן. דאָס איז געווען ניט קיין אלטמאָדישער ניגן און אויך ניט קיין ראכמים־טפילע, נאָר אן אופגעפּראלטער ווײַ־געשריי, פול מיט קלעמעניש און הארצווייטעק, מיט ליידן און פּײַן... און אָט פארגייט זי זיך גאָר, ווי א ברעקל קינד מיט א דין, ציטעריק קעלכל.

נאָך א קלייניטשקער האפּסאָקע הייבט זי ווידער אָן צו זינגען. איצט איז זי רויקער, געשטילטער, דאָס קאָל אירס איז א סאך ווייכער, מילדער, לאשטשענדיקער, קלינגט פיל געמיטלעכער, היימישער און פרײַנטלעכער. שפּילעוודיק הייבט זי אָן אויסוועבן א כאזאָניש שטיקל אף איר מיידלשן שטייגער.

דאָס געסל ווייסט שוין, ווען די יונגע כאזנטע זינגט דעם פּאָטערס טפילעס. ארײַנגיין אין, שטוב וואגט קיינער ניט, מאכמעס מע איז ניט געוווינט הערן כאזאָנישע זאָגעכצן פון א מיידל. דעריבער שטייט מען אונטער די פענצטער און מע קוקט פארגאפטע ארײַן אינווייניק, באוווּנדערנדיק דער יונגער זאָקנמאכערנס כאריפעסדיק קאָל.

פּערעלעס בלאָנדזשענדיקע האנט טרעפט זיך צופעליק מיט מײַנער, זי קוועטשט מײַנע פינגער, דריקט, קנײַפּט, נאָר ריידן רעדט זי גאָרניט, זי שווײַגט. איר צערודערטקײַט, דאָס ניט קאָנען אײַנזיצן אפן בענקל, דאָס אינגאנצן זײַן איבערגעגעבן און ארײַנגעטאָן אין די קישעפדיקע טענער מאכט זי לאכלוטן צעמישט. די צעקובלטע לאָקן פאלן בינטלעכווײַז אף איר אופגערעגט פּאָנעם. זי הערט א פארצויבערטע ניט נאָר מיט אן אָפן מויל, נאָר מיט אן אָפן הארץ...

א טפילע נאָך א טפילע... יאָמטעוודיקע, שאבעסדיקע, ווי אויך דעם פּאָטערס אייגענע פארפאסונגען, סקארבאָווע און וואָלעכישע, פריילעכע כסידישע זעמערלעך, א קאָל־מעקאדעש און א שוישאנעס־יאנקעוו. אלע אירע ניגונים זײַנען פאר מיר און פאר פּערעלען עפּעס נײַ, פריש, אזעלעכס האָב איך נאָך ניט געהערט. זי פארמאָגט אין זיך א גרויסן קישעף, רינצל. זי קאָן דערפירן א מענטשלעכע נעשאָמע אי צו דערפרייענדיקס, אי צו דערשיטערנדיקס, מאכן זי יויוולדיק־דערהויבן און שאָפלדיק־געפאלן... אז מע טראכט זיך ארײַן, איז דאָס ניט נאָכגעמאכט דער טפילע פון א כאזן. עפּעס פארמאָגט זי, אָט די רינצל, איר אייגענעם גאנג, אירע מאנירן, זי ציט דעם באקאנטן ניגן גאָר אף אן אנדער אויפן, דערפאר, אפּאָנעם, פארמאָגן אירע ניגונים פיל סטעזשקעלעך, געשלענגלטע, האלבגערונדיקטע, בארג־ארופן און בארג־אראָפּן, א פלאָנטערניש פון בײַשטעגלעך און טרעפּ־קלעטערניש, פארהוילענע דורכגאנגען און איבערגאנגען. אפילע א געניטער יודייע־נאגן וואָלט פארבלאָנדזשעט געוואָרן אינעם קאָלירפולן ניגן־געוועב.

פון די צעעפנטע פענצטער שרײַט מען ארײַן:

— רינצעלע, נעשאָמע מײַנע, נאָך עפּעס. זינג, טאָכטער, זינג!

און אנדער שטים, א מער געדיכטלעכע, זעט אויס א מאנצבלשע, שרייַט נאָך שטארקער:

— דערלאנג, ליובע, א שטיקל פון די יאָמים־נויראָים, ס'זאָל א נעם טאָן באם לעבער.

עס שטייען אין דרויסן געגוג באלאָנים. יעדער איינער באשטעלט דורכן פענצטער, וואָס אים געפעלט, אָבער אלעמען צוליב טאָן איז אומעגלעך, די נאכט וואָלט ניט געקלעקט.

— פאראן נאָך, באָרעכהאשעם, א שאבייסענאכטס, — ענטפערט רינ־צעלעס מאמע, — לאָזט איבער א ביסל אף מאָרגן.

די יונגע כאזנטע זיצט אף איר נידעריק בענקעלע אָפּגעזונדערט. די ליכט־שייַן פאלט אף איר מידלעך פּאָנעם. ס'איז קוים צו באמערקן דאָס שמייכעלע אף די צעעפנטע ליפּן. איר איז שווער ארויסברענגען עפּעס א וואָרט... רייַסט זי איבער דאָס געזאנג, בלייַבט זי זיצן, ווי פארגלי־ווערט, ווערט מיטאמאָל קלענער, גלייַך ס'האָט פון איר זיך אָפּגעטאָן איר גרויסקייַט, איר וווקס.

ביז אהער האָב איך ניט געוווסט, אז אן עכטער ניגן קאָן אויסלייַ־טערן א פארוואָלקנט הארץ, פארלינדערן א פארביטערטע נעשאָמע, טרייסטן א צעבראָכן געמיט. עס דוכט זיך מיר, אז פון א שיינעם ניגן קאָן א מענטש לייַכט זיך אופהייבן פון דער ערד און אוועקפליִען העכער די כמארעס. איך אליין פיל, ווי עס וואקסן בא מיר אויס פליגל... און אָט שוועב איך שוין אין דער הייך, שוועב גרינג, נאָך גרינגער פון א פויגל צו די ראכוועסדיקע הימלען, צו די אומענדלעכע ברייטן און לענגן, וואָס האָבן ניט קיין אָנהייב און ניט קיין סאָף.

קאָן איך דען ענטפערן פּערעלען, פארוואָס עס פלאמט מיר אזוי דאָס פּאָנעם?

— פלאקערסט... — זאָגט זי.

פארשטייט זי דען ניט, אז דאָס פלאקערט די נעשאָמע מייַנע?

— די אויגן דייַנע ברענען, ווי אין גרויס היץ.

— ריכטיק, איך פיל עס אליין. ס'איז מיר טאקע צו ווארעם... אָבער ס'איז מיר גוט... און זייער ליב.

פּערעלע פירט מיט אירע צאפּלדיקע פינגער איבער מייַן סארפּענדיקן נאקן.

— א גליִענדיקע קויל, — רעדט זי ארויס דערשראָקן. — זאָג, וואָס איז מיט דיר? פילסט זיך שלעכט? עפּשער דארף מען ארויסגיין אף דער פרישער לופט?

אוי, איז זי א נארעלע, פּערעלע! כ'האָב זיך נאָך קיינמאָל ניט געפילט אזוי גוט און גליקלעך, ווי בא דער כאזנטע אין שטוב. כאַפּ, פּערעלע, א קוק אף זיך אליין, ביסט אליין אויך צעפלאמט. און דייַנע אויגן... זיי גלאנצן, ווי די זון אליין.

...פלוצעם איז אין דער שטוב געוואָרן מאָדנע שטיל. מער האָט רינצל ניט געזונגען. מיר האָט זיך געדוכט, אז מיר זייַנען אלע אָקאָרשט געקו־מען פון א ווייַטער אויסגעכאָלעמטער וועלט. אין די געזילבערטע לייַכטער

זײַנען געבליבן טשאַדענדיקע אָפּשניצלעך, ארומגעפּאפּט מיט אָנגעשמאָלצענעם כײלעוו. די אַניוועסדיקע זאָקנמאכערן האָט זיך אופגעהויבן פון איר נידעריק בענקעלע, אויסגעגלײַכט די ביינער, ווי אויך געקומען פון א ווײַטן וועג, און מיידלש־שעמעוודיק ארײַנגעוועבט זיך צווישן אירע כאוורטעס. די מיידלעך זיצן נאָך אלץ, ווי געפּלעפּטע, און קאָנען ניט ארויסריידן קיין וואָרט. פּאמעלעך וואקסט ווידער אָן דער גערודער, וואָס אמאָל ווערט רוישיקער ארום רינצלען, פריילעכער, לוסטיקער. רינצל שטייט א פארלוירענע און ווייסט ניט, וווהין אהינטאָן זיך.

ערשט איצט האָבן אלע באקומען דאָס לאָשן.

— אײַ, רינצעלע, אײַ, געזונט זאָלסטו אונדז זײַן...

— א קאפּאָרע אלע בעסטע זינגערנס פון דער גרעסטער אָפּערע.

— גאָלד מיט זילבער, א מעכײַע אין די ביינער.

— רינצעלע, כאווערטע מײַנע, דארפסט שוין קיין נאדן ניט האָבן.

— נעשאָמקעלע, ביסט געבוירן געוואָרן אין א זײַדן העמדל!

פּערעלע, זע איך, וויל אויך זאָגן א ווארעם וואָרט, נאָר זי שעמט זיך צוגיין צו דער רוישיקער כאָפּטע מיידלעך. זי קנייטשט מיט די אקסלען, שארט מיטן פיסל און קוקט מיט קינע אף דער פריילעכער כאַליאסטרע מוידן.

אָבער צו רינצלס מאמע מעג מען צוקומען?

— אזא זעלטענע שטים, ווי בא אײַער טאָכטער, — זאָגט פּערעלע מיט א ווארגנדיק קאָל, — האָב איך נאָך ניט געהערט. זי זינגט מיטן גאנצן הארצן.

זי האָט געוואָלט זאָגן נאָך עפּעס, נאָר טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן און ס'האָט זי אָנגעהויבן ווארגן אין האלדז.

— וויינען גאָר? זאָלן אונדזערע סאָנים וויינען!

דאָס ווײַבל האָט צוגעדריקט פּערעלען, ווי אן אייגענע מאמע, און אויסגעווישט מיט א טיכל אירע טרערן.

— בא דיר, ליב מיידעלע, איז א גוט הארץ, אן איידעלע נעשאָמע, זאָלסט זײַן געזונט און שטארק.

— א גוטע נאכט! — שרײַט אויס פּערעלע אזוי, אז אלע זאָלן הערן און רינצל אויך. — א גוטע נאכט!

די זאָקנמאכערן איז גרינג ארויסגעשפּרונגען פונעם ענג־געפלאָכטענעם מיידלשן קראנץ.

— שוין? — וווּנדערט זיך רינצל. — פארברענגט נאָך, קינדער! אין דרויסן איז ערשט נאכט געוואָרן. איך האָב זיך א ביסל נאריש געמאכט מיט מײַנע זמירעס. מײַנע כאווערטעס, אז זיי טשעפּען זיך צו...

— וואָס רעדט איר? — פאלט פּערעלע ארײַן אין היספּײַלעס. — אײַער זינגען... אײַער זינגען האָט צו זיך ניט קיין גלײַכן. ווען איר טרעט ארויס מיט א קאָנצערט אין ארבעט־פּאלאץ אָדער אין זומערגאָרטן...

— איר לאכט פון מיר. מיילע, כ'וועל דאָס מוזן אריבערקומען.
איך האלט אונטער פּערעלען:

— אײַער קאָל... אײַער געבענטשט קאָל פאַרמאָגט אזעלעכס... עפּעס אזעלעכס, נו ווי זאָל איך עס אָנרופן?.. עס קלעקט מיר דערויף קיין ווערטער ניט. אז איר זינגט, זײַנט איר גאָר אן אנדערע, פון עפּעס אן אנדערער וועלט...

— נאַרישקײַטן, פּוסטע נאַרישקײַטן! — קערעוועט רינצל אָפּ איר פאַר־סאַרפּעט פּאָנעם.

פערעלע נעמט זיך אָן מיט מוט און פרעגט בא דער זינגערן:

— און אז מיר וועלן קומען נאָכאַמאָל, וועט איר אונדז ניט מעשאַ־לייעך זײַן?

— גאָט איז מיט אײַך! מיר טרײַבן קײנעם ניט ארויס. אדעראַבע, קומט אפילע מאָרגן. איך וועל אײַך נאָר בעטן, אויב ס'איז מעגלעך, פאַרכאַפּט מיט זיך כאַמעלען. זי איז שוין לאַנג בא מיר ניט געווען.

דאָס ערשטע, וואָס פערעלע האָט בא מיר געפרעגט, ווען מיר זײַנען ארויס אין דרויסן, איז געווען: ווער איז כאַמעלע?

— כאַמעלע?.. כאַמעלע איז כאַמעלע.

א גליק, וואָס וועגן כאַמעלען האָט זי מערער ניט געפרעגט. עס זײַנען געווען וויכטיקערע זאכן: ווי קלײַבט מען זיך וואָס גיכער ארויס פונעם בלינדן געסל?

צווישן געזעמל ארום די פענצטער איז אויך געשטאַנען דער הויכוויק־סיקער זוועל. ער האָט זיך אויסגעטײלט פון אלע איבעריקע ניט נאָר מיט זײַנע בגאָדים, נאָר אויך מיט זײַן האלטן זיך. געשטאַנען אין א זײַט, ווי אָפּגעזונדערט פון אלעמען. דערזען מיך, האָט ער מיך א כאַפּ געטאָן פאַר דער האַנט און ארײַנגערוימט א סאָד אין אויער:

— קום מיטן מײדעלע מאָרגן צו מיר, איך האָב אויך עפּעס... דער גראַמאָפאָן מײַנער שפּילט אָף כידושים. איר וועט לעקן די פינגער. זאָג ניט מײַן פּלוינעסטע, אז דו האָסט מיך דאָ געטראָפן. גאָט ווייסט, וואָס זי קאָן נאָך מײנען.

די הויט ציטערט אָף פערעלען, זי האָט שרעקלעך מוירע פאַר דער שטומער פּינצטערניש. און ווייסט ניט וווהין מע דאַרף גײן. דערפאַר אָבער ווייס איך. אָף מיר מעג מען זיך פאַרלאָזן. איך האָב זי געפירט מיט א קירצערן וועג פאַרבײַ די צעראָיעטע גריבער און אָנגעהויפנטע מיסט־בערגלעך. מיר זײַנען גיך דורכגעלאָפן לעבן די נידעריקע פּיצלעך שטאכעטן, ביז מיר זײַנען ענדלעך ארויף אָף דער באַלויכטענער הויפּט־גאַס.

— זאָג, פערעלע, קעדײַ געווען?

— פרעגסט נאָך? — קערעוועט זי אויס צו מיר אירע פינקלענדיקע אויגן. — עמעסער געזאַנג, ווי איך פאַרשטײ, דאָס איז ווי שמעקנדיקע לופט, ווי פרישע קוואַל־וואַסער, באַזונטע לאָנקעס, שאָטנדיקער וואַלד, טײַך און יאַם...

די הויפּט־גאַס איז פול מיט שפּאַצירנדיקע יונגעלײַט. פאַר אלעמען אין די אויגן האַלטן מיר זיך שטײַף פאַר די הענט, שלענגלען זיך צווישן די מענגעס מענטשן, שנײַדן אפּסנײַ איבער עטלעכע שפּאַצירנדיקע רייען און קלײַבן זיך ארויס אָף א פרײַ שטיקל פּלאַץ. ווי נאָר מיר זײַנען

אראָפּגעלאָפן פון קאָרסונער בארג, האָבן מיר פריַער אָפּגעאָטעמט. איצט קאָנען מיר וויַטער שפּאַנען פּאַמעלעכער, ניט געיַילט.

— אַך, ווען די זאַקנמאַכערן זינגט פאַר אַזאַ גרויסן אוילעם, — בליַיבט פּערעלע אַ וויַילינקע שטיין, וויַיזנדיק מיט דער האַנט העכער דעם בארג, — אַלע וואָלטן געשטוינט.

איך גיי מיט פּערעלען באַנאַנד און פיל ניט, ווי איך באַטרעט די ערד. ווען איך וויל שטאַרק, קאָן איך זיך זייער גרינג אופהייבן, פּליִען איבער אַלעמענס קעפּ. עפּעס דוכט מיר, אַז איך האָב גאָר קיין וואָג ניט.

— שפּרינג ניט ווי אַ סאַמאָוויטער! — ציט זי מיך פאַרן העמדל. — גיי, ווי אַלע מענטשן גייען. יִנגלעך האָבן אין זיך מעשוגענע טנועס. קיין שטיינער גלוסט זיך דיר ניט וואַרפן?

— יאָ, פּערעלע, — בין איך זיך מוידע. — פונוואַנען ווייסטו? איך האָב טאַקע אַ כיישעק וואַרפן שטיינער.

— מאַכן אַ לאַך אין קאָפּ? אויסשלאָגן אַן אויג? צעמאַזיקן עמעצן אַף טויט?

— יאָ, יאָ, אינגאַנצן ריכטיק, ביסט געגעכט.

— פו־ו, סאַראַ ווילדקיַיט!.. פוילע שטיקעלעך פון אַ גאַסן־יִינגל.

אַזעלכע באַמערקונגען האָב איך שוין ניט איין מאָל געהערט פון אונדזערע ליבע כאַשעווע לערער. נאָר וואָס זאָל איך מיט זיך טאָן, אַז איך קאָן זיך ניט האַלטן ליַיטיש, סטאַטעטשנע, ווי אַנדערע. ס'איז אַ צו ענג צייַמל פאַר מיר און עס מוליעט ביז ווייטעק. דאַכט זיך, גוט און וואויל, פיַין און ליַיטיש, און מיטאַמאָל פאַלט אַריַין אַ מאַנקאָליע. עפּעס הייבט אָן אין מיר בושעווען און עס ווילט זיך מיר אַרויסשפּרינגען פון די האָלאָבליעס.

וואָס נידעריקער מיר לאָזן זיך אַראָפּ צו דער גאַס, אַלץ ווינציקער זעט מען לאַמטערנס אַף סלופּעס. דער אויסגעשטערנטער הימל איז דאָ, אַף דער קאָרסונער גאַס, פיל ברייטער, ראַכוועסדיקער. ווו־ניט־ווו זיצט יונגוואַרג אַף די גאַנעקלעך, ווער עס זינגט עפּעס אַן אומעטיק לידל, ווער עס ברומקעט אונטער אַף אַ גיטאַרע. פון ציַיט צו ציַיט פּראַלט אויס אַ פריילעך געלעכטער, אָדער עס לעכערט דורך די באַנאַכטיקע גאַס אַ דינער קוויטש. פון די אָפענע פענצטער הערן זיך מענערישע זמירעס, איבערגעמישט מיט וויַיבערשע וויגלידער. פּערעלע שרעקט זיך פאַר די בייזע קודלאַטע הינט, וואָס בילן אין דער נאַכט אַריַין.

— לאַך, לאַך, זיי קאָנען צערײַסן אַ מענטשן אַף שטיקלעך. ערשט ניט לאַנג האָט מען געפונען אַן אָפּגעהריזעטן קאָפּ.

זי שוויַיגט אַ וויַילע, זי וויל זען, צי זי האָט מיך אָנגעשראָקן, דערנאָך שיסט זי אויס אַ געלעכטער:

— פון אַ הערינג.

אַז פּערעלע לאַכט, קומט מיר אויך צו אַ שטיק געזונט.

— בעפּיירעש אַ כאָכמעלע, — לאַך איך אויך מיט פאַרגעניגן, — פאַר דער כאָכמע, פּערעלע, קומט דיר אַ גריווענקע.

— בעסער אַ גריוועלע, אַ גענדזן גריוועלע.

— בא מיר האָסטו געפּויעלט, פּערעלע, א גריוועלע פון דער ערשטער גאנדז, וואָס מײַן מאמע וועט שיקן צום שויכעט.
— לאנג צו וואַרטן. א גריווענקע איז שוין א סאך מער ראיעלער. געדעכט. הונדערט מאָל געדעכט. צו לאנג וועט אויסקומען וואַרטן אף א גענדזן גריוועלע.
אוואדע וואָלט איך א באַלן געוועזן, פּערעלעס וווינונג זאָל זיך וואָס ווײַטער אוועקרוקן, מע זאָל נאָך דאַרפן גיין און גיין, א גאנצע נאכט! און די נאכט זאָל דויערן א וואָך, א כוידעש... איך האָב ניט מוירע פאר די הינט, וואָס מע לאָזט אַרויס אף נאכט. איך האָב אויך ניט מוירע פאר דער פינצטערניש, פאר בייזע געשפּענסטער, פאר שיידים און ניטגוטע... א ביסעלע האָב איך נאָר מוירע פאר פּערעלען אליין...
ווען מיר זײַנען צוגעקומען צו יענעם שמאָלינקן געסל, ווו זי דאַרף פאַרקערעווען אהיים, האָט זי מיך אָפּגעשטעלט און שטרענג באפוילן:
— סטאָ־אָ־אָפּ! שטיי און וואַרט, ביז איך וועל צולויפן צו דער שטוב און אָנקלאַפּן אין פענצטער.
גיך איז פּערעלע נעלעם געוואָרן. איך פּרוּוו נאָך א פּאָר מאָל שרײַען אין דער נאכט אַרײַן: פּע־עע־רע־ע־עלע־ע!.. נאָר מיר ענטפערט בלויז אָפּ, ווי מיט כויזעק, אן איבערגעקרימט ווידערקאָל.

## ראַבויסײַ קוסטאַרן

יאָ, יאָ, עס מאַכן זיך טעג, וואָכן, כאָדאָשים, ווען באַרשעוו לעבט ווי אין פיבער. אלע מאָל שאַרן זיך צו אנדערע נײַס. כאָטש די באַנען גייען נאָך ניט רעגולער, קומען אָפּט אַראָפּ שעליכים פון צענטער, געזעל־שאַפטלעכע טוער, פּאַרטײַישע און קאָמיוגישע באַפּולמעכטיקטע. דערנאָך גייט אוועק א סעדרע באַראַטונגען, פאַרזאַמלונגען, מיטינגען, קאָנפע־רענצן. ניטאָ קיין איין אָוונט, אז דער אַרבעט־פּאַלאַץ זאָל ניט זײַן געפּאַקט, אָדער אַן אנדער קלוב זאָל שטיין ליידיק.
טאקע דערפאר האָבן די קוסטאַרן אופגעהויבן א וואָיִצאַקו, סטײַטש, זיי זײַנען אַרבעטער־מענטשן, האַרעפּאַשניקעס, זיי זײַנען ניט ווייניקער, ווי די פּראָפאַריינען, פּאָדערן זיי, מע זאָל זיי אויסטיילן א געבײַדע פאר פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען, באַראַטונגען, פאַרווײַלונגען, מע זאָל האָבן ווו פאַרברענגען מיט ווײַב און קינד... די מער יִינגערע און היציקערע האָבן געוואָרפן אַן אויג אפן קאַלטן בעסמעדרעש, וואָס שטייט אין עק מאַרק. נאָך א רעכטן רעמאָנט וועלן זיי אײַנאָרדענען א קלוב אף כידושים.
טײַנען די אַלטע באַלעבאַטים:
— וואָס, א קלוב? ווי־אַזוי לייגן זיך גאָר די טרייפע הענט אײַערע מאַכן פון א מאָקעם־קאָדעש א קלוב? אזא העפקיירעס?!.. אפּיקאָרסים קאָנט איר אײַך זײַן, נאָר די קאַלטע שול טשעפּעט ניט!
דער שטאָט־ראַט שלאָגט זיך מיט דער דייע: אַרויסטראָגן א באַשלוס וועגן פאַרוואַנדלען די קאַלטע שול אין א קלוב, צי זיך אָפּהאַלטן?

די קוסטאַרן האַלטן אין איין גוואַלדעווען. איינע שרײַען: אַ קלו־וב! נאָר אַ קלו־וב, איר זאָלט אַפּילע אופגעלאָפּן ווערן!.. די צווייטע זאָגן אָבער: אַ מאַ־אַ־אַקע!

איידער מע קוקט זיך אַרום, פּליִען שוין קולעקעס, פײַערדיקע פּעטש, שטעקנס פּאַכן אין דער לופט, שטיינער שיטן זיך. ווער עס גייט אַוועק מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, ווער מיט אופגעלאָפּענע בײַלן, מיט אונטער־געשלאָגענע אויגן, מיט אויסגעזעצטע ציין. אין אַ וואָך אַרום וועט מען זיך ווידער שלאָגן,— איין צאַד וויל ניט אָפּטרעטן דעם צווייטן.

יאָ, ס'איז שווער האָבן צו טאָן מיט אַזאַ ניט אָרגאַניזירטער מאַסע, ווי אונדזערע באַרשעווער קוסטאַרן. גיי האָב אָן אייסעק מיט די אַלע וועבער, גאַרבער, שנײַדער, שוסטער, באַלעגאָלעס. אַ מוירעדיקער אוילעם. האָט מען עפּעס ניט אַזוי אים צוגעטראָפן, גייט מען גלײַך אַרויס מיט שטעקנס.

צו דעם דאָזיקן האַלב ווילדן האַמוין האָט מען צוגעשטעלט דעם כאַווער יאַקאָוו. אויף זײַנע פּלייצעס איז צוגעפאַלן נאָך איין שווער שטיקל אַרבעט. זינט מע האָט דעם פּאָליטפּראָסוועט אָנגעגורט מיט אָט דעם דאָזיקן פּעקל, זעט ער פּאַר זיך ניט די ליכטיקע שײַן. טאָמיד פאַרהאַ־וועט און פאַריאָגט, ניטאָ קיין פרײַע מינוט.

לעאָ בלאָך, וואָס איז געוואָרן אַ באַשטענדיקער רעזשיסער פון דער ייִדישער ליבהאָבערישער טרופּע, קלאָגט זיך פאַר קליין און גרויס:

— מע קען דען מיט אים אויסריידן אַ וואָרט? אַז דער קאָפּ זײַנער ליגט באַ די קוסטאַרן! ער זעט אַפּילע ניט, ווי די טרופּע צעקריכט זיך... ביז מע דערלעבט צוגרייטן אַ פאָרשטעלונג, גייט מען אָפּ מיט בלוט. ווער איז בילכער, פרעג איך, די טרופּע, דאָס וויגעלע פון אַ קומענדיקן טעאַ־טער, צי די צעבושעוועטע קוסטאַרן?

די לערער זײַנען אויך פול מיט טײַנעס צום כאַווער יאַקאָוו:

— מיר זײַנען באַ אײַך העפקער, שטיפקינדער געוואָרן. ווו איז אײַער אופמערקזאַמקײַט צו אונדז, פּעדאַגאָגן און דערציִער?

דער כאַווער יאַקאָוו פאַרענטפערט זיך און דערקלערט וועמען מע דאַרף:

— די קוסטאַרן, זאָלט איר וויסן זײַן, איז אַן אומע מיט גאָר אַ גרויסן קויעך. באַ הײַנטיקן טאָג, ווען די כאַרעוו־געוואָרענע פאַבריקן און זאַ־וואָדן הייבן ערשט אָן אַרויסקומען פונעם מילכאָמע־כורבן, שפּילן זיי, די קוסטאַרן, אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָל אין דער עקאָנאָמיק. די יונגע סאָוועטישע מעדינע שפּאַרט זיך אָן אויף זיי און מוז זיי שטיצן. איבער־קנעטן די דאָזיקע קליינבירגערלעכע מאַסע האָרעפּאַשניקעס איז פאַר אונדז אַלעמען אַ שווערע זאַך. לייזן די דאָזיקע פּראָבלעם איז געפאַלן אויף אונדז, קאָמוניסטן.

לעצטנס האָט זיך אין באַרשעוו אָנגעהויבן אַ נײַע סעדרע: קאָאָפּערירן די קוסטאַרן, שאַפן אַרטעלן. יעדער קוסטאַר דאַרף אַרײַנטראָגן אַ פּײַ, אָפּגעבן דאָס קלאַפּערגעצײַג און אַזויאַרום דערנעענטערן זיך צום עמעסן פּראָלעטאַריער.

— ווארט, ווארט, — דערקלערט מיר צאלי, ווען דער כאווער יאקאָוו האלט פארן בעסטן אגיטאטאָר. — שפּעטער וועט מען זיך א נעם טאָן צו די קליינהענדלער. מיט דעם דאָזיקן דעקלאסירטן עלעמענט וועט אויך זײַן ניט גרינג. די אלע ספּעקוליאנטן, איבערקויפערס, מעקלער זיצן ווי פּרישטשעס אפן לײַב.

וואָס זשע וועט זײַן מיט דער מומע העני? איך מיין — ניט אזוי די מארק־הענדלערן, ווי כאָמעלעס! אז מ׳וועט זיך א נעם טאָן צו די מארק־טישלעך, בלײַבט כאָמעלע אינגאנצן אויסגעשטעלט. זי מוז, כאָמעלע, אמשנעלסטן אויסלערנען זיך א מלאָכע!

בארשעוו האלט אין איין קאָכן. ס׳האָט זיך צונויפגעמישט און איבער־געמישט אלץ אינאיינעם. ווער עס שרײַט, מע זאָל מאכן פונעם קאלטן בעסמעדרעש א קלוב, און ווער עס קלײַבט זיך ארײַנווארפן די אפּיקאָר־סים אין כיירעם. ווער עס איז פאר דעם, מע זאָל שוין קאָאָפּערירן אלע קוסטארן, און ווער עס שרײַט — איינמאָל ניין! און דער כאווער יאקאָוו ווייסט איצט נאָר איין זאך אין דער וועלט: די קוסטארן. ער מוז זיי איבערקנעטן, ער מוז זיי מאכן פאר מענטשן.

ניט איין באלעבעסל האָט זיך שוין פארמאָסטן אף אים. ווער מיט א פויסט, ווער מיט א שײַטל האָלץ.

— אָ, אָט גייט ער, דער מאלעכהאמאָוועס אונדזערער, — טײַטלען אייניקע אף אים הינטער די אויגן.

דעם טאטן זײַנעם, באָרעך דעם לאנגן, האָט דער כאווער יאקאָוו אויך ארײַנגעשלעפּט אין וועבער־ארטעל. זאָלן מענטשן זען און נעמען א בײַשפּיל פון זײַן טאטן. קיינער וועט דאָך ניט זאָגן, אז ער וויל זײַן טאטן עפּעס שלעכטס.

אף אייניקע האָט עס טאקע געווירקט, אנדערע זײַנען נאָך מערער אָנגעפאלן אפן פּאָליטפּראָסוועט.

— מיט אײַער טאטן קאָנט איר טאָן, וואָס איר ווילט, — טײַנען זיי צו אים. — נאָר אונדז, ארבעטורער, טשעפּעט ניט. טרײַבט אונדז ניט אין אײַער טשערעדע... טוט אונדז ניט קיין טויוועס.

דער כאווער יאקאָוו זאָגט צו די באלמעלאָכעס גאָלדענע בערג: די מעלוכע וועט ארויסהעלפן מיט קרעדיט, מיט רויווארג, באזאָרגן אלע ארטעלן מיט גוטע באשטעלער, אזוי אז פאר אלעמען וועט קלעקן ארבעט און אלע וועלן גוט פארדינען. מע וועט פארשפּאָרן ווארטן אף מערק און אף יארידים.

קאָן דען א באלעבעסל זיך באגיין אָן א מארק?! קאָלזמאן דאָס דאָרף מיט פויערים לעבן אף דער וועלט, מוז דער שטעטלדיקער קוסטאר אים אנטקעגנקומען אין זײַנע נויטן. שטענדיק זוכן זיי איינער דעם צווייטן. טאָמער קומט ניט אזוי גיך דער פויער אין שטאָט, לויפט דער באלמעלאָכע אין דאָרף. אזוי פירט זיך עס פון קאדמוינים. וויל דער כאווער יאקאָוו מיטאמאָל אלץ איבערקערן?!

קאָנען טאקע א סאך ניט גלייבן, אז פון די ארטעלן זאָל ארויסקומען עפּעס גוטס. א פאבריק איז איין זאך, און א באלמעלאָכע בא זײַן אייגע־

נעם ווערקשטאט איז גאָר א צווייטע זאך. ווילן זיי אַפילע ניט הערן די זיסע ריידעלעך פונעם כאוועד יאקאָוו.

— צוזאָגן און ליב האָבן קאָסט קיין געלט ניט...

אנדערע זײַנען נאָך גרעסערע אזעספּענעמער.

— וואָס האָט איר זיך צוגעטשעפּעט צו די קוסטארן? זיי מאכן אײַך ענג? נאלאָגן? נאט אײַך נאלאָגן. מיט וואָס קאָנט איר אונדז נאָך שרעקן? פארגעסט ניט, כאוועד יאקאָוו, אז איר האָט דאָ צו טאָן מיט הוילע אר־בעטורער, און מיר האָבן אויך א כיילעק אין דער רעוואָליוציע!

יאָ, מיט דעם אוילעם קוסטארן דארף מען וויסן, ווי האָבן צו טאָן. און דאָ קומט מען ניט אָפּ מיט איינע פארזאמלונגען. ווו מע שטייט און ווו מע גייט רעדט מען וועגן די ארטעלן, מע טומלט זיך, מע קריגט זיך און עס פליִען פעטש. אף יעדער גאס, אפן מארק, אין בעסמעדרעש און אפילע אין באָד.

עמעס, די אָרעמע באלמעלאָכעס זײַנען געווען נאָכגיביקער. זיי איז גראָד געפעלן געווען דער ארטעל, זיי האָבן זיך געהאלטן פעסט מיטן כאוועד יאקאָוו און געקוקט אים אין מויל ארײַן. דערפאר אָבער דער צווייטער צאד — די פארמעגלעכע באלעבאטים — האָבן זיך געהאלטן שטאָל און אײַזן. אין ארטעל גייען זיי ניט, סײַדן מע וועט זיי שלעפּן מיט גוואלד.

דער כאוועד יאקאָוו האָט זיך ניט פארלוירן. אָ, ער קען זיי צו גוט, די ראבויסײַ קוסטארן, ער ווייסט אלע זייערע פּאָוואדקעס. ער זעט זיי אף דורך און דורך. ניין, ניט אים וועלן זיי נארן. ער איז מיט דער דאָזיקער אומע קוסטארן אויסגעוואקסן אין איין שטאָט, אונטער איין הימל, אליין אמאָל געווען א שטיקל געזעל. ווייסט ער גוט, אז איין זאך איז וועלוועלע נאכעס, א קאפּצן אין זיבן פּאָלעס, וואָס האָט מערער גע־ארבעט בא יענעם, ווי בא זיך אין דער היים, און א צווייטע זאך איז באָרעך־הערש, בא וועמען וועלוועלע נאכעס האָט אָפּט געבעטן זיך, ער זאָל אים געבן פארדינען אף ברויט. פארמאָגט דער כאוועד יאקאָוו פאר יעדערן א באזונדער לאָשן, באזונדערע ווערטלעך און אָפּטמאָל, ווען מע דארף, טאקע זייער א שארף, שטעכיק וואָרט.

די באלעבאטים טרייסטן זיך, רײַבנדיק די דלאָניעס.

— אין בארשעוו וועלן זײַן ארטעלן, ווען אָט דאָ־אָ וועט וואקסן האָר.

אָבער דער אמכאָ, דער אָרעמער באלמעלאָכע, ווערט וואָס אמאָל בא זיך פעסטער.

— מיר זאָלן האָבן אזעלכע גוטע יאָר, — זאָגן זיי, — וועלכע גוטע ארטעלן ס'וועלן זײַן בא אונדז אין בארשעוו.

## אן אומגעריכטער גאסט

נאָך א נײַס:

טכילעס נאכט פאל איך ארײַן א טויט־מידער אין שטוב. די מאמע איז שוין אין דער היים. אין קיך שטייט א מעכײַעדיקע פרישקײַט. ריין און ציכטיק צוגעקליבן, פּאָשעט א פארגעניגן. אומעטום איז באשאָטן מיט

פרישן גרינס, כאָטש דער יאַמטעוו שוועס איז שוין פאַריבער. זי האָט א טעווע, די מאמע מײַנע, באצירן דעם דאלעס, פארשטעלן ווי ווײַט מעג־לעך די אָרעמקײַט. זאָל זײַן אָנגעבראָכענע צווײַגלעך, פעלד־בלימעלעך, שטענגלעך מיאטע, קימל־גראָז, אבי די לופט שטייט א ריינע, א שמעקנ־דיקע.

— ווען דו ווייסט, אך ווען דו ווייסט! — באגעגנט זי מיך א שײַנענ־דיקע. — אײַ, אײַ, אײַ, סארא גאסט! ניין, וועסט ניט טרעפן. זאָלסט זײַן אפילע מיט אכצן קעפּ.

א כילעק א גרויסער. וואָס איז מיר פאר א נאפקעמינע?

— איסער! — רופט די מאמע אויס באגײַסטערט. — בערעלעס כאווער!

— איסער, זאָגסטו? — בלײַב איך שטיין געפּלעפט. — פונוואנען קומט אהער איסער? איסער וועט קיין בארשעוו קיינמאָל זיך ניט אומקערן.

— מאָל דיר, אז ער איז שוין דאפקע יאָ געקומען.

— עס קאָן ניט זײַן!

— וואָס זשע, איך האָב אויסגעטראכט? אוי א באָכער!.. — איז זי אנציקט פונעם גאסט. — א יונג מיט ביינער. זאָלסט אָנקוקן א שטאלט פון א כעוורעמאַן! שיין ווי די וועלט. ער גייט אָנגעטאָן ווי א מאטראָס. א ווײַס קײַלעכיק היטעלע מיט שווארצע סטענגעס.

איך שטיי א דערשטוינטער, און מײַן מאמע הערט ניט אוף דערציילן:

— דער באָכער איז געקומען פון אָדעס. ער לערנט זיך אין א יאַם־שול. די קורסאנטן גיט מען אומזיסט עסן און טרינקען, קליידונג זומער־דיקס און ווינטערדיקס, א ריינעם געלעגער. ביסט כאָטש א מיליון, ווי־אזוי דאָס בעסמעדרעש־ייִנגל האָט זיך ארופגעשלאָגן אף א וועג? כײַ וואָלט אונדזער בערעלע געהאט אזא האצלאָכע.

איך בין נאָך אלץ מעסופעק, צי דאָס איז טאקע יענער איסער...

— עפּעס איז ער דיר, זאָגט ער, שולדיק א כויוו, און ער פרעגט זיך נאָך אף מאָשקעלע נעכאמעס.

איז דאָס, אפּאָנעם, טאקע יענער איסער.

— ווו האָט ער זיך אָפּגעשטעלט? — ווער איך טייקעף אומגעדולדיק.

— ווייסט, ווו די קאָמיוגישע קאָמונע געפינט זיך? דאָרט, בא די קאָמונארן, שטייט ער אײַן, פארנאכט וועט ער זײַן אין זייער קלוב. ער איז געקומען אהער נאָך א צײַגעניש, צי א מעטריקע, איך ווייס ניט פּינקטלעך. ער איז, זאָגט ער, געענגט אין צײַט. קיין איין איבעריקן טאָג טאָר ער זיך דאָ ניט פארהאלטן.

איך שלינג אפגיך די וועטשערע און זע פאר זיך איסערן א לעבעדיקן. יאָ, דאָס מוז זײַן ער. ווער נאָך קאָן זיך אזוי נאָכפרעגן אף מאָשקעלע נעכאמעס? איסער פילט זיך קעגן אים שולדיק. איסער, מיין איך, האָט נאָך דעמלט, אין יענער גוטער צײַט, פארשטאנען, אז מאָשקעלע וועט בלײַבן ווי אינמיטן וואסער. איצט, גוטערברודער, ווײַז, אז דו ביסט א לײַטישער מענטש, און העלף אים ארויס.

לאנג איז מיר ניט אויסגעקומען זוכן דעם יונגן מאטראָס. נאָך איידער איך האָב זיך דערקליבן צום קאָמיוגישן קלוב, איז ער, איסער, אין דער בלאנקענדיקער יאַם־פאָרם אָנגעקומען אנטקעגן. איך לאָז מיך געשווינד

צום גוט־באַקאַנטן באָכער און איצט אומבאַקאַנטן מאַטראָס און פאַל אַרײַן אין זײַנע אָרעמס מיט א צעפּראַלטן אויסגעשריי:

— אי־י־יסע־ע־ער!..

זײַנע שטאַרקע הענט האָבן מיך גרינג א כאַפּ געטאָן און א הייב געטאָן אין דער לופט.

— אָך דו, קאָלבויניק! — טוט ער א פיר מיט דער ברייטער דלאָניע איבערן פּאָנעם. — נאָך דיר האָב איך געבענקט מער ווי נאָך עמעצן אנדערש. איך זע, האָסט זיך גאַנץ שיין פאַריכט. מאָלאָדיעץ!

איסער דריקט מיך שטאַרקער צו צו זיך און ווערט מיטאַמאָל אומעטיק.

— איך בין געווען בא אײַך אין דער היים. דײַן מאַמע האָט מיר אַלצדינג דערציילט. דאָס לעבן איז נאָך געבוג שווער.

— וואָס זשע דען האָסטו געמיינט?

— בערעלע שיקט אײַך גאַרניט?

— בערעלע... פונוואַנען זאָל בערעלע נעמען אָף שיקן? ער איז נעבעך אליין אָף צאָרעס.

— יאָ, טאַקע ביטער.

— פרעג ניט.

— און די שול־היים?

— די שול־היים העלפט א ביסל אַרויס, אַנדערש וואָלט געווען גאָר שלעכט...

— שאַ, — טוט ער זיך פלוצעם א כאַפּ. — האָסט געהאַט אַמאָל צו טאָן מיט די אויגן. ווי האַלט עס איצט מיט זיי?

— ע, גאָרניט שעבעגאָרנישט, — מאַך איך גרינג אַוועק מיט דער האַנט. — די מאַמע מײַנע האָט די קרענק פאַרהיילט מיט געבראָטענעם לעבער.

איך פיל, ווי זײַן געזונטע ברוינע האַנט, וואָס שמעקט מיט עפּעס א צימרינג־זיסקײַט, איז פעסט אַרומגעפלאָכטן אַרום מײַן האַלדז. יעדעס מאָל טוט ער מיך גוטברודעריש א קוועטש.

— גוט, זייער גוט, וואָס איך זע דיך א לעבעדיקן און א געזונטן, — קוועלט ער אָן. — בא זוסי דעם שנײַדער האָט עס מיט דיר געהאַלטן זייער שמאָל. כ׳האָב אליין שיר ניט אָנגעלייגט מיטן קאָפּ. קלוג האָסטו געטאָן, וואָס דו האָסט זיך באַצײַטנס אומגעקערט אַהיים. א מאַמע בלײַבט א מאַמע.

אין א ווײַלע אַרום גיט ער צו מיט יִשעוו־האַדאָס:

— באַרשעוו איז געוואָרן א ביסל לײַטישער, ווי פריִער.

— בענקסטו?

— נאָך וועמען? מײַן גורל איז א באַשטימטער. איך געהער צום יאַם.

— ביסט דאָך געפאָרן קיין קיִעוו, ווי זשע ביסטו עס פאַרפלויגן קיין אָדעס?

— א גאַנצע געשיכטע. אָנהייבן דערציילן, וועט קיין מעסלעס ניט קלעקן.

— ביסטו כאָטש צופרידן, איסער?

— צופרידן? איך בין פּאָשעט גליקלעך.

יאָ, ריכטיק, גליקלעך. כוץ דײַן שאָדן, איסער, אף מיר געזאָגט געוואָרן, אף בערעלען, אף מאָשקעלע נעכאַמעס.

— ביסט א מאזלדיקער, איסער!

— איך מיין אויך אזוי.

פארבײַגייענדיקע קוקן פארכידעשט, ווי מיר שפאנען זאלבעצווייט איבער דער שטאָט ענג צונויפגעוואקסן, איך און דער יונגער בראוועך מאטראָס. אנדערע שטעלן זיך אָפּ, באטראכטן אונדז נײַגעריק און וווּנדערן זיך: זאָלן עס טאקע זײַן לײַבלעכע ברידער? די גאסן־יאטלעך זײַנען מיר אוואדע מעקאַנע: א קלייניקייט, האָבן א ברודער א מאטראָס! א שאָד, וואָס פערעלע שטייט ניט דערבײַ, וואָס מײַנע כאווייריםם זעען דאָס ניט.

— מײַן כוויוו געדענק איך, — דערמאָנט איסער די זשיוורעטשער שווארצע טעג. — מעגסט מיר גלייבן. איך וועל מאָשקעלע נעכאמעס שאָדן אומקערן מיט פּראָצענט. איך געדענק עס זייער גוט.

— וואָס ווייסטו? — קומט מיר אויך גלײַך אפן זינען יענע פּײַנלעכע געשיכטע. — מאָשקעלע האָט דעמלט געהאט געבראָטענע צאָרעס און ניט ווייניק קלעפּ געכאַפּט פונעם אלטן פישער.

— איך שטעל מיר פאָר... — ווארט איסער ווידער אן אומעטיקער, — מאָשקעלע האָט פונעם פישער ארײַנגעכאַפּט פאָ טאטו אי פאָ מאמו... ער טראכט מיסטאמע, אז זיך האָב איך געראטעוועט און אים, מאָשקעלען, האָב איך באגראָבן. נאָר ס'איז ניט אזוי.

— א מיצווע אף אים! — דערוועקט זיך אין מיר א שווערער פארדראָס אף מאָשקעלע נעכאמעס. — ער איז ווערט דעם שטעקן! איך האָב דעמלט, גלײַך נאָך דײַן אָפּפאָרן, אויך ארײַנגעכאַפּט דעם עמעסן באָרעכהאבע, מעגסט מיר ניט מעקאַנע זײַן. ביידע, מײַן בערעלע און מאָשקעלע, זײַנען דאן געקומען צו זוסי דעם שנײַדער אופמאָנען בא מיר דאָס צוגעלאָקכנטע געלט. זיי האָבן מיך ארויסגענארט אף דער גאס און מיך גענומען אפּן צימבל. איין־און־איינציק וואָרט האָט געפּויקט אין מײַנע אויערן: געלט... געלט... געלט... איך ווייס ניט, ווער עס האָט דער ערשטער מיר דערלאנגט — מאָשקעלע צי דער ברודער. אפּצולאָכעס האָט מען יענעם פארטאָג ניט געזען אף דער גאס קיין לעבעדיקן נעפעש. קאָנסט שרײַען פון הײַנט ביז איבעראיאָר.

— זײַ זיך מוידע! — האלטן זיי מיך אין איין קאדויטשען. — דער פישער וועט מאָשקעלען דווירעס זײַן. גיב אָפּ דעם פישערס געלט. דו האָסט אומגליקלעך געמאכט א יאָסעם.

אין מיר אליין האָט דעמלט געברענט די רעציכע.

— געלט? — שרײַ איך ניט מיט מײַן קאָל. — א פּײַג א שיינע קאָנט איר זען, ניט קיין געלט. זוכט, טאפּט ארום פון אלע זײַטן.

דערנאָך זײַנען מיר אלע דרײַ, ווי פארסאמטע, געלאָפן צום טײַך דיך זוכן. זאלץ, פרעג איך זיי, האָט איר אָנגעגרייט? זײַ באוואָרנט, כ'האָב פון זיי אויך געצאפּט דאָס בלוט. די מאמע מײַנע ווייסט דערפון ניט. יינגלעך דערציילן ניט אזעלכע זאכן.

— אויב אזוי, — זאָגט איסער, — ביסטו ווערט, מע זאָל דיר געבן קײַען שטרוי. האָסט זיי ניט געקאָנט געבן אויסגאָבּ? מע כאפּט א שטיין

און מע דערלאנגט איבערן קאָפּ... האָסט זיי דאָך געקאָנט פרעגן: וואָס בין איך שולדיק? איסער האָט גענומען, זאָל אײַך איסער אומקערן. מאָנט בא אים.

איצט איז גרינג זײַן א כאָכעם און געבן אייצעס.

מיט איסערן איז מיר געווען גרינג ארײַנגיין אין קאָמיוגישן קלוב. קיינער פארהאלט דיך ניט באם ארײַנגאנג. דער אָנגעפאָרענער מאטראָס האָט בא די קאָמיוגיסטן נויסע־כיין געווען. זיי רופן אים אלע „בראטישקא” און גיבן אים אָפּ א הייסן שאָלעם־אלייכעם. אין איינע־צוויי מינוט וואקסט אויס ארום איסערן א געדיכט רעדל, עס לאָזן זיך הערן מונטערע אויסגעשרייען, בראווע־ווינטשעוואניעס. און אָט זינגען שוין אלע איניינעם:

Ты мо-о-ря-як краси-ив са-ам собою-ю.

דאפקע דאָ, אין רוישיקן קלוב, ווו דער גערודער און טומל איז אזא ווי אָף דער געוואנט־פאבריק, האָבן מײַנע מאכשאָוועס מיך ווידער פארטראָגן אינעם פארשאָלטענעם זשיווערעטש.

ווי לאנג איז אָט דער איסער ארומגעגאנגען אין שמאטעס, א פארשמאָלצעוועטער, א ניט־דערשלאָפענער, א ניט־געוואשענער. די הענט ווי בא א קוימענקערער, דאָס פאָנעם פארוועלקט, צעקנייטשט, פארכוישעכט, די אויגן פארקיסנעט. די מאמע מײַנע וואָלט נאָך געוויס צוגעגעבן: ניט הײַנט געדאכט... מיר דאכט, אז קיינער פון די זשיווערעטשער כעווירע האָט זיך ניט געפילט אזוי דערשלאָגן ווי איסער. פון צײַט צו צײַט האָט דאָס בייזע פײַער אין זײַן געקריוודעטער נעשאָמע שטורמיש א כלינע געטאָן. אזוי איז געקומען יענער מארק־טאָג, ווען דער יעיצערהאָרע האָט א שפּיל געטאָן אין זײַנע בלוטן. ער איז צוגעזאָטן געוואָרן צו לייזער דעם פישערס שטעלעכל. מיך האָט אויך דער רועך פארשלעפט מיטהעלפן איסערן אין זײַן טרייף שטיקל ארבעט. געליטן האָט מערער פון אלע מאָשקעלע נעכאמעס. איסער איז דאן אוועק קיין קיִעוו, און איך האָב באדארפט פאר אים אויסשטיין אלע שטראָפן.

איצט שטייט פאר מײַנע אויגן גאָר אן אנדער איסער. סארא טײַערער שטילער באָכער! פונוואנען קומט צו איסערן אָט די אניוועסדיקײַט? ווו האָט ער זיך אויסגעלערנט פירן אזוי סטאטעטשנע?

וואָס מערער יונגווארג עס רינגלען ארום דעם יונגן מאטראָס, אלץ ווײַטער ווער איך אָפּגערוקט פון אים. בעשטיקע האָב איך זיך ארויסגעשארט אין דרויסן ארויס. קעגן דעם נײַעם איסערן פיל איך מיך אָף א סאך קלענער, נישטיקער ווי דאָרט אין יענעם שטעטעלע זשיווערעטש. ווער איז ער, אָט דער איסער, ווער איז מײַן ברודער בערעלע, מאָשקעלע נעכאמעס, און ווער בין איך אליין? אין הארצן קנוילט אוף א פארדראָס: פארוואָס האָט ער ניט אויסגעשטרעקט זײַן כאווערישע האנט די כאוויירים זײַנע, מאָשקעלע נעכאמעס און מײַן בערעלען? איר האָט דאָך אלע דרײַ איניינעם געזוכט גליק. אויסגעריסן געוואָרן, געמאטערט זיך אפּן טויט, ניט דערעסן, ניט דערשלאָפן. דיר, איסער, האָט דאָס מאזל דײַנס א לויכט געגעבן, און דײַנע כאוויירים זײַנען געבליבן הינטערשטעליק.

אף מאָרגן האָבן מײַנע כאווײרים אין שול־היים מיך רוען ניט גע־לאָזט. זיי פילדערן און פאָדערן, איך זאָל זיי זאָגן: וואָס איז דאָס געווען פאר א מאטראָס? ווער איז ער און וואָס קער ער זיך אָן מיט מיר?

— א פרײַנטל? — פרוווט מען טרעפן. — א באַעקאַנטער, א ווײַטער?

— וואָס זשע האָסטו געשוויגן די גאנצע צײַט? מיט אזא קאָרעוו איז ניטאָ וואָס צו שעמען זיך.

— פון וואָס פאר א פלאָט? — שטייט מען צו צו מיר. — באלטישן, שווארציאמישן...

— וואָס איז אײַך פאר א נאפקעמינע, — וויל איך זיך פון זיי וואָס גיכער ארויסדרייען, — און אז דאָס איז מײַנער א גלידשוועסטערקינד, וועט אײַך דערפון ווערן גרינגער? ער לערנט זיך אין אָדעס. ס׳איז נאָך גאנץ ווײַט, ביז ער וועט ווערן אן עמעסער מאטראָס.

דעם גאנצן טאָג, סײַ בייס די לימודים, סײַ באם עסן און סײַ אפן הויף, האָט מען ניט אופגעהערט פאָדערן בא מיר, איך זאָל דערציילן וועגן יונגן מאטראָס. ס׳איז מיר נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקומען צוטראכטן אזויפיל מײַסעס, פאסירונגען, געשעענישן וועגן איסערן... דאָס ניט־גע־שטויגענע און ניט־געפלויגענע האָבן די ייִנגלעך אופגענומען ווי א גילד־טיקע מאטבייע. וועגן זשיוורעטש האָב איך מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט.

פארן אָפּפאָרן איז איסער נאָכאמאָל געקומען צו אונדז אהיים. די מאמע איז אים מעכאבעד געווען מיט קליינינטשקע גאניידן־עפּעלעך, מיט צוגעלעגערטע בארלעך, וואָס זײַנען זיסער פון האָניק.

— וועסט קומען מיך באגלייטן? — פרעגט ער ניט דרייסט.

מײַן קווענקלען זיך איז אים, אפאָנעם, ניט געפעלן געוואָרן.

— אוואדע, — כאפּט אונטער די מאמע, — ווי דען אנדערש? ביסט בא אונדז אזא טײַערער, אזא אָנגעלייגטער גאסט. נאָר וואָס איז די כאפּע־ניש? ביסט שוין דאָ, בלײַבט מען נאָך אף עטלעכע טעג. דער יאם דײַנער וועט ניט אנטלויפן.

— סלוזשבא ניע דרוזשבא[1], — ענטפערט אָפּ איסער מיטן באקאנטן רוסישן ווערטל. — מערער טאָר איך זיך ניט פארהאלטן. בא אונדז איז סאמע, ווי מע זאָגט, שניט־צײַט. די יאם־שול גייט איבער אף פּראקטישער ארבעט. עס קאָן זײַן, מיר זאָלן אוועקשווימען צו די דארדאנעלן. גאָר נאָענט צום טערק...

— עפּשער קאָנסטו אריבערשלעפּן מײַן בערעלען צו זיך? — פרעגט די מאמע פאָרזיכטיק. — אײַ, וואָלסטו מיר געטאָן א טויווע!

— ס׳דען אין מיר געווענדט? — צוקט ער מיט די אקסלען. — כ׳וועל א פרווו טאָן. ווען אײַער בערעלע איז כאָטש א קאָמיוגיסט אָדער לעכאָל־האפּאָכעס א לערן־ייִנגל אף א פאבריק, וואָלט געווען א סאך גרינגער.

די מאמע ווישט שטיל אָפּ די ליפּן און מאכט א שווײַג. זי שטויסט זיך אָן, אז פון דעם וועט גאָרניט ארויסקומען. מיילע, ניין, איז ניין... מער וועט זי אים ניט בעטן.

---

[1] דאָס דינען האָט ניט צו טאָן מיט פרײַנטשאפט (רוס.).

— דערווײַל זיץ איך נאָך אליין אף קאַזיאָנעם כארטש, — ווײַזט ער א נעבעכדיק פּאָנעם.

ענטפערט אים די מאמע מיט אן אוקראַיִניש ווערטל:

— נע פּיע קאָזאַק שטשאָ יע... א שטשאָ בודע[1].

איסער, זע איך, פילט זיך בא אונדז ניט איבעריק פרײַ, עפּעס זיצט ער שעמעוודיק, רעדט ווי מיט א האלב מויל, געענגט און געצווימט. צי איז ער בעעמעס פאר דער צײַט געוואָרן אײַנגעשטילט? צי עפּשער דער־פאר, וואָס די מאמע האָט אים געבעטן, ער זאָל איר טאָן א טויווע? איז שעם זיך ניט און זאָג דעם עמעס: איך וועל טאָן פאר אײַער בערעלען אלץ, וואָס עס איז מעגלעך. נאָר טאָמער וועט פון אלע מײַנע באמיִונגען גאָרניט ארויס, בין איך ניט שולדיק. דאָס וואָלטן געוועזן רייד פון א מענטשן, פון א פרײַנט. ווייסטו כאָטש, איסער, וויפל פּוד צאָרעס דו וואָלסט מיט אָט די ווערטער אראָפּגענומען פון דער מאמען?

— נו, לאָמיר זיך געזעגענען! — הייבט ער זיך ראַפּטום אוף. — די צײַט שטייט ניט. איך האָב נאָך צוגעזאָגט ארײַנכאַפּן זיך צו אנשל מאלקעלעס, ער וויל מיט מיר איבערגעבן א פּעקל פאר דער פּלעמעניצע.

— א מיצווע, — כאַפּט אונטער די מאמע, — איז נאָך בעסער ווי א געפּונען קערבל.

— נארישקײַטן, — מאכט איסער דערפון כויזעק. — איך האָב קיינמאָל ניט געהאלטן פון קיין מיצוועס. מיט א קערבל לעבט מען כאָטש דורך א טאָג, און מיט א מיצווע?..

איך זע, ווי איסער אײַלט זיך. ער געזעגנט זיך אָפּ מיט דער מאמען און בלײַבט אף א ווײַלע שטיין בא דער טיר, ווי געקלעמט. פארוואָס האָבן בא דער מאמען זיך באוויזן טרערן אין די אויגן, ווייס איך ניט. זי שטופּט מיך קימאט מיט גוואלד ארויס פון דער שטוב.

— פארשאַף מיר ניט קיין צאר, גיי, זון מײַנער, גיי, באגלייט ארויס בערעלעס כאווער.

אפן גאנעק איז געזעסן כאָמעלע און געוואַרט. קאָנטיק, אז זי זיצט שוין דאָ א צײַט. דאָס דורכזיכטיקע טיכל מיט די געשלענגלטע שטרײַפן זײַנען נאכלעסיק אראָפּגעהאנגען אף די האלב־אנטבלויזטע אקסל. זאָל זײַן, אז זיי האָבן אָפּגערעדט זיך באגעגענען לעבן אונדזער שטוב? מע קאָן זיך אָנשטויסן, אז איסער באגעגנט זיך מיט כאָמעלען ניט דאָס ערשטע מאָל. זי מאכט נאָר דעם אָנשטעל, אז זי קוקט ארויס גאָר אף מיר.

— וויפל קאָן מען זיצן אין שטוב? — ווענדט זי זיך צו מיר אן אומ־געדולדיקע. — מיר האלטן זיך באם ארויסציִען פונעם ווײַסן בעסמעדרעש, איך און די מומע העני, וויל איך, זאָלסט דאָנערשטיק קומען העלפן איבערטאסקען די זאכן. נו, פארוואָס גיסטו מיר ניט אָפּ קיין מאזלטאָוו?

— טאקע? — פריי איך זיך מיטן גאנצן הארצן. — אוי, סארא סימכע! כאנוקאס־האבאיִס!

---

1 דאָס מיינט: ניט וויכטיק איז דאָס, וואָס איז דאָ הײַנט, נאָר דאָס, וואָס וועט זײַן מאָרגן (אוקר.).

זאָל איך איר גלייבן, צי ניט גלייבן? איך ווייס דאָך, וואָס פאַר א שעלמע דאָס איז. כאַמעלע קאָן דארפֿן דעם ליגן מיט דער דירע, איך זאָל קיין כשאד ניט ווארפֿן.

איסער שטייט ווי אף שפּילקעס. ער איז ערנסט און אָנגעשטרענגט. דער בליק, וואָס ער ווארפֿט אף כאַמעלען, גיט אים אויס פֿון קאָפּ ביז די פּיס. נאָר זי זאָל אים שענקען כאָטש א ביסעלע אופמערקזאמקײַט! זי זעט אים ניט און הערט אים ניט. וואָס איז דאָס פאַר א בייזע שפּיל? ווֹעמען זײַנען נייטיק אזעלכע קונצן? ס'איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אז זיי האָבן זיך צונויפגערעדט טרעפֿן אפֿן גאנעק, וואָס זשע איז איר מיטאָ־מאָל אריַין א בין אין קאָפּ? גראָד איצט שטיי איך אינגאנצן אף איסערס צאַד. אויב ער וועט זיך אײַנשטעלן און זי גוט אויסזידלען, וועט ער זײַן גערעכט.

באַם אלטן אויסגעלינקטן יאסינע־בוים מיט דער שארף ארויסגעשפּאַר־טער קני בלײַבט כאַמעלע שטיין.

— דאָ וועלן מיר זיך געזעגענען.

— כאַמעלע! — פּליסטערן איסערס ליפּן. — דו וועסט ניט זײַן באַם וואָקזאל?

— ניין, — האקט זי שארף אָפּ, — כ'האָב דאָרט ניט וואָס צו טאָן. זײַ געזונט! קיין בריוו, איסערל, זאָלסטו מיר ניט שרײַבן, איך וועל דיר בעמיילע ניט ענטפֿערן.

זי האָט זיך האסטיק א צי געטאָן אף די שפּיץ פֿינגער און אים א קוש געגעבן.

— כאַמעלע, ווארט נאָך אויס א מינוט, כאַמעלע...

כאַמעלע האָט זיך אויסגעדרייט אף די הויכע קנאפּלען, א בליץ געטאָן מיט אירע שיינע בורשטין־אויגן און איז אוועק.

אָנשטאָט א „זײַ געזונט" האָט דער יונגער מאטראָס ארויסגערעדט, ווי צו זיך אליין:

— א סאָף...

דאָס האָט געדארפֿט הייסן, אז קיין בארשעוו וועט ער שוין קיינמאָל מערער ניט קומען.

מיר האָט ער עס פארשפּאָרט צו זאָגן. כ'האָב דאָס געזען אין זײַן געבראָכן געמיט.

## גוטע בסורעס

הײַנט איז בעעמעס א גליקלעכער טאָג — א טאָג פֿון פֿיל דערפֿרייענ־דיקע בסורעס. ריישיס: דאָס גוטע בריוועלע צום זיידן יעשוע־מאָרדכע. וויגדער בלײַבט א קיִעווער! מע האָט אים פארעכנט פאַר א שילער פֿון דער ראַטמאַנסקער פּאַך־שול. קאָן דען זײַן נאָך א גרעסערע פריידן? סאָפּקאָלסאָף, איז מײַן כאַווער אויך אופגעריכט געוואָרן. וויגדער איז א מאַלאָדיעץ! ער האָט אלץ בײַגעקומען!

די גוטע בסורע האָט מיך מאַמעש אונטערגעהויבן. פֿונעם זיידן יעשוע־מאָרדכע איז שוין אָפּגערעדט. פֿאַר אים איז דאָס די גרעסטע סימכע.

— נו, זונעניו, וואָס וועסטו איצט זאָגן? — איז ער געוואָרן ביז גאָר באַריידעוודיק. — אַ טײַערער יונגאַטש! מײַן ווײַגדער איז ניט פֿון די פֿאַרשלאָפֿענע. אויב דו האָסט כיישעק, קאָנסטו צושרײַבן אַ פּאָר ווערטער, די וואָך קלײַב איך זיך אים אַרײַנוואַרפֿן אַ בריוול.

מע דאַרף מיך נאָך בעטן?.. איך וועל אים שוין דאַפֿקע אָנשרײַבן, מעגט איר מיר גלייבן, אויף אַ גאַנץ בייגעלע פּאַפּיר, זאָל ער וויסן, ווײַגדער, אַז קיין כאַווער פֿאַרגעסט מען ניט אַזוי גיך, און נאָך זאָל ער וויסן, אַז זײַן סימכע איז אויך מײַן סימכע.

— ווײַגדערן האָט שטאַרק אָפּגעגליקט, — רוף איך מיך אָן עטוואָס אײַפֿערדיק, — אָט דאָס הייסט אַ בראַוווער יאַט. קיִעוו איז ניט באַרשעוו. לערנען אויף אַ מעכאַניקער איז ניט דאָס, וואָס זײַן אַ קוריער אין איספּאָלקאָם.

יעשוע־מאָרדכע ווישט די אָנגעטרערטע אויגן:

— זכוס־אָוועס, זכוס־אָוועס... טאַטע־מאַמע האָבן זיך פֿאַר אים געמיט, — מורמלט דער אַלטער, ווי פֿאַר זיך.

עס ציטערן אונטער די אָנגעבראָקנעטע פֿינגער, די אשקאָליר־ליפּן, די טונקעלע, ברייטלעכע נאָז־פֿליגל.

— זאָל גאָט העלפֿן, זאָל גאָט העלפֿן... — פּליסטערט זײַן אָנציינערדיק מויל, — צו מוטשעניעס קומט אויך אַמאָל אַ סאָף. אַלצדינג, מײַן קינד, איז אינעם אייבערשטן געווענדט, האַצלאָכע, קאַדעש מײַנער, וואַלגערט זיך ניט אין מיסט. אַ בעטלער אָפּן בריק דאַרף אויך האָבן מאַזל. איצט קאָן איך זאָגן, אַז אויף די עלטערע יאָרן האָב איך דערלעבט אַ ביסל נאָכעס. געלויבט זאָל זײַן דער, וואָס זיצט אין די הימלען.

דער זיידע איז פֿריידיק אויפֿגערעגט. עס שווימען בײַ אים אויף נײַע זיכרוינעס.

— שײַעך צו זאָגן, ווײַגדער האָט געיאַרשנט דעם טאַטנס קאָפּ, יענער, אָלעווהאַשאָלעם, פֿלעגט זיך לאָזן אין דער וועלט אַרײַן אויף קידעש־האַשעם, פֿאָרן אין אויסרײַסעניש, אַפֿילע צום גובערנאַטאָר אַליין, אַבי עפּעס־וואָס אויספֿויעלן, עמעצן העלפֿן מיט עפּעס. און אַליין געלעבט אין דאַכקעס און אין נויט. נעבעך קיין מאַזל ניט געהאַט. דערפֿאַר אָבער האָט ער געהאַט אַ קאָפּ פֿון אַ טאַלמיד־כאָכעם. שײַעך זאָגן, אַ מיניסטערשן קאָפּ! אַז מע האָט באַדאַרפֿט, ניט הײַנט געדאַכט, ראַטעווען בײַ אונדז אין קאָליבעלאָן אָרן דעם שויכעטס טאָכטער, ווען מע האָט אײַנגעזעצט פֿאַר קראַמאָלע, ווער שטעלט זיך אײַן? מײַן שמועל, דיר צו לענגערע יאָר. איין פּראָשעניע דערלאַנגט, אַ צווייטע, אָוועקגעשיקט נאָך אַ פּאַפּיר, געפֿאָרן צו נאַטשאַלסטווע זיך מישטאַדל זײַן: סטײַטש, בײַ וועמען נעמט איר אַוועק אַ טאָכטער?.. פֿאַרוואָס?.. און אַז די גובערניע האָט ניט געהאָלפֿן, נעמט ער אָרן דעם שויכעט, און מע פֿאָרט זאַלבעצווייט אַוועק אַזש אין פּייטערבאַרג. האַקיצער, מײַן שמועל האָט זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט און אַרויסגעשלעפּט דאָס באַסיעכידקעלע פֿון גאַזלאָנישע

הענט. קאַליבעלאָן איז דעמלט געגאַנגען כאַדאַראַם. אין שטעטל האָט זיך געטאָן אַף טיש און אַף בענק. איצטער, פרעג איך, האָסטו כאָטש א שטיקל באַגריף, ווער מײַן שמועל איז געווען אין יענער סמוטנער צײַט?.. בא אַנדערע אומשטענדן וואָלט מײַן שמועל ווײַט אָנגעשפּאַרט, ער וואָלט געוויס געוואָרן אַן אָנגעזעענער אַדוואָקאַט. נאָר אַז ס'איז ניטאָ קיין מאַזל, פאַלט דאָס ברויט מיט דער פּוטער אַראָפּ. זיצט מײַן שמועל אין קאַלי־בעלאָן און ציט זײַן כאַיונע פון איבערשרײַבן פּאַפּירן אין דער היגער אופּראַווע.

— אײַער וויגדער, — שרײַ איך צו אים, — וועט קיין אַדוואָקאַט ניט ווערן. אײַער וויגדער וועט ווערן א גוטער מעכאַניקער. ער וועט אַרבעטן אַף א זאַוואָד, צונויפשטעלן מאַשינעס, לאָזן אין גאַנג מאָטאָרן.

— א מעכאַניקער, זאָגסטו? גאָם זו לעטויווע. צו מאַשינעס דאַרף מען טאַקע האָבן סייכל. מײַן וויגדער וועט גיך כאַפּן דעם סטרי פון די רעדער און רעדעלעך.

כ'האָב געוואָלט זאָגן דעם זיידן יעשוע־מאָרדכע, אַז וויגדער לעבט אין אַן אַנדער צײַט, אין א בעסערער, ווי זײַן טאַטע. ניטאָ קיין סראַ־רים, גובערנאַטאָרס, מע דאַרף זיך פאַר קיינעם ניט מישטאַדל זײַן. פאַר די האָרעפּאַשניקעס זײַנען אָפן טיר־און־טויער. נאָר וויאַזוי דאָס געבן אים צו פאַרשטיין, האָב איך ניט געוווסט.

יעשוע־מאָרדכען ווייסט מען פאַר א פרומען ייִדן, מע ווייסט אויך, אַז ער איז עלנט. כוץ דעם אייניקל זײַנעם, וויגדערן, וואָס האָט זיך נאָך אַליין ניט אַרופגעכאַפּט אַף די פיס, האָט דער קראַנקער זאָקן קיינעם ניט. מענטשן האָבן זיך מעראַכעם געווען אַפן זיידן און אים געגעבן א שטיקל מאָקעם אין מוישעוו־זקיינים. וויפל, מישטיינסגעזאָגט, דאַרף האָבן אַן עלטערער מענטש? כאַסוועכאָלילע, יעשוע־מאָרדכע זינדיקט ניט. איצט, אַז ער האָט שוין יאָ דערלעבט א נעכאָמע אינעם אייניקל, מעג ער דאָך אוואדע לויבן דעם אייבערשטן.

— זכוס־אָוועס... זכוס־אָוועס... — האַלט ער אין איין איבערכאַזערן.

קוקנדיק אַפן אָפּגעוועלקטן זאָקן מיט דער סיוולעכער שמאָלער באָרד, ווי ער טאַפּט דעם וועג, פאַרוואָרפנדיק פאָרויס דעם אַרומגעהריזעטן שטעקן, ווי ער איז אופגעלייגט, פיל איך, ווי מיר אַליין קומט צו א שטיק געזונט. עס רעכנט זיך, אַז איך קום אַרײַן צו מײַן כאַוועריס זיידע, אָבער מיינען מיין איך, אַז ער איז א קאַפּעטשקע מײַנער אויך. עמעס, ניט אַלע טאָג קום איך אַרײַן אין מוישעוו־זקיינים, אָבער איך געדענק, אַז מע דאַרף אים פירן אַף פרישער לופט, נעמען אים צום טײַך זיך באָדן. איך ברענג אַרײַן אַמאָל אַן עפּל, א פלוים, א באַר. שאַבעס און יאָמטעוו, עס מעג דונערן און בליצן, פיר איך אָפּ דעם זיידן צו דער שול, ווי וויגדער פלעגט עס טאָן. אַמאָל האָט זיך דאָס גערעכנט פאַר א גרויסער מיצווע, אָבער איך טו עס, ווײַל יעשוע־מאָרדכע איז א קראַנקער מענטש, ווײַל וויגדערס זיידע איז מיר אויך א שטיקל זיידע. דעם, וואָס האָט א זיידע, בין איך מערער מעקאַנע, ווי דעם, וואָס האָט א טאַטן.

ער מיך: מײַן קינד, מײַן ייִנגל, מײַן קאַדעש. איך אים: זיידע־לעבן...

...באם אָנהייב קאָרסונער בארג טרעף איך אומגעריכט אָן אַף כאַמעלען.
ווי שטענדיק, איז זי ריין אָנגעטאָן, פאַרמאָגט אין זיך אלע זיבן כיינען.

— אָ־אָ! — באגעגנט זי מיך פריינטלעך, — כ׳האָב אָבער געפילט, טאנע מיינער, אז אָט דאָ ערגעץ וועל איך דיך באגעגענען.

ניט אריינצוקוקן אין איר ליכטיק פּאָנעם. פארשעמט לאָז איך אראָפּ מיינע אויגן און טראכט דערביי: א שיינע מויד איז א האלבער נאדן... איך דערמאָן זיך גלייך נאָך אין א גלייכווערטל: ניט דאָס איז ליב, וואָס ס׳איז שיין, נאָר דאָס איז שיין, וואָס ס׳איז ליב... כאַמעלע, דאכט מיר, איז פאר איטלעכן אי שיין אי ליב, נאָר זי איז א גרויסע איבערקלייבערן, א מיידל מיט פליגן אין דער נאָז.

— קיין גרעסער געווינס דארף מען שוין ניט אויסגעווינען... — רופט זי אויס אָן איבערגליקלעכע. — ווי געפעלט עס דיר? איטלעכער ווערט געבוירן מיט זיין מאזל. וואָס וועסטו איצט זאָגן וועגן דער זאָקנמאַ־כערן?

וואָס איז אזוינס געשען מיט דער יונגער כאזנטע? כאַמעלע, זע איך, פרייט זיך מיטן גאנצן הארצן.

— זעסט דאָך, — שטייגט איר היספּײלעס נאָך שטארקער. — גאָט פאר־לאָזט ניט. ווי זאָגט מען עס: גאָט גיט צו דער צייט דעם טרינקער זיין וויין און דעם שפּינער זיין פלאקס. רינצעלע, גלייב איך, וועט מיט דער צייט ווערן א בארימטע זינגערן. דאָס רעדעלע, מיין כייעסל, האָט זיך סאָפּקאָלסאָף א דריי געטאָן מיטן פּאָנעם צו דער כאזנטע.

— קורץ געדעדט, וואָס האָט פּאסירט? — פרעג איך אומגעדולדיק.

— דער בלאָכעוואטער ארטיסט האָט זי ניט געקאָנט ארויסשלעפּן פו־נעם מיסט, פון יענער פארצוויטעטער נאָרע, נאָר דער פּאָליטפּראָסוועט האָט געפונען צייט און אויסגעזוכט פארן מיידל דעם סאמע ריכטיקסטן וועג.

פאר מיר איז דאָס א נייס. די מויד זאָל זיך אזוי וואַרעם אָפּרופן וועגן כאווער יאקאָוו! איך בין שטענדיק געווינט הערן, ווי זי כויזעקט פונעם פּאָליטפּראָסוועט, און דאָ, מיטאמאָל, אזעלכע וואַרעמע רייד.

— פונעם עמעס, — איז זי זיך מודע, — קאָן איך ניט אוועקגיין. אז א מענטש טוט א גוטע זאך, מעג מען אים בענטשן און לויבן.

אצינד האָב איך זיך נאָך מערער איבערצייגט, אז כאַמעלע קען ווינ־ציק דעם כאווער יאקאָוו. ווען זי ווייסט, וויפל גוטע זאכן ער האָט געטאָן פאר ווילד־פרעמדע מענטשן, וואָלט זי זיך געכאפּט פארן קאָפּ. נישקאָשע, מיט דער צייט וועט זי זיך דערוויסן נאָך א סאך אנדערע גוטע מיילעס. כאַמעלע איז מאָלע־סימכע.

— היינט נאָך פירט דער פּאָליטפּראָסוועט זי אָפּ קיין קיִעוו, צו איינעם א באוווסטן פּראָפעסאָר און קאָמפּאָזיטאָר מיטן נאָמען יעשוע שייניק. אריינפאלן צו אָט דעם שיינינען דארף מען שוין ניט קיין שענערס און קיין בעסערס.

מיטאמאָל פארלירט זי איר גאנצע אופגעלייגטקייט און הייבט אָן ריידן מיט גאָר אַן אנדער שטים, מיט גאָר אנדערע ווערטער. פאראן אין זיי א ביסעלע אומעט און קינע.

— דו ביסט נאָך גענוג יונג, דו וועסט נאָך אוספייען אין לעבן. די צײַט וואַרט אַף דיר, זי איז דײַנע... מיט מיר האַלט עס ערגער. דער אייבערשטער האָט מיר קיין טאַלאַנט ניט געגעבן, צו קיין פּראָפעסאָר דאַרף מען מיך ניט פירן. אויב גאָט האָט יאָ געהאַט א ביסל ראַכמאָנעס און צוגעוואָרפן מיר א זשמענקעלע שיינקײַט אַף פאַרווײַסן דעם באָרשטש, קאָסט עס מיך גענוג געזונט.

כאַמעלע קלאָגט זיך אַף איר גורל. דאָס איז ווידער פאַר מיר א נײַס. אָבער איך פאַרשטיי זי גאַנץ גוט. זי, די אויסגעשפּילטע כאַמעלע, וואָלט זיך געביטן מיט דער זאָקנמאַכערן, ניט פאַרקלערט, אַזוי ווי זי שטייט און גייט. אָבער נאָך אַלעמען פרייט זיך כאַמעלע גאַנץ אופריכטיק מיט רינצעלעס דערפאָלג.

— קיִעווער מוזיק־שול, — טײַנעט זי אין מיר ארײַן, — וועט די יונגע כאַזנטע שטעלן אַף די פיס. קיין בעסערן שידעך קאָן זי זיך ניט ווינטשן. סײַ זי און סײַ די מוזיק־שול וועלן זײַן צופרידן איינער פונעם אַנדערן. קאָן דען זײַן א נאָך מער מאַזלדיקער זיוועג? א צאָרעלע ליגט דערבײַ. רינצעלע מיט איר געטלעך קאָל וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן קיין באַרשעוו. די וועלט, קאָן זײַן, וועט פון אַזא באַגאַבט מיידל ווערן אַף א נאָגעלע רײַכער, אָבער מיר אין באַרשעוו וועלן געוויס אַף א סאַך אָרעמער ווערן.

נו, און וואָס זאָגט כאַמעלע אַף דעם, וואָס אונדז איז צוגעקומען אַזא קויעך, ווי דער באַרימטער מאָלער אָניסי מאַרקאָוויטש?

— א גלײַכעניש א ביסל! — קרימט זי זיך זויערלעך. — יענער איז געקומען אַף א קורצער צײַט. הײַנט איז ער דאָ, מאָרגן טראָגט אים דער רועך אוועק ערגעץ אַנדערש.

א גרויסער אוילעם האָט זיך צונויפגעקליבן אַפן הויף פון אויספירקאָם געזעגענען זיך מיט רינצלען. עס זײַנען געקומען אַלע אירע נאָענטע כאַווערטעס, גוטעפרײַנט, און גלאַט מענטשן פונעם יאַר, וואָס זײַנען אָפט געשטאַנען אונטער די פענצטער פון איר שטיבל און געהערט איר פּרעכ־טיק קאָל. וויטיע די כאַזנטע און די אײַנגעשרומפּענע אַלטיטשקע, רינצלס באָבע, זײַנען שוין אויך דאָ. די מיידלעך טומלען, לאַכן, ווערטלען זיך. עלטערע לײַט זײַנען צוריקגעהאַלטן, ווער עס שטייט שווײַגנדיק, ווער עס לאָזט אַפילע אַרויס א טרער. וואָס עס טוט זיך בא דער כאַזנטע אין האַרצן, ווייסט נאָר זי אַליין. זי מוז זיך שיידן מיט דער טײַערער רינצ־לען, מיט דער ליבער, עלטערער טאָכטער, וואָס איז געווען די איינציקע ברויטגעבערן.

ביז זיידל „די האַלבע באָרד” וועט אַרויספירן פון דער גרויסאַרטיקער שטאַל דאָס געפּאַרבטע בריטשקעלע, האַלט עס נאָך ווײַטלעך. קומען אַלע מאָל צו נײַע מענטשן, אַפן הויף ווערט וואָס אַמאָל טומלדיקער, און ווו צוזעצן זיך איז שוין ניטאָ. כאַמעלע האָט זיך קוים ארײַנגעקוועטשט צווישן די מיידלעך און אָפּגעשפּאַרט פאַר זיך א שטיקל אָרט אַף דער באַנק.

— בא מיר זײַנען אויך, — זאָגט זי, — ניט קיין קאַזיאָנע פיס. איז אַנו, מיידלעך, טוט זיך א רוק. נאָך א ביסעלע.

שפּעטער א ביסל זײַנען פאַרשמײַעטע צוגעקומען רינצעלעס שוועס־טערל און ברודערל. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט בא די בענק, נאָר גלײַך געלאָפן צו דער מאַמען און צו דער באָבען, וועלכע זײַנען געשטאַ־נען פּאַרוקט צווישן די געדיכטע ביימער און געהאַלטן אין איין אונטער־כליפּען. טאַקע פון די קינדער האָב איך זיך דערוווּסט, פונוואַנען רינצל קומט צום פּאָליטפּראָסוועט, און וויאַזוי ער האָט זיך אונטערגענומען ארופירן דאָס מיידל אַף א דערעך.

יאָ, אַלץ איז טאַקע גוט און ווויל, אָבער ווער וועט איצט בלײַבן די פאַרנאָסעגעבערן אין אזא מישפּאָכע, קיין אײַנהאָרע?

— די מאַמע.

וויטיע די כאַזנטע שטעלט זיך ארבעטן. דאָס איז נאָך געווען פריער אָפּגערעדט מיט דער אַלמאָנע. זי איז מיט גרויס כיישעק אײַנגעגאַנגען אַף דעם, אַבי ברענגען רינצעלען צו א טאַכלעס.

אײַנאָרדענען אַף ארבעט א פרוי, וועלכע איז נאָך אַדהײַעם ארײַנגע־וואַקסן צווישן די קלייקוידעשׂ און איז פרום ווי א רעבעצן, איז גאָר ניט פון די לײַכטע זאַכן. באַזונדערס, ווען א היפּש ביסל מענטשן גייען ארום שלינג־און־שלאַנג, ווערן אויסגעריסן, זײַנען גרייט אקערן מיט דער נאָז די ערד, אַבי פאַרדינען אַף א שטיקל ברויט. דאַרף דאָס אויך פאַרעכנט ווערן פאַר איינעם פון די בעסטע אופטוען פונעם כאַווער יאַקאָוו.

איצט מעג רינצעלע פאָרן קיין קיִעוו מיט א רויִק האַרץ. די מאַמע אירע, וויטיע, וועט ניט דאַרפן ארומלויפן ווי א דולע איבערן מאַרק, זוכן אונטער די פאַלעס דאָס טרייפע שטיקל פּאַדעם... די כאַזנטע וועט מיט דער צײַט באַהערשן א מעלאָכע, וועט קאָנען אופציִען די קלענערע קינדער און ווײַטער לעבן מיט גוטע, זיסע האָפענונגען.

ווערדליק די קינדער דערציילן, וואָלט די עלטערע שוועסטער זייערע, רינצעלע, קיינמאָל ניט געקומען צום פּאָליטפּראָסוועט. דאָס האָבן איר אָפּגעטאָן אַף טערקיש די כאַווערטעס.

אין איינעם א געראָטענעם דאָנערשטיק האָט מען די יונגע כאַזנטע פאַרנאַרט אין וועבער־קלוב, קלוימערשט הערן א קאָנצערט. אויסגעלאָזט האָט זיך, אז רינצל אַליין האָט געמוזט ווערן די קאָנצערטגעבערן. וויפל זי האָט זיך ניט געוועהרט, געבעטן זיך ראַכמים בא די כאַווערטעס, גע־וויינט פאַר זיי מיט ביטערע טרערן,— איינמאָל ניין... אירע כאַווערטעס האָבן זי אַלץ אײַנגערעדט, דערוויזן, אַז זי האָט זיך ניט וואָס צו שעמען, עלעהיי זי זינגט בא זיך אין שטוב. אין קלוב איז אויך געווען אײַנגע־לאַדן דער פּאָליטפּראָסוועט. רינצעלע האָט דעם כאַווער יאַקאָוו אין פּאָ־נעם ניט געקענט. אין יענעם שיינעם דאָנערשטיק האָט זיך געלייזט איר גוירל. קיין איבעריקע שוואָכים האָט דער פּאָליטפּראָסוועט ניט געזאָגט, קיין לויב־געזאַנגען ניט געזונגען, נאָר א גוט ווארעם וואָרט האָט ער איר יאָ געשענקט:

— אין באַרשעוו זײַנט איר איינע... ערגעץ אַנדערש וועט איר אויך א סאַך אַזעלכע זינגערנס ניט אָנקלײַבן. די קיִעווער קאָנסערוואַטאָריע וואַרט שוין לאַנג אַף אײַך. מיר וועלן אײַך מיטהעלפן.

קאָן זײַן, אַז רינצעלע די זאָקנמאַכערן האָט גיך פֿאַרגעסן זײַן צוזאָג, אָבער דער כאַווער יאַקאָוו האָט עס גוט געהאַלטן אין קאָפּ און לאַנג געשלאָגן זיך פֿאַר איר, פֿאַר אָט דער באַגאַבטער זאָקנמאַכערן. אַצינד פֿאָרט זי אין דער גרויסער שטאָט קיִעוו, צו איינעם אַ געווויסן שיינינען, אַ מענטש מיט אַן אויסערגעוויינלעכן געשמאַק, אַליין אַ קאָמפּאָזיטאָר, און אָנגעזעענער מוזיק־לערער, וואָס וועט האַלטן אַ מין שעפּטום איבער איר.

רינצעלע הערט מיט אַ האַלבן אויער די פּלאַפּלערײַען פֿון אירע כאַ־ווערטעס. דאָס האַרץ אירס איז לעבן דער פֿאַרזאָרגטער מאַמען. ס׳איז זיי געוויס ביידע שווער. כאָטש וואָלט שוין געקומען אַ סאָף צום געזעגענען זיך.

לענגויס דעם הויכן פּלויט מיט די געפּלאָכטענע אײַזערנע פֿיגורן דרייט זיך אַרום דער לאַנגער זוועל ווי אין אַ שטײַג, ער שפּאַנט אַרום אַהין און צוריק־מיטן אויסזען פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך צוגעגרייט אופֿנעמען די ערגסטע יעדיִע ווי ווײַט מעגלעך קאַלטבלוטיק. רינצעלע האָט עס באַמערקט און גלײַך זיך אַ ריס געטאָן צום האַלב־אָפֿענעם טויער. זאָל זײַן טאַקע, אַז די נעגינע, די ליבע צום געזאַנג, האָט זיי אַזוי דערנעענטערט, אַז זיי איז אויך שווער צו שיידן זיך?

מיט דער יונגער זינגערן פֿאָרט נאָך אַ באָכערל פֿון מעדווען. אַף זײַן קינדערש פּאָנעם זײַנען צו אָנזיכטיק די צעשאָטענע קלײַען. אַ וווקסיק באָכערל מיט פֿאַרטראַכטע, מעוווּלוולדיקע אויגן, מאָגערלעך און אויס־געצויגן. אַ ביסעלע מאָדנע האָט אויסגעזען דער דאָרפֿישער כעווּרעמאַן, וועמען דער פֿאָליטפּראָסוועט פֿירט אויך קיין קיִעוו צו קינסטלער. מע זאָגט, אַז דאָס מעדוועוונער יינגל איז גאָר אַ וווּנדער, אַזוינס ווי אַזעלעכס. זײַנע שניצערײַ־אַרבעטן גייען אַרום פֿון האַנט צו האַנט. דעם דאָזיקן „סאַמאָראָדאָק״ האָט אָנטפּלעקט אָניסי מאַרקאָוויטש און געבעטן דעם פֿאָליטפּראָסוועט, ער זאָל זען דעם יאַט וואָס שנעלער אײַנאָרדענען אין אַ קונסט־שול. פּונקט אַזוי ווי אַף רינצלס פּאָנעם איז געלעגן אויסגע־גאָסן באַרשעווער שטייגער און מידעס, אַזוי איז אַפֿן קלײַענדיקן באָכערל געלעגן אויסגעגאָסן דאָס דאָרף מיט אַלע פּישטשעווקעס. עס וואַרפֿט זיך אין די אויגן דאָס העמדל, אונטערגעגאַרטלט מיט אַ רימענעם פּאַסעקל, די גראָבלעכע, געוואַנטענע הויזן און דאָס טאַנדעט־קאַרטוזל מיטן בליציקן דאַשעק אַפֿן קאָפּ. זײַן היפּשלעכער באַגאַזש, גאַנץ שווערע פּעק, ליגן צונויפֿגעהורבעט אַף דער גאַס, באַ די אײַזערנע גראַטעס, און וואַרטן, מע זאָל זיי פֿאַרנעמען. פֿון די אײַנהילונגען קוקן אַרויס פֿאַרשיי־דענע האָלץ־פֿיגורן. אָט זע איך אַ מוסקולירטן האַלדז־און־נאַקן, פֿינגער פֿון באָרוועסע פֿיס. פֿון אַן אַנדער פּאַק שטאַרצן אַרויס אויסגעשניטענע פֿון האָלץ שעפּעלעך און לעמעלעך, אַ גאַנצע טשערעדע. פֿאַרבײַגייער שטעלן זיך אָפּ, קוקן נײַגעריק אַף די געשניצטע פֿיגורן. טאָמער פּרוווט עמעצער אויסציִען אַ האַנט, זיך אַ פֿאַרקע טאָן, לאָז איך ניט, כאָטש קיינער האָט מיך ניט געשטעלט היטן דעם באָכערלס באַגאַזש. איאָ, אַ נאַרישקײַט? נאָר איך האָב מוירע פֿאַר אַ שאָדן. זאָל דער מעדוועוונער

קומען מיט זײַנע אויצרעס אהין, וווהין מע פירט אים, גאַנץ און אומבאַ־שעדיקט. זאָל דאָס באַכערל ניט וויסן פון קיין העזעק.

ווען מע האָט ארויסגעפירט פון דער שטאָל פערד־און־וואָגן, בין איך געוואָרן דער הויפּט־מעכוטן. כ׳האָב איבערגעבעט דאָס היי אינעם פורל, אריבערגעטראָגן די קלומקעס, פאָרזיכטיק אויסגעלייגט די ווערטפולע שניצערײַען, זיי זאָלן זיך ניט שאָקלען, בוצקען איינער אינעם אנדערן. דער קאָניוך מיינט ניט אנדערש, אז איך האָב צו די אלע פּעק א נאָענטע שײַכעס, דערפאר, אפּאָנעם, פרעגט ער: וואָס איז דאָס פאר אן אנטיקלעך און וווהין פירט מען זיי?

— אין קיִעווער מוזיי, — ענטפער איך ניט געקלערט.

איך זע, ווי דער כאָווער יאַקאָוו נעמט געטרײַ ארום דעם מעדוועדער, ווי ער טײַנעט צו אים גוטמוטיק, שענקט דעם צעטומלטן באַכערל מיט די מעוווּלוולדיקע אויגן גוטע און ליבע שמייכלען. דער כאָווער יאַקאָוו קלײַבט נאכעס פונעם מעדוועדער האָלץ־שניצער. כײַ וואָלט כאָטש געפאלן א מינדסט שטראלעכל פון זײַן גוטהארציקײַט אין מײַן זײַט. אָבער גלײַך פרעג איך זיך אליין איבער: פאר וועלכע מײַסים־טויווים? וואָס האָב איך אזעלעכס אופגעטאָן, מע זאָל מיך אזוי מעקאבל־פּאָנעם זײַן?

איך האָב ניט קיין רעכט זיך קלאָגן, איך בין ניט מערער, ווי א שילער פון פערטן קלאַס. ווער ווייסט, וואָס איך וועל ווערן, אז איך וועל שוין זײַן א דערוואקסענער. נאָר לאָמיר פריִער דער־לעבן.

יאָמטעוודיק, פײַערלעך האָט זיידל „די האלבע באָרד” ארויסגעפירט, ווי אף א פּאראד, דאָס געפארבטע בריטשקעלע און צוגעפּאָרן צום טויער פון אויספּירקאָם. ער קוקט זיך ארום הארבלעך־אומגעדולדיק, סמאָצקעט באלעגאָליש מיט די פליישיקע ליפּן, און דאָס אלץ דארף הייסן: לאָזט זיך לאנג ניט בעטן. דאָס בריטשקעלע וואַרט אף אײַך!

דער וואָגן מיט די פּעק און מיט די אלע שניצערײַען האָט זיך נאָך פריִער געלאָזט צו דער מיראָנאָווקער באן־סטאנציע.

נאָכאמאָל און ווידעראמאָל זעגנט זיך רינצל מיט דער מאמען, מיט דער באָבען און מיט די קינדער. די כאזנטע נעמט שטײַף ארום רינצעלען און הערט ניט אוף צו מורמלען:

— געדענק, טאָכטער, געדענק, ווער דו ביסט און וואָס דו ביסט. גאָט באָרוך־הו זאָל דיך ניט פארלאָזן. פאָר געזונט און קום געזונט!

דער כאָווער יאַקאָוו האָט זיך אויך ארופגעכאַפּט אפן בריטשקעלע. אים איז אויסגעקומען זיצן מיט דער פלייצע צו דער קאָזלע. כאָמעלע איז מיטאמאָל צוגעשפּרונגען און ארומגעכאַפּט קושן און האלדזן די גליק־לעכע רינצל.

— איך פארלאָז זיך אינגאנצן אף אײַך, — ווענדט זיך כאָמעלע צום פּאָליטפּראָסוועט. — איר ווייסט, כאָווער יאַקאָוו, זייער ווייל, פאר ווען זיך אײַנשטעלן, פאר ווען זיך אָנעמען...

זי האָט ראפּטום אראָפּגעצויגן דאָס טוליענע טיכל און שיר זיך ניט פארנייגט.

— ביז אהער האָב איך ניט געוווּסט, אַז איר פאַרמאָגט אַזאַ גרויסע מענטשלעכע נעשאָמע... איר טוט זייער פיל גוטס... אַ בראָכע אַף אײַער קאָפּ!

אין אירע פינקלענדיקע אויגן איז אָנגעלאָפן דער ציטער פון אַ טרער.

— ס'איז מײַן פליכט, כאַמעלע, העלפן מענטשן, — ענטפערט דער כאַ־ווער יאַקאָוו.

דער כאַווער יאַקאָוו איז לײַכט געקליידט, גאַנץ אָרעמלעך, אָן שום באַגאַזש. כוץ דעם אָנגעשטאָפּטן פּאָרטפעל, האָט ער גאָרנישט ניט מיט־גענומען. עס וואָלט אַוואַדע ניט געשאַדט אַ זומער־מאַנטל אָדער עפּעס אַן אַנדער אײַנהיל, וואָס זאָל באַשיצן פון ווינט און רעגן. ליידער האָט דער פּאָליטפּראָסוועט אַזעלכע זאַכן ניט פאַרמאָגט.

ניט וועגן דעם דײַגעט ער איצט. פאַראַן אין לעבן אַ סאַך, אַ סאַך בילכערס — פירן די סאַמע אָרעמסטע, פאַרכוישעכטע און הונגעריקע צו אַ העכער און שענער לעבן. אָט ווי די צוויי, וואָס זיצן מיט אים אַפן בריטשקעלע.

— נאָר מיט אײַך, כאַמעלע, ווייסן מיר נאָך דערווײַל ניט וואָס צו טאָן, — טוט ער אַ זאָג אינמיטנדערינען.

— אַזוי גאָר? — איז כאַמעלע איבעראַשט. — פאַר מיר זאָרגט דען אויך דער פּאָליטפּראָסוועט?..

— מיר זאָרגן פאַר אַלעמען! — ענטפערט ער שטיל און זיכער.



# די קיִעווער סאָלדאַטקע

גטבענטשט זאָל זײַן די האַנט,
וואָס האָט אינמיטן וואַלד
אויף צווײַגל איבער קוואַל
פון פראַסטער קאָרע מיר געלאָזט אַ קריגל.

**אשער שוואַרצמאַן**

אָן קוראַזש, אָן טומל האָט זיך באַוויזן אין שטאָט אַ שיין יאָדערדיק מיידל. וויל געפֿורעמט, מיט אַ פּאָר פרישע באַקן. אַ מויד, ווי מע איז געווויינט צו זאָגן אין באַרשעוו, אַ צימעס. גערופן האָט מען זי בלומע יאַכניס.

אָפט לאָזט זיך הערן דער דאָזיקער נאָמען אין קאָמיוגישן קלוב, אין דער יוגנט־סעקציע בא די פּראָפּאַריינען, און מער ווי אומעטום קלינגט איר נאָמען צווישן די קינדער. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די קיִעווער קאָמיוג־טוערן בלומע יאַכניס איז געשיקט געוואָרן צו אונדז מיט אַ שליכעס פון גאָר אַ באַזונדערן באַטײַט פאַר דער היגער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע און אויך פאַר דער געגנט.

דערווײַל ווייסן מיר, אַז די אַראָפּגעקומענע בלומע יאַכניס שטאַמט פון פּאָשעטע האָרעפּאַשנע עלטערן, לעבט אין קיִעוו און איז אַ טיכטיקע קאָמיוג־טוערן אין די צענטראַלע אָרגאַנען.

בלומע יאַכניס איז טאָמיד אַ פּאַרטאָנענע, טראָגט זיך שטענדיק פון דאָרף צו דאָרף, קומט אין שטאָט אַרײַן אויף אַ מעסלעס, העכסטנס אויף

צוויי, און לאָזט זיך ווײַטער אין וועג אַרײַן „אויף דער פּעריפּעריע", ווי זי אַליין רופט עס אָן. פּלײַסיק און מיט קאוואָנע פירט זי דורך נייטיקע באַראַטונגען מיטן אַקטיוו, לייענט פאַרן דאָרף־אוילעם לעקציעס, אין א גרעסערן ייִשעוו זאַמלט זי צונויף די עלטערע קינדער, קלערט פאַר זיי אויף די טאַקאָנעס פון דער נײַער קינדער־אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט שפּע־טער, בייסן שאַפן די פּילצאַליקע מאַכנעס, אָנגערופן ווערן פּיאָנערן־אָר־גאַניזאַציע.

פּראָסטלעך באַשיידן געקליידט, וואָכעדיק, ניט שטאָטיש, ניט דאָרפיש, קומט זי קעסיידער דיר אַנטקעגן אויפגעלייגט, מיט א ליכטיק צעשטראַלט פּאָנעם, כּיִעסדיק און אָנגעקוועלט, גוטמוטיק און ברייטהאַרציק. די צו־געלאָזטקײַט דערנענטערט צו אָט דער פאַרטרויִלעכער בלומע יאַכניס, עס לאָזט זיך אַפילע מיט איר גרינג איבערגיין אויף דו. עמעס, א ביסעלע שטערט דאָ די שינעל... די דאָזיקע אַלט־אָפּגעבליאַקעוועטע סאָלדאַטישע שינעל, וואָס כאַפּט ענג אַרום איר שטײַף־יאַדערדיקן גוף.

איינמאָל האָב איך זי געטראָפן אינמיטן דער צענטראַלער שעווטשענ־קאָ־גאַס א פאַרשטויבטע, א דורכגעווינטיקטע, קענטיק נאָרוואָס אָנגעקו־מען פון ווײַטן וועג. זי האָט אויסגעזען מידלעך, ניט דערשלאָפן. דאָס פּולבלעכע פּאָנעם איבערגעגליט, קוים וואָס זי האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס. דער כאַווער יאַקאָוו, מיט וועלכן זי איז געווען אַרײַנגעטאָן אין אַן ערנסטן שמועס, איז געשטאַנען מיט איר לעבן די אײַנגעמויערטע פּלויט־גראַטעס פון שטאָטישן אויספּירקאָם, האָט קימאַט אויף איר אָנגעשרײַען, ווי אַן עלטערער ברודער, אַז זי ברענגט זיך צופּיל אויס, שאַנעוועט ניט דאָס געזונט און אַז ער, דער כאַווער יאַקאָוו אַליין, זי מעג דערפון וויסן, טראָגט אין א געוויסער מאָס די אַכרײַעס פאַר איר פאַר דער קיִעווער קאָמיוג־אָרגאַניזאַציע.

— אַלצדינג, — זאָגט ער מיט לײַכטן פאָרוווּרף, — דאַרף געטאָן ווערן מיט מאָס און דעריקער מיט סייכל.

אָבער לויטן אָנגעמערקטן פּלאַן, פאַרענטפערט זי זיך, מוז זי נאָך זײַן אין קראַפּעשי אַפן אָוונט פון זעלבסטעטיקײַט, וואָס די עלטערע שילער אָרדענען אײַן פאַרן דאָרף. זי קאָן ניט, זאָגט זי, אַרונטערײַסן אַזאַ אויסערסט וויכטיקע אונטערנעמונג אַפילע, ווען עס זאָל דונערן און בליצן. דערבײַ לויפן אָן פיל לעבעדיקע ווייערלעך און מאַכן דאָס ברייט־לעכע פּאָנעם אירס טמימעסדיק־מילד.

— אַפן געזונט קלאָג איך זיך ניט, — אַפּסנײַ גיסן זיך אָן די מיידל־שע באַקן מיט פריש־צוגעקומען בלוט. — האַלעווײַ אויף ווײַטער ניט ערגער. נאָר וואָס זשע דען יאָ? — איז זי זיך אָפּנהאַרציק מוידע פאַרן כאַווער יאַקאָוו. — די מידקײַט קומט ווי אַן אומגעבעטענע באַגלייטערן, ווען קיינער רופט זי ניט.

— אין דעם, טײַער בלימעלע, גייט עס דאָך.

די הויכע שטײַף געשנורעוועטע שטיוועלעך, געדיכט אײַנגעטונקענע אין גרויען וועג־שטויב, האָבן איידעס געזאָגט וועגן די אויסגעמאָסטענע שטאָכים. זאָל מען אויף איר איבעריקס קיין פאַריבל ניט האָבן, אויב עס קומט אויס, שטייענדיק אָט דאָ לעבן די אײַזערנע גראַטעס, בײַטן אָפּטער

דעם פוס און זוכן עפּעס אַן אָנשפּאַר. דאָס בונטפאַרביקע פּאַטשיילעכל, דאָרפּיש געקווייטלט, זיצט אויך ניט רויִק, שוין דאָס ווײפּלטע מאָל איבער־געבונדן, אײַנגעקניפּט עס, און עס האלט זיך פאָרט ניט אפן קאָפּ.

— איך בין מאמעש אנציקט! א מענטש זאָל פאַרמאָגן אזא שלאָגנדיקן קוואל ענערגיע, אזויפיל לעבנס־פרייד, — רופט אויס באַגײַסטערט דער כאַווער יאַקאָוו, — מיט אײַך, בלומע, איז אפילע גוט שטיין אונטער א גוסרעגן... נישקאָשע, פונעם אויספּירקאָם, מיין איך, וועט גאָרניט אָפּ־פאַלן, ער זאָל אײַך פונדעסטוועגן צוהעלפן מיט טראַנספּאָרט. באַלד וועל איך טאַקע א רעד טאָן מיטן קרומען, וואָס האָט צו שאַפן איבער פערד־און־וואָגן.

— מויכל, הונדערט מאָל מויכל, — וואַרפט זי גיך אָפּ מיט דער האַנט, — א גרויסן דאַנק פאַר אײַער לאַסקע, ניט קעדײַ די טירכע, אַף מײַן וואָרט, ניט קעדײַ. אײַער ווילן טאָן מיר א טויווע שאַץ איך זייער און זייער, דאָך קלער איך: דאָס בעסטע און זיכערסטע, ווען מע פאַר־לאָזט זיך אפן אייגענעם טראַנספּאָרט, — זי טוט זיך לײַכט א נייג צו די פאַרשטויבטע שטיוועלעך, — גלייבט מיר, אז דאָס איז סאַמע דאָס ראַיעלסטע.

— א ראַכמאָנעס אַף אײַערע פיסעלעך!.. — שפּאַסט ער לוסטיק. — אָרע־מע יונגע פיסעלעך. — ער ווערט אָבער טייקעף ערנסטער און קוקט דורכ־דרינגלעך אַרײַן אין אירע אויגן. — עמעס, פּאַראַן צײַטן, ווען מע איז געצוווּנגען שטעלן דאָס לעבן אין א סאַקאָנע. באַ הײַנטיקן טאָג בעטן מיר אײַך, ליבע און טײַערע בלומע, שאַנעווען דאָס ביסל געזונט. מײַן באַקאָשע: לערנט אויך די קינדער, די יוגנט, מיט ווּעמען איר קומט אין נאָענטן קאָנטאַקט, אָפּהיטן דאָס געזונט, — גאָר אַף א קלײנער ווײַלע בלײַבט ער שטיל, בלויז אַף איבערכאַפּן דעם אָטעם, און זעצט ווײַטער פאָר, — צוליב נייטיקע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אַקציעס וועט דער הײ־גער אויספּירקאָם שטענדיק קומען צוהילף. זײַט נאָר ניט קיין שעמעוו־דיקע באַרישניע — מאָנט!

זי האָט געהאַט בעדייע אים שאַרף אָפּענטפערן, אָבער זי האָט עס ניט געטאָן איבער פיל טײַמים, קוידעם טאַקע צוליב דעם, וואָס זי דאַרף זיך פירן קעגן אַן עלטערן קאָרעקט און העפלעך; צווייטנס, איז דער פּאָליטפּראָסוועט פאָרט אין באַרשעוו באַלעבאָס.

— דאָס זעלבע, — טוט זי א קרום מיט די ליפּן, — האָב איך שוין געהערט פון מײַן געטרײַער באָבע, די ערד זאָל איר דאָרט זײַן גרינג. זי פלעגט מיך אויך שטענדיק וואָרענען, איך זאָל אײַנהיטן דאָס געזונט.

— וואָס זשע מיינט איר? גאָרניט קיין נאַרישע יידענע, — שלאָגט ער זי איבער, צוזשמורענדיק כיטרע אַן אויג.

דער כאַווער יאַקאָוו האָט זי באַגלייט אַף אַרופּצו, אַהין, ווו עס גע־פינט זיך די קאָמיוגישע קאָמונע.

אויב זי וויל נאָך הײַנט זיך לאָזן קיין קראַפּעשי, איז איר געבליבן זייער ווייניק צײַט אַף אָפּרוען. זי וועט מיסטאַמע זיך נאָר אײַנוואַשן, איבערטאָן, עפּעס וואָס איבערכאַפּן און ווײַטער זיך לאָזן אין וועג אַרײַן.

צום באדויערן איז נאָך ניט געקומען די רויִקע צײַט, ווען אַף די וועגן זאָל זיך האָבן אײַנגעשטעלט עכטער פרידן. ווו־ניט־ווו באַפאלט מען נאָך אין וועג געלאָדענע וועגענער, מענטשן ווערן בארויבט אינמיטן העלן טאָג פון באנדיטישע איבערפאלן. ווינציק ברענגט מען נאָך צו פירן געהארגעטע אהער אין בארשעוו? זי אליין, די זעלבע בלומע יאכ־ניס, האָט יענע וואָך געבראכט צו פירן פון הינטער סטעפּענעץ אַף א דאָרפישער דראבינע, אײַנגעהילט אין שטרוי, צעהאקט און צעבראָקט, א ייִדיש באָכערל אין א בודיאָנישן שלעם... פון דעמלט אָן האָט זי מיט נאָך מער פײַער און מער אקשאָנעס געפירט איר פּראָפּאגאנדיסטישע ארבעט.

נאָך מיטיק איז באלעבאטיש ברייטלעך ארויסגעפאָרן ראשיק פון אויס־פירקאָמישן הויף אַף א פריש געפארבט בריטשקעלע זיידל „די האלבע באָרד“.

א גוטערברודער, מיסטאמע אויך פון כעוורע־בײַטש, האָט בא „דער „האלבער באָרד“ א פרעג געגעבן אַף זײַן באלעגאָלישן שטייגער מיט א געדיכטע באסאָווע קאָל, וואָס לאָזט זיך הערן אַף א צווייטער גאס:

— וועמען פאָרט איר עס באגעגענען, רעב זיידל, מיט אזא פאראדנעם טראסק?

— א וואזשנע פארשוין, — ענטפערט ער גאָר גײַוועדיק, — די קיִעווער סאָלדאטקע, כ׳מיין די אראָפּגעקומענע פּאָלנאָמאָטשענע איבער די שקאָלעס און פּריוטן.

— און ווײַט ליגט דער וועג אײַערער, רעב זיידל?

— דעם וועג מײַנעם האלט איך אַף קראפּעשי. זי דארף אהין אַף א מיטינג. די באַרישניע אינעם שינעל וועט דארשענען פאר דער דאָרפישער הראָמאדע. זי איז אזא פארשוין, וואָס ווארט ניט אַף קיין קאָוועד. ניט געווען אזוי גיך די טאראטײַקע, האָט זי געכאפּט די פיס אַף די פּלייצעס און פאשאָל, פאשאָל... בא מיסײַלעווקע, קלער איך, וועל איך זי אָניאָגן.

דער פּאָליטפּראָסוועט אונדזערער, כאווער יאקאָוו, איז אין אלע הינזיכטן א וואָרט־מענטש. ער איז ניט פון יענע לײַט, וואָס האָבן ליב אָפּלייגן אין דער לאנגער באנק און דערנאָך פארגעסן. בא אים איז א וואָרט א וואָרט. געזאָגט און געטאָן. וועהאָרײַע: דאָס שיינע פארביקע אויספירקאָם־בריטשקעלע מיט דעם געניטן באלעגאָלע זיידל „די האלבע באָרד“ איז אצינד נאָכגעלאָפן דער קיִעווער קאָמיוגיסטן. מעגלעך, אז דאָס גרינגע בריטשקעלע מיט די גלאנציק־געמאָלטע קווייטעלעך וועט אויך צוגעבן איר שליכעס מער אָנזען אפן אָרט, מער כשיוועס, און דאָס וועט אויך עפשער פארלײַכטערן איר ווײַט ניט גרינגע ארבעט.

אין עטלעכע טעג ארום ווײַזט זיך בלומע יאכניס ווידער אין שטאָט, זי האָט אײַנגעאָרדנט א מין עקסקורסיע פון די היגע קאָמיוגיסטן אפן מיראָנעווקער צוקער־זאוואָד. שפּעטער אָרגאניזירט זי אן אויספלוג אין דער ערשטער לאנדווירטשאפטלעכער קאָמונע, וואָס געפינט זיך אינעם ווײַטלעכן דאָרף טונעקע, און אָט דאָ אָקאָרשט, צוריק מיט א וואָך, פאר

איר אָפּפאָרן אין דער פּאָוויט־שטאָט קאָרסון, האָט זי באַוויזן דורכפירן מיט א היפּשן אוילעם יונגוואַרג א „שאבעסניק” אין די פארלאָזטע און קויטיקע הינטערגעסלעך... אומקערנדיק זיך צוריק אין באַרשעוו פונעם „פּאָוויט”, האָט זי אפּסנײַ גענומען מיט האסמאָדע מעסטן די אומגעגנטן אין דער לענג און אין דער ברייט. דאָס געפּוצטע יאָמטעוודיקע אויספיר־קאָם־בריטשקעלע האָט בלומע מער אין די אויגן ניט אָנגעקוקט — ניט אלעמאָל טראָגט מען אונטער א זיס לעקעכל. זי האָט דען פריִער ניט געוווּסט? ווידער קומט אויס שלעפּן זיך צופוס דאָרף־אײַן, דאָרף־אויס, און אז דאָס מאזל גליקט, מאכט זיך אין וועג א פורל, וואָס פאָרט אהין, ווּ זי דארף. קעסיידער קומט אויס זײַן אונטערוועגנס — ווּ געגעכטיקט, ניט געטאָגט. רעדט מיט איר, איז זי גאָר גליקלעך.

וואָס־וואָס, נאָר בריוועלעך האָט בלומע יאכניס געשריבן א וועלט. גייענדיק און שטייענדיק. בא איר הייסט עס: אינפאָרמאציע, אָדער באַריכטן — דין־וועכעזשבן פאר העכערע אינסטאנצן. דאָרט, אין קיִעוו, דארף מען וויסן יעטווידער קלייניקייט, וואָס דאָ, אפן אָרט, אין דער פּעריפעריע, ווערט געטאָן. זי שרײַבט אין דער צענטראלער יוגנט־פּרעסע. די פיל געשאפענע יונקאָרן־קרײַזן העלפן איר מיט זאמלען אינפאָרמאציע.

שטארק פאנאנדערקלײַבן זיך אין בלומע יאכניסעס גרינטלעכער טועכץ איז מיר, דעם עמעס גערעדט, א ביסל שווערלעך, נאָר ווייסן ווייס איך, אז זי ווערט גוט אויסגעריסן אף איר ארבעט. ניט איין מאָל, מיסטאמע, כאלעשט איר איבער דאָס הארץ פון ניט־דערעסן. שלאָפן קומט אויך אויס זיך לייגן אָפטמאָל אף אבי אוועלכן געלעגער. די אלע אָפּקומענישן נעמט זי אָן פאר ליב, גרויסט זיך אפילע דערמיט.

און דאָ האָט זיך פלוצעם פאר גאנץ באַרשעוו אנטפּלעקט א ווונדערלעכע געשיכטע. ווי מיטן ווינט איז שנעל צעטראָגן געוואָרן א קלאנג, אז בלומע יאכניס, וואָס האָט צו טאָן מיט קאָמיוגישע איניאָנים, איז געשטאנען נאָענט, טאקע וואָס נאָענט הייסט, צום פרי אומגעקומענעם דיכטער אָשער שווארצמאן. וויי־וויי, ווי עס האָט זיך גענומען טומלען אין שטאָט! קלאל־טוער, לערער און ביכלאל דאָס בינטל ייִדישע סאָוועטישע אינטעליגענץ האָבן גענומען פאדען ארום איר. זי איז אײַנגעלאדן געוואָרן אין קולטור־אנשטאלטן, קינדער־קאָלעקטיוון האָבן געשיקט צו איר דעלעגאציעס, פארבעטן קומען צוגאסט, זי זאָל דערציילן וועגן איר כאווער און פרײַנט אָשער שווארצמאן.

ווי נאָר זי פלעגט זיך אומקערן מיד־מאט, א פארשטויבטע פון וועג, האָט מען זי טייקעף ארומגערינגלט, פארשאָטן מיט קאָלערליי פרעגענישן, מאמעש געפּאָדערט פון איר, זי זאָל אפן אָרט, אָט דאָ אינמיטן גאס, שטייענדיק, דערציילן וועגן אירע באגעגענישן מיטן דיכטער, ביפראט איצט, ווען מע האָט זיך געגוי דערוווּסט וועגן דער פראכטפולער ליד, וועלכע עס איז געשענקט געוואָרן מיט אזא געטרײַען אופשריפט — בלומע יאכניס.

די צווייטע סטראָפע פון דער ליד געדענק איך אף אויסווייניק:

ס׳איז א הירש שוין געקומען צו טרינקען פון טײַך,
ס׳איז דאָס וואסער א לויטער־קרישטאָלענע דעק...

זי פלעגט נאָך מער צעשײַנען זיך, ווען עס איז איר אויסגעקומען דערמאָנען דעם פּאָעט אָשער שווארצמאַן. אוואדע זײַנען געווען בא זיי פיל אָנגענעמע שפּאצירן, אינהאלטפולע שמועסן, אפילע צומאָל שטרײַטן, פארשארפטע אמפּערנישן, וויקוחים. א שאָד נאָר, וואָס ער, דער ליכטיקער באגאבטער יונג, אָשער, האָט זי, בלומע יאכניס, געהאלטן פאר א גימנאַזיסטקע. דער כילעק אין די יאָרן האָט אים, אפּאָנעם, ניט דערלאָזט איבעריק פרײַ זיך טיילן מיט זײַנע געפילן און געדאנקען, דערצו איז נאָך דער פּאָעט שווארצמאן געווען צוריקגעהאלטן, עטוואָס שעמעוודיק, האגאם דאָס האָט אים ניט געשטערט צו זײַן מוטיק און געוואגט אין די סאמע פארביטערטע שלאכטן קעגן סוינע.

...מאכמעס די שווערע מאטעריעלע אומשטענדן האָבן דערפירט זייער גאנצע מישפּאָכע צו יערידע, איז זי, די מיזינקע, בלומע יאכניס, געצווונגען געווען פארלאָזן דאָס לערנען אין דער פראָגימנאזיע און זיך נעמען פארגיסן גאלאָשן... שפּעטער האָט זיך דאָס מיידל אײַנגעאָרדנט אין א גומי־פאבריק. אינדערינען איז שוין געווען אומגעפער א יאָר אָנדערהאלבן נאָך דער גרויסער איבערקערעניש. דאָרט, אין דער קליינער פאבריק, זײַנען געשטעלט געוואָרן אירע ערשטע טריט אין דער ברייט־צעצווײַגטער קאָמוניסטישער יוגנט־באוועגונג. שווארצמאַן, דער נאָך ווינציק פּאָפּולערער דיכטער צווישן יִידישן לייענער, איז געווען צו יענער אומרוּקער צײַט אָנגעשטעקט מיט קאָכיקן ברויז און רעוואָליוציאָנערן פּאטאָס. אין איר, אין בלומע יאכניסן, האָט ער געפונען א הייסע ליבהאָבערן פון פּאָעזיע. דער דיכטער האָט פאר דער יונגער אקטיווער ארבעטערן פאָרגעלייענט זײַנע שאפונגען. טכילעס האָט ער זיך געקווענקלט, פאָרלייענען צי ניט פאָרלייענען, געסאָפּעקט אין איר יִדיש קענען. ווערליק זי, בלומע יאכניס, האָט פארשטאנען, איז שווארצמאנס שורע געווען ניט פּראָסט קיין שורע, נאָר א פּערל, א דיכטערישער פּערל... פּאָעזיע פון א הויכן גראַד. סארא טיף דורכגעטראכטער געדאנק, יעדעס וואָרט א דימענט. דער כוש צו עמעסער דיכטונג האָט זי ניט אָפּגענארט, די מיינונג וועגן שווארצמאנס פּאָעזיע האָט זי ניט איין מאָל געהערט פון מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען נאָענט צו יִדישער ליטעראטור, פון פאכמענער, קאָן מען זאָגן, מענטשן מיט טיפן פארשטאנד פארן קינסטלערישן וואָרט, וואָס פארמאָגן גוטן געשמאק צו קונסט ביכלאל. אָפּט און אָפּטער פלעגט שווארצמאַן פאָרלייענען פאר איר זײַנע נײַ־געשאפענע לידער — אי שטיל לירישע, אי שטורמיש אופגעבראויזטע, אי ראָמאנטישע, אי הערא͏ָישע. אָשער שווארצמאַן, ווי עס געדענקט זיך איר, האָט אין יענער שווערער צײַט געארבעט אין א דרוקערײַ, געשטאנען נאָענט און מיטגעפילט די באָלשעוויקעס. דערבײַ, דערציילט זי ווײַטער, איז קעדײַ צו באמערקן, וואָס פאר א האשפּאָע דער ברודער זײַנער דאָוויד, אן אלטער דערפארענער דרוקער, אן אָנגעזעענער קאָמוניסט, האָט געהאט אפן יונגן טאלאנט. א פארשלאָסענער אין זיך, אָפּגעזונדערט פונעם ארום, פלעגט אָשער אין א פרײַער

שאָ ארומבלאָנקען איבער די שטאָטישע פארקן, סקווערן, גאסן און פּלע־
צער. אין אזעלכע פאלן, זעט אויס, האָט אָשער שווארצמאן געלעבט מיט
זײַן אייגענער דיכטערישער וועלט... פאר קיינעם קיין שפּעלטעלע ניט
געעפנט, פארבאָרגן און פארשלאָסן טראָגט ער אין זיך דעם טיפן סאָד,
די זיס־ביטערע ווייען פון זײַן שאפונג. קיין בילכערס, דאכט איר, האָט
פאר אים ניט עקזיסטירט. קיינער אָבער האָט ניט צוגעזען די באַגײַסטע־
רונג, דערהויבענע אופוואכונג, ווען דער אופגערודערטער שטימונגס־
מענטש האָט סאָפּקאָלסאָף געפונען דאָס אײַנגעגעבענע געראָטענע בילד,
דעם נייטיקן אויסדרוק, דאָס טרעפלעכע וואָרט. אדהײַעם איז בא איר
געבליבן דער אײַנדרוק, אז דער דיכטער, דער פרײַנט און כאוועער אירער,
האָט ניט געהאט ארום זיך די ליטעראַרישע ווארעמע סוויווע, וואָס זאָל
אים קעכלען און פּעסטען. ס'איז אים ניט באשערט געווען באם לעבן זײַן
דער ליבלינג צווישן ייִדישע דיכטער. פארקערט, ער איז טאָמיד געגאַן
בא א זײַט, זייער פאָרזיכטיק, אָן פּרעטענזיעס, כאָלילע ניט בארירן דעם
קאָוועד פון די אָנגעזעענע ליטעראַרישע קויהאנים, וואָס האָבן געדוכנט
איבער פיל טאלאנטלאָזיקײַטן, און אָף אים, אָשער שווארצמאנען, ווינציק
וואָס אכט געלייגט. דער באגאבטער דיכטער איז געבליבן עלנט אין דער
דעמלטיקער ליטעראַרישער סוויווע ביזן סאָף פון זײַן קורץ לעבן. נאָך
זײַן העלדישן אומקום אין די שלאכטן בייסן בירגערקריג האָט מען זיך
ערשט גענומען אַרומקוקן אָף דעם גרויסן פארלוסט, — וואָס פאר אן אייגנ־
ארטיקער פּאָעט שווארצמאן איז געווען אין דער נײַ־אופגעקומענער ייִדי־
שער פּאָעזיע.

די רייד אירע, ווי פארכאפּט און ציקאווע עס זאָל ניט זײַן, האָב
איך דאָך אופגענומען ווי עפּעס א מין שטיקל צעשוומענע לעקציע. דאָס,
וואָס זי האָט דערציילט, איז נאָך געווען פאר מיר גענוג מעטושטעש,
שווער געווען שאפן א גענוי בילד וועגן דעם באליבטן דיכטער און העל־
דישן שלאכטמאן. עס האָט זיך געוואָלט פונדעסטוועגן הערן מער פּראָטים,
סײַ פון זײַן פּערזענלעך לעבן, און טאקע וועגן זײַן שאפן אליין אויך.

אָט דאָ לעצטנס האָב איך בלומע יאכניס באמערקט שטיין אפן באלקאָן
פון קינדערהויז, ארומגערינגלט, ווי געוויינלעך, מיט א היפּשער גרופּע
פריילעך־ליארעמענדיקע צעזשוזשעטע ייִנגלעך און מיידלעך, זיי פאר־
ברענגען, די כעוורע־יאטלעך, מיט האנאָע, אין א געהויבענער פריילעכער
שטימונג. אלע אזעלכע מונטערע, לוסטיקע, באגײַסטערטע. דעם עמעס
גערעדט, בין איך מעקאנע די מונטער־פריילעכע, לעבנסלוסטיקע קינדער
פון קינדערהויז. צו אָט דעם העל־באזונטן, ליכטיקן, ניט איבעריק הויכן
באלקאָן איז, אפּאָנעם, פאר מיר דערווײַל נאָך ניט צו דערלאנגען. דאָס
פרײַע פריילעכע שטיפן זייערס מיט דער ווילער בלומע יאכניס האָט אין
מיר דערוועקט א פארבאָרגן געפיל פון קינע — דאָס בעסטע און שענסטע
קומט שטענדיק אָן דעם מאזלדיקן קינדערהויז... צו אונדז, אין דער
ווײַט־פארוקטער שול־היים, כאפּט זיך דער הויך־געשעצטער גאסט ניט
אזוי שנעל קומען, סע ברענט ניט. ביז די קאָמיוג־פאָרשטייערן, בלומע
יאכניס, וועט זיך אמאָל דערמאָנען, אז אין בארשעוו געפינט זיך אויך א
שול־היים און אז עס שאדט ניט ארײַנקוקן אהין, וועט שוין דעמלט,

מעגלעך, די סימכע באַ אונדז קיין סימכע ניט זײַן. די נעשאָמעס אונדזערע זײַנען אויך ניט פֿון קלאָטשע, דאָס צופֿיל דויערן קאָן אויך אַמאָל אָפּשלאָגן דעם כיישעק. קאָלזמאַן עס גייט אַ סעדרע וועגן נײַע קינדער־אָרגאַניזאַציעס, ווילט זיך גלײַך מיט אַלע זײַן אײַנדערמיט.

רוישיקע, טומלדיקע זײַנען די קינדער צוזאַמען מיט דער עלטערער כאַווערטע בלומע יאַכניס אַראָפּ, צעפֿילדערט, אין דרויסן, פֿאַרנומען די גאַנצע ברייט פֿונעם שליאַך און זיך געלאָזט אין איין צעצויגענער שורע אַראָפּ, צום בריק־צו. אַלע זײַנען אַזעלכע הייס־קאָכיקע, אַז מע זעט גאָר ניט, וואָס אַרום טוט זיך. אין דער סאַמע מיט שפּרײַזט שטאָלץ בלומע יאַכניס, דאָס געקווייטלטע קאָפּטיכל ליגט שוין, פֿון גרויס גדולע, אָפּן נאַקן אַראָפּגעשאַרט.

וואָדען, אַוואַדע האָב איך גרויס כיישעק געהאַט נאָכגיין דעם לעבעדיקפֿאַנאַנדערגענומענעם ווייער, וואָס האָט זיך אַזוי זאָרגלאָז געלאָזט מיט צעשריגענעם געזאַנג צו דער בלײַענדיקער לאָנקע, ווײַט אַהין הינטער דער שטאָט, צו די „קאַלטע קוואַלן”; ווייס איך אָבער ניט, צי זיי וואָלטן מיך וועלן פֿאַר אַ שוטעף?..

באַ מיר האָט זיך געשאַפֿן אַ פֿאַלשער אײַנדרוק, כ'האָב זיך, פּאָשעט גערעדט, טויע געווען אינעם כעזשבן... אומגעריכט האָט דער קאָלעקטיוו פֿון אונדזער שול־היים געהאַט די זכיִע צו זען באַ זיך דעם לאַנג געגאַרטן גאַסט, די כאָשעווע פֿאָרשטייערן פֿון קיִעווער קאָמיוג, אָשער שוואַרצמאַנס יונגע פֿרײַנדן, בלומע יאַכניס. זי האָט ניט געוואַרט אָף קאָוועד, ביז מע וועט זי אײַנלאַדן, פֿאַרבעטן אָף אַ באַזוך. גאָר פּאָשעט, גענומען און זיך אַרײַנגעשטעלט, ווי אַ היימישער מענטש.

ווײַ־ווײַ, וואָס אין שול־היים האָט זיך אין די איינע־צוויי מינוט איבערגעבויטעט! די גדולע, די פֿרייד, די גרויסע סימכע איז ניט צו באַמאָלן און ניט צו באַשרײַבן. פֿון איין עק קאָרידאָר ביזן צווייטן האָט זיך געטראָגן הילכיק און קלינגענדיק דער באַקאַנטער נאָמען בלומע יאַכניס. די לערער האָבן אָבער סייכל געהאַט באַצײַטנס און זי פֿריִער איבערגעכאַפּט.

קוידעמקאָל האָבן די לערער, ביז עס וועט אײַנגעשטעלט ווערן אַ שטיקל אָרדענונג, אַרײַנגעכאַפּט בלומע יאַכניס אין לערער־צימער.

— אַזאַ טײַערער גאַסט! — פֿרייען זיי זיך מיט איר קומען. — איר זאָלט נאָר זײַן געזונט און שטאַרק. מיר האָבן שוין געוואָלט שיקן נאָך אײַך, פֿאַרבעטן צוגאַסט. וואָס זײַנען מיר ערגער פֿון אַנדערע?.. אונדזערע קינדער קוקן זיך די אויגן אַרויס, טײַנען, אַז זיי ווילן ניט זײַן פֿון אַן ערגערן סאָרט. אין קינדערהויז יאָ, און צו אונדז אין שול־היים ניט. מיט וואָס זײַנען מיר טאַקע ערגער?

אין לאַנגן האַלב־פֿינצטערן קאָרידאָר באַ דער צוגעמאַכטער טיר פֿון לערער־צימער זינגען מיר הויך אָפֿן גאַנצן קאָל, אַז די ווענט ציטערן אַזש:

...„לאָמיר אַלע אינאיינעם, אינאיינעם די כאַווערטע בלומע מעקאַבל־פּאָנעם זײַן,
די כ־אַ־אַווע־ערטע בלו־ו־ומע מע־ע־קאַ־בל־פּאָ־אָ־נעם זײַ־ײַ־ײַן...”

די צו הילכיקע קוילעס קאָנען, דאכט מיר, אופוועקן א טויטן.

אַט אזוי האָבן מיר א צײַט געריסן די גאָרגלען, געשריִען און געקוויטשעט, ביז דער גאסט, אן עטוואָס דערשראָקענע, איז סאָפקאָלסאָף ארויסגעגאַן מיט אלע איבעריקע לערער פונעם קליינינקן ענגן כיידערל, וואָס האָט געדינט פאר א לערער־צימער. סײַ די געציילטע דרײַ־פיר לערער און סײַ בלומע יאכניס האָבן זיך געהאט טכילעס ווי דערשראָקן פונעם צו ראַשיקן טומל און געפילדער.

— ווי די ווילדע, — קוקט אף אונדז בייזלעך־קרום די לערערן אניוטע, — וויפל איז דער שיר צו הלושען אין די אויערן?

ניט גרינג איז איר אָנגעקומען אײַנשטילן די געשרייען און גוואלדן. ענדלעך האָט זיך איר אײַנגעגעבן האמעווען די אופרודערונג פון די שוין צופיל צעלאָזענע קונדייסים־יינגלעך. ביסלעכווײַז און מיט האכנאָע שארן זיך צו די מיידלעך, פאדען און קלעפן זיך ארום דעם טײַערן גאסט, ווי בינען ארום האָניק. אוואדע ווייסן זיי זייער גוט, ווער איז די צוגאסט געקומענע קאָמיוגיסטן אין דער גרינער אָפגעבליאקעוועטער שינעל. וואָס מער איך קוק זיך אײַן אין איר פײַנער קרעפטיקײַט, פולבלוטיקײַט און דעריקער אין איר ווויל, גוטמוטיק פּאָנעם, ווילט זיך מיר שטיין נעענטער צו איר, זײַן אפילע אונטער איר אופזיכט און אונטער איר האזשגאָכע. בײַפראט נאָך, ווען מע קוקט טיפער ארײַן אין אירע ליכטיקע אויגן מיט אָט דעם בלוילעכן אָפּגלאנץ פון בליק, פארשפּאָרט מען שוין רעדן וועגן איר ליבשאפט צו מענטשן.

דאָ, אין שול־היים, זאָגט זי, פילט זי זיך בעעמעס אויסגעצייכנט. דאנקט אלעמען הארציק פאר אזא ווארעמען קאבאָלעס־פּאָנעם. אלצדינג, וואָס זי זעט דאָ, פרייט איר ביז גאָר. דאָס איז אפילע צו זען פון איר נאכעס שעפן, פון איר ווארעם־צעשטראלט פּאָנעם. זי קוועלט נאכעסדיק אָן סײַ פון די קינדער, סײַ פון די איבערגעגעבענע לערער־דערציִער, עס פארשאפט איר, זאָגט זי, גרויס פרייד דער פײַנער אָרגאניזירטער קינדער־קאָלעקטיוו. זי רימט און לויבט אונדז ביזן הימל ארײַן.

— אײַער שול־היים, — רעדט זי מיט היסלײַוועס, — איז א יעש, א נײַע טאָכיקע קערפערשאפט, דעריקער פאר די אָרעמע צעשפליטערטע בעזשענצעס, וואָס זײַנען געלאָפן פון פּאָגראָמען אהער אין בארשעוו ראַטעווען דאָס לעבן. עמעס, פון אזעלכע נײַ־געשאפענע קינדער־אנשטאלטן, ווי אײַער שול־היים, איז ווייניק באוווסט. איך, לעמאָשל, האָב קימאט אינגאנצן ניט געהערט פון אזעלכע מינים קינדער־קאָלעקטיוון מיטן נאָמען „שול־היים”, אָבער ניט דאָס איז וויכטיק. דאָס סאמע טײַערסטע, וואָס איז פאר אונדז געבליבן נאָך די פּאָגראָם־אומגליקן, זענט איר, די געראטעוועטע קינדער. מיר געדענקען אלע, ווי אין דער כאָרעוו־געוואָרענער מעדינע האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט קאָלערליי באנדעס, זיי האָבן אָנגעטאָן געגנוג כורבוינעס, געצונדן ווילד פײַער, געשפרייט רעדיפעס און גזיילע. דאָס זײַנען אלץ געווען רעשטלעך פונעם אלטן צעפוילטן צאריזם, ברוכשטיקער פון דער צעפאלענער אָרדענונג. קולאקישע אונטערהעצער, פארדארבער, ראָצכים, אונטערשטיצער פון דער ווײַסער אנטאנטע. סאָנים!..
מיר אלע פילן צו גוט און ווייסן, אז דאָס כאָרעוו־געוואָרענע לאנד איז

פול מיט האלבע און גאנצע יעסוימים. ווי אין א שפיגל קאָנט איר אַרײַנ־קוקן אין אײַער בארשעוו אליין. — די דאָזיקע רייד אירע זײַנען געווען ווייטעקדיקע רייד.

שפּעטער האָבן מיר פאר איר געוויזן מיט שטאָלץ שיר ניט בארימעריש יענץ אָפּגעזונדערט ווינקל מיט די געמעלן, געקלעפּטע פיגורלעך, האָלץ־אויסשניטן. אָף איר פּאָנעם איז ווידער אומגעקערט געוואָרן די נאטיר־לעכע מילדקייט, זי איז אפילע געוואָרן נאָך צארטער, נאָכגיביקער. באַ־הערשט פון ווארעמע געפילן, שווימט אָן אָף איר מילד פּאָנעם א גוטסקייט. בלומע יאכניס באוונדערט אונדזערע האנט־ארבעטן מיט פריידיקער אנ־ציקונג:

— דאָס איז אויסגעצייכנט!

ווײַטער האָט זי שוין פּאָשעט געוואָלט פארשאפן די קינדער פרייד.

קליינערהייט, האָט זי קורץ דערציילט, האָט זי פארבראכט אין א ווײַט פארוקט דאָרף ארומגערינגלט מיט אוראלטן וואלד. טאטע־מאמע האָבן גערעדט צווישן זיך האלב־ייִדיש, האלב־אוקראַיִניש. אין דאָרף, ווייסט מען ווויל, רעדט מען מיט די ארומיקע אוקראַיִניש. דערפאר רעדט זי אוקראַיִ־ניש ווי א וואסער.

ניטאָ, דאכט מיר, קיין צווייטע צו אָט דער בלומע יאכניס, וואָס זאָל קאָנען אוועקלייגן אזא געשמאק דאָרפיש לאָשן.

— נו, און ייִדיש?

ייִדיש דאָרף מען זיך לערנען בא איר נאָענטן פרײַנט, דעם אָנגעזעענעם דיכטער אָשער שווארצמאן. צי האָבן מיר אמאָל געהערט, פרעגט זי, פון אזא ייִדישן פּאָעט?

...א שײַלע א ביסל.

מיר קוקן אלע אָף בלומע יאכניס, ווי די פארקישעפטע, — עפּעס א קלייניקייט, א פערזענלעכער פרײַנט פון אָשער שווארצמאנען! מיט אופגע־ריסענע אויגן שטייען מיר פאר איר און קוקן איר גלײַך אין מויל ארײַן. האָט טאקע בעעמעס דער דיכטער אָשער שווארצמאן זיך באגעגנט מיט אָט דעם קיִעווער מיידל אין דער גרינער שינעל, וועלכע מע רופט אזוי פּראָסט און היימיש, בלומע יאכניס?

און דאָ פּלוצעם האָט א שאל געטאָן אין דער לופט ניט גאָר הויך, נאָר שטארק און מעכטיק, ווי א טרומייטן־רוף:

די שווארצע מוטער־נאכט
צעריסן ווערט פון ווײ:
דער סוינע בא די טויערן!

שטאָלץ און דערהויבן, מיט פולער זיכערקײַט, שוועבט איר פארמאָס־טענע האנט אין דער לופט, גלײַך ווי זי אליין וואָלט געפירט דאָס כאַיִל צו שטורעמדיקע אטאקעס. אימפּעטדיק טוט איר קערפּער זיך א נייג פאָ־רויס, דער געדיכטער קאָפּ האָר איז צעקאָשמעט, מיט אלע אירע פיבערן איז זי אײַנגעוועבט אינעם קאמפּס־ריטם.

אפגיך צום פערד,
די האנט שטאָל אָן,
ס'איז איצט די שווערד,
די שפּיז — א פאָן —
— דער סוינע בא די טויערן!..

## דער וועג צום מאָלער

איינמאָל פאר אלעמאָל מוז איך בא זיך פּויעלן זיך אָנעמען מיט דרייסטקייט, ווי מע זאָגט, איינשטעלן דאָס מאזל מיינס: איך וועל בעטן אָניסי מארקאָוויטשן, ער זאָל אָנמאָלן דעם באליבטן דיכטער אָשער שווארצמאנען.

ביז עפּעס וואָס האָב איך דערוויטל געקראָגן, עפּעס מיט גרויס איינשטעלעניש און הארץ־ציטערניש, א פארגעלט פאָטאָ־בילדל פונעם דיכטער אין איינעם א זשורנאל. וויפל מאָל איז מיר אויסגעקומען לויפן אין שטאָט־ביבליאָטעק בעטן דעם דאָזיקן זשורנאל אהיים, קלוימערשט אף צו לייענען, ביז איך האָב סאָפּקאָלסאָף ארויסגעריסן ביגנייווע דאָס בלעטל מיטן בילד, און איצט טראָג איך זיך מיט דעם ארום בישטיקע, ווי מיטן גרעסטן סאָד און מיט דער גרעסטער גנייווע. כ'האָב נאָך אלץ מוירע, עמעצער זאָל מיך ניט פּאקן מיטן „כאָמעץ". כוץ דעם, וואָס דאָס ארויסגעריסענע זשורנאל־בלעטל ליגט אקוראט צונויפגעלייגט אין א ווייס בייגעלע פּאפּיר, איינגעפלעטשט צווישן צוויי קארטאָן־טעוועלעך, געפינט זיך עס נאָך אף אן איידעלן געלעגער, איינגעמאָסטעט אין א שמאָל האָרן־פּושקעלע פון אן אלטן פּאָרטסיגאר. דאָס שלעכט־אָפּגעדרוקטע פאָטאָ־בילדל, כאָטש עס איז דעראָבערט געוואָרן ניט גאָר אף קיין קאָשערן אויפן, איז בא מיר פיל מאָל טייערער, ווי די בעסטע געשענקטע מאטאָנע.

כ'ווייס אפריער — ניט גרינג וועט מיר אָנקומען זיך ווענדן מיט מיין באקאָשע צום אלטן מאָלער. אויסלייגן מיינע רייד אף אן אנדער לאָשן, ער זאָל מיך גוט פארשטיין, — וועט זיין פאר מיר ניט אזוי פּאָשעט. איך בין אפילע ניט זיכער, צי וועט ער מיך וועלן אויסהערן ביזן סאָף און פארשטיין דאָס, וואָס איך בעט. איצט בלייבט פאר מיר נאָך א הארבע קאשע: וואָס, אשטייגער, קאָן איך אים פאָרלייגן, דעם געניטן מייסטער, אָנשטאָט געלט? וואָס מער איך קלער וועגן דער באגעגעניש, אלץ מער וואקסט אין מיר די שרעק. ווער בין איך עס אזעלכער אנטקעגן אים? עפּעס א שנעק פון שול־הויף. קוקט נאָר אָן דאָס מענטשעלע, וואָס איז געקומען מיט א באשטעלונג צו אזא געקרוינטן מענטשן, וואָס האָט פארבינדונגען מיט לונאטשארסקין...

אָבער אָפּטרעטן קאָן איך ניט. כ'וועל גיין אף אלץ אין דער וועלט, עס מעגן פאלן שטיינער פון הימל, באָדיי דאָס אייגענע לעבן איינשטעלן, נאָר מיינס וועל איך זיך דערשלאָגן.

גאָרניט קיין שלעכטער סייכל וואָלט געווען, פאלט מיר איין א געדאנק, אויסצייצענען זיך פריִער מיט כאָמעלען, וואָס פארהאלט זיך מיטן

מאָלער ביז גאָר פריַינטלעך. ער וועט זיך לאָזן פאר איר שניַידן די פינגער. זי וואָלט זיכער בא אים געקאָנט פויעלן דאָס, וואָס אן אנדערער וואָלט זיך בא אים ניט געקאָנט דערשלאָגן. די, וועלכע קענען דעם מאָלער א ביסל נעענטער, ווייסן גאנץ ווויל, אז ער קוקט ניט אף קיין יִיכעס, הויכע באאמטע, אזויגערופענע „שישקעס". אָבער כאָמעלע האָט געהאַט צו אים גרויס מאזל. נאָר גראָדע איר האָב איך גאָר ווינציק כיישעק געהאַט אנטפלעקן מיַין סאָד. ניין, כ'וועל פּרוּוון אליין געפינען א וועג צום קינסטלער, אליין... אויב ער וועט מיך נאָר וועלן פארשטיין, דארף איך קיין שטאדלאָנים ניט האָבן.

באטאָג בלאָנקע איך לאנגע שאָען ארום באם ברעג טיַיך, טאנץ אריבער איבער די שטיינער אף יענער זיַיט, לאָז זיך לויפן צו דער איַינגעפאלענער וואסער־מיל, נישטער ארום צווישן די אָנגעשפּאָלטענע שטיינער, צעוואָרפענע לאָזע־קוסטעס, ביז עס פארטראָגט מיך אזש צו די מאָנאסטיר־גערטנער. וויַיטער, מיטן אויסגעטראָטענעם בערגל ארוף, וואג איך ניט גיין. דאָרט, העכער, וווינט דער ליַיטזעליקער פּאטריַארך, דער קויהענגאָדל אליין. אוואדע וואָלט איך זייער געוואָלט, אונדזער באגעגעניש זאָל זיַין א ריין צופעליקע...

צוריקוועגס זוך איך אויס אזעלכע ערטער אינעם טיַיך, ווו דער שטראָם טראָגט ניט מיט אזא האסטיקער שנעלקיַיט די רוישיקע כוואליעס. פאמעלעך שטעל איך פּאָרזיכטיקע טריט אין וואסער, דערקליַיב זיך פון איין אָרט צום אנדערן, ביז איך שטויס זיך אָן אין דער ריזיקער און הויכער גראניט־וואנט פון די שטיין־קאריערן. די מוירעדיקע ריזן־וואנט, וואָס איז צונויפגעגאָסן פון פארשיידנקאָלירעקע שיכטן, בלענדט רויטלעך־שארף קעגן דער רונדער זון, וואָס פארגייט פלאקערדיק איבערן צעגליטן האָריזאָנט. איך ווייס, אז אָניסי מארקאָוויטש איז פארליבט אין די דאָזיקע אויסטערלישע צויבער־פארבן. ער רופט זיי טאקע אזוי אָן: די קישעפדיקע בארשעווער זון־אונטערגאנגען.

אויך דאָ, ארום די קאריערן, געפין איך ניט דעם, וועמען איך זוך. עפשער איז מיט אים עפּעס געשען? פאָרט אן עלטערער מענטש, אָפּגעזונדערט פון מענטשן, אן עלנטער, מאלע וואָס עס קאָן טרעפן. איך ווייס שוין ניט וואָס איבערצוקלערן. איין זאך ווילֿ איך אצינד: ער זאָל כאָטש זיַין געזונט.

כאָמעלע, קלער איך, דארף געוויס וויסן, וואָס האָט פּאסירט מיטן איינזאמען זאָקן. ניטאָ, ווער עס זאָל אים צולייגן א נאס טיכעלע צום קאָפּ, א ביסל וואסער דערלאנגען... אין איין אָטעם לויף איך פארסאָפּעט צו איר אהיים. אין דער היים טרעף איך כאָמעלען מיט דער מומע העניע שטארק פארפּאָרעט. זיי זיצן ביידע אף דער ערד, בא דער שטוב־וואנט, ארום א גרויסער קופּערנער פאן און קאָכן פלוימען־פּאָווידלע. זען זע איך, ווי בא דער שיינער כאָמעלען שלאָגן זיך ארויס די האָר פונעם ענגפארבונדענעם קאָפּטיכל, אירע אויגן זיַינען פּיַיכטלעך פארטרערט. פון דעם נידעריקן דריַיפוס שלאָגט מיט בלינדע צוגעשטיקטע פלעמלעך.

— כאָמעלע, זיַיט מיר הונדערט מאָל מויכל, כאָמעלע, מיַין קומען אינ־

מיטנדערינען צו אײַך, אומגעריכט, — פאַרענטפער איך זיך א פאַרויטלטער ביז איבער די אויערן.

— ווער פרעגט דיך, נאַרעלע, צוליב וואָס דו ביסט געקומען? — לאָזט זי מיך ווײַטער ניט אויסרעדן קיין וואָרט. — א דאַנק גאָט, אבי דו ביסט דאָ. נעם צעהאַק בעסער א ביסל שפּענער, — שטופּט זי מיר דעם אויסגע־שטשערבעטן האַקמעסער אין האַנט אַרײַן, — זײַט זיך מאַטריזעך, פּעטער, און זוכט דאָ אויס ערגעץ א טרוקן שײַטל האָלץ. נישקאָשע, רעב פּעטער, דערפון ברעכט מען ניט אײַן דעם רוקן. זעסט אליין ניט, ווי דער רויך האָט שוין בא מיר אויסגעגעסן דאָס שטיקל האַרץ. אז דער מומע העניע מײַנער פאַרגלוסט זיך פּאָווידלע, קאָן דען זײַן א טערעץ?

כאַמעלע האַלט זיך מיט מיר שטענדיק פרײַ, היימיש, פראָסט, אָן כאַכ־מעס. און אז די שיינע כאַמעלע פּרייט זיך מיט מײַן צופעליקן באַזוך, ווערט בא דער מומע העניע אויך א ביסעלע געהויבן די שטימונג. זי וויצלט זיך פון צײַט צו צײַט מיט פײַנע שאַרפזיניקע ווערטלעך. בא כאַ־מעלען הייסט עס, די מומע העניע כאַכמעט זיך, זי קאָן אמאָל גאַנץ גע־לונגען שטעלן יענעם צו לײַטיש געלעכטער.

די אָנגעשפּאָלטענע שפּענער, וואָס ליגן אָנגעהויפט לעבן מײַנע פיס, זײַנען בעפיירעשׂ טרוקענע שפּענער.

— כ'האָב שוין לאַנג געזאָגט, אז דו ביסט בא מיר א פּאָלנער מאָלאָ־דיעץ! — טוט כאַמעלע א שפּרונג צו מיט גדולע און כאַפּט מיך אַרײַן אין אירע אָרעמס. — ביסט דאָך מײַן עמעס גאָלדן ייִנגל, מײַן דימענט!

— מיט א דימענט, — וואַרפט די מומע העניע כיטרע־שטעכיק צו, — איז גוט שנײַדן גלאָז... — אָבער טייקעף, פּיל איך, קריגט די מומע הע־ניע כאַראָטע און וויל כאַפּן צוריק דעם וויץ, וואָס זי האָט געוואָרפן אין מײַן גאָרטן. אזוי פאַרשטיי איך, אַנדערש וואָלט זי ניט גענומען מיך גלעטן איבערן קאָפּ. — ניט דיך, כאַלילע, מיין איך. ס'איז געזאָגט געוואָרן סטאַם אין דער וועלט אַרײַן, צוליב א גלײַכוואָרט. אונדזערע כאַכאָמים זאָגן דאָך: צוליב א כאָכמע מעג מען זיך לאָזן גיין זיבן ווערסט צופוס.

מויכל, מויכל, איך קאָן גיין שווערן, אז קיין בייזווייליקע קאַוואָנע האָט די מומע העניע ניט געהאַט. יאָ, קלער איך ווײַטער, וויאזוי זשע טוט מען א טאַפּ אין וואָגן מיקויעך דעם אלטן מאָלער?

נאָר כאַמעלע קומט מיר אליין צוהילף.

— אָניסי מאַרקאָוויטש קוקט אַרויס אָף מיר, ווי א גוטער־ייִד קוקט אַרויס אָף מאָשיעכן. גאַנצענע טעג, אָן אָפּרו און אָן א ביסל וואַרעם גע־קעכץ זיצט ער אונטער ראָסקאָפּענעץ באַם גרויסן „בורון", צווישן די צוויי מוירעדיקע שטיינער־טויערן. ער זיצט און מאָלט, מאָלט, מאָלט, דערנאָך וואַרפט ער דאָס געמאָלטע אין וואַסער אַרײַן. גאָרנישט געפעלט אים ניט. א ראַכמאָנעס צו קוקן, ווי דער זאָקן שלאָגט זיך נעבעך אינגאַנצן אַרויס פון די קויכעס.

אז באַם אלטן וואָגלער איז ניט אלץ גלאַט אין „אייבערשטיבל", איז פאַר מיר קיין נײַעס ניט. אלע ווייסן, אז עס פעלט אים א קלעפּקע... וואָס הייסט — מאָלן, מאָלן, מאָלן און וואַרפן דאָס געמאָלטע אין טײַך אַרײַן? דאָס איז א גאַנג פון א קלאָרן מענטשן?

כאַמעלע האָט צו מיר א באַקאָשע: איך זאָל אליין געפינען דעם קינסטלער און אים איבערגעבן אין די הענט דאָס פלעשעלע קליי, גומיראַ־ביק הייסט עס, און איניינווענגס, אויב עס איז מיר ניט שווער, פארכאַפּן מיט זיך די נײַע פאָלירטע רעמלעך.

מיטן שענסטן קאָווער!

זי ווייסט ניט און וועט זיך קיינמאָל ניט אָנשטויסן, ווי גליקלעך איך בין מיט איר שליכעס. אצינד קאָן איך קומען צו אים א סאך דרייסטער. אָ, איך בין איר זייער דאנקבאר, וואָס זי שיקט מיך מיט אזא וואזשנעם גאנג. נישקאָשע, זאָל כאַמעלע ניט דײַגענען, איך וועל אים געפינען, אפילע אונטער דער ערד וועל איך אים געפינען. איך וועל זיך פארגאַנ־ווענען אין א באהעלטעניש און שטילערהייט אונטערקלײַבן דאָס, וואָס ער ווארפט אין וואסער ארײַן.

זי וויל נאָך, כאַמעלע, מיט מיר איבערגעבן א ווארעם סלאָיִקל פּאָווידלע. מאכעטייסע!

אזוי האָבן מיר טאקע אָפּגעשמועסט מיט כאַמעלען — מאָרגן נאָך די לימודים וועל איך קומען אהער צו דער מומע העניע — נעמען אלץ, וואָס מע דארף, און זיך אוועקלאָזן צו די ראָסקאָפּענעצער שטיינער. בעערעך ווייס איך, ווו דער גרויסער „בורון" שפּארט אָן, איך ווייס אויך, ווו עס זײַנען די שטיינער־טויערן באם וואסערפאל.

— כוץ דעם, וואָס דו וועסט מיר אײַנשפּאָרן א גאנג, — זאָגט זי, — וועסטו נאָך פארדינען א מיצווע. זעסט כאָטש, ווי אזוי עס האָט אָנגעריסן בא מיר דער פוס? סאמע אפן טראָט. איך קאָן נישט, ניט פאר דיר געדאכט, ארויסגיין פון יענער זײַט טיר מיט אן אָנגעטאָנענעם שוך. קענסט דאָך מיך, כ'בין ניט קיין שטוב־זיצערן, ס'איז ניט אין מײַן נאטור זיך שאפן מיט יענעם, ווען איך אליין בין בעקויעך עס טאָן. הײַנט, מאָרגן, האָף איך, וועט דער בלאָטער אופּרײַסן. ווי נאָר עס וועט מיר ווערן א ביסעלע גרינגער, וועל איך זיך ניט לאָזן לאנג בעטן. גיב אים איבער, אָניסי מארקאָוויטשן, אז מע האָט מיר צוגעזאָגט אין איינעם אן אָרט, טאקע בא מײַנער א קוזינע, קריגן דעם לײַוונט־מאטעריאל פאר א צוגענגלעכער פּרײַז.

פונעם גאנצן הארצן ווינטש איך כאַמעלען, זי זאָל וואָס גיכער גע־זונט ווערן. מיט איר קראנק־געוואָרענעם פוס, כאָטש מע טאָר אזוי ניט זאָגן, האָט זי מיר דאפּקע זייער שיין צוגעדינט.

אף מאָרגן נאָכן מיטיק האָב איך צוגעקלערט א טערעץ, און די לערער האָבן מיך פרײַגעלאָזט פאר דער צײַט. פון דער מומע העניעס מאָקעם־מיקלעט בין איך ארויס גאנץ נישקאָשעדיק אָנגעגורט. כאַמעלע האָט אלץ באוואָרנט, אקוראט ווי א גוטע באלעבאָסטע, צונויפגעלייגט אין קויש, די רעמלעך אָנגעהאנגען אף מײַן האלדז, ווי אף א דישעל, און געבעטן, ווי אן עלטערע שוועסטער קאָן בעטן, איך זאָל זיך אפן וועג מיט קיינעם ניט פארטשעפּען, ניט שטעלן זיך אויסטײַנען, ניט פארפירן מיט די גאסן־ייִנגלעך דאָס, וואָס מע רופט אָן שורעבורע, שטיפערישע מאניפּאָרגעס.

— טו מיר צוליב!

כ'ווייס אליין זייער גוט, וווהין איך גיי און וואָס איך טראָג מיט זיך. זי פאַרשפּאָרט אויסנעמען מיט מיר. כאָמעלע מעג זײַן רויִק, אינגאַנצן רויִק.

— אַלץ וועט זײַן וווּיל און גוט! — שרײַ איך אַ פריילעכער אויס.

ווי נאָר מע שפּאַנט אַדורך די הילצערנע בריק, זעט מען ביכלאַל ווינציק ייִנגלעך, אַזעלכע ווי איך, ביפראַט נאָך, אַז מיר קומט אויס פאַרקערעוועו צו דער לאָנקע, פּאַזע דעם שלענגלדיקן טײַך. דאָ וועסטו געוויס אינמיטן טאָג קיין לעבעדיקן הונט ניט באַגעגענען. אין אַזאַ צײַט איז יעדער איינער פאַרנומען בײַ עפּעס אַן אַרבעט. ווער קאָן זיך עס פאַרגינען אינמיטן דער וואָך סתּם לאָזן זיך אויף אַ שפּאַציר צו דער לאָנקע? שאַבעס אָדער זונטיק איז גאָר אַן אַנדער זאַך, שאַבעס און זונטיק זײַנען טעג פון רו און מע קאָן זיך דערלויבן, דעריקער צו פאַרנאַכט־צו, פאַרברענגען אויף דער פרישער לופט, בײַם וואַסער, וויפל דאָס האַרץ גלוסט. דעמלט זעט מען פיל שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך, אַנדערע לאָזן זיך מיטן טײַך אויף שיפלעך, יונגע באָכערים פאַרמעסטן זיך אין שווימען, פלעכטן היטעלעך, פאַרפירן צווישן זיך באָרענישן, טראַכטן אויס אַלערליי שפּילן. מיר דאַכט, אַז קיין שענער און בעסער אָרט ווו צו פאַרברענגען איז אין באַרשעוו ניטאָ. דאָ, בײַ די גרינע טײַך־ברעגן, אַרום פיל און פיל צעפּאַטלטע ווערבעס, איוועס, בערעזקעס, איז בעעמעס אַ שטיק גאַניידן. זון און שאָטן בײַטן זיך נאָכאַנאַנד דעם גאַנצן הייס־זומערדיקן טאָג. איצט, ווייס איך אַליין וווּיל, איז ניט קיין זמאַן פון זײַן פרײַ, לאָזן זיך ווויליגיין אונטערן פרײַען הימל. דער וואָכעדיקער האַלב־טאָג שטייט פאַרנומען מיט שווערער מענטשלעכער האָרעוואַניע. אפילו די ווײַס־צעגליטע זון, וואָס סאַרפּעט הויך אין הימל, איז ניט ווינציקער פאַרנומען מיט זאָרג און טאַכלעס פאַר אירע לעבעדיקע באַשעפענישן אויף דער ערד. פאַר די אויגן שפּרייט זיך די ווונדערלעכע מעכײַעניש אַליין, אַ דערקוויקונג פאַר דער נעשאָמע. דאָס האַרץ טײַעט פון דער פרעכטיקער פּילפאַרביקײַט און זינגעוודיקײַט, וואָס רינגלט דיך אַרום. די העל־באַזונטע לאָנקע איז אָנגעפּילט מיט לעבעדיקע קוילעס, קאָלערליי זשומענישן און טשיריקערײַ, גרילעניש און צירקעניש. דער זיסער טריליקער געקלאַנג באַגלייט מיך דעם גאַנצן וועג.

דעם גרויסן פּאַנאַנדערגענומענעם שירעם, וואָס שטייט ערגעץ דאָרט אין דער הייך, אויף די פעלדזן, האָב איך דערזען העט פון דער ווײַט. כוץ אָניסי מאַרקאָוויטשן פאַרמאָגט קיינער ניט אַזאַ זון־דעכל. די צונג דאַרף מען מיר ניט פּיקן, איך ווייס זייער גוט, וואָס איך האָב צו זאָגן. דערפאַר טאַקע פיל איך זיך פעסט. „כאָמעלע האָט מיך געשיקט...” דאָס וועלן זײַן די ערשטע ווערטער.

גאָר ניט אַזוי פּאָשעט איז זיך דערקלײַבן אַהין. דורכויס זײַנען אָנגעוואַלגערט מאַסיווע שטיינער. וואָס ווײַטער, זײַנען די שאַרפקאַנטיקע גראַניט־הליבעס געפערלעכער. ערגעץ טיף אין דער נידער ריזלען פאַרטײַעטע בולקענדיקע שטרעמלעך. ענדלעך האָב איך זיך דערקליבן צו אָניסי מאַרקאָוויטשן. אפילו אונטער דעם ברייטראַנדיקן שטרויענעם

הוט האָט דאָס היפּשע אָנגעבראַקנטע פּאָנעם זײַנס אויסגעזען, ווי נאָך א שוויץ־באָד. די גלײַזקע זון־שטראַלן פון אזא טאַמעז־טאָג קאָנען אדורכ־ברעכן ניט נאָר קיין שירעם צי א שטרויענעם הוט, נאָר וואָס איר ווילט אליין. ראָזלעך־צעפּריִעט שטייט דער אלטער מײַסטער, עטוואָס אָנגעבויגן איבער דער מאָלברעט, שטרײַכלט און פּינטלט מיט די פּענדזלעך, וויל עפּעס פון דער ווײַט אופכאַפּן מיט זײַן אָנגעשטרענגטער זקײנישער ריִע, שטעלט אונטער א האַנט־דעכעלע, זשמורעט די אויגן, קרימט דאָס מויל, גלײַך ווי ער פּרוּווט דאָס געזעענע אפּן טאַם. עס געפעלן אים ניט, ווײַזט אויס, די דין ארופגעלייגטע פאַרב־שטריכן אפּן לײַוונט. טכילעס האָב איך זיך אליין ווי דערשראָקן: דער פאַרטראָגענער מאַלער קוקט אף מיר מיט ברייט צעעפנטע אויגן און זעט מיך ניט. עטלעכע מאָל כאָזער איך איבער שטיל און פאַרציטערט:

— פון כאַמעלען... דאָ האָב איך עפּעס־וואָס געבראַכט פאַר־אײַערט־וועגן.

ווער, וואָס, א נעכטיקער טאָג, דער אלטער הערט מיך ניט. ער איז בלינד און טויב צו מיר. נעם איך פּאַמעלעך פּויזען א ביסעלע העכער. אף אלע פיר האָב איך צוגעקלעטערט גאָר נאָענט צום אײַנגעפּעסטיקטן שירעם. דאָס לענגלעכע פּאָנעם בא אָניסי מאַרקאָוויטשן איז בייזלעך אָנגעכמורעט, דער בליק פאַרשאַרפט. וועדליק האָב איך פאַרשטאַנען, האָבן די אָנגעהאַנגענע רעמלעך אף מײַן האַלדז אים אָפּגעהאַלטן מיך דורכצוטרײַבן.

— כאַמעלע,— שטאַמל איך, ווי די נעשאָמע בא מיר וואָלט אנטלאָפן אין די שפּיץ פינגער,— כאַמעלע זיצט אין דער היים מיט א געשוואָלענעם פוס...

— וואָס? — פרעגט ער צעטומלט.

— כאַמעלע,— זאָג איך א צווייט מאָל ווי ווײַט מעגלעך הויך,— זיצט אין דער היים מיט א געשוואָלענעם פוס. אָט דאָס אלץ,— שלעפּ איך העכער ארוף דעם פולן קויש,— איז פאַר־אײַערטוועגן. די רעמלעך אויך.

— א דאַנק! — נייגט ער דעם גרוי־גרײַזן קאָפּ מעוווּלוּוולדיק,— וועסט מיר ניט שטערן? — פינקלען נאָך אלץ אין זײַנע אויגן אומרויִקע פײַער־לעך,— דו זאָג מיר דעם עמעס, וועסט מיר ניט שטערן?

— איר ווילט, איך זאָל זיך וואָס גיכער אָפּטראָגן? נעמען די פּיס אף די פּלייצעס און נעלעם ווערן? — שטיקט מיך עפּעס ביטערלעכס אין האַלדז.

— זיצן דאָ,— מאַכט ער א זויערע מינע,— וועט דיר גיך נימעס ווערן.

דערויף ענטפער איך אים עפּשער ניט אינגאַנצן איידל, מעגלעך אפילע אזעסדיק:

— זאָל אײַך ניט קימערן. אז עס וועט מיר נימעס ווערן, וועל איך שטילערהייט נעמען דעם וועג.

ביסלעכווײַז ווערט ער רויִקער, ווייכער און צוגעלאָזטער.

— גאָט באַהיט, איך טרײַב דיך דען? אדעראַבע, זיץ דאָ לעבן מיר וויפל דו ווילסט. איך זאָג נאָר, אף דײַן אָרט וואָלט איך מיסטאָמע אָפּגעזוכט א שענערע און א פריילעכערע קאָמפּאַניע.

איך האָב זיך גענומען פאמעלעך אַראָפּגליטשן נידעריקער פון דעם שטארק אָנגעגליטן פעלדז. פון די אָנגעשפּאָלטענע שטיינער, וואָס דער־גרייכן צום אָפּגרונט, האָט טויבלעך אָפּגעשלאָגן מיט מורמלענדיקע וואַ־סער־קלאַנגען. מיר האָט געדאכט, אז מע האלט אין איין איבערגיסן א פליסיקייט פון איין קיילע אין א צווייטער. איך קוק אַריַין אין דער טונקעלער טיף, ווי מע קוקט אַריַין אין א קילן ברונעם, און באַמי זיך מאכן דעם אָנשטעל, אז עס אינטערעסירט מיך לאכלוטן ניט, וואָס דער מאָלער מאָלט, באמערק ניט זיַינע האוויַעס, לאָז ניט ארויס קיין מינדסטן קלאַנג, גליַיך ווי איך בין דאָ ניטאָ. ווילן וויל איך, אז אָניסי מארקאָ־וויטש זאָל אין מיר אינגאנצן פארגעסן. ערשט דעמלט, ווען ער וועט זיך קליַיבן גיין אהיים, וועל איך פאר אים אנטפּלעקן דעם סאָד. לעסאָטע צי איך פאַרזיכטיק ארויס פונעם האָרן־פּושקעלע דאָס בלעטל, אף וועלכן עס איז אָפּגעדרוקט שווארצמאנס פּאָרטרעט. די וויַיסע און שווארצע שטריכן נעמען שווינדלען פאר די אויגן, ווי אַן אויסגעמאָלטער קאָסער רעגן. נאָך ערגער און שרעקלעכער זיַינען די אויסגעצוויטעטע בלינדלעכע אויגן. ווער האָט עס אים קאליע געמאכט די ריִע? דער דיכטער אָשער שווארצמאן האָט אוודאי געמוזט האָבן שיינע, ליכטיקע, פיַיערדיקע אויגן.

נאָר אונטער פעלדזן, הער איך, רינט
און ריזלט פריש א שטראָם, —

די דאָזיקע צוויי שורעס זיַינען מיר געקומען אפן זינען, בייס איך האָב זיך צוגעקוקט און צוגעהערט, ווי דינינקע ריטשקעלעך ריזלען, זשומען, וואָרקען אונטער די מאסיווע ריזיקע שטיינער. וואָס נידעריקער איך נייג דעם קאָפּ צום שטיין־שפּאלט, אלץ קילער לאָזט זיך פילן די פיַיכטלעכע פרישקייט.

פון צייַט צו צייַט פיל איך אף זיך דעם מייַסטערס שווערן בליק, עפּעס ליגט אינעם דורכדרינגלעכן בליק אויסגעגאָסן א צאָרן. מיט אומצופרי־דענעם פאָרוווּרף שלייַדערט ער מיך אָפּ פון זיך. דערפון אליין ווערט מיר שווער אפן הארצן. וויאזוי וועל איך אים קאָנען וויַיזן דעם דיכטערס פאָטאָ־בילד און אים נאָך בעטן, ער זאָל מאָלן דערפון א פּאָרטרעט?

— כ'האָב דיך פריִער געוואָרנט, — קלאָגט ער זיך אף זיַין שוועד־ביטערן כאראקטער, — זיצנדיק לעבן מיר, וועט דיר ווערן אומעטיק. אפילע אן אומשולדיקע פליג אנטלויפט פון מיר. זעסט דאָך אליין, אז איך בין א קנאפער בעריע אף צו פאַרוויַילן עמעצן. האָב קיין פאַריבל ניט אף אן אלטן מאָרעשכוירעניק. קוק ניט ארויס און דערוואַרט ניט, מייַן טייַער יינגל, קיין ברעקעלע פרייד פון דעם אלטגעבאקענעם מעלאנכאָליקער.

און דאָך, וואָס וויַיטער, דערוועקט זיך אינעם קינסטלער מער ווייכ־הארציקייט. ער ווערט צוגעלאָזטער און נאָכגיביקער. דער איַינגעשלאָסע־נער מענטש האָט פּלוצעם באקומען לאָשן. עס געדענקט זיך כאָמעלעס א קלוגער זאָג וועגן אלטן: „זיַין שיין שוויַיגן איז נאָך שענער ווי זיַין שיין ריידן...״ איצטיקס מאָל דערקען איך אים ניט. וואָס איז די מייַסע, הייב איך ניט אָן צו וויסן. ער שמייַסט זיך אליין מיט פיַיערדיקע ריטער, גליַיך ווי ער וויל מיט דעם אויסקויפן זיַינע זינד. ער איז גרייט שיטן

אש אפן קאָפּ. עפּשער פֿײַניקט אים עפּעס דער געוויסן? אָבער איינצײַטיק זע איך, ווי ער איז מיט דער נעשאָמע אַרײַנגעוואַקסן אינעם דערווײַל נאָך אומקלאָרן בילד. צײַטנווײַז ווערט ער צוגעזאָטן צו דער מאָלבּרעט. וועלכער כאָכעם קאָן זיך דאָ אָנשטויסן, וואָס אזעלעכס האָט אופגעטרייסלט דעם זאָקן, ער זאָל אזוי אומגעריכט ווערן איבערגעאַנדערשט?

דער אלטער האָט מיך מאַמעש געפּלעפט מיט זײַן ווילד־גליקלעכן אויסגעשריי:

— א בראָכע אף דײַן קאָפּ!

אין א ווײַלע אַרום פאַלט ער צו מיר צו ווי א דולער מיט פריידטרערן אין די אויגן.

— דײַן קומען אהער איז געבענטשט מיט מאַזל... — ווערט ער אזש פאַרכלינעט, — האָסט געבראַכט, קינד מײַנס, דאָס, וואָס איך האָב וואָכנלאַנג געזוכט.

איך באַנעם לאַכלוטן ניט זײַן האָפּערדיקע צעראַשטקײַט, זײַן פריילעכע שטימונג, מײַן נאַרישער קאָפּ כאַפּט אפילע ניט אוף דאָס, וואָס דער פּלוצעם אופגעריכטער אלטיטשקער רעדט צו מיר.

— סאָפּקאָלסאָף האָב איך געפונען דאָס פאַרהוילענע סטעזשקעלע, — שטראַלט ער אפסנײַ אוף אַן איבערגליקלעכער, — דאָס מעטושטעשע יאָדערל האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט. איצט, מײַן ליב יינגל, וועט זיך גאָר אף אַן אנדער מין אויפן אַרבעטן.

די צעבּרעקלטע האַלב־טויבלעכע קלאַנגען, וואָס ער ברענגט אַרויס, דערמוטיקן מיך נאָך שטאַרקער.

— זאָלסט קיינמאָל ניט פאַרלירן די האָפענונג! — טרייסט ער זיך אליין. — דאָס איז אויך, זאָלסטו וויסן זײַן, אַן אַלטער געבאָט. אַקשאָנעסדיקע מי ווערט קיינמאָל ניט פאַרלוירן. קוים גלייבסטו אין דײַנע קויכעס, וועט מעקוייעם ווערן דײַן שטרעבונג. פאַראַן א קלאַל: אז מע שפּאַרט זיך אײַן, פּילט מען אויס...

אָניסי מאַרקאָוויטשן איז ניט צו דערקענען. גאָט מײַנער, וויאזוי א מענטש קאָן עס זיך אין איינע צוויי מינוט ענדערן! איך קאָן קאָווירן, אז מיטן גליקלעכסטן אין דער וועלט וואָלט דער מאָלער זיך אצינד ניט געביטן.

— שיקער? יאָ, שיקער! — טוט ער זיך מאָדנע א צי מיטביידע הענט צום הימל. נאָכדעם ברענגט ער אַרויס געציילטע ווערטער, וואָס זײַנען לאַכלוטן פאַר מיר אומפאַרשטענדלעך. — שעפערישע פרייד! פאַר פּראָסטע כײַוועקײַעמס איז דער דאָזיקער באַגריף גאָלע גאַרנישט. שעפערישע פרייד, זונעניו, שטייט העכער פון אַלץ.

געוויס וואָלטן אונדזערע באַרשעווער לײַט געזאָגט אפן זאָקן: אינגאַנצן אויוווערבאָטל. באַ וועמען זוכט איר קלאָרן סייכל?

ניט מײַן אייסעק זאָגן אף אַן עלטערן מענטשן שלעכטס אָדער גוטס. דער כידעש באַשטייט דערין, וואָס דער דאָזיקער מענטש האָט גראַדע פאַרקליבן זיך צו אונדז אין באַרשעוו. דער באַנומענער, ווי אנדערע רופן אים הינטער די אויגן, איז ניט אזא ווי אלע. וואָס מאָלט ער? פאַר וועמען מאָלט ער? צוליב וואָס מאָלט ער? דערצו איז מען נאָך אף דער עלטער

עלנט, איין גאָט אין הימל זאָל זיך אָף אים דערבאַרעמען. ווו האָט מען דאָס געהערט, מע איז דאָך ניט מער ווי א לעבעדיקער באַסערוועדאָם, אַז א מענטש זאָל ניט קומען אין באַריר מיט אַנדערע מענטשן? לעבט זיך איינער אַליין, אָן פּריַינט, אָן קרויווים, אָפּגעשיידט פון דער וועלט. כּוץ די מאַל־מאַכשירים, דאַרף ער קיין זאַך ניט.

א דאַנק גאָט, וואָס כאָמעלע האָט זיך געפונען אין שטאָט און וויל אים דאַפקע יאָ פאַרשטיין. ווייס איך ניט, צי איר וועט געלינגען איַינ־בּיַיסן דעם האַרטן נוס. מיר דאַכט, אַז זי נאַרט זיך אַליין אָפּ, מיינענדיק, אַז זי קאָן יאָ אַריַינדרינגען אין זיַינע דאַלעדאַמעס, באַנעמען זיַינע אָנ־שוויונגען. עמעס, כאָמעלע האָט א מער פּריַיערן צוטריט צום מאָלער, ווי אַן אַנדערער, זי קאָן אומגעשטערט קומען צו אים אַהיים, ווען זי וויל און ווען זי האָט נאָר כיישעק. כאָמעלע קאָן זיך פאַרגינען לאָזן מיטן אַלטן קינסטלער אָף א וויַיטן שפּאַציר, אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז זי קאָן אַריַינקוקן אין זיַין פאַרבאָרגענער וועלט.

איידער איך קוק זיך רעכט אַרום, פאַלט צו די נאַכט. ראָז־בּלויע פאַסן האָבּן דאָ און דאָרט געצונדן געקרונעון דעם פּילפאַרבּיקן הימל. דער צעפּלאַקערטער מיַירעוו־האָריזאָנט ציט פאַמעלעך אין זיַין גליזיקן טהאָם די אומגעהייער גרויסע רויטבּלוטיקע זון.

ענדלעך איז געקומען די ציַיט, ווען דער מאָלער קליַיבּט זיך אַהיים. אָט איצט גראַדע בּין איך אים זייער גוט צוניץ געקומען. ווער ווייסט, צי דער גראָוער זאַקן וואָלט איינער אַליין, אָן מיַין הילף, זיך פאַר־שלעפּט מיט אַזויפיל בּעבּעכעס? צו דעם אַלעם איז נאָך צוגעקומען כאָ־מעלעס צוגעשיקטע זאַכן.

אָניסי מאַרקאָוויטש פירט מיך דורך אַן אַנדער וועג. די לאָנקע האָבּן מיר אויסגעמיטן, ערגעץ איז זי געבּליבּן ליגן וויַיט הינטער אונדז. אַרומ־געהאַנגען מיט טאָרבּעלעך, רענצעלעך, סלאָיקלעך און פיל אַנדערע בּלע־כענע און גלעזערנע קיילים, האָט דער קינסטלער איצט אויסגעזען ווי אַן אַלטער שמאַטע־קליַיבּער.

— האָבּ קליינע יעסורים, יינגל, — באַרויִקט ער מיך, — כ׳וועל דיך צופירן גליַיך צו דער בּריק.

ווייניקער פון אַלץ קימערט מיך, טאָמער וועט אויסקומען א בּיסל בּלאָנדזשען. איך בּין ניט קיין קליינינקער, אַזעלכע זאַכן שרעקן מיך ניט. אַז איך טו זיך א דערמאָן אין בּערעלעס קאָמפּאַניע, בּעשאָס מיר האָבּן זיך געלאָזט אָף גאָטס באַראָט ערגעץ צו אַלדי שוואַרצע יאָר, איז וואָס פאַר א ווערט, פרעגט זיך, האָבּן די צוויי־דריַי ווערסט הינטער באַרשעוו קעגן מיַין בּיטערער פּלאָגעניש, ווען איך האָבּ געטיאָפּקעט איינער אַליין פון זשיוורעטש קיין באַרשעוו? מיַין קומען אַהער צום מאָלער, דאָס רעדן מיט אים וועגן שוואַרצמאַנס פּאָרטרעט קומט מיר אָן פיל פּיַינלעכער. מעגלעך, דערפאַר זע איך איצט אויס ניט נאָר געקלעמט, נאָר אויך צעשטרייט. כ׳האָבּ מוירע, דער מאָלער זאָל מיר גליַיך ניט אָפּהאַקן די פליגל.

שנעלער, כאַפּ אַריַין, קאָלזמאַן דער מאָלער איז אין דער רעכטער שטי־מונג, — לאָז איך זיך אַליין ניט צורו. דורכלאָזן די גינסטיקע מינוט וועט זיַין פון מיַין זיַיט די גרעסטע אוולע. אָפּלייגן אָף שפּעטער? — וועל איך

געוויס דערנאָך כאַראַטע האָבן. שפּעטער קאָן אַמאָל זײַן צו שפּעט... איך צי אַרויס דאָס האָרן־פּושקעלע, נעם פאָרזיכטיק אָן מיט די שפּיץ פינגער דאָס צונויפגעלייגטע זשורנאַל־בלעטל און רוף מיך אָן:

— איך האָב צום בעקאָוועדיקן מײַסטער א גרויסע באַקאָשע.

— דעהײַנע?

עס ווערט מיר אַזש קאַלט אין די קני.

— דער אומגעקומענער פּאָעט אָשער שוואַרצמאַן... מיסטאַמע האָט איר פון אַזאַ ייִדישן דיכטער ניט געהערט? דער העלדנמוטיקער דיכטער האָט פּאַרדינט, מע זאָל מאָלן פון אים א פּאָרטרעט, אַרויסהענגען אים אינמיטן שטאָט. כאָטשבי אין אַרבעט־פּאַלאַץ. אָט דאָס פּאָטאָבילדל, וואָס איר זעט פאַר אײַערע אויגן, איז נאָך ניט דער עמעסער אָשער שוואַרצמאַן. זייער שלעכט אָפּגעדרוקט, קימאַט אויף לעש־פּאַפּיר, וואַסערדיק פּאַפּיר. הײַנט טוט א רעכטן קוק אויף די קאָסע שטריכן. אָנשטאָט עמעסע שיינע אויגן זעט מען בלויז ווײַסע בלאָטערלעך. שלעכט! — טו איך זיך א קרים.

אָניסי מאַרקאָוויטש האָט טיפער אַרײַנגעקוקט אין זשורנאַל־בלעטל, מאָדנע אויף א זײַט אָנגעשפּאַרט דעם גרײַז־צעקודלטן קאָפּ אינעם עטוואָס אונטערגעהויבענעם אַקסל, עפּעס האָט ער געוואָלט מער אַרויסקריגן פון נעם שלעכט אָפּגעדרוקטן בילדל. זײַן אָנגעשטרענגט פּאָנעם נעמט אַרויף אויף זיך אַן ערד־טונקעלן קאָליר, די ברעמען צעבאַרשט, אָנגעכמורעט.

— א דיכטער? — פרעגט ער איבער. — אויף דער מילכאָמע, זאָגסטו, אומגעקומען? סאַרא יונג מיט ביינער!

— אין בירגערקריג העלדיש אומגעקומען, — גיב איך צו שטאָלץ, — פאַר דער רעוואָליוציע אָפּגעגעבן דאָס יונגע לעבן זײַנס. פאַר דער נײַער ייִדישער פּאָעזיע...

די לעצטע ווערטער „נײַע ייִדישע פּאָעזיע” איז דעם לערער אַרל סקליאַרס באַליבטער אויסדרוק. דאַפקע דאָ זײַנען די באַדײַטנדיקע ווערטער פאַרן מאָלער געווען זייער צום אָרט. קעדיי עס זאָל אים א נעם טאָן פאַר דער לעבער און ער זאָל כיישעק באַקומען מאָלן שוואַרצמאַנען, האָב איך נאָך צוגעגעבן: דער דאָזיקער דיכטער איז אונדזער שײַנדל, אונדזער קאָוועד. דערבײַ לייג איך נאָך צו מיטן גאַנצן האַרצן די פיר שורעס:

כ׳דאַרף איצט ניט קיינעם, איך דאַרף איצט מײַן מאַמען,
און וואָלט איך זי האָבן, דאַן וואָלט איך איר זאָגן:
מאַמע, ניט מיין, איך בין קינדעריש און נאַריש —
איך קאָן, ווי א גרויסער, פאַר דיך זיך ניט קלאָגן.

...א שאָד! דער געניטער מײַסטער, וואָס איז אויסגעפאָרן א וועלט, זיך געוואַלגערט, ווי זאָגט מען, אין אַלע מיסטן, געגעסן קעסט בא פיל פרעמדע טישן, האָט שוואַך פאַרשטאַנען שוואַרצמאַנס לאָשן.

דער גרײַזער זאָקן איז מאַמעש געווען אַנציקט פון מײַן באַהאַוונטקײַט אינעם דיכטערס שאַפן. ער זעט עס אַרויס אַפילע, זאָגט ער, אין די נאָר־וואָס דעקלאַמירטע שורעס, וואָס איך האָב מיט אַזויפיל נעשאָמע אַרויס־געבראַכט פאַר אים. זאָל זײַן, אַז מײַן בקיִעס אין שוואַרצמאַנס פּאָעזיע

איז אפילע אַן אויבנופיקע, אָבער די ליבשאַפט צום דיכטער, וואָס איך ווײַז ארויס, איז מאַמעש צו שטוינען.

דער מאָלער האָט מיך פרײַנטלעך־געטרײַ גענומען אונטערן אָרעם, ווי אַן עמעסער זיידע.

— ווער־ווער, — זאָגט ער געטרײַ, — נאָר דו מעגסט קומען צו מיר אָפטער, — דערנאָך האָט ער מיך געבעטן, איך זאָל פאַר אים איבערזעצן און פאַרטײַטשן די נאַרוואָס דורכגעלייענטע שורעס. ווייסט ער דען ניט, אַז איך בין שטומפּיק אַף דער איווריט? ווי אַזוי זשע, פרעגט זיך, קאָן איך פאַר אים איבערזעצן שוואַרצמאַן־שורעס? דערצו נאָך אוועלכע פיר שורעס! ניין, איך נעם זיך ניט אונטער. וואָס זשע דען יאָ? בייס כאָמעלע וועט בײַזײַן, זאָל זי איבערזעצן און טײַטשן. עמעס, זי איז אויך ווינציק וואָס געשמידט אין די ייִדישע האגאָדעס און זמירעס. פון דער נײַער ליטעראַטור איז דאָך ניט שײַעך אפילע צו ריידן, אָבער עפּעס־וואָס, מיין איך, וועט צום אלטן דערגיין.

מײַן ציל איז דערגרייכט געוואָרן, פריי איך זיך, דעם איקער האָב איך בא אים געפּויעלט. דער דיכטער אָשער שוואַרצמאַן וועט דורכן גע־רימטן מײַסטער פאַרייביקט ווערן.

— גוט, איך וועל מאָלן... — הער איך זײַן זיכער וואָרט.

אצינד קאָן מען אַף געוויס רעכענען, אַז מיטן קינסטלער האָבן מיר זיך סאַפּקאָלסאָף דערעדט. דער שטרענגער אלטיטשקער וויל, אַז איך זאָל פאַר אים נאָך עפּעס פאַרלייענען פון שוואַרצמאַנס שאַפונגען, כאָטש ער פאַרשטייט ניט, איז ער זיך מוידע, קיין וואָרט. זאָג איך אים, ווי דער עמעס איז, אַז כ׳געדענק ווינציק אַף אויסווייניק, סײַדן, דערמאָן איך זיך, די ליד „מײַן ברודערס ליפּן בלוילעך־געל״.

די ליד האָב איך איבערגעלייענט מיט האַרץ, ניט געײַלט, פּאַמעלעך. נאָך מײַן אָפּגעזאָגטן שטילן קאַדעש פאַרגראָבט זיך ווידער טיף דער מײַסטער אין שוואַרצמאַנס פּאָטאָ־בילד און געפינט אויס, אַז באַם פרי אומגעקומענעם דיכטער זײַנען אַף אַן אכזאָריִעסדיקן אויפן צעשאָסן די אויגן. מע האָט אים מערדעריש פאַרפּײַניקט...

— אָשער שוואַרצמאַן, — באַשטיי איך אקשאָנעסדיק, — האָט זיך העל־דיש געשלאָגן און העלדיש אומגעקומען! דער דיכטער איז אין געפאַנגענ־שאַפט צו די ווײַסע ניט אַרײַנגעפאַלן.

ניט ווײַט פון דער בריק זײַנען אונדזערע וועגן זיך פאַנאַנדערגעגאַנ־גען. מיר האָט געדאַכט, אַז דער זאַקן איז עפּעס צערודערט.

— בא די ייִדן, — זאָגט ער, — האַלטן זיך ניט לאַנג קיין באַגאַבטע מענטשן, זיי וואַקסן אַרײַן אין דער קולטור פון די אַרומיקע פעלקער. טויפונג און אַסימיליאַציע איז שוין לאַנג געוואָרן אַ וואָכעדיקער גאַנג. בא דײַן אייגן פאָלק וועסטו קיין אַנערקענונג ניט קריגן... יאָ, יאָ, — קוקט ער ווײַטער אַף מיר מיט שוין מער געשטילטע אויגן, — פאַר אַ שטומען שטיין רעדט מען אויך אַמאָל אויס דאָס האַרץ. אומבאַדינגט וועל איך מאָלן אָשער שוואַרצמאַנס פּאָרטרעט.

מעג מען דאָך איצט אוואַדע רעכענען, אַז די שול־היים אונדזערע וועט באַקומען פונעם קינסטלער די שענסטע און בעסטע מאַטאָנע. פאַר

איין זאַך פונדעסטוועגן האָב איך יאָ א ביסעלע מוירע, ער זאָל, כאָלילע, ניט אָנמאָלן דעם דיכטער א בלינדן. וועדליק ער האָט זיך צעלאָזט וועגן „צעשאָסענע אויגן“, איז עס אפּן אלטן צו גלייבן.

אפּן צווייטן צי אפּן דריטן טאָג בין איך געלאָפן א פארשמײַעטער צו די ראָסקאָפּענעצער שטיינער געווירע ווערן, ווי האלט עס מיטן שווארצמאַן־בילד. לאָזט זיך אויס, אז דער מאָלער כאַפּט זיך ניט שטארק, שווארצמאנען האָט ער נאָך דערווײַל ניט גענומען צו דער ארבעט.

אָניסי מארקאָוויטש מאָלט ניט גלאַט סטאם אבי געמאָלט. אין יעדער בילד, זאָגט ער, ליגט פארבאָרגן א געוויסער מיין, עס מוז שטעקן אינ־דערינען אַן אידיי, א טיף דורכגעקלערטער געדאנק, אנדערש מאָלט ער ניט. וויאזוי פּרוווט מען אים דערקלערן, אז דאָס דארף זײַן א בילד פון א מענטשן, וואָס האָט געלעבט אף דער וועלט, און נאָך פון א וואָסער מענטשן! דאָס דארף ווירקלעך זײַן דער לעבעדיקער דיכטער אָשער שווארצמאַן, אזא ווי ער האָט אויסגעזען באם לעבן, ניט קיין אנדערער. איך וועל איצט נאָכאמאָל פּרווון איבערכאַזערן די קורצע שורעס, עפּשער וועט צום אלטן דערגיין דאָס וווּנדערלעכע דאָרפישע בילד. נישקאָשע, ער איז א מאָלער ניט מיט קיין קליינער פאנטאזיע. אויב ער פארשטייט ווינציקלעך אונדזער ייִדיש לאָשן, איז זאָל ער זיך אָנשטויסן.

עמעץ טראָגט א רויט־פּליושענע כוּפּע אוועק
און פארגייט און פארשווינדט...
אף א שוועל פון א שטוב דרעמלען אײַנעט
א קינד און א הונט.

## שווער צו האלטן א סאָד

ניט אפּן פינפטן און ניט אפּן נײַנטן טאָג האָט אָניסי מארקאָוויטש זיך גענומען צום פּאָרטרעט. אפילע דאָס לעצטע מאָל, איידער ער האָט זיך אריבערגעפּעקלט פון די ראָסקאָפּענעצער שטיינער צוריק צו דער הרעבליע, האָט ער פאר מיר ניט דערמאָנט דעם דיכטער — קאָן דען מעגלעך זײַן, אז ער זאָל פארגעסן אין זײַן צוזאָג?

דערקוטשען אים וויל איך ניט.

אומזיסט האָב איך מיט אומגעדולד ארויסגעקוקט, אז דער אלטער זאָל מיר אומקערן צוריק דאָס ארויסגעריסענע זשורנאל־בלעטל. ער כאַפּט זיך ניט. און אז ער שווײַגט, שווײַג איך אויך, וואָרעם איך האָב מוירע, איך זאָל ניט מאכן ערגער. ווען כאָמעלע וואָלט שוין געקאָנט ארומגיין ווי אלע געזונטע מענטשן, וואָלט אלץ אנדערש געווען.

א טאָג, און א טאָג, און נאָך א טאָג. אזוי האָט פּאמעלעך זיך געצויגן די צײַט. ארויסוווײַזן צופיל נײַגער, וועט דערפון בעסער ניט זײַן. איין מאָל אָדער צוויי מאָל טו איך גרינג א שוועב דורך פאר זײַנע אויגן, מאך דעם אָנשטעל, אז איך בין פון גאָרנישט באצאָרגט. דאָך איז געקומען

דער גליקלעכער טאָג, ווען אַניסי מאַרקאָוויטש האָט מיך דערפרייט מיט דער גוטער בסורע.

— עס גייט א גאנג! — ווינקט ער סוידעספּול צו מיר מיט פאַרשמאָלטע ווארעמע אויגן. — ניט שלעכט באקומט זיך דיַין שווארצמאן־פּאָרטרעט, אף מיַין וואָרט ניט שלעכט. נעם זיך אָן, באַכערל, מיט געדולד, אלץ וועט זיַין ראיעל.

— איר האָט אים געמאכט פאר א בלינדן? — טו איך אָן אומרויִקער א פרעג.

— בארויִק זיך, — שטילט ער מיך איַין, גלעטנדיק איבערן קאָפּ, — האלטסט מיך אינגאנצן פאר אן אויוועראָבאָטל? זאָל דיר דאָס הארץ זיַין גאנץ. אויגן פארמאָגט דער פּאָעט ברייטע, טיפע, עטוואָס אומעטיק־פאר־טראכטע. דער אינערלעך־קאָנצענטרירטער בליק זיַינער איז פול מיט אומרו און דערוואַרטונג. מיין ניט, אז דאָס שלעכט־אָפּגעדרוקטע פאָטאָ־בילדל האָט מיר ווינציק־וואָס געגעבן, עפּעס וואָס האָב איך פון דיַין זשורנאל־בלעטל ארויסגעלייענט.

...ס׳מאכן זיך טעג, ווען איך קום ניט צו אים. דעמלט וואַרטשעט ער אונטער:

— כ׳ווייס גאנץ גוט, אז ס׳איז פאראן בא דיר בילכערס. איך אליין, ווי דו קוקסט מיך אָן, וואָלט מיסטאמע בעסער ניט געווען. אוואדע איז מיט כעוורע ייִנגלעך פריילעכער פארברענגען, ווי מיט אן אלטן שטורמאק. דערציילֿ, וואָס זשע האָט מען מיט איַיך היַינט געלערנט?

ביז איצט האָט אים ווייניק־וואָס אינטערעסירט די שול־היים. לעצטנס וויַיזט ער ארויס אינטערעס אפילע צו קלייניקייַטן. ער וויל וויסן וועגן פּעדאגאָגישן פּערסאָנאל, פון וועלכע הויכשולן זיַינען זיי געקומען; מיט וואָס צייכנט זיך אויס דער אָדער יענער לערער, צי די שילער זיַינען באַ־זאָרגט מיט לערנביכער? דעריקער וויל ער פארשטיין דעם געדאנק: פאר־וואָס רופט מען דעם קינדער־אנשטאלט, ווו איך לערן, מיט אזא מאָדנעם ניַיעם נאָמען, ווי „שול־היים״? פּרווו איך אים דערקלערן קורץ און פאָ־שעט — כוץ דעם, וואָס מע לערנט, זאָג איך, גיט מען די קינדער עסן און טרינקען. דריַי מאָל אין טאָג. עמעס טאקע, נאָר אפן שפּיץ מעסער. און לערנען לערנט מען דאָרט אזויפיל, וויפל מע עסט. קומט עס אויס אין סאכאקל, אז עס איז א שטיקל שול און א שטיקל היים. איניינעם געגומען רופט מען עס „שול־היים״.

לאכט ער, אַניסי מאַרקאָוויטש.

— עסן עסט מען ניט, ווי אין דער היים, — ווארפט ער צו, קיַיכנדיק, א גליַיך וואָרט, — און לערנען לערנט מען ניט, ווי אין שול.

— זייער ריכטיק, — בין איך זיך מוידע, — אינגאנצן ריכטיק. ס׳איז ניט געגעסן און ניט געלערנט. אָבער אלץ בעסער, בא היַינטיקער ציַיט, ווי גאָרניט טאָן. ארומלויפן איבער די גאסן פוסט־און־פּאס איז דען פאר אונדז מער טאכלעס?

— גערעכט! אוואדע, אוואדע. וויפל זשע יאָר לערנט מען אין איַיער שול־היים?

הער נאָר א שיַילע? דערוף האָב איך זיך קיינמאָל ניט פארטראכט.

— דאָס ווייס איך ניט. מיסטאמע, ביז מיר וועלן אונטערוואקסן.
— טרײַבסט קאַטאָוועס?.. כויזעקסט? פון אן עלטערן מענטשן איז ניטאָ וואָס צו שפּעטן. וואָס הייסט, דו ווייסט ניט, וויפל קלאַסן די שול־היים דײַנע פאַרמאָגט?!
— איך בין אין פּערטן. צי עס וועט איבעראיאָר זײַן א פינפטער, ווייס איך ניט.
— וואָס איז דאָס פאַר א לערן־אנשטאַלט, — צוקט דער מאָלער מיט די אקסל, — הייב איך ניט אָן צו פאַרשטיין.
— דאָרט זײַנען צונויפגעזאַמלט די אָרעמסטע קינדער, — גרויס איך זיך דערמיט, וואָרעם איך ווייס, אז אָרעמקײַט גרענעצט זיך מיט די האָ־רעפּאַשניקעס, מיט די ארבעטער.
— ביסטו כאָטש צופרידן מיט דײַן שול־היים? — פרעגט ער ווײַטער.
— דערווײַל יאָ.
א סאָף צו די אויספרעגענישן. קיין אנדערע קאַשעס, א דאַנק גאָט, קומען מער ניט. דער פאַרטראָגענער מײַסטער טיפּט זיך ארײַן מיטן גאַנצן וועזן אינעם בילד מיט עפּעס אזא קרענקלעכער מינע אפן פּאָנעם, אז עס רײַסט מאַמעש דאָס האַרץ, קוקנדיק אף אים.
איצט האָט אַניסי מאַרקאָוויטש אין מיר אינגאַנצן פאַרגעסן — ניט ער הערט מיך, ניט ער זעט מיך. די דאָזיקע טעווע זײַנע איז מיר שוין לאַנג באַקאַנט.

אין באַרשעוו איז נאָך לעסאָטע א סאָד, אז אַניסי מאַרקאָוויטש מאָלט מיט אזא האַסמאָדע דעם שוואַרצמאַן־פּאָרטרעט.
איך מיין, אז דער כאָוועער יאַקאָוו האָט געמעגט וויסן וועגן דעם פאַר־באָרגענעם סאָד, ווי־ניט־ווי איז ער פּאָרט דער פּאָליטפּראָסוועט אין שטאָט, און צו אים האָט דער איניעץ, אָן סאָפּעק, די גרעסטע שײַכעס. דערפאַר שלאָג איך זיך מיט דער דייע, ברענגען פאַר אים מײַן פאַרטרויונג, אנט־פּלעקן דאָס סוידעסדיקע פאַר דער צײַט, צי אופהענגען א שלאָס אפן מויל און דערווײַל נאָך צוּוואַרטן?
מיט די לערער האָב איך נאָך געוויס צײַט. זאָל עס אויסקומען, ווי א מין אומגעריכטע איבעראַשונג, אוואדע וועט עס פאַר דער שול־היים זײַן א סורפּריז, און נאָך וואָס פאַר א סורפּריז. אײַן כאָמעלע ווייסט וועגן דעם סאָד. זינט דער פּוס האָט זיך בא איר פאַרהיילט, קומט זי צו דער הרעב־ליע יעדן טאָג און אמאָל צוויי מאָל דורכן טאָג. אַניסי מאַרקאָוויטש איז זיך מוידע, אז איצט ארבעט זיך אים פיל לײַכטער און מיט א סאַך א גרעסערן כיישעק. זי, די אָנרעגערן, ווײַזט ער א צופרידענער אף דער שיינער כאָמעלען, איז מאַשפּיִע אף זײַן שאַפונג; ער איז ניט נאָר פריש אין די קויכעס, נאָר אויך אָנגעשטעקט מיט דראַנג און שעפערישן שוווּנג. כאָמעלע האַלט, אז דער פּאָרטרעט פונעם אומבאַקאַנטן פאַר איר דיכטער, אָשער שוואַרצמאַן, האָט זיך דעם מאָלער אײַנגעגעבן גלענצנדיק, ווי מע זאָגט, האַצלאָכעדיק. אָבער אַניסי מאַרקאָוויטש אליין דערווידערט: צום פּאָרטרעט, זאָגט ער, פעלט נאָך עפּעס אזעלעכס, וואָס ער קאָן נאָך דער־

ווײַל ניט מעגאלע־פּאָנעם זײַן... מיט דער צײַט, גלייבט ער, וועט דאָס פארטײַעטע קערנדל אליין אונטערקומען.

— געדולד, יונגער פרײַנט מײַנער, געדולד!

געדולד?.. דאָס, וואָס מיר פעלט אויס.

כאָטש איין מינדסטן בליק וואַרפן אפן אָנגעמאָלטן פּאָרטרעט — דערריקער אף די אויגן...

— האָב ניט קיין אגמעסנעפּעש. די אויגן פונעם דיכטער, — זאָגט כאָמעלע, — זײַנען אפן אָרט, זיי זײַנען אויסדריקלעכע, זי וואָלט נאָך צוגעגעבן, — לעבנסדאָרשטיקע. דער טיפער בליק זײַנער, א האלב־פארכאָלעמטער, עטוואָס סומנע, טריב. א ליאדע מענטש וועט זיך מוזן אָפּשטעלן און לאנג באטראכטן דאָס ציקאווע אויסטערלישע פּאָנעם מיט אזא שיינעם צעכוואליעטן קאָפּ האָר.

— מאָלנדיק דאָס שווארצמאן־בילד, — גיט צו אָניסי מארקאָוויטש, — האָב איך זיך אף א געוויסער צײַט אומגעקערט צו מײַן אייגענער יוגנט. — דאָס שטילע אויסגעבענקטע קאָל זײַנס האָט אין מיר דערוועקט א ראכמאָנעס־געפיל צום איינזאם־פארוואָגלטן זאָקן, א פארלאנג מיט עפּעס פארפילן זײַן עלנטקײַט...

דאפקע דעמלט, ווען איך האָב ניט איבעריק געזוכט דעם כאווער יאָקאָוו, איז ער גאנץ אומגעריכט געקומען מיר אנטקעגן.

— איך האָב מיט אײַך עפּעס נייטיקס צו שמועסן.

— אשטייגער־לעמאָשל? — פארקלײַבן זיך בא אים צו די מויל־ווינקלען דריבנע שמייכלען.

— מיקויעך דעם אָנגעפּאָרענעם אלטן מאָלער, אָניסי מארקאָוויטש. געוויס, קלער איך, קענט איר אים זייער גוט.

— וואָדען, אוואדע קען איך דעם בארימטן מאָלער. נו, נו, בעקיצער, — קוקט ער אף מיר אומגעדולדיק, — עפּעס איז געשען מיט אים?

— כאָלילע, זאָל גאָט אויסהיטן. שטעלט אײַך פאָר, כאווער יאקאָוו, — בין איך אים מוידיע מיט דער העכסטער פרייד, — אז דער מעפּונעק האָט זיך אונטערגענומען מאָלן אָשער שווארצמאנס פּאָרטרעט.

— איך פארשטיי ניט, וואָס דו רעדסט צו מיר, — בלײַבט דער כאווער יאקאָוו א ווײַלע צעטומלט. — פונוואנען קומט דער מיט אלעמען צעקריגטער געשמאדטער מאָלער צו אָשער שווארצמאנען? יענער האָט קיין מינדסטע אנונג ניט וועגן ייִדישער ליטעראטור, ביפּראָט וועגן דיכטער אָשער שווארצמאן...

— אצינד, כאווער יאקאָוו, האָט ער שוין א שטיקל אנונג, — לאָז איך פארשעמט אראָפּ דעם קאָפּ מײַנעם. — אָניסי מארקאָוויטש רופט אָשער שווארצמאנען ניט אנדערש ווי דער ייִדישער לערמאָנטאָוו... דער פּאָעט מיט די דורכגעשאָסענע אויגן... ווייסט איר כאָטש, פונוואנען דאָס נעמט זיך? דאָס נעמט זיך, מיסטאמע, דערפון, ווײַל אפן שלעכטן פאָטאָ־בילדל, וואָס איך האָב אים אונטערגעטראָגן, זײַנען די אויגן ווי דורכגעגבערט, ביפּראָט דער אלטער האָט נאָך דערהערט, אז דער דיכטער איז מיט א העלדן־טויט געפאלן אין א פארביטערטן שלאכט מיט די ווײַסע.

— מענטש איינער, — מאכט ער צו מיר, — וואָס זשע שווײַגסטו? דו האָסט אים דערציילט וועגן שווארצמאנס העלדישן אומקום?

— יאָ, איך האָב אים דערציילט... אפילע אייניקע לידער געלייענט אַף אויסווייניק.

— נארעלע איינער, ער פארשטייט דאָך ניט קיין ייִדיש.

— וואָס זשע בין איך שולדיק?..

מיט אלע פינף פינגער טוט דער כאווער יאקאָוו פריילעך־אופגעלייגט א באָרבל אין מײַן קורץ־געשוירענעם קאָפּ האָר, ער שמייכלט צופרידן, דריקט מיך צו צו זיך הייס און גליקלעך, גלײַך ווי איך וואָלט פאר אים פערזענלעך געטאָן די גרעסטע טויווע. דער פּאָליטפּראָסוועט האָט ניט געוווּסט, וואָס מיט מיר פריִער טאָן פאר גרויס סימכע. אָבער איך האָב זיך אָנגענומען מיט הארץ און לעכאטכילע אים געוואָרנט, אז דער אלטער מאָלט דעם שווארצמאן־פּאָרטרעט בלויז פאר דער שול־היים.

— וואָס פאר א נאפקעמינע? — שפּרינגט ער אזש אונטער פון גרויס סימכע. — דעריקער איז דאָך דאָס, וואָס דער צולאָכעסניק ברעכט זיך ביסלעכווײַז, ער ווערט נעענטער צו אונדזער נײַער צײַט. מעגסט מיר גלייבן, ברודער מײַנער, אפּן וואָרט, — ווערט דער כאווער יאקאָוו מיט מיר היימישער און פארטרוילעכער, — מײַנע אויערן קאָנען אקוראט ניט כאפּן דאָס, וואָס דײַן גוט געראָטן צינגעלע ברענגט ארויס... אָניסי מאר־קאָוויטש שעמט פאר א גרויסן קינסטלער, מע מעג אים רעכענען פאר א וועלט־מאָלער, פארשטייסט, ברודער־לעבן, וואָס איך רייד צו דיר? מיט אים פארנעמען זיך אָנגעזעענע מענטשן אין דער מעדינע. וועגן לונאַ־טשארסקיס דעפּעשע צו אים ווייסטו דאָך?..

## בעסער פריִער

כוץ כאָמעלען און דעם כאווער יאקאָוו, ווייסט נאָך קיינער ניט, אז אָניסי מארקאָוויטש מאָלט שווארצמאנס בילד. פאר דער שול־היים וועט עס זײַן אן אומדערווארטע טײַערע מאטאָנע. אוואדע וועלן מיר זיך גרויסן, איבערנעמען און אפילע שטאָלצירן מיט אזא ווערטפולן געשאנק. זאָל אונדז געגעבן ווערן כאָטש איין מאָל אין לעבן זיך פֿילן אזוי גוט און צו־פרידן, ווי, לעמאָשל... די קינדער פון קינדערהויז.

נאָר ווער וויל עס לײַדן קרומע בייזלעכע בליקן, אויסהערן טאָרומעס, פרעטענזיעס פאר גאָלע גאָרניט? מײַנע לערער זײַנען ווינציק־וואָס צו־פרידן מיט מיר. זיי ווארפן מיר פאָר, אז באטאָג ווער איך טייקעף, מיט דער מינוט, אנטרונען... וואָס איז די מײַסע? דער קאָלעקטיוו, האלטן זיי מיר אין איין מוסער־זאָגן, איז מיר ניט ליב, ניט טײַער. איך מײַד אים אויס, ווער ביסלעכווײַז אָפּגעפרעמדט פון אים, אנטלויף פונעם אקטיוון לעבן, האלט זיך בא א זײַט, פונדערווײַטנס. פונוואנען, ווילן זיי וויסן, די לערער, האָט זיך צו מיר גענומען אָט די טויטע פאסיווקײַט?.. פריִער האָב איך זיך באטייליקט ענערגיש אין אלע איניאָנים, אפילע געווען אן אקטי־ווער אָנטיילנעמער אין אלע רײַסערײַען, אמפּערנישן, גערעכטע און אומ־

גערעכטע... מײַן קאָל האָט זיך אומעטום געלאָזט הערן. פאַרוואָס זשע הערט מען איצט ניט פון מיר קײן קלאַנג? זײ, די לערער, ווילן שטאַרק וויסן, וואָס איז מיט מיר לעצטנס געשען? דאָרט, אין קלײניטשקן לערער־צימער, דערמאָנט מען מײַן נאָמען ווײַט ניט צו גוטנס. ניט אײן מאָל רופֿט מען מיך אַהין, אין ענגן כײדערל, און מע וויל זיך אַלץ דערגרונטעווען, וואָס אַזעלעכס האָט פּאָרט פּאַסירט. עפּשער איז די מאַמע מײַנע ניט געזונט, עפּשער פֿיל איך זיך אַלײן ניט מיט אַלעמען? עפּשער און עפּשער... אומ־זיסט ברעכט מען די קעפּ, אומזיסט זײער גריבלעניש, דאָס נאָכפֿאָרשן און ראַיען זיך, דאָס אַרומפֿרעגן און איבערפֿרעגן, דעם „רײנעם עמעס" איז נאָך פֿרי צו דערצײלן. דאָס, וואָס מיר קומט אויס פֿרײַער אַוועקגײן פֿון שול־הײם, אױף דעם איז בײַ מיר פֿאַראַן זײער אַ גוטער אויסגעטראַכטער טערעץ פֿאַר די לערער — מיר האָבן אַ גאַסט. דער מאַמעס אַן עלטערמומע איז געקומען, נעבעך אַ קאַליקע, ניט דאָ געדאַכט... עמעצער מוז זײַן מיט איר. מײַן מאַמע קומט שפּעט פֿון דער אַרבעט, דעריבער לױף איך פֿרי אַהײם. דער צוגעטראַכטער טערעץ מײַנער, פֿיל איך, לײגט זיך אױפֿן סײכל. אַזױאַרום בין איך פֿאָטער געוואָרן פֿון אַן אומזיסטן כשאַד.

טאָג נאָך טאָג, עס מעג דונערן און בליצן, זיץ איך אָפּ מײַנע צוויי־דרײַ שאָ לעבן אַלטן מאָלער. מיט דעם, וואָס איך ווײַז זיך אָפּטער פֿאַר זײַנע אױגן, ווילט זיך מיר גלײבן, וועט זײַן מאָלערישע אַרבעט איבערן פּאָרטרעט גײן אַ ביסעלע שנעלער. וועהאָרײַע, יעדעס מאָל לאָזט ער מיך הערן האַלב אין שפּאַס און האַלב ערנסט, מיט אַ לײַכטן שמײכעלע: דײַן באַשטעלט שוואַרצמאַן־בילד לאָזט מיך, פּאָשעט גערעדט, ניט צורו, ער מאָנט ווי אַ לעבעדיק ווען, וואָס גיכער אים אַרױספֿירן אױף דער ליכ־טיקער שײַן... דעם מאָלערס פֿאַרשמאָלטע אױגן מיט זײערע טיף דורכ־דרינגלעכע בליקן, קלוגיטשקע, דורכגעטריבענע, שטויסן זיך אָן אין מײַנע פֿאַרטײַעטע געדאַנקען: מײנסט, זאָגט ער, איך פֿאַרשטײ ניט, נאָך וואָס דו קומסט אַהער? האָב קײן יעסורים ניט, באָכער־לעבן, אַלץ, מײַן טײַערער, וועט זײַן אין דער פֿולער אָרדענונג, פֿרײַער אָדער שפּעטער — מײַן כיוו וועט זײַן געדעקט. אַ צוגעזאָגט וואָרט, זאָלסטו געדענקען, איז אַזוי גוט און ראַיעל, ווי אַ געלײגטע כסימע, — באַרויִקט ער מיך, — זאָל דיר דאָס האַרץ זײַן גאַנץ! — דערלאָזט ער מיך ניט פֿאַרלירן די גוטע האָפֿענונג, מונטערט מיך בײַ יעדער געלעגנהײַט מיט אַ טרײסט־וואָרט. — זאָל דײַן שלאָף אין די נעכט זײַן רויִקער.

צײַטנווײַז קאָן איך זיך קײן אָרט ניט געפֿינען. ביז די אױגן מײַנע וועלן ניט זען דאָס בילד, גלײב איך קײנעם ניט. אײַ, כאָמעלע זאָגט, כאָמעלע דערצײלט, כאָמעלע באַוווּנדערט... מאַלע וואָס די מויד פּלאַפּלט דאָרט... איך וויל זיך ניט פֿאַרלאָזן אױף אירע היספּײַלעס. די געשניצטע ראַם, וואָס זי האָט שוין צוגעזוכט פֿאַרן פּאָרטרעט, איז נאָך פֿאַר מיר קײן רײַע ניט. ס'אַ קלײנער באַווײַז, גלײבן גלײב איך נאָר אין דעם, וואָס איך וועל אַלײן זען מיט מײַנע אױגן.

...לאַנג האָט זיך געצויגן מײַן אומגעדולדיק וואַרטן, גאָר לאַנג. ערשט אין אַ וואָכן דרײַ און עפּשער אין אַ כוידעש אַרום האָב איך קוים דער־לעבט זען דאָס באַגערטע און געגאַרטע.

דאָס קליינע פּאָטאָ־בילדל פונעם זשורנאַל האָט ווינציק־וואָס געשטימט מיט דער ענלעכקײַט צום פּאָרטרעט. דאָ אָפּן פריש געמאָלטן בילד איז אויסדריקלעכער דאָס פּאָנעם. עס ציט צו מיט אָריגינעלע צייכענונגס־שטריכן. כ׳האָב דערזען (צו מײַן גרויסן וווּנדער) א פּאָר ברייט צעעפנטע אויגן, וואָס קוקן שטארק פארכידעשט, באהויכט מיט עפּעס א מין אומעט, אַן אינערלעכן געקלעמטן ווײ... כוואַליעסווײַז שטײַגן די צעווינטיקטע האָר, ווי פאר א שטורעם. איך בין געוועזן איבערגליקלעך, וואָס איך זע ניט קיין דורכגעשאָסענע אויגן. די געזיכט־שטריכן זײַנען געצייכנט אי ווינקל־דיק פארשארפט, אי רונדיק געבראָכן; וואָס מער מע קוקט זיך אײַן אינעם מערקווירדיקן שווארצמאַן־בילד, אלץ טיפער דערשפּירט מען די ערלעכע פּאשטעס און זעלטענע טמימעס פון גאָר א גרויסער נעשאָמע.

— נישקאָשע, ניט מעסוקן, אויב עס פעלט דאָ די פּאָטאָגראפישע ענ־לעכקײַט,— פּרוווט דער מאָלער אָף זײַן אויפן מיך בארויקן.— איך האָב קיינמאָל ניט ארונטערגענומען קיין קאָפּיע. דאָ וויל איך, זאָלסטו זען, אז אין א געפערלעכער צײַט, ווען עס שלאָגט אַן אליארעם, האלט דער שטור־רעם־דיכטער די וואָגשאָלן פון שווערד און פען. זײַן נײַ, פריש לאָשן, נאָך אזא גוואלדיקער וועלט־איבערקערעניש, באשטייט פון וואָרט און פּולווער... בלומען און שרויט...

כאָטש איך פארשטיי דעם אלטן מאָלער גאָר ווינציקלעך, נאָר איין זאַך, דאכט מיר, האָב איך דאפקע יאָ באנומען, וואָרעם עס פאלט צונויף מיט אונדזער לערער ארל סקליארס געדאנק. אָשער שווארצמאַן קומט צום פּאָלק מיט וואָרט און שווערד — ס׳א גרויסער עמעס! אין געפאר ווערט דער שטיל־פארכאָלעמטער טרוימער א וואכזאמער שלאכט־קאָמאנדיר, א כאַיל־פירער.

ווערהאָרײַע:

אפגיך צום פערד,<br>
די האנט שטאָל אָן,<br>
ס׳איז איצט די שווערד,<br>
די שפּיז — א פאָן —<br>
— דער סוינע בא די טויערן!

דער שאלנדיקער רוף צום וואָפן אין מילכאָמע־צושטאנד וועקט די באשיצער צו שלאכט־גרייטקײַט, צו אקטיווער פארטיידיקונג קעגן סוינע. דער דיכטער און שלאכט־קאָמאנדיר רופט שטעלן א ווידערשטאנד די פײַנטלעכע קויכעס, די מערדערישע באפאלער... קוקנדיק אזוי אפּן פּאָר־טרעט, ווי דער גרויסער מײַסטער האָט אים געשאפן, זעט מען, אז דאָס דארף טאקע ניט זײַן בלויז אַן אָפּבילד פון א געוויסן מענטשן, נאָר א מין צוזאמענגוס פון רוכניעס, אוילעם־האדימיען מיט אַן ערדישן פרײַהײַטס־קעמפער. איך זע אין שווארצמאַנען אויך פּראָסטע סאָלדאטישקײַט, פּראָנט, פּאָזיציע, טאָגטעגלעכע זאָרג פארן גורל פון דער מעדינע און פארן פּאָלק. וויפל אינערלעך פײַער, דיכטערישער שווונג ליגט אין דעם דאָזיקן אָקאָרשט ארויסגעענדיקטן פּאָרטרעט! דאָס עמעסע דיכטער־געשטאלט טראָגט אין זיך נײַע, נאָך ניט קיין אנטפלעקטע סוידעסדיקע וועלטן, אין

וועלכע מע דארף טיף־טיף אריַינדרינגען, פארשטיין און באנעמען דאָס מענטשלעך־לעבעדיקע אין דעם דיכטערס ברויזנדיקן הארץ, אדורכגענומען ווערן מיט זיַינע פלאַגן, שווערן אומעט, געדריקט געמיט פאר מענטשן־פּיַין, פאר אומזיסט געפאלענע קאָרבאָנעס. אין דער זעלבער ציַיט דארף מען זיך אויך קאָנען דערהייבן צו זיַינע ליכטיקע האָפענונגען, גלייבן מיטן גאנצן וועזן, אז אינעם אָרעמען פאָלק וועט אומבאדינגט אויך אריַינשטראלן די זון. אך, ווי נייטיק עס איז האָבן א ליכטיקן אויסקוק אף דער שפּעטערדי־קער ציַיט, אף דער צוקונפט!

מיט ביקס אין האנט,
מיט ווארעם בלוט אין הארצן...

דער ווונדערלעכער העלדישער דיכטער איז נאָך העכער געשטיגן אין מיַינע אויגן, ברייטער און טיפער אריַינגעוואקסן אין מיַין נעשאָמע.

## ארום דעם ווונדערבארן אויצער

דאָנערשטיק פאר מיטיק האָב איך געבראכט דעם שווארצמאן־פּאָרטרעט אין שול־היים.

דער פּאָרטרעט, איַינגעהילט אין כאָמעלעס א געשטריקט קאָווריקל, האָט געמאכט אזא גוואלדיקן רוישעם, אז אלע זיַינען מאמעש געבליבן גע־פּלעפט.

ארל סקליאר האָט אויסגערופן מיט גרויס היספּאַילעס און אנציקונג:

— אָט דער מערקווירדיקער פּאָרטרעט איז געמאָלט געוואָרן ניט נאָר מיטן פּענדזל, נאָר אויך מיט דער נעשאָמע פון א דענקענדיקן הויכטאלאנ־טירטן קינסטלער, א יאשער־קויעך אים פאר אזא שעדעווער! בעפּיירעש אָן גוזמע, א פּרעכטיק ווערק... דער שעפער פון דעם דאָזיקן בילד איז דערהויבן געוואָרן צו שווארצמאנען דעם דיכטער... גלייבט מיר, מיַינע טיַיערע, בענעמאָנעס, כ׳האָב אפילע רעכט ניט געוווּסט, אז אף אונדזער בארשעווער ערד לעבט אזא גרויסער קינסטלער.

נאָך מיטיק־ציַיט האָט זיך אריַינגעשטעלט דער פּאָליטפּראָסוועט מיט נאָך עפּעס א דיקלעכן פּארשוין פון די פּניי־האָזיר, פון די שטאָט־באלעבאַ־טים. א סוואָרע, דער דאָזיקער שטיל־געמיטלעכער פּולליַיביקער מענטש מיטן הוילן הויכן שארבן זאָל האָבן צו הערשן איבער שול־ און קינדער־היים־וועזן. צו אונדזער קינדער־אנשטאלט, קלער איך, האָט ער מיסטאמע דעם גרעסטן שיַיכעס און די ברייטסטע דייע. אָן זיַין כסימע רירט מען זיך ניט פונדאנען אהין... נאָר איין מענטש, דער כאווער יאקאָוו, איז מיט אים היימיש און רופט אים פּראָסטלעך — מישע. אונדזערע לערער אָבער האלטן אין איין בייגן זיך פאר אים, אז עס שלאָגט צו דער גאל. דעם כאווער יאקאָוו, זע איך, ווערט עס אזש אליין פּריקרע. זויערלעך שעפּטשעט ער שטיל פאר זיך: מאיאָפּעסניקעס!..

— מישע! — ווענדט ער זיך צום דיקלעכן פּארשוין. — פאריַיס ניט צו

הויך די נאָז, האַלט זיך ניט מײַסע־פּאָרעץ. זעסט דען ניט, ווי דאָס הײַ־
פּעלע לערער כאַפּן אַ ציטער?

— איך בין ניט קיין וואָלף, — ענטפערט יענער, — און זיי זײַנען ניט
קיין שאָף.

— מיכאַיִל דעניסאָוויטש! — צערטלען די לערער יעדעס מאָל זײַן פולן
נאָמען. — מיכאַיִל דעניסאָוויטש! — באַמיט זיך יעטווידער איינער אײַנ־
קויפן באַ אים אין ליבשאַפט, נויסע־כיין זײַן אין זײַנע אויגן. די נאָכגע־
בערישע האַכנאָע מיצאַד די לערער קאָסט אונדז געזונט — צו וואָס זיך
שטעלן אזוי וואָלוול? ווער פאַרלאַנגט עס זייער פאַרמינערונג?

כעוורע ייִנגלעך פון עלטערן קלאַס שושקען זיך סוידעסדיק, ווינקען
שטום און פאַרדעכטיק צו יענער זײַט, וווּ עס שטייט דער באַל־באָסער. אין
שטאָט, דערציילן כעוורע, האַלט מען אים פאַר אַ גרויסער „שישקע". אַ
קלייניקייַט — אַן אינספּעקטאָר! איך, לעמאַשל, ווייס נאָך מער, וויפל די
ייִנגלעך דערציילן, איך ווייס, אַז ער איז אויך דער פאָרזיצער פון דער
קולטור־קאָמיסיע באַם שטאָט־ראַט. זעט אויס, דערפאַר טאַקע שטייט דער
פּאָליטפּראָסוועט מיט אים אין ענגן קאָנטאַקט, אַנדערש, מיין איך,
וואָלט אים דער כאַווער יאַקאָוו ניט געפירט אין שול־היים.

דאָ זעען מיר פּלוצעם, ווי ער, דער אינספּעקטאָר, פאַרלאָזט די לערער,
דעם כאַווער יאַקאָוו און גייט אַוועק צו דער קיך. דאָרטן פאַרזוכט ער
פונעם געקעכץ, פרעגט זיך נאָך באַ דער קעכנע, צי די שפּײַז־פּראָדוקטן
ווערן אַרויסגעגעבן צו דער צײַט; וואָס שטערט, אַז מע זאָל נאָרמאַל צו־
גרייטן פאַר די קינדער דאָס עסן? אַף וואָס קלאָגן זיך די קינ־
דער?..

פון דעם אַלעם איז געוועזן צו דרינגען, אַז דער שוואַרצמאַן־פּאָרטרעט
האָט אים ווינציק וואָס אינטערעסירט. אפּאָנעם, עס גייט אים אָן אין דער
לינקער פּייע די גאַנצע סימכע, מיט וועלכער מיר אַלע פרייען זיך. שפּע־
טער, נאָך דער קלייניקער רעוויזיע אַף דער קיך, איז דער פולבלעכער
אינספּעקטאָר ווידער אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ הײַפל קינדער. ער האָט
געמאַכט אַ שטיקל אויספרעג: עפּשער זײַנען די שילער ניט צופרידן מיט
די לערער־דערציִער? צי ווערן ניט די קינדער צו האַרב באַשטראָפט?..
וויאַזוי גייט דאָס לערנען? וויאַזוי פאַרברענגט מען די פרײַע
צײַט?

— שעמט זיך ניט, זײַט מיט מיר פרײַ און אָפן: וועלכע טײַנעס שטעלט
איר אַרויס?

אָט לויפן מיר גלײַך אויסדערציילן פאַר אים אַלע סוידעס. אפילע דער
כאַווער יאַקאָוו, וועלכער איז אַן אָפּטער אַרײַנגייער צו אונדז, קאָן זיך
אַקוראַט ניט דערגרונטעווען אַלע אונדזערע פאַרבאָרגענישן, — ווײַל ער,
דער געראָטענער אינספּעקטאָר, מיט איין קנאַק אַראָפּשיסן אַלע פּערציק
סאָראָקעס... דערנאָכדעם זײַנען געקומען צו אונדז געסט פון דער זאַראָ־
סיער אַרבעט־שול און פון קינדערהויז. דעם דיכטערס פּאָרטרעט האָט מען
אַף אַ פײַערלעכן אופן אופגעהאַנגען אין יענעם גרויסן קלאַס־צימער, וואָס
דינט אונדז אָפּט אַף ברייטערע פאַרזאַמלונגען און אויך פאַר אַנדערע יאָמ־
טעוודיקע פײַערלעכקײַטן. אונדזערע מיידלעך האָבן דאָ, באַ דער צערע־

מאָניע, ארויסגעוויזן פײַנעם געשמאַק, כאַריפּעסדיק אויסגעצירט מיט יעלן־צווײַגלעך דאָס שוואַרצמאַן־בילד, און עס האָט זיך זייער קונציק באַקומען, גלײַך ווי מע וואָלט דעם פּאָרטרעט אין דער איידל־געשניצטער ראַם אַרײַנגעטאָן נאָך אין איין ראַם פון לעבעדיקן גרינס, צוגעפּוצט מיט פרישע קווייטן. מענדעלע מויכער־ספרים, י.־ל. פּערעץ, שאָלעם־אַליכעם זײַנען מיט דעם נײַ־צוגעקומענעם פּאָרטרעט ווי אָפּגעפרישט געוואָרן.

ס'איז געווען מיט וואָס זיך גרויסן און איבערנעמען.

אינעם קליינעם קאָרידאָרל, דאָרט, ווו די קעכנע שטעלט אַלע אינדער־פרי דעם סאַמאָוואַר, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אַפן כאַווער יאַקאָוו. ער האָט מיך געבעטן שטיין א ווײַלע אָט דאָ אין דער שטילקײַט לעבן אים, ביז ער וועט אויסרייכערן דעם ציגאַר.

— כאָמעלע האָט מיר אַלצדינג דערציילט, — לויכט ער אויף א דערפרייטער. זײַן האַנט קלאַמערט זיך געטרײַ אין מײַן אַקסל, ער דריקט מיך פעסט צו זיך מיט עפּעס א מין געהויבענער פריילעכער שטימונג. — איך ווייס, טײַערינקער, איך ווייס... דײַנע שמועסן וועגן דיכטער האָבן באַם אַלטן שטאַרק אויסגענומען... דאָס האָסטו מאַשפּיִע געווען, ער זאָל זיך נעמען צו אָשער שוואַרצמאַנען. ביסט א כוואַטסקע יאַטל, דאָס קעפּעלע דײַנס שפּילט. פון דער ערשטער קענטשאַפט האָב איך אין דיר אײַנגעזען קערנדיקס, עפּעס אַזוינס, אַף וואָס מע דאַרף זיך אומקוקן...

כ'בין פּאָשעט ניט געווינט אין מײַן לעבן, עמעצער זאָל מיך רימען, בפרט נאָך אַז דאָס טוט גאַנץ הויך אַף א קאָל דער כאַווער יאַקאָוו אַליין... כ'האָב בעדייע געהאַט נאָך פריִער מיט א צײַט אַלצדינג דערציילן, מיסוואַדע זײַן זיך פאַר אים, האָט מיר שטאַרק געשראָקן דאָס האַרץ, טאָמער כאָלילע וועט דער מאָלער מאַכן שוואַרצמאַנען פאַר א בלינדן, אָנמאָלן אים מיט צעשאָסענע אויגן...

איך האָב ליב זען דעם כאַווער יאַקאָוו מיט זײַן פּראָסטהאַרציקײַט און פּאַשטעס, מיט זײַן צוגעלאָזטער גוטער נעשאָמע פון א ווילן, פריײַנטלעכן מענטשן, וואָס איז שטענדיק באַהערשט פון גוטע מאַכשאָוועס און גוטע קאַוואָנעס, פאַרמאָגט אין זיך אײַנזעעניש פאַרן יאָסעמדיקן קינד, ער איז זיך מאַמעש מויסערנעפעש פאַרן עלנטן און דאַכלאָזן נעפעשל.

דאָרטן, אין יענעם געראַמען צימער, ווו מע האָט אָקאָרשט אַף א פײַערלעכן אויפן אופגעהאַנגען דעם שוואַרצמאַן־פּאָרטרעט, באַרעמלט און באַצירט מיט פרישע יעלן־צווײַגלעך, געפלאָכטענע קרענצלעך, פילפאַרביקע בלומען, האָט געשלאָגן מיט פריילעכן רויש, מיט יויוול־געשריי און שטאַרק צעוואָרעמטן טומל. ווי נאָר מע האָט דערזען דעם כאַווער יאַקאָוו באַ די צעעפנטע טירן, איז גלײַך געוואָרן א פריילעכע פּליעסקערײַ מיט א זשומעניש אַף טויב צו ווערן. כעוורע פאַרבעטן אים היימיש אין קאַראַהאָד, יעדער איינער וויל דאַפקע נאָר שטיין לעבן אים און פילן זײַן האַנט. אייפערדיק ציִען אים מיט קינע אונדזערע צוגעפּוצטע מיידלעך, קלעפּן זיך אַרום אים און עסן אים מאַמעש מיט די אויגן.

ווי גוט, ווי ווויל וואָלט נאָך געווען, ווען אָניסי מאַרקאָוויטש זאָל טאַקע

בעמכילע, מיט זײַן קאָװעד, בײַזײַן אַף דער דאָזיקער סימכע. דער יאָמ־טעװ אַלײן, דאַכט מיר, װאָלט געװען א דאָפּלטער. מיט װיפל ליבשאַפט, פאַרערונג און באַװונדערונג מיר װאָלטן דעם גרױסן מאָלער אופגענומען. מיר װאָלטן אים געמאַכט אַזאַ פּײַערלעכן קאַבאָלעס־פּאָנעם, אַז די גאַנצע שטאָט װאָלט זיך געװיגט.

איין פּערעלע האָט זיך פּונדעסטװעגן אײַנגעשטעלט און געפרעגט טמי־מעסדיק שטיל, אופהײבנדיק איר ליב כײנעװדיק פּאָנעם, װאָס פאַרמאָגט אין זיך א װעלט מיט װאָרעמער שײַן.

— קעדײַ שאַפן אַזאַ פּרעכטיק בילד, — פאַרקאַטשעט זיך באַ איר העַ־כער דאָס אײבערשטע ליפּעלע, און אין די ברײט־צעעפנטע אױגן קװעלט מיט אַזױפיל מילדן נײַגער, — איז דאָך נײטיק, — זאָגט זי, — ניט נאָר צו־לײגן געזונט, קױעך, נאָר אױך אַרײַנגעבן, װי דער לערער אונדזערער, אָרל סקליאַר, דריקט זיך אױס, א שטיק אײגענע נעשאָמע... איאָ? און פאַר אונדז, שול־הײמניקעס, האָט שױן באַם מאָלער אױסגעפּעלט אי געזונט, אי האַרץ, ער זאָל זיך מאַטרײַעך זײַן אַלײן קומען... כאַװער יאַקאָװ, קלערט עס מיר אוף!

די קורצזיכטיקע אױגן װערן באַם כאַװער יאַקאָװ ליבלעך־כײנעװדיק פאַרשמאָלט, און ער ענטפערט פּערעלען:

— דאָס קאָן איך דיר טאַקע ניט אופקלערן. עפּשער איז ער ניט גע־זונט...

דורכן אָפענעם פענצטער האָט דורכגעשװעבט אין הױף א קענטלעכע פיגור. אָנשפּאַרנדיק זיך אַף דער ברײטער פענצטער־ברעט, רוק איך טי־פער אַרױס דעם קאָפּ מײַנעם אין דרױסן. ריכטיק, כ׳האָב קײן טאָעס ניט געהאַט, טאַקע כאָמעלע אַלײן... אין אײן אױגנבליק, פּײַל־אױסן־בױגן, טו איך א שפּרונג אַרױס אין הױף. ביז עפּעס־װאָס, זע איך, װי זי שטײט שױן מיטן אינספּעקטאָר, װאַרפט זיך דורך מיט א פרײלעך װאָרט, שפּאַסט און, װעדליק מיר דאַכט, כױזעקט זי נאָך א ביסעלע אונטער, װי זי איז דאָס געװױנט צו טאָן מיט מאַנצבלען. אָנגעטאָן אין דעם פּײַנעם שװאַרצן זשאַ־קעט, ליגן אין דעם מאַלבעש אירע שמאָל־געראָנדיקטע אַקסל אױסגעגאָסן, װי אין א פורעם. דאָס דורכזיכטיקע טױלענע טיכל װינטלט זיך אַפּילע דעמלט, װען אין דרױסן איז ניט צו פילן קײן מינדסט װינטעלע. כאָמעלע איז געקומען אַהער, אין שול־הײם, קאָן מען זאָגן, א ביסל מער אױסגע־סטראָצלט, װי געװײנלעך. בײסמײַסע איז מיר אַפּילע א פאַרדעכטיקער געדאַנק דורכגעלאָפן: עפּשער צום כאַװער יאַקאָװ?.. זײ קענען זיך שױן לאַנג. מיסטאַמע איז עס ניט דאָס ערשטע מאָל, װען מע שטעלט אָפּ א באַגעגעניש. גראָד איצט קאָן איך כאָמעלען זײער גוט צוניץ קומען. איך רוק זיך צו נעענטער, קימאַט אומבאַמערקט און פרעג ניט דרײסט:

— אַרױסרופן?

— אָ! — האָט זי זיך שטאַרק דערפרײט, דערזעענדיק מיך. — נאָר דיך אײנעם דאַרף איך אַצינד האָבן, מער קײנעם. אָניסי מאַרקאָװיטש האָט גע־בעטן אַרײַנװאַרפן אַן אױג אין אײַער שול־הײם, טו איך עס אים צוליב... ער װיל װיסן, דאָס כײַעס גײט אים אױס, װיאַזױ האָט מען אופגענומען

דעם שוואַרצמאַן־פּאָרטרעט? הער נאָר אַ מייַסע... פּאַרשפּעקטיק, אַ שאָד! האָט מען דעם פּאָרטרעט באַוויזן שוין, זאָגסטו, אַף אַ פּייַערלעכן אויפן אויפצוהענגען אַף דער וואַנט? מיט גרינע צווייַגלעך און פרישע בלומען אַרומגעפּוצט?.. פּייַן, פּייַן! אהא, — וואַרפט זי הייסע נייַגעריקע בליקן אַף אַרוך, צו די אָפענע פענצטער, — איך הער טאַקע, איך הער, ווי עס איז באַ אייַך פריילעך, מע זינגט און מע פּליעסקעט און מע טופּעט מיט די פיסלעך. מיין איך, גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ גדולע, לאָזט זיך גאָר אויס...

— אַרויסרופן דעם כאַווער יאַקאָוו? — טו איך זי פּלוצעם אַ פרעג.

— רייד ניט קיין נאַרישקייַטן, — טוט זי זיך קאָקעטיש אַ בייזער. — ניט אַף קיין ראַנדעוווּ בין איך אַהער געקומען. מיך אינטערעסירט בלויז, וואָס פאַר אַן אייַנדרוק האָט דעם מאָלערס בילד געמאַכט אַף די קינדער און אַף די לערער? דעם כאַווער יאַקאָוו דייַנעם האַלט אַף שאַבעס... — כאַ־מעלע האָט אַ לעצטן מאָל שטאָלץ אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ צו די פריילעכע אָפענע פענצטער, פונוואַנען עס האָט ברייט געשטראָמט דאָס געטומל, די זשומעניש און קינדערשע פאַרשייַטע לוסטיקייַט.

— גייט אַרייַן אינעווייניק, כאַמעלע, — פאַרבעט איך זי זייער העפלעך, ווי אַ געוווּנטשענעם גאַסט, — איר וועט גאָרניט אָנווערן. באַלד וועט מען דעקלאַמירן שוואַרצמאַנס לידער.

— לידער דעקלאַמירט מען ניט, — באַמערקט זי איראָניש, קימאַט אָפּ־שפּעטנדיק, — לידער זינגט מען... גוט, ווי־עס־איז וועל איך אַליין פּרוּוון אַרייַנקוקן אין שוואַרצמאַנס שאַפונגען, קעדיי אומיסטן זען, מיט וואָס אַזע־לעכס וועט ער מיך איבעראַשן. צו גוטן לעקעך מעג מען מיך אופוועקן אינמיטן דער נאַכט...

דער האַרטער נוס איז ניט פאַר אירע ציין. גיי דערקלער כאַמעלען, אַז זי איז ניט גענוג צוגעגרייט צום קינסטלערישן וואָרט. סייַדן... סייַדן ווען דער לערער אַרל סקליאַר אָדער אַן אַנדער דערפאַרענער מענטש קנעלט מיט איר צו, דעמלט, מעגלעך, וואָלט זי זיך גרינגער דערקליבן צום דיכ־טערס אויצרעס. אויב זי וויל, כאַמעלע, קאָן איך זייער לייַכט קריגן פאַר איר דאָס קליינע ביכעלע לידער. יענץ, דאָס גרעבערע מיט די האַרטע טאָוולען, וואָס איז ערשט ניט לאַנג דערשינען, געפינט זיך נאָר אין דער שטאָט־ביבליאָטעק, ס׳איז אַ פרישע זאַך, שפּאָגל־נייַ, און מע דאַרף, זאָג איך, האָבן אַ צאַד, קעדיי עס צו קריגן... באַם כאַווער יאַקאָוו וואָלט זי עס אויסגעפּויעלט איינס און צוויי.

— פאַר דייַן קלוגער אייצע, — טוט זי זיך אַ קרים, — אַ שיינעם דאַנק דיר אין היטל! כ׳האָב ניט איבעריק ליב, ווען מע טוט מיר צוליב... צו־ליב קאָסט טאָמיד טייַער. שענק מיר ניט קיין האָניק, — וואַרפט זי צו מיט אַ גיפטיק ניגנדל, — און גיב מיר ניט אַ ביס. באַם כאַווער יאַקאָוו, זאָלסטו וויסן זייַן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, זוך איך ניט קיין טויוועס. פאַר אַ גוטן, פאַר אַ פרומען און פאַר אַ מעשוגענעם היט איך מיך, ווי פאַר פייַער.

כ׳האָב מוירע, אַז די שיינע קלוגע כאַמעלע שייַנט מיר צו זייַן איבער עפּעס־וואָס פאַרזויערט. אַף וועמען, בין איך אַ באַלן וויסן, איז די מויד אָנגעדרודלט?.. ווי נאָר איך האָב זיך געכאַפּט, אַז מע דאַרף, פונדעסטוועגן,

צו דער מעוווּלוולדיקער, אומצופרידן־רוגזעדיקער כאָמעלען זײַן א ביסל צוגעלאָזענער, מילדער, פאַרגעבן איר אופגעיוירטן שיגאָען, איז זי פּלוצעם פאַרשוווּנדן געוואָרן אָן א זײַ־געזונט... אין מײַן דימיען טויכט אוף אָנ־שטאָט כאָמעלען בלומע יאכניס מיט אירע ברייטע גוטהארציקע שמייכלען צו אלץ און צו אלעמען, וואָס איז נײַ און פריש. זי איז נעבעך מיד־מאָט, פאַרשטויבט פון ווײַטן וועג. זי אָטעמט שווער, אלע אירע אייוורים בלײַבן מאמעש אָן קויכעס, לעכצן נאָך רו. די אָפּגעבליאקעוועטע גרינע שינעל הענגט אף אירע אראָפּגעלאָזטע אקסל וואָגיק־שווער. א ווײַסער שיכט וועג־שטויב רוט אף די ענג געשנורעוועטע סאפּאָזשקעס.

— מאָלאָדצי, רעביאטאַ!.. — פרייט זי זיך גליקלעך, אָן איבערגעהאָ־רעוועטע, צוזאמען מיט אונדז. — זייער גוט, זייער שיין! — קלײַבט זי טײַנעג. — עס איז גוט, וואָס איר האָט ליב אזא דיכטער...

און מיר, דאָס הײַפּל קינדער, בעראָש מיט אונדזער ליבן לערער, ארל סקליאר, כאפּן אונטער שטיל־דערהויבן, באצויבערטע און פאַרכאָלעמטע:

ס׳איז א הירש שוין געקומען צו טרינקען פון טײַך,
ס׳איז דאָס וואסער א לויטער־קרישטאָלענע דעק...
מיט א צווייענדיק־ליכטיקער זעלע טרוים איך
פון א לאנד דאָרט אף יענעם באגילדעטן ברעג...

דאָס הײַפּל קינדער ווייסן זייער גוט, ווען דער דיכטער האָט גע־שענקט די דאָזיקע ערלעכע, ריין־הארציקע שורעס. טאקע דערפאַר האָבן מיר זיך מיט פולער ליבשאפט, געטרײַ אָן א ברעג און אָן א סאָף געצויגן צו דער מיד־וואנדערנדיקער בלומע יאכניס, וועמעס אומרויִקער גײַסט עס טראָגט זיך שטורמיש ארום אין גרויס אײַנשטעלעניש, מעסירעסנעפּעשדיק, איבער אומצאָליקע דערפער, כוטאָרן, ווײַטע, פאַרוואָרפענע יישוווים, צו־ליב פלאנצן פרישע זוימען פאַר דער צוקינפטיקער געזעלשאפט, כאָוועץ דעם אונטערוואקסנדיקן דאָר, וואָס קומט בויען די נײַע וועלט. מיר האָבן געקוקט אף דער געוואגטער און דרייסטער קאָמיוגיסטקע בלומע יאכניס ניט נאָר ווי אף א שאָליעך פון א הויכגעשטעלטער אינסטאנציע, נאָר בע־פיירעש טאקע, ווי אף איינע פון די סאמע מוטיקסטע, שרעקלאָזע, פעסטע און באהארצטע יונגע קאָמוניסטן.

מיר זײַנען עפשער מער ווי גליקלעך, וואָס מיר זעען און פילן, ווי בלו־מע יאכניס פרייט זיך מיט אונדזער סימכע. און אז מע האָט בא איר געפרעגט, צי איז קעדײַ געווען זיך אָנטאָן אזא היפשן קויעך, דורכמאכן צופוס אזא ווײַטלעכע שטרעקע אָן אָפּרו, א האלב־הונגעריקע, אבי וואָס גיכער קומען צו די שולהיימניקעס אָנטיילנעמען אין די פײַערלעכקײַטן ארום דעם שווארצמאַן־פּאָרטרעט, קלערט זי ניט לאנג און ענטפערט:

— ווען איך ליג צו בעט טויט־קראנק אפילע, — זאָגט זי, — וואָלט איך זיך אויך דערשלעפּט צו אײַך, מײַנע הארציקע און טײַערע, ביפראַט איך בין, גאָט צו דאנקען, געזונט אף אלע אייוורים. אײַ, די פיסעלעך?.. די פיסעלעך טוען אזוי לאנג ווײ, ביז זיי הערן אוף ווײ טאָן... דער מאָ־לער, א יאשער־קויעך אים, א גוט געזונט לעבן אף אים, האָט פאַרדינט,

מע זאָל אים אָפּגעבן דעם שיינעם קאָ[illegible]ד. א שאָד, וואָס ער פעלט דאָ אויס, אוואדע א גרויסער שאָד. אָבער ניט געזאָרגט, קינדער, אומבאדינגט וועט ער נאָך קומען צו אײַך. מיר האָבן גענוג צײַט און געדולד צו ווארטן. ער האָט געקאָנט געפינען דעם וועג צו אָשער שווארצמאנען, וועט ער בעמיילע ניט קאָנען אויסמײַדן דעם הײַנטצײַטיקן אויסגעלייזטן מענטשן. אן אונדזער טאלאנטפולער קינסטלער מוז געפינען נעשאָמע־פרייד אין אונדזער רעוואָליוציע, סײַ באם סאָלדאט, סײַ באם קינד, סײַ בא אן אָפּקומענדיקער נעשאָמע און סײַ בא אזעלכע פּראָלעטארישע וועג־פירער, מאנהיגים, וואָס אנטפּלעקן פארן פּאָשעטן ארבעטער־מענטשן נײַע וועלטן...

ס׳איז ניט צו פארגלײַכן כאָמעלען מיט אָשער שווארצמאנס פרײַנדן, די יונגע הייסבלוטיקע קאָמוניסטקע בלומע יאכניס. דאָס זײַנען צוויי באזונדערע וועלטן. סײַ די און סײַ יענע זײַנען אין לעבן ניט געגאנגען אין דער מאמעס שיך... דער כילעק איז נאָך געלעגן אינדערינען, וואָס כאָמעלע האָט געהאלטן אין סאמע רעכטן בלאָנדזשען... גאָט ווייסט, צו וואָס פאר א ברעג זי וועט נאָך צושווימען? עס גילט ניט דאָס צאצקען זיך אינעם אייגענעם „איך”, דאָס שטעלן זיך שטאָרצעם, אויספירן נאָר דאָס, וואָס מע וויל און מע פארלאנגט... מיט אזא אקשאָנעס איז שווער זיך ארופשלאָגן אפן עמעסן וועג. קאָן זײַן, ווען דער גוירל פירט זיי צונויף צוזאמען, וואָלט אזא צעבויטעטע כאָמעלע מיט אלע אירע צעפּעסטעטע קאפּריזן, מיט אלע אירע כעסרוינעס און מײַלעס עפּעס־וואָס נוצלעכס אָפּגעלערנט פאר זיך.

...אין דעם אומגעוויינלעכן טאָג, דאָנערשטיק, האָבן מיר, טאלמידים פול שול־היים, פארלאָזט דאָס אופגעקאלופּעטע ברוינע מויערל אף דער שטילער קאראטשענע א סאך שפּעטער ווי אין אנדערע וואָכעדיקע טעג. אין דרויסן איז נאָך ניט געווען שטארק פינצטער, אָבער אף די גאסן שטייען שוין די הײַזער אין נעפּלדיקער נאכט־שײַן. פיל קליינע נאפט־לעמפּלעך בליקן בלינד ארויס פון די האלב־אָפענע פענצטער צום וואָס אמאָל מער און מער געשאָטנטן דרויסן. ווו־ניט־ווו האָבן זיך שוין ארומגעטראָגן קלאנגען, אז דאָס זעלטענע קונסט־אנטיקל, דעם שווארצמאן־פּאָרטרעט, וועט מען בעקאָרעוו אוועקפירן קיין קיִעוו אף דער לאנד־אויסשטעלונג און אים, דעם אלטן מאָלער, צוריקרופן אף זײַן אָרט... ער וועט נאָך אָבער פרווון, דער מעפורסעם, זאָגט מען, ארויסשטעלן טנאָים...

קלערן קלער איך, אז דאָס זײַנען נארישע פלוידערײַ, פּוסטע גאס־דיבורים, באטלאָנעס. ווער־ווער, נאָר איך ווייס דאָך די אניוועס און די ערלעכקײַט פונעם אלטן מאָלער. ווי ער האָרעוועט שווער און ביטער איבער יעדער מינדסטער געמעל־צייכענונג. דער זאָקן ווייסט ניט פון קיין רו, ניטאָ פאר אים קיין שאבעס און קיין זונטיק, שאנעוועט ניט דאָס איבערגעבליבענע ביסל געזונט, שטענדיק טרעפט מען דעם שעפער בא זײַן ארבעט. די סארפעדיקע זון האָט אים שוין געמאכט שווארץ ווי קויל, ארויסגעצויגן דעם קליאָק פון די אלטע ביינער, די צעקנייטשטע הויט

אדורכגעברענט אף דורך און דורך. הײַנט די אינערלעכע יעסורים, קלע־מעניש און פּײַן, וואָס דער באַיאָרטער מענטש לעבט איבער בײַסן מאָלן?..
עס איז קעדײַ אמאָל פאר טשיקאווען שטיין בא א זײַט פונדערווײַטנס און אָבסערווירן, ווי/אזוי דאָס צעאקערטע פּאָנעם זײַנס ענדערט זיך אלע ווײַלע. וויפל לייד, פּלאָג, פארצווייפלונג מאטערן זײַן נעשאָמע. יעדער שטריך פונעם פּענדזל, וואָס ער פירט איבערן לײַוונט, איז ווי אײַנגעטונקען ניט אין קיין צעמישטער פארב, נאָר אין אייגענעם בלוט, אין אייגענע נעשאָמע־שמערצן. טאָמיד הערט מען פון אים דאָס אומצופרידענע וואָרטשען: „ניין, ניין, ניט דאָס האָב איך געוואָלט... עס טויג לאַכלוטן ניט... פאלש, פאלש... פאלש!" און דאָס צעפליקטע פּאַפּיר פליט זשמוטנוויַיז אין אלע פיר זײַטן. דאָס איז די פולע פון ס'ראָוו ניט פארענדיקטע געמעלן, עסקיזן, לאנד־שאפטן... דער מאָלער איז אן אכזער אף זיך אליין, שנײַדט אומבעראכמאָ־נעסדיק אף רעכטס און אף לינקס, כויזעקט און שפּאָט פון זײַן אריינגע־לייגטער מי, פון זײַן ביז גאָר שווערער ארבעט, וואָס געפינט בא אים ניט קיין כיין. אן אנדערער וואָלט פון דעם, וואָס דער אלטער מײַסטער רופט אָן „ניוועץ", „פכאס", אָדער, נאָך פּאָשעטער גערעדט, „בראק", געוויס אויסגעשלאָגן פוטער. קימערט אים עפּעס אין זײַן מאָלעריש שאפן, אפילע א נישטיקע קלייניקײַט, איז שוין מיט סאקאָנעס־נעפאָשעס.
— ניין, — שרײַט ער שוין אופגערעגט און ער וויל מער פאר די אויגן דאָס געמעל ניט זען, — ס'איז ניט נאָר קיין כיסאָרן, — ברילט ער צו זיך אליין מיט ווילדן קאַס, — נאָר א וואָרצל פון פאלשקײַט. דאָס דאָזיקע שמירעכץ איבלט... „קאקעפיצי", — קרימט ער דאָס טיף־צעפאלדעוועטע פּאָנעם, ווי עס וואָלט בעעמעס פונעם בילד געטראָגן מיט שלעכטע רייכעס. ער שטראָפט זיך, טאדלט דאָס אייגן געשאפן בילד...
— אדעראבע, פּרוווט זאָגן: נו און יענער און יענער קינסטלער, וואָס איז פּאָפּולער אין דער ברייטער וועלט, מאָלט בעסער?..
דערוף ענטפערט אָניסי מארקאָוויטש מיט איראָניע:
— אז איך וועל זײַן, ווי יענער און יענער, ווער זשע וועט זײַן, ווי איך?..

## ווי מיר וואָלטן א צווייט מאָל פאריאָסעמט געוואָרן

דאָס דאָזיקע ווינציק אָנזיכטיקע, ברוין־אָפּגעקאלופּעטע מויערל אף דער טויט־שטילער קאראטשענע, די אמאָליקע טאלמעדטוירע, שפּעטער — די ערשטע קלאסן פון דער זאראָסיער ארבעט־שול און איצט די שול־היים, האָט אין איינעם א טאָג באקומען פולע אנערקענונג, געוואָרן א שעם־טאָוו אין בארשעוו. וואָס עמעס, איז דער אלטער אוילעם־האטויעניק האָט אונדז געמאכט גאָר א פײַנע רעפּוטאציע. מיר לאָזן זיך איצט אָפּטער הערן אין שטאָט. די שול־היימניקעס זײַנען לעצטנס געוואָרן ווײַט ניט די, וואָס גייען צוויי פאר א דרײַער. נישטאָ דער טאָג, עמעצער זאָל ניט קומען אהער צום ברוין־אָפּגעקאלופּעטן מויערל אָנקוקן דעם בארימט גע־וואָרענעם שווארצמאן־פּאָרטרעט. מיר, שול־היימניקעס, די באזיצער פונעם

אויצער, זײַנען מעכויעוו אופנעמען יעטווידער געקומענע גרופּע גאַסטפרײַנטלעך, אויסשטעלן זיך פאַר די באַזוכער לײַטיש, מאַכניס־אורעכדיק, באַגעגענען מיט אַ פריילעכן קאַבאַלעס־פּאָנעם יעדן איינעם, דערבײַ וואָס ברייטער ארויסווײַזן העפלעכקײַט, ווי עס פּאַסט פאַר ווילדערצויגענע קינדער. אין איינע־צוויי וואָכן זײַנען מיר געוואָרן ווי אַ שטיקל מוזייום פאַר דער שטאָט. מע קומט באַזוכן אונדזער אַלט ברוין מויערל אינדערפרי, באַטאָג און גלאַט אין אַ מיטן שאַבעס...

די „פריילעכע" יעדיִע האָט מען אונדז שוין ניט איין מאָל געגעבן אָנצוהערן — דעם פּאָרטרעט, קאָן זײַן, זאָל מען אוועקפירן קיין קיִעוו... דאָ איז ניט קיין אָרט פאַר אַזאַ ווערטיקן קונסט־ווערק. דאָס בילד האָט געמאַכט צו אַ גרויסן רוישעם. פונדעסטוועגן, מיין איך, דאַרף מען זיך נאָך אָנפרעגן באַם מאָלער אַליין, ער איז דאָך פאָרט אי דער שעפער, אי דער באַלעבאָס פון אָט דעם שעדעווער. האַלטן זיך אַנדערע באַ דער מיינונג, די, וואָס האָבן איבער אונדז די האַשגאָכע, אַז אַ מאַטאָנע קערט מען ניט אום צוריק. דער אייגנטימער פונעם געשאַנק האָט שוין איצט גאָר אַ קליינע דייע איבערן געשענקטן... אַזוי אַז קיינער וועט באַ אים ניט גיין פרעגן, וואָס ווײַטער טאָן מיטן שוואַרצמאַן־פּאָרטרעט. וויל מען, פירט מען דאָס בילד קיין קיִעוו, וויל מען — גיט מען אים אוועק דעם אַרבעט־פּאַלאַץ אָדער אפילע דער שטאָט־ביבליִאָטעק, און אַז מע וויל גאָר, פון אַלע גליקן, בלײַבט דער פּאָרטרעט הענגען אָפן אָרט, דאָרט אינעם גרויסן, געראַמען קלאַס־צימער, און מע גיט אים קיינעם ניט אוועק.

טאָג און נאַכט קומען קינדער פון דער זאַראָסיער שול, פון קינדער־הויז, דערוואַקסענע באָכערים פוןביידע אָוונט־שולן, עלטערע מענטשן פון ליקבעזן, מע גייט צו אונדז, אַזוי ווי נאָך שמורע־וואַסער, אָדער, ווי די לערער זאָגן, מע גייט ווי אין אַן עמעסן מוזיי. די שטילע דרעמלענדיקע קאַראַטשענע איז לעצטנס געוואָרן אַ ביז גאָר אופגעלעבט וואַכנדיק געסל. אָפּטער ווערן אין שול־היים דורכגעפירט ליטעראַרישע שמועסן, פאָרלעזונגען, רעפעראַטן אי פון היימישע אייגענע קויכעס, אי פון אײַנגעלאַדענע לערער און אויך פון אָנגעפאָרענע געסט, וואָס כאַפּן זיך אַראָפּ קיין באַרשעוו דורכלייענען עטלעכע לעקציעס פאַרן שטאָטישן אוילעם. איינע אַזאַ לעקציע פון אַ געוויסן כאָשעוון לעקטאָר האָבן מיר אײַנגעאָרדנט דאַפקע באַ זיך. די טעמע: וועגן גרויסן פאָלקס־קאָבזאַר טאַראַס שעווטשענקאָ. דער שעווטשענקאָ־אָוונט איז דורכגעגאַנגען אַף כידושים. דער אַלט־שטאָטישער כאָר באַם אַרבעט־פּאַלאַץ איז דעמלט געקומען צו אונדז אַף דער קאַראַטשענע מיט אַ פאָרויס צוגעגרייטער שעווטשענקאָ־פּראָגראַם. די פײַערלעכקײַט פונעם אָוונט האָבן מיר נאָך מער דערפילט, ווען אַלע זײַנען אופגעשטאַנען פון די ערטער און שטייענדיקערהייט געזונגען דעם „זאַפּאָוויט"[1].

אָט דאָ, די לעצטע צײַט, האָט דער לערער אַרל סקליאַר גענומען גרייטן מיט די עלטערע קינדער אַ שאָלעם־אַלייכעם־וואָך. כוץ דער אינסצענירונג „די גימנאַזיע", וועט די שעלעמעטעכע, ראָכעלע די ווײַסע, פאָר־

---

[1] די צאַוואָע (אוקר.).

לייענען אף אויסווייניק „דאָס טעפל‟, און פערעלע וועט זינגען וואַרשאוור־
סקיס לידער. „אפן פריפעטשיק ברענט א פייערל‟ האָט מען ארויסגעוואָרפן
אָן שום איבעריקע רייד פון דער פראָגראם — סע שטימט ניט מיט אונד־
זערע נייע דראָכים: א רעבע, א כיידער, א קאנטשיק... דערצו איז נאָך
אינעם רעבנס ענגער שטוב הייס, דושנע, פון אלע פיר ווינקלען שמעקט
מיט שימל, צעבער־פאָמעניצעס, טאבעק־רויך און צעהאנגענע קינדערשע
ווינדעלעך... שטעלט זיך דאפקע פערעלע אנטקעגן דעם לערער מיט גאנץ
ראַיעלע באַווייַזן: וואָס הייסט און וואָס הייסט?.. אין פיל יידישע הייַזער
זינגט מען דאָס דאָזיקע לידל... און אז מע רעדט שוין יאָ וועגן עכטע
פאָלקסלידער, זאָגט זי מיט א טייַנע, ווייסט מען נאָך דערווייַל ניט פון
קיין בעסערס און שענערס, סייַדן עפשער „א בריוועלע דער מאמען...‟?
זאָל דער לערער ארל סקליאר נאָכאמאָל זיך גוט איבערלייגן, טאָמער וועט
ער כאראָטע קריגן אף זייַן ארויסגעטראָגענעם פסאק־דין?.. „מיר זייַנען
קינדער פונעם פאָלק, פארוואָס זשע, פרעגט זי, זאָלן מיר זיך אָפזונדערן
פונעם פאָלקס שאפן?.. ווער זאָגט זיך עס אָפ פון אייגענע טאטע־
מאמע?..‟

איצט זעט איר שוין, פערעלע קאָן מיט איר הארבער קאשע אויך אמאָל
גוט צושפּארן צו דער וואנט. אדעראבע, לאָמיר הערן, וואָס פאר אן ענט־
פער וועט דער געניטער לערער איר געבן?

אהא, ער קווענקלט זיך. ס׳א גוטער סימען — קנייטשן מיט דער נאָז
איז נאָך ווינציק.

— ניט אלץ, וואָס דאָס פאָלק זינגט, — דערקלערט ארל סקליאר מיט
א גלייַכן געדאנק, — איז קאָשער־וועיאָשער. ניט פון יעדער יערושע האָט
מען נוץ. איבערנעמען בלינד און אומבאווסטזיניק דאָס, וואָס ס׳איז גע־
שאפן געוואָרן פון פאָלקס־מויל, קאָן אויך אמאָל זייַן שעדלעך. נאָכבאָמקען,
ווי דער פאָפוגייַ, איז גאנץ נאריש. נאָכן אלטן אָפגעלעבטן כיידער, גלייבט
מיר, איז ניטאָ וואָס צו בענקען. עס גייט דאָ ניט, קינדער, אינעם „פריפע־
טשעק‟. אָנעם „פריפעטשעק‟, מיטן „פריפעטשעק‟. טאקע בא דעם זעלבן
פאָלקס־דיכטער וועט איר געפינען א סאך שענערע פערל. בעמיילע דארף
איך אייַך זאָגן, קינדער, בלייַבט ווארשאווסקי איינער פון אונדזערע שענ־
סטע פאָלקס־זינגער. וואָס דארפט איר מער, דער גרויסער שאָלעם־אלייכעם
האָט געהאלטן פון אים אוילעם־אומלויע, געליבט דעם פאָפולערן פאָלקס־
זינגער ביזן הימל, און ס׳איז געווען טאקע פארוואָס.

געוויס, קלער איך, האָט דעם לערערס ענטפער געשטעלט צופרידן
פערעלען. נאָך א גוטן סימען האָב איך: מער האָט זי בא אים ניט געבעטן
אייַנשליסן אין איר קלייניטשקער פראָגראם „אפן פריפעטשעק ברענט א
פייערל‟. ניין, איז ניט. דאָס פריקרע העסלעכע וואָרט אליין „כיידער‟
האָט געקאָנט אָפשטויסן אף מייַלנווייַט.

אלע האָבן מיר געפילט אין שול־היים דאָס סאמע איקערדיקסטע —
אין אונדזער רעשוס געפינט זיך א גוואלדיק פארמעגן, אן אויצער, קאָן
מען זאָגן... זאָל זייַן, אז די דערנערונג איז פון אזא גווירעשאפט פעטער
ניט געוואָרן. צווישן אונדז גערעדט, זייַנען מיר אפילע ווייַט צו ברויט־זעט...
דאָס שיינע אָנטאָן אונדזערס האָט אויך ניט אויסגעזען צו זייַן פריציש.

אָבער מיר זײַנען רײַך... רײַך מיט אזא רײַכקײַט, וואָס ווערט ניט גע־מאָסטן מיט מאמאָשעסדיקע רעאַלע מאָסן. דאָס גרויסע אשירעס לאָזט זיך ניט נעמען גלײַך אין די הענט אַרײַן. מיר פאַרמאָגן אזעלעכס, וואָס קיין איין קינדער־קאָלעקטיוו אין באַרשעוו, און ניט נאָר אין באַרשעוו, האָט עס ניט און קאָן אפילע ניט כאָלעמען וועגן דעם. די פּילצאָליקע וואַרעמע בריוו, וואָס ווערן אַדרעסירט צו אונדז, זײַנען אַלץ וועגן שוואַרצמאַנס פּאָרטרעט.

אָבער ווי נאָר דאָס גליק טוט אומגעריכט א בלענד אין איין זײַט, אזוי שפּרייט זיך גלײַך אויס א טונקל שאָטנדל אױף דער צווייטער זײַט. ניט אױף לאַנג איז אונדז געגעבן געוואָרן דאָס באַשערטע גליק, מיר זאָלן זיך קאָנען מיט דעם פרייען און אָנפרייען. אז ס׳איז ניט באַשערט, ווי זאָגט מען, העלפט ניט קיין כאָכמעס — דער שלימאַזל ווערט באַדײַ צו־געשיקט מיטן ווינט...

א גאַנץ גרויסע קאָמיסיע, מענטשן פרעמדע, שטרענגע, אָנגעכמור־רעטע, זײַנען אַראָפּגעקומען פון ווײַטן כאַרקאָוו. אין יענעם גערוימען, ריין צוגעקליבענעם קלאַס־צימער, דאָרט, ווו דער פּאָרטרעט הענגט אונ־טער גרינע יעלן־צווײַגלעך, האָט מען אונדז שוין מער ניט אַרײַנגעלאָזט, די טיר שטייט פאַרשלאָסן, מאַכמעס דער יאָמטעוודיקער צימער איז קי־מאַט ווי פאַרכאַסמעט. די אַלע באַזוכן און עקסקורסיעס צום אַלט־ברוי־נעם מויערל אױף דער קאַראַטשענע האָט מען צײַטווײַליק אָפּגעשטעלט. טאָגטעגלעך יאַווועט זיך אין שול־היים דער כאַווער יאַקאָוו נישט גאָר קיין פריילעכער. אויפגערעגט און אפילע עטוואָס צעטראָגן, האַלט ער אױף לאַנגע זיצונגען מיט דער שטרענגער קאָמיסיע. איך שטויס מיך אָן, אז דאָרט, הינטער די פאַרמאַכטע טירן, גייט ניט קיין קליינע דינגע־ניש.

דאָ מוז פּאָרט קומען, קלער איך, אָניסי מאַרקאָוויטש זאָגן זײַן לעצט ענדגילטיק וואָרט. ווער האָט נאָך אזויפיל רעכט אפן געמאָלטן בילד, ווי דער באַשעפער אַליין?..

דאָס קליינע הײַפעלע לערער גייען אויף אַרום אומרויִקע, צעטאָרעטע און באַרויגעזע. זיי האָבן, זעט אויס, א קליינע דייגע איבערן פּאָרטרעט — אַן אומגעריכטער געשאַנק, וואָס איז זיי אָנגעקומען, דעם עמעס גערעדט, גרינגער, ווי אַרויסצײַען א האָר פון מילך.

איך פאַרשפּאָר איצט לויפן צום אַלטן מײַסטער, ווי איך האָב מיט א פּאָר טעג געקלערט, זיך קלאָגן פאַר אים, ער זאָל וואָס גיכער זיך אַרײַנ־לייגן אינעם באַדראָענדיקן איניען, אָפּשרײַען דעם פּאָרטרעט, עלע ניט, קאָנען מיר גרינג אָנווערן די מאַטאָנע זײַנע... אָניסי מאַרקאָוויטש האָט זיך לאַנג ניט גְעלאָזט בעטן. ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט, אז דאָס בילד זײַנס איז אויסגעשטעלט אױף סאַקאָנע, איז ער גלײַך געקומען, און ווי נאָר ער איז אַריבערגעטראָטן די שוועל, האָט זיך געיאַוועט דער כאַווער יאַקאָוו. אָניסי מאַרקאָוויטש האָט אויסגעזען פאַרמאָרעשכוירעט, די קאַלטע פאַרלאָשענע פּיפּקע זײַנע, אָן א זייכער פון לעבן, איז אַראָפּ־געהאַנגען פונעם מויל־ווינקל. דער מאָלער טראָגט אפן קאָפּ א פּלאַטשע־כיק היטעלע אױף א זײַט, דאָס היפּשלעך־צעפּאַלדעוועטע ראַזירטע פּאָנעם,

נאכלעסיק דורכגעשאָבן מיטן גאַל־מעסער, האָט אויסגעזען ווי א שטיק וויסטער מידבער נאָך א דורכגעטראָגענעם ווירבל־ווינט. אלץ איז דאָ אין שול־היים פאר אזא מעפורסעם געווען ניי, אלץ האָט אים געוווּנדערט.

דאָס אומדערוואַרטע אַרײַנשאַרן זיך פונעם מאָלער האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקײַט פון די טומלענדיקע קינדער מיט זײַן אויסטערלישן אויסזען. דער כאָווער יאַקאָוו האָט אים שנעל אונטערגעכאַפּט אונטערן אָרעם און אים זײַער העפלעך פאַרבעטן אין יענעם פאַרבאַטענעם קלאַס־צימער, ווו די אַראָפּגעקומענע קאָמיסיע האַלט אָפּ איר לעצטע זי־צונג.

אינעם קויעך פונעם אַראָפּגעקומענעם מאָלער האָב איך שטאַרק געגלייבט. אָניסי מאַרקאָוויטש וועט דעם פּאָרטרעט אָפּשרײַען. אין דעם בין איך עפּעס געווען מער ווי זיכער.

העט שפּעט, קימאַט סאָף טאָג, איז שוין דער גוירל פונעם שוואַרצמאַן־בילד געווען א געלייזטער. קורץ געערעדט, מיר האָבן דעם געשענקטן אוי־צער פאַרלאָרן... וויפל מע זאָל שוין איצט, נאָכן באַשלוס, אין אונדז ניט אַרײַנריידן גוטע רייד, צוזאָגן גאָלדענע בערג, קאָרמעווען מיט האַווטאָ־כעס, איז עס אַלץ פאַרן ווינט אַרויסגעוואָרפן, העוולדיק, קיין שיבעש ניט ווערט... וואָס קומט אַרויס, אז מע וועט דעם פּאָרטרעט לאָזן דרוקן אין טויזנטער עקזעמפּליאַרן, ווער עס וועט נאָר וועלן, וועט האָבן א מעגלעכ־קײַט אײַנשאַפן פאר זיך דעם דיכטערס בילד. און דאָס דאָזיקע עמעסע געמעל, וואָס דער מאָלער האָט געמאָלט, בלײַבט פאַרן לאַנד־מוזיי.

— מונטערער, כעוורע! — הערן מיר פון דער קאָמיסיע טרייסט־אויס־רופן. — באַוווּסטזיניקע קינדער פאַלן ניט אַרײַן צוליב נוצלעך־מעלוכישע זאַכן אין אומעטיקער אַנטוישונג.

— לאָזט ניט אַראָפּ די ניוני... העכער די קעפּ!..

— באַפרײַט זיך פונעם נידעריקן עגאָיסטישן געפילן! — טראָגן זיך פון אלע זײַטן אַי שטראָף־רייד, אַי דערמוטיקונג. — ווי קומט צו אײַך אָט די קליינבירגערלעכע באַגרענעצטקײַט? מײַנס... דײַנס... אייגנס... איצט וועט דאָס שוואַרצמאַן־בילד זײַן א בעשוטפעסדיקס, אונדזער אַלעמענס.

איך זע ניט, דער כאָווער יאַקאָוו זאָל שטאַרק זײַן דערפון גליקלעך, וואָס מע פירט דעם שוואַרצמאַן־פּאָרטרעט אַרויס פון באַרשעוו. ער זאָגט אונדז גאָרניט, האַלעמײַ מיר גייען אַרום אומעטיקע, מיט פאַרקלעמטע הערצלעך. צוזעענדיק אונדזער ערגערניש, מאַכן די לערער אויך ניט קיין איבעריקע פאָרוווּרף־באַמערקונגען. קעגן דער רעספּעקטירטער קאָמיסיע, אַפּאָנעם, קאָן קיינער זיך ניט שטעלן. דאָס, וואָס זיי האָבן באַשטימט, איז פּעסט און זיכער. נו און ווו איז געווען דער מאָלער אַליין, אָניסי מאַרקאָ־וויטש, מיט זײַן וואָגיק וואָרט? ער האָט דאָך געמעגט זײַן דרייסטער, זאָגן דאָס, וואָס קיין אַנדערער וועט עפּשער ניט וואַגן. זײַן מיינונג, לאָזט זיך אויס, האָט ער שוין אַרויסגעזאָגט דאָרט, אין יענעם קלאַס־צימער, ווו מע האַלט די טיר פאַרמאַכט. וואָס זשע איז די פּולע? ווײַל ער איז א געשטרויכלטער (גאָט ווייסט, פאר וועלכע זינד), האָט מען זיך, זעט אויס,

ניט איבעריק גערעכנט מיט זײַנע פֿאָדערונגען, פּראָטעסטן און קלאַפּן אין טיש. דער שווארצמאן־פּאָרטרעט, טײַנעט די קאָמיסיע, קער ניט צום מאָלער, נאָר צום קינדער־אנשטאלט... און זיי, מיר, שול־היימניקעס הייסט עס, האָבן געגעבן דערויף די האסקאָמע. ווער קאָן זיך עס שטעלן קעגן אזא ספּעציעל צוגעשיקטער קאָמיסיע?..

אונדז, שול־היים־קינדער, וועלכע האָבן דעם מאָלער ווארעם־ליב ארומגערינגלט, זאָגט דער קינסטלער צו אָנהייבן מאָלן א גרויס שאָלעם־אלייכעם־בילד. ער גלייבט און וויל האָפן, אָניסי מארקאָוויטש, אז דער שווארצמאן־פּאָרטרעט וועט זיך צוריקקערן אין שול־היים. פאר די טאלמידים פון דעם דאָזיקן לערן־אנשטאלט, זײַנע יונגע פארערער, בלײַבט ער לעסאטע א באלכויוו.

דער „נאָזיר" הייבט ניט אָן צו וויסן, פארוואָס גייען דאָ שילער אזוי אָרעם געקליידט. ניט צו זען קיין איין גאנצע פּאָר שיכלעך, גאנצע הייזלעך, גאנצע העמדלעך. אלע געלאטעטע, פארצירעוועטע, מיט אנדערע קאָלירשטאָפן פארבייט. בא א מערסטן טייל קינדער שלעפּן זיך נאָך צעטריפּעטע טראָלדן. עס זעען זיך ארויס פונעם אָרעמען אָנטאָן צעעפנטע לעכער, דעקן אוף נאקעטע לײַב. דער אלטער קוקט אף אונדז מיט צעשראָקענע אויגן, עס שרעקן אים די דאָזיקע האלב־ווילדע שלעפּערישע האָלעדריגעס... און די דאָזיקע „באָסע קאָמאנדע", קלערט ער געוויס, האָט צארטן געפיל, איידעלן, פײַנעם גוסט צו גרויסער קונסט און פּאָעזיע. זיי ווילן, די קינדער, מיט זייער קינדערשער נעשאָמע־ריינקײַט אײַנפלאנצן אין זיך דעם כוש פאר דערהויבענער מענטשלעכער שיינקײַט... שווארצמאן, דער דיכטער און העלדישער קריגער, איז געוואָרן פאר זיי א מאָמאָשעסדיקער, ערדישער גאָט... אויסגעצערט, אָפּגעריסן, קרוע־בלוע, ציִען זיי זיך צו די הייליקסטע שאפונגס־אויצרעס. אין דעם אליין מוז דער מאָלער אײַנזען דעם וווּנדער פון דער צײַט. אין א צען־פופצן יאָר ארום וועלן זיי ווערן די געזעצלעכע יאָרשים, שעצער און מעווינים פון אלע מינים קונסטן. מיטן סאמע איקער מעג ער זײַן באוואָרנט אף דער שפּעטערדיקער צײַט: בא זיי, בא די אָרנטלעכע פון די אָרנטלעכסטע, אויב מע וועט זיי נאָר פון וועג ניט ארויפפירן, וועט קיין פאלשקײַט ניט גילטן...

דערנאָכדעם האָט דער אלטער צוגעזאָגט, געגעבן דאָס וואָרט: וואָס עס זאָל ניט פּאסירן, אויב דאָס לעבן וועט אים געשענקט זײַן, נעמט ער פארן שול־היים, בעלי־ניידער, מאָלן דעם וועלט־בארימטן שאָלעם־אלייכעמען. דערבײַ האָט ער שטיל צוגעגעבן, ווי עפּעס א מין מעכילע־בעטן:

— זײַט ניט באטריבט, מײַנע טײַערע, לאָמיר האָפן, אז איר וועט נאָך דערפרייט ווערן. זאָל אײַך דער שווארצמאן־פּאָרטרעט ניט באנק טאָן.

ווי צעשטרייט און אופגערודערט ער איז ניט געווען אף דער הייסער מינוט, דאָך האָט ער אופגעכאפּט מײַן אומצוטרוילעכן בליק, דעם פאריבל צו אים און עפּשער אויך דעם אָנגעקנוילטן ביטערן פארדראָס. דאָס, וואָס דער גרײַז־גרויער קינסטלער האָט מיך אזוי ווארעם־געטרײַ ארונטערגענומען אונטער זײַן ברייטן אָרעם, געצערטלט און געגלאשטשעט, דערפון

איז מײַן הארץ צו אים װײכער ניט געװאָרן. װען ער זאָל געװען שטארק װעלן, װאָלט ער דעם שװארצמאַן־פּאָרטרעט אָפּגעשריִען, — שטײ איך פעסט בא מײַן מײנונג.

— בײזער זיך ניט, — דריקט ער מיך פעסטער צו זיך און פּרװװט לינדערן דעם טאָן, אין װעלכן עס איז געלעגן אי פארגעבונג, אי װאָ־רעמהארציקע מילדקײַט. — דער פּאָרטרעט װעט אין יאם ניט ארײַנפאלן. מײלע, מיסטאמע איז באשערט, אנדערע מענטשן זאָלן געניסן פון אים.

אף מאָרגן גאנצפרי האָט מען אײַנגעפּאקט דעם פּאָרטרעט אין א שמאָל צונױפגעשלאָגענעם קאסטן, א ברעטל געקרײצט אף א ברעטל, ענלעך צו יענע גלאָז־קאסטנס, מיט װעלכע די גלעזער גײען ארום איבער דער שטאָט ארײַנשטעלן גלאָז אין די פענצטער. אין דרױסן, פון יענער זײַט הױף־טױער, האָט שױן א צײַט געװארט א פורל מיט א באלעגאָלע. װען מע האָט פון לעצטן קלײנעם קאָרידאָרל ארױסגעטראָגן דעם אײַנגעפּאקטן פּאָר־טרעט, װי מע טראָגט ארױס אן אָרן, האָבן מיר אלע געהאט דעם געפיל, אז מע האָט בא אונדז אװעקגענומען דאָס בעסטע און שענסטע, װאָס די שול־הײם האָט װען אמאָל פארמאָגט. מעגלעך, אז ניט נאָר בא מיר אלײן, נאָר אויך בא אנדערע קינדער איז דער װײטעק געװען נאָך אזױ יעסור־רעמדיק־פריש, גלײַך װי מיר װאָלטן א צװײט מאָל פאריאָסעמט גע־װאָרן.

דאָס גאָר פּראָסטע פורל מיטן נאָך פּראָסט־אָרעמערן באלעגאָלע זײַ־נען טמימעסדיק־שטיל דורכגעפאָרן די שמאָל־דרעמלענדיקע קאראטשע־נע, פארקערעװעט זיך רעכטס, אף ארוף, צום מער ברײט־אופגעלעבטן װעג, װאָס פירט דורך דער טאָרהאָװיצע צום װײַטלעכן װאָקזאל. אין דעם זעלבן טאָג, צו פארנאכט־צו, איז אויך אָפּגעפאָרן אין אײַלעניש די אראָפּגעקומענע כארקאָװער קאָמיסיע.

ניט אפן צװײטן און ניט אפן דריטן טאָג האָט מען דעם כאװער יאקאָװ ניט געזען בא אונדז אין שול־הײם. זײַן הױך פארנומענער אמט אלס פּאָליטפּראָסװעט, לײגט זיך אפן סײכל, האָט אים, מאשמאָעס, ניט דערלאָזט קעגנשטעלן זיך שארף דער צוגעשיקטער קאָמיסיע. נאָר אז די געשיכטע האָט אים געקאָסט א שײן ביסל געזונט, אין דעם צװײפל איך ניט.

דער װײַטערדיקער גורל פונעם בילד איז געװען, מוז מען זיך מודה זײַן, א גאנץ טרויעריקער... װי עס לאָזט זיך אויס, האָט מען דעם שװארצמאַן־פּאָרטרעט אין קײנע שום טיפּאָגראפיעס ניט געגעבן דרוקן און אף קײנע שום אויסשטעלונגען ניט ארויסגעשטעלט. זינט דאָס װונ־דערלעכע בילד איז פארלאָרן געגאַן, האָט מען דעם פענדזל־מײַסטער נאָך װינציקער באגעגנט אין שטאָט. באם טיף ארײַנגעטאָנענעם אין זיך אלטן מאָלער, אָניסי מארקאָװיטש, האָבן גענומען סיװער װערן די באר־שטיקע ברעמען, ארױסשפּארן רונדיקער דער רוקן.

„דאָס איז, כאָלילע, ניט קײן הױקער, — פארענטפערט ער זיך און ציט װײַטער דעם ציבעק, — דאָס שטײט שױן אָפּ די עלטער מײַנע...“

## די לעצטע דעפּעשע פֿונעם פּאָלקסקאָמיסאַר

זינט די טעג זײַנען געוואָרן קירצער און קילער, לויף איך מיט א סאך א קלענערן אימפּעט צום טײַך. איצט באהאלט איך זיך שוין ניט פֿון דער זון, פאַרקערט, דאָרט, ווו זי ווארעמט שטאַרקער, דאָרט פאַרהאַלט איך מיך לענגער. ניט זעלטן, אָפּט און אָפּטלעך, באַמערק איך דעם אלטן סיוון מאָלער ארומשווימען איבערן טײַך אף א קליין שיפל, דאָס שיפל טראָגט זיך לאנגזאם, מיט דער קוים־קוים באַוועגלעכער וואַסער. קיין וועסלעס זעט מען ניט. ער שטייט אָנגעשפּאַרט, דער האָרעפּאשנער זאָקן, אף די קני, איבערן מאָלבערט געבויגן, ארײַנגעטאָן און פאַרטיפּט, ווי מע זיצט איבער א סייפער, ער צייכנט מיט דער האַנט דאָס, וואָס די ריזע זײַנע כאַפּט אוף. נאָכדעם זע איך, ווי ער פאַרקערעוועט אף יענער זײַט ברעג, שלעפּט זיך מיט די מאָל־מאַכשירים איבער די אָנגעוואַלגער־טע מאַסיווע שטיינער, ביז ער געפינט, ענדלעך, דאָס פּאַסיקע אָרט פאַר זײַן ארבעט.

אָט אזוי, פֿונדערווײַטנס, זע איך אים קימאַט אַלע טאָג.

און אז עס מאַכט זיך א רעגן, ווייס איך אויך ווו אים צו זוכן.

כאָמעלע איז אים געבליבן ווײַטער געטרײַ, עפּשער נאָך א ביסעלע מער, ווי ביז אהער. אז סע קומט אמאָל צו רייד אין שול־היים וועגן דעם אומזיסט־און־אומנישט אָנגעווירענעם פּאָרטרעט, צינדט זיך אָן מענדל דער רויטער מיט א העליש פײַער, מאַמעש דאָס בלוט זעצט אים פֿון די אויגן.

— איך און דו, און ער און ער...—ציילט מענדל די יינגלעך איינ־ציקווײַז מיטן ווײַז־פינגער, וועלכע שטייען ארום אים,—אַלע זײַנען צוביסלעך שולדיק. ווען מיר שטעלן זיך דעמלט אײַנגעשפּאַרט שטאַרצעם פאַר דער קאָמיסיע, ווי א געמאָווערטע וואַנט: שיסט מיט האַרמאַטן אין אונדז, אייננמאָל ניין. דעם דיכטערס פּאָרטרעט גיבן מיר ניט. דעם פּאָר־טרעט קאָנט איר נאָר אין כאַלעם זען. מאַטאָנעס גיט מען קיינעם ניט. וואָס זשע מיינט איר? די קאָמיסיע וואָלט אונדז נאָר געקאָנט בלאָזן קרײַד...

מענדלס רייד לייגן זיך אפן סייכל, מענדל רעדט ניט פון ארבל. יע־דער איינער פון אונדז פאַרדינט קאָשער זײַן נאָמען: שלימאַזל מיט עסיק!.. דזשימדזשיק מיט די גלעקלעך... יאָלאָפּ!.. מוישע־ראַביינעס בע־היימעלע...

אזעלעכס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן — געקומען פון ערגעץ א קאָמיסיע, ארופגעלייגט א האַנט און געמאַכט א בראָכע איבערן פּאָרטרעט. ס'איז געווען, לאכן אנדערע, א מין רעקוויזיציע. גיי האָב איצט טײַנעס צו רעב פּײַוועשן. שרײַ כײַוועקײַעם...

— צום לאָמפּ! — ווארפט צו ביטלדיק שלוימקע, ווי אין דער גאל ארײַן געדעדט. — צו שפּעט זיך געכאַפּט. פּאַרוואָס, פרעג איך אײַך, איז אָט דער מענדל דאָנדיק פרײַער ניט געווען אזא גרויסער כאָכעם? ער אליין, דער גרויסער העלד, לייבעלע קאָזאַק, איז דען דעמלט ניט גע־שטאַנען הינטער דער טיר?

— עמעס! — כאַפּט גיך אונטער דער שעפּעליאַוווער יאַסעלע ראַוויצ־סקי. — סלוימקע, האָסט נאָך קיינמאָל אזא עמעס ניט געזאָגט. פון זייערע הענט צוריקבאַקומען דעם כּודאָזניקס פּאָרטרעט איז אַלציינס ווי אויס־רײַסן באַם וואָלף דאָס לעבעדיקע ספּעפּעלע...

שטילער און אומעטיקער איז געוואָרן אין יענעם פאַרוקטן ווינקל, ווו עס שטייט אַרויסגעשטויסן, מעיוכעד, דאָס אַלטע אָפּגעקאַלופּעטע מויערל מיטן נאָמען „שול־הייס". וואָלט כאָטש פון ערגעץ־ווו אָנגעקומען א טרייסט־בריוועלע: אזוי און אזוי... דער פּאָרטרעט געפינט זיך דאָרט און דאָרט, כאָלילע ניט געשעדיקט, גאַנץ און אומבאַרירט. ווי נאָר די דרוי־קערײַ וועט אים נעמען אין דער אַרבעט, וועלן מיר אײַך טייקעף מוידיע זײַן. דערוויל, טײַערע, זײַט וואָס ווינציקער באַאומרויִקט, דער פּאָרטרעט שטייט אײַנעט אין געזיכערטע הענט... דאַכט זיך, וואָס? גאָר א קלייני־קײַט, נאָר אָף וויפל וואָלטן אונדזערע הערצער, בעסויכעם אויך די לע־רערס, דעם כאַווער יאַקאָווס און אַלע־אַלע גוטעפרײַנטס אופּגעריכט געוואָרן?..

ווי עס שײַנט, האָט דער מאָלער אויך קיין שום ידיִעָ ניט באַקומען. ווען עס זאָל עפּעס־וואָס זײַן אפילע, לאָמיר זאָגן, א ווײַטער גרוס, וואָלט מיר כאַמעלע מיסטאַמע געגעבן צו וויסן.

אָניסי מאַרקאָוויטשן זע איך טאָגטעגלעך, נאָר דערנעענטערן זיך צו אים, אויסריידן א וואָרט — דאָס ניט. כּוץ דעם, וואָס איך שעם מיך אים קוקן גלײַך אין די אויגן, טראָג איך נאָך אין הארצן א פאַרדראָס. פאַר־וואָס האָט דער געקרוינטער קינסטלער געלאָזט זיך אזוי גרינג אָפּנאַרן פון עפּעס אַן אָנגעפּאָרענער קאָמיסיע?.. אין די גרויסע רוסישע שטעט, אפילע אין פּעטראָגראַד, האָט ער געקאָנט בונטעווען, ווידערשפּעניקן, און דאָ אין באַרשעוו איז די נעשאָמע זײַנע אַנטלאָפן אין די שפּיץ קנעכל... אז איך פרעג באַ כאַמעלען, צי דערמאָנט דער אַלטער דעם פאַרלוירן געגאַנגענעם שוואַרצמאַן־פּאָרטרעט, ענטפערט זי:

— זעלטן, גאָר זעלטן. דיך דאַפקע דערמאָנט ער אָפּט, פרעגט זיך נאָך. ווייסט, וואָס ער טראַכט, אָניסי מאַרקאָוויטש? ניט נאָר דעם דיכ־טערס בילד, מאַכט ער, איז פאַרפאַלן געוואָרן, א סאַך זײַנע אַרבעטן קאָן מען פאַרשרײַבן אָפּן וואַסער... ע, ווען ער קאָן אומקערן דאָס, וואָס ס'איז פאַרלאָרן געגאַנגען...

דער פּאָליטפּראָסוועט אונדזערער, כאַווער יאַקאָוו, האָט אויך שוין געהאַט ווי פאַרגעסן אינעם שוואַרצמאַן־פּאָרטרעט. ער איז פאַרייסעקט מיט אַנדערע, עפּשער בילכערע אַרבעטן. זינט ער האָט זיך אומגעקערט פון דער פּאָוויט־שטאָט, קאָרסון, האָט מען אָף זײַנע פּלייצעס אַרופגע־וואָרפן נאָך א הליבע — די היגע קוסטאַרן. מיט אזא האַרטן ביסן, ווי די קוסטאַרן, קלאָגט ער זיך, קאָן מען זיך וואַרגן... ווער האָט עס א באַרוטע מינוט? ניט קיין טאָג און ניט קיין נאַכט. דער מענטש, מעגט איר גלייבן, זעט פאַר זיך ניט די ליכטיקע שײַן. שטענדיק קומט אויס אַצינד גיין אין שווערן אַקער. מע דאַרף טראַכטן וועגן רעוויזאַרג, אָפּזאַץ, קרעדיט... דער קאָפּ, זאָגט ער, גייט אים כאַדאָראָם, ס'אַן עמעס. די קוס־טאַרן פאַרביטערן אים דאָס יונגע לעבן, ער ווערט, ווי מע זאָגט, אַלט

און גראָוו פון די קוסטארן. די דאָזיקע נײַ־צוגעקומענע ארבעט רעכנט זיך ניט פאר קיין אָפּיציִעלע שטעלע, דערפאר באקומט ער קיין פּרוטע ניט, ס׳א מין געזעלשאפטלעכע אָנלאָדונג.

קורץ גערעדט, דער כאווער יאקאָוו האָט פארגעסן דעם וועג צום שול־היים.

עקסקורסיעס, אויספלוגן הינטער דער שטאָט זײַנען אויך וואָס ווײַטער, געוואָרן ווינציקער, מאכמעס דער הארבסט לאָזט זיך וואָס א טאָג שטארקער פילן, ער ווערט כוצפּעדיקער. ארײַנגעניאדעט האָט ער זיך דאפקע שטיל און אומבאמערקט, דערנאָכדעם האָט ער אף א ווילדן אויפן גענומען זיך צעגארטלען, אָנגעהויבן באלעבאטעווען אף רעכטס און אף לינקס — אָט, לעמאָשל, גיסט א רעגן א מאבל, און אין א ווײַלע ארום שטייט שוין דער הימל אן אויסגעלײַטערטער, א דורכזיכטיקער, קרישטאָל־בלוי. די זון שײַנט ווידער ליכטיק, העל, עמעס, ניט איבעריק ווארעם, און דאָ, מיטאמאָל, איין גאָט ווייסט פונוואנען, טראָגט פון ערגעץ אָן א כוישעכדיקע כמארע, פון אלע פיר זײַטן נעמען יאָגן בייזע קאלטע ווינטן, א קעלט נעמט דיך דורך, ווערסט אויסגעשטעלט, קיין איבעריקע מינוט איז ניט מעגלעך שטיין אין דרויסן.

עס מעג זײַן דער גרעסטער געוויטער און שטורעם, קומט אָניסי מארקאָוויטש מיט זײַנע מאָל־מאכשירים צום טײַך אָדער צו די שטיין־קאריערן, אײַנגעהילט אין א שווערן ברעזענט פון עפּעס אן אומגעלומפּערטער מאָס, מאמעש ער ווערט פארלוירן אין אים. ווײַזט ער זיך ניט אין א שלעכטן וועטער, איז א סימען, אז ער איז ניט מיט אלעמען. מיר דאכט, אז דאָס איז דער איינציקער מענטש, וועמען איך קען, וואָס פּאטערט קיין איבעריקע מינוט ניט אומזיסט. עס טרעפט, ווען דער מאָלער איז אופגעלייגט, וויצלט ער זיך פריילעך אונטער אפן אייגענעם כעזשבן, אָבער אין די געשפּיצטע, כאריפּעסדיקע שארפקײַטן ליגט א היפּשע מאָס באטריבעניש. „איך בין דער גרעסטער אויסברענגער אין דער וועלט, — באקלאָגט ער זיך, — צו מיר איז ניטאָ קיין גלײַכן אין פארשווענדן צײַט... עס ווילט זיך אף דער עלטער ניט בלײַבן קיין אָנזעצער. יעדע מינוט, וואָס איך כאפּ ארײַן, איז גלײַך ווי געפונען. אין מײַן לאנג לעבן האָב איך געזינדיקט קעגן גאָט, קעגן מענטשן און טאקע קעגן זיך אליין. יאָ, יאָ, איך בין שוין בא די יאָרן, ווען מע מוז אײַנהיטן מיט די לעצטע פּיבערן די געשענקטע מינוטן, וואָרעם אָט־אָט וועט זיך די אלטע פאס צעשיטן...”

טרויעריקע רייד, דאָס קאָל — מוירעדיק געפאלן...

קיין ווײַב און קינדער לאָזט דער מאָלער ניט איבער נאָך זיך. קיין האָב־און־גוטס אוואדע ניט. וואָס זשע פארמאָגט ער יאָ? פּעק, הורבעס פּעק, הויפנס פּאפּיר, קארטאָן, לײַוונטן פון פארשיידענע ברייטן און לענגן, אייל־ און אקווארעל־מאָלערײַ, אָט אין דעם ליגט זײַן גאנצע אשירעס...

מאמעש צו שטוינען, וואָס פארא מאָדנע קונצן דער הארבסט ווײַזט ארויס. קיינער איז ניט באוואָרנט מיטן דרויסן אין א האלבער שאָ ארום. גאָר ציקאווע איז דעמלט, ווען עס טוט פּלוצעם א כליופּע א קאלטער

גוסרעגן און אין הימל איז ניט צו זען קיין ברעקל וואָלקנדל... גאָט ווייסט פונוואנען עס פאלן געדיכט די אײַז־קאלטע טראָפּנס, ווי געפרוירענע יאָדערן.

און אָט קומט דער צוגעשטילטער פרײַער שאבעס.

שאבעס — פון שול־היים אויך פרײַ. א טאָג, וואָס איז ווײַט ניט ענלעך אַף אלע איבעריקע טעג אין דער וואָך. הײַנט איז אומעטום, פיל איך, שאבעס. רעכענען רעכנט מען דעם טאָג פאר א פרײַען, און מיר דאכט, אזוי פּאָטויפּעט זיך בא מיר אין מויעך, אז מיר זײַנען פרײַ אפילע פונעם טאָג. שאבעס אינדערפרי האָב איך זיך פון ניט האָבן וואָס צו טאָן אראָפּגעלאָזט צו די טײַך־שטיינער. דער דרויסן האָט זיך אויסגעגעבן ווײַט פון צו זײַן זוניק, העל, און דאָך, ווען דליק די צײַט, שטייט א לינדע ווארעמקײַט אין בארשעוו, א מין איבערגעשטאנענע לעבלעכקײַט פון וועלקעניש. פּאמעלעך, שווער קויקלען זיך געדיכטע וואסער־כוואַליעס אינעם טײַך, שלאָגן זיך אָן אין די שטארצנדיקע שטיינער, כליופּען ביזלעך ארויס צום ברעג און שווענקען ארום די צעוואָרפענע גראניט־הרודעס. געקייטלטע פעלדזן שטייען נאקעט־הויל, געשרומפּן און געהויקערט, ווארטן אופצונעמען די גרויזאמע געוויטער־שטורעמס, וואָס דארפן נאָך אראָפּנידערן אַף זייערע רוקנס. ווי דורך א דרעמל, פארנעמען זיי דערוויַיל דאָס אײנטאָניקע וואסער־זשומעניש מיט גליווערדיקער גלײַכגילטיקײַט.

מע דארף זיך מעשאער זײַן, אז דאָס מאָל האָט זיך דער אלטער ווידער פארקליבן מיט האקל־פּאקל אין א פארבאָרגן ווינקל. דעם עמעס גערעדט, זוך איך אים ניט איבעריקס, נייטיקער און בילכער וואָלט איך אוואדע וועלן באגעגענען עמעצן פון מײַנע כאווירים יינגלעך, ארומשפּרינגען מיט זיי איבער די שטיינער, צוזאמען שטיפן, פירן וואָסער־עס־איז־ניט־איז פריילעכע שפּיל אָדער פארקלײַבן זיך מיט די כעוורע צו דער כאָרעווער וואסער־מיל, וועלכע שטייט האלב־פּארטרונקען, ווי אן אונטערגייענדיקע שיף. באָטל־לײדיק דריי איך מיך אײנער אליין ארום באם ברעג. ווו־ניט־ווו לאָזט זיך הערן דער אָפּהילך פון וועשוואשן. זעלטענער פאָרט אהער אראָפּ צום טײַך א וואסערפירער. דערפאר אָבער דאָרט, בא דער הרעבליע, שלאָגט מיט באוועגלעך לעבן, מענטשן גייען אוף און אָפּ, פורלעך פאָרן הין און צוריק, ווער עס טרײַבט א טשאטע גענדז, אן אנדערער פירט א ציג, א דריטער פאָרט אַף אן אויסגעשפּאנט פערד. אויב אין שטאָט פילט זיך שאבעסדיקע רו, איז אַף דער צוגעטאָפּטשעטער הרעבליע טאָמיד וואָכעדיק.

פלוצעם און אומגעריכט האָט זיך פונעם מעשופּעדיקן בערגל ווייכערדיק געטראָגן אונדזער פּאָליטפּראָסוועט, דער כאווער יאקאָוו. דעררזעענדיק מיך באם ברעג טײַך, האָט ער זיך דערפרייט, ווי מיט עפּעס רעכטס און דערקוויקנדיקס.

— א! — שטרעקט ער אויס ביידע הענט לעבעדיק־זשוואוו, מיט עפּעס א מין גדולע. — קומסט מיר שטענדיק אנטקעגן צו מאזל, — טוט ער זיך אַף מיר גליקלעך א וואלגער ארוף און כאפּט מיך פעסט ארײַן אין זײַנע אָרעמס, — ווידער פון לונאטשארסקין אן עקסטרע דעפּעשע, — שרײַט ער

אויס דערפרייענדיק. — איצטיקס מאָל צוגעלייגט א באנדעראָל־פּעקל. ווו איז ער ערגעץ, דער ווידערשפּעניקער?

— אָניסי מארקאָוויטשן מיינט איר אוואדע?

— אים טאקע מיין איך, וועמען זשע דען?.. ערגעץ מוז ער דאָ ארום טײַך אַרודעוועז מיט זײַן קלייזיײַען, דער געבראָטענער אקשן.

— בא דעם שטיין־קאריער, כאווער יאקאָוו, וועט איר אים געוויס טרעפן.

צוזאמען מיטן פּאָליטפּראָסוועט זײַנען מיר אוועק אויסזוכן דעם פּאַ־רעש.

— דאָס מאָל, האָב איך מוירע, וועט ער שוין אפּאנעמעסן ווארפן אונדזער בארשעוו און פּאָרן קיין פּעטראָגראד, — טראכט דער כאווער יאקאָוו אף א קאָל, — לונאטשארסקי רופט אים... דער סייכל מײַנער איז זיך מיסכײַעוו, אז בארשעוו האָט אים פּאָרט א ביסל אונטערגעהיילט. איך וויל נאָך קלערן, אז דער שווארצמאן־פּאָרטרעט איז פּארן אלטן מאָלער אויך געוועזן ניט קיין שלעכטע רעפּוע. די שטיין־קאריערן זײַנען אים צוניץ געקומען ניט ווינציקער, ווי א גוטער קלימאט פּאר א כוילע. דער טײַך ראָס האָט אויך בא אים זייער אויסגענומען. מיט איין וואָרט, בארשעוו איז געווען און אים געדינט פּאר זייער א נוצלעכע סאנאטאָ־ריע...

בא די רייד לייג איך צו, אגעוו־אורכע, מײַן אייגענעם סייכל: אין דער הייל־סאנאטאָריע איז געוויס געווען איינער פון די טיכטיקסטע און דערפּארענע דאָקטוירים דער כאווער יאקאָוו, אונדזער פּאָליטפּראָ־סוועט...

זײַענדיק פּארטיפט אין זײַנע מאכשאָוועס, רופט זיך דער כאווער יא־קאָוו מיטאמאָל אָן פּראָסט און געוויינלעך, אָן שום פוצן, ווי צו זײַנעם א גלײַכן:

— זאָלסטו וויסן זײַן, גוטערברודער, — פּארטרויט ער מיר קימאט א סאָד, — אז דו אליין ביסט אויך פּארעכנט אינעם מעדפּערסאָנאל. א קליי־נער כילעק ווער דו ביסט — א פעלדשער, א סאניטאר, צי א שפּיטאָל־די־נער, טוען טוט מען אלע איין זאך: געזונט מאכן דעם כוילע... א רעפּוע אײַנגעבן, פּלעגערן ארום קראנקן, שטעלן אף די פּיס — דאָס איז דער כויוו פונעם גרעסטן ביזן קלענסטן. אין דעם פּאל האָבן מיר אלע זיך באמיט היילן דעם מאָלערס נעשאָמע...

דאָך פּארשטיי איך ניט, מיט וואָס דער כאווער יאקאָוו פרייט זיך דאָ... א ווילער און א טײַערער מענטש פּאָרט אוועק פון אונדז. דעם ווערט פונעם אָנווער וועלן מיר ערשט שפּעטער דערפילן. וואָס זשע, וויל איך וויסן, איז די סימכע? צי דען זשע באנעמט ניט דער פּאָליט־פּראָסוועט דעם פּארלוסט? ענטפערט ער מיר דערויף: בארשעוו וועט זיך נאָך מער קוינע־שעם זײַן מיט דעם, וואָס פּארן בארימטן מאָלער האָט מען געזאָרגט, געשאפן באדינגונגען, ער זאָל ווײַטער פּאָרזעצן זײַן שעפערישע ארבעט.

— ווײַטער, — פרווט טײַנען דער כאווער יאקאָוו, ווי ער וואָלט עפּעס זייער וויכטיקס מיר געגעבן צו דערקלערן, — איז די טעווע פונעם

קאפריזנעם מאָלער שטעלן זיך אומעטום, גיין טאָמיד מיטן שטעקן אין דער ברייט. וועסט אים ניט איבערשפּארן מיט דריַ פּאָר אָקסן... דערפאַר אָבער איז ער געבענטשט מיט טאַלאַנט, א ריזיקער קינסטלער, וועמען מע דארף אמאָל פאַרגעבן, א נאַרישקייַט מוחל זיַין...

הערן הער איך שוין דעם כאַוועד יאַקאָוו מיט א האַלבן אויער. קלעטערן, שפּרינגען איבער די שטיינער איז פאַר מיר א סאַך בילכער. אַף דעם, זאָגן מיַינע כאַווירים, בין איך א מאַזיק. איך טו עס פלינקער און געשיקטער, ווי דער כאַוועד יאַקאָוו. ערגעץ דאָרט, גאַנץ וויַיטלעך הינטער מיר, קאַראַבקעט זיך דער פּאָליטפּראָסוועט. גראַדע דאָ, בא די פּילצאָליקע גראַניט־שטיינער, וויל איך וויַיזן מיַין ספּריטנעקייַט. ווו נאָך וועל איך האָבן אזא געלעגנהייַט מיט וואָס צו באַרימען, אויספּיַינען זיך פאַרן פּאָליטפּראָסוועט?.. זאָל ער נאָכאַמאָל זען און איבערצײַיגן זיך, וואָס פאַר א כוואַט איך בין. דער כאַוועד יאַקאָוו זאָל אזוי מידלעך צושטיין און ניט בעקויעך זיַין מיך אָניאָגן, דאָס דאַפקע וויל איך ניט. ערשט דעמלט, ווען מיר האָבן זיך דערקליבן צום שטיין־קאַריער, האָט ער זיך צוגעשפּאַרט מיטן רוקן צו דער בליציקער גראַניט־וואַנט אָפּרוען.

— מאַמעש איך באַוווּנדער דיַין גרינגע פלינקייַט, — לויבט ער מיַין אימפּעטפולע באַוועגלעכקייַט, — טראָגסט זיך איבער די שטיינער, ווי א פלינקער הירש.

הערנדיק אזא קאָמפּלימענט, ווער איך גרעבער ווי לענגער. אוואַדע איז מיר ליב, זייער אָנגענעם, וואָס אזא כאָשעווער מענטש רימט מיך.

— וואָס־וואָס, — זאָגט ער, אָפּגעבנדיק מיר גרינג די בכוירע, — נאָר שפּרינגען איבער די שטיינער וואָלט איך מיט דיר זיך ניט געגאַן פאַרמעסטן... — דאָס סקריפּען פון די גיך לויפיקע טאַטשקעס ארוף און אראָפּ איבער די ניט גלײַכע געמאָסטעטע ברעטער, דאָס איבערופן זיך אַף א קאָל פון צענדליקער און צענדליקער קאַריער־ארבעטער פילט אָן דעם ארום־טיַיך מיט מוירעדיקן געטומל. פון אלע זײַטן טראָגט זיך דאָס הוקען און קלאַפּן, האַגאַם קיין מאַשינעס איז אין ערגעץ ניט צו זען.

דעם אלטן דארף מען זוכן ערגעץ־ווו אין א פאַרבאָרגענער באַהעלטעניש. זאָל דער כאַוועד יאַקאָוו דערוויַיל דאָ אָפּרוען, און איך וועל מאַכן א שטיקל „ראַזוועדקע". לאַנג זוכן איז מיר ניט אויסגעקומען. אָט דאָרט, אונטער יענע צוויי ארומגעהריזעטע שטיינער־זיַילן, וואָס שאַפן א מין געבראָכענע ארקע (א דריַיסיק־פערציק שפּאַן בעסאַכאַקל פון דער ריזיקער גראַניט־וואַנט), זיצט דער מעכוטן אליין, אָניסי מאַרקאָוויטש. וואָדען, איך וועל אים ניט געפינען?.. אין דער הייך, ווי אין א שטיינערנער פּאַס, פאַרבאַריקאַדירט, מידט זיך איבער זיַין הייליקער ארבעט דער מאַסמיד, ער פאַרקוקט זיך צומאָל אַף די פאַרהאָרעוועטע קאַריער־ארבעטער. פאַרן כאַוועד יאַקאָוו האָב איך אופגעהויבן די האַנט, א סימען, אז איך האָב דעם מאָלער אויסגעזוכט און געפונען. ביידע, איך און דער כאַוועד יאַקאָוו, זיַינען שיינע עטלעכע מינוט געשטאַנען פונדערוויַיטנס אַף א געוויסער שטרעקע און געקוקט אַף אים.

— זעסטו כאָטש? — גאַפּט דער כאַוּוער יאַקאָוו. — זעסט, וויפל לעבע־דיקייט שפּרודלט פון דעם וויַיט ניט יונגן מענטשן? ער איז אַריַינגעוואַקסן אין זיַין אַרבעט. באַ אַן עכטן מאָלער קאָן עס אַנדערש ניט געמאָלט זיַין...

פאָרזיכטיק שטעלט דער כאַוּוער יאַקאָוו טריט צו דער שטיינערנער אַרקע. טריט פאַמעלעכע, געהיטע, ווי זיי וואָלטן איידעס געזאָגט וועגן דעם ייִראַס־האַקאָוועד, וואָס דער פּאָליטפּראָסוועט טראָגט אין האַרצן צום מאָלער. איך ווייס שוין לאַנג דערפון — באַ יעדער באַגעגעניש וויַיזט דער כאַוּוער יאַקאָוו אַרויס צו אים גרויס העפלעכקייַט, ער באַציט זיך צו אים מיט גרויס רעספּעקט און פאַרערונג.

די דעפּעשע און דאָס באַנדעראָל־פּעקל האָט דער מאָלער מיט גליַיכגילט איבערגענומען, ווי מע נעמט איבער אַ געשיקטע זאַך פון אַ געוויינלעכן שאָליעך, ניט אַריַינקוקנדיק, פונוואַנען עס איז געשיקט געוואָרן, ווער עס שריַיבט און וואָס מע שריַיבט... גראָד איצט, מער ווי ווען־עס־איז, האָב איך דערפילט, אַז דער כאַוּוער יאַקאָוו איז אין אַ פאַרלעגנהייַט, ווי איינער, וואָס טאַפּט אַ וועג אין דער פינצטער... ער האָט זיך אַ ביסעלע פאַרלוירן. כ׳האָב געהאַט דעם איַינדרוק, פונקט ווי ער איז געקומען אַהער איבערבעטן אַ באַרויִקעודיק שטאָלצן זיידן, וועלכער האָט פאַרלאָזט די מישפּאָכע, און מע דאַרף אים ווייכער מאַכן, ער זאָל וויליק זיַין זיך צוריקקערן...

שקאָציש און פאַרשיַיט שטעל איך מיך אַריַין גאַנץ שטאָלץ און פאַריסן אין דער שטיינער־אַרקע, ווי אין אַ רעמל, צווישן קינסטלער און דעם כאַוּוער יאַקאָוו. דער אַלטינקער אָניסי מאַרקאָוויטש, זע איך, איז צופרידן פון מיַין אומגעריכטן באַזוך. זיַין גוטמוטיקער בליק האָט צאַרט און וואַרעם אַריַינגעשמייכלט אין מיַין צופרידן פּאָנעם.

— האָסט געטאָן זייער אַ גליַיכע זאַך. דיַין קומען אַהער האָט דערפרייט מיַין האַרץ, — רופט דער מאָלער זיך אָן אופגעלייגט. — אָט — ווענדט ער זיך צום כאַוּוער יאַקאָוו, — נאָך ווען כ׳האָב זיך אַפּאַנעמעסן שטאַרק פאַרבענקט. דאָס ייִנגל איז ווערט, מע זאָל נאָך אים בענקען...

— ווו האָט ער איבעריקע צייַט? — נעמט מיך דער כאַוּוער יאַקאָוו אונטער זיַינע פליגל. — מע דאַרף לערנען, גרייטן לימודים, אויספילן געזעלשאַפטלעכע פליכטן. ער דערציט זיך, דאַרף מען געדענקען, אין אַזאַ לערן־אַנשטאַלט, וואָס איז פאַר אים אַ היים אויך.

— אַ היים... אַ היים... — וואָרטשעט דער מאָלער מיט כויזעק. — נו יאָ, ווער ווייסט עס ניט, די „שול־היים” אין באַרשעוו? איינס פון די צוויי, — שטעלט ער אַרויס ביטערע טיַינעס צום פּאָליטפּראָסוועט, — אָדער מאַכט אַ שול, אָדער מאַכט אַ היים... וויאַזוי מע דערנערט דאָרט די קינדער, ווייס איך ניט, נאָר וויאַזוי זיי זיַינען געקליידט, זאָל איין גאָט שוימער־אומאַצל זיַין, — כאַפּט ער זיך פאַרן קאָפּ. — ערגער קאָן גאָר ניט געמאָלט זיַין, מיט די הוילע, זיַיט מויכל, פּופּיקלעך אין דרויסן.

באַם כאַוּוער יאַקאָוו האָט זיך אַריַינגעגאַנוועט אַ פּיַיערל אין די אויגן.

— ווען איר, מיט אײַער קאָוועד אליין, אָניסי מארקאָוויטש, — צוימט ער אָנגעשטרענגט זײַן אופרעגונג, — גארטלט זיך גוט אונטער, וואָלט איר אויך מיט עפּעס־וואָס ‏.געקאָנט גיין די אָרעמע קינדער אנטקעגן... כאָלילע, ראכמאָנעס ווילן מיר אין אײַך ניט דערוועקן, ראכמאָנעס איז א שלעכט געפיל, ראכמאָנעס בעטן מיר בא אײַך ניט... וואָס די קינדער עסן און טרינקען, וויאַזוי זיי זײַנען געקליידט, פארשפּאָרט איר אונדז דערציילן. נאָר שטיין פונדערווײַטנס, ווי א באַאבאכטער, מיט א גלאטן לונג־און־לעבער צוווארפן, ווי אַן אָפּגעשטאנענער קליינבירגער, א שטעכ־ווערטל, טאדלען און אפילע אָפּשפּעטן, ווייס איך ניט, צי עס פּאסט פאר אזא בארימטן מאָלער, מיט וועמען לונאטשארסקי שטייט אין ענגער פארבינדונג...

אוווא, שטארק ארײַנגעזאָגט! דערלאנגט גלײַך אין לעבער ארײַן. איצט זע איך, אז דער כאווער יאקאָוו כאפּט גאָר א קליינעם ציטער פארן מעפּורסעם, ווי מיר האָט זיך פריִער אויסגעדאכט. אָפּגעבן קאָוועד, שעצן זײַן שאפונג איז איין זאך, און שטעלן זיך געוויסנהאפט אף דער גערעכטער זײַט איז א צווייטע זאך... יענער מעג טאקע זײַן דער קוי־הענגאָדל אליין מיט דער העכסטער און שענסטער רעפּוטאציע, דאָס אייבערשטע, ווי מע זאָגט, פון דער מילך, נאָר אז סע קומט אויס זאָגן דעם עמעס אין די אויגן, וועט דער כאווער יאקאָוו, ווי מיר זעען, זיך פאר קיינעם ניט גיין שעמען. אָט אזא מין איז ער בא אונדז, דער פּאָליט־פּראָסוועט.

אומזיסט האָב איך געמיינט, אז באלד וועט אויסברעכן גאָט ווייסט וואָס פאר א מילכאָמע, עס וועט זיך טאָן כוישעך... אָבער ניין, דאָס האָט דאפקע ניט פּאסירט.

געדולדיק אויסגעהערט דאָס שיינע ביסל מוסער־זאָגן מיט א מינע פון א ווינציק־באקימערטן פארשוין, נאָכאמאָל געכאפּט זײַטיק א קוק אין דער לאנגער דעפּעשע, וואָס האָט געהאט אין זיך העכער א האלבע זײַט אויסגעגאָסענע שורעס אף געקלעפּטע פּאסיקלעך מיט געדיכטע אויסיִעס, טוט דער מאָלער פּאמעלעכן זיך א הייב אוף.

— מעגלעך... — זאָגט ער שטיל. — מעגלעך, אײַערע שטראָף־רייד האָבן געפינען אין מיר דעם ריכטיקן אדרעס. איך בין מיט מײַן טײַנע ניט אויסן געווען קיין שום בייז. גאָט איז מײַן איידעס. קינדוויַיז, אין זײַנע יאָרן, — לייגט ער ארוף אף מײַן קאָפּ זײַן רעכטע ציטעריקע האנט, ווי זי וואָלט אונטערגעכליפּעט, — אינדערינען ליגט שוין א היפּש ביסל יאָרן... האָב איך קיין שענערן אויסזען ניט געהאט, ווי די קינדער פון אײַער שול־היים. וועגן מײַן דערנערונג און מײַן דערציִונג לאָמיר בעסער ניט דערמאָנען. קיין האָניק, מעגט איר מיר גלייבן, האָב איך בא מײַנע על־טערן, בלוטיקע נעגידים, ניט געלעקט. הײַנט דאָס זיצן פארשפּארט דעם גאנצן טאָג, סײַ זומער, סײַ ווינטער, אין אַן ענג שטיקנדיק כיידערל... אין מײַן פריִער קינדהײַט האָב איך ניט ווינציקער געהונגערט נאָכן דרויסן, נאָך פרישער לופט. דערפאר, נאָך אדהײַעם, בין איך טאָמיד זשעדנע ראכוועס, הימל, זון, רוים...

דער כאָווער יאַקאָוו איז געווען גערירט פון דעם אַלטן מײַסטערס קורצער קינדהײַט־געשיכטע, ער האָט אַזש געביסן דעם נאָגל פונעם פינגער.

— איך פיל אײַך מיט, — זאָגט ער, — מיטן גאַנצן האַרצן פיל איך אײַך מיט... איך פאַרשטיי אײַך זייער גוט, וואָרעם דאָס, וואָס איר דער־ציילט, איז מיר ניט פרעמד. נאָך אַזאַ וועלט־כורבן האַלטן מיר באַזונדערס טײַער דאָס קינד. די שטערבלעכקײַט וואָלט געווען אין פיל מאָל גרעסער, ווען די יונגע אָרעמע מעלוכע אונדזערע לייגט ניט אַרײַן איר גאַנצע נעשאָמע, ווי מע זאָגט בא אונדז, דאָס גאַנצע דאָברע־מאַזל אינעם ראַ־טעווען די אומבאַשיצטע אויפעלעך... ווער־ווער, נאָר אַזעלכע אָנגעזעענע פּערזאָנען, ווי איר, דאַרפן די ערשטע קומען צו הילף.

— מיט מײַנע גיטער?.. — טוט דער אַלטער מאָלער א פּלאַקער אויף. — מיט מײַנע אַשירעס? מיט מײַן גוואַלדאָווגע פאַרמעגן?..

— בלאָטע!.. — ווערט אויך הייס אופגעקאָכט דער פּאָליטפּראָסוועט, — קיין בורזשויען זײַנען בא אונדז אין לאַנד ניטאָ. אַז מיר ריידן דאָ וועגן הילף די היימלאָזע, מיינען מיר ניט קיין געלט דאָ. זײַט פאַר זיי עפּעס מעכויעוו מיט אײַער רײַכער באַגאַבונג, מיט אײַער שאַפונג. דאָס אַליין, פאַרשטייט איר אויך זייער גוט, וואָלט געווען דער גרעסטער צושטײַער. ווען עס גייט א טוישונג — דער וועלט־באַנקיר מיט אַלע זײַנע מאַיאָנטקעס און גאָלד־אויצרעס זאָל קומען אין אונדזער פאַראָרעמ־טער מעדינע, און איר, אָניסי מאַרקאָוויטש, אָן א קאָפּעקע געלט בא דער נעשאָמע, זאָלט פאָרן אַהין, וואָלטן מיר אַזאַ בײַט ניט געמאַכט. אין דעם באַשטייט אויך די סאָציאַלע רעוואָליוציע...

א דורכזיכטיקע ראָזלעכע פאַרב, דער קאָליר פון טמימעס און ערלעכ־קײַט, ווערט אָנגעהויכט אף דעם אַלטנס געפּאַלדעוועט געזיכט. שעמעוו־דיק, דעם גרוי־גרײַזן קאָפּ גענייגט, מישט ער דעם אָקאָרשט באַקומענעם מיט די פאַרבן־רײַכע רעפּראָדוקציעס קונסט־אַלבאָם, ווײַזט פאַרן כאָווער יאַקאָוו, אָן באַרימערײַ, פּאָשעט, אַניוועסדיק זײַנע אָפּגעדרוקטע מאָל־אַרבעטן. דאָס באַנדעראָל־פּאַפּיר מיט די טריוואַקס־שטעמפּלען וואַלגערן זיך אָט דאָ אומנוציק אף די צעדרויבלטע שטיינדלעך.

— דאָס איינציקע פאַרשאַפטע ביסעלע פרייד, — קוויקט זיך כּיִעסדיק, ווי א קינד, דער עלטערער מענטש, — דאָס האַרץ ווערט אופגעריכט, ווען דו זעסט ערגעץ־ווו כאָטש א זייכער פון דײַן מי... — און צו מיר קערע־וועט ער אויס זײַן פּאָנעם מיט די אויגן, וואָס האַלטן פריידיק אײַן דעם אופגעלויכטענעם שימער־פינקל. — עס וועט זײַן גוט. זײַ ניט שטאַרק באַצאָרנט, — דערמאָנט ער זיך פּלוצעם אין מײַן באַליידיקט ווערן פאַרן דיכטערס בילד. — דער שוואַרצמאַן־פּאָרטרעט וועט זיך מיט דער צײַט אָפּזוכן. איך בין דיר אָרעוו.

יאָ, יאָ, קלער איך, מע מעג עס פאַרשרײַבן אפן וואַסער. נאָכן בילד קאָן מען זאָגן קאַדעש.

נו, און וואָס זאָגט ער מיקויעך דער עקסטרע־טעלעגראַם, וואָס רופט אים קיין פּעטראָגראַד? עפּעס הער איך ניט קיין קלאָרע דיבורים. דער כאָווער יאַקאָוו, זעט אויס, וואַרט אויך אומגעדולדיק אף א לעצט וואָרט

פונעם אלטן מאָלער: וואָס פאַר א טשוווע וועט ער אים שיקן, דעם פאָלקסקאָמיסאַר?..

נאָך א קורצן יִישעוו־האַדאַס טוט ער ענדלעך א ברום אַרויס:

— ס'וועט אויסקומען פאַרן...

דער כאַוווער יאַקאָוו האָט זיך צעשײַנט, ווי אין טאַמעז די זון.

— לונאַטשאַרסקי, — זאָגט דער אַלטער א דערמונטערטער, — האָט בעַ־פיירעש גוטע קאַוואָנעס. לונאַטשאַרסקי איז א מעלוכע־מאַן פון גאָר א גרויסן מאַסשטאַב. דער מעדינע־קאָמיסאַר קאָן אויך זײַן א ווונדערלעכער האַרצפּרײַנט... ער פילט אַכרײַעס פאַר יעדן קינסטלער. גאָרקיס נוסעך... א נעשאָמע־מענטש, א גײַסטרײַכע פּערזענלעכקײַט.

## אויג־אָף־אויג מיטן מעפורסעם

נאָכדעם האָט דער גוט געשטימטער אָניסי מאַרקאָוויטש פּאַמעלעך גענומען צונויפלייגן זײַנע מאָל־מאַכשירים, ווי א באַלמעלאָכע לייגט אוועק שער־און־אײַזן אינעם קורצן טאָג. דער כאַוווער יאַקאָוו האַלט זיך בא געזעגענען, נאָר איידער ער פאַרלאָזט דעם געררויש פון די שטיין־קאַריערן, רופט ער זיך גאַנץ פריילעך אָפּ צום מאָלער, שפּילעוודיק־לײַכט, קימאַט היימיש:

— פאַרגעסט ניט, אָניסי מאַרקאָוויטש, אינעם זײַ־געזונט.

— נו־נו, — מורמלט יענער גוטמוטיק אין זיך, — באַרשעוו נעם איך צו גלײַך מיט אַלע מײַנע בילדער, וואָס איך האָב געמאָלט דאָ...

עס איז מיר אויסגעקומען לענגער זיך פאַרהאַלטן, געהאָלפן אײַנפּאַקן דעם מײַסטער דאָס געשיר, די פּושקעלעך און סלאָיִקלעך, אויסוואַשן די פּענדזלעך. עפּשער וועט מיר נאָך אויסקומען עפּעס־וואָס פאַרטראָגן פונעם קלייזײַען צום מאָלער אהיים? — מיטן שענסטן קאָוועד.

דער קלײניטשקער פאַרדראָס מײַנער, וואָס איך האָב א צײַט געטראָגן אין האַרצן איבער דעם שוואַרצמאַן־פּאָרטרעט, איז שוין לאַנג אָפּגעגאַן. דעם כאַוווער יאַקאָווס געבראַכטע יעדיִע האָט מיר קיין גרויסן פאַרגעניגן ניט אָנגעטאָן. איך האָב געהאַט דעם פּאַרגעפיל, אַז עפּעס זייער טײַערס און ליבס וועט אינגיכן פאַרשווונדן ווערן. ווי־אַזוי וועט אויסזען דער טײַך, די שטיינער, דער גרינבאַרגיקער מאָנאַסטיר, דער שטיין־קאַריער, ווען דער מאָלער וועט פאַרלאָזן אונדזער באַרשעוו?..

אָניסי מאַרקאָוויטש פרעגט מיט אַן ערנסטער מינע בא מיר: צי דער פּאָליטפּראָסוועט איז טאַקע א מענטש א לײַטישער, צי האָט ער א גוטן שעם אין שטאָט, צי האַלט מען אים אין כשיוועס, צי די אײַנוווינער זײַנען פון אים צופרידן? מיר איז שווער ענטפערן אָף אַזעלכע קאַשעס — פאַר־וואָס מיינט דער מאָל־מײַסטער, אַז איך קווענקל זיך אין געבן אַן אָפּ־ריכטיקן ענטפער? איך נעם זיך אָן מיט דרייסטקײַט און זאָג אים בעערעך אַזוי: ניט נאָר פאַר דער היגער באַפעלקערונג, נאָר אויך פאַר אײַך, אָניסי מאַרקאָוויטש, זאָרגט דער כאַוווער יאַקאָוו. אײַער גורל גייט אָן דעם

פּאָליטפּראָסוועט ניט וויניקער, ווי איַער סאַמע נאָענטסטן מענטשן. די דערמונטערנדיקע דעפּעשעס פון לונאַטשאַרסקין פרייען דעם כּאַווער יאַקאָוו עפּשער מער ווי איַיך זעלבסט.

— פונוואַנען ווייסטו? — קוקט ער אַף מיר פאַרכידעשט. — קאָנסט דאָך מיר ניט זאָגן, אַז ער איז שיר ניט דיַינער אַ כּאַווער און טיילט זיך מיט דיר, ווי מיט זיַינעם אַ גליַיכן? ביכלאַל וואָלט איך געוועלן זייער אַ באַלן צו וויסן, וואָס פאַר אַ שיַיכעס האָסטו צו דעם דאָזיקן יונגגמאַן?

— קיין שום כּאַווער ניט... קיין שום שיַיכעס ניט... נאָר דאָס, וואָס איך דערצייל איַיך, איז אינגאַנצן עמעסדיק... און אַז איר ווילט וויסן ביזן סאָף, קאָן איך איַיך אַנטפּלעקן נאָך אַ סאָד: אַז איַיך, לעמאָשל, גייט שלעכט אין דער מאָלערישער אַרבעט, שלים־שלימאַזל, לעבט דער כּאַווער יאַקאָוו עפּשער איבער מער, ווי איַער בעסטער און איבערגעגעבנסטער פריַינט. יעדעס בילד, וואָס איר צערײַסט און וואַרפט אַפּן ווינט אָדער אין וואַסער אַריַין, ווי איר האָט עס צוריק מיט אַ צײַט געטאָן דאָרט באַם בורון, אונטער ראָסקאָפּענעץ, רופט זיך עס אָפּ יעסורעמדיק אַף אונדזער פּאָליטפּראָסוועט...

— פונוואַנען, זונעניו, ווייסט ער אַזעלכע זאַכן?

— ער ווייסט. אַלצדינג ווייסט ער... די אַרבעט איז באַ אים אַזאַ. אַנדערש, וואָס פאַר אַ פּאָליטפּראָסוועט וואָלט ער געווען?

דער כמורנער דרויסן לייגט זיַין גרויע טאָג־שיַין בליַיזיק־שווער אַפּן מאָלערס געזיכט. נאָך אַזאַ גוטער בסורע, און דאָך איז ניט צו זען קיין ברעקל שטראַלעכל פון זוניקער ליכטיקײַט, קיין קאַפּעלע פרייד. ניט די גליקלעכע דעפּעשע און אויך ניט דאָס באַנדעראָל־פּעקל האָבן אופגעריכט זיַין געמיט. דער פענדזל־מיַיסטער איז מיט זיַינע ראַיוינעס פאַרטיפט אין זיך. זיַין בלאָנדזשענדיקע נעשאָמע, דער שיגאָען, טראָגט אים שוין ווידער אַרום ערגעץ וויַיט־וויַיט אין אוילעם־האַטויע...

דאָרט, אַף אַרוף, לעבן די געפּלאָכטענע טינען, וואָס ציִען זיך מיטן שמאָלן געסל, פירט די סטעזשקע נעענטער צו אָניסי מאַרקאָוויטשעס געדונגענער נאַכלע. דאָס דאָזיקע שעפּעדיקע ווינקל — סעדער, סעדער, סעדער — ווייסט קיינמאָל ניט פון קיין אומגערעטעניש. זומער־צײַט, ווען די סעדער נעמען זיך אָן מיט ליַיב, בינדט מען אונטער די שווערוואָגיקע צוויַיגן, זיי זאָלן זיך ניט ברעכן, מע שטעלט אונטער דרענגלעך, געפּעסטיקט מיט שטריק און דראָט, קעדיי דיביימער אליין זאָלן ניט צעשעדיקט ווערן פון דער בראָכעדיקער שעפע.

איך ווייס שוין פון לאַנג, דער אַלטער האָט מעסוקן ליב דאָס געראָטענע שטילע געסל אויסער דער שטאָט. איצטיקס מאָל, גייענדיק מיט מיר, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַ וויַילע, ערנסט און פאַרטראַכט געקוקט אַפּן פרעכטיק־האַרבסטיקן אַרום, אַף די ביימער, ווי זיי שטייען אין זייער שעמעוודיקער האַלב־נאַקעטקײַט... באַם שטאַם צופוסנס ליגט דאָס אָראָפּגעוואָרפענע געלע קלייד. אומעטום שורשענדיקע הורבעס בלעטער. דער

מאָלער האָט זשעדנע געקוקט און געשלונגען מיט די אויגן דאָס צויבערדיקע גאנײדן־ווינקל אף יענער זײַט טײַך.

— בעלי־סאָפעק... — מורמלט ער שטיל פאר זיך, — אומבאדינגט, דאָס וווּנדערלעכע ווינקל וועל איך געוויס מיטנעמען. דעם טײַך ראָס, די ריזיקע שטיינער און פעלדזן, די טאָמיד ווימלענדיקע וואסערפאלן... דאָס קריצעניש און ריטשעניש פון די שטיין־קאריערן מיט די אומצאָליקע שנעל־לויפיקע טאטשקעס ארוף און אראָפּ. הײַנט די קאלטע וואסער־קוואלן בא דער גראניט־הליבע, אײַנגעהילט אין פּײַכטלעכן מאָך. אָט מיט וואָס פאר אן אויצרעס איך פאָר קיין פּעטראָגראד... יאָ, זיכער דיך וועל איך אויך מיטנעמען, און כאָמעלען אוודע. מעגלעך, אפילע דעם פּאָליט־פּראָסוועט אײַערן, דעם שפּירעוודיקן יונגערמאן... הײַנט איז ער מיר באזונדערס געווען געפעלן.

וואָס הייסט, ער וועט מיטנעמען? אָבער אז איך נעם די רייד זײַנע רעכט אפן זינען, טראכט ערנסט און רו:ק אין זיי זיך ארײַן, פארשטיי איך, אז דער מאָלער מיינט מיט דעם צו זאָגן: די צײַט, וואָס ער האָט בא אונדז אין בארשעוו פארבראכט, נעמט ער מיט, ווי א טײַערן אָנדענק. דאָס איז שוין גאָר עפּעס אנדערש. אוודע לאָזן זיך גרינג ניט פארגעסן ניט די שטיינער, ניט דער זינגענדיקער טײַך, ניט די קאלטע קוואלן און ניט דער ברייט־צעוואָרפענער שטיין־קאריער. ווען ער פרעגט מיך, אשטייגער, וואָלט איך אים נאָך געייצעט מיטנעמען ביידע זײַטן לאָנקע ארום דער געוואנט־פאבריק, דעם ארבעט־פּאלאץ מיט זײַנע פּײַערלעכע אָוונטן און דעריקער דאָס קינדערהויז, וואָס שטייט אינמיטן שטאָט, ווי א לײַכט־טורעם... אויב עס איז פאר אים ניט שווער, זאָל ער אויך ניט פארגעסן דאָס קאָמיוג־מויערל, דאָרט אף ארוף צו דער פּאָטשט, פונוואנען עס צי:ען זיך שטענדיק אין די אָוונטן געזאנגען, לוסטיקײַט און נאָך עפּעס אזעלעכס, וואָס מע קאָן אָנרופן: מונטערע יוגנט־פרייד.

דער אלטער מאָלער פארלויפט מיר אָבער דעם וועג.

— גאנץ בארשעוו, — זאָגט ער, — וועט בלײַבן זיצן אויבנאָן, אין גרויס קאָוועד אָט דאָ־אָ! — ווײַזט ער אפן הארצן. — זעלטן צו געפינען נאָך אזא געבענטשטע, אייגנארטיקע נאטור. סײַדן אין איטאליע אָדער ערגעץ אין די בערג פון קאווקאז.

דערנאָכדעם פרעגט ער בא מיר ווײַטער, ווי מע פרעגט א רעטעניש:

— ווי קלערסטו, דאָס דאָזיקע הינטערשטאָט־געסל מיט די רײַכע באלעגופישע סעדער און בייזע, אף קייטן געהאלטענע, וואָלפהינט זאָגן דיר גאָרניט?.. מיר, דעהײַנע, קומט אפן זיקאָרן א צעבליטע שמעקנדיקע רויז מיט ארומגעוואקסענע שטעכלקעס. טאקע שיין, צארט, איידל, די רויז גיט פון זיך ארויס דערקוויקנדיקע דופטן, נאָר קוים רירסטו זיך אָן אין איר, נעמט בלוטיקן דײַן לײַב...

דאָ ווייס איך שוין ווידער ניט, וואָס מיינט ער מיט דער „דערנער־רויז”. איבערפרעגן פּאסט עפּעס ניט. מאלע וואָס אן עלטערן מענטשן פאלט אײַנעט. איינס איז איצט פאר מיר קלאָר: מיטן אלטן מאָלער גיי איך דאָס לעצטע מאָל... איינער אליין וואָלט איך זיך קיינמאָל אין דער

װעלט אהער ניט פארקליבן, ניט מאכמעס דאָס בילן פון די בײזע הינט שרעקט מיך, נאָר די פארביסענע פּײַנטשאפט פון די זאטע באלעבאטים צו דער שטאָטיש־עװיױנישער געבראָכנקײַט... עס ציטערט אף זיי די הויט, טאָמער װעט די רעװאָליוציע, כאָלילע, אָנרירן זײערע פעסט־גע־פונדעװעטע נעסטן, די פולע שפּײַערן מיט אלדאָסגוטס...

װײַט פונעם באלעגופישן געסל, בא אײנער א הויכער קאליטקע, בלײַבן מיר בײדע א װײַלע שטײן. ארײַנגײן צום אלטן אין שטוב האָב איך גאָר א קלײנעם כײשעק איבער פיל טײַמים. אומקערן זיך צוריק אהײם װעל איך געװיס מיט דער זאראָסיער שטעג־קאָלײע, עפשער ניט אזא קורצער װעג, אָבער דערפאר א רויִקערער.

נאָך אײדער איך נעם אױסשטעלן אף דער ערד דאָס ביסל געשיר, װאָס איך האָב דעם אלטן געהאָלפן פארטראָגן אהער, טוט ער אף מיר מאָדנע א קוק, װי אײנער רעדט: װאָס איז דאָס פאר א טנועז..

זאָג איך:

— אין דער הײם װארט אף מיר מײַן מאמע. ס'איז הײַנט שאבעס.

— אין קײן באהעלפערס נײטיק איך זיך ניט. איך װיל דיך אופנעמען װי א טײַערן, געװונטשענעם גאסט... אָפּקומען מיט א דאנק, צולײגן א ביסל מינץ, װעסטו זיך באלײדיקן און זײַן גערעכט. דאָס גראדע װיל איך ניט. איך האלט דיך פאר מײַנעם א יונגן פרײַנט. װי קאָן א פרײַנט זיך אָפּזאָגן פון א פרײַנטלעכער אײַנלאדונג?

בעפּײרעש גערעכט.

ביז אהער האָב איך ניט געװוּסט, אז דער מאָלער האלט מיך פאר זײַנעם א מעקורעװ... כײַ װאָלטן כאװײרים ייִנגלעך געהערט דאָס, װאָס דער זאָקן האָט ארױסגעבראכט פון מויל. א קלײניקײַט, דער לאנד־מאָלער האלט מיך פאר זײַנעם א פרײַנט! װער איז צו מיר גלײַך? געמיטלעך־רויִק קוקט ארױס די װײַסע כאטע, װאָס טײלט זיך אף צװײ העלפטן. פון אײן זײַט װױנט דער באלעבאָס מיט זײַן קלײן געזינדל, װאָסערע דרײַ־פיר נעפאשעס, די אנדערע זײַט פארנעמט דער מאָלער.

קוידעמקאָל האָט אָניסי מארקאָװיטש מיך מעכאבעד געװעזן מיט גע־טריקנטע פיסטאשקעס. די ברוינלעכע ניסלעך, געבעט אין דין־שטרויענע קישעלעך, האָבן געהאט דעם זיבעטן טאם, מעכײַע־נעפאָשעס, אזעלעכס זעט מען אפילע ניט אינעם שענסטן כאָלעם.

שװאך און קארגלעך דרינגט ארײַן די גרוילעכע שײַן פונעם כמורנעם דרויסן אהער אין נידעריקן שטיבל דורך די צװײ שאָטנדיקע פענצטער־לעך. אָנגעװאָרפענע כפײצים, בלעכענע און גלעזערנע קײלים מיט קאָ־לערלײ פארבן, פארשײדענע לײַװנטן, דאָ און דאָרט װאלגערן זיך בערשטלעך, פענדזלעך, קויל־שטיפטן, טוש, טיובּיקעס.

װען אָניסי מארקאָװיטש האָט זיך באפרײַט פון זײַן, מישטײנסגעזאָגט, קיך־באלעבאטישקײַט, האָט ער זיך געשטעלט צו דער בלאָער טויבער װאנט, קעגניבער די גרוי־נעפּלדיקע פענצטערלעך, ראפּטאָם א צי געטאָן דאָס געקעסטלטע רעדנעלע און מיט א באגײַסטערט קאָל זיך אָנגע־רופן:

— האָ?.. וואָס?.. דערקענסט?.. פּאָרן שוואַרצמאַן־פּאָרטרעט וועל איך צאָלן קייפל־קיפּלאַיִם... דאָס, וואָס איך האָב אין באַרשעוו ניט פאַרענדיקט, וועל איך מיט גאָטס הילף ברענגען צו א טאָלק אין דער היים, אין פּעטראָגראַד... איך דאַרף נאָר אויסבעטן בא דעם, וואָס זיצט אין די הימלען, ער זאָל טאָן מיט מיר דעם גרויסן כעסעד זײַנעם און שענקען נאָך א ביסעלע געזונט און א קאַפּעטשקע צײַט... א קאַפּעטשקע צײַט...

אַף דער טונקעלער וואַנט האָבן מײַנע אויגן דערזען אַזעלעכס, וואָס האָט מיך מאַמעש דערשיטערט. שווער גלייבן זיך אַליין... ווייכע אַראָפּ־געלאָזטע קרויזן, אַפּן שטערן האַלב־רונדיקע פּענסנע־גלעזלעך... איך האָב דערקענט דעם באַליבטן ייִדישן פאָלקס־שרײַבער, וועמעס געריכטעטער גוטער נאָמען איז פאַרוואָרצלט אין יעדער ייִדישער שטוב. נאָך ניט אינגאַנצן איז אינעם געמעל אויסגעפורעמט דאָס געשטאַלט, נאָר די שיטערע וואָנצן און דאָס קורץ געשוירענע בערדל, וואָס שאַפּן צוזאַמען א מין ווייכן קאַמעץ, זײַנען אַזוי פײַן און ריכטיק אופגעכאַפּט, אַז פאַר מיר, לעמאַשל, האָט שוין מער גאָרניט געפעלט. דאָס בילד שטייט לעבעדיק פאַר די אויגן.

נאַכלעסיק ליגט אַף דער ערד דאָס אַראָפּגעוואָרפענע בײַנע קאָל־דערלע פונעם אָפּגעדעקטן שאָלעם־אַלייכעמען.

דער מאָלער פּרוווט מיר דערקלערן, וואָס פאַר א געדאַנק און וואָס פאַר א קאַוואָנע ער האָט בעדייע אַרײַנצולייגן אין זײַן שאָלעם־אַלייכעם־אַרבעט.

— צאַרטקײַט, הויכע אינטעליגענטישקײַט פון א ייִדישן דעמאָקראַט, לאָמיר זאָגן, א־ליא טשעכאָוו, גאָרקי, קאָראָלענקאָ. אָט אַזא פּאָרטרעט וואָלט איך וועלן שאַפּן מיט מײַנע געגעבענע מעגלעכקײַטן. פעלן פעלט מיר דער סאַמע איקער צו מײַן שאָלעם־אַלייכעמען: זײַנע אויסדריקלעכע אויגן, אויגן לעבעדיקע, קלוגהאַרציקע, עטוואָס פאַרוקט־נעפּלדיקע אונטער די פּענסנע־גלעזער... ניט דער קאָליר אינטערעסירט מיך. איך דאַרף פאַר אים אַזעלכע אויגן, וואָס אין זיי זאָל ליגן אי מילדקײַט, אי קינדעריש־שטיפעריש פאַרשײַטקײַט, שאַרפער קאַטאָוועס, קלוגע דורכגעטריבנקײַט, אי גרויס מיטלײַד צום געליטענעם. בעשאַס מיר איז אויסגעקומען מאָלן שוואַרצמאַנען, האָב איך קוידעמקאָל דערשפּירט זײַנע אויגן... גראָד איצט באַם שאָלעם־אַלייכעם־פּאָרטרעט קומט עס מיר אָן שווערער, כאָטש עס וואָלט באַדאַרפט, דוכט זיך, זײַן פאַרקערט...

ווערדליק איך בין דער גרויסער מייוון, דער שעצער, זאָג איך, אַז קיין בעסער בילד פון שאָלעם־אַלייכעמען איז מיר ניט אויסגעקומען זען. דערנאָך זאָג איך נאָך א ביסל טאַמעוואַטע, מעגלעך, אַפּילע גאַנץ לעפּיש:

— אונטער די פּענסנע־גלעזער זעט יעדער איינער, וועלכע אויגן ער וויל. אָט קוק איך זיך אײַן אינעם בילד און זע אַזעלכע אויגן, וואָס נאָר איין שאָלעם־אַלייכעם האָט פאַרמאָגט. בעסערע, שענערע, קליגערע פאַר־שפּאָרט מען גאָר צוטראַכטן.

פרעגט מיך בעכיירעם, וואָס, אשטייגער, האָט דער מאָלער דאָ אזעלעכס דערזען אין מײַנע ריידן? א קלוגער עלטערער מענטש זאָל ניספּאָעל ווערן פון א גאנץ איינפאכן געדאנק... דער מײַסטער קאָן זיך גאָרניט אָפּכידעשן פון מײַן כאריפעס.

— וואָס הייסט, — זאָגט ער, א פארכלינעטער אין היספּײַלעס, — רעדסט דאָך זייער קלוג.

קיבעד דערלאנגט ער ניט נאָר מיט דער ברייטער האנט, בעיאַד־האר־כאָווע, ברייטהארציק. כוץ איריסלעך און זיסע קישעלעך ליגן נאָך אפן טעלער פילקאָליריקע מאָנפּאסיע, לענגלעכע און דיקלעכע, אנדערע זעען אויס ווי פישעלעך, הענעכלעך, טײַבעלעך, אלע זײַנען אפן טאם זויער־עסיק, עס בראָט אזש אפן צונג. די אלטגעבאקענע הרעטשענע מארק־קאָרזשיקלעך האָבן אויך דער באָבע כאוועס טאם. קיין בעסערס און געשמאקערס, זעט אויס, פארמאָגט ניט דער פּעטראָגראדער מעפּורסעם. אָבער פון קיבעד, ווי עס פירט זיך, זאָגט מען זיך ניט אָפּ.

ווי א וויכער־ווינט האָט זיך מיטאמאָל ארײַנגעריסן כאָמעלע. די אומגעריכטקײַט פון איר קומען האָט דעם אלטן ניט נאָר געוווּנדערט, נאָר אויך אים געשטעלט אין א פארלעגנהײַט. כאָמעלע האָט הייס און שווער געאָטעמט, שטייענדיק אף דער שוועל בא דער אָפענער טיר. זי איז אין איין אָטעם געקומען צו לויפן געווירע ווערן, צי עס איז אן עמעס?..

— יאָ, כאָמעלע, ס'אן עמעס, — ענטפערט דער מאָלער שולדיקלעך פארלוירן. — אָט דאָ וועט, מיט א פּאָר שאָ צוריק, האָט דער פּאָליט־פּראָסוועט אײַערער געבראכט מיר די יעדיִע.

— ווידער פון לונאטשארסקין?

— ווידער, מײַן גנעדיקע באסמאלקע. ווידער פון אנאטאָלי וואסי־ליעוויטשן... אין צוזאמענהאנג מיטן יויוול פון דער קונסט־אקאדעמיע רופט ער מיך דרינגענדיק קיין פּעטראָגראד. לונאטשארסקי שרײַבט מיר, אז ס'איז בייטיק אָפּקלײַבן אייניקע ארבעטן מײַנע צו דער יובילײַ־אויסשטעלונג. און איך, דער אלטער שארבן, האָב שוין געמיינט, אז די קינסטלערישע וועלט האָט אין מיר פארגעסן... נו, וואָס זשע זײַט איר געבליבן שטיין?

מאנצבלש־ווירדיק איז ער צוגעגאנגען צו דער שוועל, העפלעך זיך פארנייגט און זייער דעליקאט, מאנירלעך־איידל גענומען כאָמעלעס האנט אין זײַנער.

— ביטעו! — פירט ער זי צו צו דעם טאבורעט, — זעצט זיך, גנעדיקע הארנטעו! איר זײַט שטענדיק, כאָמעלע, דער סאמע אָנגעלייגטער גאסט מײַנער, — אף א דזשענטלמעניש אויפן האָט ער א קוש געטאָן די האנט אירע.

מאכמעס דער באלעבאָס פון דער נאכלע דרייט זיך שוין א צײַט ארום אונטער די גרויע פענצטערלעך, וויל, מיסטאמע, מאכן א לעצטן כעזשבן, מע זאָל אים אויסצאָלן די רעשט דירע־געלט, מוז דער מאָלער אף א גע־וויסער צײַט אונדז פארלאָזן.

— יענער שטייט דאָרט אױף הייסע קוילן, — מאַכט אַניסי מאַרקאָוויטש א כויזעקלעכע גרימאַסע צו די פענצטער־צו.

כאַמעלע האָט זיך ניט געוווּנדערט, וואָס איך געפין זיך אין אַזאַ צײַט, סאָף טאָג, דאָ, באַם מאָלער, אין דער געדונגענער דירע. זי האָט בלויז געפרעגט, פון ווען האָב איך זיך אַזוי גיך דערוווּסט, אַז אַניסי מאַר־קאָוויטש קלײַבט זיך בעקאַרעוו פאַרלאָזן וואַרשעוו?

— איך בין בײַגעווען דערבײַ, — דערצייל איך איר, ווי דער עמעס איז, — ווי אַן איידעס בין איך געשטאַנען, בייס דער כאַווער יאַקאָוו האָט אים איבערגעגעבן צו די הענט די דעפּעשע און דאָס באַנדעראָל־פּעקל.

— זיי זײַנען דאָך אױף מעסער־שטעך, — קוקט זי מיך ווילד אָן, — מע קאָן זיך איינס דאָס אַנדערע ניט אָנקוקן.

— ע, ס'איז ווײַט ניט אַזוי די מײַסע, — זאָג איך. — עפּשער געפינען זיך אַזעלכע סאָנים, וואָס וואָלטן עס געוואָלט זען. נאָר פריִער מעגן זיי אױף זיך זען פאַרעס מאַקעס...

לאַכט זי, כאַמעלע.

א לײַכטע ריין־ראָזלעכע באַהויכונג שפּילט אױף איר שיין, צאַרט פּאָ־נעם. איך מעג נאָכאַמאָל שווערן, אַז כאַמעלע איז פּאָרט דאָס שענסטע מיידל אין שטאָט. סאַרא מין דימענט־גלאַנץ לויכט פון אירע גוטע וואַרע־מע אויגן. דעמלט ווען עס רוט אױף איר די גוטע שאָ, איז קיין צווייטע כאַמעלע, דאַכט מיר, ניט צו געפינען.

זי פרעגט בא מיר רירנדיק־שטיל, צי איך וועל בענקען נאָכן מאָלער?

— נאָך א מין בענקען. שטענדיק וועט מיר עפּעס פעלן.

— ביסט גערעכט. דאָס, וואָס דו זאָגסט, איז אַלץ לויטערער עמעס. איך, לעמאָשל, בין שטאַרק צו אים צוגעוווינט. קימאַט ווי צו אַן אייגענעם פאָטער. אַז עס ווערט מיר קאַלעמוטנע אױפן האַרצן, קום איך צו אַניסי מאַרקאָוויטשן אַראָפּרעדן דאָס אָנגעזאָלעטע... אַנדערש וואָלט איך מעשו־גע געוואָרן.

דער מאָלער האָט זיך אומגעקערט א צופרידענער, גלײַך ווי ער האָט אַראָפּגעוואָרפן א גאַנץ שווער פּעקל פון די פּלייצעס.

— א סאָף, פאָטער געוואָרן, — גלײַכט ער אויס די ביינער, — אַנשטאָט געלט אָפּגעגעבן אים א האַלבן כוידעש פּאַיאָק. טאָמער ווילט איר זען, קינדער, א לעבעדיקן גאָבסעק, דאַרפט איר ווײַט ניט גיין אים זוכן.

כאַמעלע, קלער איך פאַר זיך, מעג בלײַבן דאָ זיצן, וויפל עס גלוסט זיך איר אַליין, עפּשער האָט זי א לעצט מאָל, פאַרן געזעגענען זיך, טאַקע נייטיקס וואָס אַראָפּרעדן פון האַרצן פאַר אַניסי מאַרקאָוויטשן... אָבער איך, איך מוז גלײַך לויפן אַהיים. הײַנט איז שאַבעס, די מאַמע איז פרײַ פון איר אַרבעט. זי קוקט די גאַנצע וואָך אַרויס אױפן רו־טאָג.

וואָדען? אוואַדע, אומבאַדינגט וועל איך גיין באַגלייטן דעם מײַסטער, מײַן נײַעם געטרײַען פרײַנט. זאָל ער נאָר זאָגן, ווען קלײַבט ער זיך צום באַן. בא דער געלעגנהײַט דערמאָן איך אים, אַז ווי נאָר ער וועט קומען בעשאָלעם אַהיים, זאָל ער, לעמאַנעשעם, דערציילן לונאַטשאַרסקין וועגן פאַרלוירן געגאַנגענעם פּאָרטרעט... לונאַטשאַרסקי ווייסט ווו אײַן און ווו

אויס, ער וועט זיך דערקונדיקן, ווו דער פּאָרטרעט איז געבליבן שטעקן, ער וועט גיך דערגיין א טאָלק... און נאָך בעט איך אָניסי מארקאָוויטשן, ער זאָל ניט פארגעסן, אז די היגע שול־היים האָט אלע רעכט אפן שווארצ־מאַן־בילד, ס׳א געשאַנק... די מאטאָנע מוז מען אומקערן.

נאָך א קלייניטשקע באקאָשע:

— קערט מיר אום, זײַט אזויפיל גוט, דאָס פאָטאָ־בילדל פונעם אלטן זשורנאל,— בעט איך בא אים, שעמעוודיק אראָפּלאָזנדיק די אויגן,— איר דארפט עס שוין בעמיילע ניט האָבן, און בא מיר וועט דאָס בילדל בלײַבן, ווי א ליכטיקע דערמאָנונג אי וועגן שווארצמאַן־פּאָרטרעט, אי וועגן אײַך אליין...

— גערעכט, הונדערט מאָל גערעכט!..— רופט ער רוישיק אויס. — א כויוו איז א כויוו. האָסט די פולע רעכט אים אופּמאָנען. שטיי, ווארט א ווײַלעטשקע, איין מאָמענט,— שטרענגט ער אָן זײַן זיקאָרן,— ווו האָב איך די פאָטאָ אהינגעטאָן? אהאָ!— טוט ער זיך ענערגיש א וואָרף, ווי א יונגערמאַן בא די פולע קויכעס.— דערמאָנט זיך, דערמאָנט זיך!— אײַליק האָט ער גענומען וואלגערן פעק און פעקלעך, געוויקלטע בויגן פּאַפּיר, געמאָלטע לײַוונטן, ענדלעך ארויסגעצויגן פון דער ענגשאַפט דאָס געזוכ־טע.

— האָסט געוואָלט האָבן אן אָנדענק?— נאָ!..— דערלאנגט ער מיר א פּײַנעם עסקיז, א קאָלאָריטפול אייל־בילדל.— האָסט דערמאָנט דעם דיכטער אָשער שווארצמאַן— איז אָט האָסטו זײַנעם א „מאָטיוו“... נעם עס אלס מײַנע א מאטאָנע...

אָנשטאָט אָפּדאנקען רויִק, ווי א מענטש, קרייע איך פארן קינסטלער, ווי א צעפּלאָשעט הענדל:

— ניט נייטיק... איבעריק... נו, צו וואָס?..

כאָמעלע, פיל איך, קנײַפּט מיך הינטן־ארום:

— לאָקש מאקאראָווער... נעם, גלאָמפּ איינער! ווער זאָגט זיך עס אָפּ פון אזא מאטאָנע?!

## העכער פון יעדער מין פרײַז

צוריקוועגס אהיים גיי איך ניט ווי א שטיל סטאטעטשנע ייִנגל דארף גיין, נאָר איך שפּרינג פריילעך אונטער, כ׳בין אופגערוימט אי פון דער געשענקטער מאטאָנע, אי פונעם אָפּגענומענעם כויוו. הײַנט האָבן מיר שאבעס אף דער וועלט, און ארום דינסטיק באטאָג פאָרט דער אלטער מאָלער ארויס פון בארשעוו. א שאָד! דעם גאנצן טאָג וועל איך שטיין און אים אָפּווארטן אף דער שעוטשענקאָ־גאס, לעבן געלן קלײַזל.

אין דער היים קוקט שוין פון א צײַט ארויס אף מיר די מאמע מײַנע מיט איר שטיקל שאבעסדיקן ווארמעס. זי בייזערט זיך ניט, שרײַט ניט אף א קאָל, פונדעסטוועגן פיל איך אין איר טאָנעסדיק פּאָנעם, אז זי איז אף מיר בייז.

— באַ לײַטן, — זאָגט זי, — איז שאַבעס ווי שאַבעס, און באַ מיר, איך זאָל ניט זינדיקן מיט די רייד, דאַרף דער שאַבעס מײַנער פאַרשטערט ווערן.

— מאַמע, — קומט מײַן טמימעסדיקע פאַרענטפערונג, — מעגסט מיר גלייבן, אַז איך האָב עס ניט געטאָן אומיסטן. ס'איז מיר געווען שווער זיך שיידן. דער עלטערער מענטש פאָרט דינסטיק אָפּ פונדאַנען. ווער ווייסט, צי איך וועל אים ווען אַמאָל זען. אין דעם גרויסן טומלדיקן פעטראָגראַד, צווישן אָנגעזעענע מעיוכאָסים, באַרימטקײַטן, זיצט ער באַ דער שפּיגל־וואַנט. לונאַטשאַרסקי אַליין, פאַרשטייסט, מאַמע, דער פאָלקסקאָמיסאַר, שרײַבט זיך מיט דעם דאָזיקן מענטשן איבער. זעסט, וואָס פאַר אַן אַנטיקל? — באַרים איך זיך מיט מײַן אייל־בילדל. — ניט צו קויפן פאַר געלט, עס האָט גאָר קיין פרײַז ניט. דאָס האָט דער אַלטער מיר געשענקט אַף אָן אָנדענק... אוי, עסן, מאַמע, די נעשאָמע גייט מיר אויס. יאָ־יאָ, נו גוט, — גיב איך איר נאָך, — זאָל זײַן אָנגעשאָבענער רעטעך, דערנאָך ראָסלפליישׁ.

— וואָס פאַר אַ ראָסלפלייש כאָלעמט זיך דיר? ס'אַ פאַלשע זשאַרקאָיע. אָן פלייש...

— אַ דײַגע, אַבי גיב שוין גיכער עפּעס וואָס אין מויל אַרײַן.

— ווער זשע איז ער, דער יאַכסן, דער גאָדל־האַדאָר דײַנער? אַ דאָקטער, אַ פּראָפעסאָר, צי עפּשער גאָר אַ צאַדיק?.. — דערפיל איך גלײַך איר בײַסיקע איראָניע, די אָפּשפּעטעניש.

— דער עלטערער מאַן, — ענטפער איך איר מיט גרויס איבערגעגעבנקײַט צום קינסטלער, — איז גאָר אַ גרויסע זעלטנהײַט. אַ מאָלער פאַר מאָלערס. פון די וועלט־מענטשן, וואָס מע ציילט אין דער מעדינע אַף די פינגער.

— וואָס זשע האָט עסרעג צו טאָן מיט באַרשעוו און וואָס פאַר אַ שײַכעס האָסטו צו דעם מוישע מויריינו?

— דער מאָלער איז דאָ, אַפּאָנעם, אָפּגעקומען זינד־שטראָף... איצט, דאַנקען גאָט, האָט מען דעם זינדיקן ריינגעוואַשן, און ער פאָרט צוריק אַהיים, קיין פעטראָגראַד. — אַ סאַך שווערער קומט מיר אָן פאַרענטפערן די צווייטע העלפט פון איר פאַרגעבענער האַרבער קאַשע. — איך ווייס, וואָס פאַר אַ שײַכעס?.. אַמאָל, — זאָג איך איר ניט דרייסט, — קומט אויס פאָלגן אַ גאַנג, באַהילפיק זײַן דעם עלטערן מענטשן, מיט וואָס־ס'ניט־איז נוצלעך זײַן...

— נו יאָ, — זיפצט זי אָפּ און טאַדלט ווײַטער מיט כויזעק, — אַף אַן אומזיסטיק מעשאָרעסל וועט זיך שטענדיק געפינען אַ באַלן. דאָ אין שטוב איז ניטאָ, ווער עס זאָל מיר פונדאַנען אַהין פאַרשפּאָרן אַ גאַנג, און פאַר יענעם איז מען גרייט איבערטראָגן בערג... אַזאַ מאַזל האָב איך! אַ נײַער רעב צאָצעלע אַף מײַן קאָפּ!

— מאַמע...— טו איך פײַנלעך זיך אַ קרים, — דעם אַלטן מאָלער לאָז צורו. ער איז מער ווערט, וויפל מע טוט פאַר אים. מיט פאַרגעניגן, ווי דו קוקסט מיך אָן, וואָלט איך אים צוגעדינט, ווען ער לאָזט זיך נאָר. אַז דער אויסגעצייכנטער מײַסטער וועט אָפּפאָרן, וועט די שטאָט אונדזע־

רע, בארשעוו, אָרעמער ווערן. דאָס דארף מען קאָנען נעמען אפן סייכל און פארשטיין.

— אײַ־אײַ־אײַ, אזא נאָגיד איז ער, דער פאָן באראָן דײַנער?

— א נאָגיד צי ניט קיין נאָגיד, רײַך איז ער מיט עפּעס אנדערש, ניט מיט קיין געלט. דער מענטש איז רײַך מיט הויכער באגאבונג, מיט זײַן גוואלדיקער ארבעטזאמקײַט.

— האָסט ראכמאָנעס, קינד מײַנס, אף אן עלטערן יידן? — ווערט זי מיטאמאָל ווייכער.

— ער איז נאָר א האלבער ייד, — ברענג איך ארויס טויבלעך־שטיל.

— נו יאָ, מיט אלע מײַלעס...

נאָכאמאָל און ווידעראמאָל גיב איך דער מאמען צו פארשטיין, וואָס פאר א זעלטענער מענטש עס איז אָט דער אלטער מאן. א גאנץ לעבן אָפּגעקומען אין דער פרעמד, אויסגעוואלגערט זיך, ווו די וועלט האָט אן עק...

איך האָב נאָך בעדייע איר צו דערקלערן און איבערצײַגן, אז זײַן שטרעבונג צו שאפן, ארויסברענגען דאָס, וואָס ער זעט און וואָס ער פילט, שטייט בא אים העכער פון אלץ. אויסדריקן דעם דאָזיקן געדאנק אָבער האָט מיר, ליידער, אויסגעפעלט לאָשן.

דערנאָכדעם, ווען איך בין געבליבן מיט דער מאטאָנע אויג־אף־אויג, האָב איך ערשט דערשפּירט מיט אלע מײַנע כושים שווארצמאנס מילכאָ־מע־מאָטיוו. א קוים באלויכטענע שטאל. דאָס מיד־מאטע סאָלדאטישע פערד שטייט געלאסן אויסגעזאָטלט בא דער קאָרעטע און רײַבט דעם פריש־אונטערגעשאָטענעם האָבער. די שווארצע גריווע כאפּט א ציטער אין דער קאַלטער, רעגנדיקער נאכט, וואָס, ווי עס דוכט, זי הודעט מיט געוואַי דאָרט אין כאשכעסדיקן דרויסן, פון יענער זײַט שטאל, הינטער די הילצערנע פּײַכטע ווענטלעך, לאָזט זיך ווו־ניט־ווו מערקן א לאנגזאַם טריפן פון רעגן־טראָפּנס... איבערן קאָפּ הענגט א שטיק איבערגעפוילטע באלקע, דורכגעווייקט אף דורך און דורך, און לאָזט פון זיך רינען פּאָטיאָ־קעס. מע קאָן זיך גרינג אָנשטויסן, אז די פויערשע שטאל געפינט זיך נאָענט צו דער פײַער־פּאָזיציע... אף דעם קארגלעך־אויסגעבעטן היי זיצט אײַנדרײַען געבויגן אן עלטערער סאָלדאט, א רײַטער, ער איז פארטראָגן אין זײַנע מאכשאָוועס, דאָס שטיפּטל פּארקוועטשט צווישן די פינגער. דאָס פּיצינקע געלע פלעמל פונעם לאמטערן שלאָגט זיך דורך מיט אנגסט־מאַ־טערניש דורך דעם מאטעוון קאָלפּעק און ווארפט אָפּ א העלערן פלעק אפן געשריבענעם בייגעלע פּאפיר. דער סאָלדאט שרײַבט א בריוועלע אהיים.

דער לערער מײַנער, ארל סקליאר, וואָלט דאָ געוויס צוגעשטעלט שווארצמאנס א סטראָפע:

וואָס ווייגט ער, דער ווינט, אין פארוואָלקנטער נאכט,
פארלויפנד פון פעלד אין א ליידיקן הויף?
צווישן די שטאלן די ערד רײַסט און דרייט
און, ווי אין א ביטערן קלאָג, זיך פארגייט.

דער לערער ארל סקליאר האָט פאר אונדז, שולהיים־שילער פון על־טערן קלאַס, געדענקט זיך, ברייטער און טיפער אופגעקלערט די טעמע פון שווארצמאַנס ליד — די גוואלדיקע אומגליקן, וואָס די מילכאָמע ברענגט מיט זיך. מיר דאַכט, אז דאָס געשענקטע אייל־בילדל האָט אין זיך פאַר־קערפּערט א טיפּישן עפּיזאָד פון מילכאָמע־צושטאנד. דאָס פולקומע שווארצמאַן־ליד האָב איך אי געפילט, אי געזען.

די מאמע מײַנע האָט מיט כידעש געקוקט אפן אייל־בילד.

— זע נאָר, — שרײַט זי קימאַט אויס, כאַפּנדיק זיך פארן קאָפּ, — עס איז דאָך אונדזער קוזמא. ער איז אויך א טעלעשיווקער. ער האָט אומגע־קערט זיך צוריק אין דאָרף א קאַליקער, נעבעך... יינגלווײַז פלעגט ער אונדזער בעהיימע אויך טרײַבן אין דער טשערעדע. קוזמא, אײַ־אײַ־אײַ, עלטער געוואָרן, שטארק פארעלטערט...

## צעשיידונג

דינסטיק, אינעם טאָג, ווען מיר איז אויסגעקומען אָפּוואַרטן דאָרט, אף ארוף, באַם געלן קלײַזל, אפן סאמע שאָסיי־וועג, אָניסי מארקאָוויטשן, האָב איך ניט פארפעלט, ווי אין יעטווידן וואָכעדיקן טאָג, קומען אין שול־היים. אפן הארצן איז מיר געווען ניט איבעריק פריילעך, וואָרעם עפּעס האלט איך בא אָנווערן אזעלעכס, וואָס וועט זיך צוריק אזוי גיך ניט אומקערן. די לימודים זײַנען דורך גאַנץ שלעפעריק, לאַנגווײַליק. פון אלע זײַטן, דוכט מיר, ווייעט מיט אומעטיקער צעשיידונג. דאָס איינציקע, וואָס האלט מיך דאָ הײַנט אין שול־היים, איז דער מיטיק. פאר די לערער קומט ניט אויס לאַנג צוטראַכטן דעם נייטיקן טערעץ, זיי זאָלן מיך פרײַ לאָזן. כ'האָב זיך גראָד דאָס מאָל אויסגעדרייט, ווי אף א גלאַטן טעלער.

נאָכן מיטיק לאָז איך זיך גיין צום געלן קלײַזל. יאָ, היפּשלעך צײַט קומט אויס צו האלטן וואך איבער די פיל פארבײַלויפנדיקע בריטשקע־לעך, דראָזשקעס, פאַעטאָנען. יעדער פערד־און־וואָגן, וואָס נעמט די ריכטונג צו דער באַן־סטאנציע, גייט דורך מײַן וואכזאמען קאָנטראָל־אויג. נישטאָ דאָ דער פעטראָגראַדער מאָלער? ניין?.. איז פאָרט ווײַטער געזונטערהייט.

צו מײַן גרויסן וואונדער, מאַמעש צו שטוינען, דערזע איך פּלוצעם די זשוואָווע כאָמעלע, באַנאַנד מיט איר אין איין טראַט שפּרײַזן דער כאַווער יאַקאָוו און דעם, ווענען זיי באַגלייטן, — אָניסי מאַרקאָוויטשן. קיינער פאָרט ניט, אלע דרײַ גייען צופוס. וואָס זאָל עס באַטײַטן? ווער מיר פעקלעך, וואָס מיר טשעמאָדאַנען, ניטאָ קיין שום קלומעקלעך. עפּעס קומט עס אויס בא מיר: פרײַע מענטשן האָבן זיך געלאָזט סטאַם אף א לײַכטן שפּאציר איבער דער שטאָט.

שטילינקערהייט שאר איך מיך אויך צו, און בא כאָמעלען פרעג איך:

— נו, און דער באגאזש?

— פכע, — צוקט זי כיינעוודיק אן אקסל, — ווער האָט עס ליב זיך טראָגן מיט באגאזש? אינדערפרי נאָך האָט מען אָפּגערעדט מיט שמײַע דעם ליטוועק, ער זאָל אָפּפירן דעם באגאזש צו דער סטאנציע. מער ווי אָט דאָס קליינע סאקוואַיאזשל, — טוט זי שטיפעריש א וויג דאָס ווייך געקעסטלטע רענצעלע, — מיטן מישטיינסגעזאָגט ביסל עסנווארג פארמאָגט ער גאָרניט. ווו געפינט מען נאָך אזא גרינגן פאר־שוין?

דער כאוועד יאקאָוו האָט מיט פריילעכקייט מיך אריבערגעשלעפּט אין זײַן זײַט.

— ער איז פאר אײַך קיין באווײַז ניט? — האלט ער מיטן מאָלער אין סאמע צעפלאקערטן וויקועך. — דאָס ייִנגל אליין זאָגט אײַך גאָרניט? דאָס איז דען פאר אײַך קיין מוסטער ניט?.. דער אָרעמער מעלוכע דארף דארן דער קאָפּ, ער זאָל ניט ארומגיין הונגעריק, דאָס לייב זײַנס זאָל ניט זײַן נאקעט, און מע דארף נאָך גוט אין זינען האָבן דעם איקער, דאָס ייִנגל זאָל ניט וואקסן אין סטויפּ ארײַן. אזעלכע קינדער יעסוימים האָבן די פולע רעכט מאָנען בא דער סאָוועטישער מאכט, מע זאָל זיי באזאָרגן מיט דעם בייטיקסטן, ס'איז זײַן טאטע־מאמע. דאָס ייִנגל איז ניט שולדיק, וואָס ער איז קינדווײַז געבליבן א יאָסעם. דעריבער זאָג איך, אז דער כויוו, טײַערער אָניסי מארקאָוויטש, ליגט אף אײַך אויך. קינסטלער, מוזיקער, אקטיאָרן מוזן אומבאדינגט זיך אקטיוו ארײַנמישן און דער־לאנגען פארן שוצלאָזן קינד הילף. ס'איז אונדזער צוקונפט, אונדזער האָפענונג!

וועגן וואָס גייט דאָ די אמפּערגיש? כאָמעלע, זע איך, מישט זיך ניט ארײַן אינעם צעווארעמטן שמועס.

ווײַט פון דער שעווטשענקאָ־גאַס, קימאט בא דער טאָרהאָוויצע, האָב איך געגומען געזעגענען זיך, צעכושט און פארלוירן, מיטן אלטן מאָלער, צוגעוווּנטשן, ווי דער שטייגער איז, ער זאָל פארפאָרן געזונטערהייט, מאצליִעך זײַן און ער זאָל געדענקען אונדזער בארשעוו, ניט פארגעסן די איבערגעגעבענע פרײַנט זײַנע, — איך האָב אָנגעוויזן אף כאָמעלען, אפן כאוועד יאקאָוו און אף זיך אליין... עפּשער איז עס טאקע אויסגע־קומען א ביסל נאריש. מיטן הארצן האָב איך גערעדט גאנץ קלאָרע דיבו־רים, אפילע עטוואָס פײַערלעך דערהויבן:

— מיר האָבן אלע געהאט פאר אײַך דערעכערעץ און אָפּשײַ. אף לאנגע־לאנגע יאָרן וועל איך געדענקען דעם שווארצמאן־פּאָרטרעט, די בילדער פון דעם שטיין־קאריער און א סאך אנדערע. די מאטאָנע, וואָס איר האָט מיר געשענקט, — קלאַפּט דאָס הארץ אין מיר שטארקער, — האלט איך זייער טײַער...

רירנדיק, מיט עפּעס א מין נעשאָמע־ציטער, האָט דער אלטער צוגע־דריקט מײַן קאָפּ צו זײַן ברוסט, ווי ער וואָלט מיך געבענטשט.

— ליב און טײַער ייִנגל מײַנס, זײַ גליקלעך אין דײַן לעבן. האָסט אויך איבערגעלאָזט אין מײַן הארצן אָנזיכטיקע שפּורן. איך געזעגן זיך

נאָך מיט דיר ניט... זאָל נאָר דער אייבערשטער פאר דער צײַט ניט פאר־שנײַדן מײַנע יאָרן, וועל איך זומער־צײַט זיך אומקערן ווידער צו אײַך, קיין בארשעוו.

ווי אַן אָפּהילכנדיקער דונער האָט זיך געטראָגן פון דער ווײַט דאָס קאָל פונעם באלעגאָלע — „די האלבע באָרד". דאָס בעקאָוועדיק־ברייטע זיצן זײַנס אױף דער קאָזלע האָט דעם באלעגאָלע צוגעגעבן כשיוועס און אָנזען, צו וויסן געגעבן וועגן זײַן אָרט אין די סאמע הויכע פענצטער. א קליינינקײַט, ער ארבעט דאָך אין אויספירקאָם!

— דערלאנגט אהער דעם פארשוין! זײַט מוחל, פעטער, קריכט אין בריטשקעלע ארײַן!

פארן פאָליטפּראָסוועט פארענטפערט זיך זיידל „די האלבע באָרד", ווי פאר העכערע נאטשאלסטווע:

— איך בין שוין געווען גרייט מיטן שפּאַן, אזוי ווי מע האָט אָפּגע־רעדט, האָט זיך דער זאווכאָז, דער דיבעק, א בראנד אױף אים, געשטעלט שטאָרצעם, כאָטש האק און בראָק אים... ער וועט קיינעם ניט לאָזן פון יענער זײַט טויער ארויספאָרן. דער וועטערינאר, האלט ער מיך אײַנעט מיט גוואלד, דארף אָט־אָט אונטערקומען. נאָר דער פאָליטפּראָסוועט, ווייס איך ווויל, האלט ניט פון קיין טערוצים. איז אָט בין איך דאָ.

דער כאווער יאקאָוו, זע איך, האָט כיישעק אים אומקערן צוריק אין אויספירקאָם, נאָר „די האלבע באָרד" שטעלט זיך אנטקעגן: וואָס פאר א פּאָנעם האָט עס? איך בין דאָך שוין דאָ מיטן בריטשקעלע. אין איין קע־הערעף־אײַען זײַנען מיר דאָרט, אפּן וואָקזאל...

צום שטאָט־וואָקזאל באגלייט אָניסי מארקאָוויטשן נאָר איין כאָמעלע.

גייענדיק צוריק אין שטאָט ארײַן, האָט דער כאווער יאקאָוו גערעדט וועגן אלטן מאָלער:

— ס'א פערזענלעכקײַט! ער איז פון די לאנד־מאָלערס, וואָס מע האלט זיי אין מיזרעך־וואנט.

ווען דער כאווער יאקאָוו זאָל פרעגן בא מיר, וואָס קלער איך טאָן מיט דער געשענקטער מאטאָנע, צי פארמאָגן מיר דען אזא דירע, וווּ מע קען אופהענגען דאָס אייל־בילד (ער ווייסט זייער גוט אונדזער קאלטע קיך), וואָלט איך מיסטאמע לאנג געקלערט און ניט געוווּסט, וואָס מע ענטפערט... און ווען עס איז געקומען בעפויעל־מאמעש צו רייד וועגן דעם, האָט דער כאווער יאקאָוו ניט באדארפט מיך לאנג אײַנריידן און איבערצײַגן. פאראן, זאָגט ער מיר אונטער, צוויי אנשטאלטן, וועמען עס לוינט אוועקגעבן דאָס בילד: דער שול־היים אָדער דעם ארבעט־פּאלאץ. זאָל דער האָרעפּאשנער אוילעם האנאָע האָבן פון עמעסער קונסט.

וו:אזוי אָבער גיט מען עס אוועק א מאטאָנע?..

— א מאטאָנע צו א מאטאָנע איז ניט גלײַך, — ענטפערט ער מיר קלאָר און דײַטלעך, פונקט ווי ער האָט ארויסגעלייענט מײַן געדאנק, — א געשענקטע פאָר שיך, — זאָגט ער, — גיט מען ניט אוועק, וואָרעם דו ביסט בילכער זיי טראָגן. א זיס שטיקל לעקעך פרעסט מען אויך אליין

אויף... דײַן מאַטאָנע, דאָס טײַערע אייל־בילד, מיין איך, כאָטש עס איז א געשענקטע זאַך, קאָן זי אָבער נוצן ברענגען אויך פיל אנדערע מענטשן. דאָס בילד קאָן ברענגען גײַסטיקן גענוס הונדערטער און הונדערטער ארבעטער. דו ווייסט פון דער מאַטאָנע גאָרניט אָנווערן. קוקסט אפן וווּנדערלעכן בילד גלײַך מיט אלע, האָסט האנאָע גלײַך מיט אלע. קיין זאַך ווערט ניט געמינערט. וואָס איז דאָ דער כילעק, צי זי הענגט אף דײַן וואנט, צי אף אלעמענס וואנט? דו קענסט קוקן, איך קען קוקן, דער קען קוקן, און יענער קען קוקן... אלע קאָנען מיר זיך נוצן מיט דײַן מאַטאָנע. אבי עס זאָל נאָר פארשאפן דעם מענטשן פארגעניגן. קיין קונסט־גאַלעריי פארמאָגן מיר נאָך דערווײַל ניט.

דער כאַווער יאַקאָוו אײַלט מיך ניט מיט געבן א טשוווע, דאָס באַטײַט אזוי גוט, ווי איינער רעדט: באטראכט זיך, קיינער טרײַבט דיך ניט אין האלדז־און־נאַקן. טו, וויאזוי דו פארשטייסט.

איך קאָן ניט זאָגן, אז איך בין אזוי שטארק צוגעוווינט צום אייל־בילד, עס זאָל מיר זײַן שווער זיך שיידן מיט דער מאַטאָנע. ווער שמועסט נאָך, אז ס'איז לעטויוועס האקלאל, פאר אייגענע באַרשעווער האָרעפּאשניקעס, וועבערס און מוליערס, בלעכערס און קירזשנערס, שטיינהעקערס און פאבריק־ארבעטער, ביפראט נאָך, אז איך שטיי צו, ווי א גלײַכער שוטעף צו זיי.

ערשט סאָף וואָך, ארום פרײַטיק, האָב איך די טײַערע מאַטאָנע מײַנע געבראכט צום פּאָליטפּראָסוועט, אײַנגעוויקלט אין א זויבער רעדנעלע.

— זאָל עס זײַן, — זאָג איך, — פארן ארבעט־פּאלאַץ, אזוי ווי איר האָט מיר געעייצעט. אָניסי מארקאָוויטש וועט אף מיר קיין פאריבל ניט האָבן און פאר מײַן האנדלונג שטרענג ניט מישפּעטן.

— אויב אזוי, ביסטו דאָך אן עמעסער מאָלאָדיעץ! פון דײַן זײַט, — לויבט דער פּאָליטפּראָסוועט מיך אין הימל ארײַן, — איז עס ביז גאָר א פײַנער, איידעלער טאַט. אָט אזוי האנדלט א באַוווּסטזיניק ייִנגל פון דער רעוואָליוציע, א קינד פון אונדזער נײַער סאָציאַלער דערציִונג.

זייער פּאָרזיכטיק נעמט דער כאַווער יאַקאָוו פאַנאַנדער דאָס אין ערטערוויִיז פארצירעוועטע רעדנעלע, אפן גרויסן שרײַבטיש בלײַבט ליגן דאָס בילד, ווי עפּעס לעבעדיקס, צארטס, וואָס האָט מעסוקן מוירע ניט כאַפּן צופעליק א שטויס, אן אומפּאָרזיכטיקן צופּ, היט זיך מיט סאַקאָנעס־נעפּאָשעס פאר א קויטיקן שמיר, ניט אָנפרעגן, כאַסוועכאָלילע, אף זיך קיין פלעק...

— כאַווער יאַקאָוו, — טו איך זיך פלאַמיק א קאָך אויף, ווי די טעווע מײַנע איז, — איר מיינט געוויס, אז דאָס איז גלאָט א בילד, אָנגעמאָלט גלאָט סטאַם... זאָלט איר וויסן זײַן, אז דאָס איז א ריכטיקע שילדערונג פון אָשער שווארצמאַנס א מילכאָמע־ליד! — שרײַ איך, ווי צו א מענטשן, וואָס איז שווער אפן אויער, פּרווו אופקלערן מיט היץ, אומגעדולדיק, דעם אלטן מאָלערס אָפּגעגעבענעם געדאַנק דערצו. — כאַווער יאַקאָוו! איר זעט דען ניט יענע שטאָל?.. דאָס דאַרף אליין, וואָס שטייט נאָענט צום

שלאכט־פײַער, שײַנט אָפּ אין פלאמען... אָניסי מארקאָוויטש ווײַזט א לעבעדיק בילד פון שווארצמאנס געשילדערטער שטאל אפן עק דאָרף אין שפּעטן אָסיען. ס׳איז א כוישעכדיקע נאכט, אין דרויסן גיסט א רעגן, פון אלע זײַטן טריפט ער ארײַן אין דער כאָרעווער שטאל. טוט א רעכטן קוק, ווי דאָס פערד שטייט און כראָמטשעט דעם האָבער. און אָט זיצט אײַנדרײַען געבויגן דער באַיאָרטער סאָלדאט — קוזמא... קוים־קוים צו באמערקן זײַן טונקל געזיכט. ער איז שטארק מיד, די מאמע מײַנע זאָגט, אז זי קען אים. בא דעם בלינצלדיקן קאנעץ שרײַבט ער א בריוועלע אהיים...

— פּרעכטיק! — רופט באגײַסטערט אויס דער כאָווער יאַקאָוו. — וווּנ־דערבאר!.. דאָ, אפן בילד, זעט מען טאקע באשײַמפּערלעך א רירנדיקע סצענע פון זעלנערישן שטייגער־לעבן. דאָס קורצע ביסעלע נאכט־רו האָט דער סאָלדאט אויסגענוצט אף אָנצושרײַבן א בריוול. עס איז א בילד, פול מיט געדאנק און געפיל...

## מיר זײַנען די יאָרשים

אין א פּאָר וואָכן ארום האָב איך שוין קימאט געהאט פארגעסן אין דער געשענקטער מאטאָנע מײַנער, וועלכע איך האָב אליין אויך אוועק־געשענקט... האָט דער לערער, ארל סקליאר, ווידעראמאָל דערמאָנט מיר אין איר. זײַענדיק אונטערן אײַנדרוק פונעם בילד, וואָס ער האָט געזען אין אונדזער ארבעט־פּאלאץ, דערציילט ער וועגן אים פארן עלטערן קלאס מיט אזויפיל היספּײַלעס און פארכאפּטקײַט, אז מיר אלע, ווי פארקישעפּ־טע, האָבן געקוקט אים גלײַך אין מויל ארײַן.

— דער באליבטער דיכטער, — רעדט ער צו אונדז פלאמיק, — האָט זיך אדורכגעריסן אין אונדזער ארבעט־פּאלאץ, צו די בארשעווער האָרע־פּאשניקעס. מיר האָבן פיל צו פארדאנקען דעם פּעטראָגראדער מאָלער, וואָס איז געווען באווירקט, איך ווייס אפילע ניט געניוי ווי:אזוי דאָס איז געשען, פונעם דרייסטן קעמפער און ערלעכן דיכטער אָשער שווארצמאן. פאר זײַן אוועקפאָרן האָט דער מאָלער איבערגעלאָזט פאר די בארשעווער פּראצייווניקעס א שיינע, רײַכע מאטאָנע, א פארמעגן, אן אוצער. מיר וועלן מאכן א ספּעציעלע עקסקורסיע. אזא קונסט־ווערק באשיינט דאָס גאנצע פאָלקס־הויז.

ביז מע וועט אונדז אמאָל פירן אף אן עקסקורסיע אין ארבעט־פּאלאץ, האָב איך קיין געדולד ניט געהאט. אין דעם זעלבן טאָג, פארנאכטלעך, האָב איך זיך ארײַנגעכאפּט אהין איינער אליין. אפן אונטערשטן שטאָק האָב איך דאָס בילד ניט געטראָפן הענגען. איך לאָז זיך מיט די אויסגע־שטשערבעטע שטיגן אף ארופצו. בישכיינעס מיטן צושויער־זאל געפינט זיך די גערעמע ליכטיקע פּאָיע מיט די פיל צעשטעלטע ווייכע שטולן, אלטפרענקישע טישלעך און צעוואקסענע אין דייזשעס היפּשע פיקוסן.

די מאטאָנע מײַנע, דאָס אייל־בילד, אײַנגערעמלט אין פּײַנגעשניטענעם האָלץ, איז געהאנגען אַף דער מיט וואנט.

שטייענדיק דאָ איינער אליין, האָב איך מיר געקאָנט אָנטאָן דעם פּארגעניגן און פארהאלטן זיך לעבן בילד מער מיט א ווײַלע, טיפער ארײַנדרינגען אינעם לאנג באקאנטן און איצט נאָך מער היימיש געוואָרענעם שווארצמאן־מאָטיוו. ביז אהער האָב איך ניט באמערקט אזוי בוילעט־קלאָר דאָס געלע פלעמעלע פונעם בלינצלדיקן קאנעץ, וואָס ווארפט אָפּ פון זיך א פּאסיקל בלאסלעכע שײַן אַף די פּיצינקע צעפּאָרענע אויסגעריסענע פונעם געשריבענעם בריוועלע.

ווי נאָר איך טו מיך א קערעווע אויס, דערזע איך פּלוצעם א צווייט בילד אין מער ליכטיקערע פארבן, גרעסער אין פארנעם, אויך ארײַנגעשטעלט אין א שיינגעשניצטער ראם, אָבער דאָס ליכטיקע בילד אליין איז געהאנגען, ווי אין שאָטן, דער הויכער פּיקוס האָט עס פארשטעלט. דעמלט רוק איך זיך אוועק אין א זײַט, נעענטער צו דער טויבער וואנט, ווי ווײַט מעגלעך דער פּיקוס־קרוין זאָל מיר ניט שטערן. אך, סארא ליב, ווארעם פּאָנעם, א נאָענט, היימיש געשטאלט, וואָס דערמאָנט גלײַך אין דער אומפארגעסלעכער בלומע יאכניס... יאָ, איך בין זיך אַף קיין האָר ניט טועה, ס'איז טאקע זי, די קיעווער קאָמיוג־טוערן, שווארצמאנס נאָענטע פרײַנדן... אינמיטן וועג האָט זי זיך אָפּגעשטעלט בא די לויפּיק־זשומיקע שטראָמען, ארויפגעוואָרפן די שינעל אַף א פלאטשיקן שטיין און גענומען שווענקען די מידע פיס אירע... אָט דאָ דערנעבן, באם טײַך, האָט זי געפונען אן אָרט פאר אָפּרוען. זי זיצט אַף א ברעג שטיין, דאָס קליידל פארנומען העכער די קני, איין פוס ארויפגעלאָזט אין דער וואסער, דער צווייטער פוס — אָנגעשפּארט אין דער אנטקעגנבערדיקער גראניט־הליבע, וואָס שטארצט ארויס פון טײַך. ארום איר בולקעט דאָס ברויזיק־ווירבלדיקע וואסער.

איך ווייס ניט, פונוואנען קומט אהער, אין ארבעט־פּאלאץ, דאָס דאָזיקע בלומע־יאכניס־בילד, נאָר איך בין איבערצײַגט, אז דאָס האָט געמאָלט אָניסי מארקאָוויטש... ווארט נאָר, ווארט, וואָס שטייט אָנגעשריבן באם סאמע עק בילד? — „פּריוואל”. לאָמיך נאָכאמאָל אקוראט פאנאנדערקלײַבן, בעפּיירעש אזוי — „פּריוואל”. נידעריקער א ביסעלע — זײַן כסימע.

ניט מאכמעס בארימערײַ, נאָר איך האָב זיך שטארק גענייטיקט אָנצוטרויען מײַן פארבאָרגענעם סאָד, כוצן כאווער יאקאָוו, נאָך עמעצן. דער גוירל איז געפאלן אפן לערער ארל סקליאר. אייגנטלעך גערעדט, אויב מע וויל זיך גוט ארײַנטראכטן, האָט דער לערער ניט קיין קלענערן כיילעק אין דער געשענקטער מאטאָנע פונעם מאָלער אָניסי מארקאָוויטש, ווי איך אליין. טאקע דערפאר, וואָס דער איבערגעגעבענער און געטרײַער לערער האָט אײַנגעפלאנצט אין אונדזערע יונגע הערצער ליבשאפט און פארערונג צום געבענטשטן דיכטער, מעג דאָך אוואדע מײַן סאָד ניט זײַן פאר אים פארהוילן.

— אך, אזוי... — טוקן זיך אין די טיפע נעסטן זײַנע קליינע אייגע־

לעך פארכידעשט. — הער נאָר א מײַסע, הער נאָר א מײַסע. איך גלייב דיר, נארעלע איינער, אָן שוועס. דער שטאדלען פונעם שווארצמאַן־פּאָרטרעט, הייסט עס, ביסטו גאָר געווען?..

— אָשער שווארצמאַן, — רוף איך מיך אָן צו אים, — האָט זיך ניט געניייטיקט אין מײַנע שטאדלאָנעס. דער דיכטער קאָן פאר זיך אליין זײַן שטעטל באשטיין. נאָר איר, דער לערער מײַנער, האָט יאָ צוגעהאָלפן, אז דער מאָלער זאָל זיך א קער טאָן צו אָשער שווארצמאַנען. עמעס, איך האָב אויך א ביסעלע אונטערגעשטופּט דעם וואָגן מיט פאָרלייענען פאר אים שווארצמאַנען, כאָמעלע האָט פארטײַטשט וואָס סע האָט זיך געלאָזט...

— ריכטיק, ריכטיק, — באגיטיקט דער לערער, — דער דיכטער לאָזט זיך פארטײַטשן. איצט זאָלסטו טאקע וויסן זײַן, אז דו ביסט בא מיר פארעכנט פאר א געראָטענעם טאלמיד. אָבער, — פאלט ארל־סקליאר ארײַן ווי אין ספּייקעס, — קעדיי אָנמאָלן א בילד אף שווארצמאַנס א מילכאָמע־מאָטיוו, מוז מען דאָך אליין זײַן אונטערן דיכטערס אײַנדרוק, און דו זאָגסט, אז דער מאָלער קען קיין ייִדיש וואָרט ניט. פונוואַנען זשע קומט צו אים אזוי טיף און עמעסדיק באנעמען און באווירקט זײַן פונעם דיכ־טערס קינסטלערישער וועלט? האָב צײַט א ווײַלע. זעט אויס, — פארענט־פערט ער אליין, — אלצדינג, וואָס ס'איז מענטשלעך, איז דעם מאָלער ניט פרעמד. דער מאָטיוו „מילכאָמע" ליגט אים מיסטאָמע אויך גוט אין די ביינער. הײַנט, פרעגט זיך, פארוואָס זאָל ער ניט באנעמען און פילן שווארצמאַנס פּאָעזיע?.. טאָטערן פארשטייען גוט פּושקינען, קאלמיקן טרייסטן זיך מיט שעווטשענקאָן. פארוואָס זשע זאָל אָניסי מארקאָוויטש ניט פארשטיין אונדזער ייִדישן דיכטער אָשער שווארצמאַן?

נאָכן אָפּפאָר פון אָניסי מארקאָוויטשן פיל איך ווי עפּעס זייער ביי־טיקס פעלט מיר אויס... מײַן הארץ בענקט, ווי מע קאָן בענקען נאָך א ליבן, טײַערן מענטשן. אנדערשער, דוכט מיר, זײַנען געוואָרן די נאטור־ערטער, אונדזער בארשעווער פּייזאזש, ווו דער מאָלער פלעגט זיך לענגער פארהאלטן. עס האָט מיר אפילע אויסגעפעלט דער טאבאק־רויך פון זײַן דורכגעסמאלעטער פּיפּקע.

כאָמעלע גייט אויך ארום די לעצטע צײַט א ביסל פארכמורעט. עמעס, זי טיילט זיך מיט מיר ווינציקלעך. אָט דאָ ווען האָט זי מיר דאפקע א זאָג געטאָן:

— קיינער האָט מיך אזוי טיף ניט פארשטאנען, ווי אָניסי מארקאָ־וויטש. איך פלעג זײַן שטענדיק פילן גרינגער, ווען איך האָב פאר אים אראָפּגערעדט זיך פון הארצן.

און דאָס גאָר.

צו גאָט א האָפענונג, קלערט געוויס כאָמעלע, אויב עס איז אים באשערט, דעם גרײַז־גרויען מאַן, לענגערע יאָר, וועט מען זיך מיסטאָמע נאָכאמאָל זען אין א גוטן אויפן. לאָמיר נאָר אלע זײַן געזונט און שטארק, דערלעבן צו דעם אומגעדולדיקן „איבעראיאָר זומער...".

דערווײַל האָבן אין בארשעוו די ווינטן אויסגעקערט ווו ערגעץ אן אָפּגעפאלן בלעטל, און אָפּגעוועלקט קווייטל. די סאמע סומנע הארבסט־צײַט האָט זיך באזעצט אין בארשעוו.

יעטווידער מענטש פארמאָגט זײַן פארטײַעט ווינקעלע, זײַן הייליקע ציטערדיקע באהעלטעניש בא זיך אין הארצן. מעגלעך, אז בא כאָמעלען איז דאָס פארהוילענע ווינקעלע בענקעניש צום אוועקגעפאָרענעם מאָלער געוועזן מער פילבאר, ווי בא עמעצן אנדערש. וואָס אָנבאלאנגט מיר, האָב איך א טיף אינערלעכן געפיל הייס און פארליבט געטראָגן צו דער קיִעווער קאָמיוגיסטקע בלומע יאכניס.

די גאנצע צײַט הערט מײַן אויער איר ליבלעך קאָל:

— מיט ווארעם בלוט אין הארצן!..

## אינהאלט

*Табачников Хаскель Хаймович*

БАРШЕВСКИЕ МОТИВЫ

М., «Советский писатель», 1975, 416 стр.
План выпуска 1975 г. № 234

Художник Г. А. Кравцов.
Редактор С. В. Гордон.
Худож. редактор Е. Ф. Капустин.
Техн. редактор И. М. Минская.
Корректор А. Б. Стрельник

Сдано в набор 12/VI 1974 г. Подписано к печати 11/XII 1974 г. Бумага 84×108¹/₃₂ № 2. Печ. л. 13 (21,84). Уч.-изд. л. 25,62. Тираж 1600 экз. Заказ № 1517. Цена 96 коп. Издательство «Советский писатель». Москва Г-69, ул. Воровского, 11. Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва Г-19, пер. Аксакова, 13.